אלגעמיינע ביבליאָטעק — 1 №

# מאַרק טווען — טאָם סאָיער



אַלגעמיינע ביבליאָטעק

מאַרק טווען

# טאָם סאָיער

אידיש—ע. פינינבערג

№ 1

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“
קיעוו — 1927

## קאַפּיטל I.

— טאָם!

קיינער ענטפערט ניט.

— טאָם!

קיינער רופט זיך ניט אָן.

— וואָס האָט עס געטראָפן מיטן יונגאַטשל? טאָם!

די אַלטע לעדי האָט אַראָפּגעלאָזט די ברילן אף דער נאָז אַראָפּ און האָט אריבער זיי באטראכט דאָס צימער; דערנאָך האָט זי אריבערגערוקט די ברילן אפן שטערן ארויף און האָט אַ קוק געגעבן אונטן ארום. זוכנדיק מיט די אויגן אַ זאַך אַ קליינינקע, אָט אַזאַ ווי דאָס יונגאַטשל, אַשטייגער, פלעג זי קיינמאָל ניט קוקן דורך די ברילן. דידאָזיקע ברילן זיינען אירע פּאַראַד־ברילן געווען, איר נעשאָמע האָט שטאָלצירט מיט זיי, אָנטון פלעג זי זיי צוליב פּאַסאָן, ניט פון ווירקלעכער נויטוועניקייט: זען דורך דידאָזיקע ברילן האָט מען געקאָנט פּונקט אַזויפיל, וויפל מע זעט דורך אויוון־פאַרשטעקערס. אַ רעגע האָט די אַלטע געשטוינט, דערנאָך האָט זי אַרויסגערעדט, ניט צאָרניק, נאָר דאָך אַזוי הויך, אַז דאָס מעבל האָט געקענט הערן:

— נו, לאָמיך דיך נאָר פּאַקן — וועל איך דיך...

זי האָט ניט פאַרענדיקט, ס'האָט איר אָטעם פאַרפעלט: ריידנדיק, איז זי געשטאַנען איינגעבויגן און האָט פלייסיק געשאַרט אונטערן בעט מיט דער לאַנגער באַרשט, אָבער ארויסגעשלעפּט האָט זי פון אונטערן בעט גאָרניט, אכוץ דער קאַץ.

— אָט אַ ווערעמדיק שנעקל! כ'האָב אף מיין לעבן אַזוינס ניט געזען!

זי איז צוגעגאַן צו דער צעעפנטער טיר און האָט זיך אוועקגעשטעלט אף דער שוועל, געזוכט טאָמען צווישן דעם טאָמאַטן־גרינס און צווישן די קריך־געוויקסן פונם גאָרטן. טאָם איז אינערגעץ ניט געווען. דאַן

האָט זי געהעכערט דאָס קאָל אזוי, אז מע זאָל עס קאָנען הערן אױף אַ װײַטערער שטרעקע. זי האָט אַ געשריי געגעבן:

— אַהוּ — הוּ, טאַם!

הינטער איר האָט עפּעס אַ טרישטשע געטון. זי האָט זיך אומגעקוקט פּונקט צו דער צייט און אָנגעכאַפּט בא דעם אַרבל דאָס יונגאַטשל, וואָס האָט זיך געקליבן מאכן די פּלייטע.

— נו, פאַרשטייט זיך, כ׳האָב באדאַרפט אינזינען האָבן אָט־דאָס קעמערל. וואָס האָסטו דאָרט געטון?

— גאָרניט.

— גאָרניט! דו גיב אַ קוק אױף די הענט דיינע, גיב אַ קוק אַפן מויל דיינעם! מיט וואָס האָסטו עס אויסגעשמירט זיך?

— כ׳ווייס ניט, מומע!

— אָבער איך ווייס דאָך יאָ! ס׳איז איינגעמאַכטס, אָט וואָס ס׳איז. פערציק מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז אויב דו וועסט ניט לאָזן צורו דעם איינגעמאַכטס, וועל איך דיך אָנשמייסן. דערלאַנג אַהער דעם קאַנטשיק!

דער קאַנטשיק האָט אַ פייף געטון אינדערלופטן. ס׳האָט געדראָט מאַמאָשעסדיקע געפאַר.

— אוי, אוי! קוקט זיך נאָר אום, מומע, וואָס טוט זיך עס בא אייך הינטער דער פּלייצע!

די אַלטע לעדי האט זיך אַ דערשראָקענע, פאַרהייבנדיק די אונטער־קליידלעך, אַ דריי געטון אױף די אָפּצאַסן. דאָס אינגל האָט אין איין אויגנבליק זיך אַ שליידער געטון אין אַ זייט אריין, איז אריבערגע־שפּרונגען איבערן הויכן ברעטער־פּלויט — און ניט געסטאַיעט! די מומע פּאָלי איז אַ רעגע געשטאַנען געפּלעפט, דערנאָך האָט זי זיך שטיל צעלאַכט.

— עך, דו!... וועט עס מיך טאַקע קיינמאָל ניט אָנלערנען? האָט ער עס ווייניק קאַטאָוועסן שוין אָפּגעשפּילט מיט מיר? ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז אן אלטער נאַר איז פון אלע נאַראָנים נאַרישער, אז אן אלטן הונט קאן מען קיין נייע קונצן ניט אויסלערנען. אָבער, גאָטעניו דער־באַרעמדיקער! שפּיצלעך האָט ער דאָך טויזנטערליי; ער וועט קיינמאָל ניט אָפּטון קיין צוויי אלציינע נאָכאַנאַנד, — קאָן מען דען אָנשטויסן זיך, וואָס ער האָט פאַרטראַכט? ער ווייסט אויסגעצייכט, ביז וועלכן גראַד ער קאָן מיך פּייניקן; אָבער ווי נאָר כ׳נעם צו אים דעם שטעקן, איז גענוג ער זאָל אױף אַ רעגע אָפּווענדן מיין אופמערקזאַמקייט אָדער צווינגען מיך צעלאַכן זיך, אַז מיין גאַנצער צאָרן זאָל צו נישט ווערן, און כ׳זאָל אים מיט קיין פינגער ניט אָנרירן. איך פיל ניט אויס מיין כויוו

בענויגייע אָט־דעם אינגל — עמעס טאַקע, עמעס! „ווער ס׳האָט ליב זיין זון, דער באַשטראָפט אים״, — זאָגט די גוטע ביבל. און איך זיי זינד און פיין פאר אונז ביידע, כ׳וויס עס אליין זייער גוט, כ׳וויס עס. כ׳וויס אויך, אז זיין קאָפּ איז אָנגעשטאָפּט מיט אלדע נאַרישקייטן. אָבער, גאָטעניו, וואָס קאָן איך טון? ער איז דאָך מיין אומגליקלעכער פאר־שטאָרבענער שוועסטערס זון, און ס׳האַרץ לאָזט מיך ניט־אָנשמייסן אים ווי ס׳דארף צו זיין. אַלעמאָל, ווען כ׳דערלאָז ער זאָל זיך אויסדרייען פון דער שטראָף, פייניקט מיך אזוי דער געוויסן, אבער אז כ׳באשטראָף אים — ווערט דאָך מיין אלט האַרץ שיר ניט צעריסן פון ראַכמאָנעס. נו, זאל זיין אזוי! היינט וועט ער אָפּהוליען דעם אַפּדערנאַכט, וועט אויס־קומען מאָרגן באַשטראָפן און אוועקזעצן אים בא ארבעט. ס׳איז אַן אַכזאָריעס צווינגען אים ארבעטן אום שאַבעס, בעאייס בא אלע אינגלעך איז יאָנטעוו, אָבער מע מוז: ארבעט האָט ער פיינט מער פון אלץ, און איך דאַרף דאָך כאָטש ווען ס׳ניט איז אויספילן מיין כויוו בענויגייע אים. אַניט, וועט עס דאָך אויסלאָזן זיך דערמיט, וואָס כ׳וועל אומ־ברייגנען דאָס אינגל.

טאָם האט טאַקע אָפּגעהוליעט דעם אַפּדערנאַכט. ער האט זייער וואויל פארבראכט די צייט אין קאָלערליי שפילן. אומגעקערט האט ער זיך אַהיים פונקט צו דער צייט, אף צו באוויזן מיטצוהעלפן דזשימען, דעם נעגער — דעם דינער — אָנזעגן האָלץ, אָנהאַקן שפענער אף מארגן און דערביי דערציילן דזשימען וועגן אלץ, וואס ס׳האט מיט אים, טאָמען, געטראָפן פארן טאָג. טאָמס יונגערער ברודער (ריכטיקער — שטיף־ברודער), סיד, האט שוין געהאט אויסגעפילט זיין לעקציע, וואס איז באשטאַנען אין אופקלייבן שפענער. ער איז געווען, סיד, אַ שטיל, פאָלגנדיק אינגל, ער פלעג זיך ניט אויסצייכענען מיט קיין איניציאַטיוו און פלעג דעריבער ניט אָנטון קיין יעסורים די היימישע. בעאייס וועטשערע, בעאייס טאָם האט געגעסן און זיך באנוצט מיט יעדער געלעגנהייט אף צוצעלאַקכענען אונטן־ארום אַ שטיק צוקער, האט די מומע פאָלי געהאלטן אין איין שטעלן אים דורכגעטריבן־קלוגע פראַגן, אָנגעפולטע מיט טיפן פארבאָר־גענעם זין, — זי האט געהאָפט, אז ער וועט זיך ארויסכאַפּן מיט אַ וואָרט און וועט זיך אליין אויסגעבן. פונקט ווי אַסאַך אנדערע טמימעסדיקע לייט, פלעג זי טרייסטן זיך מיטן געדאנק, אז זי פארמאָגט גרויסע דיפּ־לאָמאַטישע פייאיקייטן, און פלעג די סאַמע דורכזיכטיקע פלענער אירע האַלטן פאַר וואונדערלעך־קלוגע. איך איצט האט זי אָנגעהויבן פון גאָר ווייט:

— איז וואָס, אין שול איז היינט, ווייזט אויס, געווען זייער הייס, טאָם, עמעס?

— יאָ, ׳ם *).

— שרעקלעך הייס?

— יאָ, ׳ם.

— האט זיך דיר ניט געגלוסט אויסבאָדן זיך, טאָם?

טאָם האט זיך מיטאמאָל דערפילט ניט מיט אלעמען; ס׳איז בא אים דורכגעלאָפן אין מויעך אַ ניט־אַנגענעמענער כשאַד. ער האט שטייף־פאַרשנדיק אַ קוק געטון אַף דער מומע פּאָליס פּאָנים, נאר דאס פּאָנים האט אים גאָרניט ניט געזאָגט. האט ער געענטפערט:

— ניין, ׳ם, — ניט זייער.

די אַלטע לעדי האט אויסגעשטרעקט די האַנט און האָט אַ טאַפּ געטון טאָמס העמדל.

— אָבער איצטער איז דיר מיסטאָם ניט צו־הייס.

און זי איז צופרידן געווען, טראַכטנדיק, ווי פלינק זי איז דערגאַן, אז דאס העמדל איז טרוקן, און ס׳איז קיינעם אפילע אפן זינען נישט געקומען, אַז אָט־דאָס טאַקע האָט זי געוואָלט דערוויסן זיך. טאָם האט פונדעסטוועגן שוין באַוויזן אָנצושטויסן זיך, פונוואַנען דער ווינט בלאָזט. ער האט טייקעף אָנגענומען אַ מיטל קעגן דער ווייטערדיקער אויס־פאָרשונג.

— עטלעכע פון אונז האבן, קעדיי דערפרישן זיך, אַרונטערגעשטעלט דעם קאָפּ אונטערן קראַנט. מיין קאָפּ איז נאך ביז איצט נאַס — איר זעט!

די מומע פּאָלי איז געווען אויסער זיך: ווי האט זי עס געקאָנט דורכלאָזן אַזאַ וויכטיקן באַווייז? נאר באַלד איז זי געפאַלן אף אַ נייעם געדאַנק.

— טאָם, דו האָסט דאָך ניט באַדאַרפט בעאייסן אָפּגיסן דעם קאָפּ מיט וואַסער צעטרענען דעם קאָלנער פונם העמדל דאָרט, וואו כ׳האב דיר אים פאַרנייט? אַ־נו, צעשפיליע זיך!

טאָמס אומרואיק פּאָנים האט זיך אינגאנצן אויסגעלייטערט. ער האט צעשפיליעט דאס רעקל. דער קאָלנער פון זיין העמדל איז געווען פעסט צוגענייט.

— זע נאָר!... נו, גוט! איך בין זיכער, אַז דו האסט זיך אי אַרומ־געשלעפּט פוסט־און־פּאַס, אי געבאָדן זיך. נאר איצטיקס מאָל בין איך דיר מויכל. איך בין זיכער, אַז אין דיינע שלעכטע מאיסים קרומסטו זיך נאָך ווי אַ מאַלפּע נאך מאיסים פון אַנדערע שלעכטע לייט. אינ־דערעמעסן ביסטו בעסער, ווי דו זעסט אויס. אָבער געדיינק, בלויז אָט־דאס מאל בין איך דיר מויכל.

*) ׳ם — אנשטאָט „מאַדאַם״.

די מומע פּאָלי האָט זיך געערגערט, וואָס איר דורכגעטריבנקייט האָט ניט דערגרייכט צום ציל, און אין דערזעלבער צייט איז זי זייער צופרידן געווען, וואָס פון היינט אָן וועט טאָם גיין אָפן דערעך־האַיאָשער.

נאָר דאָ האָט סיד אַ זאָג געגעבן:

— עפּעס געדיינקט זיך מיר, אַז איר האָט, דאַכט זיך, צוגענייט זיין קאָלנער מיט ווייסע פעדים, און דאָ איז שוואַרצע...

— נו, פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב צוגענייט מיט ווייסע פעדים, טאָם.

נאָר טאָם איז ניט געבליבן וואַרטן אָפן העמשעך. שטייענדיק שוין הינטער דער טיר, האָט ער אַ געשריי געטון:

— וועסט אַריינכאַפּן פון מיר דערפאַר, ווערעמדיקער באָכער!

פאַרטאַיעט זיך אין אַ זיכער אָרט, האָט טאָם באַטראַכט די צוויי גרויסע נאָדלען, וואָס זיינען אַריינגעשטעקט אין די לאַצן פון זיין רעקל און זיינען אַרומגעוויקלט מיט בייוועלעך. אויף איין נאָדל זיינען געווען שוואַרצע בייוועלעך, אויף דער צווייטער — ווייסע.

— זי וואָלט עס אַפילע ניט באַמערקט, ווען ניט סיד. ווייסט עס אַ רוך, זי נייט דאָך מיט פאַרשידענע פעדים: אַמאָל מיט שוואַרצע, אַמאָל מיט ווייסע, — ווי קאָן איך עס פאַרגעדיינקען!... פאַרוואָס זאָל זי ניט האַלטן זיך שטענדיק בא איינע און דיזעלבע פעדים?... סידן וועל איך פונדעסטוועגן פיין צענערעקן דערפאַר, — זאָל איך אַזוי געזונט זיין, אַז איך וועל אים צענערעקן!

טאָם האָט אין דאָרף ניט געהאַט קיין שעם פון אַ לייטיש אינגל. ער האָט אָבער גוט געוואוסט ווער ס'איז אַ לייטיש אינגל, און פלעג אים ניט קאָנען פאַרליידן דערפאַר.

אין אַ רעגעס צוויי אַרום האָט ער פאַרגעסן אַלע זיינע צאָרעס. ניט דערפאַר, וואָס זיינע צאָרעס זיינען געווען פאַר אים וויניקער שווער און וויניקער ביטער, ווי פאַר דערוואָקסענע לייט, נאָר דערפאַר, וואָס ס'האָט אים פאַרכאַפּט אַ נייער אינטערעס. דער נייער אינטערעס האָט אָפּגערוקט און אַרויסגעשטויסן פון זיין נעשאָמע אַלע אַנדערע זאָרגן, פונקט ווי דערוואַקסענע פאַרגעסן זייערע אומגליקן בעאייס ס'פאַרכאַפּט זיי אַ נייער אופטו. דער נייער אינטערעס איז באַשטאַנען אין דער נייער מאַניר פון פייפן, וואָס טאָם האָט איבערגענומען בא איינעם אַ נעגער; איצט האָט ער געקאָנט, טאָם, פראַנק און פריי אָפּגעבן זיך מיט דער קונסט. די מאַניר איז באַשטאַנען אין נאָכמאַכן פויגל־פייף, וואָס ווערט איבערגעריסן דורך וואָרקעניש. צוליבדעם איז נייטיק געווען פון צייט צו צייט, ניט איבעררייסנדיק דעם קלאַנג, צורירן זיך מיט דער צונג צום גומען. דער לייענער געדיינקט מיסטאָם ווי אַזוי ס'ווערט געמאַכט, אויב ער איז נאָר ווען ס'ניט איז אַ אינגל געווען. אַדאַנק גרוי־

סער אופמערקזאמקייט און פלייסיקייט, האָט טאָם אינגיכן טויפעס געווען, אין וואָס ס'באַשטייט דאָ דער טאָך, און האָט פריילעך געשפּאנט איבער דער גאַס, — דער קאָפּ איז בא אים פול געווען מיט הארמאָנישע קלאַנגען, די נעשאָמע פול מיט דאנקבאַרקייט. ער האָט זיך געפילט פּונקט, ווי ס'פילט זיך אַן אַסטראָנאָם, וואס האט אַנטדעקט א נייע פּלאנעט. די פרייד פון אנטדעקונג, די טיפע, שטארקע פרייד איז בא אים, טאָמען, אָן שום סאָפעק, געווען פיל שטארקער, ווי באַם אַסטראָנאָם.

די זומערדיקע אָוונטן זיינען לאנגע. ס'איז נאָך ליכטיק געווען. מיטאמאָל האט טאָם איבערגעריסן זיין פייפעריי. ס'איז פאר אים געשטאנען אַ פרעמד, אומבאקאנט אינגל, וואָס איז קאָם־קאָם העכער פון אים. דאָס דערשיינען פון א נייעם פארשוין, אלציינס צו וועלכן מין און עלטער דער פארשוין זאָל ניט געהערן, פלעג אינם קליינעם שטעטל פיטערסבורג, נאַטירלעך, ארויסרופן אָנגעשטריינגטן נייגיר. דאָס אינגל, וואָס איז געשטאַנען פאר טאָמען, איז דערצו נאָך געווען פיין אויסגעפּוצט, כאָטש ס'איז געווען אַ וואָכעדיקער טאָג. דאָס איז מאמעש פילע־פּלאָים געווען. געטראָגן האָט דאס אינגל א וואונדערלעך־שיין היטעלע; זיין בלוי רעקל, וואָס האט שטייף ארומגענומען זיין קערפּער און איז פארשפיליעט געווען אף אלע קנעפּ, איז געווען פונק־ניי און ציכטיק־ריין, דאָס זעלבע — די הויזן זיינע. כאָטש ס'איז ניט קיין יאָנטעוו געווען — איז ער געווען אָנגעטון אויך אין שיך. אפילע א האַלזטוך האט ער געטראָגן אפן האלז — א העל סטיינגעלע. ביכלאל, האט ער אויסגעזעען ווי אַן עמעסער שטאָט־איינוואוינער, און דאָס האָט טאָמען באליידיקט ביז אין דער טיפסטער טיף זיינער. וואָס מער ער האָט געקוקט, טאָם, אף אָט דעם בייז־וואונדער, וואָס מער ער האָט פאריסן די נאָז, מאכנדיק דעם אָנשטעל, אז ער לאכט זיך אויס פון אזא מין האַלבאָשע, אלץ אָרעמער און נישטיקער האָט אים אויסגעזעען זיין אייגן אָנטון. קיין איינער פון די צוויי אינגלעך האט ניט אָנגעהויבן קיין שמועס. א שפּאַן געטון האט איינער, א שפּאן געטון האָט אויך דער צווייטער, — אָבער נאָר אין א זייט ארײן, אין א קרייז, ארום דעם צווייטן. דערביי זיינען זיי געשטאנען די גאנצע צייט איינער קעגן אַנדערן און געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגן ארײן. ענדלעך, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— און איך קאָן דיך אָנפּאַטשן.

— כ'וואָלט א באַלן געווען א קוק טון, ווי אזוי ס'טו עס טון.

— וואָס דען מיינסטו? כ'וועל עס טאקע טון.

— קאָנסט ניט — צו קורצע הענט בא דיר.

— כ'קאָן.

— ניין, קאָנסט ניט!

— כ'קאָן!

אַ פּויזע.ביידע שטייען אין פאַרלוירנקייט. דערנאָך האָט ווידער טאָם אָנגעהויבן:

— ווי אזוי הייסטו?

— ניט דיין אייסעק.

— אוי, גיב אכטונג, זאָלסט ניט אריינכאַפּן.

— נו, אַף וואָס-זשע וואַרטסטו?

— זאָג נאָך א פּאָר ווערטער...

— אַ פּאָר ווערטער, א פּאָר ווערטער, א פּאָר ווערטער... אָט האָסטו! נו?

— ס'איז קלוג, מיינסטו?... ווען ס'זאָל זיך מיר נאָר גלוסטן, וואָלט איך דיך געקאָנט אַוועקלייגן מיט איין האנט, צובינדנדיק די צווייטע בא זיך הינטער דער פּלייצע.

— פארוואָס-זשע טוסטו עס ניט? זאָגסט דאָך, אז דו קאָנסט.

— פארשטייט זיך, אז כ'קאָן, כ'וועל עס טאקע טון, אויב דו וועסט זיך טשעפּען צו מיר.

— נו, פארשטייט זיך! מיר הערן עס ניט דאָס ערשטע מאָל.

— פראַנט! מיינסט, האָסט זיך אויסגעפּוצט, ביסטו שוין אַ גאנצער קנאַקער! אוי, זע נאָר, ס'ארא הוט!

— קאָנסט אים צערייסן, דעם הוט, אויב ער געפעלט דיר ניט. אַ־נוּ, פּרואוו זיך אים אראָפּשליידערן מיר פונם קאָפּ! וועסט דעמאָלט זען...

— באַרעסט!

— דו בארעסט!

— ביסט א פּוסטער קנאַקער און א ליגנער.

— מיילע, פארנעם זיך!

— עי, דו, הער נאָר, אויב דו וועסט זיך נאָך רייצן, וועל איך דיר געבן מיט אָט דעם שטיין איבערן קאָפּ.

— לאָמיר זען!

— אָט־באלד וועסטו זען!

— איז אף וואָס וואַרטסטו? פארוואָס האלסטו אין איין דראָען, און קיין נאכעס זעט מען ניט, — האָסט מוירע, האַ?

— ס'הייבט זיך ניט אָן!

— ניין, האָסט מוירע!

— ניין, כ'האב קיין מוירע ניט.

— האָסט מוירע.

ווידער א פויזע, און ווידער גייען די אינגלעך ארום איינער ארום דעם אַנדערן און באטראַכטן איינער דעם אנדערן. ענדלעך, זיינע זיי זיך צונויפגעגאנגען אַקסל צו אַקסל.

— פארנעם זיך פונדאַנען! — האָט געמאָלדן טאָם.

— פארנעם זיך דו!

— כ׳וויל ניט.

— איך וויל אויך ניט.

האָבן זיי ביידע זיך אוועקגעשטעלט אין א פּאָזע, זיך צונויפגע־קייטלט און אין פלאַקער־סינע געַנומען נערעקן מיט די הענט איינער דעם צווייטן. נאָר קיין איינער פון זיי איז ניט בעקויעך געווען בייצו־קומען דעם צווייטן. ווען ס׳האָט זיי, ענדלעך, ביידע אָטעם פארפעלט און זיי זיינען ביידע פלאַם־רויט געוואָרן, האט זיך זייער מילכאָמע־היץ אביסל געשטילט, און טאָם האט געמאָלדן:

— ביסט א קעלעוול, ביסט אַ פּאַכדן! וואַרט־צו, איך וועל אַף דיר אָנרייצן מיין עלטערן ברודער. ער וואָלט דיך געקאָנט צובויגן צו דער ערד מיטן מינדסטן פינגער זיינעם. איך וועל אים הייסן עס טון.

— כ׳האב מעסוקן מוירע פאר דיין עלטערן ברודער! איך האב אַליין א ברודער, נאָך א גרעסערער איידער דיינער, און ער קאָן דיך אריבערשליידערן ארום אָט־יענעם פּאַרקן. דאָס איז א בעסערע קונץ. (ביידע ברידער זיינען דורך די אינגלשע פאַנטאזיעס באַשאַפן געוואָרן).

— ס׳אַ ליגן.

— מיין, מיין, אז ס׳אַ ליגן...

טאָם האט מיטן גרויסן פוס־פינגער דורכגעפירט א שטריך איבערן שטויב און האָט א זאָג געטון:

— איך פארווער דיר אריבערטרעטן איבער אָט־דעם פּאַס, אַ ניט וועל איך דיך אַזוי אָנקלאַפּן, אז דו וועסט ניט קאָנען אופשטיין.

דאָס פרעמדע אינגל האט גיך, גיך אוועקגעשטעלט זיך אפן שטריך, רעדנדיק:

— אָט לאָמיר זען, ווי אזוי וועסטו עס טון!

— טשעפּע זיך אָפּ! איך זאָג דיר, בעסער טשעפּע זיך אָפּ!

— האָסט זיך דאָך באַרימט, אז דו וועסט מיך אָנקלאפּן — פארוואָס־זשע קלאפּסטו מיך ניט?

— מיינסט, כ׳וועל ניט אָנקלאפּן? פאר צוויי צענט קלאַפּ איך דיך אָן.

דאָס פרעמדע אינגל האט ארויסגענומען פון קעשענע צוויי קופּערנע מאַטבייעס און מיט כויזעק־שמייכל דערלאַנגט זיי טאָמען.

טאָם האט זיי ארויסגעהאַקט פונם סוינעס הענט און זיי האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט אַף דער ערד.

איין אויגנבליק — און ביידע אינגלעך האָבן זיך געקייקלט אין דער בלאָטע, צוזאַמענגעמישט זיך אין אַ קנײַלכל אַזוי ווי קעץ. אַ רעגע האָבן זיי געשלעפּט איינער דעם צווייטן באַ די האָר, באַ די נעזער, באַ די אויערן און אָנראַכמאָנעסדיק געריסן איינער אַפן אַנדערן דאָס אָנטון, באַדעקנדיק זיך מיט שטויב און מיט רוס. ענדלעך, האָט דער כאַאָס באַקומען אַ באַשטימטע פאָרם, און אין רויך פון שלאַכט האָט זיך אויסגעטיילט דאָס געשטאַלט פון טאָמען, וואָס זיצט רייטנדיק אַף זיין קעגנער, שלאָגנדיק אים מיט די פויסטן איבער דער פּלייצע און ריידנ־דיק דערביי:

— אָט האָסטו דיר, באַרימער! וואָס? געגוג, האַ?

דאָס אינגל האָט אומזיסט זיך געמיט באַפרייען זיך און האָט הויך געברומט, געיאָמערט, מער מאַכמעס הילפלאָזן צאָרן איידער פון ווייטיק.

— וואָס, האָסט געקראָגן? אָט האָסטו דיר! אָט האָסטו דיר! — טאָם האָט ווייטער געאַרבעט מיט די פויסטן, — בעט כ׳זאָל דיך שוינען, גאָרנישט איינער.

סאָפּקאָלסאָף, האָט זיך באַם פרעמד אינגל אַרויסגעריסן אַ דער־שטיקטער „לאָז!“, און טאָם האָט אים אָפּגעלאָזט, ריידנדיק:

— זאָל עס דיך אָנלערנען. אַ צווייט מאָל טשעפּע זיך ניט־צו ניט־באַטראַכטערהייט!

דאָס פרעמד אינגל איז אַוועק מיט זיין וועג, אָראָפּטרייסלענדיק דעם שטויב פונם אָנטון, כליפּענדיק, סאָפּענדיק מיט דער נאָז, פון צייט צו צייט אַרומקוקנדיק זיך, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ און דראָענדיק אָן ראַכמאָנעס אָנקלאַפּן טאָמען „ווי נאָר ער וועט נאָכאַמאָל אים קומען צו די הענט“. טאָם האָט אים אָפּגעענטפערט מיט כויזעק־ווערטלעך און האָט, שטאָלץ מיט זיין ניצאָכן, אַוועקגעלאָזט זיך אַהיים. נאָר ניט באַ־וויזן האָט ער אויסקערעווען די פּלייצע, ווי דאָס פרעמדע אינגל האָט אַ שליידער געטון צו אים אַ שטיין און האָט אים געטראָפן פונקט אין אָקסל אַריין. אַליין האָט עס זיך צעיאָגט, דאָס פרעמדע אינגל, געלאָזט זיך אַנטלויפן, ווי אַ אַנטילאָפּ. טאָם האָט נאָכגעיאָגט דעם פאַרעטער ביזן סאַמע הויז זיינעם און האָט אַזוי אַרום דערוואוסט זיך וואו ער וואוינט. אַ שטיקל צייט איז ער געשטאַנען אַף דער וואַך באַ דער פערטקע, אַרויסרופנדיק דעם סוינע אַף אָפענעם קאַמף; נאָר דער סוינע האָט בלויז באַוויזן אים קאָלערליי האַוואַיעס דורכן פענצטער. אַרויסגיין האָט ער ניט געוואָלט. סאָפּקאָלסאָף, האָט זיך באַוויזן דעם סוינעס מאַמע, האָט טאָמען אָנגערופן — עקלדיק, פאַרדאָרבן, דאָרפיש שנעקל און האָט אים געהייסן פאַרנעמען זיך. איז ער אַוועקגעגאַנגען, פאַרזיכערנדיק אַף

אַ קאָל, אַז גיין גייט ער אַוועק בלויז דערפאַר, וואָס ער וויל ניט פאַטשקען די הענט אין אַזאַ שמוץ.

אַהיים האָט ער זיך אומגעקערט שפּעט און איז פּאָרזיכטיק אַריינגעקראָכן דורכן פענצטער, באַמיענדיק זיך ניט אָנמאַכן קיין ראַש; נאר הינטערן פענצטער האט אף אים געוואַרט אַ לאָקער: די מומע. אַז די מומע האָט דערזעען, וואָס פאר א טאַכלעס ס'איז געווארן פון זיין רעקל און הויזן, איז איר באַשלוס אַוועקזעצן אים אום יאָנטעוו בא שווערער אַרבעט געוואָרן שטארק, אזוי ווי אייזן.

## קאַפּיטל II.

געווען איז אַ שאַבעס־אינדערפרי, א זומער־פרי, ווען די גאַנצע וועלט איז פריש און פריילעך און פול מיט לעבן. פון אַלעמענס האַרץ זינגט עפּעס אין אַזאַ פרי, און אויב דאס הארץ איז יונג, זינגט עס אַף א קאָל. בא אלעמען איז דאס פּנים פריידיק, בא אלעמען איז דער שפּאַן אַ לייכטער. די ווייסע אקאציעס שטייען אין פולן בלי און די לופט איז אָנגעפּולט מיט זייער וואונדער־רייעך.

דאָס בערגל „קאַרדיף כיל״, וואָס האָט זיך געהויכט איבערן דאָרף, איז אינגאנצן באַצירט געווען מיט גרינס. סע האָט פונדערווייטנס אויסגעזעען, ווי אַ קישעפדיק טרוימען־לאַנד, און ס'האָט מאַמעש געצויגן אויסצורוען זיך דערויף.

טאָם האָט געשפּאַנט איבער דער סטעזשקע לעבן פּאַרקן מיט אַ עמער קאַלך און מיט אַ פּענזל, וואָס הייגט אַף א לאַנג הענטל. ער האָט מיט איין בליק באַטראַכט דעם פּאַרקן, און אַלץ ארום און ארום איז טייקעף פינצטער געוואָרן אין זיינע אויגן. אַ טיפע מאָרעשכוירע האָט באַהערשט זיין נעשאָמע. דרייסיק יאַרד פון ברייטן פּאַרקן, ניין פוס די הייך! דאָס לעבן האָט טאָמען אויסגעזעען ליידיק, זינלאָז און אומגעהייער־שווער. ער האָט אַ קרעכץ געטון, האט איינגעטונקען דאָס פּענזל אין קאַלך און אַ פיר געטון מיט דעם איבער דער אויבערשטער ברעט. דערנאָך האָט ער עס איבערגעכאַזערט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, האָט פּאַרגלייכט די קליינע אויסגעווייסטע שטרעקע מיט דער ריזיקער ניט־געווייסטער שטרעקע און האָט זיך, דערשלאָגן פון אומעט, אַראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק. פון טויער איז אונטערשפּרינגענדיק אַרויסגעלאָפן דזשים מיט אַ בלעכענעם עמער, זינגענדיק אַ לידעלע. דאָס טראָגן וואַסער פון שטאָט־ברונען האָט טאָם שטענדיק פיינט געהאַט טאַכלעס־סינע, נאָר איצטער האָט עס אים ניט אויסגעזעען צו זיין אַזוי אומאַנגענעם. ער האָט זיך דערמאנט, אַז באַם ברונען פאַרזאמלט זיך שטענדיק געזעלשאַפט:

נעגרען, מולאַטן, ווייסע, אינגלעך און מיידלעך רוען אָפּ, וואַרטנדיק אַף דער ריי, קריגן זיך, דינגען זיך באַם אויסבייטן שפּילעכלעך, שלאָגן זיך, זינגען אַזוי ווי שפּיל־פייגעלעך. ער האָט זיך אויך דערמאַנט, אַז כאָטש ביזן ברונען איז ניט מער פון אַ הונדערט פופציק יאַרד, קערט זיך דזשים אום פון דאָרט מיט וואַסער ניט פריער, ווי אין אַ שאָ אַרום, און דאָס אויך אויב מע גייט אים רופן.

— הער נאָר, דזשים, — ווילסט? פאַרב דו דאָ אָפּ אַביסל, און איך וועל אַף דיין אָרט גיין נאָך וואַסער.

דזשים האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— איך קאָן ניט, מאַסאַ*) טאָם. די אַלטע מיסיס האָט באַפוילן איך זאָל גיין גלייך נאָך וואַסער און מיט קיינעם אונטערוועגס ניט אָפּ־שטעלן זיך שמועסן. זי זאָגט: איך ווייס, אַז מאַסאַ טאָם וועט דיך רופן ווייסן דאָס ווענטל, איז דו פאָלג אים ניט, גיי זיך דיין וועג; זי זאָגט: „איך וועל אַליין אַרויסגיין אַכטונג געבן ווי אַזוי ער ווייַסט".

— אָ, נאַרישקייטן! ווייס איך וואָס זי רעדט, דזשים. זי רעדט שטענדיק אַזוי. גיב אַהער דעם עמער — אין איין רעגע בין איך דאָרט און צוריק. זי וועט אַפילע ניט דערוויסן זיך.

— אוי, כ'האָב מוירע, מאַסאַ טאָם, כ'האָב מוירע פאַר דער אַלטער באַלעבאָסטע! זי וועט מיר דעם קאָפּ אָפּרייסן — אַף מיין וואָרט, אָפּרייסן!

— זי? ! זי רירט דאָך מיט קיין פינגער קיינמאָל קיינעם ניט אָן, — סיידן זי הייבט אָן מיטן פינגערהוט דליבען דעם קאָפּ — האָט דאָס דען אַ גרויסן מאַך? ווער נעמט זיך אַזוינס צום האַרצן? רעדן רעדט זי, עמעס, מעסוקענע רייד, — נו, אָבער פון רייד טוט דאָך ניט וויי, אויב זי וויינט נאָר ניט דערביי. דזשים, איך וועל דיר געבן דאָס מאַרמערן קייקעלע... איך וועל דיר געבן מיין ווייסן פּליט.

דזשים האָט אָנגעהויבן וואַקלען זיך.

— דעם ווייסן פּליט, דזשים. און אַ שטריק איז צום פּליט צוגעבונדן; מע קאָן אים שלעפּן, ווי אַן עמעסן פּליט.

— יאָ, ס'איז טאַקע עמעס, ס'איז זייער אַ וואוילער פּליט! נאָר, מאַסאַ טאָם, כ'האָב גוואַלדיק מוירע פאַר דער אַלטער באַלעבאָסטע!

אָבער דזשים איז געווען ניט מער, ווי אַ מענטש, — דער ייצער־האָרע איז צו שטאַרק געווען. ער האָט שוין, דזשים, אַוועקגעשטעלט דעם עמער אַף דר'ערד. אָבער אין אַ רעגע אַרום איז ער געפלויגן פייל פון בויגן איבער דער גאַס מיטן עמער אין דער האַנט, קלינגענדיק מיטן

*) מאַסאַ — פאַרדאָרבן איינגליש וואָרט Master, ד. ה. פּאָריצל.

דראָט. טאָם האָט ענערגיש געשמירט דעם פּאַרקן, און די מומע פּאָלי האָט געשפּאַנט פונעם שלאַכט־פעלד מיט אַ שטעקשוך אין האַנט, מיט טריומף אין בליק.

נאָר ענערגיע האָט באַ טאָמען ניט אויף לאַנג געקלעקט. ער האָט גענומען טראַכטן וועגן דעם, ווי פריילעך ער האָט זיך געקליבן פאַר־ברייגגען אָט־דעם טאָג, און ס'איז אים נאָך שווערער געוואָרן אויפן האַרצן. היינט שפּאַצירן אום אַלע אינגלעך; זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, פאַרטראַכט קאָלערליי וואונדערלעכע עקספּעדיציעס; זיי וועלן קומען רופן אים, טאָמען, — און זיי וועלן שרעקלעך כויזעק מאַכן פון אים דערפאַר, וואָס אים קומט אויס אַרבעטן אום יאָנטעוו.

דערדאָזיקער געדאַנק האָט אים געבראָטן אַזוי ווי פייער. ער האָט ארויסגענומען אַלע זיינע אוצרעס און גענומען באַטראַכטן זיי: געווען זיינען צווישן די אוצרעס צעבראָכענע שפּילעכלעך, מאַרמערנע קייקע־לעך, קוביקלעך, קאָלערליי שמאָכטעלייעס, — געקלעקט וואָלט עס מי־סטאַם אויף צו בייטן זיך אויף אַ צייט מיט עמעצן מיט דער אַרבעט, נאָר נ״ם גענוג איז עס אָבער געווען אַף צו קויפן זיך כאָטש אויף אַ האַלבער שאָ פולקומע פרייהייט. ער האָט אריינגעלייגט זיין אַשרעס צוריק אין קעשענע אריין און האָט זיך אָפּגעזאָגט פונם געדאַנק צו פּרוּאוון זיך אונטערקויפן די כאַווירים. אין אָט־דער שווערער, האָפענונגלאָזער רעגע איז אים פלוצלינג באַגייסטערונג באַפאַלן, ס'האט אין זיין מויעך אַ בליק געטון אַ געניאַלער, אַ גלענצנדער געדאַנק. ער האָט גענומען דאס פּענזל און איז רואיק צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. פונדערווייטנס האָט זיך באַוויזן בען ראַדזשערס, טאַקע דער, וואָס פאַר זיין כויזעק־מאַכן האָט טאָם מער פון אַלץ מוירע געהאַט. בען האט ניט גלאַט געשפּאַנט, ער האָט אונטערגעשפּרונגען און אונטערגעטאַנצט, — אַ קלאָרער באַווייז, אַז אויפן האַרצן איז אים לייכט און אַז ער ריִכט זיך אַסאַך האַנאָע האבן פון אָט דעם טאָג. ער האָט געגעסן, בען, אַן עפּל און האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזט אַ צעצויגענעם מעלאָדישן פייף, געמישט מיט עטלעכע נידעריקערע טענער: דין־דאָן־דאָן, דין־דאָן־דאָן — ער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ דאַמפּמאַשין. צוגייענדיק נעענטער, האָט ער פאַרלאַנגזאַמט דעם טראָט, זיך אַוועקגעשטעלט אין מיט גאַס און גענומען פּאַמעלעך פאַרקערעווען, פאָרזיכטיק, מיט אָנשטריינגונגען: ער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך די דאַמפשיף „גרויסער מיסורי", וואָס זיצט ניין פוס די טיף אין וואַסער. ער איז געווען, בען, די שיף, דער קאַפּיטאַן און דער עקיפּאַזש אין איין און דערזעלבער צייט, דעריבער איז אים אויסגעקומען פאָרשטעלן זיך אי אלס שטייענדיקן אויף דער אייגענער פּאַלוב, אי אַלס באַפעלן־אָפּגעבער, אי אַלס אויספילער פון די באַפעלן.

— סטאָפּ, מאַשין! דין—דילין—דין־דילין־דין!— ער האָט בעהאַדראָגע אַראָפּגעשפּאַנט פון דער מיט וועג און האָט זיך דערנעענט צום זוים.— צוריק! דילין—דילין—דין!— ער האָט זיך אויסגעצויגן ווי פאַר העכערע אַמטלייט, האַלטנדיק די הענט בא די נעט פון די הויזן,— הינטערשטער גאַנג! פאַרקערעווע רעכטס! טששש—טששש—טששש!— זיין רעכטע האַנט האָט געמאָלט ריזיקע קרייזן,— איצט האָט ער פאַרגעשטעלט מיט זיך א ראָד פון פערציק פוס אין קרייז.— פאַרקערעווע מיטן לינקן באָרט! דילין—דין—דין! טששש—טששש—טששש!

איצט האָט ער געמאָלט קרייזן מיט דער לינקער האַנט.

— סטאָפּ, מאַשין! דילין—דין—דין! פאַמעלעכער פאַרקערעווע! די שיף־נאָז רעכטער! ווארף אַראָפּ דעם שטריק! לעבעדיקער! וואָס שטייסטו? כאַפּ דעם שטריק! פאַרדריי דעם שטריק אָט אף יענעם רינג! לאָז אָפּ!.. די מאַשין שטייט, סער. דילין—דין—דין! שש! שש! שש! (נאָכמאַכנדיק דעם שיפעניש פון אָפּגעקילטן דאמף, וואָס רינט אַרויס פון די קראַנען).

טאָם האָט ווייטער געשמירט, ניט ווענדנדיק קיין שום אַכט אף דער דאַמפשיף. בען האָט אַף אים פאַרכידעשט די אויגן אויסגעסטאַרטשעט, דערנאָך אַ זאָג געגעבן:

— כי, כי! געפאַקט זיך דאָס ביקל אַפן שטריקל!

טאָם האָט ניט געענטפערט. ער האָט ווי א עכטער מאָלער געקוקט אַף זיין אַרבעט, אָנגעקוואָלן פון זיין לעצטן שטריך, דערנאָך האט ער נאָך א לייכטן שמיר געטון און ווידער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אף צוריק, אַ קוק־געטון. בען האָט צוגעפירט זיין שיף נעענטער און האָט זיך אַוועק־געשטעלט לעבן טאָמען באָרט־צו־באָרט. בא טאָמען איז דאָס מויל אָנ־געפולט געוואָרן מיט סלונע, אז ער האָט נאָענט דערזעען דעם עפל, נאָר ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער זעט ניט, און האָט פלייסיק גע־אַרבעט. ענדלעך, האָט בען א זאָג געגעבן:

— וואָס, גוטער ברודער, מ׳האָט דיך טאַקע אַוועקגעזעצט אַרבעטן?

— אַך, ס׳איז דו, בען! איך האָב אַפילע ניט באַמערקט.

— הער נאָר, איך לאָז זיך אַוועק אין ווייטן יאַם־שווים, יא. דיר וואָלט זיך אויך מיסטאָם געגלוסט, האַ? נאָר דו ווילסט בעסער אַרבעטן, א יאָ? נו, פאַרשטייט זיך, ווי דען!

טאָם האָט אַ קוק געטון אף אים און האָט געזאָגט:

— וואָס הייסט באַ דיר אַרבעט?

— און וואָס הייסט אָט־דאָס בא דיר,—ניט קיין אַרבעט?

טאָם האט ווידער גענומען זיך צום שמירן, אַ זאָג געבנדיק דערעך־אַגעוו:

— מעגלעך, אַז יאָ, און מעגלעך, אַז ניט. ווי ס׳זאָל ניט זיין, טאָם סאָיער איז דערמיט צופרידן.

— הער שוין בעסער אוף! ווערסט דאָך ניט נעמען טאַינען, אַז אָט־די אַרבעט געפעלט דיר!

דאָס פענזל האָט גענומען אַרבעטן שנעלער.

— צי ס׳געפעלט מיר? פאַרוואָס זאָל עס מיר טאַקע ניט געפעלן? קומט דען אונז יעדן טאָג אויס צו ווייסן פאַרקנס?

דער איניען האָט באַקומען אַ נייע שיין. בען האָט אופגעהערט ריזען דעם עפּל. טאָם האָט געפירט מיטן פענזל הין און צוריק, האָט אָפּגעשפאַנט אף צוריק אף עטלעכע טריט, קעדיי אָנקווקלן פונם עפעקט, האָט דאָ־דאָרט צוגעגעבן אַ שמיר און האָט ווידער קריטיש באַטראַכט דאָס אָפּגעטונענע; בען האָט נאָכגעשפּירט נאָך יעדער באַוועגונג זיינער. ס׳האָט אים אַלץ מער און מער פאַרינטערעסירט, ס׳האָט אים אלץ מער און מער פאַרצויבערט.

ענדלעך, האָט ער אַ בעט געגעבן:

— הער נאָר, טאָם, לאָז מיך שמירן אַביסעלע!

טאָם האָט אַ טראַכט געטון. ס׳האָט אויסגעזעען ווי ער וואָלט שוין גרייט געווען מאַסקים צו זיין, נאָר דערנאָך וואָלט ער באַשלאָסן, עפּעס אַנדערש:

— ניין, ניין, בען, ס׳טויג ניט. פאַרשטייסטו, די מומע פּאָלי איז זייער שטרייננג אין אָט דעם איניען, דער פאַרקן גייט דאָך אַרויס צו דער גאַס־צו. ווען ער זאָל זיין אין הויף, וואָלט איך גאָרניט ניט געהאַט קעגן, און זי וואָלט אויך קיין טאַינעס ניט געהאַט. נאָר דאָ — יאָ, גוטער ברודער, זי איז מעסוקן שטרייננג אין אָט־דעם איניען,—דאָ דארף מען ווייסן זייער פאָרזיכטיק; איך האַלט, אז פון טויזנט, מעגלעך, אז אַפילע פון צוויי טויזנט אינגלעך וועט זיך ניט געפינען קיין איינער, וואס זאָל קאָנען עס טון ווי ס׳דארף צו זיין.

— נו, געשיקט זיך? ווייס איך וואס, גיב מיר נאָר א פּרואוו טון, אַ ביסעלע נאָר. ווען דו זאָלסט זיין אף מיין אָרט, וואָלט איך דיך געלאָזט — האַ, טאָם?

— בען, איך וואָלט מיט גרויס פארגעניגן דיך געלאָזט, אָבער די מומע פּאָלי... אָט האָט דזשים אויך געוואָלט, און זי האָט ניט דערלויבט; סיד האָט זיך אויך געבעטן — האָט זי אים אויך ניט געלאָזט. איצט פאַרשטייסטו, ס׳אַרא אַכראַיעס איך טראָג? אויב דו וועסט אָנהייבן ווייסן און ס׳וועט זיך באַקומען ניט ווי ס׳דארף צו זיין...

— הער שוין אוף! איך וועל זיין פאָרזיכטיק. נו, לאָז א פּרואוו טון! הער: כ׳וועל דיר גיבן א שטיקל עפּל.

— נו, גיב! נאַר... ניין, בען, מ׳דאַרף בעסער ניט — כ׳האָב מוירע...
— כ׳וועל דיר דעם גאנצן עפּל אָוועקגעבן!

טאָם האָט אים אין די הענט אריינגערוקט דאָס פּענזל, אויסערלעך,— ניט־האָבנדיק קיין כיישעק, אינעווייניק, אין זיך — פול מיט סימכע. און בעאייס די געוועזענע דאַמפּשיף „גרויסער מיסורי״ האָט זיך געמיט און האָט געשוויצט קעגן דער זון, איז דער אָפּרוענדיקער קינסטלער געזעסן אף אַ פעסל אין שאָטן, באָמבלענדיק מיט די פיס, קייענדיק דעם עפּל און גרייטנדיק נעצן פאר נייע אומשולדיקע קאָרבאָנעס. קיין קאָרבאָנעס האָט ניט אויסגעפעלט: ס׳זיינען אלץ נייע און נייע אינגלעך צוגעקומען צום פּאַרקן; צוגעקומען, פלעגן זיי פּלאפּלען אַביסל און פלעגן פארבלייבן ווייַסן. דאַן, ווען בען איז אָן קויכעס געבליבן, האָט טאָם שוין געהאַט פּאַרקויפט די צווייטע ריי ביל פישערן פאר אַ פּאַפּירענעם לופט־באַלאָן, וואָס איז לאַכלוטן ניט קאַליע; ווען פישערס ריי איז פארביי, האָט זיין אָרט פארנומען דזשאָני מילער, וואָס האָט באַצאָלט דערפאר מיט אַ טויטן שטשור און מיט אַ שטריק אף אופצוהייגען דעם שטשור; און אזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. אַזוי איז דורך אַ שאָ נאָך אַ שאָ. צו מיטאָג־צו איז טאָם, וואָס איז אינדערפרי געווען אַ נישטיקער קאַבצן, פאר־וואנדלט געוואָרן אין אַ נאָגיד מאַמעש. כוץ די אויבנדערמאָנטע אויצרעס, האָט ער פארמאָגט איצט צוועלף מארמערנע קייקעלעך, אַ נישער פון אַ טאַבאַק־פושקעלע מיט מוזיק, ברוכווארג פון בלויען פלאש־גלאָז, קלעצ־לעך פון בייוועלעך, אַ שטיק קרייד, אַ גלעזערנעם קאָרעק פון אַ גראַ־פין, אַ צינען סאָלדאַטל, זעקס קלאפּערלעך, אַ קעצל מיט איין אויג, אַ קופערנעם טיר־קנאָפּ, אַ הונטישן האלזבאַנד,— קיין הונט נאָר ניט געווען,— אַ הענטל פון אַ מעסער, פיר מאַראַנץ־קאָרקעס און אַ אלט צעבראָכן פענצטערל פון אַ בוידעם. ער האָט, טאָם, זייער פיין פאַרבראַכט די צייט, גאָרניט ניט טוענדיק, דערצו נאָך אין אַ גרויסער געזעלשאפט, און דער פּאַרקן איז אויסגעווייסט געווען מיט דריי שיכטן קאַלעך!

ווען ס׳זאָל ניט געווען אויסגיין בא אים דער קאַלעך, וואָלט ער בעדיל־האַדאַל געשטעלט אַלע אינגלעך פון דאָרף.

דאָ איז טאָם דערגאַנגען, אַז די וועלט איז, אין טאָך גענומען, גאָר ניט אַזוי נאַריש איינגעאָרדנט. ער האָט אַנטדעקט אַ גרויסן געזעץ, וואָס פירט אָן מיט די מענטשישע טאַטן: אויב מע וויל צווינגען אַ אינגל אָדער ביכלאַל אַ מאַנסבל באַגערן עפּעס, דאַרף מען בלויז טון אזוי, אַז ס׳זאָל זיין שווער־דערגרייכבאַר. ווען ער זאָל זיין, טאָם, אַ גרויסער און קלוגער פילאָסאָף, אזוי ווי דער מעכאַבער פון אָט־דעם בוך, וואָלט ער פאַרשטאַנען, אַז מי הייסט באם מענטשן דאָס, וואָס ער איז מעכויעוו צו טון, און פאַרגעניגן — דאָס, וואָס ער איז טון ניט מעכויעוו. און

דאָס וואָלט אים מיטגעהאָלפן צו פארשטיין, פאַרוואָס רעכנט מען די אויסאַרבעטונג פון קינסטלעכע ציין אָדער דאָס דרייען די רעדער פון אַ מילכל — פאר אן ארבעט, און דאָס קייקלען די קיילעכס אין קעגלען אָדער דאָס ארופשטייגן אַפן מאָנבלאַן — פאר אַ האַנאָע. אין איינגלאַנד זיינען פאראַן רייכע לייט, וואָס פאָרן דורך טאָגטעגלעך צוואַנציק — דרייסיק מייל, זיצנדיק אף די קאָזלעס פון דיליזשאַנעס און פראַוועגדיק מיט פיר פערד, — פאָרן אום זומער, אין גרויסער היץ, בלויז דערפאר, וואָס אָט־די פריווילעגיע קאָסט זיי היפשע סכומען געלט; ווען מע וואָלט זיי פאָרגעלייגט געהאַלט דערפאַר, וואָלט דער פאַרגעניגן פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר זיי אין מי, און זיי וואָלטן זיך אָ פ ג ע ז אָ ג ט.

## קאַפּיטל III.

טאָם האָט זיך אוועקגעשטעלט פאר דער מומע פאָלי. זי איז געזעסן לעבן צעעפנטן פענצטער אין געמיטלעכן הינטערשטן צימער, וואָס האט איר געדינט איינצייטיק אלס עסצימער, שלאָפצימער און ביבליאָטעק. די אַראָמאַטפולע זומער־לופט, די טיפע שטילקייט ארום, דער בלומען־רייעך, די פארשלעפנדיקע זשומזשעניש פון די בינען האבן אף איר שטאַרק געווירקט און זי האָט, די אלטיטשקע, געשאָקלט מיטן קאָפּ איבער איר שטריקעריי: ניט געהאט האט זי מיט וועמען צו שמועסן, כוצן קאָטער, און אויך ער, דער קאָטער, איז איצט געשלאָפן אף די קני אירע. די ברילן אירע האבן צוליב פולערער זיכערקייט גערוט אף אירע גרויע האָר. זי איז, די מומע פאָלי, זיכער געווען, אַז טאָם האט שוין פון לאנג געמאכט די פלייטע. זי האט זיך ביז גאָר פאַרכידעשט, וואס ער גיט זיך אַזוי פורכטלאָז אין איר רעשוס איבער.

— מומע, מעג איך גיין שפילן זיך?

— וואָס הייסט! שוין? וויפל האָסטו עס אָנגעפּארבט?

— אַלץ איז פאַרטיק, מומעניו.

— טאָם, רעד ניט קיין שקאָרים! כ׳קען עס ניט פאַרטראָגן!

— איך זאָג ניט קיין ליגן, מומע. אלץ איז פארטיק.

די מומע פאָלי האָט אָבער פאָרט ניט געגלויבט. זי האָט זיך אוועק־געלאָזט אַליין א קוק טון. זי וואָלט זייער צופרידן געווען, ווען טאָמס פארזיכערונגען וואָלטן געווען כאָטש אף צוואנציק פראָצענט עמעס. אז זי האָט דערזעען באשיינפערלעך, אז דער גאנצער פאַרקן איז אויסגעו־ווייסט, און געדיכט אויסגעווייסט, מיט עטלעכע שיכטן קאַלעך, אזוי אז אַפילע אף דער ערד, אין דער לייגג פון פאַרקן, איז דורכגעפירט א ווייסער פּאַס, האָט זי מאַמעש אירע אויגן ניט געגלויבט.

— נו, ווייסטו, כ׳וואָלט קיינמאָל ניט געריכט זיך אפילע... מע דארף דעם עמעס זאָגן, טאָם. דו קאָנסט ארבעטן, אויב דו ווילסט נאָר — דאָ האָט זי געפונען פאַר נייטיק ווייכער מאַכן דעם קאָמפּלי־מענט — נאָר צו זעלטן פאַרגלוסט זיך עס דיר. נו, גיי, שפּיל זיך, אָבער זע־זשע—קום אהיים צו דער צייט, אניט וועל איך דיך...

זיין העלדנטאַט האט אף איר אזוי שטאַרק געווירקט, אז זי האָט אים אוועקגעפירט אין קעמערל, אויסגעקליבן דעם בעסטן עפּל און אַריינגערוקט אים אין האַנט אריין, צוגעבנדיק דערצו א קליינעם מוסער־האַסקל וועגן דעם, אַף וויפל מער ווערט און געשמאקייט ס׳באַקומט אַזא נאַשעריי, ווי א עפּל, פונם באוואוסטזיין, אז געקריגן איז ער געוואָרן ניט מיט קיין זינדיקן דערעך, נאָר אלס לוין פאַר גוטע פּרואוון. זי האָט פאַרענדיקט מיט א געציקלטן פּאָסוק פון דער טוירע, און טאָם האָט דערווייל באוויזן צולאקכענען א פלעצעלע.

דערנאָך איז ער ארויסגעגאַנגען אין הויף אַריין און האָט דערזעען סידן. ער האָט געשפּאנט, סיד, אַרוף אַף די דרויסן־טרעפּ, וואָס פירן אין די הינטערשטע צימערן פון אויבערשטן גאָרן. אין מעשעך פון איין רעגע האָט די לופט אָנגעפולט זיך מיט געקלאנג פון הילכיקע קלעפּ. ווי א האָגל, האָבן זיך די קלעפּ געשאָטן אַף סידן. איידער די מומע פּאָלי איז געקומען צו זיך פון גרויסן כידעש און איז ארויסגעלאָפן אַף הילף, האָבן שוין זעקס—זיבן קלעפּ געטראָפן אין ציל. טאָם איז אריבערגע־קראָכן איבערן פּלויט און איז אנטרונען געוואָרן. דער הויף האָט דאווקע פאַרמאָגט א פּערטקעלע, נאָר טאָם האָט געוויינלעך קיין צייט ניט גע־האַט דערלויפן צו איר. אצינד, אז ער האָט זיך צערעכנט מיט סידן דערפאַר, וואָס יענער האָט אים אויסגעגעבן, ווענדנדיק דער מומע פּאָליס אופמערקזאַמקייט אַף די שוואַרצע פעדים,—אַצינד האָט טאָמס האַרץ געניסן זיסע רו.

ער איז דורך, טאָם, דורכן הינטער־הייפל און האָט פאַרקערעווועט אַפן שמוציקן וועג, וואָס האָט געפירט פאַרביי דער בעהיימע־שטאַל. דאָ האָט ער שוין ניט געהאט וואָס מוירע צו האָבן, אז מע זאָל אים פּאַקן און באַשטראָפן; ער איז שוין געווען לאַכלוטן אויסער יעדער געפאַר. האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צום דאָרפישן מאַרק־פּלאַץ. דאָרט זיינען זיך צונויפגעקומען אַף מילכאָמע צוויי „קריג־מאַכנעס״ פון דאָרפישע אינגלעך. מיט איינער פון די אַרמייען האָט קאָמאנדירט טאָם, מיט דער צווייטער — זיין בעסטער גוטער־ברודער — דזשאָ גאַרפער.ביידע גרויסע קאָמאנדירן האָבן ניט געמינערט זייער ווערדע מיט שלאָגן זיך אין די אַלגעמיינע רייען — דאָס האָט מער געפּאַסט פאַרן דרויבן, — זיי האָבן אָנ־געפירט מיטן גאַנג פון דער שלאַכט, זיצנדיק צוזאַמען אַפן בערגל און

אָפּגעבּנדיק באַפעלן דורך אַדיוטאַנטן. נאָך אַ לאַנגער און שווערער שלאַכט האָט טאָמס אַרמיי געזיגט. דערנאָך האָבּן בּיידע כאַיאָלעס אי־בּערגעציילט די געהאַרגעטע, געבּיטן זיך מיט די געפאַנגענע, צונויפגע־רעדט זיך וועגן די טנאָים און וועגן דעם טאָג פון דער קומענדיקער אנטשיידענער שלאַכט, אויסגעשטעלט זיך אין רייען און אַוועק מיט אַ צערעמאָניאַלן מאַרש. טאָם האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַהיים איינער אַליין.

פאַרבּייגייענדיק לעבּן דעם הויז, אין וועלכן ס׳האָט געוואוינט דזשעף טעטשער, האָט ער דערזעען אין גאָרטן אַ אומבּאַקאַנט מיידעלע—אַ וואונ־דערלעך בּלויאויגיק באַשעפעניש, מיט געלע האָר, פאַרפלאָכטענע אין צוויי לאַנגע צעפּ, אָנגעטון אין אַ ווייס זומער־קליידל און אויסגענייטע פלודערלעך. דער העלד, וואָס איז נאָר־וואָס געקרוינט געוואָרן מיט די לאָרבּער־קרענץ פון ניצאָכן, איז טייקעף באַזיגט געוואָרן. דאָס געשטאַלט פון איינער אַ עמאַ לוירענס איז טייקעף פאַרשוואונדן געוואָרן פון זיין האַרצן, ניט איבּערלאָזנדיק נאָך זיך קיין ערינערונג אַפילע. טאָם האָט געמיינט, אַז ליב האָט ער עמאַן אומגעהייער, בּיז מעשוגאַס, בּיז פאַר־געטערונג, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע ליבּע איז ניט מער, ווי אַ נישטיקער צופאַל. ער איז עטלעכע כאַדאָשים געווען פאַרטון און דערשלאָגן זיך בּאַ עמאַן ענטפער אַף זיין ליבע; עמאַ האָט ערשט מיט אַ וואָך צוריק אים מוידע געווען זיך, אַז זי האָט אים אויך ליבּ, אין מעשעך פון זיבּן קורצינקע טעג איז ער געווען גליקלעך און שטאָלץ, ווי קיין איין אינגל אף דער וועלט,—און פלוצלינג, אין איין אויגנבּליק, איז זי, עמאַ, פאַרשוואונדן געוואָרן פון זיין האַרצן, ווי אַ פרעמדער, צופעליקער גאַסט, וואָס איז אָפּגעווען זיין באַזוך־צייט.

ער האָט, טאָם, בּיגנייווע געקוקט און אָנגעקוועלט פון אָט־דעם נייעם מאַלעך, בּיז ער האָט בּאַמערקט, אַז אויך דער „מאַלעך" האָט אים דער־זעען. דאַן האָט ער זיך געמאַכט, ווי ער זעט גאָרניט, און גענומען „ווייזן פּאָקוסן", אופטון קאָלעדליי אומגעלומפערטע שטיקלעך, ווי סע טוען געוויינלעך אינגלעך, אַז זיי ווילן צוציען צו זיך די אופמערקזאַמקייט פון מיידלעך. אזוי איז דורך אַ מעשעך צייט; דערנאָך, אינמיטן עפּעס אַ פאַרדרייטער גימנאַסטישער איבונג, האָט ער אַ קוק געטון אין אַ זייט אַריין און האָט דערזעען, אַז דאָס מיידעלע האָט זיך אויסגעקערעוועט און האָט זיך געלאָזט גיין צום הויז־צו. טאָם איז צוגעגאַן צום פאַרקן און פול מיט טרויער זיך אַריבּערגעבּויגן איבּער אים. ער האָט געהאָפט, אַז דאס מיידעלע וועט נאָך אביסל זיין אין גאָרטן. זי האָט זיך, עמעס, נאָך פאַרהאַלטן א רעגע אַפן גאַנעק, נאָר דערנאָך האָט זי זיך אַוועק־געלאָזט צו דער טיר. טאָם האָט שווער אַ זיפץ געטון, ווען זי האָט אַוועק־געשטעלט דעם פוס אַף דער שוועל, נאָר פלוצלינג איז זיין פּאָנים

ליכטיק געוואָרן פון באַגײַסטערונג: איידער זי איז פאַרשוואונדן געוואָרן הינטער דער טיר האט דאָס מיידעלע זיך אומגעקוקט און אַ וואָרף געגעבן איבערן פאַרקן א בלימל. דאָס אינגל איז צוגעלאָפן, האט זיך אָפּגעשטעלט א צוויי שפאַן די ווייט פון בלימל, צוגעשטעלט די דלאָניע צו די אויגן און גענומען שאַרף, פאַרשנדיק איינקוקן זיך אין דער גאַס אַריין, ווי ס'וואָלט דאָרט באַוויזן זיך עפּעס ביז־גאָר אינטערעסאַנטס. דערנאָך האָט ער אופגעהויבן א שטרויעלע און עס אַרופגעלייגט צו זיך אף דער נאָז, באַמיענדיק זיך סע זאָל איינהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט, — צוליבדעם האָט ער באַלאַנסירט פון זייט אף זייט, האַלטנדיק דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אף צוריק. באַלאַנסירנדיק, האָט ער זיך אלץ מער און מער דערנענט צום בלימל. ענדלעך, האָט ער אַרופגעטראָטן דערויף מיט דער באָרוועסער פוס, א כאַפּ געטון עס מיט די בויגעוודיקע פינגער, איז זיך צעשפּרונגען אף איין פוס, אַוועקטראָגנדיק דאָס אויצערל, און איז שנעל פאַרשוואונדן געוואָרן הינטערן ראָג. נאָר ניט אַף לאַנג — בלויז אף אַזויפיל צייט, וויפל ס'איז נייטיק געווען אף צעשפּיליען דאָס רעקל און באַהאַלטן דאָס בלימל אף דער ברוסט נעענטער צום האַרצן אָדער, מעגלעך, צום מאָגן: קיין גרויסער באָקי אין אַנאַטאָמיע איז טאָם ניט געווען.

דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט און איז ביז פאַרנאַכט געהאַנגען אפן פאַרקן, האַלטנדיק אין איין באַווייזן פאָקוסן; נאָר דאָס מיידעלע האָט זיך מער ניט באַוויזן, כאָטש טאָם האָט זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אז זי קוקט פון ערגעץ אַרויס דורכן פענצטער און זעט, ווי ער באַמיט זיך. סאָפּקאָלסאָף, איז ער אָן כיישעק אַוועק אַהיים. דער קאָפּ איז בא אים פול געווען מיט טרוימען און מיט זעאונגען.

בעאייס וועטשערע איז ער די גאַנצע צייט געווען אין אַזאַ אופגעֿרעגטן צושטאַנד, אז די מומע זיינע האָט געהאַלטן אין איין וואונדערן זיך — „וואָס האָט עס געטראָפן מיט אָט־דעם קינד״. מ'האָט אים פיין אויסגעזידלט דערפאַר, וואָס ער האָט אָנגעקלאַפּט סידן, נאָר ער האָט זיך, זעט אויס, ניט באַליידיקט דערויף. ער האָט זיך געפּרוווט צולאַקֿכענען א שטיק צוקער בא דער מומען פון אונטער דער נאָז און האָט דערפאַר געקריגן איבער די הענט, נאָר ער האָט אויך דאָ ניט באַלייֿדיקט זיך און האָט נאָר געזאָגט:

— מומע, פאַרוואָס שלאָגט איר ניט סידן, אז ער נעמט בא אייך צוקער?

— סיד פייניקט ניט אַזוי קיין מענטשן אַזוי ווי דו. ווען ניט איך, וואָלסטו די הענט קיינמאָל ניט אַרויסגענומען פון דער צוקער־פּושקע.

די מומע איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך אַריין, און סיד האָט, גליקלעך פון זיין פּרייקייט, טייקעף אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער צוקער־פּושקע, ווי ער וואָלט כויזעק מאַכן פון טאָמען. טאָמען האָט עס זייער

פיל געזונט געקאָסט. נאָר די צוקער־פּושקע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון סידס פינגער, איז אַראָפּגעפאַלן אַפן דיל און האָט זיך צעבראָכן. טאָם איז מאָלע סימכע געוואָרן, ס׳האָט אים אַזוי אַנטציקט, אז ער האָט אַפילע איינגעהאַלטן זיך און האָט פארשוויגן. ער האָט באַשלאָסן ניט אויסרעדן קיין וואָרט, אַפילע אז די מומע וועט אַריינגיין, באַשלאָסן זיצן שטיל ביז זי וועט ניט פרעגן, ווער האָט עס געטון, און ערשט דעמאָלט אויסזאָגן; ער האָט שוין באַצייטנס געפילט די האַנאָע פון צוזען, ווי ס׳כאַפּט אריין דער „געפּעסטעטער". ער איז געווען אַזוי באַגייסטערט, אז ער האָט זיך קאם דערוואַרט ביז די אַלטיטשקע האָט זיך אומגעקערט און איז, אַ פּליעסק געבנדיק מיט די הענט, געבליבן שטיין איבער דער צעבראָכענער צוקער־פּושקע, בליצנדיק מיט צאָרן אַריבער די ברילן. טאָם האָט אין זיך צו זיך א זאָג געטון: „אָט איז עס, ס׳הייבט זיך אָן!" נאָך א רעגע, און ער איז געליגן אויסגעשפּרייט אפן דיל. די שטראָפּנדיקע דלאָניע איז שוין אופגעהויבן געווען אף צו געבן נאָך אַ קלאַפּ, ווען טאָם האָט וויינענדיק אויסגעשריגן:

— וואַרט־צו! פאַרוואָס שלאָגט איר מיך? דאָס האָט דאָך סיד צעבראָכן די צוקער־פּושקע!

דער מומע פּאָליס האַנט איז פאַרשטאַרט געוואָרן אינדערלופטן. טאָם האָט זיך געריכט אף אַן אופּרייס פון ראַכמאָנעס און כאַראָטע, נאָר די אַלטיטשקע האָט זיך איינגעהאַלטן און האָט נאָר א זאָג געטון:

— המ! נו, פונדעסטוועגן, רעכן איך, האסטו ניט אומזיסט אריינגעכאַפּט. דו האָסט אויך מיסטאַם עפּעס אָנגעאַרבעט בעאייס איך בין דאָ ניט געווען.

דער געוויסן האָט זי רוען ניט געלאָזט: ס׳האָט זיך איר שרעקלעך געוואָלט זאָגן דעם אינגל עטלעכע גוטע ווערטער, אַ צערטל טון אים, נאָר דאָס וואָלט געגליכן געווען צום מוידע זיין זיך, אַז זי איז אומגערעכט געווען. די דיסציפּלין האָט עס פאַרבאָטן. טאָם איז מאָרעשכוירעדיק געזעסן אין ווינקל, אופרייצנדיק זיך און פארגרעסערנדיק זיינע יעסורים. ער האָט געוואוסט, אַז אין האַרצן איז די מומע איצט גרייט פאלן אים צו די פיס, און פון אָט־דעם באוואוסטזיין האָט ער מאָרעשכוירעדיק פארגעניגן געהאט. ער האט באשלאָסן ניט אָנעמען קיין שריט צו שאָלעם מאַכן און ניט באמערקן די אופרופן פון איר זייט. ער האָט געוואוסט, אַז פון צייט צו צייט רוט אַף אים אַ ראַכמאָנעס־קוק, אַ פאַרנעפּלטער פון טרערן, נאָר ער האָט עס ניט געוואָלט באַמערקן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער ליגט קראַנק, באַ אַלע לעצט, און די מומע האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים, וואַרט כאָטש אַף איין וואָרט פון פאַרגעבונג, נאָר ער דרייט זיך אויס מיטן פּאָנים צו דער

וואַנט און שטאַרבט, ניט זאָגנדיק אָט־דאָס וואָרט. ווי וועט זי זיך עס דעמאָלט פילן? ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי מע ברענגט אים אַהיים אַ טויטן, נאָך דעם, ווי מע האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער; די לאָקן זיינע זיינען איינגאַנצן נאַס געוואָרן, זיינע הענט, וואָס זיינען צונויפגעלייגט אַף דער ברוסט, האָבן זיך באַרוט אַף אייביק, און זיין קראַנק האַרץ אויך דאָסזעלבע. ווי זי וועט זיך עס אַ וואָרף טון אַף זיין טויטן קערפּער און קלאָגן, יאָמערן איבער אים און בעטן גאָט, ער זאָל איר אומקערן איר אינגל, און זי וועט קיינמאָל־קיינמאָל מער ניט באַליידיקן אים אומזיסט־און־אומנישט! און ער וועט ליגן אַ בלייכער, אַ קאַלטער, אַ פאַרגליווערטער, — די יעסורים פונם אומגליקלעכן קליינעם מארטירער האָבן זיך אַף אייביק פאַרענדיקט... ער האָט זיך אזוי אופגערעגט פון אָט־די בילדער, אַז די גאַנצע צייט האָט ער געהאלטן עפּעס אין איין שלינגען; ס'האָט זיך אים געדאַכט, אז באלד דערווארגט עס אים, אזוי האָט עס אים דעם האַלז צונויפגעדריקט; אין די אויגן זיינע איז אומגעשוואומען עפּעס אַ פייכטקייט, זי פלעג אַריבערינען, בעאייס ער פלעג אַ פינטל־טון מיט די אויגן, אַראָפּרינען אַראָפּ און אַראָפּטריפן פון עק נאָז. ער האָט אַזוי האַנאָע געהאַט פונם פעסטען זיך מיט די יעסורים זיינע, אַז ער האָט ניט געקאָנט פארטראָגן לעבן זיך קיין פריילעכע פּעמער און קיין געלעכטער; זיין אומגליק איז געווען צו הייליק דערויף.

אז אין צימער איז אונטערטאַנצנדיק אריינגעפלויגן זיין פריינטל מערי, פול מיט סימכע דערפון, וואָס זי האָט ענדלעך אומגעקערט זיך אהיים פון איר רייזע אין דער פראָווינץ, וועלכע האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך, אַז דאָס צימער האָט זיך אָנגעפולט מיט לידער און זון — איז טאָם, אַ פינצטערער, אַ מאָרעשכוירעדיקער, אַוועק פון שטוב. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט ווייט פון די מעקוימעס, וואו ס'געפינען זיך געווײנלעך זיינע כאַווײרים, ער האָט געזוכט איינזאַמע ערטער, וואָס זאָלן פּאַסטן פאר זיין שטימונג. ס'האָט אים געצויגן צו זיך דער הילצערנער פליט אַפן טייך. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַהין און האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם זוים, קוקנדיק אין דער ווייט אריין אף דער אומעטיקער ראַכוועס פון טייך. ער האָט געטראכט דערפון, ווי גוט ס'וואָלט געווען דערטרונקען ווערן מיטאַמאָל און אין כאַלאָשעס־צושטאַנד. דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט אינם בלימל, האָט ער ארויסגענומען עס און אין פיינלעכן טאַינעג אויסגעגלייכט די צעקנייטשטע בלעטלעך. ער האָט געפרעגט באַ זיך, צי וואָלט זי ראַכמאָנעס געהאַט אַף אים, ווען זי וואָלט זיך דערוואוסט? וואָס וואָלט זי געטון? וואָלט זי זיך צעוויינט און וואָלט געוואָלט האַלזן אים און טרייסטן אים? צי זי וואָלט זיך קאַלטבלוטיק אוועקגעקערט, ווי די גאַנצע אַכזאָריעסדיקע וועלט? דאָס־



2. טאָם סאָיער.

דאָזיקע בילד האָט מיטגעבראכט אַזויפיל זיסע פּיין, אַז טאָם האָט ניט געקאָנט אָפּרייסן זיך פון דעם און האָט עס וואַריאירט אַף קאָלערליי אויפאַנים, ביזוואַנען ס'האָט זיך דאָס בילד אינגאַנצן ניט צעטריפעט. דאָך האָט ער זיך, סאָפּקאָלסאָף, אופגעהויבן און איז אין פינצטערניש אַוועק אַהיים.

אַרום צען אַזייגער האָט ער פאַרבייגייענדיק איבער דער לײדי־קער גאַס, וואו ס'האָט געוואוינט זיין ליבע אומבאַקאַנטע, זיך אָפּ־געשטעלט און זיך איינגעהערט: ס'הערט זיך קיין קלאַנג ניט, אין אַ פענצטער פון צווייטן גאָרן, הינטערן פאָרהיינגל, פינקלט אַ ליכט. עפּ־שער שלאָפט דאָ זיין מאַלעכל? טאָם איז אריבערגעשפרונגען איבערן פּאַרקן, האָט פאָרזיכטיק דורכגערוקט זיך צווישן די קוסטן, איז צו צום פענצטער און לאַנג, מיט גרויס געפיל געקוקט דערויף; דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעלייגט אַף דער פּלייצע גלייך אף דר'ערד, צונויפגעלייגט די הענט אַף דער ברוסט און צונויפגעדריקט אין די הענט דאָס פאַרוועלקט בלימל. אָט אַזוי וועט ער שטאַרבן — פרעמד דער אַכזאָריעסדיקער וועלט, אָן אַ דאַך איבערן היימלאָזן קאָפּ, אָן אַ פריינטלעכער האַנט, וואָס זאָל אָפּווישן דעם גסיסע־שווייס פון זיין קאָפּ, אָן אַ מילד פּאָנים, וואָס זאָל מיט ליבע און ראַכמאָנעס אָנבייגן זיך איבער אים, ווען ס'וועט אָנקו־מען די שאָ פון טויט־פּיין. אָט אַזוינעם וועט זי אים דערזעען, ווען זי וועט מאָרגן אַרויסגיין אַקעגן דעם פריילעכן פרימאָרגן... וועט זי דע־מאָלט כאָטש איין טרערעלע לאָזן פאלן אַף זיין פאַרשטאַרטן קערפּער, וועט זי כאָטש איינמאָל אַ זיפץ טון וועגן דעם בליענדיקן יונגן לעבן, וואָס איז אַזוי פּריציייטיק, אַזוי אַכזאָריעסדיק פאַרשניטן געוואָרן?

דאָס פענצטער האָט זיך צעפּראַלט; אַ שאַרף־קוויטשיק קאָל פון אַ דינסט האָט פאַרשוועכנדיק צעשטערט די הייליקע שטילקייט, און אַ שטראָם וואַסער האָט זיך אַ גאָס געטון אַפן טויטן קערפּער פונם יונגן מאַרטירער.

אונזער העלד איז אופגעשפּרונגען. ס'האָט אים אָטעם פאַרפעלט, ער האָט געסאָפּעט און געשפּיגן. אינדערלופטן האָט דורכגעזשומזשעט עפּעס ענלעכס אַף אַ געשליידערטן שטיין, ס'האָט אַ קלונג געטון עפּעס ענלעכס אַף אַ דערשטיקטער קלאָלע, דערנאָך האָט זיך הערן געלאָזט קלינגעניש פון גלאָז, וואָס טרייסלט זיך. עפּעס אַ נעפּלדיקע קליינע פי־גור איז אריבערגעשפרונגען איבערן פּאַרקן און איז טייקעף פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט טאָם, אויסטוענדיק זיך צו נאַכט־צו, באַטראַכט זיין פאַרנעצט אָנטון בײַ דער שיין פון אַ כיילעור־ליכט. די שיין האָט אופגעוועקט סידן, נאָר אויב בײַ יענעם איז אַפילע יאָ

געווען אַ רעמעז פון אַ געדאַנק וועגן בעטן פארגעבונג, האָט ער זיך באַטראַכט און איז געליגן שטיל, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז ער שלאָפט; טאָמס אויגן האָבן צו אים קיין שום גוטס ניט צוגעזאָגט. טאָם האָט זיך אַנידערגעלייט, באפרייענדיק זיך פונם מוז צו זאָגן די טפילעס פון פארן שלאָף. סיד האָט עס באַמערקט און פארגעדיינקט.

## קאַפּיטל IV.

דער זונטיק־פרי איז געווען אַ שטילער, אַ לויטערער; די זון האָט געשיינט איבערן שטעטל, ווי זי וואָלט עס געבענטשט, דאָס שטעטל. נאָכן איבערבייסן האָט די מומע פּאָלי איינגעאָרדנט אַ מין היימישע גאָטדינסט. אָנגעהויבן האָט זיך די גאָטדינסט מיט אַ קאָלעקטיווער טפילע, וואָס איז באשטאַנען פון לאַנגע ציטאַטן פון דער ביבל, ציטאַטן, פאריינִיקטע דורך דינעם צעמענט פון „אייגענע״ צוגאָבן. פארענדיקט האָט זי זיך מיט אַ קאַפּיטל פון דער ביבל וועגן דער טוירע, וואָס איז געגעבן מוישע ראביינון אַפן באַרג סינאַי.

נאָכדעם האָט טאָם גענומען כאַזערן פּסוקים פון עוואנגעליום. סיד האָט אויסגעכאַזערט ז״ן לימוד נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק. טאָם האָט אָנגעשטריינגט זיין גאַנצע ענערגיע אַף אויסצוכאַזערן אַף אויס־ווייניק פינף פּסוקים; דאָס פריינטל מערי האָט אים צוגעמונטערט.

— זאָרג זיך ניט, טאָם, — ס׳איז גאָרניט אַזוי שווער... אויב דו וועסט אויסכאַזערן, וועל איך דיר געבן עפּעס זייער אַ וואוילע זאַך. הערסט? נו, זיי־זשע אַ קלוג אינגל!

— נו, גוט! אָבער וואָס וועסטו מיר געבן, מערי? זאָג, וואָס?

— אַ כילעק דיר וואָס, טאָם: אז איך זאָג — אַ וואוילע זאַך, איז עס מיסטאַם א וואוילע, — דו ווייסט דאָך אַליין.

— עמעס, מערי. נו, זאָל זיין אַזוי, כ׳וועל נאָך אַביסל כאַזערן.

און אונטער דער צווייענדיקער ווירקונג פון נייגיר און אַרויסקוק אַפן צוגעזאָגטן לוין האָט טאָם זיך גענומען כאַזערן מיט אַזאַ פלייס, אַז אינגיכן האט ער דערגרייכט גלענצנדע רעזולטאַטן.

מערי האָט אים געגעבן א נאַיִנק, אָט־ערשט געקויפט מעסערל, וואָס האָט געקאָסט צוועלף מיט אַ האַלבן צענט. טאָם איז געווען אויסער זיך פון אַנטציקונג. דעם פריינטל מעריס גוטסקייט האָט אים טיף־טיף אופ־גערודערט. עמעס, מיטן מעסערל האָט מען גאָרניט געטאָרט שניידן, נאָר טאָם האָט פונדעסטוועגן באַוויזן צעשניידן דערמיט דעם בופעט. ער האָט זיך געקליבן טון דאָסזעלבע מיטן קאָנטאָר־טישל, נאָר מ׳האָט אים א רוף געטון אָנטון זיך אַף צו גיין אין דער זונטיק־שול.

מערי האָט אים אין די הענט אַריינגערוקט א בלעכן טאַזעלע מיט וואַסער און א שטיק זייף; ער איז אַרויסגעגאַן אף יענער זייט טיר און האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טאַזעלע אף דער קליינינקער באַנק, דערנאָך האָט ער איינגעגעצט די זייף אין וואַסער און האָט זי צוריק אַוועקגע־לייגט, האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, פּאָרזיכטיק אויסגעגאָסן די וואַסער אף דר'ערד, איז אַריינגעגאַן אין קיך אַריין און גענומען זיך געשמאַק רייבן דאָס פּאָנים מיטן האַנטוך, וואָס איז געהאַנגען הינטער דער טיר. נאָר מערי האָט בא אים צוגענומען דעם האַנטוך:

— ווי שעמסטו זיך ניט, טאָם! מ'טאָר ניט זיין אַזאַ מיעסער באָכער. ס'וועט דיר גאָרניט ניט שאַטן, אז דו וועסט זיך איינוואַשן.

טאָם איז אַביסל פאַרשעמט געווען. דאָס טאַזעלע איז ווידער אָנגע־פולט געוואָרן מיט וואַסער; דאָס מאָל איז טאָם א שטיק צייט געשטאנען איבערן טאַזל, ווי ער וואָלט זיך אָנגענומען מיט אַנטשלאָסנקייט. ענדלעך, האָט ער טיף אַ זיפץ געגעבן און גענומען וואַשן זיך. אַז ער איז דאָס צווייטע מאָל אַריינגעגאַן אין קיך אַריין, מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָנטאַפּנ־דיק מיט דער האַנט דעם האַנטוך, האָבן די וואַסער און זייף־שוים, וואָס זיינען געריננען פון זיין פּאָנים, ניט דערלויבט צו צווייפלען אין זיין אָרנטלעכקייט. פונדעסטוועגן, אז ער איז אַרויס פון אונטערן האַנטוך, האָט זיין פאַרצוף זיך אַרויסגעוויזן אַלס גאָר ניט קיין באַפרידיקנדער: די ריינע שטרעקע האָט פארכאַפּט בלויז אַ טייל פּאָנים, פון שטערן ביזן קין; העכער און נידעריקער פון אָט־דער שטרעקע האָט זיך געצויגן אַ ראכוועסדיקע ניט־באוואַסערטע טעריטאָריע, גענידערט האָט זי פונויבן צום שטערן אַראָפּ, און אונטן האָט זי זיך אַוועקגעלייגט ווי א פינצטערער פּאַס אַרום האַלז.

מערי האָט זיך אַליין א נעם געטון צו אים, און ערשט נאָכדעם איז ער אַרויס א יונג, — א כוואַט, א עכטער מאַנסבל און ברודער, מיט וועלכן ס'איז קיין ביזאָיען ניט דורכצושפּאַנען די גאַס: די האָר זיינע זיינען באַשמירט געווען און צוגעגלעט, די קורצע לאָקנדלעך זיינען גע־ליגן שיין און סימעטריש (ער אַליין פלעג שטענדיק מיט גרויס פלייס באַמיען זיך אינגאַנצן צעפּלעטשן די האָר. ער האָט געהאַלטן, אַז לאָקן מאַכן ביכלאַל ענלעך אף א מיידל, זיינע האָר פלעגן אים די יאָר דער־גיין). דערנאָך האָט מערי אַרויסגענומען דעם גרויסאַרטיקן גאַרניטער, וועלכן טאָם טוט אָן בלויז אום זונטיק שוין א מעשעך פון א צוויי יאָר, אַרויסגענומען די „צווייטע פּאָר", ווי מ'פלעג דעם גאַרניטער רופן אין שטוב, באַצייכענענדיק דערמיט די גרייס פון טאָמס גאַרדעראָב. אז טאָם האָט זיך אָנגעטון, האָט מערי „צורעכט געמאַכט" אף אים דאָס אָנטון, האָט אים פאַרשפּיליעט דאָס רעקל אף אַלע קנעפּ, האָט אויסגע־

גלייכט דעם ברייטן העמד־קאָלנער, וואָס פאַלט אים אויף די אַקסל, האָט מיטן בערשטל דאָס אָנטון אים אויסגערייניקט און, ענדלעך, אָנגעטון אים אַפּן קאָפּ א שטרויענעם הוט.

אָט־דאָס אַלעס האט זייער באַכיינט זיין אויסערלעך אויסזען; נאָר דאָס פּאָנים איז געווען בא אים ניט צופרידן און געפילט האָט ער זיך אויך ניט־פריגלדיק: נים געוואוינט איז ער געווען זען זיך אַן אויסגע־וואַשענעם און ריינעם — ס'האָט אים געצוימט. ער האָט געהאָפט, אַז מערי וועט פאַרגעסן אין די שטיוול, נאָר אומזיסט; מערי האָט זיי אָנ־געשמירט, ווי דער שטייגער איז, מיט פעטס און זיי געבראַכט אים ער זאָל זיי אָנטון. דאָ האָט ער אָנגעוואוירן דעם געדולד און גענומען קלאָגן זיך, אז שטענדיק צווינגט מען אים טון דאָס, וואָס ער וויל ניט. אָבער מערי האט שטייף א זאָג געגעבן:

— נו, זיי אַזוי גוט, טאָם,— זיי אַ קלוגער באָכער!

און ער האָט וואָרטשענדיק אַרופגעצויגן אויף זיך די שטיוול. מערי האָט זיך אויך גיך אָנגעטון, און אַלע דריי קינדער האָבן זיך אַוועקגע־לאָזט צו דער זונטיק־שול, וועלכע טאָם האָט פיינט געהאַט טאַכלעס־סינע, און סיד און מערי האָבן זי זייער ליב געהאַט.

די לימודים אין דער שול פלעגן דויערן פון ניין ביז האַלב עלף; דערנאָך פלעג זיך אָנהייבן די גאָטדינסט. צוויי פון די קינדער פלעגן פרייוויליק בלייבן הערן די דראָשע; דער דריטער פלעג אויך בלייבן — מאַכמעס געצווינגענקייט. אויף די הויכע קלויסטער־בײנק פלעגן זיך אויסזעצן אַנערעך דריי הונדערט מאַן; דער קלויסטער איז געווען אַ קליינער, אַ אָרעמער, מיט א מין הילצערנעם קאַסטן אויבן אנשטאָט א גלאָקן־טורעם.

באם אַריינגאַנג איז טאָם עטוואָס אָפּגעשטאַנען פון זייניקע און האָט זיך געווענדעט צו א כאַווער, וואָס איז פונקט ווי ער אַליין יאָנטעווודיק אויסגעפוצט:

— הער נאָר, ביל, דאָ בא דיר א געל בילעטל?

— דאָ.

— וואָס ווילסטו פאַר אים?

— וואָס וועסטו מיר געבן?

— אַ שטיק לאַקריץ און א קריקל פון א ווענטקע.

— גיב א קוק טון!

טאָם האָט באַוויזן. די זאַכן האָבן זיך געפונען אין א באַפרידיקנ־דיקן צושטאַנד און זיינען אַריבער פון הענט אין הענט.

דערנאָך האט טאָם אויסגעביטן א פּאָר ווייסע בילעטלעך אויף דריי רויטע און נאָך עטלעכע קלייניקייטן אויף א פּאָר בלויע בילעטלעך. אַנערעך

אַ האַלבע שאָ האָט ער געהאַלטן אין איין אָפּשטעלן יעדער פאַרביי־גייענדיקן אינגל און יעדן פאַרגעלייגט זיינע אויצרעס אַלס בײַם אַף בײַ־לעטן פון פארשיידענע קאָלירן. דערנאָך איז ער אריינגעגאַן צוזאַמען מיט א האַמוין רייניקע אינגלעך און מיידלעך אין קלויסטער אַריין, האָט זיך אַוועקגעזעצט אף זיין אָרט און טייקעף פאַרפירט א געשלעג מיט איינעם פון די שכיינים־אינגלעך. ס'האָט זיך אַריינגעמישט דער לערער, אַ ערנסטער, באיאָרטער מענטש, און ביידע אינגלעך זיינען שאַ—שטיל געוואָרן; אָבער ווי נאָר דער לערער האָט אויסגעדרייט די פלייצע, האָט טאָם א שלעפּ געטון בא די האָר דאָס אינגל, וואָס איז געזעסן אף דער באַנק פון פאָרנט, פאר אים, און ער האָט טייקעף אַריינגעשטעקט די נאָז אין בוך אַריין. אַז דער באַליידיקטער האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער ניט געקאָנט פאַרשטיין ווער האָט עס אים אָפּגעטון. און טאָם האָט שוין געשטאָכן מיט א שפּילקע א צווייטן שאָכן, קעדיי דערהערן ווי יענער גיט א געשריי: „אַי!",— און ער האָט ווידער, טאָם, געקריגן א פאָרוואורף פונם לערער. דער גאַנצער קלאַס טאָמס איז, דערעך־אַגעוו, געווען, ווי צוגעקליבן, א ראַשיקער, אומרואיקער און איינגעגעסענער. אז ס'איז דערגאַן צום אויספרעגן דעם פארגעבענעם לימוד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז קיינער פון די אינגלעך האָט אים ניט אויסגעכאַזערט ווי ס'דאַרף צו זיין, און ס'איז אויסגעקומען אַלעמען אונטערצוזאָגן. ווי ס'איז־ניט־איז, מיט גרויסע צאָרעס, האָבן זיי געענטפערט, און יעדער האָט באַקומען א באַלוינונג — דאָס בלוי בילעטל, וואָס מ'פלעג געבן פאר צוויי פּסוקים, אויסגעכאַזערטע אַף אויסווייניק; אף יעדער בילעטל איז געווען אָנגעשריבן א פּאָסוק פון עוואַנגעליום. צען בלויע בילעטלעך זיינען געגליכן געווען צו איין רויטן און האָבן געקאנט אויסגעביטן ווערן אף אַזוינעם; צען רויטע זיינען געגליכן געווען צו איין געלן; פאר צען געלע פלעג דער דירעקטאָר אַרויסגעבן דעם טאַלמיד, וואָס האט זיך אויס־געצייכנט, א ביכל אין אַ איינפּאַכן איינבונד. וואָלט בא אַסאַך פון מיינע לייענער געקלעקט זיקאָרן און פלייס אף אויסצוכאַזערן אף אויסווייניק צוויי טויזנט פּסוקים פון דער „הייליקער שריפט" אַפילע צוליב א ביכל מיט דאָרע'ס אילוסטראַציעס? און דאָך, אָט האט מערי אזוי אַרום גע־קראָגן צוויי ביכל — א באַלוינונג פאר געדולדיקער צוויי־יאָריקער מי; און איין אינגל, אַ דייטש לויט דער אָפּשטאַמונג — האָט געקראָגן פיר ביכל אָדער, דאכט זיך, טאַקע די גאַנצע פינף. איינמאָל האט ער אויס־געשאָטן נאָכאַנאַנד, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, דריי טויזנט פּסוקים; נאָר אַזא מאַרד־אָנשטריינגונג האט זיך ארויסגעוויזן אַלס אַ אומקומעניש פאר אים, און פון יענעם טאָג אָן איז ער קימאַט א אידיאָט געוואָרן. דאָס איז פאר דער שול געווען אַ גרויסער בראָך, ווייל פריער פלעג געוויינלעך

דער דירעקטאָר אין פּייערלעכע פּאַלן, ד. ה. בעאיים ס'פּלעג זיך צונויפ־קומען א גרויסער אוילעם, אַרויסרופן את־דאס אינגל ער זאל „צעלאָזן זיך" (לויט טאָמס אויסדרוק). פון די איבעריקע טאַלמידים האבן בלויז די עלטערע געהיט זייערע בילעטלעך און ניט געוואָרפן דאָס לאַנגוויי־ליקע „כאַזערן" אַזאַ לאַנגע צייט צוליבן פאַרדינען א בילעטל. דעריבער פלעג דאס אַרויסגעבן אַזאַ באַלוינונג, ווי א ביבל, זיין א זעלטענע, א אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג; דער טאַלמיד, וואס פלעג זי באַקו־מען, פלעג אויסוואַקסן אף אַ גאַנצן קאָפּ, און אַלע כאַווײרים פלעגן אים מעקאַנע זיין: זיי פלעגן דאַן, אָפּט אַפילע אף גאַנצע צוויי וואָכן, פאַר־כאַפּט ווערן פון קאָוועד־גאַרעניש. מעגלעך, אַז טאָמס סייכל־מאָגן, אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן, האָט קיינמאָל ניט געדאָרשט נאָך אזא באַ־לוינונג, אָבער איינס באַשטימט: זיין גאַנצער יעש האָט שוין לאַנג גע־דאָרשט נאָכן רום און גלאַנץ, וואָס זיינען צונויפגעבונדן מיטן באַקומען אַזא באַלוינונג.

דער דירעקטאָר האָט זיך באַצייטנס באַוויזן אף דער קאַטעדרע מיטן פאַרמאַכטן הימנען־בוך אין דער האַנט און מיט פינגער פארלייגטע צווישן די בלעטלעך. ער האָט איינגעלאַדן דעם קלאַס אופמערקזאַם האָרכן.

דער דירעקטאָר איז געווען אַ דאַרער מאַנסבל, אַלט אַ יאָר פינף און דרייסיק, מיט אַ צאַפּן בערדל פון זאַמד־קאָליר און מיט קורץ־אונטערגעשוירענע האָר אויך פון דעמזעלבן קאָליר. די אויבערשטע זוימען פון זיין געדיכט־אָנגעקראָכמאלעטן „שטייענדיקן" קאָלנער האָבן דערגרייכט קימאט ביז די אויערן זיינע. די שפּיציקע עקן האָבן זיך פאַרבויגן פאָרויס קימאַט לעבן די ליפּן־ווינקלען; ס'האָט זיך באַקומען אַ מין פאַרקן, וואָס צווינגט דעם דירעקטאָר קוקן די גאנצע צייט גלייך, פּאַר זיך, אָדער אויסדרייען זיך מיטן גאַנצן קערפּער, ווען ס'איז נייטיק אַ קוק טון אין אַ זייט אריין. זיין קין האָט גערוט אף אַ ברייטן באַ־מאָלטן האַלזטוך, וואָס איז ברייט און לאַנג, ווי אַ באַנק־בילעט, בא די עקן האַלזטוך איז געהאַנגען אַ באַכראָם־סטיינגע; די נעזער פון די שטיוול זיינע זיינען געווען שאַרף פאַרבויגן ארוף, לויט דער דעמאָלטי־קער מאָדע, אַזוי ווי די עקן פון גליטשערס, — דעמדאָזיקן עפעקט פלעגן זיך פלייסיק און איינגעשפּאַרט באַמיען קריגן די יונגעלייט פון יענער צייט, אָפּשטייענדיק שאָענלאַנג מיט שטיוול־נעזער צוגעדריקטע צו דער וואַנט. מיסטער אוואָלטערס האָט געהאַט זייער אַ שטריינג אויסזען, זייער אַ אופריכטיק און ערלעך האַרץ. צו אלעס, וואָס איז הייליק און קלוי־סטעריש, פלעג ער זיך באַציען מיט אזא אירעס־האַקאָוועד און פלעג עס אַזוי אָפּטיילן פונם וועלטישן, אז אפילע אין קאָל זיינעם אין דער זונטיק־שול פלעגן באַוויין זיך באַזונדערע אינטאָנאַציעס, אַזעלכע,

וואָס מ'האָט זיי לאַכלוטן ניט געקאָנט טרעפן אינדערוואָכן. אָנגעהויבן האָט ער זיין דראָשע אַף אַזאַ אויפן:

— אַצינד, קינדער, וואָלט איך בעטן אייך אַ מינוט צוויי זיצן ווי נאָר מעגלעך גלייך און שטיל און שיינקען מיר אייער גאַנצע אופמערקזאַמקייט. אָט אַזוי! אָט אַזוי טאַקע דאַרפן האַלטן זיך פיינע אינגלעך און מיידלעך. איך באַמערק, אַז איין קליין מיידעלע קוקט אין פענצטער אַריין, — זי מיינט, געוויס, אַז איך זיך ערגעץ דאָרט אַף אַ בוים און האַלט אַ רעדע פאַר די קליינע פייגעלעך (דער אוילעם כיכיקעט דערביי). איך וויל אייך זאָגן, ווי עס פרייט מיין האַרץ זען פאַר זיך אַזויפיל פריילעכע, רייניקע קינדערשע פּענימער, וועלכע זיינען צונויפגעקומען זיך אַהער צווישן די הייליקע ווענט לערנען זיך גוטסקייט און יוישער.

און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. ברייננגען זיינע ווייטערדיקע רייד איז לאַכלוטן איבעריק. די גאַנצע רעדע דעם דירעקטאָרס איז צונויפגעשטעלט געווען לויטן פונלאַנג באוואוסטן, אַלעמען גוט־באַקאַנטן אייביקן מוסטער.

דאָס לעצטע דריטל פון דערדאָזיקער רעדע האָבן אָפּט פּאַרטויבט די באַנייטע געשלעגן צווישן די אינגלעך, אויך דער געמורמל און דאָס לאַכן פון די טאַלמידים, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבערן קלויסטער, פאַרכאַפּנדיק אפילע אַזעלכע פעסטע פעלזן, ווי סיד און מערי. נאָר אַלע שמועסן זיינען פאַרשטומט געוואָרן, ווי נאָר דעם דירעקטאָרס קאָל האָט אָנגעהויבן נידערן. דער שלוס פון דער רעדע איז באַגעגנט געוואָרן מיט אַן אופרייס פון צאַרטער דאַנקבאַרקייט.

דעם געמורמל און די שמועסן האָט אין אַ היפּשער מאָס אַרויסגערופן אַ געשעעניש אַ מער־וויניקער זעלטענע — דאָס דערשיינען פון באַזוכער: דער אַדוואָקאַט טעטשער און זיינע באַגלייטער: אַ דאַרער אַלטיטשקער, אַ שיינער אָנגעזעענער דזשענטלמען פון מיטעלע יאָרן, מיט גרויע האָר, און אַ פּרעכטיקע דאַמע, געוויס — דעם לעצטנס פרוי. די דאַמע האָט געפירט בא דער האַנט אַ מיידעלע. טאָם האָט די גאַנצע צייט ניט געקאָנט איינזיצן אַף זיין אָרט מאַכמעס דעם געפיל פון שולדיקייט און געוויסן־ערגערניש; ער האָט די האָזע ניט געהאַט צו טרעפן זיך מיט עמאַ לאָורענס אויגן; ער האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן איר אַניוועסדיקן ליבע־בליק. נאָר אַז ער האָט דערזען דאָס אריינקומענדיקע מיידעלע, איז זיין נעשאָמע פול געוואָרן מיט וואונדער־גליק, און ער האָט טייקעף גענומען מיט אַלע קויכעס „ווייזן פּאָקוסן", „מאַכן פיגורן": קלאַפּן די אינגלעך, שלעפּן זיי בא די האָר, קאָרטשען צורעס און דאָסגלייכן, — באווייזן אַלע קונצן, וואָס מע קאָן האָפן, אַז זיי וועלן פאַנגען דאָס מיידעלע און אויסנעמען בא איר. אין זיין וואונדער־גליק איז געווען

בלויז איין ניט־אַנגענומענער ביי־מיש — דער זייכער דערפון, ווי מע האָט אים מעוואַיעש געשטעלט אינם גאָרטן פון אָט־דעם מאַלעך; נאָר אויך דער־דאָזיקער ביי־מיש איז אינגיכן אָפּגעווישט געוואָרן דורך די כוואַליעס פון פאַרפּלייצנדיקן גליק. די געסט האָט מען אַוועקגעזעצט אַף אַ בע־קאָוועדיק אָרט, און ווי נאָר מיסטער אואָלטערס האָט פאַרענדיקט זיין רעדע, האָט ער זיי פאָרגעשטעלט פאַר דער שול. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דער מאַן פון די מיטעלע יאָר איז זייער אַ אָנגעזעענער פאַרשוין — ניט מער און ניט ווייניקער, ווי דער קרייז־ריכטער. אַזאַ הויכגעשטעלטן מעלוכע־מאַן האָבן די קינדער נאָך קיינמאָל ניט געזעען; זיי האָבן זיך געכידעשט, קוקנדיק אַף אים, און האָבן בא זיך געפרעגט, צי איז ער טאַקע געבויט פון דעמזעלבן מאַטעריאַל, וואָס אלע אנדערע מענטשן; זיי האָבן געגאַרט דערהערן, ווי ער טוט עס אַ ברום ווי אַ לייב אין גרימצאָרן, און אין דערזעלבער צייט האָבן זיי מוירע געהאַט פאַר דעמ־דאָזיקן ברום. ער איז אָנגעקומען, דער ריכטער, פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל *), וואָס געפינט זיך צוואַנציק מייל די ווייט פון פּיטערסבורג. האָט ער, הייסט עס, אַסאַך געררייזט און געזעען די גרויסע וועלט; ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזעען די געביידע פונם קרייז־געריכט, וואָס איז געדעקט, ווי מע דערציילט, מיט אַ בלייענעם דאַך. דער אירעס־האַקאָוועד, וואָס אָט־דאָס אלעס האָט ארויסגערופן, האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ פייער־לעכער שטילקייט און אין רייען אופמערקזאַמע אויגן, געווענדעטע אפן ריכטער. דאָס איז געווען דער באַרימטער ריכטער טעטשער, דער ברודער פונם היימישן, פּיטערסבורגער אַדוואָקאַט. דזשעף טעטשער איז טייקעף ארויסגעגאַן פאָרויס אָפּגעבן ‚שאָלעם דעם גרויסן מאַן, דעם פעטער זיינעם. די גאַנצע שול האָט דזשעפן מעקאַנע געווען. ווען ער וואָלט, דזשעף, געהערט דעם געמורמל פון די כאַווײרים זיינע, וואָלט עס ווי מוזיק געקלונגען אין זיינע אויערן.

— זע נאָר, דזשים, ער גייט אַהינצו, אַף מיין וואָרט, אַהינצו! גיב אַ קוק, גיב אַ קוק! אָט גריסט ער זיך מיט אים, אָט דערלאַנגט ער אים די האַנט — אַ, ווי געפעלט דיר? די האַנט! ווייסט עס אַ רועך, דיר וואָלט זיך מיסטאָם געוואָלט זיין אַף דזשעפס אָרט?

מיסטער אואָלטערס האָט אַף זיין שטייגער „געמאַכט פיגורן” פאַר די אָנגעזעענע באַזוכער. ער האָט אַרויסבאַוויזן פאַרטונענע געשעפט־לעכקייט. פאָרוואורפן, אָנווייזונגען און באַפעלן האָבן זיך געשאָטן אַף רעכטס און אַף לינקס. דער ביבליאָטעקאַר האָט אויך „געמאַכט פיגורן”,

*) די אַמעריקאַנער האָבן ליב אָנצורופן זייערע קליינע שטעטלעך מיט די קלינגענדיקע נעמען פון די וועלט־שטעט. פאַראַן בא זיי עטלעכע פאַריזשן, דריי אָדער פיר יערושאָלאיִם׳ס און א. וו.

לויפנדיק הין־און־צוריק, די הענט אָנגעפּולט מיט ביכער, זייענדיק גוואַל־דיק פאַרטון, יאָגנדיק און טומלענדיק. די יונגע לערערנס האָבן „געמאַכט פיגורן", צאַרט אָנבייגנדיק זיך איבער די שילער, וועלכע זיי האָבן ערשט נים לאַנג פיינע פעטש געשיינקט; זיי האָבן שמייכלענדיק געדראָט מיטן פינגער די ווילדע קינדער און מילד געגלעט איבערן קאָפּ די וואוילע. די יונגע לערער האָבן „געמאַכט פיגורן", באַווייזנדיק זייער מאַכט מיט קורצע באַמערקונגען, פאַרוואורפן און אנדערע צייכנס פון געטרייקייט און שטרעבונג צו דיסציפּלין. די מיידעלעך האָבן אויך „געמאַכט פיגורן" אַף קאָלערליי אופאַנים, און די אינגלעך האָבן אַזוי צוגעאַרבעט, אַז די לופט איז פול געוועזן מיט קייקעלעך פון צעקייַטן פאַפּיר, וואָס פליען פון איין באַנק צו דער צווייטער, און מיט געמורמל־זשומזשעניש פון קוילעס, וואָס שפּארן און אמפּערן זיך. איבער אָט דעם אַלעמען האָט זיך געהויכט די פיגור פונם גרויסן מאַן, וואָס זיצט מאַיעסטעטיש אין שטול, באַשיינענדיק די שול מיט זיין מאיעסטעטישן ריכטער־שמייכל און וואַרעמענדיק זיך, אַזוי צו זאָגן, אין די שטראלן פון זיין אייגענער גרויסקייט,— ער האָט אויך אַף זיין אופן „געמאכט פיגורן". דאָס גליק זאָל פול זיין האָט דעם מיסטער אוּאָלטערס נאָר איינס גע־פעלט: אַ פאל אף צו באווייזן דעם הויכגעשטעלטן גאַסט דעם וואונ־דער פון פלייס, דער פאל פון שיינקען א ביבל דעם בעסטן שילער. בא עטלעכע שילער איז געוועזן אַ קליינע צאָל געלע בילעטן, נאָר בא קיי־נעם איז נים געוועזן קיין גענוגנדע צאָל,— ער האָט שוין געפרעגט וועגן דעם, דער דירעקטאָר, בא די בעסטע שילער. ער וואָלט איצט אָפּגעגעבן אַ האלבע וועלט, קעדיי ווידער אומקערן דעם אינגל דעם דייטש זיין זיקאָרן און סייכל.

און אָט, אין דער רעגע, ווען דער דירעקטאָר האָט שוין אָנגעוואוירן יעדע האָפענונג, איז פאָרויס אַרויסגעטראָטן טאָם סאָיער מיט ניין געלע בילעטן, ניין רויטע און צען בלויע און האָט געפאָדערט אלס באַ־לוינונג אַ ביבל! ווי עס וואָלט א דונער געטון אינמיטן א העלן, לויטערן טאָג. מיסטער אוּאָלטערס האט זיך לאכלוטן נים געריכט, אז גראד טאָם זאל קומען מיט אַזעלכע פרעטענזיעס. נאָר טון האָט מען גאָרנים נים געקענט,— די פאָדערונגען זיינען געווען גוזעצלעך. טאָמען האט מען אַרופגעפירט אַף דער עסטראדע, וואו עס זיינען געזעסן דער ריכטער און די אַנדערע גרויסע לייט, און דער שול־שעף גופע האָט געמאָלדן וועגן דעם גרויסן נייס. עס האָט געמאכט א גוואלדיקן, א פלעטנדיקן איינדרוק; שוין לאַנג, אז די שול האָט נים באקומען אזא סיורפּריז; עס האָט אַרויסגערופן א אומגעהייערע סענסאציע; דער נייער העלד איז מיסאַמאָל פונקט אַזוי גרויס געוואָרן, ווי דער באַרימטער מאַן, און די

שול האָט איצט פּאַרגאַפּט געקוקט אויף צוויי וואונדער מיטאמאָל. אַלע אינגלעך האָבן געגליט פון קינע, און מער פון אלעמען האָבן געפּייניקט זיך יענע, וועלכע האָבן אַליין מיטגעהאָלפן אָט דעם אומגעזעצלעך־גע־קראָגענעם רוט, פארקויפנדיק טאָמען די בילעטן פאר די אויצרעס, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט בעאייס ווייַסן דעם פלויט.

דער דירעקטאָר האט דערלאנגט טאָמען די ביבל מיט דער געהע־ריקער פייערלעכקייט, נאָר אין זיין רעדע איז קיין ברען ניט געווען: דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, דעם אומגליקלעכן דירעקטאָר, אז עפּעס איז דאָ א סאָד פארבאָרגן, א סאָד, וואָס ס'איז בעסער, עפּשער, ניט צו־רירן זיך צו אים. ס'וואָלט דאָך אומגעהייער לעפּיש געווען צו מיינען, אז אָט דאס יונגל האט אָפּגעשפּאָרט אין זיין זיקאָרן צוויי טויזנט הייליקע פסוקים, בעאייס עס האָט אים קיין קויעך ניט געקלעקט אַף איין טוץ אַפּילע. עמא לאַורענס איז געווען גליקלעך און שטאָלץ און האָט זיך געמיט, אז טאָם זאל עס באמערקן אף איר פּאָנים; נאָר ער האָט אף איר ניט געקוקט. טכילעס האָט זי זיך געוואונדערט, דערנאָך האט זי זיך אַביסל פּאַרלאָרן, דערנאָך איז אין איר מויעך דורך א טונקעלער כשאַד און איז טייקעף פארשוואונדן געוואָרן, דערנאָך איז דער כשאַד צוריק געקומען; זי האָט גענומען צוקוקן זיך; א פלינקער בליק האָט איר אלץ אויסגעזאָגט — און איר הארץ איז צעשמעטערט געוואָרן; זי איז אין קאַס געווען, האָט געוויינט, האָט טאכלעס-סינע פיינט געקראגן די גאנצע וועלט און מער פון אַלעמען, ווי עס האָט זיך איר געדוכט, טאָמען.

טאָמען האָט מען פאָרגעשטעלט פאַרן ריכטער, נאָר דאָס אינגל האט זיך געשעמט, האָט קאָם דעם אָטעם געכאַפּט, און דאָס הארץ זיינס האט געפלאטערט, טיילוויס פון שרעק פאר דער גרויזאמער מאיעסטעטישקייט פון אָט דעם מאן, נאָר דערהויפּט דערפאַר, וואָס דאָס איז איר פאָטער. טאָם איז גרייט געווען פאַלן אים צו די פיס און נייגן זיך פאַר אים, ווען אין קלויסטער וואָלט נאָר טונקל געווען. דער ריכטער האָט ארופ־געלייגט זיין האנט אף טאָמס קאָפּ, האט אָנגערופן טאָמען „קלוג אינגל“ און האָט געפרעגט אים, ווי הייסט ער.

דאָס אינגל האט זיך פאראיקעט, דערנאָך האט ער זיך געמאכט הארץ און האָט אויסגעשאָסן:

— טאָם.

— אָ, ניין, ניט טאָם, נאָר...

— טאָמאס.

— אָט אזוי. איך האָב געמיינט, אז דו וועסט נאָך עפּעס צוגעבן... גוט, גוט! נאר פונדעסטוועגן האסטו, פארשטייט זיך, נאך א נאָמען. וועסט דאָך מיר אים זאָגן, עמעס?

— זאָג דעם דזשענטלמען דיין פאַמיליע, טאָמאס,— האָט זיך אַריינ־געמישט אואָלטערס,— און אז דו רעדסט מיט עלטערע, פאַרגעס ניט צוגעבן „סער". מע דארף קענען האַלטן זיך אין געזעלשאַפט.

— טאָמאס סאָיער, סער.

— נו, אָט! אָט א קלוג באָכערל! א וואויל אינגל, אַ פיין אינגל! צוויי טויזנט פסוקים — ס'איז אסאך, זייער, זייער, זייער אסאך! און ס'וועט דיר קיינמאָל ניט באַנק טון, וואָס דו האָסט זיך געמיט אויסכאַ־זערן זיי: דאָס וויסן איז וויכטיקער פון אלץ אף דער וועלט. בלויז דאָס וויסן טאַקע מאכט דעם מענטשן גרויס און גוט. דו אַליין, טאָמאַס, וועסט אַמאָל זיין א גרויסער און אַ גוטער מענטש; און דו וועסט דיך דעמאָלט אומקוקן אַף צוריק און וועסט זאָגן: אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען די מאילעס פון דער זונטיק־שול, וואָס כ'האָב באזוכט קינדוויס; אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פארדאַנקען מיינע טייערע לע־רער, וואָס האָבן מיך צוגעוואוינט לערנען זיך; אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם גוטן דירעקטאָר, וואָס האָט מיר מיטגעהאָלפן און האָט אכטונג געגעבן אַף מיר און האָט מיר געגעבן אַ וואונדערלעכע ביבל, אין א שיינעם איינבונד, קעדיי ס'זאָל בא מיר זיין א אייגענע ביבל און קעדיי זי זאָל טאָמיד זיין לעבן מיר; אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען דער גוטער דערציאונג; אָט וואָס דו וועסט זאָגן, טאָמאַס,— און דו וואָלסט, פאַרשטייט זיך, ניט גענומען פאַר אָט די אַף אויסווייניק אויסגעכאַזערטע צוויי טויזנט פסוקים קיין שום אנדער בא־לוינונג, קיין שום טויזנטער; און אַצינד וועסטו ניט אָפּזאָגן צו זאָגן מיר און אָט דער דאַמע עפּעס דערפון, וואָס דו האָסט אויסגעכאַזערט,— איך ווייס, דו וועסט ניט אָפּזאָגן, ווייל מיר שטאָלצירן מיט אינגלעך, וועלכע לערנען זיך אַזוי גוט. דו ווייסט, פאַרשטייט זיך, די נעמען פון אַלע צוועלף אפּאָסטאָלן. איז זאָג־זשע אונז, ווי האָבן געהייסן די ערשטע צוויי אפּאָסטאָלן פון יעזוס קריסטוס?

טאָם האָט א ציִ געטון זיך באַ אַ קנעפּל און האָט טעמפּ געקוקט אפן ריכטער, דערנאָך איז ער פלאַם־רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגע־לאָזט די אויגן.

באַ מיסטער אואָלטערס איז דאָס האַרץ פאַרשטאַרט געוואָרן. דאָס יונגאַטשל איז דאָך ניט אימשטאַנד צו ענטפערן אף דער פּאָשעטסטער פראַגע,— צוליב וואָס פרעגט עס אים דער ריכטער? נאָר פונדעסטוועגן האָט ער געהאַלטן פאַר זיין כויוו שטיצן דעם ריכטער.

— ענטפער־זשע דעם דזשענטלמען, טאָמאס,— האָב קיין מוירע ניט.

טאָם האָט געפלאַמט.

— איך ווייס, אַז מיר וועט ער זאָגן, — האָט זיך אַריינגעמישט די דאַמע, — נו, ליבינקער, ענטפער־זשע! די ערשטע צוויי טאַלמידים פון יעזוס קריסטוס האָבן געהייסן...

— דאָוויד און גאָליאַט!

פון מיטלייד צו אונזער העלד לאָמיר אַראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג איבערן סאָף פון אָט דער סצענע.

## קאפיטל V.

אַרום האַלב צען אַזייגער האָט זיך צעקלונגען דער גלאָק פונם קליינעם קלויסטער און ס׳האָט טייקעף גענומען אוילעם צונויפזאַמלען זיך צו דער פרימאָרגן־דראָשע. די שילער פון דער זונטיק־שול האָבן זיך אויסגעזעצט אין פאַרשיידענע ווינקלען פון קלויסטער, אף דיזעלבע ביינק, וואו עס זיינען געזעסן זייערע עלטערן: קעדיי די עלטערן זאָלן די גאַנצע צייט קענען אַכטונג געבן אַף זיי. לעבן דער מומע פאָלי האָבן זיך אַוועקגעזעצט טאָם, סיד און מערי; טאָמען האָט מען אַוועקגעזעצט וואָס ווייטער פונם אָפענעם פענצטער, קעדיי ס׳זאָלן אים ניט צוציען די דרויסנדיקע זומער־בילדלעך. דער קלויסטער האָט זיך ביסלעכווייס אָנגעפולט. געקומען איז דער באַיאָרטער פאָסטמייסטער דער יוירעד; געקומען איז דער מער מיט זיין פרוי—צווישן אַלע אַנדערע אומנוצלעכע זאַכן האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט אויך א מער—און דער פרידנס־ריכטער איז געקומען, און די אַלמאָנע דוגלאס, די שיינע אויסגעפוצטע, גוטע און מילדע פרוי (איר הויז אפן בערגל איז דאָס איינציקע הויז אין שטאָט, וואס איז ענלעך אף א פאַלאַץ; דאס איז אַ גאַסטפריינטלעך הויז, וואו עס ווערן איינגעאָרדנט די פרעכטיקסטע יאָנטויוים אין שטעטל פּיטערסבורג). געקומען איז דער אַדוואָקאַט ריווערסאָן, דער נייער נאָטאַבל פון דער סוויווע; געקומען איז די היגע באַרימטע שיינהייט מיט א גאַנצער סוויטע יונגע שיינהייטן אין באַטיסטענע קליידער מיט סטיינגעס; און נאָך זיי — אויך אַלע יונגעלייט, וואָס דינען אין די אָדער יענע שטאָט־אַנשטאַלטן. ביזן אָנקומען פון די שיינהייטן זיינען די יונגעלייט געשטאַנען אין פאָליש אין איין לאַנגער שורע, ווי א וואנט, אויסגעפוצטע און אָנגעשמירטע, און האָבן געשטשירעט די ציין, געביסן די גאלקעס פון זייערע שטעקנס, ביז ס׳זיינען פאַרביי זיי ניט דורך אלע היגע פריילנס; צום סאמע לעצט איז אָנגעקומען דאָס לייטיש אינגל ווילי מופערסאָן, וואָס היט אָפּ גוואַלדיק געטריי זיין מוטער, ווי זי וואָלט, די מוטער, פון קרישטאָל געווען. ער פלעג שטענדיק פירן מיט זיך אין קלויסטער אַריין זיין מוטער, און אלע מאַמעס פלעגן אים ברענגען אלסביישפיל זייערע זין. די אינגלעך האָבן

אים דערפֿאַר פֿיינט געהאַט טאַכלעס־סינע, דעריקער דערפֿאַר, וואָס מיט זיין לייטישקייט דערגייט מען זיי שטענדיק די יאָרן. פֿון קעשענע האָט באַ אים קלאָמערשט צופֿעליק אַרויסגעשטעקט א עקל פֿון א נאָזטיכל: טאָם האָט קיין נאָזטיכל אינגאַנצן ניט פֿאַרמאָגט, און אינגלעך, וואָס פֿאַרמאָגן אזוינס, האָט ער געהאַלטן פֿאַר פֿראַנטן.

ס'האָט זיך שוין צונויפֿגעזאַמלט דער גאַנצער אוילעם מיספּאַלעלים; דער גלאָק האט א קלונג געטון נאָכאַמאָל, האָט מאַסרע געוועזן די פּוי־ליאַקעס און פּוסטעפּאַסניקעס, און דערנאָך איז אין קלויסטער געוואָרן פּייערלעך־שטיל, בלויז אַף דער גאַלערייע האָט זיך פֿון צייט צו צייט געהערט געמורמל און כיכיקעניש. דערדאָזיקער געמורמל און איינגע־האַלטענער געלעכטער האָבן ניט אופֿגעהערט דעם גאַנצן מעשעך פֿון דער גאָטדינסט.

דער גאַלעך האָט אָנגעהויבן מיט א הימן, — ער האָט אים דורכגעלייענט מיט דעם נוסעך, וואָס איז באַזונדערס באַליבט אין פּיטערסבורגער סוויווע. ער האָט אָנגעהויבן אַף נידעריקע טענער, האָט בעהאַדראָגע געהעכערט דאָס קאָל, איז דערגאנגען ביז גאַנץ הויכע טענער, האָט געשטעלט א שטאַרקן טראָפּ אַפֿן פֿאַרלעצטן וואָרט און האָט דערנאָך, פּלוצלינג, ווי אונטערטוקנדיק זיך, מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזט דעם טאָן. ער האָט געשעמט, דער גאלעך, אַלס אויסגעצייכנטער פֿאָרלייענער. בע־איים די „גאָטספּאָרכטיקע געשפּרעכן" מיט די מיספּאַלעלים פֿלעג מען אים שטענדיק בעטן פֿאָרלייענען די מיזמוירים; אַז ער פֿלעג ענדיקן לייענען, פֿלעגן די כּרויען אויסשטרעקן די הענט אַרופֿצו, צום הימל, הילפֿלאָז זיי אַראָפּלאָזן אַף די קני, פֿארגלאַנצן די אויגן און שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „מיט רייד קען מען עס ניט אויס־דריקן: ס'איז צו וואויל, צו וואויל פֿאַר אונזער זינדיקער ערד".

נאָך דעם, ווי מע האָט דורכגעזונגען דעם הימן, האָט דער פּאָטער מיסטער ספּרעגיו געגומען לייענען „מעלדונגען" וועגן פֿאַרזאַמלונגען פֿון קאָלערליי געזעלשאַפֿטן; געלייענט האָט ער אזוי לאַנג, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז צום צעטל פֿאַרזאמלונגען וועט קיין סאָף ניט נעמען. דער־נאָך האָט דער גאַלעך גענומען דאווענען. ס'איז געווען א לאנגע, פֿיינע, אויספֿירלעכע טפֿילע: פֿאַרן קלויסטער און פֿאַרן פֿאָלק, וואָס דינט דעם קלויסטער; פֿאַר אַלע אַנדערע קלויסטערס אין שטעטל; פֿאַרן שטעטל אַליין; פֿאַרן גראַפֿטום, אין וועלכן דאָס שטעטל געפֿינט זיך; פֿאַר דער מעלוכע; פֿאַר די אָנגעשטעלטע פֿון דער מעלוכע; פֿאַר די פֿאַרייניקטע שטאַטן; פֿאַרן קאָנגרעס; פֿאַרן פּרעזידענט; פֿאַר דער ארמיי און פֿלאָט, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

אַז די טפּילע האָט זיך סאָפּקאָלסאָף געענדיקט, האָבן די מיספּאַ־לעלים, וועלכע זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען, זיך צוריק אַוועקגע־זעצט אַף זייערע ערטער. טאָם סאָיער האָט ניט ליב געהאט קיין טפּילעס. ער האָט זיך געצוואונגען אויסצוהערן זיי, נאָר, הערנדיק, איז ער קיין רעגע ניט געזעסן רואיק אף זיין אָרט. אין סאָך גענומען, האָט ער אַפילע ניט געהערט, — ער האָט שוין לאַנג געהאט אויסגעפּאָרשט די אָרדענונג, אין וועלכער דער גאַלעך לייענט די טפּילעס, און האָט דערי־בער קימאַט אָן שום אָנשטריינגונג פון זינען נאָכגעשפּירט נאָך זיי; אז ס׳פלעג אינמיטן דורכשווינדלען עפּעס נייַס, פלעג טאָם מיט זיין שאַרפן געהער טייקעף אופכאַפּן עס, און זיין גאַנצער יעש פלעג אופגעבראכט ווערן: קאָלערליי הויסאָפעס צו די טפילעס האָט ער געהאַלטן פאַר א ניט־אָרנטלעכן אופטו מיצאַד דעם גאַלעך.

אינמיטן דעם דאַווגען האָט טאָמען פאַרינטערעסירט אַ פליג, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף דעם ווענטל פון דער באַנק, פונפאָרנט, פאַר אים. דידאָזיקע פליג האָט אים מאַמעש פארפייניקט: זי האָט אַזוי רואיק געריבן אירע פיצעלעך לאַפּקעלעך איינע אין דער אַנדערער, זי האָט אַזוי רואיק אַרומגעכאַפּט מיט די לאַפּקעלעך דעם קאָפּ און האָט פּאָלירט דעם קאָפּ אַזוי פלייסיק, אַז ער האָט זיך ווי אָפּגעטיילט פונם קערפּער, אַרויסגעזען האָט זיך נאָר דאָס דינע העלזל־פעדימל; דערנאָך האָט זי מיט די הינטערשטע פיסלעך גערייניקט, געריבן די פליגעלעך און זיי אויסגעגלעט, ווי די פאַלדן פון אַ ראָק, קעדיי זיי זאָלן שטייפער ליגן לעבן קערפּער; זי איז געווען רואיק פאַרטון אין איר טואַלעט, זיכער, אַז קיין שום סאקאָנע דראָט איר ניט. און ס׳האָט איר טאַקע גאָרניט ניט געדראָט. כאָטש טאָמען האָט געביסן די האַנט אַף אַ כאַפּ צו טון די פליג, האָט ער די האָזע ניט געהאַט צו טון עס,—ער איז זיכער געווען, אַז זיין נעשאָמע וועט טייקעף אומקומען, אויב ער וועט אָפּטון אזא שטיקל בעאייסן דאַוונען. אָבער ווי נאָר דער גאַלעך איז דערגאַנגען צו דער שלוס־טפּילע, האָט זיך טאָמס האַנט פון זיך אַליין אַ בויג־אויס־געטון און זיך אַ ציי־אויס געטון פאָרויס; אַז ס׳האָט אַ קלונג געטון „אָמיין״, איז די פליג שוין געפאַנגען געווען. די מומע אָבער האָט באַמערקט דעמדאָזיקן מאַנעוור און האָט געצוואונגען טאָמען אַרויסלאָזן די פליג.

דער גאַלעך האָט דורכגעלייענט דעם טעקסט, אף וועלכן ס׳איז גע־בויט זיין דראָשע, און האָט מיט אַ מאָנאָטאָן־הודנדיק קאָל אָנגעהויבן די דראָשע. זי איז אַזוי לאַנגוויילק געווען, אַז איבגיכן האָט דער גרעסטער טייל אוילעם געדרימלט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער גאַלעך האָט גערדראָט די זינדיקע מיט זודיקן שוועבל און סמאָלע, און די צאָל צאַ־

דיקים, פאַר וועלכע ס׳איז צוגעגרייט אייביקער וואוילטאָג, האָט ער דערפירט ביז אזא באַגרענעצטער ציפער, אז ס׳האָט זיך באַקומען: אַזאַ הייפעלע צאַדיקים לוינט גאָר, דאַכט זיך, ניט ראַטעווען. טאָם האָט געציילט די זייטלעך פון דער דראָשע: באַם סאָף פון דער גאַנצער קלויסטער־דינסט פלעג ער שטענדיק וויסן פינקטלעך וויפל זייטלעך ס׳האָט פאַרמאָגט די דראָשע, נאָר זייער זעלטן האָט ער עפּעס געוואוסט וועגן אינהאַלט אירן. פונדעסטוועגן, דאָס מאָל האָט ער אַף אַ שטיקל צייט אופריכטיק זיך פאַרינטערעסירט מיט איר. דער גאַלעך האָט אויסגעמאָלט דאָס גרויסאַרטיקע, וואונדערלעכע בילד פון די צאַדיקימס גליקלעכן לעבן אין גאַניידן, וואו׳ אַ לייב וועט ליגן בישכיינעס מיט אַ שעפּעלע און ביידע וועלן זיי אונטערטעניק זיין אַ קליין קינד. אָבער דער גאַנצער פאַטאָס, די גאַנצע מאָראַל פון אָט־דעם צויבערלעכן בילד זיינען פאַר טאָמען לעאיבעד געגאַן אומזיסט־און־אומנישט: ער האָט געטראַכט נאָר וועגן דער אויסגעצייכנטער ראָלע פון אָט דעם קינד, אַף וועלכן ס׳וועלן קוקן אַלע פעלקער. טאָמס פּאָנים האָט באַקומען אַ פאַרטראַכט, באַזינט אויסזען—ער וואָלט געוואָלט זיין אַפן אָרט פון אָט־דעם קינד, מיט איין טנאַי, פאַרשטייט זיך, אַז דער לייב זאָל זיין אַ דרעסירטער.

אַז דער דאַרשן איז ווידער אַריבער צו די טרוקענע און לאַנגווייליקע כקירעס, זיינען טאָמס ליידן באַנייט געוואָרן. פלוצים האָט ער זיך דערמאַנט, ס׳אַראַ אויצערל עס ליגט באַ אים אין קעשענע, און ער האָט איילנדיק אַרויסגענומען עס. געווען איז עס אַ גרויסער שוואַרצער זשוק,— אַ „בייסער״, ווי דערדאָזיקער מין זשוקעס האָט געהייסן בא טאָמען. באַהאַלטן איז ער געווען, דער זשוק, אין אַ פּיסטאָנען־פּושקעלע. אַז טאָם האָט אופגעעפנט דאָס פּושקעלע, האָט דער זשוק צום אַלעם ערשטן אַ ביס געטון אים באַ אַ פינגער. פאַרשטייט זיך, אַז טאָם האָט אים מיט אַ שנאָל אָפּגעשליידערט און דעם צעביסענעם פינגער אַריינגערוקט אין מויל אַריין. דער זשוק, וואָס איז אראָפּגעפלויגן צו די זייטיקע ביינק, איז דאָרט אַראָפּגעפאַלן, געבליבן ליגן אַף דער פּלייצע און האָט זיך הילפלאָז געדרייט, געוואָרפן, ניט זייענדיק אימשטאַנד איבערצוקערן זיך. טאָם האָט געקוקט אַף אים און האָט געגאַרט קריגן אים צוריק, נאָר דער זשוק איז שוין געווען אויסער טאָמס טכום. ער האָט איצט געדינט אַלס פאַרוויילונג פאַר פיל אַנדערע, וועלכע ס׳האָט ניט פאַרינטערעסירט די דראָשע און וועלכע האָבן איצט נאָכגעשפּירט נאָך זיינע, זשוקישע באַמיאונגען באַנייס שטעלן זיך אַף די לאַפּקעס.

דאָ האָט אין קלויסטער אַריין צום גאַלעך פאַרבלאָנקעט אַ וואָגלענדיקער קעלעוו—אַ פּודעל, אַ אומעטיקער, אַ פאַרמאַטערטער פון דער זומערדיקער היץ און שטילקייט. ס׳איז אים נימעס געוואָרן, דעם פּודעל,

צו זיצן פאַרשפּאַרטפּאַרהיים. ער האָט געגאַרט נאָך פאַרווײַלונג און נאָך נײַע אײַנדרוקן. אַז ער האָט דערזעען דעם זשוק, האָט זײַן מאָרעשכוי־רעדיק־אַראָפּגעלאָזענער ווײַדל טײקעף אופגעהויבן זיך און צעפּאָכעט זיך. ער האָט לאַנג געפּאָרשט זײַן רויב, איז אַרומגעגאַנגען אַרום איר, פון־דערווײַטנס באַשמעקט זי; דערנאָך איז ער דרײַסטער געוואָרן, צוגעגאַנגען נענטער; דערנאָך האָט ער צעעפנט דאָס מויל, געוואָלט אַ כאַפּ געבן דעם זשוק,—נאָר ס'האָט אים ניט געלונגען; ער האָט איבערגעכאַזערט זײַן פּרוּוו, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל; זעט אויס, ס'איז אים זײַער גע־פעלן געוואָרן; ער האָט זיך אויסגעצויגן אַפּן בויך אַזוי, אַז דער זשוק איז אויסגעקומען צווישן זײַנע לאַפּעס, און האָט זיך ווײַטער אָפּגעגעבן מיט זײַנע עקספּערימענטן; סאָפּקאָלסאָף, איז עס אים נימעס געוואָרן,—ער איז געוואָרן גלײַכגילטיק און צעטראָגן, ער האָט אָנגעהויבן דרימלען, ביסלעכווײַס, האָט זיך זײַן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און זײַן קין האָט אָנגערירט דעם סוינע. יענער האָט אים טײקעף אַ ביס געטון. דער פודעל האָט אַ קוויטש געגעבן, האט אַ פּאָכע געטון מיטן קאָפּ, דער זשוק איז אָפּגעפלויגן אַף אַ שפּאַן צוויי און איז ווידער אַנידערגעפאַלן אַף דער פּלײַצע. דער אוילעם, וואָס איז געזעסן נאָענט און האָט עס געזען, האָט זיך געטרײַסלט פון לאַכן אין־זיך; אַסאַך פּענימער האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די ווײַערס און הינטער די נאָזטיכלעך, — טאָם איז מאַמעש גליקלעך געווען. דער פודעל האָט איצט געהאַט אַ נאַריש אויס־זען,—ער האָט, זעט אויס, אַלײן אויך געפילט, אַז מ'האָט אים געשטעלט צום נאַר, נאָר אין דערזעלבער צײַט האָט זײַן הינטיש האַרץ געקלעמט די באַלײַדיקונג און די דאָרשט נאָך נעקאָמע. דעריבער איז ער צוגעגאַנגען צום זשוק און האָט פאַרזיכטיק באַנײַט די אַטאַקע; ער איז געשפּרונגען אַפּן זשוק פון אַלע זײַטן, קימאַט אָנרירנדיק דעם סוינע מיט די פאָ־דערשטע לאַפּעס, ער האָט אַף אים געקלאַפּט מיט די צײַן, געפּאָכעט מיטן קאָפּ, אַזוי אַז די אויערן האָבן געכלאָפּעט, נאָר סאָפּקאָלסאָף איז אויך דאָס אים נימעס געוואָרן; ער האָט געפּרוּווט פאַרווײַלן זיך מיט אַ פליג, נאָר אויך דאָס איז, זעט אויס, צו לאַנגווײַליק געווען פאַר אים; ער איז אַ שטיקל צײַט נאָכגעגאַנגען נאָך אַ מורעשקע, צוטוליענדיק די נאָז צום סאַמע דיל, נאָר אויך דאָס האט אים אינגיכן דערעסן; האָט ער אַ געגעץ געטון, אַ זיפץ געטון, לאַכלוטן פאַרגעסן אינם זשוק און זיך אַוועקגעזעצט אַף אים. איז עס דאָ אַ זאַך געשען! דער פודעל האָט אַ מוירעדיקן ברום געטון און זיך צעשלײַדערט, צעיאָגט איבערן קלוי־סטער. פונקט לעבן אַלטאַר איז ער אַריבערגעלאָפן אַף דער צווייטער זײַט קלויסטער, האָט פייל־פון־בויגן דורכגעיאָגט איבער יענער זײַט, לעבן דער טיר האָט ער צוריק זיך אַ וואָרף געטון צו דער ערשטער

זייט קלויסטער, ניט אופהערנדיק צו בילן און קוויטשען, — דער זשוק, וואָס האָט זיך צו אים אין בויך אַריין אַריינגעזויגן, האָט אַלץ ניט געוואָלט צענעמען זיינע קלעמערס; וואָס מער דער פודעל האט זיך ארומגעוואָרפן, אלץ שטארקער איז געווארן דער ווייטיק, און, ענדלעך, איז דער הונט פארוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין מיט פעל־באוואקסענער קאָמעטע, וואָס דרייט זיך אַרום זיך אין אומגעהייערער שנעלקייט. געענדיקט האט זיך עס דערמיט, וואס דער דול־געוואָרענער פודעל האָט זיך אַ שליידער געטון אין אַ זייט אַריין און איז אַרופגעשפרונגען אַף די קני צו זיין באלעבאָס, דער באלעבאָס האט אים ארויסגעשליידערט דורכן פענצטער, און זיין קלאָגעדיקער געביל איז פאַמעלעך פארשוואונדן אין דער ווייט.

אַלע זיינען געזעסן מיט פלאַם־רויטע פענימער, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, קאָם איינהאַלטנדיק זיך פון צעלאַכן זיך אַף אַ קאָל. אַפילע דער דאַרשן אַליין האָט זיך פארפלאָנטערט און, כאָטש ער האָט טייקעף באַנייס אָנגעהויבן זיין דראָשע, נאָר איצט האָט ער שוין גערעדט ניט גלאַטיק, פאראיקעקנדיק זיך, פילנדיק, אַז אלע שאַנסן אף צו מאַכן דעם נייטיקן איינדרוק האָט ער אָנגעוואוירן; אפילע אף זיינע סאמע ערנסטע פראזן האָבן די צוהערער, אויסבאַהאַלטנדיק זיך הינטער די ווענטלעך פון די בייננק, אָפגערופן זיך בלויז מיט אופרייסן פון אויסגעלאַסענעם געלעכטער, ווי ער, דער דאַרשן, וואָלט געזאָגט עפעס אומגעהייערקאָמישעס. אַלע האָבן פריי אָפגעאָטעמט, ווען דידאָזיקע פיין האָט זיך געענדיקט און דער גאַלעך האָט געבענטשט דעם עולעם.

טאָם סאָיער האָט געשפאַנט אַהיים אַ פריילעכער. ער איז געקומען צום געדאַנק, אַז אויך די קלויסטער־דינסט קאָן אמאָל זיין ניט זייער לאַנגווייליק, אויב מ׳זאָל נאָר אריינטראָגן אין איר אַ שטיקל פארשיידנאַרטיקייט. איינס בלויז האָט פארטונקלט טאָמס פרייד: ער האָט גאָרניט געהאַט קעגן דעם, וואָס דער פודעל האָט זיך אַ שפיל געטון מיט זיין זשוק — אָבער צוליב וואָס האָט ער אים, דער פודעל, פארשלעפט מיט זיך? דאָס איז דאָך ניט־אָרנטלעך!

## קאַפּיטל VI.

מאָנטיק אינדערפרי האָט זיך טאָם סאָיער אופגעכאַפּט אין הוילע צאָרעס. דאָס פלעג מיט אים טרעפן אלע מאָנטיק: מיט אָט־דעם טאָג הייבט זיך אָן די וואָך פון נייע פיינען, די וואָך פון געבראָטן־ווערן אַף פאַמעלעכן פייער אין דער שול. באם אופכאַפּן זיך פלעג אים, געוויינלעך, טייקעף אָנהייבן באַנק טון, וואָס נעכטן איז געווען יאָנטעוו: נאָך דער

פרייהייט איז דאָס אומקערן זיך צו דער קנעכטשאַפט נאָך שווערער געוועג.

טאָם איז געלעגן און האָט געטראַכט. פּלוצלינג האָט ער דערפילט, אַז ער האָט גרויס כיישעק שלאָף צו ווערן, קעדיי בלייבן אינדערהיים און ניט גיין אין שול אריין. טאַקע אַפּדערעמעסן, קאָן מען ניט שלאָף ווערן אַף עפּעס? ער האָט זיך אויסגעפּאָרשט, — ס'האָט אינערגעץ גאָר־ניט ניט וויי־געטון. ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַרומגעטאַפּט.

דאָס מאָל האָט זיך אים אַ דאַכט געטון, אַז ס'הייבט זיך באַ אים אָן אַ שניידעניש אין בויך, און ער האָט זיך דערפרייט, האָפּענענדיק, אַז דער ווייטיק וועט זיך פאַרשטאַרקן. נאָר דער ווייטיק איז, אדעראבע, אינגיכן שוואַכער געוואָרן און איז צוביסלעך־צוביסלעך פארשוואונדן געוואָרן. טאָם האָט ווידער געגומען טראַכטן און איז מיטאַמאָל געפאַלן אַף אַ געדאַנק: ציין־ווייטיק; ער האָט זיך שוין געקליבן „צעוואָיען זיך ווי אַ הונט” (לויט זיין אייגענעם אויסדרוק), נאָר פּלוצלינג איז אים איינגעפאַלן, אַז אויב ער וועט ארויסשטעלן אַזאַ טערעץ, ווי ציין־ווייטיק, וועט די מומע פּאָשעט און פּראָסט ארויסרייסן אים דעם צאָן — דאָס טוט דאָך זייער וויי. דעריבער האָט ער באַשלאָסן, אַז דעם צאָן איז בעסער צו לאָזן אַף באַוואָרעניש אַף יעדן פאַל, און בעסער זוכן עפּעס אנדערש. אַ מעשעך צייט האָט ער גאָרניט ניט געקאָנט געפינען; דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט, ווי דער דאָקטער האָט דערציילט וועגן עפּעס אַ שלאַפקייט, וואָס האָט אוועקגעלייגט איינעם אַ פּאַציענט צו בעט אַף דריי וואָכן און האָט אים גע־דראָט, דעם כוילע, מיט אָנווערן אַ פינגער. טאָם האָט גיך ארויסגעשלעפּט פון הינטער דער קאָלדרע דעם גרויסן פינגער און גענומען אים אויספאָרשן. נאָר ניט געוואוסט האָט ער, אַוועלכע סימפּטאָמען טרעפן באַ אָט־דער שלאַפקייט. פונדעסטוועגן, פּרואוון האָט דאָך געלוינט, האָט ער גענומען קרעכצן.

נאָר סיד האָט זיך ניט אופגעכאַפּט.

טאָם האָט זיך צעקרעכצט נאָך העכער, און ס'האָט זיך אים שוין געדאַכט, אַז דער פינגער טוט אים אינדערעמעסן וויי.

סיד האָט זיך ניט אָנגערופן.

טאָם האָט שווער געאָטעמט פון אָנשטריינגונג. ער האָט אָפּגערוט אַביסל, האָט אָנגענומען לופט אין די לונגען אריין און האָט ארויסגע־לאָזט א ריי גרויסאַרטיקסטע קרעכצן.

סיד האָט געכראָפּעט.

דאָס האָט טאָמען אופגערעגט. ער האָט אַ רוף געטון: „סיד! סיד!” און האָט אים אַ טרייסל געטון באַם אַקסל. דאָס האָט געווירקט, און טאָם האָט זיך ווידער צעקרעכצט. סיד האָט אַ גענעץ געטון, זיך אויס־

געצויגן, אופגעהויבן זיך אַף אַ עלנבויגן, צעסאָפּעט זיך און אויסגעשטאַרטשעט אַף טאָמען אַ פּאָר אויגן. טאָם האָט ווידער געקרעכצט. סיד האָט אים אַ רוף געטון.

— טאָם! הער נאָר, טאָם!

קיין ענטפער האָט ער, סיד, ניט באקומען.

— דו הערסט, טאָם? טאָם, וואָס איז מיט דיר?

און סיד האָט אים אַ טרייסל געטון, איינקוקנדיק זיך אין זיין פּאָנים. טאָם האָט קלאָגעוודיק ארויסגעקרעכצט:

— לאָז צורו, סיד! טשעפּע מיך ניט!

— אָבער וואָס איז מיט דיר, טאָם? איך וועל גיין רופן די מומע.

— ניין, מע דאַרף ניט. עפּשער וועט עס פאַרביי. רוף ניט קיינעם. מע דאַרף ניט.

— נו, וואָס רעדסטו? פאַרשטייט זיך, אז כ׳וועל זי אַ רוף טון. אָבער קרעכץ ניט אַזוי! ס׳איז שרעקלעך! שוין לאנג, אַז דו פּילסט זיך אַזוי?

— עטלעכע שאָ. אוי! כ׳בעט דיך, ריר מיך ניט אָן, סיד! דו דערגייסט מיר די יאָר!

— פארוואָס האָסטו מיך פריער ניט אופגעוועקט? טאָם, טייערינקער, קרעכץ ניט אַזוי: סע שוידערט מיך. וואָס טוט דיר וויי?

— איך פאַרגיב דיר אלץ, סיד! (אַ קרעכץ)... אַלץ, וואָס דו האָסט קעגן מיר געזינדיקט... אז איך וועל אויסגיין...

— אָ, טאָם, דו שטאַרבסט? טאָם, ליבינקער, שטאַרב ניט! מע דאַרף ניט. עפּשער...

— איך פארגיב אלעמען, סיד! (אַ קרעכץ)... זאָג זיי עס. און מיין רעמל פונם פענצטערל, און דאָס קעצל, וואָס מיט איין אויג, גיב אוועק יענעם מיידעלע, וואָס איז ערשט ניט־לאַנג געקומען צו פאָרן אין שטאָט, און זאָג איר...

נאָר סיד האָט אַ כאַפּ געטון זיין אָנטון און איז אוועק. אַצינד האָט טאָם אינדערעמעסן געליטן, — אַזוי שטאַרק האָט געאַרבעט זיין פאַנטאַזיע, — די קרעכצן זיינע האָבן געקלונגען לאַכלוטן נאטירלעך.

סיד האָט געיאָגט אַראָפּ איבער די טרעפּ און האָט געשריגן:

— מומע פּאָלי, גייט גיכער! טאָם שטאַרבט!

— שטאַרבט?

— נו, יאָ! אַף וואָס־זשע וואַרט איר? גייט גיכער!

— נאַרישקייטן! כ׳גלויב ניט!

נאָר פונדעסטוועגן איז זי שוין געלאָפן אַרוף, און סיד און מערי נאָך איר. דאָס פּאָנים איז באַ איר בלייך געוואָרן און די ליפּן האָבן

געציטערט. צוגעלאָפן צו טאָמס בעטל, האָט זי קאָם געקאָנט אויסרעדן:

— טאָם, טייבעלע, וואָס איז מיט דיר?

— אָך, מומע, איך...

— וואָס איז מיט דיר, וואָס איז מיט דיר, קינד?

— אָך, מומעניו, סע ברענט מיר אַ פלאַם־פייער אין פינגער...

די אַלטיטשקע איז אַראָפגעפאַלן אַפן בייבקל און האָט זיך צעלאַכט, דערנאָך האָט זי זיך צעוויינט, דערנאָך האָט זי זיך צעלאַכט און ווידער צעוויינט זיך. דאָס האָט איר לייכטער געמאַכט אַפן האַרצן, און זי האָט אים אַ זאָג געטון:

— נו, האָסטו מיך אָנגעשראָקן! אַצינד גענוג: וואַרף אוועק אָט־די נאַרישקייטן און שטיי טייקעף אוף!

די קרעכצן האָבן מיטאַמאָל אופגעהערט, און דער פינגער האָט טייקעף אופגעהערט ווי צו טון.

אַביסל פאַרשעמט, האָט טאָם דערקלערט:

— מומע פּאָלי, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער פינגער איז אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן, און ער האָט אַזוי ווי געטון, אַז כ׳האָב אפילע פאַרגעסן אין מיין צאָן.

— הער נאָר! און וואָס איז עס בא דיר מיטן צאָן?

— איין צאָן שאָקלט זיך און טוט מוירעדיק ווי, מאַמעש ניט אויסצוהאַלטן.

— נו, גענוג, גענוג, דו קאָנסט נאָך באַלד ווידעראַמאָל אָנהייבן קרעכצן. עפן אוף דאָס מויל! יאָ, דער צאָן שאָקלט זיך טאַקע, אָבער דערפון שטאַרבט מען ניט. מערי, ברייננ מיר אהער דעם שנור זייד און א האָלאָוועשקע פון דער קיך!

— מומעניו, מע דאַרף ניט, — ער טוט שוין מער ניט ווי. איך וועל ניט קרעכצן, אויב ער וועט אפילע ווידער אָנהייבן ווי טון. כ׳בעט אייך, מע דאַרף ניט, מומע, מיינט ניט, אז איך וויל זיצן אינדערהיים און ניט גיין אין שול אריין.

— האַ! האָסטו עס די גאַנצע מאַיסע פאַרקאָכט, קעדיי ניט גיין אין שול אריין און אנשטאָט דעם גיין כאַפּן פיש? אַך, טאָם, טאָם, איך האָב דיך אַזוי ליב, און דו טוסט מיר אָפּ ווי אומיסטן אַזעלכע מיעסקייטן, שאַנעוועסט ניט מיין אלט האַרץ!

דערווייל האט מען געבראַכט דאָס קלאַפּערגעצייג אף צו רייסן דעם צאָן. די מומע כּאָלי האָט געמאַכט א שלײף אַפן עק פון שנור זײַד, האט אים אָנגעטון אפן קראַנקן צאָן און האָט אים פעסט פאַרצויגן, דעם צווייטן עק פון שנור זײַד האָט זי צוגעפעסטיקט צו א פיסל פון בעט; דערנאָך האט זי א כאַפּ געטון די פלאַקערנדיקע האָלאָוועשקע און זי צו־

געדרוקט צו טאָמס פּאָנים. אַ רעגע — און דער צאָן איז שוין געהאַנגען אַף א פעדימל לעבן בעט.

אָבער פאר אַלע צאָרעס באַקומט מען אַזוי אָדער אַנדערש — לוין. אַז טאָם האָט איבערגעביסן און איז אַוועק און איז געקומען אין שול אַריין, האָבן אַלע כאַוויירים אים מעקאַנע געווען: די הוילקייט, וואס האָט זיך באוויזן אין דער אויבערשטער ריי פון זיינע ציין, האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שפּייַען אף גאָר אַ נייעם, אומגעווייינלעכן אויפן. ס'איז נאָך אים נאָכגעגאַן אַ גאַנצע כאָפּטע כעווּרעלייט, וועלכע אָט־דער איניען האָט פאַרינטערעסירט; דאָס אינגל, וואָס האָט זיך צעשניטן א פינגער און איז ביז דעם טאָג געווען דער צענטער פון אַלעמענס אופמערקזאַמקייט און אָפּשייַ, האָט מיטאַמאָל אָנגעוואוירן אַלע זיינע אָנהייִנגער, און זיין רום האָט זיך אינגאַנצן פאַרטונקלט. ער האָט גרויסע יעסורים געהאַט דערפון, דאָס אינגל, און ער האָט געמאָלדן מיט קלאָמפּערשטער פאַראַכטונג, אז ס'איז קיין שום קונץ ניט צו שפּייַען אַזוי, ווי טאָם סאָיער; אָבער א צווייט אינגל האָט אים דערוף געענטפערט: „— ביסט אויך מיר א קנאַקער?” — און ער איז אַוועקגעגאַנגען, ווי א יוירעד.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך טאָם באַגעגנט מיטן היגן יונגן „אויסוואורף”, העקלבערי פין, דעם זון פון א שיקער, וואָס איז באַוואוסט אין שטאָט.

אלע מאַמעס אין שטעטל זייַנען דאָם־סאָנים געווען העקלבערן און אין דערזועלבער צייט האָבן זיי מוירע געהאַט פאר אים, ווייל גע־ווען איז עס א פוסטעפּאַסניק, א אומוועדיק, ניט־דערצויגן אינגל, וואָס האט ניט אַנערקענט קיין שום געזעצן,— אויך ווייל זייערע קינדער האָבן פון אים געהאַלטן א וועלט, ווייל זייערע קינדער פלעגן מיט גרויס פאַרגעניגן פאַרברייינגען מיט אים, כאָטש ס'איז שטרייַנג פאַרבאָטן געווען. ס'פלעג זיי, די קינדער, ביז־גאָר באַנק טון, וואָס זיי קאָנען ניט געראָטן זיין אין אים. טאָם האָט, ווי אַנדערע קינדער פון די לייטישע הייזער, מעקאַנע געווען העקלבערן פאַר זיין אָפּגעשטויסנקייט, וואָס אַדאַנק איר האָט ער בעיאַד א גאַנצן טאָג גאָרניט ניט טון. אויך טאָמען איז שטרייַנג פאַר־ווערט געווען צו שפּילן זיך מיט אָט־דעם אָפּגעריסענעם־אָפּגעשליסענעם גאַס־אינגל. פאַרשטייט זיך, אַז טאַקע דעריבער פלעג טאָם ניט דורכ־לאָזן קיין איין פאַל אף צו שפּילן זיך מיט אים. העקלבערי פלעג זיין אָנגעטון אין אָפּגעטראָגן אָנטון, וואָס דערוואַקסענע האָבן עס אַרויסגע־וואָרפן, ס'האָט, דאָס אָנטון, אין אַלע צייטן פון יאָר געבליט מיט פאַרשיידנ־פאַרביקע פלעקן, הייִנגען פלעג עס אף אים ווי אַ שמאַטע. זיין הוט האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך מאַמעש א כורווע; פון די זוימען איז אַראָפּגעהאַנגען אַ גרויסע שטיק, ווי א האַלבע לעוואָנע; אויב ער פלעג טראָגן אַ רעקל,

פֿלעג עס דערגרייכן ביז די פּיאַטעס, און די הינטערשטע קנעפּ פֿלעגן זיך געפֿינען אַף אַ היפּשן מעהאַלעך נידעריקער פֿון דער פּלייצע; האַלטן פֿלעגן זיך די הויזן אַף איין שלייקע, פֿונהינטן האָבן זיי זיך געבאָמבלט, ווי אַ ריזיקער ליידיקער זאַק, און אונטן זיינען זיי פֿאַרפּוצט געווען מיט אַ באַכראָמע, וואָס פֿלעג זיך שלעפּן איבער דער בלאָטע, אויב מע האָט זיי ניט פֿאַרקאַטשעט. העקלבערי איז געווען אַ פֿראַנק־און־פֿרייער פֿויגל, ער האָט אַרומגעבלאָנקעט וואו ער האָט נאָר געוואָלט. בעאייס גוטן וועטער פֿלעג ער נעכטיקן ערגעץ אַף אַ גאַנעק, אין אַ שלעכטן, פֿייכטן,— אין ליידיקע פֿעסער; מע פֿלעג אים ניט צווינגען גיין אין שול און אין קלויסטער אַריין, ער האָט ניט געהאַט וועמען צו פֿאָלגן, ער האָט אַף זיך קיין האַר ניט געהאַט; ער האט געקאָנט כאַפּן פֿיש אָדער באָדן זיך, ווען און וואו ס'האָט זיך אים געגלוסט, ער האָט געקאנט בלייבן אין וואַסער וויפֿל ס'האָט זיך אים געגלוסט; שלאָפֿן פֿלעג ער זיך לייגן ווען ער האָט נאָר געוואָלט, אַפֿילע אינמיטן נאַכט; אום פֿרילינג פֿלעג ער דער ערשטער צווישן אַלע אינגלעך אָנהייבן גיין באָרוועס און אום האַרבסט פֿלעג ער דער לעצטער אָנטון זיך אין לעדערנע שטיוול; ער האָט ניט באַדאַרפֿט ניט וואַשן זיך, ניט אָנטון קיין רייכע מאַלבושים, און זידלען פֿלעג ער זיך אויסגעצייכנט, וואונדערלעך. מיט איין וואָרט, דאָסדאָזיקע אינגל האָט פֿאַרמאָגט אַלץ, וואָס גיט צו אַ ווערט דעם לעבן. אַזוי האָבן געהאַלטן אַלע אינגלעך, וואָס זיינען געפּענטעט געווען אין די פֿיינע הייזער פֿון פּיטערסבורג.

טאָם האָט אַ רוף געגעבן פֿינען:

— היי, העקלבערי! קום נאָר אַהער!

— קום דו אַהער, אויב ס'האָט זיך דיר פֿאַרגלוסט.

— וואָס איז עס באַ דיר?

— אַ געפּייגערטע קאַץ.

— לאָז נאָר אַ קוק טון! זע נאָר, אינגאַנצן פֿאַרסטאַרטשעט געוואָרן. וואו האָסטו זי געקראָגן?

— געקויפֿט באַ אַ אינגל.

— וואָס האָסטו געגעבן דערפֿאַר?

— אַ בלוי בילעטל און אַ פּוכירל, וואָס כ'האָב געקראָגן אין שעכטהויז.

— און וואו האָסטו גענומען אַ בלויען בילעט?

— געקויפֿט באַ בען ראָדזשערס מיט צוויי וואָכן צוריק פֿאַר אַ בייטשל.

— הער נאָר, העק, אַף וואָס טויג עס אַ טויטע קאַץ?

— אַף וואָס זי טויג? בראָדיוועקעס פֿאַרטרייבן.

— נו? וואָס זאָגסטו? איך ווייס אַ בעסער מיטל.

— קום צו געוועט, אַז ניין. וואָס פאַר א מיטל?
— פוילע וואַסער.
— פוילע וואַסער! זי איז נאָרניט דערוועגט, דיין פוילע וואַסער.
— „ניט דערוועגט”! האָסט אַמאָל געפּרואווט פּאַרטרייבן מיט איר בראָדיוועקעס?
— ניין, ניט געפּרואווט. נאָר באָב טאַנער האט געפּרואווט.
— פונוואַנען ווייסטו עס?
— ער האָט געזאָגט דזשעף טעטשערן, דזשעף—דזשאָני בעקערן, דזשאָני—דזשים כאָלמסן, דזשים—בען ראָדזשערסן, בען—איינעם א נעגער, און דער נעגער האט מיר דערציילט. אָט ווייס איך עס.
— נו, איז וואָס־זשע געדרונגען דערפון? אַלע זאָגן זיי א ליגן. יעדנפאַלס, אלע, כוצן נעגער, אים קאָן איך ניט, נאָר כ'האָב נאָך ניט געזעען קיין נעגער, וואָס זאָל קיין ליגנס ניט האַקן. נאַרישקייטן!.. אַצינד זאָג מיר, העק, ווי האָט עס באָב טאַנער געטון?
— אָט ווי. ער האָט גענומען און האָט איינגענעצט די האַנט אין רעגנוואַסער, וואָס האט זיך אָנגעקליבן אין לאָך פון א קלאָץ.
— אינמיטן העלן טאָג?
— פאַרשטייט זיך.
— שטייענדיק מיטן פּאָנים צו דער קלאָץ?
— יאָ. יעדנפאַלס, אזוי געדיינק איך.
— האָט ער עפּעס געזאָגט דערביי?
— דאָס ווייס איך ניט.
— אַהאַ! אַ פיינע מאַיסע. ווילן פאַרטרייבן בראָדיוועקעס מיט פוילער וואַסער, אַז מע קאָן ניט נעמען זיך פאַר דער אַרבעט ווי ס'דאַרף צו זיין! פון אַזעלכע נאַרישקייטן קאָן, פאַרשטייט זיך, גאָרניט אַרויסקומען. מע דאַרף אוועקגיין איינער אַליין אין וועלדל, געפינען א ערטל, וואו ס'איז דאָ אזא קלאָץ מיט רעגן־וואַסער, און פונקט צוועלף אַזייגער באַ־נאַכט, אַוועקשטעלנדיק זיך מיט דער פּלייצע צו דער קלאָץ, דאַרף מען אַראָפּלאָזן די האַנט אין דער וואַסער און זאָגן דערביי:

„גערשטן־קערן, גערשטן־קערן, אף מעל זיך צעשיט,
פוילע וואַסער, מיינע בראָדיוועקעס נעם מיט!”

און דערנאָך דאַרף מען גיך־גיך אָפּטרעטן אף עלף שפּאַן מיט פאַר־מאַכטע אויגן, און דערנאָך דאַרף מען דריי מאָל זיך א דריי־טון אַרום זיך און אפּן וועג צוריק מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסריידן. אויב דו וועסט אַרויסריידן אַפילע איין וואָרט, איז דער גאַנצער קישעף פאַרפאַלן.

— יאָ, ס'איז געראָטן אין א עמעס; אָבער באָב טאַנער האָט ניט אַזוי געטון.

— פאַרשטייט זיך, געוויס ניט אַזוי! צווישן די אינגלעך אין שטאָט האָט ער מער בראָדיווקעס פון אַלעמען; ווען ער זאָל וויסן ווי אַזוי צו פאַרטרייבן בראָדיווקעס מיט פוילער וואַסער, וואָלט ער שוין קיין איין בראָדיווקע ניט געהאַט. איך אַליין האָב זיי אין די טויזנטער פאַרטריבן אף אַזאַ אופן, העק. נו, און ווי פארטרייבט מען זיי מיט געפּייגערטע קעץ?

— אָט ווי אַזוי. נעם א קאַץ און לאָז זיך מיט איר אַוועק אַפן צווינ־טער, פאר האַלבנאַכט, אף אַזא אָרט, וואו ס'איז באַגראָבן א שלעכטער מענטש, און אָט אין האַלבנאַכט וועט זיך באווייזן א שעד און עפּשער צוויי, דריי שיידים; נאָר דו וועסט זיי ניט זען, דו וועסט נאָר דער־הערן, ווי דער ווינט וועט זיך צערוישן, און עפּשער וועסטו דערהערן, ווי זיי וועלןריידן צווישן זיך; און אַז זיי וועלן נעמען שלעפּן דעם מעס, גיב נאָך זיי א וואָרף די קאַץ און זאָג: „דער שעד נאָכן מעס, די קאַץ נאָכן שעד, די בראָדיווקעס נאָך דער קאַץ,—אַ סאָף זאָל דאָ צו אייך נעמען, און איך באדארף אייך מער ניט האָבן!" דערפון וועט וועלכע ס'זאָל ניט זיין בראָדיווקע פאַרשווינדן ווערן.

— ס'איז געראָטן אין אַ עמעס. דו האסט אַמאָל געפּרואווט, העק?

— ניין, מיר האָט די אַלטע מומע האָפּקינס דערציילט.

— נו, איז עס אַף געוויס; מע זאָגט, אז זי איז א קישעפמאַכערן.

— מע זאָגט! איך ווייס אף געוויס, אז זי איז א קישעפמאַ־כערן. זי האט דעם טאַטן פאַרדאָרבן. דער טאַטע זאָגט עס אַליין. איינ־מאָל גייט ער און זעט, אז זי „לאָזט אָן" אף אים; האָט ער גענומען א שטיין און האָט א שליידער געטון אף איר — זי האט זיך קאָם אויסגע־דרייט. איז וואָס מיינסטו: טאַקע אין דערזעלבער נאַכט האט ער זיך אַראָפּגעקייקלט פונם דעכל, אף וועלכן ער איז שיקערהייט געשלאָפן, און האָט זיך צעבראָכן א האַנט.

— אָט א שוידער! אָבער ווי האָט ער עס דערקאַנט, אז זי „לאָזט אָן" אף אים?

— ווייס איך, וואָס פרעגסטו? דער טאַטע האט געזאָגט, אז דער־קאַנען איז פון די גרינגסטע זאַכן. דער טאַטע זאָגט: אויב א מענטש קוקט אף דיר שאַרף און ער מורמלט נאָך עפּעס צו דערביי—איז קיין שום ספק ניט, אז ער „לאָזט אָן" אף דיר.

— הער נאר, העק, ווען וועסטו פּרואוון — מיט דער קאַץ?

— היינט באַנאַכט. איך האַלט, אז די שיידים וועלן היינט געוויס קומען נאָכן אַלטן וויליאַמס.

— אָבער מע האָט אים דאָך נאָך שאַבעס באַגראָבן, העק! זיי האָבן אים געוויס אַוועקגעשלעפּט שאַבעס באַנאַכט.

— נו, וואָס רעדסטו! ווי האָבן זיי געקאָנט אַוועקשלעפּן ביז האַלבנאַכט? און אין האַלבנאַכט איז דאָך געוואָרן זונטיק. איך האָב עפּעס ניט געהערט, אַז שיידים זאָלן מעגן פראַנק־און־פריי ארומדרייען זיך אַף דר'ערד אום זונטיק.

— דאָס איז עמעס. איך האָב וועגן דעם קיין טראַכט ניט געטון. ווערסט מיך נעמען מיט זיך?

— פאַרשטייט זיך, אויב דו האָסט קיין מוירע ניט.

— מוירע! אָט נאַרישקייטן! ווערסט אַ מיאַוקע טון הינטערן פענצטער?

— יאָ, און אויב דו ווערסט קאָנען ארויסגיין, זאָלסטו ענטפערן מיט אַ מיאַוקע. פאָריקן מאָל האָסטו מיר דאָך אזוי פיל צייט אָפּגעהאַלטן אומזיסט־אומנישט. כ'האָב אזוי לאַנג געמיאַוקעט, געמיאַוקעט, ביז דער אלטער הייס האָט גענומען שליידערן שטיינער אַף מיר, ריידנדיק: „ווייסט זי דער רוך, אָט די קאַץ!" דערפאַר האָב איך אים אויסגעקלאַפּט אַ פענצטער מיט אַ ציגל — דו זאָג נאָר קיינעם ניט אויס.

— אָפּגעמאַכט! אין יענער נאַכט האָב איך ניט געקענט מיאַוקען: די מומע פּאָלי האָט די גאַנצע צייט נאָכגעשפּירט נאָך מיר; אָבער היינט וועל איך אומבאַדינגט אַ מיאַוקע טון. הער נאָר, העק, וואָס איז עס באַ דיר?

— גאָר אַ געוויינלעכע זאַך, — אַ קלעמער.

— וואו האָסטו אים גענומען?

— אין וואַלד.

— וואָס ווילסטו פאַר אים?

— איך ווייס ניט. כ'האָב קיין כיישעק ניט צו פאַרקויפן אים.

— ווי דיר געפעלט. דער קלעמער איז דאָך אַ קלייניגקער, אַ ברעקעלע.

— נו, פאַרשטייט זיך! פרעמדס באמיט מען זיך שטענדיק מאַכן צו נישט. מיר איז אויך אָט־דער קלעמער געפעלן. פאַר מיר איז אויך דאָס גענוג.

— קלעמערס איז דאָ אין וואַלד אָן אַ שיר. איך וואָלט געקאָנט צונויפקלייבן אַ טויזנט קלעמערס, ווען כ'זאָל נאָר וועלן.

— איז פאַרוואָס טאַקע ניט? פאַרוואָס־זשע גייסטו ניט אין וואַלד אַריין? אַהאַ, דו ווייסט אליין, אז ס'וואָלט זיך דיר ניט איינגעגעבן. און איך וועל דיר זאָגן, אז דער־דאָזיקער קלעמער איז זייער אַ פריער: ס'איז דער ערשטער, וועלכן כ'האָב געפינען היינטיקס יאָר.

— הער, העק, איך וועל דיר געבן פאַר אים מיין צאָן.

— גיב אַ קוק טון!

טאָם האָט ארויסגענומען אַ פּאַפּירל און עס פּאָרזיכטיק צעוויקלט. העקלבערי האָט אופמערקזאַם באַטראַכט דעם צאָן. דער ייצער־האָרע איז שטאַרק געווען. ענדלעך, האָט ער אַ פרעג געטון:

— ס'איז אן עמעסער?

טאָם האָט אַרופגעצויגן די אויבערשטע ליפּ און האָט געוויזן די הוילקייט, וואס איז געבליבן נאָכן ארויסגענומענעם צאָן.

— נו, אָפּגעמאַכט!

טאָם האָט אַריינגעלייגט דעם קלעמער אינם פּושקעלע פון פּיסטאָנעס, וואָס האָט ערשט ניט לאנג געדינט אלס טורמע פארן זשוק, און די אינגלעך האָבן זיך צעשיידט. יעדער איינער האָט זיך איצט געפילט רייכער, ווי פריער.

צוגעקומען צום קליינעם, אין אַ זייט־שטייענדיקן שטיבל, אין וועלכן ס'געפינט זיך די שול, איז טאָם שנעל אריינגעגאַן מיטן אויסזען פון אַ מענטשן, וואָס איילט זיך אָרנטלעך צו אַ לעקציע. ער האָט אופגעהאַנגען דאָס היטל אפן צוויאָק און האָט מיט פארטונענער איילעניש אַוועקגעזעצט זיך אף דער באנק. דער לערער, וואָס האָט געהויכט זיך אַף אַ הויכן צעטראַסקעטן שטול, האָט פרידלעך געדרימלט אונטער דעם פאַרשלעפנדיקן הודעניש פון די טאַלמידים, וואָס כאַזערן די לימודים. דער איבערייס אין דעם הודעניש האָט אים אופגעוועקט.

— טאָמאַס סאָיער!

טאָם האָס געוואוסט, אז ווען דער לערער רופט אים אָן מיטן פולן נאָמען, איז מיט קיין גוטס שמעקט עס ניט.

— סער?

— קום צו אַהער! נו, סער, פארוואָס האָט איר באַוויליקט היינט ווידעראַמאָל צו פאַרשפעטיקן?

טאָם וואָלט לייכט געקאנט אויסדרייען זיך, זאָגן עפּעס אַ ליגן, מ'האָט אים אָבער געפאַקט פלוצלינג, מיטאמאָל, און ניט באטראכטער־הייט האָט ער געענטפערט:

— איך האָב זיך אָפּגעשטעלט שמועסן אַביסל מיט העקלבערי פין.

דעם לערער האָט אָטעם פארפעלט ער האָט. אין פארלוירנקייט זיך ארומגעקוקט. דאָס הודעניש האָט אופגעהערט; די שילער האָבן געטראַכט: צי איז ניט אַראָפּ פון זינען אָט דאָס דרייסט אינגל? דער לערער האָט אָנגעהויבן:

— וואָס... וואָס האָסטו געטון?

— איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אַביסל שמועסן מיט העקלבערי פין.

טויע זיין זיך אין דער באדייטונג פון אָט. די ווערטער איז אומעגלעך געווען.

— טאָמאס סאָיער, ס'איז דאָס וואונדערלעכסטע, וואָס כ'האָב געהערט פאר מיין גאַנץ לעבן. פאַר אַזאַ כוצפּע איז ווייניק צו באַשטראָפן מיט דער ווירע. נעם אַראָפּ דאָס רעקל!

דעם לערערס האַנט האָט זיך געמיט ביזוואַנען זי איז מיד געוואָרן און ביזוואַנען דער קאַנטשיק איז היפּש שיטער געוואָרן. דערנאָך האָט ער באַפוילן:

— אַצינד גיי, זעץ זיך אוועק מיט די מ י י ד ע ל ע ך! און זאָל עס דיך אָנלערנען!

דאָס כיכיקעניש, וואָס האָט זיך ארומגעטראָגן איבערן קלאַס, האָט פאַרשעמט טאָמען, און ער האָט זיך טייקעף אַוועקגעזעצט לעבן אומ־באקאַנט מיידעלע, באַם עק פון אַ סאָסנאָווער באַנק; דאָס מיידעלע האָט אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ און האָט זיך אָפּגערוקט פון אים. טאָם איז געזעסן רואיק, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן עלנבויגן אינם לאנגן, נידעריקן פּיופּיטר. ער האָט, זעט אויס, פלייסיק געלייענט. ביסלעכווייס האָט ער אופגעהערט צוציען· אַלעמענס אופמערקזאַמקייט, און דער קלאַס האָט זיך ווידער אָנגעפולט מיטן געוויינלעכן· שול־הודעניש. דעמאָלט האָט טאָם גענומען ביגנייווע קוקן אף דער שכיינע. יענע האָט עס באַמערקט, האָט געמאַכט אַ גרימאַסע און האָט זיך אף אַ רעגע אויסגעדרייט צו אים מיטן נאַקן. אַז זי האָט פאָרזיכטיק ווידעראַמאָל זיך אויסגעקערע־וועט צו אים מיטן פּאָנים, איז פאר איר געלעגן אַ פערשקע. דאָס מיידעלע האָט זי אָפּגעשטופּט; טאָם האט זי ווידער שטילערהייט צוגע־רוקט; זי האָט ווידער אָפּגערוקט, נאָר שוין מיט ווייניקער סינע. טאָם האָט געדולדיק אוועקגעלייגט די פערשקע צוריק אף איר אָרט, און דאָס מיידעלע האָט זי דאָרט געלאָזט ליגן. טאָם האָט אָנגעקריצט אפן גריפעל־נעם טאָוול:

„זייט אזוי גוט, ·נעמט, — בא מיר איז נאָך פערשקעס דאָ".

דאָס מיידעלע האָט אַ קוק געטון אַפן טאָוול, נאָר האָט גארניט ניט געענטפערט. טאָם האָט ווידער גענומען עפּעס קריצן אפן טאָוול, פאַר־שטעלנדיק זיך פון איר מיט דער לינקער האַנט. דאָס מיידעלע האָט זיך געמאכט, אז זי זעט קלאָמפּערשט ניט, נאָר ·אינגיכן האָט, זעט אויס, דער נאַטירלעכער מענטשישער נייגיר גענומען אופוואַכן אין איר. טאָם האָט וייטער געקריצט, ווי ער וואָלט עס ניט באַמערקט. דאָס מיידעלע האָט זיך אַ פּרוואוו געטון אַ קוק געבן וואָס שרייבט ער, אָבער אַזוי אַ קוק געבן, אַז ס'זאָל זיך ניט וואַרפן אין די אויגן. טאָם האָט ווידער געמאַכט דעם אָנשטעל, אז ער באַמערקט ניט גאָרניט. ענדלעך, האָט זי זיך אונטערגעגעבן און האָט ניט־אַנטשלאָסן אַ מורמל געטון:

— לאָזט אַ קוק טון!

טאָם האָט אַנטפּלעקט אַ טייל קאַריקאַטורישן געמעל פון אַ הויז מיט אַ מעשופּעדיקן דאַך און מיט רויך אין געשטאַלט פון אַ גראַצער, וואָס שטייגט פונם קוימען. דאס מיידעלע האט זיך ביסלעכווייס פאַראינטערעסירט מיט זיין ארבעט און האט פאַרגעסן אין אַלץ אויף דער וועלט. אַז טאָם האט געענדיקט, האט זי אַ רעגע געקוקט, דערנאָך שטיל־שטיל אַ זאָג געגעבן:

— ס'איז וואויל. איצט מאָלט אויס אַ מענטשן!

דער מאָלער האָט אויסגעמאָלט אפן הויף פאַרן הויז אַ מענטשן, אַ ענלעכן אַף אַ קראַנט, וואָס הייבט אויף מאַסאָעס, און אַזאַ הויכן, אַז ער וואלט געקאנט אריבערשפּאַנען איבערן הויז; אָבער דאס מיידעלע איז ניט געווען קיין שטרייִנגער קריטיקער: זי איז געבליבן צופרידן פון אָט־דעם מענטש־פּאַרזעניש און האָט אַ מורמל געטון:

— ס'אַראַ שיינער! איצט מאָלט מיך אויס לעבן אים!

טאָם האָט אויסגעמאלט אַ זאַמד־זייגער, צוגעמאַכט צו אים אַ פולע לעוואָנע פּונים, שטרויענע הענטלעך און פּיסלעך, און אין די צעשפּרייטע פינגער האט ער אריינגעלייגט אַ ריזיקן ווייער. דאס מיידעלע האט געזאגט:

— דאס איז אויך זייער וואויל. אַך, וואָלט איך געוואלט קענען מאָלן!

— ס'איז גאָרניט שווער, — האט אַ מורמל געטון טאָם, — איך וועל אייך אויסלערנען.

— נו, טאַקע אינדערעמעסן? ווען?

— בעאייס דער גרויסער האַפּסאָקע. איר וועט גיין אַהיים עסן וואַרמעס?

— ניין, כ'וועל ניט גיין.

— איז גוט. ווי הייסט איר?

— בעקי טעטשער. און איר? ניין, כ'ווייס, — טאָמאַס סאָיער.

— מיך רופט מען אזוי איידער מע באַשטראָפט מיך. אז איך פיר זיך אויף גוט, רופט מען מיך פּאָשעט טאָם. איר וועט מיך רופן טאָם, עמעס?

— יאָ.

טאָם האט ווידער גענומען עפּעס שרייבן אַפן טאָוול, אויסבאַהאַלטנדיק פונם מיידעלע דאס אָנגעשריבענע. אָבער אַצינד האט זי זיך שוין ניט אפּגערוקט. זי האט געבעטן ווייזן איר. טאָם האט זי אָפּגערעדט:

— ס'איז דאָרט גאָרניט ניטאָ.

— ניין, דאָ!

— ניין, ניטאָ; און, כוצדעם, אייך ווילט זיך גאָרניט אַ קוק טון.

— ניין, ס׳ווילט זיך מיר, אף מיין וואָרט, ס׳ווילט זיך מיר. זייט אַזוי גוט, ווייזט!

— איר וועט עמעצן אויסזאָגן.

כ׳וועל ניט אויסזאָגן, אף מיין וואָרט, ניט אויסזאָגן, זאָל איך אזוי לעבן, אַז כ׳וועל ניט אויסזאגן!

— קיינעם ניט, קיין איין מענטשן ניט? דאס גאנצע לעבן!

— כ׳וועל קיינעם ניט אויסזאגן. ווייזט!

— אבער אייך ווילט זיך דאָך גאָר איינגאַנצן ניט...

— אויב איר פירט זיך מיט מיר אזוי, וועל איך סייוויסיי אַ קוק טון...

און זי האט ארופגעלייגט איר דין הענטל אף זיין האַנט. ס׳האט זיך אנגעהויבן אַ לייכטער געראַנגל. טאָם האט זיך געמאכט, אז ער שטעלט זיך קלאָמפערשט קעגן, אז ער ווערט זיך ערנסט, נאר צוביסלעך האט ער אָפּגעפירט די האַנט, און ס׳האבן זיך סאָפקאָלסאָף אַנטפּלעקט די ווערטער: „כ׳האב אייך ליב!"

— פו, ווי נאַריש ס׳איז! — און דאָס מיידעלע האָט גאַנץ שטארק א קלאפּ געטון אים איבער דער האנט. פונדעסטוועגן איז זי רויט געוואָרן. ס׳האט אויסגעזעען, אז ס׳טוט איר האַנאָע...

אין אָט־דער רעגע טאַקע האָט טאָם דערפילט, אז א שטראָפנדיקע האַנט האט אים אָנגעכאַפּט פעסט באַם אויער און הייבט אים אויף פון דער באַנק. אף אַזאַ אויפן איז ער איבערגעטראָגן געוואָרן דורכן גאנצן צימער אַף דער צווייטער זייט קלאַס און איז אוועקגעזעצט געוואָרן אַף זיין שטענדיק אָרט. די גאַנצע שול האָט דערביי געקאַטשעט זיך פאַר געלעכטער. א מעשעך פון עטלעכע שוידערלעכע רעגעס איז דער לערער געשטאַנען איבער אים, ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, דער־נאָך האָט ער זיך, דער לערער, שטומענדיק אַוועקגעלאָזט צו זיין טראָן.

אז די שול האָט זיך בארואיקט, האָט טאָם געמאַכט א אָרנטלעכע אָנשטריינגונג צו אָפּגעבן זיך מיט לימודים, אָבער דערוף איז ער געווען צו אופגערודערט. בעאייסן לימוד פון לייענען איז ער אָפּט געשטרויכלט געוואָרן און האָט געפּלאָנטערט די ווערטער, בעאייסן לימוד פון געאָגראַפיע האָט ער פאַרוואַנדלט די יאַמען אין בערג, די בערג אין טייכן און די טייכן אין קאָנטינענטן, אזוי אַז ס׳האָט זיך באַקומען דער קאַדמוינישער כאַאָס, דער כאַאָס פון פאַר באַשאַפן די וועלט. אינם דיקטאַנט האָט ער אָנגעמאַכט א שעפע מיט גרייַזן אין די פּאָשעטסטע ווערטער, — מיט איין וואָרט, ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביז דער מאַדרייגע פון אָפּגעשטאַ־נענעם, סאַמע לעצטן שילער, און ער איז געצוואונגען געווען אָפּטרעטן א אנדערן זיין בלעכן מעדאלעכל, וואָס ער האָט מיט שטאָלץ געטראָגן א מעשעך פון עטלעכע כאַדאָשים.

## קאַפּיטל VII.

וואָס מער ער האָט זיך, טאָם, געמיט אָנשטריינגען זיך איבערן בוך, אַלץ מער זיינע געדאַנקען צעמישט געוואָרן. סאָפקאָלסאָף האָט ער א זיפץ געטון און האָט אופגעהערט מיען זיך. ס'האָט זיך אים גע-דאַכט, אַז דער מיטאָג און די גרויסע האַפסאָקע וועלן שוין אייביק ניט אָנקומען. אין דער לופט האָט געהערשט טויטע שטילקייט: קיין קלאַנג ניט, קיין אָטעם. פון אַלע שלעפעריקע טעג איז דערדאָזיקער טאָג געווען דער שלעפעריקסטער. דער פאַרשלעפנדיקער געמורמל פון די פינף און צוואַנציק שילער, וואָס כאַזערן די לימודים, האָט פארוויגט די נעשאָמע, ווי א צויבערלעך הודעניש פון בינען. אינדערווייטנס, צווישן דעם פינקלענדיקן היץ־רויכל, האָבן זיך געזעען די צאַרט־גרינע שיפּועים פון קאַרדיף־כיל, וואָס זיינען אַנשלאָפן געוואָרן אונטער די ברינענדיקע זון־שטראַלן; הויך אינדערלופטן האָבן פויל געשוועבט עטלעכע פייגלען; כוץ זיי האָט מען ניט געזעען קיין איין לעבעדיקן נעפעש, אויב ניט רעכענען צוויי—דריי קי, נאָר אויך די קי זיינען געשלאָפן.

טאָם האָט מיט גאַנצן לייב־און־לעבן געגאַרט אַרויסרייסן זיך אַף דער פריי אָדער כאָטש געפינען עפּעס אינטערעסאַנטס אַף צו פאַרברייגגען די צייט, וואָס ציט זיך אַזוי נאָגנדיק־אומעטיק. ער האָט אריינגערוקט די האַנט אין קעשענע אַריין, און זיין פּאָנים איז פלוצלינג ליכטיק גע־וואָרן פון דאַנקבארקייט. ער האָט ביגנייווע אַרויסגעשלעפּט דאָס פּוש־קעלע פון פּאַטראָנעס, ארויסגענומען דעם קלעמער און אים אַוועקגע־לייגט אפן לאַנגן, פלאַטשיקן פּיופּיטר. דער קלעמער איז, זעט אויס, אין אָט־דער רעגע אויך פול געוואָרן מיט דאנקבאַרקייט; אָבער פון זיין זייט איז עס געווען פּריצייטיק. ווי נאָר ער האָט, פול מיט דאנקבאַרקייט, געפּרואווט זיך אַוועקגיין, האָט אים טאָם מיט אַ שפּילקע פאַרקע־רעוועט צוריק און געצוואונגען אים אויסקלייבן אַן אנדער ריכטונג.

לעבן טאָמען איז געזעסן זיין בעסטער גוטער פריינט, וועלכן די לאַנגווייליקייט האָט גענאָגט ניט ווייניקער, ווי אים. דער פריינט האָט זיך זייער דערפרייט מיט דער פאַרווײלונג און האָט זיך מיטאַמאָל פאַרינטערעסירט מיט איר. דער בעסטער גוטער פריינט האָט געהייסן דזשאָ גאַרפער. די איינגלעך פלעגן זיך א גאַנצע וואָך ניט שיידן, און אין די יאָנטויווים פלעגן זיי איינס מיטן אַנדערן זיך שלאָגן אין דער שפּיץ פון צוויי פיינטלעכע אַרמייען. דזשאָ האָט אויך אַרויסגעשלעפּט פון הינטערן לאַץ א שפּילקע און גענומען העלפן דעם גוטן ברודער יאָגן דעם קלעמער. ביידן האָט אלץ מער און מער פאַרכאַפּט דערדאָזיקער איניען. ענדלעך, האָט טאָם געמאָלדן, אַז זיי שטערן איינער דעם צווייטן, און קיין איינער באַקומט ניט דעריבער קיין פולע האַנאָע. ער

האט אוועקגעלייגט אַפן פּיופּיטר דעם כּאַוועַרס טאָוול און האט דורכגע־פירט איבער דער מיט פון אויבן אַראָפּ אַ פּאַס:

— הער! אזאַ מין טנאַי: קאָלזמאַן דער קלעמער וועט זיין אַף דיין זייט, מעגסטו אים יאָגן, וואוהין נאָר ס׳גלוסט זיך דיר, איך וועל אים דעמאָלט ניט אָנרירן; אָבער אויב דו וועסט אים דורכלאזן און ער וועט אַוועק צו מיר, איז דעמאלט טאָרסטו אים ניט אָנרירן, ביז ער וועט ווידער ניט אַריבערגיין אַף דיין זייט. אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאכט. נו, הייב אָן.

דער קלעמער איז גאר אינגיכן אַוועק פון טאָמען און האט דורכגע־שניטן דעם עקוואַטאָר. דזשאָ האט זיך לאנג געפּאָרקעט מיט אים; דערנאָך איז דער קלעמער אוועק און האט זיך אומגעקערט צוריק צו טאָמען. דידאָזיקע איבערגיינג האבן זיך איבערגעכאַזערט אָן אַ שיר מאל. בעאייס איינער פון די אינגלעך האָט געיאָגט דעם קלעמער, אינגאנצן פארטון אין אט־דעם אינטערעסאַנטן איניען, האט דאס צווייטע אינגל מיט ניט־ווייניקער אינטערעס נאָכגעשפּירט נאך אים; ביידע האבן אנגעבויגן די קעפּ איבערן טאָוול, און די גאנצע איבעריקע וועלט איז פאַר זיי אָפּגעשטאָרבן. צום סאָף איז דאס גליק, זעט אויס, ענד־גילטיק אריבער אף דזשאָס צאַד. דער קלעמער האט, אופגערעגט און אופגערודערט ניט ווייניקער פון די אינגלעך, געוואָרפן זיך הין־און־צוריק. נאָר יעדער מאָל, ווען טאָמען האָט זיך שוין געדאַכט, אַז ער, טאָם, זיגט און ס׳האָט אים שוין די הענט געביסן, פלעג דזשאָ מיט דער הילף פון דער שפּילקע פלינק פאַרקערעווען דעם קלעמער אין אַ אַנדער זייט און אים לאָזן פאַר זיך. טאָם איז סאָפּקאָלסאָף אַרויס פון די קיילים. דער כיישעק איז צו שטאַרק געוועזן. האָט ער, טאָם, אויסגע־שטרעקט די האַנט און האָט מיט זיין שפּילקע פאַרצאמט דעם קלעמער דעם וועג. דזשאָ איז טייקעף אופגעבראַכט געוואָרן:

— טאָם, ריר אים ניט אָן!

— איך וועל נאָר אַביסל אונטעריאָגן אים, דזשאָ!

— ס׳איז ניט ערלעך, סער; לאָזט אים צורו!

— גיי צו אַלדע גוטע יאָר — איך וועל דאָך ניט לאַנג אים אונ־טעריאָגן.

— לאָזט דעם קלעמער צורו, זאָגט מען אייך!

— איך וויל ניט.

— דו טאָרסט אים ניט אָנרירן: ער איז אַף מיין זייט.

— אָבער וועמעס איז ער, דער קלעמער?

— ס׳איז מיר אַלציינס, וועמעס ער איז — ער איז אַף מיין זייט, און דו טאָרסט אים ניט אָנרירן!

— נו, וועל איך טאַקע אפּצעלאָכעס טון. דער קלעמער איז מיינער, און איך קאָן טון מיט אים, וואָס ס'פאַרגלוסט זיך מיר,—זאָל איך אַזוי לעבן!

אין אָט־דער רעגע האָט טאָם געקראָגן א שטאַרקן זעץ אין פּלייצע אַריין; פּונקט אַזאַ זעץ האָבן געקראָגן דזשאָס אַקסלען. אין מעשעך פון צוויי מינוט האָט דער לערער געהאַלטן אין איין אַרויסטרייסלען דעם שטויב פון זייערע רעקלעך,—די גאַנצע שול איז זיך פאַרגאַן אין געלעכטער. די אינגלעך זיינען צופיל פאַרכאַפּט געווען פון דער שפּיל,—זיי האָבן ניט געהאַט באַמערקט, ווי פאַר די פלוצלימדיקע קלעפּ איז מיטאַמאָל געוואָרן אַרום שטיל־שטיל: דער לערער האָט זיך אונטערגעגאַנוועט צו זיי אף די שפּיץ פינגער און האָט א היפּשע צייט, שטייענדיק הינטער זיי, נאָכגעשפּירט נאָך דער שפּיל, ביז סאָפּקאָלסאָף האָט ער זיך אַריינגעמישט.

אַז ס'האָט ענדלעך געקלאַפּט צוועלף אזייגער און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע האפּסאָקע, איז טאָם אַרויסגעגאַן פון דער שול מיט איין גרופּע שילער, בעקי מיט אַ צווייטער. שפּעטער אביסל האָבן זיי זיך ביידע באגעגנט באַם סאָף פון דעם לאָנקעלע, וואָס לעבן דער שול. זיי האָבן זיך אומגעקוקט אין שול אריין און געטראָפן זי לאכלוטן ליידיק. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַף א באַנק און אוועקגעלייגט פאַר זיך אַ טאָוול; טאָם האט בעקין געגעבן א גריפל און האָט, אָנפירנדיק מיט איר האַנט, אויסגעמאָלט א צווייט הויז, אַ הויז פון וואונדערלעכער אַרכיטעקטור. אז דער אינטערעס צו קונסט האָט זיך אויסגעשעפּט, האָבן זיי גענומען פאָשעט פלאַפּלען. טאָם האָט געפרעגט:

— דו האָסט ליב שטשורעס?

— פוּ! איך האָב זיי מוירעדיק פיינט.

— פאַרשטייט זיך, איך האָב אויך פיינט לעבעדיקע שטשורעס. אָבער איצט רעד איך וועגן טויטע. מע קאָן אָנטון זיי א שטריקל אַפן האַלז און פאָכען מיט זיי אַרום קאָפּ.

— ניין, איך האָב קיין שום שטשורעס ניט ליב. ליב האָב איך זייער קייען גומי.

— פאַרשטייט זיך! א שאָד, וואָס ס'איז איצט באַ מיר ניטאָ.

— עמעס? איך האָב אַ שטיקל. איך וועל דיר געבן קייען אביסל, אָבער זאָלסט מיר דערנאָך אומקערן.

דאָס איז זייער אַנגענעמען געווען, און זיי האָבן גענומען איינער נאָכן אַנדערן קייען, באָמבלענדיק פאַר גרויס פאַרגעניגן מיט די פיס.

— דו ביסט אַמאָל געווען אין צירק?

— יאָ, און דער טאַטע האָט מיר צוגעזאָגט נאָכאַמאָל פירן אהין, אויב כ'וועל זיין א קלוג מיידעלע.

— איך בין געווען אין צירק דריי—פיר מאָל, — זייער פיל מאָל! דאָרט שטעלט מען שטענדיק פּאָר עפּעס נייס. איך, אַז כ׳וועל אויס־וואַקסן, וועל איך ווערן א קלאָון אין אַ צירק.

— נו! עמעס? דאָס איז זייער וואויל! זיי זיינען אַלע אַזעלכע וואוילינקע, פֿאַרביקע!

— יאָ, יאָ, און דערביי פֿאַרדינען זיי אַ יאַם מיט געלט... בען האָט מיר געזאָגט, אַז א דאָלאַר א טאָג. הער נאָר, בעקי, דו ביסט אמאָל געווען אַ קאַלע?

— וואָס הייסט עס?

— נו, אַ קאַלע, קעדיי נאָכדעם כאַסענע האָבן?

— ניין.

— וואָלט זיך דיר געוואָלט?

— איך ווייס ניט וואָס מיינסטו?

— וואָס איך מיין? דו דאַרפסט פּאָשעט זאָגן א אינגל, אַז דו וועסט קיינמאָל פֿאַר קיינעם ניט כאַסענע האָבן, כוץ אים,— פֿאַרשטייסט, קיינ־מאָל! דערנאָך גיסטו אים א קוש, און דאָס גאָר. דאס קאָן יעדערער טון!

— אַ קוש טון? צוליב וואָס א קוש טון?

— נו, צוליבדעם, ס׳זאָל... ווייל אזוי איז דער שטייגער; אַלע טוען אַזוי...

— אַלע?

— נו, יאָ, אלע פֿאַרליבטע. דו געדיינקסט, וואָס כ׳האָב אָנגעשריבן אַפֿן טאָוול?

— כ׳געדיינק.

— וואָס האָב איך אָנגעשריבן?

— כ׳וויל ניט זאָגן.

— איז עפּשער זאָל איך זאָגן?

— י—יאָ... נאָר זאָל זיין א אנדערש מאָל...

— ניין, אַצינד.

— ניין, מע דאַרף ניט — בעסער מאָרגן.

— ניין, ניין, אַצינד, בעקי. איך וועל שטילערהייט, איך וועל דיר אַפֿן אויער זאָגן.

זעענדיק, אַז בעקי קווייקלט זיך, האָט טאָם אָנגענומען איר שווייגן אַלס האַסקאָמע, ער האָט צוגעלייגט די ליפּן צום סאַמע אויער אירן און האָט איבערגעכאַזערט די דריי ווערטער. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אַצינד זאָג דו מיר שטילערהייט דאָסזעלבע.

זי האָט לאַנג געשפּאַרט זיך, דערנאָך האט זי אַ בעט געגעבן:

— דריי זיך אויס, פאַרקוק זיך אַזוי, זאָלסט מיך ניט זען — דעמאָלט וועל איך זאָגן, אָבער דו זאָלסט קיינעם ניט דערציילן — הערסט, טאַם? קיינעם ניט, קיינעם ניט! גוט?

— ניין, ניין, איך וועל קיינעם ניט זאָגן; זיי רואיק. נו, בעקי!

ער האָט אויסגעדרייט דאָס פּאָנים, און זי האָט שעמעוודיק שטיל־שטיל אַ זאָג געגעבן: — כ'האָב... אייך... ליב! — דערנאָך איז זי אופגע־שפּרונגען און האָט גענומען לויפן אַרום די בײנק און אַרום די פּיו־פּיטערס, אַנטלויפנדיק פון טאָמען, וואָס יאָגט איר נאָך; דערנאָך האָט זי זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל און האָט פאַרשטעלט דאָס פּאָנים מיטן ווייסן פאַרטוך.

— נו, בעקי, — האָט געמאָלדן טאָם, — אַצינד איז שוין אַלץ פאַרענ־דיקט, — אַצינד דאַרף מען נאָר צעקושן זיך. קום, בעקי.

און ער האָט זי געשלעפּט פאַרן פאַרטוך און פאַר די הענט.

ביסלעכווייס האָט זי זיך אונטערגעגעבן און האָט אראָפּגעלאָזט די הענט. טאָם האָט זי אַ קוש געטון אין די ליפּן און האָט געזאָגט:

— נו, אָט־דאָס גאָר, בעקי. אַצינד דאַרפסטו קיינעם ניט ליב האָבן כוץ מיר און פאַר קיינעם כוץ מיר ניט כאַסענע האָבן, קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט, אייביק. דו זאָגסט צו?

— יאָ, איך וועל קיינעם ניט ליב האָבן, טאָם, אַכוץ דיר, און וועל פאַר קיין אנדערן ניט כאַסענע האָבן. אויך דו, זע: זאָלסט פאַר קיינעם ניט כאַסענע האָבן אַכוץ מיר.

— פאַרשטייט זיך, ווי דען? ס'איז דאָך אזא אָפּמאַך. און אז דו וועסט גיין אין שול אַריין אָדער פון שול, גיי מיט מיר — אויב נאָר ס'וועט קיינער פון די עלטערע ניט געפינען זיך נאָענט, — און אין די שפּילן קלייב אויס מיך, און איך וועל דיך אויסקלייבן. אזוי טוען שטענדיק פאַרקנאַסטע...

— איך האָב קיינמאָל ניט געהערט אזוינס... דאס איז זייער וואויל!

— דאס איז שרעקלעך פריילעך! איך מיט עמי לאָורענס...

ברייט־צעעפנטע וויבערע אייגעלעך האבן געגעבן טאָמען צו פאַר־שטיין, אַז ער איז דורכגעפאלן. ער האָט זיך פאַרשעמט אָפּגעשטעלט.

— אָ, טאָם! בין איך ניט די ערשטע, מיט וועלכער דו ביסט שוין געווען פאַרקנאַסט?

דאָס מיידעלע האָט זיך צעוויינט.

— וויין ניט, בעקי. איך האָב זי שוין מער ניט ליב.

— ניין, האָסט זי ליב. אַך, טאָם, דו ווייסט אליין, אז דו האָסט זי ליב.

טאָם האט געפּרואווט אַרומנעמען זי, נאר זי האט אים אָפּגעשטופּט, האט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנים צו דער וואַנט און האט ווייטער

געוויינט. טאָם האט גענומען איינריידן איר, האט זי גערופן מיט צאַרטע נעמען און האט ווידעראַמאָל געפּרואווט ארומנעמען זי; נאר זי האט אים ווידער אָפּגעשטופּט. דאַן האָט אין אים זיין שטאָלץ דערוואַכט; ער האט זיך געפילט באַליידיקט און איז אַוועקגעגאַן. אינדרויסן איז ער געשטאַנען אַביסל און אומרואיק געקוקט צו דער טיר. ער האט גע־האָפט, אַז בעקי וועט זיך באטראכטן און וועט אַרויס נאך אים. נאָר זי איז ניט אַרויסגעגאַן. טאָם האט זיך געפילט ניט מיט אַלעמען: ער אַליין איז דאָך טאַקע שולדיק. ס׳איז אים שווער געווען צו מאַכן דעם ערשטן שריט צו שאָלעם, נאר ער האט בייגעקומען אין זיך דאס גאַדלעס און איז אַריינגעגאַן צוריק. בעקי איז אַלץ נאָך געשטאנען אין ווינקל, צו־געטוליעט דאס פּאָנים צו דער וואַנט און געוויינט. טאָמען האט באַם האַרצן פאַרקלעמט. ער איז צוגעגאן צו איר און געשטאַנען אַביסל, ניט געוואוסט פון וואס אָנצוהייבן, דערנאָך האט ער אַרויסגעשלעפּט זיין טייערסטן אויצער—אַ קופּערן קייקעלע, האָט עס אַ דריי געטון איר פאר די אויגן און געזאָגט:

— כ׳בעט דיך, בעקי, וויין ניט. נו, ווילסט, וועל איך דיר אָט־דאס אַוועקשיינקען!

זי האָט אים אָפּגעשטופּט מיט דער האַנט; דאס קייקעלע איז אַראָפּ־געפלויגן אַפן דיל. דאַן איז טאָם אַרויסגעגאן אינדרויסן און האָט באַ־שלאָסן אַוועקלאָזן זיך ווייט אף יענער זייט בערגלעך, קעדיי דעם טאָג שוין מער ניט אומקערן זיך אין שול אַריין. בעקי האָט פלוצים געגומען כוישעד זיין אַלדאָס בייז. זי איז צוגעלאָפן צו דער טיר—טאָם איז ניטאָ. זי איז אַרומגעלאָפן אַרום דעם הויז, האט געהאָפט געפינען אים אפן שפּיל־לאָנקעלע, אָבער אויך דאָרט איז ער ניט געווען. דאן האט זי גענומען רופן:

— טאָם! טאָם! קער זיך אום.

זי האָט זיך שאַרף איינגעהערט, נאָר קיין ענטפער איז ניט געקומען. אַרום איז געווען שטיל און וויסט. האָט זי זיך אוועקגעזעצט און האָט זיך צעוויינט. דער געווויסן האָט זי געפּייניקט. דערווייל האָבן זיך אָנ־געהויבן צונויפקומען די שילער; זי האָט געמוזט פארבאָרגן איר אומגליק און רואיק זיצן בעאייס די לאַנגע, באָגנדיק־אומעטיקע לימודים. ניט געווען באַ איר צווישן אָט־די פרעמדע קינדער קיין פריינט, וועלכן זי זאָל קאנען אויסדערציילן איר ביטער האַרץ.

## קאַפּיטל VIII.

טאָם האט מיט געדרייטע שטעגלעך געשפּאַנט דורך די פעלדער. ער האָט פארקערעוועט אָט רעכטס, אָט לינקס, ביז ווייט הינטער אים איז געבליבן דער וועג, מיט וועלכן ס׳קערן זיך געוויינלעך אום אהיים די

שילער. ער האָט אין עטלעכע ערטער אומיסטן דורכגעשניטן די געטראָ־פּענע ריטשקעלעך: יונגעלייט אין זיינע יאָרן גלויבן, אַז דורכשניידן אַ וואַסער איז דאָס בעסטע מיטל אַף צו פאַרשאַרן דעם שפּור הינטער זיך און פאַרדרייען דעם קאָפּ די, וואָס יאָגן נאָך. אין אַ האַלבער שאָ אַרום איז ער שוין געווען לעבן דוגלאַס-שלאָס אַפן שפּיץ קאַרדיף־כיל. די שול־געביידע האָט זיך קאַם־קאַם אָנגעזעען אונטן, אין טאָל. טאָם איז אַריין אין דער געדיכטער טיפּעניש פון וואַלד, האָט, אויספּעלנדיק די שטעגלעך, דורכגעשלאָגן זיך אין סאַמע מיט וואַלד און האָט זיך צוגע־זעצט אָפּרוען אַף אַ מאָכיק ערטל אונטער אַ רייך־צעצווייגטן דעמב. געהערשט האָט אַ אויסערגעוויינלעכע שטילקייט אין וואַלד. קיין מינדסט ווינטל האָט קיין בלאָז ניט געגעבן. אפילו די פייגלען זיינען פאַרשטומט געוואָרן מאַכמעס דער פּלעטנדיקער מיטאָג־היץ. די נאַטור איז ווי אנ־שלאָפן געוואָרן; פון צייט צו צייט נאָר האָט דעמדאָזיקן שלאָף צע־שטערט אין דער ווייט דאָס קלאַפּן פון אַ פּיקהאָלץ, וואָס פּיקט אַ בוים,— נאָך דידאָזיקע האַפּסאָקעס פלעג ווערן אַרום נאָך שטילער און וויסטער. טאָמען איז אַפן האַרצן זייער אומעטיק געווען, זיין שטימונג האָט אינ־גאַנצן האַרמאָנירט מיטן אַרום. ער איז לאַנג געזעסן, מיט עלנבויגנס ארופגעשטעלטע אַף די קניעס און קין אָנגעשפּאַרטן אין די הענט. ער האָט געטראַכט. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס לעבן איז אין בעסטן פאַל אַ זאַך אַ מאַטערנדיקע און ניט־אנגענעמענע, און ער האָט זייער מעקאַנע געווען דזשימי האָדזשון, וואָס איז ערשט ניט־לאַנג פּאָטער גע־וואָרן פון אָט־דער לאַסט. ער האָט געטראַכט, טאָם, וועגן דעם, ווי גוט סע איז ליגן אין קייווער און שלאָפן און אייביק טרוימען, בעת דאָס ווינטל מורמלט צווישן די ביימער־צווייגן, שאָקלט דאָס גראָז און די קווייטן אַפן קייווער. ער האָט געטראַכט, ווי גוט סע איז קיין יעסורים ניט האָבן פון גאָרניט, — פון גאָרניט ניט ליידן קיינמאָל, קיינמאָל! ווען ער וואָלט נאָר געווען אַ גוטער שילער! ווען ער וואָלט ניט מוירע האָבן, אַז אַף יענער וועלט וועט מען אים שטראָפן דערפאַר, וואָס ער איז אַ שלעכטער שילער, וואָלט ער איצט, טאָם, אליין גרייט געווען אוועקצו־שטאַרבן, אַ סאָף צו מאַכן צו אָט־דעם אַלעמען... אָט, אַשטייגער, אָט־דאָס מיידעלע... נו, וואָס האָט ער איר געטון? גאָרניט. און זי האָט אים פאַרטריבן ווי א הונט, — מאמעש ווי א הונט. ס׳וועט איר אמאָל באנק־טון, — מעגלעך, אַז דעמאָלט, ווען ס׳וועט שוין צו שפּעט זיין. אַך, ווען מ׳זאָל קאָנען שטאַרבן אַף אַ צייט!

אָבער אין דער יוגנט איז דעם מענטשנס האַרץ שטייף און קאָן ניט פאַרבלייבן א לייַנגערע צייט געדריקט. טאָם האָט אומבאַמערקטערהייט אומגעקערט זיך צוריק צו די אינטערעסן פון דער היגער וועלט. וואָס

וועט, אַשטייגער, זיין, אויב ער וועט זיך איצט אוועקלאָזן אין דער גאַ־רער וועלט אריין, וואוהין די אויגן וועלן אים טראָגן, — אויב ער וועט סוידעסדיק פאַרשוואונדן ווערן? וואָס וועט, אַשטייגער, זיין, אויב ער וועט אוועק ווייט־ווייט, אף יענער זייט יאַם, אין אומבאקאנטע לענדער, קעדיי קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך? ווי וועט זי עס דעמאָלט זיך פילן? ער האָט זיך דערמאנט, ווי ער האָט זיך געקליבן ווערן אַ קלאָון, אָבער איצטער האָט אים פון דעמדאָזיקן געדאַנק געעקלט. ניין, ער וועט אַוועק פאַר אַ סאָלדאַט און וועט זיך אומקערן אהיים אין אסאך יאָרן ארום, אומקערן זיך באַדעקט מיט וואונדן און מיט רום. אָדער, נאָך בעסער, ער וועט אוועק צו די אינדיאנער, וועט יאָגן זיך מיט זיי נאָך בופלאקסן, וועט מיט זיי דראַפען זיך אף באַרג־שטעגלעך, אף אומגעהייערע שיפּוּאים, ער וועט מיט זיי ארומבלאָנקען אף די פלאכן פון ווייטן מאַירעוו, וואו ס'איז אינגאנצן קיין שום שטעגלעך נישטאָ, און אמאָל־אמאָל, העט־שפּעטער, וועט ער זיך אומקערן אהיים אלס א גרויסער פירער, אינגאנצן אין פעדערס, אַ באַמאָלטער, אַ מוירעדיקער, און וועט זיך אריינוואל־גערן גלייך אין דער זונטיק־שול, אין א שלעפעריקן זומער־פרימאָרגן, מיט א קריגס־אויסגעשריי, פון וועלכן דאָס בלוט גליוועדט. אָט וועלן עס אלע כאַוויידים די אויגן אויסשטאַרטשן! אָט וועט מען עס אים מע־קאַנע זיין! אָבער ניין. ער ווייסט עפּעס נאָך בעסערס. ער וועט זיין אַ יאַם־גאַזלען, אַ פּיראַט! אָט וואָס! איצט האָט ער קלאָר געזעען פאַר זיך זיין צוקונפט: זי איז געווען באַלויכטן, די צוקונפט, מיט אויסער־געוויינלעכן רום. דעד רום זיינער וועט הילכן איבער גאָר דער וועלט; דערהערנדיק זיין נאָמען, וועלן פלאַטערן אלע פעלקער! ווי שטאָלץ ער וועט זיך ארומטראָגן איבער די שטורעמדיקע יאַמען, אף אופגערודערטע כוואליעס, אַף זיין לאנגער שווארצער שיף „גייסט פון שטורעם“, וואָס העט־הויך אף איר מאסטבוים וועט פּאָכן אַ שוואַרצע פאָן! און אז ער וועט דערגרייכן צום שפּיץ פון זיין רום, וועט ער פלוצלינג באַווייזן זיך אין זיין היים־שטעטל, אין קלויסטער, אינגאַנצן אַ שוואַרצער, א פאַר־ברוינטער, אין אַ שווארצן סאַמעטענעם קאַמזויל און אין שוואַרצע סאַ־מעטענע הויזן, אין הויכע באָטפאָרטן, מיט א העל־רויטער סטיינגע ארי־בערן אקסל; הינטערן פאַס — פיסטאָלעטן, לעבן פאַס — אַ מעסער, וואָס איז פאַרזשאַווערט פון פאַרגאָסענעם בלוט, אפן קאָפּ — א ווייכער הוט מיט צעפּאָכעטע פעדערן, אין דער האנט — אַ שוואַרצע פאָן, אַף וועלכער ס'זיינען אויסגענייט א שארבן און איבערגעקרייצטע ביינער. אלע וועלן פאַרצויבערט מורמלען: „דאָס איז טאָם סאָיער, דער שוואַרצער פּיראַט, וואָס נעמט נעקאָמע אין די שפּאַנישע יאמען“! יאָ, ס'איז באַשלאָסן! אַזוי בלייבט עס! ער האָט אויסגעקליבן זיך א וועג אין לעבן! מאָרגן

טאַקע וועט ער אנטלויפן פון דער היים. קעדיי זיין פּאַרטיק ביז אינ־דערפרי, דאַרף מען שוין אָנהייבן גרייטן זיך אין וועג אריין.

ניט־ווייט פון דעמב האָט געסטאַרטשעט א צעפּוילטע קלאָץ. טאָם איז צוגעגאַן צו איר און האָט גענומען גראָבן אין איר מיט זיין קליין מעסערל. אינגיכן האָט ער לויטן קלאַנג דערקאָנט הינטער דער קאָרע א הוילקייט. ער האָט אַריינגערוקט אַהין די האַנט און האָט פייערלעך א זאָג געגעבן א שפּרוך:

— וואָס ס'איז דאָ נאָך ניט פאַראַן — קום אַרויס פון דאַן! וואָס ס'ליגט יאָ — פאַרבלייב דאָ!

טאָם האָט אָפּגעשקראַבעט די בלאָטע און האָט אַרויסגענומען פון דער הוילעניש א זויבער סאָסנאָווע קעסטעלע. דערינען איז געליגן א מאַרמאָרן קייקעלע. טאָם האָט זיך גוואַלדיק פאַרכידעשט. ער האָט, דער־שטוינט, געקראַצט זיך אַפּן נאַקן:

— ניין, וואָס איז עס פאַר א מין! ס'איז דאָך מאַמעש ניט צו פאַרשטיין!

ער האָט אין ערגערניש א וואָרף געטון פון זיך דאָס קייַקעלע און גענומען באַטראַכטן דעם איניען. ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ס'האָט אים אָפּגענאַרט דער איבערגלויבן, אין וועלכן ער און זיינע כאַווײרים האָבן ווי אין א פעסטן עמעס געגלויבט. לויט דעם איבערגלויבן איז אויסגע־קומען, אַז אויב מע פאַרגראָבט א קייקעלע און מע זאָגט דערויף געוויסע שפּרוכן און אין מעשעך פון צוויי וואָכן רירט מען עס ניט אָן און דער־נאָך עפנט מען אויף דאָס קעסטעלע מיט אַזא שפּרוך, ווי ס'האָט געזאָגט טאָם, געפינט מען אנשטאָט דעם איינעם קייקעלע אַלע קייַקעלעך, וואָס מע האָט ווען־ס'ניט־איז פאַרלוירן, ווי ווייט איינס פון אַנדערן די קייַ־קעלעך זאָלן ניט ליגן. אָבער דער פּרואוו האָט זיך באַשטימט ניט איינ־געגעבן. וואָס באַטייט עס? טאָם האָט אַסאַך מאָל געהערט וועגן גע־לונגענע פּרואוון פון אַזאַ מין, אָבער קיינמאָל האָט ער ניט געהערט וועגן ניט־געלונגענע. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַליין שוין ניט איינמאָל געפּרואווט, נאָר דערנאָך פלעג ער קיינמאָל ניט קאָנען געפינען דאָס אָרט, וואו ער האָט באַהאַלטן דאָס קייַקעלע. ער האָט לאַנג גע־טראַכט, און ענדלעך האָט ער באַשלאָסן, אַז שולדיק איז דערין, וואָס דער פּרואוו האָט זיך ניט איינגעגעבן — א מאַכשייפע, וואָס האָט, אים אַפּצולאָכעס, מעוואַטל געמאַכט דעם שפּרוך. ס'האָט זיך אים אָבער גע־וואָלט ענדגילטיק איבערצייגן זיך דערינען. האָט ער אָפּגעזוכט א ריינינק זאַמדיק ערטל מיט א גריבל אינדערמיטן, איז צוגעפאַלן צום גריבל מיט די ליפּן און גענומען רופן:

„רוך, רוך, קום פון הייל, וואָס כ'וויל וויסן, מיר דערצייל!"

דער זאַמד האָט זיך רירן געהומען: פון גריבל איז אַרויסגעקראָכן א קליי־נע שוואַרצע וואַנץ און איז טייקעף א דערשראָקענע פאַרשוואונדן געוואָרן.

— זי וויל ניט אויסזאגן! הייסט עס, אז ס׳האט עס א מאַכשייפע אָפּגעטון. כ׳האָב טאַקע געטראָפן.

טאָם האָט גוט געוואוסט, אז מיט מאַכשייפעס איז שווער האָבן צו טון, און ער איז אומעטיק געוואָרן, נאר דערנאך איז ער געפאַלן אף א געדאנק, אז ס׳וואָלט ניט אויסגעמאַכט אָפּזוכן כאָטש יענץ קייקעלע, וואס ער האָט א וואָרף געטון. ער האט גענומען זוכן אין גראָז, נאר ער האָט גאָרניט ניט געפונען. ער האט זיך אומגעקערט צו דער הוילעניש אין קלאָץ און האט פּאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט דאָס קעסטעלע אָפּן פריי־עריקן אָרט, דערנאָך האט ער זיך אַוועקגעשטעלט פונקט אזוי ווי ער איז געשטאַנען, ווען ער האָט א וואָרף געגעבן דאס קייקעלע, — ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע א צווייט קייַקעלע און האָט עס אַ וואָרף געטון אין דערזעלבער ריכטונג, זאָגנדיק דערביי:

— לויף, ברודער, אַהין, דיין ברודער געפין!

ער האָט באַמערקט וואו ס׳איז אַנידערגעפאַלן דאָס קייקעלע און האָט גענומען זוכן דאָרט; נאָר, זעט אויס, דאָס צווייט קייקעלע איז ניט דערפלויגן אָדער איז אַריבערגעפלויגן, האָט ער גאָרניט ניט געפונען. ער האָט אַ פּרואוו געטון נאָכאַמאָל, א צווייט מאָל, אַ דריטס און, ענדלעך, זיך דערשלאָגן: ביידע קייקעלעך זיינען געלעגן א פוס די ווייט איינס פונם אַנדערן.

אין דערזעלבער רעגע האָט אין דער גרינער טיף פון וואַלד הערן זיך געלאָזט א טרומייטערן פון א קינדערשער בלעכענער טרומייט. טאָם האָט שנעל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל און די הויזן, האָט איינע פון די שלייקעס איבערגעקרייצט איבערן אַקסל, האָט צעגראָבן די קופּע צווייגן אַרום דער צעפוילטער קלאָץ, האָט אַרויסגעשלעפּט פונדאָרטן א פייל־און־בויגן, א הילצערנע שפּיז און א בלעכענע טרומייט. האָט אין איין רעגע אָנגעוואָרפן זיך און האָט, א באָרוועסער, אין הוילן צעפּאָ־כעטן העמד צעיאָגט זיך אַקעגן סוינע. אונטער איינעם א גרויסן בוים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט אָפּגעענטפערט מיט א טרומייט־סיגנאַל, האָט א באַפעל אָפּגעגעבן דער באַוואָפנטער מאַכנע: — „שטיי, כעוורע, באהאַלט זיך אויס, ביז איך וועל א טרומייטער טון!" — און האָט גענומען וואַרטן, קריגעריש אַרומקוקנדיק זיך.

ס׳האָט זיך באוויזן דזשאָ גאַרפער פונקט אין אַזאַ אָנטון, ווי טאָם, און באַוואָפנט פונקט ווי טאָם. טאָם האָט א געשריי געגעבן:

— שטיי! ווער האָט עס די האָזע אַרומצוגיין אין שערוואודער וואַלד אָן מיין דערלויבעניש?

— גיוּ היסבאָרן נייטיקט זיך ניט אין קיין שום דערלויבעניש! ווער ביסטו עס, וואָס...

— „וואס האט די האָזע אַזוי צו ריידן מיט מיר" — האָט אַפּדערגיך אונ־טערגעזאָגט טאָם,— זיי האָבן גערעדט „לויטן בוך", פאַרלאָזנדיק זיך אַפן זיקאָרן.

— ווער ביסטו עס, וואָס דו האָסט די האָזע אַזוי צו ריידן מיט מיר?

— ווער איך בין? איך בין ראָבין הוד, אָט־באַלד וועט דערין אי־בערצייגן זיך דיין מיעסער טויטער קערפּער.

— איז דאָס ביסט דו עס, דער באַרימטער גאַזלען? ס׳פריייט מיך זייער א קריג טון זיך מיט דיר וועגן דעם, ווער ס׳איז באַלעבאָס אין אָט־דעם באַרימטן וואַלד. קום אַרויס אַקעגן!

זיי האָבן אַנטבלויזט זייערע הילצערנע שפּיזן, האָבן דאָס איבעריקע געווער אַנידערגעוואָרפן אף דר׳ערד, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין קאַמף־פּאָזעס, פוס צו פוס, און אָט האָט זיך אָנגעהויבן א עמעס געראַנגל איינס אף איינס. טאָם האט געזאָגט:

— נו, אויב שלאָגן זיך, איז ווי סע דארף צו זיין שלאָגן זיך. גיב אונטער היץ!

זיי האָבן אזוי פלייסיק „אונטערגעגעבן היץ", אַז ס׳האט זיי ביידע אָטעם פאַרפעלט און זיי זיינען ביידע היפש דערשוויצט געוואָרן.

— נו, פאַל־זשע! — האָט א געשריי געטון טאָם, — פאַרוואָס פאַלסטו ניט?

— איך וויל ניט פאַלן! פאַל אליין,— דיר איז דאָך אַצינד ערגער ווי מיר.

— נו, איז וואָס? דאָס באטייט גאָרניט ניט. איך טאָר ניט פאַלן. אין ביכל שטייט דאָך ניט אַזוי. אין ביכל שטייט: „און מיט איין פלינקן קלאַפּ אין פּלייצע אַריין האט ער אַוועקגעוואַלגערט אף דר׳ערד דעם אומ־גליקלעכן גיוּ היסבאָרן". דו דאַרפסט לאָזן, כ׳זאָל דיר א זעץ געבן אין דער פּלייצע.

אַקעגן אַזא אַווטאָריטעט האט דזשאָ ניט געקאָנט טאַינען: ער האט זיך אויסגעדרייט, האט געקראָגן א זעץ און איז אומגעפאַלן.

— נו,— האט געזאָגט דזשאָ, אופהייבנדיק זיך — איצט לאָז כ׳זאָל דיך דערהאַרגענען; דאָס קומט מיר לויט יוישער.

— אָבער מ׳טאָר עס דאָך ניט, וועגן דעם שטייט ניט אין בוך.

— איז עס, לויט מיין מיינונג, נידערטרעכטיק. אָט וואָס כ׳וועל דיר זאָגן!

— נו, הער שוין אוף, דזשאָ,— דו קאָנסט דאָך זיין דער ברודער טוק און מיך פּלעטן מיט א שטיק האָלץ איבערן קאָפּ; אָדער איך וועל זיין

דער נאטינגעמער שעריף, און דו וועסט זיין ראָבין הוד און דו וועסט מיך דערהאַרגענען.

דאָס האט דזשאָען צופרידן געשטעלט, און די שפיל האט זיך אָנגע־הויבן פונסניי. דערנאָך איז טאָם ווידער געוואָרן ראָבין הוד און איז אָפּגעגאַן מיט בלוט אַדאַנק דער פאַלשקייט פון דער מאָנאַכן, וואס האָט שלעכט פאַרפלאסטערט זיין וואונד. דערנאָך האט דזשאָ, וואס האט פאַר־געשטעלט מיט זיך א גאַנצע מאַכנע קלאָגנדיקע גאַזלאָנים, פול מיט אור־מעט אַוועקגעשלעפט אים, האט אים אריינגעלייגט דעם בויגן אין די אָפּגעשוואַכטע הענט אַריין, און טאָם האט געזאָגט: „וואו ס'וועט פאַלן אָט־די פייַל, דאָרטן זאָלט איר באַגראָבן דעם אומגליקלעכן ראָבין הוד, דאָרטן, אונטער א בוים אינם גרינעם וואַלד". דערנאָך האט ער, טאָם, אויסגעשאָסן די פייַל, האָט זיך אַ שליידער געטון אף צוריק און וואָלט געפאַלן א טויטער, נאָר ער איז אריינגעפאַלן־ אין קראַפּיווע און איז אופגעשפּרונגען מיט אזא פלינקייט, וואָס פאַסט ניט פאר קיין מעס.

די אינגלעך האבן זיך אָנגעטון, האבן באהאַלטן אין א פאַרטאַיעט ערטל זייער וואָפן און זיינען צוזאַמען אַוועק ווייטער, באדויערנדיק, וואָס ס'זיינען שוין איצט ניט פאַראנען קיין גאַזלאָנים. זיי האבן בעשום אויפן ניט געקאנט פאַרשטיין עס:

— וואָס האט אפן אָרט פון גאַזלאָנים געגעבן די היינטיקע וועלט?

זיי וואָלטן, די אינגלעך, אַצינד מער באַלאָנים געווען זיין א יאָר גאַזלאָנים אין שערוואודער וואַלד, איידער זיין פּרעזידענטן פון די פאראייניקטע שטאַטן אין מעשעך פון זייער גאַנץ לעבן.

## קאַפּיטל IX.

דעמדראָזיקן אַפדערנאכט זיינען טאָם און סיד, ווי שטענדיק, האַלב צען אַזייגער אַוועקגעגאַן שלאָפן. זיי האבן ביידע אָפּגעזאָגט די טפילעס פון פארן־שלאָף, און סיד איז אינגיכן אַנשלאָפן געוואָרן. טאָם אָבער איז ניט געשלאָפן. ער האט אומגעדולדיק געוואַרט אפן סיגנאַל. ער האט ניט געקאנט איינליגן מאַכמעס אופגערודערטקייט און אומרואיקייט. ס'האט זיך אים געדאכט, אז אָט באלד הייבט שוין אָן טאָגן. נאָר פונקט אין דער רעגע, ווען ער האט עס א טראַכט געטון, האט ער דערהערט, ווי דער זייגער קלאַפּט צען. ער איז שיר ניט אונטערגעשפּרונגען. ער האט אַפילע ניט געקאנט א דריי־טון זיך, זיך א וואָרף־טון און א דריגע טון מיטן פוס, ווי ס'האָבן עס געפאָדערט זיינע אופגערעגטע נערוון: ער האט מוירע געהאט אופצוועקן סידן. דעריבער איז ער געלעגן, ווי אַ סטאַטיק, מיט אויגן צעעפנטע אין דער פינצטער. ס'האט געהערשט ארום

א שוידערלעכע שטילקייט; נאָר ביסלעכווייס האָבן זיך פון דער שטו־מעניש גענומען קאָם־קאָם אויסטיילן קאָלערליי קלאַנגען. צום אַלעם ערשטן — דער טיק־טאַק פון זייגער, דערנאָך דאָס סוידעסדיקע טרישטשען פון די אַלטע באַלקנס, דאָס פוילע סקריפּעניש פון די טרעפּ. זעט אויס, רוכעס האָבן אַרומגעבלאָנקעט איבער דער שטוב. פון דער מומע פּאָליס צימער האָט זיך הערן געלאָזט א שטיל ריטמיש כראָפּען. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די אומדערטרעגלעכע גרילצעניש פון די גרילן, וואָס קיין שום מענטשישע קונצן קאָנען נישט פאַרטרייבן זיי פון די דירעס. מיט־אַמאָל האָט זיך הערן געלאָזט דער „טיק־טאַק" פונם „זייגערמאַכער" אין דער וואַנט, לעבן צוקאָפּנס פונם בעט. טאָם האָט א ציטער געטון: דאָס באַטייט, אַז עמעצער אין שטוב וועט לעבן געציילטע טעג.

דערנאָך האָט ערגעץ ווייט צעבילט זיך א הונט, און נאָך ווייטער האָט דעם הונט אָפּגעענטפערט א צווייטער הונט. טאָם האָט איבערגע־לעבט פּייַנפולע רעגעס. סאָפּקאָלסאָף האָט ער זיך איבערצייגט, אַז די צייט האָט זיך פאַרענדיקט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אייביקייט. קעגן זיין אייגענעם ווילן האָט ער אָנגעהויבן דרימלען. דער זייגער האָט געקלאַפּט עלף, נאָר טאָם האָט דאָס נישט געהערט. פּלוצלינג האָט ער פון צווישן שלאָף דערהערט א נאָגנדיק מיאַוקען פון א קאַץ. ערגעץ נישט ווייט האָט א קלאַפּ געטון א פענצטער, ס'האָט זיך דערהערט א אויס־געשריי: „פאַרנעם זיך, קאַץ דו, רוך!" און אין דער וואַנט פון קאַמער האָט זיך מיט א קלינגערייַ א זעץ געטון א ליידיקע פלאַש. טאָם איז אופגעשפּרונגען, האָט זיך אין איין רעגע אָנגעטון, איז אַרויסגעקראָכן דורכן פענצטער און האָט זיך אף אַלע פיר געלאָזט קריכן איבערן דאַך. ער האָט צוויי מאָל א מיאַוקע געגעבן, דערנאָך איז ער אַראָפּגעשפּרונ־גען אַפן דאַך פונם קעמערל און פון דאָרט איז ער אַראָפּגעשפּרונגען אף דר'ערד. העקלבערי האָט אף אים געוואַרט מיט דער טויטער קאַץ אין די הענט. ביידע אינגלעך זיינען אינגיכן פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש. אין א האַלבער שאָ אַרום האָבן זיי שוין געשפּאַנט צווישן הויכן גראָז פונם צווינטער.

דער צווינטער איז געווען אַ אַלטער, און געלעגן איז ער, ווי ס'איז אַמאָל געווען דער מינעג אין מאַירעוו, אַ מייל אַנדערהאַלבן די ווייט פון שטעטל. דער צווינטער איז ארומגעצאַמט געווען מיט אַ געעלטערטן הילצערנעם פּאַרקן, וואָס האָט זיך איינגעבויגן ערטערווייס צום אינע־וויניק, ערטערווייס צום דרויסן, נאָר אין קיין איין אָרט נישט געשטאַנען גלייך. פאַרוואַקסן איז געווען דער צווינטער מיט מיסט־גראָז, און די קוואָרים האָבן געזונקען אינם גראָז. קיין איין מאַצייווע איז נישט געווען אַפן צווינטער; איבער די קוואָרים האָבן זיך געהויכט אלטע צעפוילטע ברע־

טער, מיט באַנקעלעך פונויבן, ברעטער צעעסענע דורך ווערעם, ברע־טער, וואָס בויגן זיך אַראָפּ־צו, צו דר׳ערד, ווי זיי וואָלטן געזוכט אַ אָנשפּאַר און אים ניט געקראָגן. אף אַלע ברעטער זיינען אַמאָל געווען אויפשריפטן מיט נעמען פון די מייסים, נאָר די אויסיעס האָבן זיך אָפּגעריבן, און אצינד וואָלט מען זיי אַפילע באַטאָג ניט געקאָנט איבער־לייענען.

דער ווינט האָט שטיל און יאָמערדיק געקרעכצט צווישן די שפּיצן ביימער. טאָמען איז אַ מוירע באַפּאַלן. ס׳האָט זיך אים געדאכט, אז דאָס קלאָגן זיך די געשאָמעס פון די פאַרשטאָרבענע, דערוף וואָס מענטשן שטערן זייער רו. די אינגלעך האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך, און דאָס, וואס זיי האָבן גערעדט, האבן זיי אויך גערעדט שטיל־שטיל. די צייט און דאָס אָרט, די פייערלעכקייט און דאָס שטומעניש פון ארום האט זיי געפּלעט. זיי האָבן געפונען דאָס פרישע בערגעלע, וואָס זיי האבן געזוכט, און האָבן זיך אוועקגעשטעלט לעבן די דריי גרויסע ביימער, וואס וואקסן אַ שפּאַן צוויי די ווייט פונם קייווער.

אזוי זיינען זיי געשטאַנען און האָבן געוואַרט, ווי ס׳האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, זייער לאנג. אינדערווייטנס האָט געשריגן אַ סאָווע. דאָס זיינען געווען די איינציקע קלאַנגען, וואָס האָבן געשטערט די טויט־שטילקייט. טאָמס געדאנקען האָבן אים, טאָמען, אזוי דערשלאָגן, אז ער האט דערפילט אַ בויטוועגדיקייט צו פאַרפירן אַ שמועס.

— איז ווי מיינסטו, העק? — האט ער אָנגעהויבן שעפּטשען, — די מייסים וועלן ניט ווערן אין קאַס אף אונז דערפאר, וואָס מיר זיינען געקומען אַהער?

העקלבערי האָט געענטפערט מיט אַ שעפּטשע:

— גאָט ווייסט. אָבער שוידערלעך איז דאָ, — עמעס?

— נאָך אַ מין שוידערלעך.

אַ לאַנגע פויזע. ביידע אינגלעך האבן געטראַכט וועגן איינעם און דעמזעלבן. דערנאָך האָט טאָם אַ שעפּטשע געטון:

— הער נאָר, העק, ווי מיינסטו, וויליאַמס הערט, וואָס מיר רעדן?

— פאַרשטייט זיך, אז ער הערט. זיין נעשאָמע הערט אף געוויס.

ווידער אַ פויזע.

— אַ שאָד, וואָס כ׳האָב אים אָנגערופן פּאָשעט וויליאַמס, און ניט מיסטער וויליאַמס. נאָר כ׳האָב אים דאָך ניט געוואָלט באַליידיקן. אלע האָבן אים אזוי גערופן.

— מ׳דאַרף זיין פאָרזיכטיקער, אז מע רעדט וועגן פאַרשטאָר־בענע, טאָם.

דאָסדאָזיקע האָט אינגאַנצן אָפּגעגומען באַ טאָמען דעם כיישעק ווייטער צו שמועסן. נאָר פּלוצלינג האָט ער אַ כאַפּ געטון דעם כאַוועד בא דער האנט.

— טסס!

— וואָס איז?

און ביידע האָבן, פעסט צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, געוואַרט וואָס וועט עס טרעפן.

— טסס! אָט ווידער! דו הערסט ניט?

— איך...

— א־הא! דו האָסט שוין אויך דערהערט אַצינד...

— גאָטעניו, טאָם, זיי גייען! ס'איז זיי. וואָס זאָלן מיר טון?

— כ'ווייס ניט. ווי מיינסטו, זיי וועלן אונז דערזעען?

— אָך, טאָם, זיי זעען אינדערפינצטער אַזוי ווי די קעץ. צוליב וואָס האט עס מיך פארשלעפּט אַהער!

— האָב קיין מוירע ניט... איך רעכן, אַז זיי וועלן אונז ניט אָנרירן. מיר טוען דאָך זיי קיין שלעכטס ניט. אויב מיר וועלן זיך פאַרטאַיען, וועלן זיי עפּשער אונז ניט באמערקן אפילע.

— לאָמיר זיך פּרואוון. נאָר, גאָטעניו, ווי שרעקלעך ס'איז! איך ציטער מאַמעש.

— טסס! הער!

די אינגלעך האבן פארהאלטן דעם אָטעם און זיך שטייפער צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. פון צווייטן עק צווינטער האבן זיך הערן געלאָזט ניט־הויכע קוילעס.

— קוק! דו זעסט? — האָט אַ שעפּטשע געטון טאָם.

— וואָס איז עס? ס'איז געגעם־פלאַם. אָך, טאָם, ווי מוירעדיק ס'איז!

פון דער פינצטערניש האבן זיך ארויסגערוקט עטלעכע נעפלדיקע פיגורן; ס'האט זיך פאר די פיגורן געשאָקלט אַ אַלטער בלעכענער לאַמטערן, — דער לאַמטערן האָט צעשאָטן אַף דר'ערד אָן אַ שיר שיין־פונקען...

— ס'איז אַף געוויס שיידים, — האט פלאַטערנדיק אַ מורמל געטון העקלבערי, — און גאַנצע דריי! גאָטעניו, מיר זיינען פאַרפאַלן! דו קאָנסט זאָגן טפילע, טאָם?

— כ'וועל אַ פרואוו טון. דו האב קיין מוירע ניט — זיי וועלן אונז ניט אָנרירן. פארן שלאָף האָב איך...

— טסס!

— וואָס איז, העק?

— ס'איז מענטשן! איינער פון זיי איז אַף געוויס אַ מענטש. ס'איז דער אלטער מעף פּאָטער. כ'האָב דערקענט זיין קאָל.

— נו?! ס'הייבט זיך ניט אָן!

— אַף מיין וואָרט, כ'דערקען זיין קאָל. דו פּאַרטאַיע זיך, אָטעם ניט. ער וועט אונז ניט דערזעען, — ער איז, דער אַלטער טערעך, גע־ווים שיקער, ווי שטענדיק.

— אָפּגעמאַכט, כ'וועל זיך פאַרטאַיען. אָט האבן זיי זיך אָפּגע־שטעלט. זעט אויס, זיי זוכן עפּעס. אָט גייען זיי ווידער אהער. זע נאָר, ווי זיי לויפן עס. זע נאָר, ווי זיי האָבן זיך צעיאָגט! נו, אצינד גייען זיי שוין געוויס אַהער. הער נאָר, העק, איך האָב דאס צווייטע קאָל אויך דערקאָנט: ס'איז אינדזשען דזשאָ.

— נו, פאַרשטייט זיך, דער פאַרשאָלטענער מעטיס*)! ס'וואָלט שוין עפּשער בעסער געווען ס'זאָל זיין שיידים. וואָס, אַשטייגער, דאַרפן זיי דאָ האָבן?

אָבער דאָ האָבן די אינגלעך אפילע שעפּטשען אופגעהערט: אלע דריי פיגורן זיינען צוגעקומען צום קייווער און האבן זיך אָפּגעשטעלט ניט וויט פון יענעם אָרט, וואו ס'האָבן זיך פארבאהאלטן אונזערע העלדן.

— אָט־דאָ, — האט געזאָגט דאס דריטע קאָל, און דער מענטש, ווע־מען דאָס קאָל האט געהערט, האט אופגעהויבן דעם לאמטערן אזוי, אז די שיין איז געפאַלן אף זיין פּאָנים; די אינגלעך האבן דערקאָנט דעם יונגן דאָקטער ראָבינזאָן.

פּאָטער און אינדזשען דזשאָ האבן געשלעפּט אַ טראָג־בעטל, צום בעטל איז צוגעבונדן געווען אַ שטריק, אַפּן בעטל זיינען געלעגן צוויי גראָבאייזנס. די צוויי פאַרשוינען האבן אוועקגעלייגט אף דר'ערד זייער מאַסע און האבן גענומען צעגראָבן דעם קייווער. דער דאָקטער האָט אַוועקגעשטעלט דעם לאַמטערן צוקאָפּנס פון קייווער, און אַליין האט ער זיך צוגעזעצט אַף דר'ערד, צושפּאַרנדיק זיך מיט דער פּלייצע צו איינעם פון דיביימער. ער איז געווען אזוי נאָענט, אז די אינגלעך וואָלטן אים געקאָנט מיט דער האַנט באַרירן!

— גיכער, גוטער־ברודער! — האט דער דאָקטער שטיל אַ זאָג גע־געבן, — יעדער רעגע קען אופגיין די לעוואָנע.

די גוטע־ברידער האָבן אָפּגעענטפערט מיט עפּעס אַ מורמל און האבן ווייטער געגראָבן. אַ צייט האט זיך גארניט געלאזט הערן, אַכוץ דער סקריפּעניש פון די גראָבאייזנס, וואס שליידערן אָפּ אין אַ זייט אריין שטיקער ערד. דערדאזיקער קלאנג האט מאמעש גערריקט מיט זיין מאָנאָטאָנישקייט. ענדלעך, האט זיך דערהערט אַ טעמפּער קלאַפּ אין

*) מעטיסן — מענטשן, וואָס קומען ארויס פון געמישטע כאסענעס צווישן אייראָפּייער און אינדיאַנער, אייראָפּייער און נעגערן א. ד. ג.

האָלץ: דער גראָבאַייזן האָט אַ קלאַפּ געגעבן אין אָרן. אין עטלעכע רע־
געס ארום האָבן די גרעבער ארויסגעשלעפּט דעם אָרן אַרוף, אַף דער ערד.
מיט דיזעלבע גראָבאַייזנס האָבן זיי אופגעהויבן דאָס דעקל, האָבן
ארויסגעשלעפּט דעם מעס און האָבן אים ברוטאַל אַ וואָרף געגעבן אַף
דער ערד. אין אָט־דער רעגע איז די לעוואָנע ארויסגעשוואומען פון הינ־
טער די וואָלקנס און האָט באַלויכטן דאָס בלויע, שוידערלעכע פּאָנים
פונם מעס.

מע האָט אים ארופגעלייגט, דעם מעס, אַף דעם צוגעגרייטן טראָג־
בעטל, מע האָט אים איינגעדעקט מיט אַ קאָלדרע און צוגעבונדן מיטן
שטריק. פּאָטער האָט ארויסגענומען אַ גרויס מעסער, האָט אָפּגעשניטן
אַ שטיק שטריק, וואָס האָט זיך נאָכגעבאָמבלט, און האָט אַ זאָג
געטון:

— נו, פּאַרטיק אנזוער פּאַרשאָלטענע ארבעט. אַצינד דערלאנגט נאָך
פינף גילדן, אניט וועלן מיר אים דאָ טאַקע אזוי איבערלאָזן.

— קלוגע דיבורים איז זייער אנגענעמען צו הערן, — האָט אונטער־
געהאַלטן אינדזשען דזשאָ.

— זייט מויכל! וואָס באַטייט עס? — האָט אָפּגעענטפערט דער דאָק־
טער, — איר האָט דאָך געפאָדערט דאָס געלט פאָרויס, און איך האָב
אייך באַצאָלט.

— יאָ, און נאָך עפּעס האָט איר געטון, — האָט געזאָגט אינדזשען
דזשאָ, צוגייענדיק צום דאָקטער, וואָס האָט זיך אופגעהויבן פון דער
ערד, — מיט אַ פינף יאָר צוריק האָט איר מיך ארויסגעטריבן פון אייער
פאָטערס קיך, וואוהין כ׳בין אַריינגעגאַן בעטן מ׳זאָל מיר געבן עפּעס
עסן; איר האָט געזאָגט, אז איך בין געקומען אהין מיט אַ שלעכטן מיין;
און אז כ׳האָב זיך געשוואוירן באַצאָלן אייך דערפאַר, מעג ביז דעם
געדויערן אפילע הונדערט יאָר, האָט אייער פאָטער מיך אריינגעזעצט
אין טורמע, ווי אַן אויסוואורף. איר האָט געמיינט, אז כ׳האָב עס פאַר־
געסן? ניט אומזיסט פליסט אין מיינע אָדערן אינדיאַניש בלוט. איצט
זיינט איר באַ מיר אין די הענט, און מיר וועלן זיך מיט אייך צערע־
כענען, זייט וויסן!

ער האָט געדראָט דעם דאָקטער, אופהויבנדיק א פויסט צום פּאָנים
זיינעם. דער דאָקטער האָט פלוצלינג א שטרעק אויס געטון די האַנט,
האָט זי צעפּאָכעט און מיט איין זעץ האָט ער אַוועקגעוואַלגערט דעם
מעטיס אַף דער ערד. פּאָטער האָט אין כידעש אַרויסגעלאָזט דאָס מע־
סער און האָט אויסגעשריגן:

— היי, איר! וואָס איז עס פאַר א מין? איך וועל ניט דערלאָזן
מ׳זאָל שלאָגן מיין כאַווער.

און ער האָט זיך א לאָז געטון אפן דאָקטער. אין א רעגע אַרום האָבן זיי, צונויפגעקייטלטע, פאַרדרייטע, געראַנגלט זיך, אָנשטריינגענדיק אַלע קויכעס, טאָפּטשענדיק דאָס גראָז און אופרייסנדיק מיט די אָפּצאַסן די ווייכע ערד. אינדזשען דזשאָ איז אופגעשפרונגען; זיינע אויגן האָבן געפלאַקערט פון סינע. ער האָט אופגעהויבן דאָס מעסער, וואָס פּאָטער האָט געהאַט אַרויסגעלאָזט פון די הענט, און גאַנוועדיק זיך אזוי ווי א קאַץ, אינגאַנצן אויסגעבויגן זיך, האָט ער זיך געדרייט אַרום די, וואָס ראַנגלען זיך, וואַרטנדיק אף א פּאַסיקער מינוט. פּלוצלינג האָט דער דאָקטער באַפרייט זיך פון זיין סוינעס אָרעמס, האט א כאַפּ געטון א שווערע ברעט פון וויליאַמס קייווער און האָט מיט איר איבערגעקערט פּאָטערן אף דער ערד; אין דעמזעלבן אויגנבליק איז דער מעטיס צוגע־שפּרונגען און האט אַריינגעשטעקט דאָס מעסער טיף, טיף, ביזן סאַמע הענטל, אין דער ברוסט פונם יונגן דאָקטער. דער דאָקטער האָט זיך א שאָקל געטון און איז אומגעפאַלן אף פּאָטערן, פאַרגיסנדיק אים מיט זיין בלוט. אין אָט דער רעגע האָבן אָנגעפלויגענע וואָלקנס פאַר־שטעלט פון אונזערע צוויי אומגערנדיקע צושויער דאָס שוידערלעכע בילד. זיי האָבן זיך,ביידע אינגלעך, געלאָזט פייל־פון־בויגן אַנט־לויפן.

אז די לעוואָנע איז ווידער אַרויסגעשוואומען פון אונטער די וואָלקנס, איז אינדזשען דזשאָ געשטאַנען איבער די צוויי פיגורן, וואָס זיינען אויסגעשפּרייט אף דער ערד. דער דאָקטער האט אַרויסגעמורמלט עפּעס ניט קלאָרס, האָט צוויי מאָל א קרעכץ געטון און איז שטיל גע־בליבן.

— נו, וויס דיך דער רוך! — האָט א זאָג געגעבן דער מעטיס, — אַצינד זיינען מיר קוויט!

און ער האָט אַרויסגענומען פון דאָקטערס אָנטון אלץ, וואָס ער האָט געפונען פאַר ווערטפול, האָט אַריינגעלייגט דאָס מעסער אין פּאָטערס צעעפנטער רעכטער האַנט און האָט זיך אַוועקגעזעצט אפן איבערגע־קערטן אָרן. ס'זיינען פאַרביי דריי־פיר־פינף רעגעס... פּאָטער האָט זיך א ריר געטון און האט אָנגעהויבן קרעכצן. ער האט צונויפגעדריקט אין דער האַנט דאָס מעסער, האט עס צוגעטראָגן צום פּאָנים, האט א ציטער געטון און האָט עס אַרויסגעלאָזט, דאס מעסער. דערנאָך האט ער זיך אופגעהויבן און האָט זיך אַוועקגעזעצט, אָפּשטויסנדיק פון זיך דעם דאָק־טערס טויטן קערפּער. ער האָט א קוק געטון אַפן טויטן קערפּער, דער־נאָך האט ער זיך מיט א פאַרנעפּלטן בליק אַרומגעקוקט און האט זיך געטראָפן מיטן מעטיס בליק.

— גאָט מיינער, וואס איז עס? ווי אַזוי האט עס געטראָפן, דזשאָ?

— ס'איז א מיעסע מאַיסע, — האט געענטפערט דער מעטיס, ניט געבנדיק זיך קיין ריר פון אָרט, — אַקעגן וואס האָסטו עס אים אַזוי אָפּגעטון?

— איך?! כ'האָב אַפילע ניט בעדייע געהאַט!

— נו, נו, דערצייל מאַיסעס! דערמיט וועסטו ניט בעסער מאַכן!

פּאָטער איז בלייך געוואָרן. ער האָט געציטערט.

— איך האב גערעכנט, אַז די שיקרעס איז שוין פאַרביי. אַפּדערנאַכט האב איך דאָך גאָרניט [ניט געטרונקען. נאָר ס'רוישט מיר נאָך אויך אַצינד אין קאָפּ, אַפילע ערגער, ווי ווען מיר זיינען געגאַנגען אהער... אַלץ האט זיך עפּעס פאַרפלאָנטערט; איך קאָן גאָרניט דערמאָנען זיך. זאָג מיר, דזשאָ, — דעם עמעס זאָג מיר, גוטער־ברודער, דאס האב איך עס אים געמיימיסט? איך האב אים דאָך ניט געוואָלט דערהאַרגענען, ס'איז בא מיר אפילע אַזאַ געדאַנק ניט געווען, איך שווער דיר באַ מיין נעשאָמע, דזשאָ. זאָג מיר, ווי אַזוי האט עס געטראָפן? אוי, ס'אַראַ שוידער! — ער איז געווען אַזאַ יונגער, פּייאיקער...

— ווי אַזוי האט עס געטראָפן? גאַנץ פּאָשעט. איר האט גענומען שלאָגן זיך; ער האט דיר א זעץ געגעבן מיט דער ברעט איבערן קאָפּ; דו האָסט זיך אַוועקגעוואַלגערט; און דערנאָך ביסטו אופגעשטאַנען, שאָקלענדיק זיך און פאַרטשעפּענדיק זיך, האָסט אַרויסגעכאַפּט דאס מעסער און האסט עס אים אַריינגעשטעקט אין דער ברוסט אַריין פונקט אין דער רעגע, ווען ער האט זיך ווידער א כאַפּ געטון. נו, און דערנאָך ביסטו אומגעפאַלן און ביסט שוין אַזוי געליגן ביז איצטער, ווי א שטיק האָלץ.

— אָך! איך האב אַליין ניט געוואוסט, וואס איך טו. זאָל מיך אָט־דאָ א דונער טרעפן, אויב ס'ניט אַזוי! ס'איז אַלץ מאַכמעס דעם בראָנפן, — כ'בין שיקער געווען, — נו, און אופגעבראַכט בין איך אף אים געוואָרן — איבער דיר... איך ווייס דאָך אַפילע ניט, ווי אַזוי מע דאַרף זיך באַגיין מיט געווער. שלאָגן זיך פלעג אויסקומען, דאס איז עמעס, אָבער אָן געווער, מיט די פויסטן. דאס ווייסן אלע. דזשאָ, ליבינקער, זיי א גוטער פריינט, גיב מיך ניט אויס! זאָג מיר צו, אַז דו וועסט מיך ניט אויסגעבן, דזשאָ! איך האב דיך שטענדיק ליב געהאַט, איך האב זיך שטענדיק אָנגענומען פאַר דיר. דו ווייסט עס דאך אַליין... דו וועסט קיינעם ניט דערציילן, דזשאָ?

און ער איז אומגעפאַלן אף די קני פאַרן מערדער, אויסשטרעקנדיק צו אים די הענט מיט געבעט.

— ניין, מעף פּאָטער, — דו פלעגסט שטענדיק באַגיין זיך מיט מיר אָרנטלעך און וואויל. און כ'וועל דיר מיט וואוילס באַצאָלן. זיי רואיק. אף מיין וואָרט, מעגסטו זיך פאַרלאָזן. מע דאַרף מער ניט ריידן דערפון.

— אָ, דזשאָ, ביסט גוט, ווי א מאַלעך! איך וועל דיך בענטשן ביז מיין לעצטן אָטעם. — און ער האט זיך, פּאָטער, צעוויינט.

— נו, געגוג, הער שוין אוף! ס'איז אַצינד ניט די צייט אף יאָמערן. דו גיי אַוועק מיט יענעם וועג לעבעדיקער! און איך וועל אַוועק אָט מיט דעם וועג. נאָר גיב אַכטונג, פאַרייב הינטער זיך די שפּורן!

פּאָטער האט זיך געלאָזט גיך גיין, דערנאָך האט ער זיך צעיאָגט. דער מעטיס איז געשטאַנען און האט אים נאָכגעקוקט, מורמלענדיק צו זיך:

— אויב ער איז טאַקע אינדערעמעסן אַזוי דול געוואָרן פון דעם דאָקטערס זעץ און פונם ראָם, וועט ער זיך אינם מעסער ניט דערמאַנען. אויב ער וועט זיך אַפילע דערמאַנען, ווען ער וועט שוין האבן אָפּגעלאָפן ווייט, וועט ער מוירע האבן אומקערן זיך צוריק, — א הינערש האַרץ באַ אים!

אין עטלעכע רעגעס אַרום האט אַפן געהאַרגעטן, אַפן טויטן קערפער, וואס איז פאַרוויקלט אין א קאָלדרע, אַפן אָרן, וואס אָן א דעקל, און אַפן אָפענעם קייווער געקוקט בלויז די לעוואָנע. אַרום און אַרום האט ווידער געהערשט לאַבלוטנדיקע שטילקייט.

## קאַפּיטל X.

די אינגלעך זיינען אין שוידער־פּאַכעד, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אף קיין רעגע, געלאָפן צום שטעטל. זיי האָבן אלע מינוט אומרואיק אומגעקוקט זיך אף צוריק, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אז מע יאָגט זיי נאָך. יעדער קלאָץ אין וועג האט באַ זיי אויסגעזעען, ווי א מענטש און א סוינע, און ס'פלעג זיי דעם אָטעם פאַרכאַפּן פאַר מוירע. אַז זיי זיינען דורכגעלאָפן פאַרביי דעם כוטאָרל, וואס איז געליגן ניט ווייט פון אָנהייב שטעטל, האָבן די וואַך־הינט אופגעכאַפּט זיך און צעבילט זיך, — זיינען באַ די אינגלעך באַניים פליגל אויסגעוואָקסן.

— ווען מיר זאָלן נאר, איידער מיר ווערן אָן אַלע קויכעס, דערלויפן ביזן אַלטן לעדער־זאַוואָד! — האט קאם אָפּעטעמענדיק א מורמל געטון טאָם, — איך קאָן שוין, דאַכט זיך, מער ניט לויפן.

העקלבערי האט ניט געענטפערט. ער האט נאָר געסאָפּעט און שווער אָפּגעאָטעמט.

די אינגלעך האָבן די אויגן ניט אַראָפּגעלאָזט פונם ציל פון זייער יאָגן און האָבן אָנגעשטריינגט זייערע לעצטע קויכעס. ענדלעך, זיינען זיי דערלאָפן, האבן זיך אַריינגעריסן אין דער אָפענער טיר פון א קאַמער און זיינען אַנידערגעפאַלן, פאַרמאַטערט, נאָר פול מיט פרייד, אין דער

שאָטנדיקער באַהעלטעניש פון דער קאַמער. ביסלעכווייס האָט זיך ווייער פולס באַרואיקט, און טאָם האָט שטיל־שטיל אַ זאָג געגעבן:

— העק, ווי מיינסטו, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען?

— אויב דער דאָקטער ראָבינזאָן וועט אַוועקשטאַרבן, וועט, לויט מיין מיינונג, אַרויסקומען אַ טליע.

— מיינסט עס אַפּדערעמעסן?

— איך ווייס עס אַף געוויס.

טאָם האָט א טראַכט געטון, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— ווער־זשע וועט דערציילן? מיר?

— וואָס זאָגסטו עס? רעדסט פון היץ? דו שטעל זיך נאָר פאָר, אַז דער איניען וועט זיך אַף וועלכן ס'ניט איז אופן אַ דריי טון לעטוויוועס אינדזשען דזשאָ, אָדער ער וועט אַנטלויפן און מע וועט אים ניט אופ־הייגעגן, — ער וועט דאָך אונז דעמאָלט אַף געוויס דערהאַרגענען; מירן זיך שוין דעמאָלט פונם טויט ניט אויסדרייען.

— איך מיין אויך אַזוי, העק.

— אויב עמעצער דאַרף מאַסערן, זאָל מעף פּאָטער מאַסערן; סע וועט באַ אים קלעקן נאַרישקייט דערויף. ער איז דאָך שטענדיק שיקער.

טאָם האָט גאָרניט נים געזאָגט — ער האָט געטראַכט; דערנאָך האָט ער א מורמל געטון:

— העק, אָבער מעף פּאָטער ווייסט דאָך ניט, — איז ווי אַזוי קאָן ער מעלדן וועגן דעם?

— וואָס הייסט, ער ווייסט ניט?

— פאַרשטייט זיך, אז ער ווייסט ביט. פונקט אין יענער רעגע דאָך, ווען דער דאקטער האָט אים, פּאָטערן, א זעץ געגעבן איבערן קאָפּ, האָט אינדזשען דזשאָ אַריינגעשטעקט דעם דאָקטער דאס מעסער אין ברוסט אַריין. ווי אַזוי־זשע האָט ער, פּאָטער, געקאָנט זען?

— יאָ, דאס איז טאַקע עמעס, טאָם.

— און כוצדעם, ווער ווייסט, עפשער איז ער פון אָט־דעם זעץ פיפטער געוואָרן.

— ניין, טאָם, דאס אַף געוויס ניט. ער איז פּאָשעט שיקער געוועז. איך האָב עס באַמערקט. ער איז דאָך שטענדיק שיקער. אז מיין טאַטע איז שיקער, מעג מען אים א נעריק טון מיט א גאַנצן טורעם איבערן קאָפּ, — וועט עס אים גאָרניט ניט שאַטן. ער זאָגט עס אַליין. פונקט אַזוי איז מיט מעף פּאָטערן. אָט ווען ער זאָל זיין ניכטער, וואָלט ער געוויס פון אַזאַ קיבעד פיפטער געוואָרן...

טאָם האָט ווידער א טראַכט געטון.

— העק, דו ביסט זיכער, אַז מירן זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט קיין רייד?

— צי ווילן מיר יאָ, צי ווילן מיר ניט, מוזן מיר האַלטן די צונג פאַרשפאַרט. פאַרשטייסט דאָך אַליין... באַ דעמדאָזיקן טייוול, בא דעמדאָזיקן מעטיס מאַכט אויס דערשטיקן אונז, פונקט ווי ס׳וואָלט בא אים אויסגעמאַכט דערשטיקן א פּאָר קעצלעך; אויב מיר וועלן נאָר אַרויספלאַפלען, און אים וועט מען ניט אופהייגבען, — זיינען מיר פאַרפאַלענע! הער נאָר, טאָם! אויב מיר מוזן שוין יאָ שווייגן, איז קום, לאָמיר זיך שווערן איינער דעם אַנדערן, אז מירן ניט אויסדערציילן גאָרניט.

— איך בין גרייט, העק. דאס איז דאס סאמע בעסטע. נו, הויב אוף די האַנט...

— אָ, ניין, דאס טויג ניט! דאס וואלט געפּאַסט אין געוויינלעכע איניאָנים, אין קלייניקייטן, באַזונדערס מיט מיידעלעך, ווייל זיי דרייען זיך סייוויסיי אויס און פלוידערן אויס, אַז זיי ווערן בייז; אָבער אין אַזאַ איניען דאַרף מען, אז דער אָפּמאַך זאָל זיין א געשריבענער, און אומבאַדינגט מיט בלוט אָנגעשריבן.

טאָם איז טייקעף איינגעגאַן. דערדאָזיקער אופטו איז געווען סוידעספול און שרעקלעך; די צייט, דער אַרום, אַלע אומשטענדן האבן האַרמאָנירט מיט דעמדאָזיקן אופטו. האט ער, טאָם, אָפּגעזוכט מיט דער הילף פון דער לעוואָנע־שיין א ריין סאָסנאָווע שפּענדעלע, האט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע א שטיק צוקער, האט זיך אַוועקגעזעצט אזוי, אז די שיין איז געפאַלן אפן שפּענדעלע, און האט מיט גרויס מי אויסגעקריצט פּאָלגנדיקע שורעס, צוקנאַקנדיק באַ יעדער וואָרט מיט דער צונג:

„העק פין און טאָם סאָיער שווערן זיך, אַז זיי וועלן האַלטן ס׳מויל וועגן אָט דעם איניען, און זאָלן זיי טייקעף אַנידערפאַלן טויט, אויב זיי וועלן מיט איין וואָרט אַרויסכאַפּן זיך".

העקלבערי איז ניספּאָעל געוואָרן דערפון, וואס טאָם קאן אַזוי גיך און מיט אַזאַ געהויבענעם סטיל שרייבן. ער האט אַרויסגעשלעפּט פון לאַץ א שפּילקעלע און האָט שוין געוואָלט א שטעך טון זיך דערמיט אין א פינגער. נאָר טאָם האָט אים אָפּגעשטעלט.

— וואַרט צו, טו עס ניט! — דאָס שפּילקעלע איז א קופּערנס. מעגלעך, אַז ס׳איז שוין דאָ דערויף גרינער זשאַווער־גיפט.

ער האָט אַרויסגענומען, טאָם, איינע פון זיינע נאָדלען, יעדער איינער פון די אינגלעך האָט זיך א שטאָך געגעבן אין אַ פינגער און ארויסגעקוועטשט פון אים א טראָפּן בלוט. זיי האָבן עס איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל.

באַנוצנדיק דעם מינדסטן פינגער אנשטאָט א פען, האָט טאָם אוועקגעשטעלט אונטן זיינע איניציאַלן, דערנאָך האָט ער אויסגעלערנט העקלבערן, ווי אזוי אָנצושרייבן ה. פ., און דער אָפּמאך איז אונטערגעשריבן

געוואָרן. זיי האָבן פּייערלעך, מיט קאָלערליי צערעמאָניעס און שפּרוכן, פאַרגראָבן דאָס שפּענדל לעבן סאַמע וואַנט, רעכענענדיק, אַז פון איצט אָן זיינען שוין זייערע צינגער פאַרפּענטעט אויף אייביק.

דורך דער הוילעניש אפן צווייטן עק פון דער האלב־כאָרעווער גע־ביידע האָט זיך דורכגעגאַנגעט אַ מענטשישע פיגור, נאָר די אינגלעך האָבן זי ניט באמערקט.

— טאָם, — האָט שטיל געזאָגט העקלבערי, — דו ביסט זיכער, אַז נאָך אָט־דעם וועלן מיר שוין קיינמאָל ניט אויספּלאַפּלען?

— פאַרשטייט זיך, אז כ'בין זיכער. וואָס ס'זאָל ניט טרעפן — אַצינד שטומען מיר. מיר וועלן דאָך טייקעף פאַלן געהאַרגעטע, אויב מירן אַ וואָרט דערציילן. האָסט דען פאַרגעסן?

— יאָ, אַזוי איז עס טאַקע, אָבער...

זיי האָבן ווייטער שטיל-שטיל גערעדט צווישן זיך. פלוצלינג האָט ניט ווייט פון זיי, סאכאקל א שפּאַן צען די ווייט, דערהערט זיך אַ נאָגנדיק־אומעטיקער, צעצויגענער הינטישער געביל.

די אינגלעך האָבן זיך, דערשראָקענע, צוגעטוליעט איינער צום צווייטן.

— אַף וועמען פון אונז בילט ער עס, דער הונט — האָט, קאָם כאַפּנ־דיק דעם אָטעם, א שעפּטשע געטון העקלבערי.

— איך ווייס ניט, — גיב א קוק דורכן לעכל! גיכער!

— ניין, דו גיב א קוק!

— איך קאָן ניט, איך קאָן ניט, העק.

— זיי אַזוי גוט, טאָם... אָט בילט ער נאָכאַמאָל...

— אָ! גאָטעניו, ווי ס'פרייט מיך! — האָט טאָם אַ שעפּטשע געטון, — איך דערקאָן דעם געביל: ס'איז האַרביזאָנס הונט.

— נו, דאַנקען גאָט! ווייסט, איך האָב זיך דערשראָקן אַף טויט, — איך האָב געמיינט, אַז ס'איז א וואָגלענדיקער הונט.

אין אָט־דער רעגע האָט דער הונט זיך ווידער צעבילט. בא די אינגלעך איז ווידער דאָס האַרץ שיר ניט פאַרשטאַרט געוואָרן.

— אַך, ניין! ס'איז ניט האַרביזאָנס הונט, — האָט אַ שעפּטשע געטון העקלבערי, — גיב א קוק, טאָם!

טאָם האָט, ציטערנדיק פון פאַכעד, געפאָלגט און האָט צוגעלייגט די אויגן צום לעכל, — ער האָט שטיל־שטיל ארויסגערעדט:

— אָך, העק, ס'איז אַ וואָגלענדיקער הונט!

— גיב א קוק, טאָם, גיב אַ קוק, אף וועמען בילט ער.

— מיסטאָם אף אונז ביידע. מיר שטייען דאָך איינער לעבן אנ־דערן, גאָר נאָענט איינער פון אנדערן.

— אָך, טאָם, מיר זיינען פאַרפאַלן! איך ווייס שוין אַף געוויס, כ׳וועל אין גענעם אריינפאַלן. איך בין אזא זינדיקער...

— און איך שפּיל זיך שטענדיק אנשטאָט צו לערנען זיך, איך טו שטענדיק אלץ, וואָס מע פאַרווערט מיר טון... איך וואָלט געקאָנט זיין אַ וואוילער, אַ פאָלגנדיקער, אזוי ווי סיד, ווען איך וואָלט נאָר געוואָלט, נאָר מיר האָט זיך, פאַרשטייט זיך, ניט געוואָלט. נו, אויב איך וועל זיך נאָר דאָסמאָל ארויסדראפּען, וועל איך שוין גוט, גוט כאזערן אין דער זונטיק־שול!

טאָם האָט שטיל געכליפּעט.

— דו ביסט א זינדיקער? — און העקלבערי האָט אויך גענומען כליפּען, — וואָס פאַר אַ זינדיקער ביסטו? דו ביסט דאָך מאַמעש א מאַלעך אין פאַרגלייך מיט מ י ר. אָך, גאָטעניו, גאָטעניו, ווען איך זאָל כאָטש אַף דער האַלב זיין אַזוי׳ ווי דו!

טאָם האָט איינגעשלונגען די טרערן און האָט אַ שעפּטשע געטון:

— קוק, העק, זע! — ער שטייט צו אונז מיטן הינטן!

העק איז אַ דערפרייטער צו צום לעכל.

— טאַקע מיטן הינטן, אַף מיין וואָרט... ער איז פריער אויך אזוי געשטאַנען?

— נו, יאָ. און איך, שויטע, האָב עס ניט באמערקט.

— אָט דאָס איז גוט. אָבער אַף וועמען קאָן ער עס בילן?

דער הונט האָט אופגעהערט צו בילן. טאָם האָט זיך איינגעהאָרכט.

— ט ס ס! וואָס איז עס?

— ווי ס׳וואָלטן... ווי ס׳וואָלטן כאַזיירים געכריוקעט. ניין, דאָס כראָפּעט עס עמעצער, טאָם.

— כראָ־פּעט? איז וואו כראָפּעט ער עס, העק?

— ווייזט אויס, אין יענער עק קאַמער. דאָס כראָפּעניש גייט, דאכט זיך, פונדאָרטן. מיין טאטע פלעג דאָ אמאָל נעכטיקן צוזאַמען מיט די כאזיירים, נאָר ער, אז ער צעכראָפּעט זיך, איז — האַלט זיך, ער וועט דיך מיט זיין כראָפּעניש פון די פיס אוועקוואַלגערן. און, אכוצדעם, כ׳מיין, ער וועט שוין קיינמאָל ניט אומקערן זיך אין אונזער שטאָט אַריין.

דער גייסט פון אונטערנעמערישקייט האָט ווידער פאַרכאַפּט די אינגלעך.

— העק, דו וועסט גיין אהין, אויב כ׳וועל דיך פירן?

— כ׳האָב קיין כיישעק ניט צו גיין, טאָם. און טאָמער טרעפן מיר דאָרט פלוצלינג אינדזשען דזשאָן?

טאָם האָט זיך געקווייקלט. אָבער דער כיישעק איז צו גרויס געווען. האָבן ביידע אינגלעך באשלאָסן גיין א קוק טון, — זיי האָבן אויסגענו־

מען טייקעף פֿאַרקערעווען צוריק, ווי נאָר דאָס כראָפּעניש וועט אופהערן. זיי האָבן אף די שפּיץ פינגער, איינער נאָכן אנדערן, גענומען אונטער־גאַנווענען זיך צום שלאָפנדיקן. ווען זיי זיינען שוין געבליבן בלויז עט־לעכע שפּאַן, האָט טאָם אַרופגעטראָטן אף א שטעקן; דער שטעקן האָט זיך צעבראָכן און האָט אַ קנאַק געטון. דער שלאָפנדיקער האָט גענומען קרעכצן, האָט זיך אויסגעדרייט אף דער צווייטער זייט, און די לעוואָנע־שיין איז געפאַלן אף זיין פּאָנים. געווען איז עס מעף פּאָטער. דאָס בלוט איז בא די אינגלעך פֿאַרשטאַרט געוואָרן. זיי זיינען פֿאַרגליווערט געוואָרן אף זייערע ערטער, ווען דער שלאָפנדיקער האָט זיך א דריי געטון; נאָר דערנאָך איז די מוירע אוועק פון זיי. זיי האָבן זיך אף די שפּיץ פינגער דערשלעפּט ביז דער לאָך אין וואנט, זיינען ארויסגעקראָכן און האָבן גענומען געזעגענען זיך. דאָ האָט באנייס דערהערט זיך אַ שרעק־לעכער, קוויטשיקער געביל. זיי האָבןביידע מיטאמאָל זיך אומגעקוקט און האָבן דערזעען א פרעמדן הונט, וואָס שטייט א צוויי שפּאַן די ווייט פון יענעם אָרט, וואו ס'ליגט פּאָטער — דער הונט שטייט מיטן פּיסק צו פּאָטערן און מיט אַן ארוף־אויפגעהויבענער נאָז.

— האָט ער עס, דער הונט, אף אים געבילט, — האָבן ביידע אינג־לעך מיטאמאָל ארויסגערעדט.

— ווייסט וואָס? מע זאָגט, אַז לעבן דזשאָני מילערס הויז האָט גע־בילט א פֿארבלאָנדזשעטער הונט פונקט צוועלף אזייגער באַנאַכט, — שוין אַ וואָכן צוויי דערין, — און אויך דער „ציגנמעלקער” האָט בא אים אין וואַנט געזונגען דעמזועלבן אפדערנאַכט, נאָר ביז היינטיקן טאָג איז נאָך קיינער, דאַנקען גאָט, ניט געשטאָרבן אין דעם הויז.

— איך ווייס, — נו, נאָר וואָס איז דערפון געדרונגען? איז דען גרעסי מילער אין דעם נאָענטסטן שאַבעס נאָכדעם ניט אריינגעפאַלן אין איי־ווילע אריין און ניט אָפּגעבריט זיך?

— יאָ, נאָר זי איז דאָך ניט געשטאָרבן. זי ווערט דאָך שוין גע־זונט אפילע.

— גוט, גוט, ווארט צו, ועסט זען, וואָס ס'וועט זיין. געזונט וועט זי שוין ניט ווערן. זי איז א פאַרפאַלענע, פונקט ווי ס'איז א פאַרפאַלענער מעף פּאָטער. די נעגרען זאָגן, אז אזוי איז עס, זיי ווייסן עס גוט, העק.

דערמיט האָבן זיך די אינגלעך צעשיידט.

אַז טאָם איז אַריינגעקראָכן דורכן פענצטער צוריק אין שלאָפצימער אַריין, איז די נאַכט שוין קימאַט געווען פאַרבייגעגאַן. ער האָט זיך שטיל־שטיל אויסגעטון, פרייענדיק זיך, וואָס קיינער האָט זיך ניט דערוואוסט וועגן זיין נאַכט־רייזע. ער האָט ניט באַמערקט, אַז סיד, וואס האָט שטיל

געכראָפּעט, איז אינדערעמעסן ניט געשלאָפן — סיד האָט זיך שוין צוריק מיט אַ שאָ אופגעכאַפּט.

אַז טאָם האָט געעפנט די אויגן, איז סיד שוין לאַנג געווען אוועקגעגאַנגען. לויט דער טאָג־שיין און לויט אַלץ אין צימער איז צו דערקאָנען געווען, אַז ס'איז שוין זייער שפּעט. טאָם איז דערשטוינט געוואָרן. פאַרוואָס האָט מען אים ניט אופגעוועקט, פאַרוואָס האָט מען אים ניט געצוואונגען אופשטיין, ווי ס'טרעפט שטענדיק? ס'איז אים שוידער באַפאַלן; ער האָט געהאַט אַ בייז פאָרגעפיל. אין א פינף רעגעס האָט ער זיך אָנגעטון און איז אראָפּגעגאַנגען אַראָפּ, כאָטש געפילט האָט ער זיך ניט־געזונט און ס'האָט אים געצויגן צום שלאָף. דאָס גאַנצע הויז־געזינד איז פאַרזאַמלט געווען ארום טיש, נאָר דעם פרישטיק האָט מען שוין געענדיקט. קיינער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט טאָמען, קיינער האָט אים מיט קיין שלעכט וואָרט ניט געערגערט. בלויז לויט דער מומעס אויגן האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי וויסט. אַלע האָבן געשוויגן, און אַלע האָבן געהאַט אזא פייערלעך אויסזען, אַז באַם שולדיקן איז א קרירע דורך איבערן לייב פאַר מוירע. ער האָט זיך אנידערגעזעצט און האָט זיך געמיט זיין פריילעך. אומזיסט האָט ער זיך געמיט! קיינער האָט אפילע מיט קיין שמייכל ניט אָפּגערופן זיך אַף זיינע שפּאַסן. איז ער אויך אנשוויגן געוואָרן, פילנדיק, אַז סע שוידערט אים דורך און דורך.

נאָכן פרישטיק האָט די מומע אים אוועקגעפירט אין אַ זייט אריין, און טאָם איז קימאַט פריילעך געוואָרן, האָפענענדיק, אז דער איניען וועט זיך באַגרענעצן בלויז מיט שמיץ; נאָר ארויסגעקומען איז ניט אזוינס. די מומע האָט זיך צעוויינט, פרעגנדיק, ווי האָט עס אים געקלעקט מוט אַף אַזוי צעברעכן איר אלט האַרץ. זי האָט געזאָגט, אז אצינד מעג ער טון, וואָס נאָר ס'פאַרגלוסט זיך אים. ער מעג אומברייגען זיך, כאָרפעס אָנטון איר עלטער, פאַריאָגן זי אין קייווער אריין — אלציינס, מאַכן אים פאַר א לייט איז אומעגלעך; זי וועט שוין אפילע ניט פּרוואוון עס טון.

דאָס איז געווען ערגער פון שמיץ, און טאָמס האַרץ האָט איצט וויי געטון נאָך מער, ווי דאָס לייב. ער האָט זיך אליין אויך צעוויינט, האָט געבעטן מעכילע, האָט געגעבן אָן אַ שיר האַוטאָכעס אויסצובעסערן זיך. ענדלעך, האָט מען אים אָפּגעלאָזט. נאָר געפילט האָט ער, אז דער מומעס פאַרגעבונג איז ניט פון פולן האַרצן און אז דער צוטרוי צו אים איז זייער שוואַך. ער איז ארויסגעגאַנגען פון שטוב אזא אומגליקלעכער, אַז ער האָט אַפילע ניט געוואָלט נעקאָמע נעמען אין סידן, וואָס האָט אים אויסגעגעבן, — סיד האָט אומזיסט־און־אומנישט געאײַלט זיך מאַכן די פּלייטע דורך דער הינטערשטער טיר.

געקומען איז טאָם אין שול אריין א פינצטערער, א מאָרעשכוירע־דיקער. ער האָט באַקומען צוזאַמען מיט דזשאָ גאַרפערן די שטראָף פאַר נעכטיקער שפּיל, האָט אָנגענומען די שטראָף מיטן אויסזען פון אַ מענטשן, וואָס איז דערשלאָגן פון אומגליק און איז ניט פילבאַר צו קלייניקייטן. אַז ער האָט זיך אומגעקערט אױף זיין אָרט, האָט ער ארופגעלייגט די הענט אַפן פיופּיטר, — דעם קאָפּ אַרופגעלייגט אױף די הענט און, פארביסן די דלאָניע, האָט ער זיך פאַרקוקט אַף דער וואנט: זיין בליק איז פול געוועזן מיט לייד, וואָס האָט ביז איר עקסטן גרענעץ דערגרייכט און קאָן שוין ווייטער אין ערגעץ ניט גיין. זיין עלנבויגן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין עפּעס אַ האַרטער זאַך, ס'האָט אים דערפון ווײ געטון. נאָר ערשט הער־שפּעטער האָט ער אומעטיק געביטן די לאגע פון די הענט, האָט אַ זיפץ געטון און האָט גענומען די זאַך. די זאך איז פאַרוויקלט געווען אין א פּאַפּירל. טאָם האָט עס צעוויקלט. אַ טיפער, לאַנגער, גוואַלדיקער קרעכץ האָט זיך פון זיין ברוסט ארויסגעריסן. זיין האַרץ איז צעשמע־טערט געוואָרן. געווען איז עס דאָס קופערן קייקעלע, וואָס ער האָט אוועקגעשיינקט בעקין.

## קאַפּיטל XI.

ארום מיטאָג האָט זיך איבערן גאַנצן שטעטל פלוצלינג פאַרשפּרייט דאָס שרעקלעכע נייס. וועגן טעלעגראַף האָט מען אין יענע צייטן אפילע ניט געטרוימט, נאָר ער איז איבעריק געווען, דער טעלעגראַף, — דאָס נייס איז סיוווי געגאַן פון מויל צו מויל, פון שכיינים צו שכיינים, פון הויז צו הויז מיט טעלעגראַפישער שנעלקייט. פאַרשטייט זיך, אַז די שול האָט מען אין אָט־דעם טאָג פאַנאַנדערגעלאָזט: די גאַנצע שטאָט וואָלט עס געהאַלטן פאַר אַ מעשונעדיקן אופטו, ווען דער לערער וואָלט זיך ניט אָנשטויסן וועגן דעם. לעבן דעם דערהאַרגעטן האָט מען געפונען אַ פאַרבלוטיקט מעסער, און ווי מ'האָט דערציילט, דערקאָנט האָט מען, אַז ס'געהער, דאָס מעסער, מעף פּאָטערן. מ'האָט אויך גערעדט, אז באַ־נאַכט, אַרום אַזייגער צוויי, האָט איינער א איינוואוינער, אומקערנדיק זיך שפּעט אהיים, געטראָפן פּאָטערן וואַשנדיק זיך אין א ריטשקע, — אז פּאָ־טער האָט דעם איינוואוינער דערזען, איז ער טייקעף אַנטלאָפן. דאָס אַלץ איז כאָשעדיק געווען, באַזונדערס — דאָס וואשן זיך: באַ פּאָטערן איז וואשן זיך געווען גאָר אַ זעלטענע זאַך. גערעדט האָט מען אויך, אַז די פּאָליציי האָט ארומגענישטערט די גאַנצע שטאָט, זוכנדיק דעם מערדער (דער אוילעם געפינט שטענדיק זייער שנעל באַווייזן און טראָגט שטענדיק זייער שנעל אורטיילן ארויס), נאָר אינערגעץ האָט מען

דעם מערדער ניט געקאָנט געפינען. געשמועסט האָט מען אויך, אז אין אַלע ריכטונגען האָט מען צעשיקט רייטער, און דער שעריף איז זיכער, אַז ביז אפדערנאַכט נאָך וועט מען דעם מערדער פּאַקן.

די גאַנצע שטאָט האָט באַזוכט דעם צווינטער. טאָם האָט פאַרגעסן אין זיין צעשמעטערט הארץ און איז איניינעם מיט אלעמען געקומען — ניט דערפאַר, וואָס ס'האָט זיך אים געוואָלט: ער וואָלט בעסער אַ באַלן געוואָען געפינען זיך אַ טויזנט מייל די וויט פונדאָרטן, — נאָר ס'האָט אים געצויגן אהין עפּעס אַ גוואלדיקער, געהיימער קויעך. געקומען אפן צווינטער, האָט ער זיך דורכגעשטופּט סאַמע פאָרנט און האָט ווידער אמאָל דערזעען דאָס שוידערלעך בילד. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז פון זינט ער איז דאָ געווען איז שוין א אייביקייט דורך. עמעצער האָט אים א קניפּ געטון אין דער האנט. ער האָט זיך אומגעקוקט: לעבן אים איז געשטאַנען העקלבערי. זיי האָבן אַ קוק געטון איינער דעם אַנ־דערן אין די אויגן און דערנאָך אומגעקוקט זיך, צי קיינער האָט גאָרניט באַמערקט אין זייערע בליקן, — דער גאַנצער אוילעם איז פאַרנומען געווען מיטן שוידערלעכן בילד.

ס'אַראַ אומגליקלעכער יונג, דער דאָקטער ראָבינזאָן! אָט קאָנען פון אים אַ מוסער אַראָפּנעמען אלע רויבער פון טויטע קערפּערס! און פאָר־טערן וועט מען דאָך אופהיינגען, אויב מ'וועט אים פּאַקן. ער וועט זיך ניט אויסדרייען פון דער טליע. דאָס איז אלעמענס מיינונג געווען. און דער גאַלעך האָט דערויף געזאָגט:

— „ס'איז גאָטס שטראָף".

טאָמען האט פלוצלינג פיבערן גענומען: ער האט ניט־ווייט פון זיך דערזעען אינדזשען דזשאָס פינצטער פּאָנים. אין דעמזעלבן אויגנבליק האט זיך דער האַמוין א רוק געגעבן אף צוריק, קוועטשנדיק איינער דעם אַנ־דערן. ס'האָבן זיך דערהערט געשרייען:

— ס'איז ער, ער! ער גייט אַליין!

— ווער? ווער? — האָבן צוואַנציק קוילעס מיטאַמאָל געפרעגט.

— מעף פּאָטער!

— זעט נאָר, ער האט זיך אָפּגעשטעלט. אָט פאַרקערעוועט ער. האַלט אים, אַניט וועט ער אַנטלויפן!

עמעצער, וואס איז געזעסן אף א בוים איבער טאָמס קאָפּ, האט גע־זאָגט, אז ער רעכנט אפילע ניט אַנטלויפן, מעף פּאָטער, — ער איז נאָר צעטומלט, ער ווייסט ניט, וואס זאל ער טון.

— ס'אַרא פרעכע אומפאַרשעמטקייט! — האט געזאגט א צווייטער, — ער איז געקומען אָנקוועלן דערפון, וואס זיינע הענט האבן אָפּגעטון, און ער האט זיך ניט געריכט טרעפן דאָ א אוילעם.

דער האַמוין האט געמאַכט א וואַרע, און צום קייוועך איז פייערלעך צוגעגאַן דער שעריף, פירנדיק בא א האַנט פּאָטערן. דער אומגליקלעכער פּאָטער איז אינגאַנצן צעמישט געווען, און אין די אויגן זיינע האט געפלאַטערט מעשוגענע מוירע. אַז ער האט דערזעען דעם דערהאַרגעטן, האט זיין גאַנצער קערפּער גענומען טרייסלען זיך. ער האט פארשטעלט דאס פּאָנים מיט די הענט און האט זיך צעיאָמערט.

— איך האב אים, פריינט מיינע, ניט געהאַרגעט, — האָט ער גערעדט יאָמערנדיק, — אף מיין ערן וואָרט, ניט געהאַרגעט.

— ווער באַשולדיקט דיך דען? — האָט זיך צעדונערט עמעצנס קאָל.

פּאָטער האט אופגעהויבן דעם קאָפּ און האט זיך האָפענונגלאָז אַרומגעקוקט. ער האט דערזעען אינדזשען דזשאָען און האט אויסגעשריגן:

— אָ, דזשאָ, דו האסט מיר צוגעזאָגט, אז דו וועסט קיינמאָל...

— דאס איז אייער מעסער? — האט אים איבערגעשלאָגן דער שעריף און האט צום סאמע פּאָנים צוגעטראָגן דאס מעסער.

פּאָטער וואלט אומגעפאַלן, ווען מע וואָלט אים ניט אונטערגעהאלטן און פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אים אף דער ערד. דערנאך האט ער געזאָגט:

— עפּעס האט מיר דאס האַרץ געזאָגט, אז אויב כ'וועל ניט גיין אַהין און וועל ניט געפינען...

ער האט א פלאטער געטון און האט האָפענונגלאָז א פּאָכע געטון מיט דער האַנט.

— זאָג זיי, דזשאָ, — וואָס שווייגסטו?

העקלבערי און טאָם זיינען געפּלעפּט געווארן פון שוידער. זיי האבן אויסגעסטאָרטשעט די אויגן אַפן מערדער. אינדזשען דזשאָ האט, אף קיין רעגע ניט פאראיקענדיק זיך, דערציילט אַן אויסגעטראַכטע רעציכעסצענע. די אינגלעך האבן יעדער רעגע געוואַרט, אז אָט־אָט וועט אינם לויטערן הימל א גלאַנץ טון אַ בליץ און וועט דערשלאָגן דעם מערדער. זיי האבן זיך געכידעשט, וואס גאָטס שטראָף פארזאַמט זיך אזוי לאַנג. אַז דזשאָ איז אויך נאך דעם, ווי ער האט פארענדיקט זיין דערציילונג, געבליבן שטיין געזונט און שטאַרק, איז בא די אינגלעך דער אף א רעגע דערשינענער כיישעק צו אויוועך זיין אף דער שוואוע און ראַטעווען דאס לעבן דעם אומשולדיקן פּאָטערן — אינגאַנצן פאַרביי: זעט אויס, אָט דער מערדער האט פאַרקויפט זיין נעשאָמע דעם טייוול, — דאָרט, וואו ס'איז פאַרמישט דער טייוול, טאָר דאָך קיין מענטש זיך שוין ניט אַריינמישן, אַניט וועט ער, דער מענטש, אומקומען.

עמעצער האט געפרעגט בא פּאָטערן:

— איז פארוואָס ביסטו ניט אַנטלאָפן? פאַרוואָס ביסטו געקומען אַהער?

— איך האָב ניט געקאָנט אַנדערש, ניט געקאָנט! — האָט אַרויסגע־קרעכצט פֿאָטער, — איך האָב געוואָלט אַנטלויפֿן, נאָר די פֿיס אַליין האָבן מיך פֿאַרשלעפּט אַהער.

און ער האָט זיך ווידער צעיאָמערט.

אינדזשען דזשאָ האָט אין עטלעכע רעגעס אַרום, פּונקט אַזוי רואיק ווי פֿריער, איבערגעכאַזערט זײַן דערציילונג פֿאַר דעם אויספֿאָרשער און געגעבן אַ שוואָוע, אַז ער דערציילט הוילע עמעס. די אינגלעך, זעענדיק, אַז אַ דונער פֿון הימל האָט אים פֿאָרט ניט דערשלאָגן, האָבן זיך ענד־גילטיק איבערצייגט, אַז דער מעטיס האָט פֿאַרקויפֿט זײַן נעשאָמע דעם טייוול. זיי האָבן שרעקלעך מוירע געהאַט פֿאַר אים. נאָר אין דערזעל־בער צייט איז ער אַצינד געוואָרן פֿאַר זיי אינטערעסאַנטער פֿון אַלץ אויף דער וועלט, זיי האָבן ניט געקאָנט אָפּרייסן פֿון זײַן פּאָנים זייערע פֿאַר־צויבערטע אויגן. פֿאַר זיך האָבן זיי באַשלאָסן נאָכצושפּירן נאָך אים בײַ־נאַכט, ווען ס׳וועט זיך נאָר אײַנגעבן, קעדײַ כאָטש אויף אַ ווײַלע דערזען זײַן שוידערלעכן באַלעבאָס...

טאָמס מוירעדיקער סאָד און זײַנע געוויסן־ערגערנישן האָבן אים אַ גאַנצע וואָך, אויב ניט מערער, שלאָפֿן ניט געלאָזט בײַנאַכט. איינמאָל אינדערפֿרי, בעת׳ן פֿרישטיק, האָט סיד אַ זאָג געגעבן:

— טאָם, דו דרייסט זיך אַזוי און דו רעדסט אַזוי פֿון שלאָף, אַז איך קאָן בעשומוים ניט אַנשלאָפֿן ווערן; איך בין אַ האַלבע נאַכט ניט געשלאָפֿן.

טאָם איז בלייך געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— ס׳אַ שלעכטער סימען, — האָט מיט אַ ערנסטן טאָן געזאָגט די מומע פּאָלי, — וואָס טוט זיך עס מיט דיר, טאָם?

— גאָרניט, — אויף וויפֿל איך ווייס, גאָרניט.

דאָך האָבן זײַנע הענט אַזוי געציטערט, אַז ער האָט איבערגעקערט די גלאָז מיט קאַווע.

— און ריידן רעדסטו אַלץ עפּעס אַזעלכע נאַרישקייטן, — האָט ווײַ־טער דערציילט סיד, — נעכטן בײַנאַכט האָסטו גערעדט: „ס׳איז בלוט, בלוט, אָט וואָס ס׳איז!״ און האָסט עס איבערגעכאַזערט אָן אַ שיר מאָל. דערנאָך האָסטו גערעדט: „פּײַניקט מיך ניט אַזוי, — איך וועל אויסזאָגן״. וואָס וועסטו עס אויסזאָגן?

אַלץ האָט פֿאַר טאָמס אויגן גענומען דרייען זיך און אַרומשווימען. שווער צו זאָגן, וואָס ס׳האָט געקאָנט טרעפֿן, נאָר, צום גליק, איז אין אָט־דער רעגע דער אומרו־אויסדרוק פֿאַרשוואונדן פֿון דער מומע פּאָליס פּאָנים און זי איז, אַליין ניט וויסנדיק דערפֿון, געקומען טאָמען צו הילף.

— דאָס איז אַלץ איבער יענעם שרעקלעכן מאָרד. מיר אַליין כאָלעמט זיך עס קימאַט אַלע נאַכט. אָפט זע איך אין כאָלעם, אז דאָס האב איך עס אים געהאַרגעט.

מערי האָט געזאָגט, אַז מיט איר טרעפט אויך דאָסזעלבע, און סיד האט זיך, זעט אויס, באפרידיקט מיט אָט־די דערקלערונגען. טאָם האט געאײַלט אַוועקגיין פון זײַנע היימישע, און ער האט זיך גאָר אינגיכן אַרויסגעדרייט פון זיי.

נאָכדעם פלעגט ער אַנערעך אַ וואָך, באַקלאָגנדיק זיך אף צײַן־ווייטיק, צונויפּציִען זיך דאס מויל אף באנאכט מיט אַ טיכל, קעדיי ניט פלאַפּלען פון שלאָף. ער האט ניט געוואוסט, אז סיד שלאָפט ניט אומיסטן באנאַכט און אָפט צעציט ער דאס טיכל, הייבט זיך אוף אף די עלנבויגנס און הערט זיך צו צום ברודערס רייד פון שלאָף, דערנאך מאַכט ער ווידער צורעכט דאָס טיכל. טאָמס געוויסן־ערגערניש און זײַן אופגערעגטער צו־שטאַנד האבן זיך צוביסלעך איינגעשטעלט; ס׳איז אים נימעס געוואָרן צו קלאָגן זיך אף צײַן־ווייטיק, און ער האט שוין מער ניט פארבונדן דעם קאָפּ אף נאַכט. אויב סיד האט אַפילע געמאַכט וועלכע ס׳ניט איז אויס־פירן פון די שטיקלעך ווערטער, וואס טאָם האט גערעדט פון שלאָף, האט ער זיי, סיד, געהאלטן בעסאָד. טאָמען האט זיך געדאַכט, אז זײַנע כאַוויירים אין שול וואָלטן באדארפט אופהערן צו אינטערעסירן זיך מיט געפּייגערטע קעץ: יעדער דערמאנונג וועגן געפּייגערטע קעץ פלעג בא־נייען דעם אומרו אין זײַן נעשאָמע. סיד האט באַמערקט, אז בעאייס די אויספאָרשונגען וועגן דער געפונענער געפּייגערטער קאַץ פלעג איצט טאָם קיינמאָל ניט נעמען אף זיך די ראָלע פון א אויספאָרשער; דאס איז מעשונעדיק געווען. באמערקט האט סיד אויך, אז טאָמען עקלט אַצינד פון אַזעלכע מינים שמועסן, און ווען ס׳איז נאָר מעגלעך, דרייט ער זיך אויס פון זיי. סיד האט זיך געכידעשט, נאָר ער האָט געשוויגן. אינגיכן האבן אויך אָט־די שמועסן אופגעהערט און האבן מער ניט צערודערט טאָמס געוויסן.

אין דערדאָזיקער שווערער צײַט פלעג טאָם יעדער פרימאָרגן, אָדער א טאָג איבער א טאָג, פּאַקן א פּאַסיקע רעגע אף צוצוקומען צום קליי־נינקן פאַרגראַטעטן פענצטערל פון דער טורמע, וואו ס׳איז געזעסן פאַר־שפאַרט דער „מערדער“. ער פלעג„ טאָם, ביגנייווע ברייגגען דעם „מער־דער“ קאָלערליי נאַשערייען, אַלץ, וואס ער האט נאר געקאנט קריגן. די טורמע־געביידע איז געווען א קלייניגקע; געבויט איז זי געווען פון ציגל, אף א זומפּ, באַם סאַמע עק שטעטל. קיין שוימער איז לעבן איר ניט געווען, און זעלטן ווען פלעג זי אייגנוואוינער פאַרמאָגן. די קליינע מאַ־טאָנעס פלעגן היפש באַרואיקן טאָמס געוויסן.

די-איינוואוינער פון שטעטל האבן גרויס כיישעק געהאט צו באשטראָפן דעם מעטיס אינדזשען דזשאָ פאַרן רויבן מייסים. זיי האבן געוואָלט אויסשמירן אים מיט סמאָלע, איינוואַלגערן אים אין פעדערן און אין אַזאַ אויסזען אַרויסטרייבן אים פון שטאָט. נאר אַלע האבן אַזוי מוירע געהאַט פאר אים, אז ס'האט זיך ניט געפונען קיין איין מענטש, וואס זאָל זיך נעמען דערצו. דעריבער איז עס צו נישט געוואָרן. בעאייס דער אויספאָרשונג האט דער מעטיסביידע מאָל אָנגעהויבן זיין דערציילונג גלייך פונם געשלעג, ניט דערמאנענדיק וועגן דער פאַרשוועכונג פון קייווער און וועגן דעם אַוועקרויבן דעם מעס; דעריבער האט מען איינגעפונען, אַז ס'איז בעסער דערווייל ניט שטעלן די פראַגע וועגן דעם אין געריכט.

## קאפיטל XII.

טאָמס געהיימער ווייטיק האָט זיך ווייט-ווייט פאַרוקט. שולדיק איז דערין געווען אויך דאס, וואס באַוויזן האט זיך בא אים אַ נייע ערנסטע זאָרג. בעקי טעטשער האט אופגעהערט קומען אין שול אַריין. טאָם האט זיך עטלעכע טעג געראַנגלט מיט זיך, נאָר ס'האָט אים ניט געהאָלפן: ער האט אָנגעהויבן אַלע נאַכט אַרומבלאָנקען אַרום איר פאָטערס הויז און האט זיך געפילט זייער אומגליקלעך. בעקי איז קראַנק געווען. און טאָמער שטאַרבט זי? דערדאַזיקער געדאַנק האט אים רוען ניט געלאָזט. ער האט זיך מער ניט אינטערעסירט מיט קיין מילכאָמעס, אַפילע מיט קיין יאַם-רויב שוין ניט אינטערעסירט זיך מער. דער גאַנצער טאַינעג פונם לעבן איז פאר אים פאַרשוואונדן געוואָרן, פאַרבליבן איז בלויז אַ לאַנגווייַליקע נויטווענדיקייט. ער האט אַפילע פארשליידערט זיין רייף און זיין שטעקן; זיי האבן אים מער שוין ניט געפרייט. די מומע, וועלכע ס'האט באַומרואיקט זיין צושטאַנד, האט גענומען היילן אים, אויספראָבירנדיק אַף אים קאָלערליי מיטלען. זי איז געווען פון יענע לייט, וואס כאַפּן היספּאַילעס פון קאָלערליי פּאַטענטירטע רעפּועס און קאָלערליי באַנייַס-דערפונדענע מיטלען צום אופשטעלן דאס געזונט. זי פלעג קיינמאָל ניט מיד ווערן צו מאַכן עקספּערימענטן מיט זיי. ווי נאָר ס'פלעג אין רעפּועס-געביט באוויזן זיך עפּעס נייס, פלעג זי אַליין אויספּרואוון עס — ניט אַף זיך, — זי אַליין האט קיינמאָל ניט געקרייַנקט, — נאר אפן ערשטן בעסטן, וואָס איז איר געקומען צו די הענט.

אין יענער צייט האט אָנגעהויבן א מאָדע ווערן די וואַסער-היילונג, און טאָמס געדריקטער צושטאַנד האט סאַמע גוט צוגעטראָפן. די מומע פלעג אים אופוועקן גאַנצפרי, אַוועקפירן אים אין האָלץ-קאַמער און דאָרט

באַגיסן אים מיט שטראָמען קאַלטע וואַסער, רײַבן אים ביז אָנגעגליט־קייט מיט האַנטעכער, האַרטע אַזוי ווי קעמלעך; דערנאָך פלעג זי אים איינוויקלען אין אַ נאַסן לײַלעך און איינדעקן מיט וואַרעמע קאָלדרעס, ער זאָל פּיין אָפּשוויצן. דער אומגליקלעכער טאָם פלעג שוויצן ביזוואַנען ס'פלעגן (לויט זיין אייגענעם אויסדרוק) „אַלע פלעקן פון דער נעשאָמע דורך די שפּאַרונעס באַווייזן זיך אינדרויסן״.

ניט געקוקט אויף אָט־דעם אַלעמען, איז דאָס אינגל אַלץ מער בלייך און דאַר געוואָרן. א אויסזען האט ער געהאט א קלאָגעדיקן. דאַן האט די מומע צוגעגעבן צו דער פריערדיקער היילונג — הייסע ביטלעך, זיך־ביטלעך און אַראָפּלאָז אין וואַסער. דאָס אינגל איז אַלץ געווען מאָרע־שכוירעדיק אַזוי ווי א באַגרעבער־מיטע. דאַך האט די מומע דערפולט די היילונג מיט א גרינגער האָבער־דיעטע און מיט מאַקע־פּלאַסטערן. זי פלעג יעדן טאָג אריינגיסן אין אים, ווי אין א קרוג אַריין, אַ יאַם מיט קאָלערליי רעפּועס.

טאָם איז ביסלעכווייס געוואָרן לאַכלוטן קאַלטבלוטיק צו אָט־דעם אַלעמען, — דאָס האט זייער געערגערט די אַלטיטשקע. ס'איז נייטיק געווען אומבאַדינגט אַרויסציען אים פון אזאַ גלייכגילטיקן צושטאַנד. אין אָט־דער צייט האט זי דאָס ערשטע מאָל דערהערט וועגן א נייער רעפּוע, „יעסורים־פאַרטרייבער״, און האט זי טייקעף אויסגעשריבן אין א גרויסער צאָל עקזעמפּליאַרן; דערנאָך האט זי פּארזוכט זי, און איר האַרץ איז פול געוואָרן מיט דאַנקבאַרקייט. ס'איז געווען עמעס פייער אין פליסיקן געשטאַלט. זי האט אַוועקגעוואָרפן די וואַסער־היילונג און אלע אַנדערע היילונגען און האט די לעצטע האָפענונג פארבונדן מיטן „יעסורים־פאַרטרייבער״. זי האָט געגעבן טאָמען אויסטרינקען א פול טיי־לעפעלע און האט מיט פארשטארטן האַרץ געוואַרט אויף די רעזולטאַטן. איר אומרו איז מאָמענטאַל פאַרביי, און איר נעשאָמע האט זיך באַרואיקט: דער גלייכגילטיקער צושטאַנד טאָמס איז באַשטימט טייקעף פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט אַרויסבאַוויזן היציקע, לעבעדיקע פאַרינטערעסירטקייט צום פרואוו.

טאָם האט דערפילט, אז שוין צייט טאַקע אינדערעמעסן אופכאַפּן זיך. ער האט גענומען צוטראַכטן קאָלערליי מיטלען אויף פּאָטער צו ווערן פון ווייטערדיקע עקספּערימענטן איבער זיך, און סאָפּקאָלסאָף איז ער געפאַלן אויף א געדאַנק מאַכן דעם אָנשטעל, אז דער „יעסורים־פאַרטרייבער״ האט בא אים זייער אויסגענומען. ער האט אַזוי אָפט געבעטן מע זאָל אים געבן אָט־די רעפּוע, אַז ער איז, ענדלעך, נימעס, געוואָרן דער מומען, און זי האט אים געהייסן איינעמען די רעפּוע אַליין, ווען ס'פאַרגלוסט זיך אים, און זי זאָל ער צורו לאָזן. ווען זי זאָל האבן צו טון מיט סידן, וואָלט אין איר עמעסער פרייד ניט געווען קיין שום צומיש

פון װעלכער־ס'ניט־איז אומרואיקייט, נאָר אַזוי װי געהאַנדלט האָט זי מיט טאָמען, האט זי שטילערהייט נאָכגעשפּירט נאָכן פלעשל. די רעפּוע פלעג טאַקע, װירקלעך, װייניקער װערן, אָבער דער מומען איז אַפילע אַפן זינען ניט געקומען, אַז טאָם היילט ניט זיך, נאָר דעם שפּאַלט אַפן דיל פון גאַסט־צימער.

איינמאָל, װען טאָם האט אף אזאַ אופן געגאָסן די רעפּוע אין שפּאַלט אריין, איז צו אים צוגעגאַן דער מומעס געלער קאָטער. דער קאָטער האט געמורליקעט און גיריק געקוקט אפן לעפל, װי ער װאָלט געבעטן מ'זאָל אים געבן פאַרזוכן.

— אָך, קאָטערל, בעט בעסער ניט — ס'איז לאַכלוטן איבעריק פאר דיר.

נאָר דאס קאָטערל האט געגעבן צו פאַרשטיין, אז ס'איז פאר אים לאַכלוטן ניט איבעריק.

— איז זע־זשע, זאָלסט קיין טאָעס ניט האָבן, — װעסט כאַראָטע האָבן...

דאָס קאָטערל איז געװען זיכער, אז ס'װעט קיין כאַראָטע ניט האָבן.

— נו, אויב דו בעטסט אַזוי, װעל איך דיר־געבן, איך בין ניט קיין קאַמצן. נאָר זע־זשע, אויב ס'װעט דיר ניט געפעלן — האָב טאַינעס צו זיך אַליין.

דאס קאָטערל האט מאַסקים געװען; טאָם האט אים צעעפנט דאָס מויל און האט אַהין אַריינגעגאָסן א לעפל „יעסורים־פאַרטרייבער". דאס קאָטערל איז אונטערגעשפּרונגען אף צוויי אַרשין די הייך, האט אַרויס־געלאָזט א קאמפּס־רוף און האט זיך צעשליידערט איבערן צימער, פאַר־טשעפּענדיק זיך אין מעבל, איבערקערנדיק װאַזאָנעס און אָנמאַכנדיק א מוירעדיקן געפּילדער. דערנאָך האט ער געגומען טאַנצן, דער קאָטער, אף די הינטערשטע לאַפּקעס, אין דולער פרייד, מיט קאָפּ פאַרװאָרפענעם אף צוריק און מיט קװיטשערייען װעגן זיין אומגעהייערן גליק; דערנאָך האט ער זיך װידער צעיאָגט איבערן גאַנצן הויז, איבערלאָזנדיק אומע־טום אף זיין װעג — כאַאָס און כורבונעס. די מומע פּאָלי איז אַריינגע־קומען פּונקט אין דער רעגע, װען ער האָט געמאַכט עטלעכע גאָר־מע־שונעדיקע סאַלטאָ־מאָרטאַלן און איז מיט װילדער מיאַוקעניש אַרויסגע־שפּרונגען דורכן אָפענעם פענצטער, פאַרשלעפּנדיק מיט זיך די עטלעכע גאַנץ־פאַרבליבענע װאַזאָנעס. די אַלטיטשקע איז פאַרגליװערט געװאָרן פון כידעש. זי האט געקוקט אַריבער די ברילן אף אָט־דעם בילד. טאָם האט זיך געקייקלט אַפן דיל פון געלעכטער.

— טאָם, זאָג, זײַ אַזוי גוט, װאס טוט זיך עס מיט אונזער קאָטער?

— איך װייס ניט, מומע, — האט קאָם אַרויסשטאמלען געקאנט טאָם.

— איך האב אף מיין לעבן אַזוינס ניט געזען. וואָס האט עס מיט אים געטראָפן?

— אַף מיין וואָרט, איך ווייס ניט, מומע פּאָלי. ווייזט אויס, די קאָ־טערס טוען שטענדיק אַזוי, אז זיי זיינען זייער צופרידן.

— נו? טאַקע?

אין דער מומעס טאָן איז געווען עפּעס אַזוינס, וואס האָט געצוואונ־גען טאָמען אָנשפּיצן זיין אופמערקזאַמקייט.

— נו, יאָ, מומע. איך, יעדנפאַלס, מיין אַזוי.

— נו? אינדערעמעסן?

— יאָ, מומע.

די אַלטיטשקע האט זיך אָנגעבויגן. טאָם האָט מיט אינטערעס און מיט אומרו נאָכגעשפּירט נאָך אירע באַוועגונגען, נאָר צו שפּעט האט ער זיך אָנגעשטויסן וואוהין זי „ציט". פון אונטערן בעט האט געסטאַרטשעט א בוילעטער באַווייז — דאס טיי־לעפעלע. די מומע פּאָלי האָט עס אופ־געהויבן און האָט עס צוגעטראָגן סאַמע צו טאָמס נאָז. טאָם האט אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און האט זיך א רוק געגעבן אַף צוריק. די מומע פּאָלי האט אים אופגעהויבן אַפן שטענדיקן אויפן — פארן אויער — און האָט אים ענערגיש א קלאַפּ געגעבן איבערן קאָפּ מיטן פינגערהוט.

— אַנו, טייערינקער, זיי נאָר אַזוי גוט, גיב מיר צו פאַרשטיין, פאר־וואָס פייניקסטו עס די אומגליקלעכע שטומע באַשעפעניש?

— איך האָב עס געטון פון ראַכמאָנעס צו אים, ער האט דאָך נאָך קיין מומע ניט.

— ער האט קיין מומע ניט? וואס פאַר א נאַרישקייטן רעדסטו עס, שויטע איינער? וואס קער זיך עס אָן מיט דעם, וואס דו האָסט אָפּגעטון?

— ס'קער זיך זייער אָן. ווען ער זאָל האָבן א מומע, וואָלט זי אַליין געזאָרגט וועגן אים. זי וואָלט אים אויסגעברענט אַלע געדערים, אָן שום ראַכמאָנעס, אַזוי ווי א מענטשן!

דער מומע פּאָלין האָט מיטאַמאָל דער געוויסן גענומען ערגערן. איר היילונג האָט זיך פאר איר איצט פאָרגעשטעלט אין גאָר א נייער שיין: דאָס, וואס ס'איז אַכזאָריעסדיק געווען בענויגייע דעם קאָטער, האָט גע־קאָנט זיין אַן אַכזאָריעס אויך בענויגייע דעם אינגל. איז זי ווייכער געוואָרן, זי האָט ראַכמאָנעס געקראָגן אף טאָמען! ס'האָבן זיך אַפילע טרערן באַוויזן אין אירע אויגן. זי האָט אַ גלעט געטון דאס אינגל אי־בערן קאָפּ און האט מילד געזאָגט:

— איך האָב זיך דאָך געמיט פון דיין טויווע וועגן, טאָם, און ס'האָט דיר דאָך געדינט צו גוטן.

טאָם האָט ערנסט אַ קוק געטון איר אין פּאָנים אריין. בלויז די מויל־ווינקלען האָבן בא אים געציטערט.

— איך ווייס, מומע, אז איר האָט מיר געוואָלט טון גוטס, אָבער איך האָב אויך דעם קאָטערל געוואָלט גוטס טון. ס'האָט אים אויך צו גוטן געדינט. איך האָב אים נאָך קיינמאָל ניט געזעען אין אַזאַ וואוילן...

— נו, גענוג, גענוג, טאָם, ערגער מיך ניט. פּיר זיך ווי ס'דארף צו זיין, זיי אַ קלוג בּאָכערל, וועט דיר ניט אויסקומען איינעמען קיין שום רעפועס.

טאָם איז געקומען אין שול אריין איידער די לימודים האָבן זיך אָנגעהויבן. דער לערער האָט באַמערקט, אז אזעלכע אויסערגעוויינלעכע פאַלן פלעגן זיך איבערכאַזערן די לעצטע צייט קימאט יעדן טאָג. אויך היינט, ווי שטענדיק די לעצטע צייט, האָט טאָם, אנשטאָט שפּילן זיך מיט די כאווירים, געדרייט זיך אין הויף און באם טויער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די שפּילן, דערקלערנדיק, אַז ער פילט זיך ניט געזונט,— אויסגעזעען האָט ער טאַקע ווי ניט מיט אלעמען. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער קוקט קלאָמפּערשט אין פאַרשיידענע זייטן, נאָר אינדערעמעסן האָט ער די גאנצע צייט געקוקט צום וועג. ווי נאָר ס'האָט זיך פונדערווייטנס באוויזן דזשעף טעטשער, איז טאָמס פּאָנים ליכטיק געוואָרן, נאָר אין אַ מינוט ארום איז דאָס פּאָנים ווידער טרויעריק געווען. אין שול איז טאָם אף קיין רעגע ניט אָפּגעטראָטן פון דזשעפן, ער האָט זיך געמיט מיט קאָלערליי מיטלען ארופירן אים אַף אַ שמועס וועגן דער שוועסטער, נאָר דזשעף איז געווען אַ טעמפּ אינגל און האָט ניט פאַרשטאַנען די רעמאָזים. טאָם האָט אלץ געוואַרט און געוואַרט. ער פלעג מונטער ווערן יעדער מאָל, ווען ער פלעג דערזעען פונדערווייטנס אַ ליכטיק קליידל, און ער פלעג אָנהייבן פיינט האָבן דאָס מיידעלע, וואָס האָט דאס קליידל געטראָגן, ווי נאָר ער פלעג זיך איבערצייגן, אַז ס'איז ניט די, אף וועלכער ער וואַרט. ענדלעך, האָבן די קליידלעך אופגעהערט צו באווייזן זיך, און טאָם איז אינגאנצן אומעטיק געוואָרן. אַ טרויעריקער און אַ פאַרטראַכטער איז ער אריינגעגאַן אין ליידיקן קלאַס און האָט זיך אוועקגעזעצט אף זיין אָרט, קעדיי טרוימען און ליידן. אין דער רעגע האָט זיך באם טויער באוויזן נאָך איין קליידל; טאָמס האַרץ האָט אַ פלאַטער געטון. איין רעגע, און ער איז שוין געווען אין הויף און האָט געווילדעוועט, ווי אַ אינדיאַנער. ער האָט געשריגן, הויך געלאַכט, געיאָגט זיך נאָך די כאווירים, געשפּרונגען איבערן פּאַרקן, געגאַן אפּן קאָפּ,— מיט איין וואָרט, ער האָט באוויזן קאָלערליי קונץ־שטיק און העלדנטאַטן, קרומענדיק די גאנצע צייט דאָס אויג אין בעקיס זייט, צי קוקט זי דערוף. נאָר זי האָט, זעט אויס,

גאָרניט ניט באמערקט און האָט אפילו ניט געקוקט אין זיין זייט אריין. געשיקט זיך, אז זי באַמערקט אפילו ניט, אז ער געפינט זיך דאָ? ער האָט אָנגעהויבן באַווייזן זיינע שטיקלעך נעענטער צו איר, האָט זיך געיאָגט אַרום איר מיט קאמפּס־געשריי, האָט אַראָפּגעריסן באַ אַ אינגל דאָס היטל פון קאָפּ און האָט עס פארוואָרפן אַפן דאַך פון שול. ער האָט זיך אריינגעריסן אין אַ האַמוין אינגלעך, האָט זיי צעשליידערט אין פאַרשיידענע זייטן און אַליין האָט ער זיך אויסגעצויגן אף דער ערד פונקט לעבן בעקין, שיר ניט איבערקערנדיק זי. זי האָט זיך אויס־געקערעוועט, האָט אַ צי געטון ארוף דאָס נעזל, און ער האָט דערהערט, ווי זי האָט אַ זאָג געגעבן צו איר כאַווערטע:

— פאַראן אַזעלכע אינגלעך, וואָס מיינען, אז זיי זיינען מוירעדיק פלינק...

טאָם האָט זיך אופגעהויבן מיט אַ פלאַקערדיקן פּאָנים און איז לאכלוטן אַ דערשלאָגענער אריין אין שול אריין.

## .XIII

טאָם האָט אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס.

אַפן האַרצן איז אים געווען פינצטער און מאָרעשכוירעדיק. ער האָט זיך געפילט עלנט, פאַרלאָזט פון אלעמען, געפילט, אַז קיינער האָט אים ניט ליב. דערנאָך, אַז מע וועט זיך דערוויסן, צו וואָס מע האָט אים דערפירט, וועט מען עפשער כאַראָטע האָבן דערוף... ער האָט דאָך געמיט זיך זיין אַ וואוילער, נאָר מע שטערט אים. און מע לאָזט אים ניט. זיי דאַרפן דאָך נאָר פּאָטער ווערן פון אים. איז וואָס? וועט ער אַוועק, און זאָלן זיי אים זידלען וויפל ס׳גלוסט זיך זיי... פאַרוואָס טאַקע זאָלן זיי ניט זידלען אים? אַ אינגל, וואָס איז פון אלעמען פאר־לאָזט, האָט דען די רעכט צו באַקלאָגן זיך? און, סאָפּקאָלסאָף, מע האָט אים דאָך געצוואונגען ווערן אַ פאַרברעכער... קיין אנדער ברייר האָט ער ניט... פארטיפט אין אַזוינע מאַכשאָוועס, איז ער צוגעקומען צום עק פון דער לאָנקע. מיטאַמאָל האָט זיך הערן געלאָזט דאָס קלינגעריי פון שול־גלאָק, וואָס רופט צונויף די שילער אף די נאָך־וואַרעמעס־לימודים. טאָם האָט זיך צעוויינט, אַ טראַכט געבנדיק, אַז שוין קיינמאָל, קיינמאָל מער וועט ער ניט הערן אָט דאָס גוט־באקאנטע קלינגעריי. שאָלעם מאַכן דערמיט איז שווער געווען, אָבער ס׳איז דאָך אַ מוז געווען. אַז מע פארשטויסט אים, מע לאָזט אים איבער אַף העפקער אין דער קאַלטער, אָנראַכמאָנעסדיקער וועלט, דאַרף מען זיך אונטערגעבן; נאָר ער פארגיט זיי,— און ער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט.

פונקט אין דער רעגע איז אים אָקעגן געקומען זיין בעסטער גוטער־ברודער דזשאָ גאַרפּער. דאָס פּאָנים בא דזשאָען איז איצט אויך פינצטער געווען, און אויך אין זיין נעשאָמע האָט איצט, זעט אויס, געוועלטיקט אַ גרויסע, ביטערע אנטשלאָסנקייט. קלאָר, זיי זיינען איצט ביידע געווען „צוויי נעשאָמעס, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט איין־און־דעמ־זעלבן געדאנק". טאָם האָט אָפּגעווישט די טרערן מיטן אַרבל און האָט גיך־גיך געמאָלדן דעם כאַוועך וועגן זיין באַשלוס אַוועקצוגיין פונ־דערהיים, וואו מע באגייט זיך מיט אים אזוי שלעכט און וואו קיינער פילט אים ניט מיט, וועגן זיין באַשלוס אַוועקצוגיין אַף שטענדיק און קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך. צום סאָף האָט ער געזאָגט, אַז ער איז זיכער, אַז דזשאָ וועט אין אים ניט פאַרגעסן.

נאָך אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דזשאָ האָט נאָר־וואָס געוואָלט בעטן טאָקע וועגן דעמזעלבן בא טאָמען, און געזוכט האָט ער אים מיט דעמ־זעלבן צוועק. די מאַמע זיינע האָט אים אָנגעשמיסן דערפאַר, וואָס ער האָט קלאָמפּערשט אופגעגעסן דעם איינגעמאַכטס, בעאייס ער האָט אַפילע ניט געפּרואווט און האָט אַפילע ניט געוואוסט וועגן דער עקזי־סטענץ פונם איינגעמאַכטס; קלאָר, ער איז איר נימעס געוואָרן, און זי וויל פּאָטער ווערן פון אים. אויב זי באַגייט זיך אַזוי מיט אים, בלייבט אים איין זאַך: אויספילן איר ווילן; ער האָפט, אז זי וועט גליקלעך זיין און ס'וועט איר קיינמאָל ניט באנק טון, וואָס זי האָט פארשטויסן איר אינגל אין דער קאַלטער אַכזאָריעסדיקער וועלט, וואו ער וועט ליידן און אומקומען.

די אינגלעך האָבן זיך טרויעריק אַוועקגעלאָזט וייטער גיין, אויס־נעמענדיק אָנעמען זיך איינער פאַרן אנדערן, ווי ברידער, און קיינמאָל ניט צעשיידן זיך, ביז דער טויט וועט זיי ביידן ניט באפרייען פון זייערע ליידן. דערנאָך האָבן זיי געגומען פּלאַנעווען. דזשאָ האָט געוואָלט ווערן אַ נאָזיר, לעבן אין אַ הייל, נערן זיך מיט טרוקענע ברויט־קאָרקעס און שטאַרבן פון קעלט, נויט און אומגליק. נאָך נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעהערט טאָמען, האָט ער מאַסקים געווען מיט אים, אַז דאָס פאַרברעכערישע לעבן לוינט בעסער, ווי דאָס נעזירישע, און ער האָט באשלאָסן ווערן אַ פּיראַט.

דריי מייל די ווייט פון פּיטערסבורג, דאָרט, וואו די ברייט פון דער מיסיסיפּי דערגרייכט מער פון אַ מייל, איז פאראן אַ לאנגער, שמאָלער, וואַלדיקער אינזל מיט אַ זאַמדיקן ברעג — אַ אויסגעצייכנט אָרט פאר אַ גאַזלאָנים־היים. דער אינזל איז וויסט און ליגט ער נאָענט צום אַקעגנדיקן מיסיסיפּי־ברעג, וואָס איז באַוואקסן מיט געדיכטן, קימאַט ניט־באַוואוינטן וואַלד. אונזערע העלדן האָבן, נאָך. עטלעכע רעגעס פון

מעיאַשעוו זיין זיך, אויסגעקליבן אָט־דעמדאָזיקן אינזל — דעם דזשעקסאָן־אינזל — אַלס זייער רעזידענץ. ס׳איז זיי ניט איינגעפאַלן צו פרעגן בא זיך, אף וועמען וועלן זיי מאַכן זייערע פּיראַטישע אָנפאַלן. דערנאָך האָבן זיי אָפּגעזוכט העקלבערי פינען, און יענער האָט זיך מיט גרויס כיישעק באַהעפט מיט זיי; אים איז אַלצייַנס געווען, וואָס פאַר אַ קאַריער אויסצוקלייבן, ער האָט זיך באַצויגן צו דעם אינגאַנצן קאַלטבלוטיק. זיי האָבן זיך צעשיידט, אויסנעמענדיק טרעפן זיך אפן ברעג טייך, אין אַ אָפּגעזונדערט אָרט, צוויי מייל די ווייט פון דאָרף, אין זייער באַליבטער שאָ, ד. ה. אין האַלבנאַכט. דאָרט איז געשטאַנען אַ קליינער הילצערנער פליט, און זיי האָבן באַשלאָסן ווערן באַלעבאַטים איבער אים. אויסגענומען האָט מען, אַז יעדער איינער וועט פאַרכאַפּן מיט זיך ווענטקעס און קריקלעך, און אויך שפּייז, וואָס ס׳וועט נאָר געלונגען צו קריגן, — קריגן, אויב מעגלעך, אפן פאַרהוילנסטן, סוידעסדיקסטן אופן, ווי ס׳פּאַסט פאַר גאַזלאָנים; און נאָך ביז מיטאָג האָט יעדער איינער פון די דריי באַוויזן צו פאַרשפּרייטן צווישן די כאַווײרים די וויכטיקע נייס, אַז אינגיכן וועט מען אין שטאָט „וועגן עפּעס דערהערן". אַלעמען, וועמען מ׳האָט איבערגעגעבן אָט־דעם נעפּלדיקן רעמעז, האָט מען געבעטן האַלטן עס בעסאָד און וואַרטן.

אַרום האַלבנאַכט איז טאָם געקומען אפן אָפּגערעדטן אָרט מיט אַ שטיק געקאָכטן וואורשט און מיט נאָך אַביסל פּראָוויזיע און האָט זי אַוועקגעלייגט אין די געדיכטע גראָזן אַפן בערגל, פון וועלכן ס׳האָט זיך אָנגעזעען דאָס באַגעגעניש־אָרט. די נאַכט איז געווען אַ אויסגעשטערנטע און זייער אַ שטילע. דער גרויסער טייך איז געווען רואיק, ווי אַ אַנשלאָפן־געוואָרענער אָקעאַן. טאָם האָט זיך איינגעהערט, — מ׳הערט קיין איין קלאַנג ניט. דאַן האָט ער שטיל, צעצויגן אַ פייף געטון. פונם וועלדל האָט מען אים אָפּגעענטפערט מיט אַ פייף. טאָם האָט אַ פייף געטון נאָך צוויי מאָל, און מע האָט אים ווידער מיט פייפן געענטפערט. דאַן האָט עמעצנס געענדערט קאָל אַ פרעג געגעבן:

— ווער גייט?

— טאָם סאָיער, דער שוואַרצער נעקאָמע־נעמער. רופט אָן אייערע נעמען!

— העק פין — „די רויטע האַנט", און דזשאָ גאַרפער — „דער פּאַכעד פון די יאַמען"!

דידאָזיקע צונעמענישן האָט טאָם אַרויסגענומען פון זיינע באַליבטע ראָמאַנען.

— געמאַכט, זאָגט דעם פּאַראָל!

אין דער נאַכט־שטילקייט האָבן צוויי קולעס מיטאַמאָל כריפּעדיק אויסגערופן:

— „בלוט!"

טאָם האָט אַ שליידער געטון פונם בערגל זיין שטיק וואורשט און האָט זיך אליין אויך אַראָפּגעקיילט נאָך אים. דערביי האָבן אַביסל געליטן זיין אָנטון און די הויט אפן וואורשט. פונם בערגל האָט מען געקאָנט אַראָפּלאָזן זיך צום ברעג מיט אַ זייער באקוועם שטעגל, נאָר אַלס עמעסער גאַזלען האָט טאָם אויסגעקליבן אַ געפערלעכן און שווערן וועג.

דער „פאַכעד פון די יאַמען" האָט אויך געבראַכט אַ גרויסע שטיק כאַזער־פליש, ער האָט עס קאם דערשלעפּט מיט זיך. פין „די רויטע האַנט" האָט ערגעץ צוגעלאקכנט אַ קעסעלע און אַ גאנץ בינטל האַלב־רויע טאַבאַק־בלעטער, כאָטש קיינער פון די פיראַטן, אַכוץ אים, האָט ניט גערויכערט קיין טאַבאַק. דער שוואַרצער נעקאָמע־נעמער האָט געמאָלדן, אַז מע טאָר אַפילע ניט טראַכטן פון לאָזן זיך אין וועג אריין אָן פייער. דאָס איז געווען זייער אַ קלוגער געדאַנק: פון שוועבעלעך האָט מען אין יענע צייטן זייער ווייניק געוואוסט. די אינגלעך האָבן דערזעען אַ פייער אף אַ גרויסן פליט, וואָס שטייט אַ שפּאַן צווייהונ־דערט די וויים פון זיי. זיי האָבן זיך אונטערגעגאַנוועט אַהין און האָבן אַוועקגעשלעפּט אַ האָלאָוועשקע. דערפון האָבן זיי געמאַכט אַ גרויסע פּאַסירונג: אַלע רעגע האָבן זיי „געציקעט" איינער צום אנדערן און האָבן צוגעלייגט די פינגער צו די ליפּן, רופנדיק איינער צום אנדערן צו שאַ־שטומען. אלע רעגע האָבן זיי זיך אַ כאַפּ געגעבן מיט די הענט פאַר די אויסגעפאנטאזירטע הענטלעך פון קינזשאַלן און האָבן מיט גרויזאַמער שעפּטשעניש באפוילן איינער דעם אַנדערן, אַז אויב דער „סוינע" וועט זיך אַ דיר טון, זאָל מען „אַריינשטעכן אים אַ מעסער אין ברוסט אריין ביז אַריבערן הענטל", ווייל „אַ מעס וועט ניט אויסגעבן". זיי האָבן זייער גוט געוואוסט, אַז אלע פליט־לייט זיינען אפן ברעג, וואו זיי לייגן צונויף זייערע ברעטער אָדער זיי הוליען אין שטעטל, נאָר פונ־דעסטוועגן האָבן זיי געדאַרפט פירן זיך אפן גאזלאָנישן אויפן.

דערנאָך האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אריין. טאָם האָט אָפּגעגעבן באַפעלן. העק האָט גערודערט מיט איין רודער אף דער „נאָז" פון פליט, דזשאָ — אַקעגן אים. טאָם איז געווען קאַפּיטאַן. אָנכמורענדיק בערויגעז־דיק די ברעמען, צונויפגעלייגט די הענט אף דער ברוסט, האָט ער געקאָמאַנדעוועט מיט שטרייגער שעפּטשעניש:

— האלט לויטן ווינט!

— פאַראַן, סער!

— האַלט גלייך, ג—לייך!

— פאַראַן, סער!

— לאָז אָפּ אַביסל!

— פאַראַן, סער!

נאָר אזוי ווי דער פליט איז די גאַנצע צייט געשוואומען אינמיטן טייך, פלעגן אָט־די אלע באַפעלן אָפּגעגעבן ווערן בלויז לעפּאָנים און פלעגן קיין באַזונדער באטייט ניט האָבן.

— וועלכע ווינט־לייוונטן זיינען אופגעהויבן?

— די אונטערשטע, סער!

— אַלע אַף דער פאַלוב ארוף! לעבעדיקער! אַ האַלב־טוץ יונגען אַף דעם פאָק־מאסטבוים! ריר זיך!

— פאַראַן, סער!

— פאַנאַנדערלאָז דעם גרויסן ווינט־לייוונט! ריר זיך, כעוורע!

— פאַראַן, סער!

— האַלט צום ווינט־צו! האלט אין א זייט אַריין — זעסט דאָך, א שיף גייט! לינקער, לינקער! נו, כעוורעלייטלעך! לעבעדיקער אַרבעט!

— פאַראַן, סער!

דער פליט איז אַרויסגעשוואומען אַפן סאמע מיט טייך; די אינגלעך האָבן אים געלאָזט שווימען מיטן שטראָם און האָבן אַוועקגעלייגט די רו־דערס. אין מעשעך פון אַ האַלבער שאָ האבן זיי קימאַט ניט גערעדט צווישן זיך. דער פליט איז געשוואומען פאַרביי דעם ווייטן שטעטל, וואו זיי זיינען אַלע געבוירן געוואָרן און אויסגעוואָקסן. דאָס שטעטל איז פרידלעך געשלאָפן; דאָ—דאָרט האָבן זיך נאך געלויכטן פייערלעך, אָפּ־שפּיגלענדיק זיך אין דער וואַסער, אין וועלכער ס'האָבן, ווי דימענטן, גע־גלאַנצט די שטערן; אַלע איינוואונער האָבן גערוט, ניט כוישעד־זייענ־דיק אַפילע, ס'אַראַ גרויסע געשעעניש געשעעט אין אָט־דער רעגע. דער וואַרצער נעקאָמע־נעמער איז געשטאַנען אינמיטן פליט, קוקנדיק דאָס לעצטע מאָל אַף יענע ערטער, וואו ס'האָט זיך אים אַזוי גוט געלעבט פריער און וואו ער האָט אזוי געליטן די לעצטע צייט. ס'האָט זיך אים אַצינד געוואָלט, אַז מע זאָל אים דערזעען אינמיטן שטורעמדיקן יאַם, ווי ער קוקט מיט פורכטלאָזער נעשאָמע גלייך אין פּאָנים אַריין דער סאַקאָנע און דעם טויט, ווי ער גייט אַקעגן אומקומעניש מיט מאָרע־שכוירעדיקן שמייכל אַף די ליפּן. איין קליינע אָנשטריינגונג פון דער פאַנטאַזיע, און דער דזשעקסאָן־אינזל האָט זיך אָפּגערוקט אין אומענד־לעכער ווייט אַריין. און טאָם האָט „דאס לעצטע מאָל" א קוק געגעבן אַף דער היים־שטאָט מיט אַ צעבראָכן האַרץ, נאָר א צופרידענער. זיינע כאַוויירים האָבן אויך געקוקט דאָס לעצטע מאָל און אַזוי לאַנג, אַז זיי זיינען שיר ניט פאַרבייגעפאָרן דעם אינזל; נאָר זיי האָבן באצייטנס באמערקט די געפאר און האָבן זיך באצייטנס געכאַפּט. אַרום

אזייגער צוויי באַנאַכט האָט זיך דער פּליט אַוועקגעזעצט אַף זאַמד, א שפּאַן צווייהונדערט די ווייט פון יענעם אָרט, וואו זיי האָבן באַשלאָסן באַזעצן זיך. זיי האָבן לאַנג געשפּאַנט הין־און־צוריק, ביז זיי האָבן אריבערגעשלעפּט זייער גאַנצע רויב. צווישן אלע זאכן האָבן זיי פאַרנומען פונם פּליט אויך אַ אַלטן ווינט־לייוונט און האָבן אים אַרופגעצויגן אין אַ פּאַרטאַיעט ווינקל פון וואַלד, ווי א מיןביידל, קעדיי באַהאַלטן זייער שפּייז; אַליין האָבן זיי באשלאָסן בעאייס גוטן וועטער שלאָפן אונטערן אָפענעם הימל, ווי ס׳פּאַסט פאַר גאַזלאָנים.

זיי האָבן צעלייגט א פייער א שפּאַן צוואַנציק די ווייט פונם וואַלד, האָבן זיך אָפּגעבראָטן א שטיקל כאַזער־פלייש אַף וועטשערע און האָבן אופגעגעסן אַ האַלב פון די פּאַרכאַפּטע בולקעס. ס׳איז וואונדערלעך־אינטערעסאַנט געווען אַף אזא אויפן וועטשערע צו עסן, אַף דער פריי, אין אוראלטן וואַלד, אַפן ניט־אויסגעפּאָרשטן און ניט־באַוואוינטן אינזל, ווייט פון מענטשישע דירעס. די אינגלעך האָבן געשמועסט צווישן זיך, אז זיי וועלן שוין קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך צום קולטורעלן לעבן. דאָס פייער האָט באַלויכטן זייערע פּענימער, האָט געוואָרפן א רויטלעכן אָפּשיין אַף די גראָבעביימער־שטאַנגען — די קאָלאָנעס פון דעם וואַלד־טעמפּל,— אַפן גלאַנצנדיקן גרינס פון דעם געשליינגלטן וויינטרויב. אז ס׳זיינען אופגעגעסן געוואָרן די לעצטע שטיקלעך פלייש און דאָס לעצטע שטיקל ווייס ברויט, האָבן די אינגלעך מיט גרויס פאַרגעניגן אויסגעצויגן זיך אַפן גראָז. זיי וואָלטן געקאָנט געפינען אַ קילער אָרט, נאָר זיי האָבן ניט געוואָלט אָנווערן אַזאַ ראָמאַנטישע דעקאָראַציע, ווי אַ שייטער.

— נו, איז עס דען ניט פריילעך? — האָט א זאָג געגעבן דזשאָ.

— מאַמעש וואונדערלעך — האָט געענטפערט טאָם.

— וואָס וואָלטן, אַשטייגער, געזאָגט אלע אינגלעך, ווען זיי וואָלטן אונז דערזעען?

— וואָס? זיי וואָלטן אויסגעגאַנגען פון קינע. עמעס, העק?

— כ׳מיין, אַז יאָ,— האָט געזאָגט העקלבערי,— איך ווייס ניט, ווי אנדערע, נאָר איך בין צופרידן. איך דאַרף גאָר קיין בעסערס ניט האָבן. געוויינלעך עס איך אַפילע קיינמאָל ניט צו־זאַט... און כוצדעם קאָן אַהער קיינער ניט קומען, ניט אָנפאַטשן דיך גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין.

— אַזאַ לעבן איז דאָס בעסטע פאַר מיר,— האָט געמאָלדן טאָם, — מע דאַרף ניט אופשטיין גאַנצפרי, מע דאַרף ניט גיין אין שול אַריין און מע דאַרף ניט וואַשן זיך, טון קאָלערליי נאַרישקייטן,—מע דאַרף עס דאָ אינגאַנצן ניט...

— און וואָס טוען פיראַטן?—האָט אַ פרעג געגעבן העק פין.

— אָ! זיי לעבן זייער פריילעך: זיי נעמען שיפן אין געפיינקעניש אַריין און פאַרברענען זיי, דאָס געלט פאַרגראָבן זיי אין דער ערד אַף זייער אינזל, ערגעץ אין אַ שרעקלעך אָרט, וואו ס'היטן עס רוכעס, מאַכשייפעס און קאַלערליי שיידים. און דעם גאַנצן עקיפאַזש דערהאַרגענען זיי און וואַרפן אַרויס אַף יענער זייט באָרט.

— און די פרויען פירן זיי אַוועק צו זיך אַפן אינזל,—האָט צוגעגעבן דזשאָ,—די פרויען האַרגענען זיי ניט.

— יאָ,—האָט אים אונטערגעהאַלטן טאָם,—די פרויען האַרגענען זיי ניט. זיי זיינען צו איידל דערוף. און כוצדעם, זיינען די פרויען שטענדיק וואונדערלעך־שיין.

— און ס'אראַ פרעכטיקע קליידער זיי טראָגן,—אַלע קליידער זיינען באַדעקט מיט גאָלד, מיט זילבער, מיט בריליאַנטן!—האָט אין היספּאַילעס אויסגעשריגן דזשאָ.

— ווער טראָגט אַזעלכע קליידער?—האָט געפרעגט העק.

— די פיראַטן, פאַרשטייט זיך.

העק פין האָט צעטומלט באַטראַכט זיין אייגן אָנטון.

— נו, מיין אָנטון איז גאָר ניט קיין גאַזלאָניש אָנטון!—האָט ער אומעטיק געזאָגט,—נאָר איך האָב דאָך ניט קיין אַנדער אָנטון.

די אינגלעך האָבן אים געטרייסט, אַז אַף שיין אָנטון וועט אים אויסקומען וואַרטן ניט לאַנג: ווי נאָר זיי וועלן אָנהייבן זייערע פיראַטישע אָנפאַלן, וועט באַ זיי זיין סיי גאָלד, סיי אָנטון—אַלצדינג. און דערווייל, אין אָנהייב, טויג אויך זיין אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן אָנטון, כאָטש געוויינלעך פאַרגרייטן זיך רייכע גאַזלאָנים באַצייטנס מיט פּאַסיקער האַלבאָשע.

ביסלעכוויים האָט דער שמועס איבערגעריסן זיך; באַ די קליינע פּליטים האָבן זיך די אויגן געקלעפּט; ס'האָט זיי דרימל באַהערשט. די פּיפּקע האָט זיך אויסגעגליטשט פון דער „רויטער האַנטס" פינגער, און ער איז אַנשלאָפן געוואָרן מיטן שלאָף פון אַ מידן צאַדיק. דער „פּאַכעד פון די יאַמען" און „דער שוואַרצער נעקאָמע־נעמער" זיינען ניט אַזוי גיך אַנשלאָפן געוואָרן. זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט נאָכדעם, ווי זיי האָבן פאַר־זיך די פּאַר־שלאָף־טפילעס דורכגעזאָגט: ס'איז דאָך לעבן זיי ניט געווען קיין איין דערוואַקסענער, וואָס זאָל זיי צווינגען שטעלן זיך אַף די קני און הויך, אַף אַ קאָל זאָגן די טפילע. דעם עמעס זאָגן, האָבן זיי געוואָלט אינגאַנצן ניט זאָגן די טפילע, נאָר גלאַט, זיי האָבן מוירע געהאַט, טאָמער דערשלאָגט זיי פּלוצלינג אַ דונער פון הימל. זיי זיינען שוין אינגאַנצן גרייט געווען אַנשלאָפן צו ווערן, נאָר אין די נעשאָמעס

באַ זיי האָט עפּעס ניט געוואָלט איינרוען. דער געוויסן האָט זיי געד ערגערט. זיי האָבן אָנגעהויבן מוירע האָבן, אַז זיי האָבן ניט־גוטס אופּ־געטון, אַנטלויפנדיק פונדערהיים. דערנאָך האָבן זיי זיך דערמאַנט אינם צוגעגאַנוועטן פליישׁ, און דאָ ערשט האָט זיך אָנגעהויבן די עמעסע פּיין. זיי האָבן זיך געפּרואווט איינצושטילן דעם געוויסן, דערמאָנענדיק אים, אַז ס'איז זיי אויסגעקומען אויך פריער צענדליקער מאָל צושלעפּן פון קעמערל געבעקסן און עפּל, נאָר דער געוויסן האָט איינגעפונען, אַז דידאָזיקע ראַיעס זיינען צו שוואך, און ער האָט ניט געוואָלט באַרו־איקן זיך. סאָפּקאָלסאָף, האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז דער פאַקט בלייבט א פאַקט. צושלעפּן א געבעקס אָדער אַ עפּל — דאָס איז ניט וויכטיק, נאָר צונעמען א פרעמדן שטיק פליישׁ, אַ שטיק כאַזער, ביכלאל, עפּעס ווערטפולס,— דאָס איז שוין א עמעסע גנייווע, און די ביבל פאַרווערט עס. דעריבער האָבן זיי אין זיך באַשלאָסן, אַז קאָלומאַן זיי וועלן זיין פּיראַטן, וועלן זיי מער ניט פאַרפּלעקן זייער גאַזלאָנישע ווערדע מיט אַזאַ נידעריקן פאַרברעכן, ווי גנייווע. מיט אָט־דעם טנאַי איז דער געוויסן, כאָטש ס'איז ניט זייער לאָגיש געווען, איינגעגאַנגען שאָלעם צו מאַכן, און אונזערע גאַזלאָנים זיינען פרידלעך אַנשלאָפן געוואָרן.

## קאפּיטל XIV.

אופגעכאַפּט זיך אינדערפרי, האָט טאָם ניט טייקעף פאַרשטאַנען וואו ער געפינט זיך.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, אַרומגעקוקט זיך, דורכגעריבן די אויגן, און ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנען. געווען איז א קילער, גרויאינקער פרי. ס'האָט געטאָגט; די שטילקייט אין וואַלד אַרום האָט אָנגעוויט א צוי־בערלעך רו־געפיל. קיין איין בלעטל האָט זיך ניט גערירט, קיין איין קלאַנג האָט ניט געשטערט די גרויסע מאַכשאָוועס פון דער נאַטור. אף די בלעטער און אף די גראָזן איז, ווי פּערל, געלעגן טוי. דאָס באַ־נאַכטיקע פייער איז פאַרשאָטן געוואָרן מיט א ווייסן שיכט אַש, און בלויז א בלוי רויכל האָט זיך אין א דין שנירעלע געדרייט אינדער־לופטן. דזשאָ און העק זיינען נאָך געשלאָפן. ווייט אין דער טיף פון וואַלד האָט אַ געשריי געטון א פויגל, ס'האָט זיך אָנגערופן א צווייטער; ערגעץ האָט קלאַפּן גענומען א פּיקהאָלץ. דאָס אינדערפריענדיק געפאַל־רויכל איז אַלץ ליכטיקער געוואָרן, און איינצייטיק דערמיט זיינען די קלאַנגען געוואַקסן, האָבן די קלאַנגען געמערט זיך,— דאָס לעבן האָט אומעטום אופגעוואַכט. ס'האָט זיך פאַר טאָמס אויגן פאַנאַנדערגעשפּרייט דער וואונדער פון דער נאַטור, וואָס טרייסלט פון זיך אַראָפּ דעם

שלאָף און נעמט זיך צו דער אַרבעט. א קליין גרינינק ווערימל איז געקראָכן איבער א בלעטל, וואָס איז נאַס פון טוי. ס׳האָט, דאָס ווערימל, אַלע מאָל אונטערגעהויבן צוויי דריטל פון זיין קערפּער איג-דערלופטן אַרוף, „אַרומשמירנדיק דעם וועג״, און דערנאָך האָט זיך עס געדרוקט ווייטער. „עס מעסט דאָס בלעטל״—האט טאָם א טראַכט געטון, און אז דאָס ווערימל האָט, מיטן אייגענעם ווילן, גענומען דערנעענטערן זיך צו אים, איז טאָם ווי פאַרשטיינערט געוואָרן, פילנדיק אָט אַ אָנפלוס, אָט אַ אָפּפלוס פון האָפענונג, אָפּהייננגיק דערפון, צי דאָס קליינע באַשעפעניש האָט זיך געדרוקט אין זיין זייט אַריין, צי ס׳האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז סע פאַרקערעוועט. אַז דאָס ווערימל איז, ענדלעך, נאָך אַ שווערער קווינקלעניש־רעגע אַרופגעקראָכן אַף טאָמס פוס און האָט גענומען שפּאַצירן אַף זיין לייב, האָט זיך טאָמס האַרץ אָנגעפולט מיט פרייד: דאס האָט באַטייט, אז ער וועט איינגיכן האָבן ניי אָנטון,— פאַרשטייט זיך, אַ פּרעכטיק גאַזלאָניש אָנטון, דערין קאָן קיין שום ספק ניט זיין. פון אויסדרייסעניש האָט זיך פלוצלינג באַוויזן אַ גאַנצע מאַכנע מורעשקעס, און אַלע האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט; איינע האָט דרייסט געשלעפּט אַ טויטן שפּין, וואָס איז פינף מאָל גרעסער פון איר אַליין, און זי האָט באַוויזן א קונץ אים ארופשלעפּן אַפן שטאַם פון אַ בוים. אַ געפלעקט „מוישע־ראַביינוס־פערדעלע״ האָט זיך אַרופגע־דראַפּעט אַף דער מעסוקענער הייך פון א גראָז־שטיינגל; טאָם האָט זיך אָנגעבויגן צום פערדעלע און האָט א זאָג געגעבן:

„מוישעס־פערדעלע, מוישעס־פערדעלע, דו פלי אַהיים.
די שטוב דיינע ברענט, דיינע קינדער זיינען אַליין!״

און „מוישע־ראַביינוס־פערדעלע״ האָט אים טייקעף טאַקע געפאָלגט און איז אוועקגעפלויגן אַ קוק טון אַף די קינדער. דאָס האָט טאָמען אַפילע ניט פאַרכידעשט: ער האָט שוין פונלאַנג געוואוסט, ווי לייכט ס׳גלויבט „מוישע־ראַביינוס־פערדעלע״ בענויגייע סרייפעס, און ער האָט שוין ניט איינמאָל אָפּגענאַרט דידאָזיקע קליינע באַשעפעניש, אויס־נוצנדיק איר טמימעס. דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ מיסט־זשוק, וואָס האָט שווער געשלעפּט זיין קיילעכיקן קערפּער,— טאָם האָט זיך צוגע־רירט צו אים, קעדיי זען, ווי אַזוי ער וועט צוטוליען די לאַפּקעס צום קערפּער און וועט זיך מאַכן קלאָמפערשט־געשטאָרבן. די פייגלען האָבן זיך דערוויל צעפילדערט. איין פויגל האט זיך אַוועקגעזעצט אַפן בוים, וואָס איבער טאָמס קאָפּ, און האָט, פול מיט היספּאַילעס, גענומען טרילערן, נאָכקרימענדיק זיך נאָך זיינע שכיינים. ווי א בלוי פּייערל האָט דורכגעשווינדלט אינדערלופטן א סאָווע — אַ קוויטשערן, האָט זיך אַוועק־

געזעצט אף אַ צווייגל, גאָר נאָענט פון טאָמען, האט אָנגעבויגן אין א זייט אַריין דאָס קעפל און האָט זיך מיט גוואַלדיקן נייגיר פאַרקוקט אַף די געסט. ס'זיינען גיך־גיך פאַרבײַגעלאָפן אַ גרוי וועוועריקל און נאָך עפּעס א כאיעלע, וואָס איז עטוואָס הִיפּשער, אַ כאַיעלע פון פוקסן־מין, — זיי האָבן ביידע אף איין רעגע פאַרהאַלטן זיך אַף צו באַטראַכטן און באַריידן אַביסל די פּלוצלימדיקע געסט; די כאַיעלעך האָבן, זעט אויס, קיינמאָל נאָך ניט געזעען קיין מענטשן און האָבן אַפילע ניט גע־וואוסט, צי דאַרפן זיי מוירע האָבן, צי ניין. די גאַנצע נאַטור האָט אופגעוואַכט און האָט אויסגעגלייכט די אייוורים; זון־שטראַלן האָבן ווי פיילן דורכגעשניטן דעם געדיכטן געבלעטער; אינדערלופטן האָבן זיך באַוויזן עטלעכע באַבעלעך—פּאַך־פייגעלעך. טאָם האָט גענומען שטורכען די כאַווײַרים־פּיראַטן, און אין א רעגעס צוויי ארום האָבן זיי, נאַקעטערהייט, שוין געיאָגט זיך איינער נאָכן אַנדערן, שטיפנדיק און שטופנדיק זיך אַפן ווייסן זאַמדיקן ברעג. ס'האָט זיי ניט געצויגן צוריק אין שטעטל אַריין, וואָס איז געשלאָפן אינדערווייטנס, אַף יענער זייט פרעכטיקער וואַסער־וויסטעניש. א צופעליקער שטראָם אָדער אַ גרינגער אָנפלוס האָט אוועקגעטראָגן זייער פּליט, נאָר די אינגלעך זיינען אַפילע צופרידן געווען דערפון. דאָס האָט ווי באַטייט, אַז זיי האָבן פארברענט אַלע בריקן צווישן זיך און דער ציוויליזירטער וועלט.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין לאַגער אריין וואונדערלעך־פרישע, מונטערע און שרעקלעך־הונגעריקע; אינגיכן האט שוין דער שייטער געפלאַקערט נאָכאַמאָל. העק האט געפונען ניט־ווייט אַ קוואל מיט ריי־נער, קאַלטער וואסער. די אינגלעך האָבן זיך געמאכט שעפּלעך פון ברייטע דעמבענע און ניסענע בלעטער און האָבן באשלאָסן, אז וואסער געמישט מיט בערג, וואלד־שטילקייט און קילקייט פארבייט גאַנץ פיין די קאַווע. דזשאָ האט גענומען אָנשניידן וואורשט אף פרישטיק, נאָר טאָם און העק האבן אים געבעטן צוואַרטן אַביסל; זיי האָבן געפונען אפן ברעג אַ פאַרטאַיעט ערטל און האבן פארוואָרפן אין וואסער אַריין די וועגט־קעס; די רויב האט ניט לאַנג געלאָזט ווארטן אַף זיך. דזשאָ האָט ניט באוויזן אפילע אָנצוווערן דעם געדולד, — און זיי האבן זיך שוין אומ־געקערט, שלעפּנדיק נאָך זיך אַ פּאָר גרויסע אָקונעס און נאָך אַ בינטל פיש און פישעלעך, — אַזויפיל שפּייז, אַז ס'וואָלט געקלעקט אף אָנזעט־טיקן אַ גאַנץ הויזגעזינד. זיי האָבן אָפּגעפּרעגלט די פיש אינײנעם מיטן וואורשט און זיינען דערשטוינט געוואָרן: פיש האבן נאָך קיינמאָל באַ זיי ניט אויסגעזעען אזוי געשמאַק צו זיין. זיי האבן ניט געוואוסט, אַז טייך־פיש איז בעסער אָפּצופּרעגלען טאַקע טייקעף ווי מ'האָט זיי געכאַפּט, און זיי האָבן ניט געטראַכט דערפון, ס'אַראַ פיינער צוגאָב צום

עסן איז — שלאָף אף דער פרייער לופט, געלויף, באָדן זיך, און דאָס וויכטיקסטע — הונגער.

נאָכן איבערבייסן האבן זיי זיך אוועקגעלייגט אין שאָטן, און העק האט אויסגעדרויכערט אַ פּיפּקע. דערנאָך האבן זיי זיך אלע איינינעם אוועקגעלאָזט אף אויסשפּירונג. זיי האבן פריילעך געשפּאַנט איבער פוילע קלעצער, האָבן זיך דורכגעריסן דורך געדיכטע קוסטן, צווישן שטאַמען פון שטאָלצע וואלד־מעלאָכים, וואָס זיינען פונויבן ביז אראָפּ ארומגעוויקלט מיט שליינגלדיקן ווילדן וויינטרויב. פון צייט צו צייט פלעגן זיי אָנטרעפן אַף שייניקע ערטעלעך, וואָס זיינען באדעקט מיט זעלטענע טעפּיכער און פאַרפּוצט מיט קווייטן.

זיי האָבן געפונען אַסאַך אַזוינס, וואָס קאָן אַנטציקן, אָבער קיין איין זאַך, וואָס זאָל פאַרכידעשן. זיי זיינען דערגאַן, אַז דער אינזל האלט אַנ־ערעך דריי מייל די ליינג און אַ פערטל מייל די ברייט און אז דער אַקעגנדיקער ברעג, פאַראַלעל צו וועלכן דער אינזל ציט זיך, איז אָפּ־געטיילט פונם אינזל מיט אַ שמאָלער וואַסער־שטרעקע סאַכאַקל אַ מייע שפּאַן די ברייט — ניט מערער. געבאָדן האָבן זיי זיך קימאַט יעדער שאָ, און דעריבער האָבן זיי זיך אומגעקערט אין לאגער אריין העט־שפּעט נאָך מיטאָג. זיי זיינען געווען צו הונגעריק, האָבן זיי זיך דעריבער ניט געלאָזט ווידער פיש פאַנגען. נאָר אויך אָן דעם האבן זיי אַ אויסגע־צייכנטן מיטאָג געמאַכט זיך פון קאלטן וואורשט, און דערנאָך האבן זיי זיך ווידער אוועקגעלייגט אין שאָטן פּלאַפּלען אַביסל. אָבער דער שמועס איז אינגיכן איבערגעריסן געוואָרן. די פייערלעכע שטומעניש פונם וואלד, דער געפיל פון איינזאמקייט, פון אָפּגעשיידקייט פון מענטשן, האבן אָנגעהויבן ווירקן אַף די אינגלעך. זיי האבן זיך פאַרטראַכט. ס׳האט זיך אין זייערע הערצער פארגאַנוועט אַ אומקלאָרער אומעט — ס׳האָט אָנגעהויבן שפּראָצן די בייַנקעניש אַהיים. אפילע פין — „די רויטע האנט״ — אפילע ער האט געטרוימט וועגן באַקאַנטן גאַניק און וועגן די ליידיקע פעסלעך. נאָר יעדער איינער האט זיך געשעמט מיט זיין כולשע, און קיינער האט קיין מוט ניט געהאַט אַרויסזאָגן אַף אַ קאָל זיינע גע־דאַנקען.

אַ שטיק צייט שוין, אַז די אינגלעך האָבן שלאַבעריק געהערט איב־דערווייטנס עפּעס אַ באַזונדער קלאַנג, — געהערט האבן זיי עס, ווי מע הערט אמאָל דעם טיק־טאַק פון אַ זייגער, ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין־וועכעשבן, וואָס איז עס אַזוינס. נאָר דער סוידעסדיקער קלאנג האָט צוביסלעך גענומען הערן זיך קלאָרער און האט געמאָנט אויפמערקזאַמ־קייט צו זיך. די אינגלעך האָבן זיך אַ כאַפּ־אויף געטון, האָבן זיך אי־בערגעקוקט און גענומען איינהערן זיך. ס׳האָט הערשן גענומען אַ לאנג

שווייגן, טיפע שטילקייט; דערנאָך האָט זיך פונוויטנס הערן געלאָזט אַ מאָרעשכוידיקער „בום!״

— וואָס איז עס? — האָט שטיל־שטיל געפרעגט דזשאָ.

— כ׳הייב ניט אָן צו פארשטיין, — האָט אים שטיל געענטפערט טאָם.

— דאָס איז, גוטע־ברידער, אַ דונער, — האָט דערשראָקן דערקלערט העקלבערי, — דערפאר אַ דונער, ווייל...

— שוויג, דו! — האָט אף אים אָנגעשריגן טאָם, — הער בעסער, פלאַפל נישט!

זיי האָבן צוגעווארט אַ רעגע, וואָס האט זיי אויסגעדאכט, ווי אן אייביקייט, און דערנאָך האָט זיך צווישן דער פיינלעכער שטומעניש איבערגעכאַזערט דערזועלבער מאָרעשכוירעדיקער „בום״!

— קומט, גוטע־ברידער, לאָמיר אַ קוק טון!

אלע דריי זיינען אופגעשפרונגען און האבן זיך געלאָזט לויפן צום ברעג, וואָס קוקט צום שטעטל־צו. זיי האָבן פאנאנדערגערוקט די קוסטן און האבן ארויסגעקוקט.

אין מיט טייך, אַ מייל נידעריקער פונם שטעטל, איז געשוואומען מיטן שטראָם אַ קליינער דאַמף־פּאַראָם. די ברייטע פּאַלוב זיינע איז אָנגעשטאָפּט געווען מיט אוילעם. ניט ווייט פונם פּאַראָם האָבן אַרוף־שטראָם, אַראָפּ־שטראָם געטראָגן זיך זייער אַסאַך שיפלעך, נאָר די אינגלעך האָבן ניט געקאָנט דערזען, וואָס טוען די מענטשן אין די שיפלעך. פלוצלינג האט זיך איבערן פּאַראָם אופגעהייבן אַ זייל ווייסער רויך און ס׳איז אויסגעוואקסן א גאנץ וואָלקנדל. דאָס דריטע מאָל האָבן אונזערע העלדן דערהערט דעם מאָרעשכוירעדיקן קלאַנג.

— אַצינד ווייס איך, וואָס סע באַטייט, — האט אויסגעשריגן טאָם, — עמעצער איז דערטרונקען געוואָרן!

— נו, פארשטייט זיך, — האט אונטערגעכאפּט העק, — פּונקט אזא מינס איז געווען פאראיאָרן זומער, ווען ס׳איז דערטרונקען געוואָרן ביל טערנער; דעמאָלט האט מען אויך געשאָסן פון אַ הארמאט איבערן וואַסער, — מע זאָגט, אַז דערפון שווימען די דערטרונקענע ארוף. כוצ־דעם, נעמט מען אַ ברויט, מע לייגט אין דעם אריין קוועקזילבער און מע לאָזט עס אראָפּ אַפן וואסער: דאָרט, וואו דער דערטרונקענער ליגט, דאָרט שטעלט זיך דאָס ברויט אָפּ.

— יאָ, כ׳האָב געהערט וועגן דעם, — האט געזאָגט דזשאָ, — נאָר איך פאַרשטיי ניט, פארוואָס שטעלט זיך עס אָפּ, דאָס ברויט.

— דאָ שטעקט דער איקער ניט אין ברויט, — האָט געגעבן צו פאר־שטיין טאָם, — דער איקער שטעקט אין די ווערטער, וואס מע זאָגט בע־אייס מע לאָזט עס אראָפּ אפן וואכער.

— מע זאָגט גאָרניט, — האָט דערווידערט העק, — איך האָב אליין געזעען, ווי מ׳האָט עס געלאָזט אפּן וואסער און מ׳האָט גאָרניט געזאָגט.

— ס׳איז מאָדנע... — האָט געזאָגט טאָם, — און עפּשער זאָגן זיי עס שטיל, פאר־זיך. נו, פארשטייט זיך! מ׳קאָן זיך טייקעף אָנשטויסן, אז אַזוי איז עס.

דזשאָ און העק האָבן מאַסקים געווען, אַז טאָם רעדט צו דער זאַך. ס׳איז זייער שווער געווען צו מיינען, אז אַ פּאַשעט שטיק ברויט, אָן אַ שפּרוך דערויף, זאָל קאָנען ווירקן אַזוי קלוג אין אזא וויכטיקן איניען

— אַך, וואָלט זיך מיר געוואָלט אַצינדערט זיין דאָרטן! — האָט אויס־געשריגן דזשאָ.

— מיר וואָלט זיך אויך געוואָלט, — האָט אים אונטערגעהאַלטן העק, — אַ שרעק ווי ס׳גלוסט זיך דערוויסן זיך, ווער עס איז דערטרונ־קען געוואָרן.

די אינגלעך האָבן זיך איינגעהערט און האָבן געוואַרט. פּלוצלינג האָט אין טאָמס מויעך אַ בליץ געטון אַ איינפאַל.

— גוטע־ברידער! איך ווייס ווער ס׳איז דערטרונקען געוואָרן. דאָס זיינען מיר דערטרונקען געוואָרן!

זיי האָבן מיטאַמאָל דערפילט, אַז זיי זיינען גרויסע העלדן. ס׳איז זיי אַ אומגעהייערע סימכע באַפאַלן: מע זוכט זיי, מע באַוויינט זיי, צוליב זיי לאָזט מען די שיפלעך אפּן וואסער; איבער זיי ליידן מענטשן, פאר־גיסן טרערן, באַשולדיקן זיך, אַז מע איז באַגאַן אַ אומרעכט, מע איז אַכזאָריעסדיק געווען בענויגייע די אומגעקומענע אינגלעך, מע פּייניקט זיך אין געוויסן־ערגערניש און מע האָט כאראָטע; און דאָס וויכטיקסטע, דאָס שענסטע, — סע רעדט וועגן זיי די גאַנצע שטאָט, אלע אינגלעך זיינען מעקאַנע זייער באַרימטקייט. נו, איז עס דען ניט אויסגעצייכנט? טאַקע צוליבדעם אליין האָט דאָך, סאָפּקאָלסאָף, געלוינט ווערן באַנדיטן.

אַז ס׳איז געוואָרן טונקל, האָט דער פּאַראָם זיך אומגעקערט אף זיין אָרט, צו זיין געוויינלעכער ארבעט, די שיפלעך זיינען פארשוואונדן געוואָרן, און די פּיראַטן האָבן זיך אומגעקערט אין לאַגער אריין. זיי זיינען מאָלע־סימכע געווען, זיי האָבן אָנגעקוועלט פון זייער נייער גרויסקייט און פון די זאָרגן, וואָס זיי האָבן ארויסגערופן בא זייערע היימישע און שכיינים. זיי האָבן ווידער געכאַפּט פיש, אָפּגעקאָכט זיי, האָבן וועטשערע אָפּגעגעסן און דערנאָך גענומען טרעפן, וואָס רעדט מען איצט און וואָס טראַכט מען איצט וועגן זיי אין שטאָט, — דערביי האָבן זיי געמאָלט זיך אַזעלכע בילדער פון אלעמענס צאַר, אף וועלכע ס׳איז זייער אנגענעמען געווען צו קוקן פון זייער שטאַנדפּונקט. נאָר אַז די נאַכט־שאָטנס האָבן זיי ארומגעוויקלט, איז דער שמועס צוביס־

לעך איבערגעריסן געוואָרן; אלע דריי האָבן שארף געקוקט אפן פייער, און זייערע געדאנקען האָבן, זעט אויס, געשוועבט ערגעץ ווייט. די אופגערעגטקייט איז פארביי, און טאָם מיט דזשאָען האָבן ניט געקאָנט ניט דערמאָנען זיך אין עטלעכע היימישע, וועלכע ס'איז, געוויס, ניט גאָר־פריילעך געווען פון אָט דעם לוסטיקן אופטו. ס'זיינען אָנגעקומען ספייקעס, בא ביידן איז אומרואיק געווען אף דער נעשאָמע, זיי האָבן זיך ביידע זייער אומגליקלעך געפילט; פון צייט צו צייט האָבן זיך בא זיי אפילע ניט־אומיסטנדיקע קרעכצן אַרויסגעריסן. דזשאָ האָט אפילע שעמעוודיק אַ ריזיקיר-געטון דערוויסן זיך, ווי וועלן זיך די איבעריקע באַציען צום געדאנק וועגן אומקערן זיך צו דער ציוויליזירטער וועלט, — פאַרשטייט זיך, ניט טייקעף, נאָר...

טאָם האָט אים פארשאָטן מיט שטעך־ווערטלעך, האָט אים פארטיליקט מיט פאַראַכטונג! העק האָט מאסקים געווען מיט טאָמען, און דער אומגליקלעכער צווייפלענדיקער העלד האָט זיך געאיילט צו דערקלערן, אז ער האָט עס געפרעגט ג ל א ט א ז ו י, — ער האָט זיך געמיט, דזשאָ, מיט אלע מיטלען פארענטפערן זיך פון דער באשולדיקונג אין מוטלאָזער ביינקעניש אהיים, און ס'האָט אים געפרייט, אַז ער איז בלויז אונטער אַ כשאַד פארבליבן. דאָסמאָל איז די מערידע אין סאמע טכילעס דערשטיקט געוואָרן.

די פינצטערניש איז געוואָרן אלץ געדיכטער. העק האָט אלץ אָפטער געשמאָרעט מיט דער נאָז און, ענדלעך, האָט ער כראָפּען גענומען. נאָך אים איז אויך דזשאָ אַנשלאָפן געוואָרן. טאָם איז אַ שטיקל צייט געלעגן אומבאוועגלעך, אָנשפּאַרנדיק זיך אפן עלנבויגן, און האָט שארף זיך איינגעקוקט אין די פּענימער פון די כאוויירים. דערנאָך האָט ער פאָרזיכטיק זיך אופגעשטעלט אף די קני און האָט גענומען שארן אין גראָז באם פינקלענדיקן אָפּשיין פון שייטער. ער האָט געפונען עטלעכע גרויסע שטיקער ווייסע קאָרע און האָט אויסגעקליבן פון זיי צוויי פּאַסיקסטע; דערנאָך האָט ער, שטייענדיק אַף די קני לעבן שייטער, אויסגעקריצט מיט גרויס מי עטלעכע ווערטער אף יעדן פון די שטיקער קאָרע. איין שטיק האָט ער צונויפגעוויקלט און באהאלטן אים אין דער קעשענע פון זיין רעקל, דעם אנדערן האָט ער באהאלטן אין דזשאָס היטל. כוצדעם, האָט ער אין היטל אריינגעלייגט עטלעכע ווערטפולע זאכן: אַ שטיק קרייד, אַ מעקער, דריי קריקלעך פון וועגטקעס און איינס פון די קייקעלעך, וואָס זיינען באוואוסט אונטערן נאָמען „עמעסער קרישטאָל״. דערנאָך האָט ער זיך פאָרזיכטיק, אף די שפּיץ פינגער, דורכגעגאַנוועט צווישן די ביימער, איז שטיל־שטיל אָפּגעגאַן אַ היפּשן מעהאַלעך און דערנאָך געלאָזט זיך לויפן צום ברעג־צו.

## קאַפּיטל XV

אין עטלעכע רעגעס ארום האָט טאָם שוין געשפּאַנט אין וואסער, געשפּאַנט צום אילינאָיער ברעג־צו. ער איז דורך אַ האַלבן וועג, איידער די וואַסער האָט אים דערגרייכט ביזן פּופּיק; נאָר ווייטער איז אומעג־לעך געוועזן צו גיין, דער שטראָם האָט געשטערט, האָט זיך טאָם גע־לאָזט שווימען; ביזן אקעגנדיקן ברעג איז געבליבן סאַכאַקל אַ שפּאַן הונדערט. ער איז געשוואומען קעגן שטראָם, נאָר ס'האָט אים אַראָפּגעטראָגן אַראָפּ פיל שנעלער, ווי ער האָט געריכט זיך. דאָך האָט ער, סאָפּקאָלסאָף, דערגרייכט דעם ברעג און האָט געשפּאַנט פאַרביי אים, ביז ער האָט ניט געפונען קיין פּאַסיק ערטל אָף ארויסצוגיין. דאָ האָט ער ארייַנגערוקט אַ האַנט אין קעשענע פון רעקל, האָט אָנגעטאַפּט, צי די קאָרע איז גאַנץ, און האָט זיך געלאָזט ווייטער דורכן וואלד, אינדערליינג פון ברעג, ניט לייגנדיק קיין שום אכט דערויף, וואָס פון זיין אָנטון רינט וואסער. ס'איז שוין געוועזן ארום צען אזייגער, ווען ער איז ארויס אַף א הויל אָרט אַקעגן שטעטל און האָט דערזעען דעם פּאַראָם, וואָס שטייט אונטער די ביימער לעבן הויכן ברעג. ארום איז שטיל געוועזן. באַ דער שטערן־שיין האָט טאָם שטיל־שטיל געגאַנוועט זיך איבערן ברעג, אָנגעשטריינגט איינקוקנדיק זיך אין וואסער אריין. ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין וואַסער אריין, איז אָפּגעשוואומען עטלעכע שפּאַן און איז ארייַנגעקראָכן אין א שיפעלע, וואָס איז צוגעבונדן צום פּאַראָם. ער האָט זיך אוועק־געלייגט אפן דנאָ פון שיפעלע און מיט פאַרשטאַרטן האַרץ געוואַרט, וואָס וועט זיין. ס'האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון א גלעקל און אַ קאָל, וואָס גיט אָפּ אַ באַפעל: „לאָז אָפּ!" אין א רעגע ארום האָט זיך דער באָרט פון פּאַראָם אופגעהויבן הויך איבערן שיפעלע, אוןביידע — דער פּאַראָם מיטן שיפעלע, — האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין. טאָם איז גליקלעך געווען דערפון, וואָס ס'האָט זיך אים איינגעגעבן — ער האָט געוואוסט, אז דער פּאַראָם וועט שוין היינט ווייטער ניט גיין. ס'זיינען דורך צוועלף אָדער פופצן גוואַלדיק לאַנגע מינוט. דער פּאַראָם־פירער האָט זיך אָפּגעשטעלט; טאָם איז ארויסגעקראָכן פון שיפל און האָט זיך אין דער פינצטער געלאָזט שווימען צום ברעג. קעדיי ניט אָנטרעפן אַף צופעליקע פארבייגייער, איז ער ארויס אפן ברעג א שפּאַן פופציק נידע־ריקער פונם נייטיקן אָרט, האָט אויסגעקליבן די סאַמע ליידיקסטע געס־לעך און האָט זיך איגנגיכן דערשלעפּט צו זיין מומעס הויז. ער איז ארי־בערגעקראָכן איבערן פּאַרקן און האָט אַרייַנגעקוקט אין פענצטער פון דער מומעס אלקער, וואו ס'איז ליכטיק געווען. אין צימער זיינען גע־זעסן: די מומע פּאָלי, סיד, מערי און דזשאָ גאַרפּערס מוטער. זיי האָבן

געשמועסט צווישן זיך. זיי זיינען געזעסן לעבן בעט אזוי, אז דאָס בעט האָט זיך געפונען צווישן זיי און דער טיר. טאָם איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און גענומען פּאָרזיכטיק אָפּרוקן דעם פּאַרוקער, דערנאָך האָט ער פּאָרזיכטיק אַ שטופּ געטון די טיר; זי האָט אַ סקריפּע געגעבן; ער האָט ווייטער געקוועטשט זי, ציטערנדיק באַ יעדער סקריפּ; ענדלעך, האָט זיך אויסגעבילדעט אַ שפּאַלט, דורך וועלכן ער האָט, טאָם, געקאָנט דורכקריכן אַף די קני; ער האָט ארייַנגערוקט דעם קאָפּ און האָט גענומען קריכן.

— וואָס האָט זיך עפּעס דער פלאַם פון דער ליכט אזוי צעשאָקלט פלוצלינג? — האָט אַ זאָג געגעבן די מומע פּאָלי (טאָם האָט גענומען קריכן גיכער), — זעט אויס, די טיר איז אָפן. נו, יאָ, פאַרשטייט זיך. איצט טרעפן ניסים אַף יעדער שריט און טריט. גיי, פאַרמאַך די טיר, סיד!

טאָם איז פּונקט אין דעם אויגנבליק ארונטער אונטערן בעט. ער האָט דעם אָטעם געכאַפּט און דערנאָך איז ער צוגעקראָכן אזוי נאָענט, אַז ער האָט געקאָנט קימאַט צורירן זיך צו דער מומעס פוס.

— יאָ, האָב איך געזאָגט, — האָט ווייטער גערעדט די מומע פּאָלי — אַז געווען איז ער גאָרניט קיין שלעכט אינגל, בלויז אַ שטיפער אַ גרויסער, אַ קונדעס, — ווי אַלע אינגלעך, נאַטירלעך: שפּרינגט ווי אַ לאָשעקל. קאָן מען צו אים טאַינעס האָבן? ער האָט קיינמאָל גאָרניט ניט געטון מיט קיין בייזן מיין, און אַ הארץ האָט ער געהאַט אַ גאָלדנס.

און זי האָט זיך צעוויינט.

— מיין דזשאָ איז אויך פּונקט אַזאַ געווען. ער איז שטענדיק גרייט געווען ווילדעווען, אין שטיפערייען איז ער שטענדיק דער ערשטער געווען, אָבער אַ גוטער איז ער געווען, בעסער קאָן מען ניט זיין, און גאָר, גאָר קיין עגאָיִסט ניט... גאָטעניו, פאַרגיב מיר, דער זינדיקער! אַז איך דערמאָן זיך, ווי כ׳האָב אים אָנגעשמיסן איבערן איינגעמאַכטס, ווען ס׳איז מיר גאָר פונם קאָפּ ארויס, אַז דאָס האָב איך דעם איינגעמאכטס אליין ארויסגעוואָרפן, ווייל ער איז פאַרדאָרבן געוואָרן... אַז איך דערמאַן זיך, אַז איך וועל שוין קיינמאָל מער ניט זען אים, מיין דזשאָען, אַף דער וועלט, קיינמאָל מער, קיינמאָל! מיין אומגליקלעך אינגל!

און מיסיס גאַרפּער האָט זיך אזוי צעיאָמערט, אַז געדאַכט האָט זיך, איר האַרץ וועט צעריסן — צעפּיצלט.

— איך רעכן, אַז טאָמען איז אצינד בעסער דאָרט, וואו ער געפינט זיך — האָט אַ זאָג געגעבן סיד, — נאָר ווען ער וואָלט אַביסל בעסער געווען אַף דער־וועלט...

— סיד! (טאָם האָט דערפילט, ווי באַ דער מומען האָבן זיך די אויגן אָנגעצונדן, כאָטש זען האָט ער ניט געקאָנט). ווי האָסטו עס די

האָזע צו ריידן אזוי וועגן מיין טאָמען אצינד, ווען ער איז נישטאָ! אַצינד מישפּעט אים גאָט אליין, און דו, זיי מוכל, באַמי זיך ניט. אָך, מיסיס גאַרפּער, איך ווייס אפילע ניט, ווי אזוי וועל איך עס אריבער־טראָגן. איך קאָן פּאָשעט ניט גלויבן, אז ער איז שוין ניטאָ! ער איז געווען באַ מיר אזא טרייסט, כאָטש ער פלעג פּייניקן מיין אלט הארץ.

— גאָט האָט געגעבן, גאָט טאַקע האָט צוגענומען... געלויבט זאָל זיין גאָטס נאָמען! נאָר שווער איז עס — אָך, ווי שווער! ערשט יענע וואָך, שאבעס, האָט מיין דזשאָ אויסגעשאָסן פון זיין שפּיל־פּיסטאָלעטל פּונקט מיר אונטער דער נאָז, און כ׳האָב אים אזא זעץ געגעבן, אַז ער האָט זיך איבערגעקערט. איך האָב ניט געוואוסט, אַז אַזוי גיך וועט... ווען כ׳וואָלט געוואוסט, וואָלט איך אים דעמאָלט צעקושט און געבענטשט.

— נו יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי אייך, מיסיס גאַרפּער. כ׳פאַרשטיי זייער גוט אייער האַרץ. ערשט נעכטן נאָכן וואַרמעס האָט מיין טאָם אָנגע־טרונקען מיין קאָטער מיטן „יעסורים־פאַרטרייבער״; דאָס אומגליקלעכע כאַיעלע האָט זיך אזוי ארומגעוואָרפן, אַז כ׳האָב געמיינט, קיין איין גאַנצע קיילע וועט ניט בלייבן אין שטוב. און איך האב אויך, זאָל מיר גאָט מוכל זיין, אים שיר דעם קאָפּ ניט דורכגעלעכערט מיט מיין פינגער־הוט. אומגליקלעך אינגל מיינס! נו, אַצינד האָבן זיך שוין אלע צאָרעס זיינע פאַרענדיקט. און די לעצטע ווערטער, וואָס כ׳האָב געהערט פון אים, זיינען אזעלכע ביטערע געווען...

נאָך דידאָזיקע דערינערונג איז שוין צו שווער געווען פאַר דער אלטיטשקער, — זי האָט זיך צעיאָמערט. טאָם האָט אויך געכניקעט, — דערהויפּט, פון ראַכמאָנעס אף זיך אליין. ער האָט געהערט, ווי אויך מערי וויינט, דערמאנענדיק אים אלעמאָל מיט א צארט וואָרט. פון אָט דעם אלעמען איז ער, טאָם, אלץ וויכטיקער באַ זיך, שטאָלצער און אָנגעלייג־טער געוואָרן. דאָך, דער מומעס יעסורים האָבן אים זייער גערירט; ס׳האָט זיך אים געגלוסט ארויסקריכן פון אונטערן בעט, זי דערפרייען, אריינ־ווארפן זיך אין אירע אָרעמס; ס׳וואָלט דאָך, כוץ אלעמען, געווען אַזאַ פּרעכטיקער טעאַטראַלער עפעקט. נאָר פונדעסטוועגן האָט ער זיך איינ־געהאַלטן און איז ווייטער געלעגן שטיל, צוהערנדיק זיך צום שמועס. פון באַזונדערע פראַזן האָט ער זיך דערוואוסט, ווי אזוי מע האָט אויס־געטייטשט זייער פאַרשווינדן ווערן: טכילעס האָט מען גערעכנט, אז זיי זיינען דערטרונקען געוואָרן בעאייסן באָדן זיך, דערנאָך האט מען דער־זען, אַז סע פעלט דער פּליט; דערנאָך האָבן עטלעכע אינגלעך דערמאַנט זיך, אַז די פאַרשוואונדענע כאַוויירים האבן צוגעזאָגט אינגיכן פאַרכידעשן מיט עפּעס די גאַנצע שטאָט. דאַן האָבן די היגע קלוגע לייט גענומען כקירען און האָבן באַשלאָסן, אז די אינגלעך זיינען אוועק אפן פּליט, קעדיי

ארויסצוזעצן זיך אַפן ברעג אין דער ערשטער נאָענטסטער שטאָט. נאָר צו מיטאָג־צו האט מען געפונען דעם פּליט לעם ברעג א מייל 5—6 ני־דעריקער פון שטעטל, און דאַן האט מען אלע האָפענונגען אָנגעווארן.

מ'האָט באַשלאָסן, אַז די אינגלעך זיינען אַף געוויס דערטרונקען גע־וואָרן, אָניט וואָלט דאָך דער הונגער פארטריבן זיי אהיים צו פאַרנאַכט־צו, אויב ניט פריער נאָך. וואָס שאַיעך דערצו, וואס ס'האט ניט איינגע־געבן זיך געפינען די טויטע קערפּערס, האט מען עס דערקלערט דער־מיט, וואס די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומען אין סאַמע מיט טייך, — ווען ניט דאס, וואָלטן די אינגלעך, וואס האבן זייער גוט געקענט שווי־מען, גיך דערשוואומען צום ברעג. היינט איז מיטוואך אפדערנאַכט. אויב ביז זונטיק וועט מען די קערפּערס ניט געפינען, איז, הייסט עס, קיין שום האָפענונג שוין ניטא, און זונטיק וועט מען איינאָרדענען אין קלויסטער אַן אַזקאָרע די פאַרשטאָרבענע. באַם וואָרט „אַזקאָרע" האָט טאָם אַ פלאַטער געטון, ס'איז אים א שוידער באַפאַלן.

מיסיס גארפער האט, יאָמערנדיק, געזעגנט זיך און האט זיך געלאזט גיין צו דער טיר־צו, נאר זי האט זיך אָפּגעשטעלט, בײדע פאַריאָסעמטע פרויען האבן זיך א וואָרף געטון איינע צו דער אנדערער אין די אָרעמס אריין און האָבן ביידע צעוויינט זיך פאַרן צעשיידן זיך. די מומע פּאָלי האט גוואלדיק צארט א קוש געטון פאַרן שלאָפן־גיין סידן און מערין, — סיד האט דערבײ כניקען גענומען, און מערי איז זיך פאַרגאַן אין טרערן.

די מומי פּאָלי איז געפאלן אַף די קני און האט גענומען מיספּאַלעל זיין פאַר טאָמען אַזוי הייס, מיט אַזאַ שטאַרקער ליבע אין די ווערטער און אין דעם זקײנישן צעבראָכענעם קאָל, אַז באַ טאָמען אליין איז דאס פּאָנים נאַס געווארן פון טרערן.

ס'איז אים, טאָמען, נאך לאנג אויסגעקומען צו ליגן, ניט רירנדיק זיך, אונטערן בעט, אפילע נאכדעם, ווי די מומע האט זיך שלאָפן גע־לייגט; זי האט די גאַנצע צייט אומרואיק געדרייט, געוואָרפן זיך, גע־הוסט און שווער געזיפצט. סאָפקאָלסאָף איז זי אנשוויגן געווארן און פון צייט צו צייט אַ קרעכץ געגעבן פון שלאָף. טאָם איז ארויסגעקראָכן פון אונטערן בעט, האט זיך פאָרזיכטיק אופגעשטעלט און האט לאַנג, פאַרשטעלנדיק מיט דער האַנט דאס ליכט, געקוקט אַף דער אַלטיטשקער. ער האט גרויס ראַכמאָנעס געהאַט אַף איר. ער האט ארויסגעשלעפּט פון קעשענע דאס שטיקל קאָרע און האט דאס אַוועקגעלייגט לעבן ליכטל, דערנאך האט ער אין עפּעס דערמאַנט זיך, האט א טראַכט געטון, האט גיך, גיך באַהאַלטן די קאָרע צוריק אין קעשענע אַריין, האט אָנגעבויגן דאס שיינענדיק פּאָנים און האט אַ קוש געטון די פאַרוועלקטע זקײנישע

ליפן. דערנאָך איז ער שטיל, שטיל ארויסגעגאַנגען און פֿאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר אַפֿן פֿאַרוקער.

ער איז צוגעקומען צום ברעג, צום אָרט, וואו סע שטייט געוויינלעך דער פֿאַראָם.

ער האט קיינעם ניט געטראָפֿן אפֿן ברעג און איז דרייסט אַרוף אַף דער שיף.

ער האט געוואוסט, אז אַף דער שיף קאָן קיינער ניט געפֿינען זיך, אכוצן וועכטער, און אז דער וועכטער האט א טעווע פֿאַרקריכן אין קאַיוט אריין און געשמאק פֿאָפֿן. האט טאָם אָפּגעבונדן דעם פֿאראָם, איז שטיל, שטיל ארוף אַף אים און גענומען, רודערנדיק, הייבן זיך מיטן שטראָם־אַרוף. אָפּפֿאָרנדיק אַנערעך אַ מייל, האָט ער געלאָזט גיין דעם פֿאַראָם צום אקעגנדיקן ברעג און האָט אים אָפּגעשטעלט דאָרט, וואו ס׳איז נייטיק געווען: ס׳האָט זיך אים זייער געוואָלט ווערן שטענדיקער באַלעבאָס איבערן פֿאראָם, ווייל דער פֿאַראָם איז דאָך אויך געווען קימאַט אַ שיף און דערמיט אַליין שוין אַ געזעצלעכע פּיראַטן־רויב. נאָר געוואוסט האָט ער, אַז דעם פֿאַראָם וועט מען אומעטום זוכן, און דאָס קאָן אַנטפּלעקן די שפּורן. דעריבער איז ער פֿראָסט אַראָפּ אַפֿן ברעג, איז אַ ביסל געזעסן אין וואַלד, האָט פֿיין אויסגערוט זיך, קאָם איינהאלטנדיק זיך פֿון אַנשלאָפֿן ווערן, און האָט זיך אַ מידער געלאָזט גיין צוריק צו די כאַוויירים. ס׳האָט שוין געהאַלטן באַ סאָף נאַכט, און אַז ער איז צוגעקומען צום אָרט, איז שוין אינגאַנצן ליכטיק געווען. ער איז נאָך אַביסל געזעסן, ביז די זון האָט אַביסל דערוואַרעמט מיט אירע גילדענע שטראַלן דאָס וואַסער, דערנאָך האָט ער זיך א וואָרף געטון אין וואַסער אריין און גענומען שווימען. שפּעטער אַביסל האָט ער זיך באַוויזן אַ פּיטש־נאַסער אין לאַגער, פּונקט אין דער רעגע, ווען דזשאָ האָט גערעדט:

— ניין, העק, טאָם איז אַ געטרייער באָכער. ער וועט ניט אנטלויפֿן, ער וועט זיך אומקערן. ער ווייסט, אַז מאַכן די פּלייטע איז אַ שאַנד פֿאַר אַ פּיראַט. כוץ אלעמען, איז טאָם צו שטאָלץ, ער זאָל אַזוינס טון. ער האָט עפּעס אַ אופּטו פֿאַרטראַכט, — וואָס האָט ער עס געקאָנט פֿאַרטראַכטן?

— נו, אָבער די זאַכן זיינען פֿונדעסטוועגן אונזערע?

— קימאַט, העק, נאָר ניט אינגאַנצן. אין בריוו שטייט, אַז מיר זאָלן זיי נעמען, אויב ער וועט ניט אומקערן זיך צום איבערבייסן.

— און טאָם איז טאַקע דאָ! — האָט, פּלוצלינג באַווייזנדיק זיך, אויסגעשריגן טאָם.

דאָס האָט אַרויסגערופֿן א וואונדערלעכן דראמאטישן עפֿעקט.

זיי האָבן גיך געמאַכט זיך אַן איבערבייסן פון וואורשט און פיש און האָבן אים אָרנטלעך פּאַרטיליקט. נאָכן איבערבייסן האָט טאָם דערציילט (ניט אָן באַפּוצונגען) אַלץ, וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט אים. אַז ער האָט געענדיקט דערציילן, איז די גאַדלעס פון אונזערע העלדן אויסגעוואַקסן ביזן סאַמע הימל. אָנגעגעסן זיך, האָט טאָם צוגעלייגט זיך אין שאָטן אויס־שלאָפן זיך. די איבעריקע פּיראַטן זיינען אוועקגעגאַן כאַפּן פיש און אויספאָרשן דעם אינזל.

## קאַפּיטל XVI.

נאכן וואַרמעס האָט די גאַנצע באַנדע געלאָזט זיך צום ברעג אַף געיעג נאָך אייעלעך פון מויערקעפּלעך. זיי האָבן אַריינגעשטעקט די שטעק־לעך אין זאַמד אַריין, און וואו זיי האָבן געטראָפן אַ ווייך ערטל, פלעגן זיי זיך שטעלן אַף די קני און נעמען גראָבן דעם זאַמד מיט די הענט. אָפט פלעגן זיי פון אַזאַ גריבל אַרויסנעמען אַ פינף—זעקס צענדליק אייע־לעך מיטאַמאָל. געווען זיינען די אייעלעך קיילעכיקע, ווייסע, אַביסל גרעסער פון אַ ניסעלע. אין אָט־דעם טאָג האט כעוורע געהאַט אַ גרויס־אַרטיקע וועטשערע, אויך דעם צווייטן פרימאָרגן האבן זיי געהאַט אַ זעל־טענעם פרישטיק. נאָכן פרישטיק זיינען זיי געשפּרונגען און אַרומגעלאָפן איבערן ברעג, געיאָגט זיך איינער נאָכן צווייטן, אויסטוענדיק זיך אינ־מיטן לויפן, ביז זיי האבן ניט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאס גאַנצע אָנטון; דערנאָך האָבן זיי געשפּילט זיך און געשטיפט אין וואַסער, קעמפנדיק מיטן שטראָם, וואס וואַרפט זיי פון די פיס,—דערפון איז נאך פריילעכער געוואָרן. אָפט פלעגן זיי צונויפנעמען זיך איניינעם, אָנעמען וואַסער אין די זשמעניעס און פליעסקען איינער דעם צווייטן אין פּאָנים אַריין. געענ־דיקט האט זיך עס מיט אַ אלגעמיינעם געראַנגל,—אלע דריי האבן, פאַר־דרייענדיק זיך אין אַ קנויל פון ווייסע הענט און פיס, אַרומגעשליידערט זיך אַף דער ערד, בלאָזנדיק זיך, שפּריצנדיק, לאַכנדיק, שפּייענדיק און קאם כאַפּנדיק דעם אָטעם.

געבליבן אָן קויכעס, פלעגן זיי אַרויסלויפן פון וואַסער, זיך אויסציען אַפן טרוקענעם, הייסן זאַמד און אינגאַנצן פאַרגראָבן זיך אין אים. דער־נאָך פלעגן זיי ווידער אַריינוואַרפן זיך אין וואַסער אַריין, און ס׳פלעג זיך אלץ איבערכאַזערן אַפּסניי. ענדלעך, איז זיי געקומען אַפן זינען, אַז זייער נאַקעט לייב איז זייער געראָטן אין טריקאָ פון לייב־קאָליר; זיי האבן געמאַכט אין זאַמד אַ קרייז און איינגעאָרדנט אַ צירק. דער צירק איז באַשטאַנען פון גאַנצע דריי קלאָונס,—קיינער פון זיי האט ניט געוואָלט אָפּטרעטן אָט די באַליבטע ראָלע.

דערנאָך האבן זיי אַרויסגענומען זייערע קייקעלעך און גענומען שפּילן זיך אין קאָלערליי שפּילן, ביז ס׳איז זיי נימעס געוואָרן. פּאַמעלעך זיינען זיי פאַנאַנדערגעגאַן זיך אין פאַרשיידענע זייטן, יעדער איינער האט אומעטיק געקוקט צום ברייטן טייך, צו יענער זייט, וואו ס׳ליגט דאס שטעטל באַגאָסן מיט זון. טאָם האט, אַליין ניט באַמערקנדיק עס, געשריבן מ׳טן גרויסן פינגער אין זאַמד: בעקי; ער האט זיך אליין געפּאַקט אפן פאַרברעכן, האט אָפּגעריבן דאָס אָנגעשריבענע און איז אין קאַס געוואָרן אף זיך פאַר דער שלאבעריקייט, נאָר ער האט זיך איינהאַלטן ניט געקאָנט און האָט ווידער אָנגעשריבן דעם נאָמען. דערנאָך האָט ער ווידער אָפּגעריבן און, קעדיי בייקומען זיך, איז ער אוועק צו די כאווײרים.

נאָר דזשאָ איז אויך געווען באַ זיך אַראָפּגעפאַלן, ער האָט קימאַט דעם גאַנצן מוט פאַרלוירן. ס׳האָט אים אַזוי געצויגן אַהיים, אַז ער האָט שיר ניט געוויינט. העק איז אויך מאָרעשכוירעדיק געוואָרן. טאָם אַליין האָט זיך ניט מיט אַלעמען געפּילט, נאָר ער האָט זיך געמיט ניט אַנטפּלעקן עס. ער האָט געהאַלטן בעסאָד עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט דערווייל ניט געוואָלט פאַרטרויען די כאַווײרים, נאָר באַשלאָסן האָט ער, אַז אויב ס׳וועט אים ניט איינגעבן זיך פאַרטרייבן זייער אומעטיקייט, וועט ער עס זיי טייקעף אויסזאָגן. קלאָמפּערשט־רואיק אינגאנצן, האָט ער זיך געווענדעט צו זיי:

— איר ווייסט וואָס, גוטע־ברידער, קומט צו געוועט, אַז אף אָט דעם אינזל זיינען אויך ביז אונז געווען פּיראַטן. קומט, לאָמיר אַרומגיין דעם אינזל נאָכאַמאָל. דאָ איז געוויס ערגעץ־וואו באַהאַלטן אַ אויצער. וואָס וועט איר, אַשטייגער, זאָגן, אויב מירן אָנטרעפן אַף אַ צעפוילט קעסטל, וואָס איז ביז העט־אַרוף אָנגעפּולט מיט גאָלד און מיט זילבער, האַ?

אָבער דערדאָזיקער פאָרשלאַג האָט קיין שום היספּאַילעס ניט אַרויסגערופן. טאָם האט פאָרגעלייגט נאָך אַ צוויי־דריי צוציִענדיקע פאָרשלאַגן, נאָר אַלע זיינע פּרואוון האָבן זיך ניט איינגעגעבן. דזשאָ האָט אומעטיק געשטופּט דאָס שטעקל אין זאַמד אַריין. דאָס פּאָנים איז באַ אים פינצטער געווען. ענדלעך, האָט ער, דזשאָ, אַ זאָג געגעבן:

— אָך, גוטע־ברידער, לאָמיר אוועקוואַרפן אונזער אופּטו. איך וויל אהיים. דאָ איז אזוי וויסט.

— ניין, דזשאָ, דו וועסט זיך צוגעוויינען, — האָט אים איינגערעדט טאָם, — דו דערמאַן זיך נאָר, ווי גוט ס׳כאַפּט זיך דאָ פיש.

— כ׳באַדאַרף ניט האָבן קיין שום פיש, — איך וויל אהיים.

— און דאָס באָדן זיך? נאָך אַזאַ אָרט אַף באָדן זיך וועסטו אינערגעץ ניט קריגן.

— כ׳באַדאַרף ניט קיין שום באָדן זיך; מיר געפּעלט שוין ניט באָדן זיך אַצינד, ווען קיינער פאַרווערט עס ניט. איך וויל אהיים.

— פו, ס׳אַראַ נאַרישע רייד! קינדעלע! צו דער מאַמען האָט זיך אים פאַרגלוסט!

— נו, יאָ, צו דער מאמען. אויך דיר וואָלט זיך פאַרגלוסט, ווען דו זאָלסט האָבן אַ מאמען, און קיין קינדעלע בין איך ניט, — איך בין מיט דיר אין איינע יאָרן.

און ער האָט זיך, דזשאָ, צעוויינט.

— נו, גוט, זאָל אונזער צערעפּעט קינד אַוועקגיין אַהיים, מירן אים אָפּלאָזן — עמעס, העק? אַ ראַכמאָנעס אַף אים, ער האָט זיך נאָך דער מאַמען פאַרבייינקט. נו, איז וואָס? זאָל ער זיך גיין! דיר געפעלט דאָך דאָ — אַיאָ, העק? מירן מיט דיר בלייבן דאָ?

— י — יאָ, — האָט צעצויגן געענטפערט העק, אָבער אָן באַזונדער היספּאַילעס.

— איך בין מיט דיר פון היינט אן בערויגעז, — האָט געמאָלדן דזשאָ אופשטייענדיק, — זיי וויסן!

ער איז אָנגעברויגעזט אָפּגעגאַן אין אַ זייט און גענומען אָנטון זיך.

— א טייערע מעציע! זיי אַזוי גוט! קיינער באַדאַרף דיך דאָ ניט האָבן. גיי אהיים, זאָלן אלע לאַכן פון דיר. אַ פיינער פיראַט, אף מיין וואָרט! העק און איך — זיינען ניט אזעלכע צערעפּעטע, ווי דו. מירן פאַרבלייבן דאָ — אַיאָ, העק? זאָל ער זיך גיין, אויב ס׳גלוסט זיך אים. מירן זיך באַגיין אָן אים.

דזשאָ האָט, ניט אָפּענטפערנדיק, אַרופגעצויגן אף זיך זיין אָנטון. טאָם איז, ניט געקוקט אַף זיין קלאָמפּערשטן גלייכגילט, געווען זייער באַומרואיקט. נאָך מער האָט אים באַומרואיקט העקס אויסזען, — העק האָט טרויעריק נאָכגעשפּירט, ווי דזשאָ קלייבט זיך אין וועג אריין, און האָט שווער געשוויגן. דזשאָ האָט זיך אָנגעטון און, ניט געזעגנדיק זיך מיט קיין איין וואָרט, געלאָזט זיך גיין צום אילינאָיער ברעג. בא טאָמען האָט דאָס הארץ אַ פלאַטער געטון. ער האָט אַ קוק געגעבן אַף העקן. העק האָט ניט געקאָנט אויסהאלטן דעם בליק און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אויך כיישעק אוועקגיין, טאָם: ס׳איז דאָ אומעטיק געוואָרן, און אצינד וועט נאָך ערגער זיין. לאָמיר אויך אוועקגיין, טאָם.

— גיי, אויב ס׳גלוסט זיך דיר, איך וועל ניט גיין, איך וועל בלייבן.

— טאָם, איך וועל בעסער אוועקגיין.

— נו, איז גיי־זשע! — ווער לאָזט דיך ניט?

העק האָט אָנגעהויבן צונויפנעמען זיינע צעשליידערטע זאכן, ריידנדיק דערביי:

— קום מיט מיר, טאָם. אינדערעמעסן, באַטראַכט זיך ווי ס׳דאַרף צו זיין. מירן צוווארטן אף דיר אפן ברעג.

— לאנג וועט אייך אויסקומען וואַרטן.

העק איז אומעטיק אַוועקגעגאַנגען. טאָם איז געשטאַנען און האָט אים נאָכגעקוקט, האָבנדיק גרויס כיישעק בייצוקומען דעם שטאָלץ און מיטגיין מיט זיי. ער האָט געהאָפט, אַז די אינגלעך וועלן זיך אָפּשטעלן, אָבער זיי זיינען פּאַמעלעך אלץ ווייטער און ווייטער געגאַנגען. טאָם האָט פּלוצלינג באַמערקט, אַז ארום איז געווארן אומגעוויינלעך־וויסט און שטיל. ער האָט ענדגילטיק באַזיגט זיין אייגנליבע און האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך זיינע כאַווירים, שרייענדיק:

— שטייט, שטייט! איך דאַרף אייך עפּעס זאָגן!

יענע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און האָבן פאַרקערעוועט צוריק. דערזאָגט זיי, האט טאָם גענומען דערציילן זיי זיין סאָד; זיי האבן געהערט מיט זויערע פּענימער, — ס׳האט לאנג געדויערט, ביזוואנען זיי האבן זיך אָנגעשטויסן, וואס ער מיינט, ביזוואנען זיי האבן פאַרשטאַנען דעם טאָך פון זיינע רייד; אז זיי האבן עס סאָפּקאָלסאָף פאַרשטאַנען, האבן זיי גענומען קוויטשען פון היספּאַילעס. זיי האבן איינגעפונען, אז ס׳איז „וואונדערלעך״, און ווען ער וואָלט עס זיי פריער אויסגעזאָגט, וואָלטן זיי אַפילע ניט געטראַכט אוועקצוגיין. טאָם האט זיי פאַרשיידענע טירוצים דערציילט, פאַרוואס ער האט זיי ביז איצט דעם סאָד ניט אויסגעזאָגט, — כאטש אינדערעמעסן האט ער ביז איצט געשוויגן, ווייל ער האט מוירע געהאט, אז אפילע דערדאזיקער סאָד וועט ניט אף לאנג פאַרהאַלטן די כאַווירים. ער האט געהיט דעם סאָד, ווי א לעצט לעקעכל.

די אינגלעך האבן זיך פריילעך אומגעקערט צוריק און ווידער גענומען שפּילן זיך, פּלאַפּלענדיק די גאַנצע צייט וועגן טאָמס וואונדערלעכן פּלאַן, לויבנדיק זיין געניאלן איינפאל. נאכן געשמאקן מיטאָג, וואס איז באַשטאַנען פון אייער און פיש, האָט טאָם געזאגט, אז אצינד וויל ער זיך אויסלערנען רויכערן. דזשאָ האט זיך אָנגעכאפּט דעריין און האט געמאָלדן, אז ער וועט אויך פּרואוון. העק האט געמאכט פּיפּקעס און האט זיי אָנגעשטאָפּט מיט טאַבאַק. טאָם און דזשאָ האבן זיך אויסגעצויגן אף דר׳ערד, אָנגעשפּאַרט זיך אַף די עלנבויגנס און גענומען פאָרזיכטיק אריינציען אין זיך דעם רויך, — קיין באַזונדער צוטרוי צום רויך האָבן זיי ניט געהאַט.

דער רויך האָט געהאַט אַ זייער ניט־אנגענעמענעם טאַם און ער האָט זיי אַביסל געוואָרגן, פונדעסטוועגן האָט טאָם געמאָלדן:

— ס'איז דאָך גאָר גרינג! ווען כ'וואָלט עס פריער געוואוסט, וואָלט איך שוין לאַנג געראַווכערט.

— און איך אויך! — האָט אים אונטערגעהאַלטן דזשאָ — ס'איז דאָך גאָר אַ גרינגע מאַיסע!

— כ'פלעג אַזויפיל מאָל קוקן, ווי אונזערע רויכערן, און טראַכטן: „אָט ווען איך זאָל זיך אויסלערנען", נאָר כ'בין זיכער געווען, אַז ס'וועט זיך מיר ניט איינגעבן. אָט אַזוינער בין איך שטענדיק. עמעס, העק? איך האָב עס דיר דאָך אַמאָל געזאָגט! אָט זאָל העק זאָגן. נו, יאָ, כ'האָב עס דיר דאָך אמאָל געזאָגט. איינמאָל, געדיינקסט, איז עס געווען לעבן שעכטהויז. ס'זיינען דאָרט געווען אויך באָב טאַנער, דזשאָני מילער און דזשעף טעטשער. געדיינקסט, העק, וואָס כ'האָב געזאָגט?

— נו, יאָ, כ'געדיינק. ס'איז געווען אין יענעם טאָג, ווען כ'האָב פאַרלוירן מיין מיאַטשל... ניין, ס'איז געווען אַ טאָג פאַר דעם...

— נו, אָט, העק געדיינקט.

— איך רעכן, אַז כ'וואָלט געקאָנט רויכערן אזא פיפקע אַגאַנצן טאָג, — האָט געזאָגט דזשאָ, — ס'איבלט מיך לאכלוטן ניט.

— מיך אויך ניט, — האָט געזאָגט טאָם, — איך וואָלט געקאנט רויכערן אַגאַנצן טאָג, אָבער כ'גיי אין געוועט, אז דזשעף טעטשער וואָלט עס ניט געקאָנט.

— דזשעף טעטשער? אויך מיר אַ מאַכער! זאָל ער נאָר צוויי מאָל פאַרציען זיך, וועט ער זיך טייקעף פאַרכלינען. זאָל ער נאר פּרואוון.

— פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט זיך טייקעף פאַרכלינען, און דזשאָני מילער — אויך דאָסזעלבע; כ'וואָלט אַ באַלן געווען אַ קוק טון, ווי דזשאָני מילער רויכערט.

— יאָ, אַף וואָס טויג ער, דזשאָני מילער? ער קאָן דאָך גאָרניט ניט. איינמאָל פאַרציען זיך — איז ער פּיפּטער.

— עמעס, דזשאָ. הער נאָר: אָט ווען די כאַוויירים וואָלטן אונז אַצינד געזען!

— אַך, ווי דאָס וואָלט זיך מיר געוואָלט! הערט נאָר, גוטע־ברידער, — קיינעם קיין וואָרט ניט אויסזאָגן! פאָרקומען זאָל עס אזוי: אַמאָל, אַז אַלע וועלן זיך צונויפנעמען, וועל איך צוגיין צו דיר און א זאָג טון: „דזשאָ, דאָ באַ דיר די פּיפקע? כ'האָב כיישעק אַ רויכער טון". און דו וועסט ענטפערן אזוי, ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן קלייניקייטן: „יאָ, דאָ באַ מיר מיין אַלטע פּיפקע, און די נייע איז אויך דאָ, — נאָר דער טאַבאַק איז באַ מיר ניט זייער קיין וואוילער". און איך וועל זאָגן: „נו, ס'איז אַלציינס, זאָל נאָר שטאַרק זיין דער טאַבאַק". און דעמאָלט

וועסטו ארויסשלעפּן די פּיפּקעס, און מירן ביידע קאַלטבלוטיק פאַרוי־כערן, — זאָלן זיי אָנקוקן!

— אָט וועט עס פריילעך זיין! איך וואָלט געוואָלט, אַז ס׳זאָל טייקעף, אָט־איצט פאָרקומען.

— איך וואָלט אויך געוואָלט! און אַז מירן זיי זאָגן, אַז מיר האָבן זיך אויסגעלערנט רויכערן בעאַיס מיר זיינען געווען פּיראַטן, וועלן זיי אונז אַזוי מעקאַנע זיין!

— נו, שוין איינמאָל מעקאַנע זיין!

דער שמועס האָט לאַנג געדויערט. נאָר צוביסלעך האָט ער אָנגעהויבן איבערגעריסן ווערן. די האַפּסאָקעס אין שמועס האָבן גענומען לייגער ווערן. עפּעס האָט צופּיל סלונע גענומען צוקומען אין די אינגלעכס מיילער. יעדער שפּעלטיקל אין דער אינעווייניקסטער באַקן־זייט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָנטאַן. די אינגלעך האָבן קאָם באַוויזן צו אָפּריינען די קעלערס אונטער זייערע צינגער, קעדיי אויספעלן אַ פאַרפלייצונג; ניט געקוקט אַף זייער מי, האָט עס זיי אַלעמאָל דעם האַלז פאַרגאָסן, און אַלעמאָל פלעג זיי אָנהייבן איבלען. ביידע אינגלעך זיינען בלייך געוואָרן, אַ אויסזען האָבן זיי באַקומען אַ ראַכמאָנעסדיקן. באַ דזשאָען איז די פּיפּקע ארויסגעפאַלן פון די אָפּגעשוואַכטע פינגער, באַ טאָמען — אויך. ענדלעך, האָט דזשאָ שלאַבעריק ארויסגערעדט:

— איך האָב פאַרלוירן מיין מעסערל, מע דאַרף גיין געפינען עס.

טאָם האָט מיט ציטערנדיקע ליפּן און פלאַטערנדיקן קאָל ארויסגערעדט:

— איך וועל דיר העלפן. דו גיי אָט אין דער זייט אריין, און איך — אַהין, צו דער ריטשקע־צו. ניין, העק, דו גיי ניט מיט אונז, מירן אַליין געפינען.

העק האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף זיין אָרט און איז אָפּגעזעסן העכער אַ שאָ. דערנאָך איז אים לאַנגווייליק געוואָרן, און ער האָט זיך געלאָזט אופזוכן די כאַווײרים. ער האָט זיי געפונען אין וואַלד, ווייט איינער פונם אַנדערן; זיי זיינען געווען בלייך און שלעפעריק. נאָר עפּעס האָט דאָס האַרץ געזאָגט העקן, אַז אויב זיי האָבן זיך פריער געפילט ניט מיט אַלעמען, איז די סיבע דערפון אַצינד באַזייטיקט שוין.

אינאָוונט בעאַיס וועטשערע זיינען ביידע ניט באַריידעוודיק געווען, האָבן זיך פאַר עפּעס געשעמט. אַז העק האָט נאָך דער וועטשערע אָנגעשטאָפּט זיין פּיפּקע און האָט פאָרגעלייגט אָנשטאָפּן די פּיפּקעס אויך פאַר זיי, האָבן זיך ביידע אָפּגעזאָגט. זיי האָבן ארויסגעשטעלט דעם טערעץ, אַז זיי זיינען ניט געזונט, — זעט איר, בעאַיס מיטאָג האָבן זיי אופגעגעסן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיי פאַרשאַדט.

## קאַפּיטל XVII.

אַרום האַלבער נאַכט האט זיך דזשאָ אופגעכאַפּט און האט אופגע־וועקט די כאַווערים. אינדערלופטן איז געהאַנגען א געדיכטע, מאַטערנ־דיקע, שטיקנדיקע היץ. די אינגלעך האבן זיך פאַרפלאָכטן אין איין קופּע און האָבן זיך געטוליעט נעענטער צום פייער, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די נאַכט איז שרעקלעך שטיקנדיק געווען. זיי זיינען געזעסן ניט רירנ־דיק זיך, איינהערנדיק זיך און וואַרטנדיק. הינטערן שייטער האט אַלץ געזונקען אין שטאָק־פינצטערניש. פלוצלינג האָט עפּעס א גלאַנץ געטון, האָט באַלויכטן מיט פליענדיקער שיין די בלעטער און איז פאַרשוואונדן געוואָרן, דערנאָך האט עס ווידער אַ גלאַנץ געטון נאָך העלער, דערנאָך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. צווישן די ביימער־צווייגן איז דורך א שלא־בעריקער קרעכץ; די אינגלעך האָבן דערפילט אף זייערע באַקן עמעצנס אָטעם און האָבן פלאַטערן גענומען פונם געדאַנק, אז דאָס איז דורכגע־פלויגן דער רוך פון דער נאַכט. דערנאָך איז שטיל געוואָרן. און פלוצ־לינג—באַנייס א קאָן אַ ווילדער בליק־גלאַנץ, וואס באַלויכט מיט אויסער־געוויינלעכער העלקייט און בוילעטקייט יעדער גראָז־שטיינגל און דריי בלייכע דערשראָקענע קינדערשע פּענימער. ס׳האָט א דונער דורכגע־קייקלט זיך איבערן וואַלד, האָט זיך ווייט צעקנאַלט און אויסגעגאַן. דורכ־געטראָגן האָט זיך א קאַלטער ווינט, האט שורשען גענומען מיט אַלע בלעטער מיטאַמאָל און האָט צעוואָרפן דעם אַש אַרום שייטער. ס׳האָט ווידער אַ גלאַנץ געטון א בליק, און מאָמענטאַל נאָך אים האָט א זעץ־געגעבן א דונער. די אינגלעך האָט זיך געדאַכט, אַז פון אָט־דעם הילך וואַלגערן זיך איין די ביימער איבער זייערע קעפּ. אין דער שטאָק־פינצטערניש, אין שוידער־שרעק האָבן זיי געטוליעט זיך איינער צום צווייטן. אַף די בלעטער האָבן קלאַפּן גענומען די ערשטע, היפּשע רעגנ־טראָפּנס.

— לעבעדיקער, כעוורע, אין ביידל אַריין! — האָט אַ געשריי געטון טאָם. זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן, פאַרטשעפּענדיק זיך אין די וואָרצלען און פאַנאַנדערייסנדיק די ליאַנעס. אין וואַלד האט געווילדעוועט א מוי־רעדיקער שטורעם, און אַלץ האט זיך מיט קרעכצעניש געבויגן. שאַרף־העלע בליצן האבן קימאַט אָן אופהער, איינער נאָכן אַנדערן, געגלאנצט, און נאך יעדער בליק האט שוידערלעך געקנאַלט א דונער. ס׳האט אָנ־געהויבן גיין א גאָס־רעגן, און דער שטורעם־ווינט האט אים געטריבן פּאַסנווייס איבער דער ערד. די אינגלעך האָבן, שרייענדיק, גערופן איי־נער דעם צווייטן, נאָר דער געברום פון שטורעם און די דונער־קנאַלן האבן אינגאַנצן דערשטיקט זייערע קוילעס. פונדעסטוועגן זיינען זיי איי־

נער נאָכן אַנדערן דערלאָפן צוםביידל און האבן זיך באהאַלטן דערין, פּיטש־נאַסע, צעדראַפּעטע, פאַרקילטע; פון זייער אָנטון האט ריטשקעס־ווייס גערונען וואַסער; נאָר יעדער פון זיי איז שוין געווען צופרידן דערפון אַליין, וואָס ער האָט גוטע־ברידער אין דעם אומגליק. שמועסן וואָלטן זיי ניט געקאנט, ווען דער שטורעם וואָלט אַפילו ניט דערשטיקט זייערע קולעס,— דער ווינט־לייוונט האָט צאַרניק געקלאַפּט איבער זיי. דער שטורעם האט זיך אַלץ געשטאַרקט. סאָפּקאָלסאָף, האט דער ווינט אַראָפּגעריסן דעם ווינט־לייוונט, און דער לייוונט האט זיך פראַנק און פריי גענומען דרייען אין וויכער. די אינגלעך האָבן א כאַפּ געטון אײנער דעם אַנדערן בא די הענט און זיינען, אַלע רעגע פאַרטשעפּענדיק זיך און בלאָטערס אופשלאָגנדיק זיך, געלאָפן באַשיצן זיך אונטערן גרויסן דעמב אָפן ברעג. אַצינד האט זיך די סטיכיען־שלאַכט גאָר צעפלאַקערט. אונטער דער גלאנצעניש פון בליצן אין הימל האָט אַלץ אף דער ערד אויסגעטײלט זיך מיט אויסערגעווײנלעכער קלאָרקייט: די אײנגעבויגענע ביימער, אונטן דער אופגעבלאָזענער טייך, וואָס איז אינגאַנצן ווייס פון שוים, די שפריצן פון די צעשוימטע וואַלד־ריטשקעס, די טונקעלע סילועטן פון די הויכע פעלזן אָפן צווייטן ברעג, וואָס קוקן אַרויס פון צווישן די צעיאָגטע וואָלקנס, פון צווישן דעם געדיכטן רעגן־פאָרהאַנג. אַלעמאָל האט אַן אַנדער וואַלד־ריז, באַזיגט אין שלאַכט, מיט הודעניש אַראָפּגעוואַלגערט זיך אף דר׳ערד, ברעכנדיק די יונגע ביימלעך. די דונערן האָבן איצט געקנאַלט מיט קורצע, קוויטשיקע אופרייסן, וואס פילן אָן דאָס האַרץ מיט אומגעהײערן שוידער. צום סאָף נאַכט האט דער געװיטער אָנגעשטריינגט אַלע קויכעס און האָט זיך צעווילדעוועט מיט גוואַלדיקן גרימצאָרן; ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דער געוויטער וועט צע־רייסן דעם אינזל אף שטיקער, וועט אים פאַרברענען, וועט אַרויסרייסן אַלע ביימער, וועט אינגאַנצן פאַרטיליקן דעם אינזל. ס׳איז געווען א שרעקלעכע נאַכט פאַר די קינדער.

נאָר סאָפּקאָלסאָף האט זיך די שלאַכט געשטילט, און די סטיכישע קרעפטן האָבן זיך אָנגעהויבן באַרואיקן. די דונער־קנאַלן זיינען געוואָרן אַלץ שטילער. ביסלעכוויס האט אין וואַלד ווידער שטילקייט גענומען הערשן. די אינגלעך האָבן זיך, פיין אָנגעשראָקענע, אומגעקערט אין זייער לאַגער; אַרויסגעוויזן האט זיך, אַז ס׳האָט זיי נישקאָשע אָפּגעגליקט,— דעם גרויסן פייגנבוים, אונטער וועלכן זיי האבן זיך געהאַט אײנגע־אָרדנט אַף נאַכט, האָט פאַרברענט א בליץ, און זיי זיינען שוין ניט געווען אונטער אים בעאייס די קאַטאַסטראָפע איז געשען.

אַלץ אין לאַגער איז נאַס געווען דורך־און־דורך. דאָס פייער איז פאַרלאָשן געוואָרן: די אינגלעך האָבן, פונקט ווי אַלע מענטשן, גאָרניט

ניט פאָרויסגעזעען און האָבן ניט אָנגענומען באַצייטנס קיין שום מיטלען אַף צו פאַרהיטן דאָס פייער. דאָס, וואָס קיין פייער איז אַצינד ניט געווען, איז באַזונדערס געווען ניט איינגענעמען, ווייל אַלע דריי זיינען פיטש־נאַס געווען און האָבן געציטערט פון קעלט. זיי האָבן גרויסע יעסורים געהאַט און לאַנג גערעדט דערפון, גאָר דערנאָך האָבן זיי באַמערקט, אַז דאָס פייער איז געווען אַזוי ווייט פאַרקראָכן אונטער דער גרויסער קלאָץ, אַז עטלעכע קוילעכלעך זיינען דאָרט געבליבן ניט פאַרגאָסן. די אינגלעך האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, האָבן צונויפגענומען צווייגן און קאָרע פון דער אינעווייניקסטער זייט אין די קלעצער, וואָס זיינען דורך ביימער באַשיצט, און סאָפּקאָלסאָף האט זיי נאָך לאַנגער געדולדיקער מי איינ־געגעבן זיך אָנצינדן א פייער. זיי האָבן אַריינגעוואָרפן אַהין גרויסע צווייגן, האבן צעלייגט אַ גרויסן שייטער און זיינען ווידער מונטער גע־וואָרן. אַפן פייער האָבן זיי אויסגעטריקנט זייער נאַס געוואָרענעם וואורשט און האָבן אָפּגעגעסן וועטשערע. דערנאָך האבן זיי זיך אַוועקגעזעצט לעבן שייטער און האָבן ביז אינדערפרי געשמועסט וועגן דער גרויסער געשעעניש; שלאָפן איז סייוויסיי ניט געווען וואו, ווייל אַרום איז ניט געווען קיין איין טרוקן ערטל.

באַ די ערשטע זון־שטראַלן האָט דרימל גענומען באַהערשן אונזערע העלדן. זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט אפן בּרעג, אין נאַסן זאַמד. אַז די זון האָט פיין אָנגעבראָטן זיי, האָבן זיי זיך אופגעהויבן און האָבן אומע־טיק גענומען גרייטן זיך איבערבייסן. נאָר אויך נאָכן איבערבּייסן האָבן זיי זיך געפילט דערשלאָגן; דאס גאַנצע לייב האט געבראָכן; די בּייג־קעניש אַהיים האָט ווידער גענאָגט דאָס האַרץ. טאָם האט באַמערקט די־דאָזיקע שלעכטע סימאָנים און האָט געטון אַלץ, וואָס ער איז בעקויעך געווען, קעדיי פריילעך צו מאַכן די כאַוויירים. נאָר ס'האָט זיי גאָרניט ניט געטרייסט: ניט די קייקעלעך, ניט דער צירק, ניט דאָס באָדן זיך. ער האט זיי דערמאָנט זיין גרויסן סאָד, און ס'האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסרופן אַבּיסל פרייד. טאָם האָט עס אויסגענוצט און האט זיך צוגע־אַיילט פאַרינטערעסירן זיי מיט א נייעם איינפאַל: ער האט זיי פאָרגע־לייגט פאַרלאָזן אף א צייט דאס גאַזלאָנעס און ווערן אינדיאַנער. דער־דאָזיקער איינפאַל איז זיי געפעלן געוואָרן: זיי האָבן זיך אין איין אויגנ־בליק אויסגעטון, האבן זיך אויסגעשמירט פון פיס ביז קאָפּ מיט שוואַר־צער בלאָטע און זיינען געוואָרן באַדעקט מיט פאַסן אַזוי ווי זעבּרען,— דערבּיי זיינען, פארשטייט זיך, אַלע געווען אָנפירער. דערנאָך האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטון אין וואַלד אַריין, קעדיי אָנפאַלן אפן איינגלישן דאָרף.

ביסלעכווייס האבן זיי זיך צעטיילט אף דריי פיינטלעכע שוואָטים; זיי זיינען מיט קריגס־אויסגעשרייען געשפּרונגען פון די לאָקערס און

האבן זיך געוואָרפן איינער אַפן אַנדערן, טויטנדיק און סקאַלפּירנדיק דעם סוינע אין די טויזנטער. די שלאַכט איז אַ פייערדיקע געווען, און די אינגלעך זיינען פון איר צופרידן געבליבן. צו דער וועטשערע האבן זיי זיך, הונגעריקע און גליקלעכע, פאַרזאַמלט אין לאַגער אַריין. נאר דאָ האט זיך באַוויזן א מעניע: די סאָנים — אינדיאַנער האבן ניט געטאָרט טיילן צוזאמען דאָס ברויט פון גאַסטפריינטלעכקייט איידער זיי האבן שאָלעם געמאַכט צווישן זיך; און דערביי איז מאַמעש אומעגלעך געווען ניט אויסצורויכערן דעם ציבעק פון שאָלעם. זיי האָבן אף זייער לעבן ניט געהערט, אז בא שאָלעם־מאַכן זאל מען זיך באגיין אָן דעם. צוויי פון זיי האָט קימאַט באַנק געטון, וואס זיי זיינען ניט פאַרבליבן קיין פּיראַטן. נאָר קיין אַנדער ברייַרע האבן זיי ניט געהאַט, האָבן זיי געמיט זיך פריי־לעך אויסצוזען און האָבן איינער נאָכן אַנדערן אַ ציגעטון פון דער פּיפּקע.

סאָפּקאָלסאָף, זיינען זיי צופרידן געווען, וואָס זיי זיינען געוואָרן אינדיאַנער; זיי האָבן דערפון פאָרט עפּעס געוואונען: ס'האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אַצינד קאָנען זיי שוין אַביסל רויכערן, ניט דאַרפנדיק גיין זוכן קיין פאַרלאָרענע מעסערלעך; זיי האָבן אַפּילע געפילט זיך אַביסל ניט גוט, נאָר קיין ערנסטע אומבאַקוועמלעכקייט איז עס ניט געווען. פאַר־שטייט זיך, אז זיי האָבן גאָר גיך עס אויסגענוצט און האָבן נאָך דער וועטשערע צוליב פּראַקטיק איבערגעכאַזערט מיט גרויס דערפאָלג דעם פּרואוו; אַדאַנק דעם איז דער אַפּדערנאַכט דורך זייער וואויל. זיי האָבן טריומפירט, האָבן געשטאָלצירט און זיינען גליקלעך געווען פון זייער נייער קענטעניש, פּונקט אַזוי ווי ס'וואָלט זיך זיי איינגעגעבן סקאַלפּירן און אַראָפּשינדן די הויט פון זעקס אינדיאַנישע שוואָטים מיטאַמאָל. לאָמיר זיי איבערלאָזן רויכערן, פּלאַפּלען און באַרימען זיך, און לאָמיר זיך פאַרנעמען דערוויל מיט אַנדערע לייט.

## קאפּיטל XVIII.

גאָר ניט פריילעך איז געווען אין שטעטל אינם שטילן שאַבעס־אַפּדערנאַכט. די גאַרפּערס און דער מומע פּאָליס הויזגעזינד האָבן מיט גרויס וויייטיק, מיט אַ יאַם טרערן אָנגעטון זיך אין טרויער־קליידער. אין שטעטל פלעג אויך געוויינלעך ניט זיין באַזונדערס ראַשיק, נאָר אַצינד האָט דערין געהערשט אויסערגעוויינלעכע שטילקייט. די איינ־וואוינער האָבן צעטראָגענערהייט געטון זייערע געוויינלעכע איניאָנים און האָבן וויניק געשמועסט צווישן זיך, זיי פלעגן בלויז אָפּט אַ זיפץ געבן. אף די קינדער איז די שאַבעס־רו ווי אַ מאַסע געלעגן. די שפּילן

האָבן זיך ניט געקלעפּט, און די קינדער האָבן זיך ביסלעכווייס אָפּגע־זאָגט פון זיי.

צו פּאַרנאַכט־צו איז בעקי טעטשער אומעטיק געזעסן איינע אליין אין שול־הויף און האָט געשמועסט מיט זיך אליין:

— ווען ס׳זאָל כאָטש פּארבלייבן בא מיר יענץ קנעפּל פון דער גראַטע! אַצינד איז בא מיר קיין שום זייכער פון אים ניט געבליבן, — און זי האָט לייכט אַ כליפּע געטון. דערנאָך האָט זי ווייטער גערעדט: — אָט־דאָ טאַקע איז עס געווען. אָ, ווען מ׳זאָל עס קאָנען אומקערן צוריק, איך וואָלט בעשומיפן אַזוי ניט גערעדט! נאָר ער איז שוין נישטאָ, און איך וועל שוין מער קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט זען אים.

און זי איז אַוועקגעגאַן. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן.

דערנאָך איז געקומען אַ גאַנצע כאָפּטע אינגלעך און מיידלעך, טאָמס שול־כאווירים, און אַלע האָבן זיי, שטייענדיק לעבן פּאַרקן און ריידנדיק שטיל־שטיל, פון אָפּשיי צו די אומגעקומענע, דערמאָנט זיך, ווי טאָם האָט געטון דאָס און דאָס דאָס לעצטע מאָל, ווען זיי האָבן אים געזען, און וואָס האָט געזאָגט דזשאָ. דערביי האָט מען אין יעדער וואָרט טאָמס און דזשאָס געזען אַצינד אַ בייזע נעוויעס. יעדער פון די אינגלעך האָט פּינקטלעך אָנגעוויזן דאָס אָרט, וואו ס׳זיי־נען געשטאַנען די פּאַרפאַלענע, אָנגעוויזן און צוגעגעבן דערצו: „געשטאַנען בין איך פּונקט אַזוי ווי איך שטיי אָט־אַצינד, און ער — פּונקט אַזוי ווי דו שטייסט, און ער האָט אַ שמייכל געטון אָט־אַזוי, און פּלוצלינג איז עפּעס אַזאַ געפּיל מיך באַפאַלן — ס׳איז מיר עפּעס פּלוצלינג שוידערלעך געוואָרן, איר פאַרשטייט? נו, דעמאָלט האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געוואוסט, וואָס סע באַטייט, ערשט איצטער פאַרשטיי איך עס!״

אָנגעהויבן האָט זיך אַ קריגערייַ וועגן דעם, ווער האָט דער לעצ־טער געזעען די אינגלעך לעבעדיקערהייט; אַסאַך האָבן פּאַרעכנט אף זייער כעשבן אָט־דעם טרויעריקן קאָוועד, דערביי האָט דאָס איידעס־זאָגן פון די איבעריקע אינגלעך מער אָדער ווייניקער געלייקנט עס; אַז ס׳איז, סאָפּקאָלסאָף, פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווער ס׳האָט דער לעצטער געזען די אומגעקומענע כאווירים און ווער ס׳האָט דער לעצטער געשמועסט מיט זיי, האָבן דידאָזיקע גליקלעכע אינגלעך דערפילט זיך אַלס הייליקע פּערזאָנען, אַלס געהויבענע לייַט, און אלע איבעריקע האָבן געקוקט אף זיי, האָבן זיי מעקאַנע געווען. איין אינגל האָט, ניט געפינענדיק קיין בעסערס, מיט שטאָלץ געמאָלדן:

— טאָם סאָיער האט איינמאָל מיך גאָר פיין אָנגענעריקט.

נאָר דערדאָזיקער פּרואוו זײַנער באַרימט צו װערן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. דאָסזעלבע האָבן געקאָנט דערציילן װעגן זיך דאָס ראָוו אינגלעך. די כאָפּטע איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַן, ווייטער דערמאָנענדיק זיך מיט אירעס־האַקאָוועד אין די אומגעקומענע כאַווײרים.

אָפּן צווייטן טאָג אינדערפֿרי, אַז ס׳האָבן זיך געענדיקט די לימודים אין שול, האָט זיך אָנשטאָט דעם געוויינלעכן קלונג הערן געלאָזט ריטמישע, צעצויגענע גלעקער־קלינגעריי. דער װעטער איז געװען אַ שטילער, און די טרויעריקע קלאַנגען האָבן האַרמאָנירט מיט דער נאַטור־שטילקייט. איינער נאָכן אַנדערן זײַנען זיך די מיספּאַלעלים צונויפֿגעקומען אין קלויסטער אַרײַן,— זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין פּאָליש, קעדיי שטיל־שטיל אַרומשמועסן די טרויעריקע געשעענישׂ. נאָכדעם, אין קלויסטער, האָט מען זיך שוין ניט געשעפּטשעט; בלויז דאָס שורשען פֿון דעם טרויער־אָנטון אַף די פּרויען, װאָס פֿאַרנעמען זייערע ערטער, האָט געשטערט די שטילקייט. דאָס קליינע קלויסטערל איז, דאַכט זיך, נאָך קיינמאָל אַזוי פֿול ניט געװען. דער גאַנצער אוילעם האָט געוואַרט שטום־שווייגנדיק, ביז ס׳זײַנען אַרײַנגעקומען די מומע פּאָלי מיט סידן און מערין און דאָס הויזגעזינד גאַרפֿער,— אַלע אין געדיכט־שוואַרצע קליידער. דער גאַנצער אוילעם צוזאַמען מיטן אַלטן גאַלעך האָבן זיך א הייב־אויף געטון אין אירעס־האַקאָוועד פֿון זייערע ערטער און זײַנען געשטאַנען ביז די קרויווים פֿון די אומגעקומענע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַף דער פֿעדערשטער באַנק. דערנאָך איז ווידער שאַ־שטיל געװאָרן, בלויז אײַנגעהאַלטענער געיאָמער האָט אַלעמאָל די שטילקייט איבערגעריסן. ענדלעך, האָט דער גאַלעך אויסגעשטרעקט די הענט און האָט אָנגעהויבן די טפֿילע. דער גאַנצער אוילעם האָט דורכגעזונגען דעם פּרעכטיקן טרויער־הימן, דערנאָך האָט דער גאַלעך געהאַלטן א דראָשע, געבויט אַפּן פּאָסוק: „איך בין אופֿוואַכונג און אייביק לעבן".

דער גאַלעך האָט אויסגעמאָלט אַזאַ בילד פֿון די זעלטענע מאַילעס, ליבלעכקייט און פֿייאיקייט באַ די אומגעקומענע אינגלעך, אַז ס׳איז ניט געבליבן אין קלויסטער קיין איין מענטש, װאָס זאָל ניט אײַנגעפֿינען, אַז די פֿאָרטרעטן זײַנען געראָטן, און זאָל ניט ערגערן זיך, װאָס ער האָט די גאַנצע צייט ניט באַמערקט די מאַילעס פֿון די אומגליקלעכע אינגלעך, די גאַנצע צייט געזעען אין זיי בלויז זינד און כעסרוינעס. דעם גאַלעכס רעדע איז געװאָרן אַלץ האַרציקער, דער גאַנצער אוילעם האָט אָנגעקוועלט, דער גאַנצער אוילעם האָט, ענדלעך, צעיאָמערט זיך איניינעם מיט די קרויווים פֿון די אומגעקומענע,— דער גאַלעך אַליין האָט ניט געקאָנט בייקומען זײַן אופּגערודערטקייט און האָט זיך צעוויינט אַף דער קאַטעדרע.

אַף דער גאַלעריי האָט פּלוצלינג הערן געלאָזט זיך עפּעס אַ רויש. קיינער האָט דערויף קיין אַכט ניט געלייגט; אין אַ רעגע ארום האָט די אַריינגאַנג־טיר אַ סקריפּע געטון; דער גאַלעך האָט אופגעהויבן די פּאַרוויינטע אויגן איבערן נאָז־טיכל, וואָס דערמיט האָט ער די אויגן פאַרשטעלט, און איז פאַרגליווערט געוואָרן. פאַרכידעשט דערזעענדיק עס, האָט אין דערזעלבער ריכטונג אַ קוק געגעבן א צווייטער, א דריטער...

איין אויגנבליק — און אַלע מיספּאַלעלים האָבן, ווי איין מענטש, אַ הייב געטון זיך פון די ערטער, קוקנדיק אַף די דריי מייסים, וואָס שפּאַנען צום אלטאר: טאָם — פונפאָרנט, נאָך אים — דזשאָ, און סאַמע הינטן — העק; העק האָט מאָרעשכוירעדיק געקוקט אַף זיין קאָס־טיום, פון וועלכן ס׳זיינען בלויז שמאַטקעלעך פאַרבליבן. זיי זיינען אַלע דריי די גאַנצע צייט געזעסן אַף דער גאַלעריי, הערנדיק ווי מע מאַכט דעם העספּעד איבער זיי.

די מומע פּאָלי, מערי און די גאַרפּערס האָבן זיך א וואָרף געטון צו זייערע לעבעדיק־געוואָרענע קינדער, פאַרשיטנדיק זיי מיט קושן און דאַנקענדיק גאָט פאַר זייער רעטונג; בלויז דער אומגליקלעכער העק איז געשטאַנען פאַרשעמט, ניט וויסנדיק וואָס צו טון און וואוהין אהינטון זיך פון אַזויפיל ניט-אנגענעמענע בליקן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און האָט שוין געוואָלט מאַכן די פּלייטע, נאָר טאָם האט אים אַ כאַפּ געגעבן בּאַ דער האַנט, ריידנדיק:

— מומע פּאָלי, ס׳איז ניט לייטיש. עמעצער דאַרף דאָך אויך מיט העקן דערפרייען זיך.

— נו, פאַרשטייט זיך, טייבעלע מיינס! מיין האַרץ פרייט זיך אויך מיט אים, מיטן אומגליקלעכן יאָסעמל!

און די מומע פּאָלי האָט גענומען צערטלען, קושן העקן, — העק האָט זיך אַלץ מער און מער געשעמט. ענדלעך, האט זיך הערן געלאָזט דעם גאַלעכס קאָל:

— לאָמיר לויבן גאָט, וואָס שיקט אונז אַלדעס גוטס, לאָמיר אים זינגען א לויב־געזאַנג!

און אַלע האָבן זינגען גענומען. דאָס אוראַלטע לויב־געזאַנג האָט געקלונגען וואונדערלעך. און דער יאַם־גאַזלען טאָם סאָיער האָט, קוקנ־דיק אַף די כאַוויירים, וואָס זיינען אים מעקאַנע, מיט גאַנץ לייב און לעבן געפילט, אַז ס׳איז די גליקלעכסטע רעגע אין זיין לעבן.

ווען דער אוילעם איז געגאַנגען פון קלויסטער, האבן אַסאַך געשמועסט, אַז זיי וואָלטן באלאָנים געווען מע זאָל זיי נאָכאַמאָל צום נאַר שטעלן, אַבי זיי זאָלן נאָכאַמאל הערן אַזאַ וואונדערלעך געזאַנג.

## קאַפּיטל XIX.

אין דעמדאָזיקן טאָג האט טאָם געקראָגן פון דער מומע פּאָלי אַזוי־פיל שנאָלן אין דער נאָז און אזויפיל קושן, אַז ס'וואָלט אים געקלעקט אַף א גאַנץ יאָר. ער האָט שוין אַליין ניט געקאָנט פאַרשטיין, אין וואָס האָט זיך מער אויסגעדריקט דער מומעס דאַנקבאַרקייט צו גאָט און די ליבע צו אים, טאָמען—אין די שנאָלן צי אין די קושן?

דערין טאַקע איז באַשטאַנען טאָמס גרויסער סאָד,—אומקערן זיך אַלע צוזאַמען אַהיים און בייַזיין אַף דער אייגענער לעוואיע. שאַבעס האָבן זיי זיך דערשלעפּט אַף א שטיק האָלץ צום אַקעגנדיקן ברעג, זיינען אַרויס אַ פינף—זעקס מייַל נידעריקער פון שטעטל, האָבן גענעכ־טיקט אין וואַלד, ניט ווייט פון עק שטעטל, באַ שאַריען האָבן זיי זיך מיט אונטערגעסלעך אַריינגעגאַנוועט אין שטאָט און האָבן זיך גאָר גוט אויסגעשלאָפן אַף דער גאַלעריי, צווישן די צעבראָכענע בײנק.

מאָנטיק אינדערפרי, בעאייס איבערבייסן, זיינען די מומע פּאָלי און מערי זייער מילד געווען צו טאָמען און האָבן געמיט זיך אונטערטראָגן אים אַלדעס גוטס. אינמיטן דעם זייער באַליבטן שמועס האָט די מומע פּאָלי אַ זאָג געגעבן:

— זעסטו, טאָם, איך זאָג ניט, אַז ס'איז ניט אינטערעסאַנט צווינגען אַלעמען יעסורים האבן אַגאַנצע וואָך, אַבי אייך איז פריילעך, אָבער מיך ארט, וואָס דו האָסט אַזא שלעכט האַרץ און האָסט מיך אַזוי ווייניק ליב. אויב דו האָסט געקאָנט אַריבערשווימען דעם טייך אַף א שטיק האָלץ קעדיי בייזיין אַף דיין אייגענער לעוואַיע, וואָלסטו דאָך געקאָנט אַריינקוקן אויך אין שטוב אַריין, קעדיי געבן מיר אַ ווערלכן ס'ניט איז צייכן, אַז דו ביסט ניט געשטאָרבן, אַז דו ביסט נאָר אַנטלאָפן.

— יאָ, דו וואָלסט עס געמעגט טון, טאָם,—האָט געזאָגט מערי—וואָלסט עס, פאַרשטייט זיך, געטון, ווען ס'זאָל דיר נאָר געווען אפן זינען קומען.

— עמעס, טאָם? וואָלסט עס געטון?—דער מומעס פּאָליס פּאָנים האָט באַלויכטן אַ אומעטיקער שמייכל,—נו, זאָג, וואָלסט עס געטון, ווען ס'זאָל דיר געווען אַפן זינען קומען?

— איך וויים ניט... ס'וואָלט דאָך די גאַנצע זאַך קאַלי געמאַכט...

— אַך, טאָם, איך האָב דאָך גערעכנט, אַז אַזויפיל כאָטש האָסטו מיך ליב!—האָט די מומע פּאָלי געזאָגט מיט אַזאַ קלאָגעוודיקן טאָן, אַז טאָם האָט זיך גאָר־שלעכט דערפילט,—ווען דו וואָלסט כאָטש א טראַכט געטון וועגן דעם,—איך רעד שוין ניט פון טון, נאָר דו האָסט דאָך אַפילע קיין טראַכט ניט געגעבן.

— נו, מומעניו, דערפון דאַרף מען זיך צום האַרצן ניט נעמען, — האָט זיך מערי אָנגענומען פאַר טאָמען, — טאָם איז דאָך ביכלאַל צע־טראָגן; ער איז שטענדיק אַזוי פאַרטון, אַז ער האָט קיין צייט ניט צו טראַכטן.

— איז דאָך נאָך ערגער: סיד וואָלט א טראכט געטון. אַך, טאָם, ס׳וועט דיר אַמאָל באַנק טון, וואָס דו האָסט זיך ניט געמיט כאָטש אַביסינקעלע ליב קריגן מיך דאַן, ווען ס׳איז דיר זייער לייכט גע־ווען, — אָבער דעמאָלט וועט זיין צו שפעט.

— נו, מומעניו, איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב אייך ליב, — האָט געזאגט טאָם.

— איך וואָלט עס בעסער געוואוסט, ווען ס׳זאָל כאָטש אַביסל באַ־ווייזן זיך אין דיינע מאַיסים.

— ס׳טוט מיר אַצינד זייער באַנק, וואָס ס׳איז מיר ניט איינגעפאלן, — האָט טאָם געזאָגט מיט א כאַראָטע־טאָן, — דערפאַר אָבער האב איך אייך געזעען אין כאָלעם, — דאָס איז אויך עפּעס דערוועדט.

— דאָס האָט גראַדע א קנאַפּע ווערט, — אַפּילע קעץ זעען דאָך כאלוי־מעס, — נאר ס׳איז פאָרט בעסער פון גאָרניט. וואָס־זשע האָט זיך דיר געכאָלעמט?

— אָט וואָס. מיטוואָך אַפּדערנאַכט האָב איך געזעען אין כאָלעם, ווי איר וואָלט געזעסן לעבן בעט, און סיד לעבן אייך אַפּן הילצערנעם קאַסטן, און לעבן אים — מערי.

— מיר זיינען טאַקע אַזוי געזעסן. מיר זיצן שטענדיק אַזוי. מיך פרייט, וואָס דו האָסט זיך כאָטש אין כאָלעם דערמאנט אין אונזערע געוויינהייטן.

— דערנאָך האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז ס׳זיצט דאָ אויך דזשאָ גאַרפערס מוטער.

— זי איז דאָך טאַקע אינדערעמעסן געווען דאָ! וואָס־זשע האָט זיך דיר נאָך געכאָלעמט?

— אָ, קאָלערליי זאַכן. נאָר איך געדיינק עס שוין שלעכט אַצינד.

— נו, פּרואוו דערמאנען זיך! קאָנסט דען ניט דערמאנען זיך?

— ס׳האָט זיך מיר נאך געדאכט אין כאָלעם, אַז דער ווינט... דער ווינט האָט פאַרלאָשן...

— דערמאַן זיך, טאָם! נו, וואָס האט דער ווינט פאַרלאָשן?

טאָם האט שטאַרק צוגעקוועטשט די פינגער צום שטערן, און נאָך אַ רעגע פון אומרואיקער וואַרטעניש האט ער אויסגעשריגן:

— כ׳האָב דערמאנט זיך, דערמאַנט זיך! דער ווינט האָט פאַרלאָשן דאס ליכטל.

— גאָטעניו דערבאַרעמדיקער! ווייטער, טאַם, ווייטער!

— דערנאָך האט איר, דאכט זיך, געזאגט: „דאַכט זיך, אַז די טיר"...

— ווייטער, טאַם, ווייטער!

— וואַרט־צו, לאָזט דערמאנען זיך... אך, יאָ! איר האט געזאָגט, אז אייך דאַכט זיך, אַז די טיר איז אָפן.

— איך האב דאָך טאַקע פונקט אַזוי געזאגט, געדיינקסט, מערי? נו, ווייטער!

— דערנאָך... דערנאָך... נו, איך געדיינק ניט, איך בין ניט זיכער דערין, נאָר מיר דאכט זיך, אַז איר האָט געשיקט סידן, אַז ער זאָל... אַז ער זאָל...

— נו? נו? וואָס, וואָס האָב איך אים געהייסן טון?

— איר האָט אים געהייסן, איר... האט אים געהייסן פאַרשפאַרן די טיר.

— גאָטעניו דערבאַרעמדיקער! כ'האב אף מיין לעבן אַזוינס ניט געהערט! אָט גייט, גלויבט ניט נאָך דעם אין קיין כאַלוימעס. איך וועל באַלד טאקע גיין דערציילן וועגן דעם דער מיסיס גאַרפער. אָט לאָמיר זען, צי זי וועט נאך אָט־דעם ריידן באַרישקייטן וועגן איבערגלויבנס. דערצייל־זשע, טאָם, וואס איז געווען ווייטער?

— אָ, אַצינד האב איך זיך אַלץ דערמאנט, מומע! נאָכדעם האט איר געזאָגט, אז איך בין ניט קיין שלעכט אינגל, אז איך בין נאר א שטי־פער און א ווילדער, און אַז טאַינעס קאָן מען צו מיר האבן פונקט אַזוי, ווי מ'קען טאַינעס האָבן צו — ווי אזוי האט איר עס געזאָגט? — צו אַ לאָשעקל, אשטייגער.

— נו, יאָ, יאָ, פונקט אַזוי האב איך טאַקע געזאָגט. אַך, גאָטעניו! נו, וואָס־זשע ווייטער, טאָם?

— דערנאך האט איר זיך צעוויינט.

— עמעס, עמעס, צעוויינט זיך, און ניט דאס ערשטע מאָל. דערנאָך?

— דערנאך האט מיסיס גארפער אויך צעוויינט זיך און האט גענו־מען ריידן, אז דזשאָ איז אויך א וואוילער, און אַז ס'טוט איר באַנק, וואס זי האט אים געשלאָגן פארן איינגעמאַכטס, וועלכן זי אליין האט אַרויסגעוואָרפן...

— טאָם, ס'איז געווען א נעוויעשער כאָלעם! אַך, גאָטעניו! נו, דערצייל ווייטער!

— דערנאָך האט סיד געזאָגט...

— איך האָב, דאַכט זיך, גאָרניט געזאָגט.

— יאָ, סיד, דו האָסט געזאָגט,— האט זיך אַריינגעמישט מערי.

— שווייגט, שטערט אים ניט! נו, טאָם, וואָס־זשע האט ער געזאָגט?

— ער האט געזאָגט, אַז ער האָפט, אז מיר איז בעסער דאָרט, וואו איך געפין זיך שוין. נאר, ווען איך וואָלט פריער בעסער געוועזן...

— גאָטעניו! איר הערט? דאס איז דאָך מאַמעש סידס ווערטער.

— און דערפאַר האט איר אים אויסגעזידלט.

— פאַרשטייט זיך, אויסגעזידלט. ניין, ס'איז דאָ א מאַלעך געוועזן. דאס האָט אַ מאַלעך איבערגעגעבן!

— דערנאָך האט מיסיס גאַרפער גענומען ריידן וועגן דזשאָען, ווי אַזוי ער האט געשאָסן פון פיסטאָלעט פונקט אונטער איר נאָז, און איר האט דערציילט וועגן קאָטערל און וועגן די רעפּוס...

— עמעס, הוילע עמעס!

— דערנאָך האט איר לאַנג גערעדט וועגן דעם, ווי מ'האט אונז גע־זוכט אין טייך, און אז זונטיק וועט מען אונז באַגראָבן, און דערנאָך האט איר מיט מיסיס גאַרפער גענומען האַלדזן זיך און וויינען, און נאָכ־דעם איז זי אַוועקגעגאַנגען.

— פונקט, פונקט אַזוי! זאָל איך פון אָט־דעם אָרט ניט אופשטיין, אויב ס'איז ניט אַזוי! ווען דו וואָלסט אַליין מיט דיינע אויגן געזעען עס און מיט דיינע אויערן געהערט עס, וואָלסטו, טאָם, ניט געקאנט גע־נויער דערציילן. נו, און וואָס איז דערנאָך געווען?

— דערנאָך האט איר, דאַכט זיך, גאָט געבעטן פאר מיר, און איך האָב געזעען און האָב געהערט יעדער וואָרט אייערס. דערנאָך האט איר זיך שלאָפן געלייגט, און מיר האט אַזוי דאָס האַרץ וויי געטון, אז כ'האָב גענומען און האָב אָנגעשריבן אף א שטיק קאָרע: „מיר זיינען ניט גע־שטאָרבן, מיר זיינען נאָר אַנטלאָפן קעדיי ווערן פיראַטן", און האָב עס אַוועקגעלייגט אַפן טיש לעבן ליכטל. איר זיינט אלע געשלאָפן, און דאס פּאָנים איז בא אייך געווען אַזא גוטס, אַזא גוטס, בין איך צוגעגאַנגען, אָנגעבויגן זיך און אייך אַ קוש געגעבן אין די ליפּן אַריין.

— עמעס, טאָם, עמעס? נו, דערפאַר פאַרגיב איך דיר אַלץ.

און זי האָט אַזוי צונויפגעדריקט דאס אינגל אין אירע אָרעמס, אַז ער האט זיך דערפילט ווי דער ערגסטער פאַרברעכער.

— דאס איז זייער שיין געוועזן פון זיין זייט, כאָטש ס'איז אַפילע נאָר א כאָלעם געוועזן,— האט א זאָג געגעבן סיד.

— שווייג, סיד! דער מענטש טוט אין כאָלעם פונקט דאס, וואָס ער וואָלט געטון ווען ס'טרעפט אינדערעמעסן. אָט נעם, טאָם, אָט־דעם גרויסן עפּל,— איך האָב אים אומיסטן געהיט פאר דיר אַפן פאַל, אויב מע וועט דיך געפינען. איך דאַנק דעם אויבערשטן, וואס ער האָט דיך אומגעקערט מיר!

אָבער שוין צייט גיין, קינדער, אין שול אַריין!

די קינדער-זיינען אַוועקגעגאַן אין שול אַריין, און די אַלטיטשקע איז אַוועקגעגאַן צו מיסיס גארפער — דערציילן וועגן טאַמס וואונדער-לעכן כאַלעם. סיד האָט ניט געפונען פאַר נייטיק אַרויסזאָגן דאס, וואָס ער האָט געטראַכט, אַוועקגייענדיק פונדערהיים. געטראַכט האט ער אָט־וואָס:

„ס'איז מיט ווייסע פעדים גענייט! איז דען מעגלעך צו זען אַזאַ לאַנגן און קלאָרן כאָלעם! ס'איז אינגאַנצן אויסגעטראַכט".

ס'אַרא העלד איז איצט געוואָרן טאָם! ער האט ניט געיאָגט זיך און איז ניט אַרומגעשפּרונגען. ער האט זיך געהאַלטן שטאָלץ און מיט ווער־דע, ווי ס'פּאַסט פאר א פּיראַט, וואס פילט, אז אַלע אויגן קוקן אף אים. ער האט זיך געמיט מאַכן דעם אָנשטעל, אז ער באַמערקט ניט די בליקן, וואס זיינען געווענדעט אף־אים, און אז ער הערט ניט, וואס מע רעדט וועגן אים, נאר אין האַרצן בא זיך האט ער גרויס פאַרגעניגן געהאַט סיי פון די בליקן, סיי פון די רייד. קליינע אינגלעך זיינען כאַפּטעסווייס נאָכגעלאָפן נאך אים, שטאָלצירנדיק דערמיט, וואס ס'האָט אים ניט גע־אַרט זייער גיין לעבן אים — פונקט ווי ער וואָלט געווען, טאָם, א פּויקער, וואס גייט בעראָש פון א פּראָצעסיע, אָדער א העלפאַנד, וואס שפּאַנט פונפאָרנט, פאר א גרויסער כאַפּטע צירק־כאַיעס. אינגלעך פון זיין־גלייכן האבן זיך געמאַכט, ווי זיי וואָלטן קלאָמפערשט ניט געוואוסט פון דער גאַנצער מאַיסע, אָבער מעקאַנע געווען האבן זיי אים גוואַלדיק. זיי וואָלטן אַוועקגעשיינקט אַלץ אף דער וועלט, אַבי באקומען אזא זון־פאַרברוינטע הויט און אזא גלענצנדיקן שעם. אָבער טאָם אַליין וואָלט די־דאָזיקע מאַילעס ניט אויסגעביטן אַצינד אף קיין צירק אַפּילע.

אין שול האבן זיך די שילער אַזוי אַרומגעטראָגן מיט אים און מיט דזשאָען, אין אַלעמענס אויגן האט געשיינט אזאַ אַנטציקונג, אזביידע העלדן האבן אינגיכן אָנגעהויבן שרעקלעך גאַדלענען זיך. זיי האבן אָנ־געהויבן דערציילן זייערע פּאַסירונגען פאר די גיריקע צוהערער, נאָר טאַקע ניט מער ווי אָנגעהויבן; מיט אַזא פאַנטאַזיע, ווי די, וואס האט זיך אַנטפּלעקט בא זיי, זיינען זיי ענדיקן ניט בעקויעך געווען. אַז זיי האָבן, סאָפּקאָלסאָף, אַרויסגעשלעפּט זייערע פּיפּקעס און גענומען לאַכלוטן קאַלט־בלוטיק רויכערן, האבן זיי דערגרייכט צום העכסטן שפּיץ פון באַרימטקייט.

טאָם האט באַשלאָסן, אַז אַצינד קאָן ער זיך באַגיין אָן בעקי טעט־טשער. גענוג פאר אים דער רום זיינער. ער וועט לעבן נאָר צוליב רום. אַצינד, אז ער האט אזאַ שעם, וועט זיך איר מיסטאַם אַפּילע וועלן איבערבעטן זיך. נו, זאָל זי גיין צו אַלדע גוטע יאָר! — זי וועט זען, אַז אויך ער קאָן זיין זייער, זייער גלייכגילטיק. פונקט אין דער רעגע איז אָנגעקומען בעקי. טאָם האט זיך געמאַכט, אז ער באַמערקט זי ניט.

ער איז אַוועקגעגאַן אין א זייט און איז צו צו א גרופּע אינגלעך און מיידלעך, פאַרבונדן מיט זיי א שמועס. אינגיכן האט ער דערזעען, אַז בעקי לויפט פריילעך הין און צוריק מיט א פלאַמענדיקן פּאָנים און גלאַנצנדיקע אויגן, ווי ס׳וואָלט זי אינגאַנצן פארכאַפּט דאס נאָכיאָגן נאך די כאַווערטעס,— זי גיט אַלעמאָל א קוויטש, ווען ס׳גיט זיך איר איין כאַפּן עמעצן; נאר אין דערזעלבער צייט האט טאָם באַמערקט, אז זי מידט זיך די גאַנצע צייט זיין נעענטער צו אים און אז זי שפּירט, זעט אויס, נאָך נאָך אים. זיין אייגנליבע האט דערפון זייער האַנאָע געהאַט, נאָר געמאַכט האט ער זיך, אז ער באמערקט זי ניט. דאן האט זי אופגעהערט יאָגן זיך נאָך די מיידלעך און האט גענומען אַרומשפּאַנען פונדערווייטנס, פון צייט צו צייט א זיפץ געבנדיק און הינטן־אַרום אַ קוק געבנדיק אַף טאָמען. פלוצלינג האט זי באַמערקט, אַז טאָם שמועסט מער ווי מיט אַלעמען מיט עמי לאַורענס. זי איז צוגעגאַן נעענטער, האט זיך אָפּגעשטעלט קימאַט לעבן זיי און האט מיט א קלאָמפּערשט־פריילעכן טאָן געווענדעט זיך צו איינער פון די כאַווערטעס:

— ס׳אַרא שלעכט מיידל דו ביסט, מערי־אנא! פאַרוואָס ביסטו נעכטן ניט געווען אין דער זונטיק־שול?

— איך בין געווען — האָסט מיך דען ניט געזעען?

— ניין, ניט געזעען. וואו ביסטו דען געזעסן?

— ווי שטענדיק, אין מיס פּעטערס קלאַס. איך האב דיך געזעען.

— עמעס? מאָדנע, וואס כ׳האָב דיך ניט באַמערקט. איך האב געוואָלט דערציילן דיר, אַז בא אונז וועט זיין א פּיקניק.

— אָך, דאס איז זייער אינטערעסאַנט. ווער אָרדנט אים איין, דעם פּיקניק?

— די מאַמע אָרדנט אים איין צוליב מיר.

— אַך, ווי וואויל סע איז! מיך וועט זי איינלאַדן?

— נו, פאַרשטייט זיך. דעם פּיקניק אָרדנט מען דאָך איין צוליב מיר,— הייסט עס, די מאַמע וועט איינלאַדן אַלעמען, וועמען כ׳וועל וועלן; דיך וויל איך.

— ס׳איז זייער פייַן פון דיין זייט. ווען וועט זיין דער פּיקניק?

— איך ווייס נאָך ניט; מעגלעך, בעאייס קאַניקולן.

— אָט וועט עס פריילעך זיין! דו וועסט רופן אַלע אינגלעך און מיידלעך?

— יאָ, אַלע, וואס זיינען כאַווירים מיט מיר אָדער ווילן זיין מיט מיר כאַווירים.

און זי האט ביגנייווע אַ קוק געטון אף טאָמען; נאר טאָם האט אין אָט־דער רעגע געהאַלטן אין דערציילן עמי לאַורענס וועגן דעם שרעק־

לעכן שטורעם אַפן אינזל און וועגן דעם, ווי דער בליץ האט צעשמעטערט דעם גרויסן בוים „אַף פיק־פיצלעך", בעאייס ער איז געשטאַנען דריי שפּאַן די ווייט פון בוים.

— און איך מעג קומען ?— האט געפרעגט גרעסי מילער.

— מעגסט.

— און איך ?— האט געפרעגט סאַלי ראָדזשערס.

— פאַרשטייט זיך.

— און איך אויך ?— האט געפרעגט סיוזי גאַרפער,— און דזשאָ מעג ?

— יאָ, ווי דען !

אַלע האבן געפרעגט דיזעלבע פראַגע און האבן, באַקומענדיק א יאָ־ענטפער, געפּאַטשט פון פרייד מיט די הענט,— סאָפּקאָלסאָף, זיינען אַלע איינגעלאַדן געוואָרן, אַכוץ טאָמען און עמין. נאר טאָם איז רואיק אַוועקגעגאַן, ניט איבערייסנדיק דעם שמועס, און האט אַוועקגעפירט מיט זיך עמין. בּא בעקין האבן די ליפּן געציטערט און טרערן האבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן, נאר זי האט גיך באהאַלטן איר אופגערעגט־קייט אונטער קלאָמפּערשטער פריילעכקייט און האט ווייטער געפלאַפּלט מיט די כאַווערטעס; פונדעסטוועגן, צום פּיקניק האט זי אָנגעוואוירן דעם גאַנצן אינטערעס, אַלץ האט זי אינטערעסירן אופגעהערט; זי איז גיך־גיך אַוועק פון די כאַווערטעס, האט זיך באהאַלטן אין א שטיל ערטל און איז דאָרט געזעסן א באַליידיקטע און א אָנגעברויגעזטע, ביז ס׳האט א קלונג געטון דער רוף אין שול אַריין. דאַן האט זי זיך אופגעהויבן מיט נעקאָמע־גלאַנץ אין די אויגן און האָט, אַ טרייסל געבנדיק מיט די האָר, באַשלאָסן בא זיך, אַז איצט ווייסט זי וואָס זי האט צו טון.

בעאייסן איבערייס האט טאָם ווידער געפלאַפּלט מיט עמי לאָורענס און איז אומיסטן אַוועק געפינען בעקין, קעדיי אַ רייך טון זיך מיט איר. ער האט זי געפונען אַף אַ ביינקעלע הינטער דער שול,— זי האט אריינגעקוקט אין אַ בוך מיט געמעלן צוזאמען מיט אלפרעד טעמפּל.ביידע זיינען אזוי פאַרטיפט געווען אין קוקן אין בוך אריין, אז זיי האבן, דאכט זיך, אין אלץ אף דער וועלט פארגעסן. טאָם האט זיך שרעקלעך געערגערט, וואָס ער האט אָפּגעשטויסן דעם גאַנג צו שאָלעם־ווערן, וועלכן ס׳האָט פאָרגעלייגט בעקי. ער האָט זיך אָנגערופן „טי־פּעש" און האט זיך אליין אויסגעזידלט מיט אלע זידל־ווערטער, וועלכע ער האָט נאָר געקאָנט דערמאָנען זיך. עמי האט ווייטער פריילעך גע־פלאַפּלט, נאָר טאָם איז ווי פארטומלט געוואָרן. ער האט ניט געהערט וואָס זי רעדט, און אז זי פלעג זיך אָפּשטעלן, ווארטנדיק אַף ענטפער, האט ער געמורמלט ניט קלאָרע ווערטער, וואס האבן ניט געהאט קיין שום שאַיכעס צו אירע רייד. דערבּיי האט ער די גאנצע צייט לאָווירט

אַזוי, אַז זיי זאָלן דורכגיין פאַרביי דעםביינקעלע. עמיס פריילעך פלאַפּלעריי איז אים סאָפּקאָלסאָף נימעס־אומאָעס געוואָרן. ער האָט איר, טאָם, מיט רעמאָזים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער דאַרף אַוועקגיין צו־ליב אַ איניען, אַז ער איז זייער פאַרנומען, — דאָס מיידעלע האָט אַלץ געגעדט. „אַך, ווייסט דיך אַ רוך! — האָט טאָם געטראַכט — וועל איך טאַקע קיינמאָל פון דיר ניט פּאָטער ווערן?״ סאָפּקאָלסאָף, האָט ער געמאָלדן, אַז ער דאַרף צוגיין אַהיים, און איז אַוועק, פיינט קריגנדיק עמי לאָורענס טאַכלעס־סינע.

„וואָלט עס כאָטש געווען עמעצער אַנדערש! — האָט געטראַכט טאָם, — נאָר ניט אָט־דאָס פּראַנטיקל פון סאַן־לואי, וואָס מיינט, אַז ער איז אַזוי פיין אָנגעטון און אַז ער זעט אַזוי אַריסטאָקראַטיש אויס. נו, וואַרט צו! איך האָב דיך אָנגעגעריקט אינם ערשטן טאָג, ווען דו האָסט זיך באַוויזן אין אונזער שטאָט, כ׳וועל דיך נאָכאַמאָל אָנעריקן. וואַרט נאָר צו, פּראַנטיקל — איך וועל דיך פּאַקן!״ און קעדיי לייכטער צו מאַכן זיך אָפן האַרצן, האָט ער, טאָם, גענומען פּאָכען מיט די הענט אינדער־לופטן, קלאָמפּערשט קלאַפנדיק דעם סוינע זיינעם, נעריקנדיק אים פון אַלע זייטן. „אָט האָסטו! אָט האָסטו! וואָס, האָסט אַריינגעכאַפּט? געגוג? נו, זע־זשע. אַ צווייט מאָל זאָל זיך דיר אַזוינס ניט גלוסטן״. און דער אויס־געפּאַנטאַזירטער געשלעג האָט זיך פאַרענדיקט מיט טאָמס פולקומען ניצאָכן.

צוועלף אַזייגער איז טאָם אַנטלאָפן אַהיים. בעקי האָט ווייטער באַ־טראַכט די געמעלן מיט אַלפרעדן; נאָר די צייט איז געגאַן, טאָם האָט זיך ניט אומגעקערט. דאָס האָט פאַרטונקלט איר טריומף־שטימונג; די געמעלן זיינען איר נימעס געוואָרן, זי איז געוואָרן ערנסט און צע־טראָגן, דערנאָך — אומעטיק, צום סאָף האָט זי זיך דערפילט גאָר אומ־גליקלעך און האָט שוין כאַראָטע געקראָגן, וואָס זי האָט דערפירט די נעקאָמע אַזוי ווייט. דער אומגליקלעכער אַלפרעד, באַמערקנדיק, אַז זי האָט, אומבאַוואוסט פאַרוואָס, אופגעהערט אים אינזינען האָבן, האָט גע־האַלטן אין איין אויסשרייען אַלעמאָל: „אַך, ס׳אַראַ שיין בילדל! גיט נאָר אַ קוק אוף אָט דעם בילדל!״ בעקי איז סאָפּקאָלסאָף אַרויס פון די קיילים און האָט אויסגעשריגן: „אַך, טשעפּעט זיך פון מיר אָפּ מיט אייערע בילדער! איר זיינט מיר נימעס״. זי האָט זיך צעוויינט און איז אַוועק.

אַלפרעד איז איר נאָכגעלאָפן, האָט געפּרוּווט זיך טרייסטן זי, נאָר זי האָט אַ זאָג געטון:

— גייט אַוועק! איך וויל בלייבן אַליין, איר זיינט מיר נימעס!״

דאָס אינגל האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס אַזוינס האָט ער איר געטון: זי האָט דאָך צוגעזאָגט, אַז די גאַנצע האַפּסקאָקע

ווען זי אָנקוקן די בילדער, און דאָ איז זי פּלוצלינג אוועק. אַלפרעד האָט זיך טרויעריק אַוועקגעזעצט אין ליידיק־געבליבענעם קלאַס. ער איז געווען פאַרשעמט און בייז. ווייזט אויס, דאָס מיידעלע האָט גע־שמועסט מיט אים נאָר קעדיי אַ רייך טון זיך מיט טאָם סאָיערן. פון אָט דעם געדאַנק האָט אין אים דערוואַכט די סינע צו טאָמען. ס'האָט זיך אים געגלוסט צוטראַכטן עפּעס אַ שפּיצל דעם סוינע, אַזאַ שפּיצל, אין וועלכן ער, אַלפרעד, זאָל מיט גאָרניט ניט ריזיקירן. אין אָט דער רעגע איז זיין בליק געפאַלן אויף טאָמס כרעסטאָמאַטיע־בוך. אָט איז אַ פּאַסיקער פאַל! אַלפרעד האָט צעעפנט דעם בוך אויף יענעם אָרט, וואו ס'איז פאַרגיבן געוואָרן דער לימעד, און האָט פאַרגאָסן מיט טינט אַ גאַנץ בלעטל. בעקי האָט פּונקט אין אָט דער רעגע אַ קוק געטון דורכן פענצטער הינטער אים און האָט דערזעען, וואָס ער האָט אָפּגעטון. נאָר זי איז אוועק, ניט זאָגנדיק אַ וואָרט. זי האָט זיך געלאָזט לויפן אהיים, האָפענענדיק טרעפן טאָמען און דערציילן אים וועגן בוך: טאָם וועט זיך דערפרייען, וועט איר דאנקבאר זיין, און אַלע אומאנגענעמלעכקייטן וועלן זיך ענדיקן. נאָר אינמיטן וועג האָט זי זיך באַטראַכט; זי האָט זיך דערמאָנט, ווי אזוי טאָם האָט אומיסטן געמאַכט זיך ניט הערנדיק, ווען זי האָט גערעדט וועגן פּיקניק, און זי האָט באַשלאָסן ניט אריינ־מישן זיך אין אָט דעם איניען. זאָל מען אים אָנשמייסן פאַרן פאַר־דאָרבענעם בוך, — איר איז אלצייגס: זי האָט אים פיינט!

## קאַפּיטל XX.

טאָם איז געקומען אַהיים אַ אָנגעברויגעזטער. פון דער מומעס ערש־טע רייד האָט ער פאַרשטאַנען, אז דאָ וועט זיין אומגליק קיין מיטגע־פיל ניט טרעפן.

— נו, טאָם, איך וועל, דאַכט זיך, די גאַנצע הויט פון דיר אַראָפּ־שינדן!

— מומעניו, וואָס האָב איך דען געטון?

— גענוג! איך, אַלטע טיפּשע, בין געגאַנגען צו מיסיס גאַרפּער, האָפע־נענדיק, אַז כ'וועל זי צווינגען זי זאָל גלויבן אין דיין כאָלעם, און וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן? זי האָט זיך דערוואוסט בא דזשאָען, אז דו ביסט דאָ געווען. וואָס וועט זיין דער טאַכלעס פון אַזאַ מיעסן באָכער! איך קאָן עס שוין ניט אויסהאַלטן! ווי האָסטו עס געקאָנט קיין וואָרט ניט אויסזאָגן און דערלאָזן כ'זאָל גיין צו מיסיס גארפּער, קעדיי אלע זאָלן לאַכן פון מיר, ווי פון אַ טיפּשע!

דערדאָזיקער צוגאנג איז פאַר טאָמען לאכלוטן ניי געווען. איינ־דערפרי האָט זיין אופּטו אויסגעזעען בא אים ווי אַ שיינער, שאַרפזיני־

קער קאַטאָוועס, אַצינד אָבער האט ער געזעען, אז באַגאַן איז ער זיך נאַריש און מיעס. ער האט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האט די ערשטע רעגע ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. דערנאָך האט ער געזאָגט:

— מומעניו, ס'טוט מיר באנק וואס כ'האב עס געטון; איך האב זיך ניט באטראַכט.

— אַך, קינד, דו טראַכסט קיינמאָל ניט. דו טראכסט קיינמאָל וועגן גאָרניט, אַכוץ דיין אייגענעם פאַרגעניגן. געקומען איז דיר אפן זינען קומען אַהערצו פונם דזשעקסאָן־אינזל באַנאַכט, קעדיי אָנקוועלן פון אונזער אומגליק. איינגעפאַלן איז דיר דעם קאָפּ מיר צו דולן מיט מאַיסעס וועגן דיינעם אַ כאָלעם. אָבער ראַכמאָנעס האָבן אַף אונז און באַפרייען אונז פון יעסורים — דאָס האָסטו ניט געהאַט אינזינען.

— מומעניו, איך פאַרשטיי אַצינד, אז ס'איז געווען זייער מיעס פון מיין זייט, נאָר כ'האב ניט געוואָלט אזוי טון, אף מיין וואָרט, ניט געוואָלט. און דעמאָלט אַפדערנאַכט בין איך געקומען ניט קעדיי כויזעק מאַכן פון אייך.

— איז צוליב וואָס־זשע?

— איך האָב געוואָלט זאָגן אייך, אז איר זאָלט קיין יעסורים ניט האָבן, זאָגן אייך, אז מיר זיינען ניט דערטרונקען געוואָרן.

— טאָם, טאָם! איך וואָלט זיך גוואלדיק דערפרייט, ווען איך זאָל קאָנען גלויבן, אַז ס'איז דיר איינגעפאַלן אַזאַ גוטער געדאַנק. אָבער דו ווייסט דאָך אליין, אז מיט דיר טרעפט ניט אַזעלעכס. איך ווייס עס אויך.

— ס'איז עמעס, מומע, הוילע עמעס, איך בין צוליבדעם געקומען, מומעניו! זאָל איך פון אָט־דעם אָרט ניט רירן זיך, אויב איך זאָג אַ ליגן!

— אַך, טאָם, זאָג ניט קיין ליגן, זאָג ניט קיין ליגן! דאָס איז נאָך הונדערט מאָל ערגער.

— דאָס איז ניט קיין ליגן, מומעניו, דאָס איז עמעס. ס'האט מיך זייער געאַרט, וואָס איר האט יעסורים, — בין איך דעריבער געקומען.

— איך וואָלט אַוועקגעשיינקט אַלץ אַף דער וועלט, ווען איך וואָלט דיר גלויבן געקאָנט, דאָס וואָלט אויסגעקויפט אַלע דיינע זינד. איך וואָלט אפילע געפרייט זיך דערמיט, וואָס דו ביסט אַנטלאָפן און האָסט אַזאַ שלעכטס אָפּגעטון, אָבער איך בין ניט אימשטאַנד גלויבן דערין. פאַרוואָס־זשע האסטו זיך דעמאָלט ניט באוויזן מיר, קינד מיינס?

— זעט איר, מומעניו, אַז איר האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער לעוואַיע, איז מיר "טאַקע איינגעפאַלן דער געדאַנק — פאַרקריכן אין קלויסטער אריין און אויסבאַהאַלטן זיך, — ס'האט באַ מיר אויסגעזעען אזוי אינטערעסאַנט, אז איך האב ניט געקאָנט דערלאָזן, אונזער אופטו זאל

קאַליע ווערן. דעריבער האָב איך אַריינגעלייגט די קאָרע אין קעשענע און בין שווייגנדיק אַוועקגעגאַן.

— וואָס פאַר אַ קאָרע?

— טאַקע יענע, אַף וועלכער כ'האָב אייך אָנגעשריבן, אַז מיר זייַנען געוואָרן גאַזלאָנים. אַצינד טוט מיר אַזוי באַנק, וואָס איר האָט זיך ניט אופגעכאַפּט, ווען כ'האָב אייך אַ קוש געטון, ס'טוט מיר שרעקלעך באַנק, — אַף מיין וואָרט!

דער רויגעז איז פאַרשוואונדן פון דער מומעס פּאָנים, און אירע אויגן האָט זיך צאַרטקייט צעלויכטן.

— עמעס, טאָם? האָסט מיך אַ קוש געטון?

— נו, יאָ, אַ קוש געטון.

— ביסט זיכער דערין?

— נו, יאָ, זיכער, פאַרשטייט זיך.

— צוליב וואָס האָסטו עס מיך אַ קוש געטון?

— ווייל איך האָב אייך אַזוי ליב, און איר האָט אַזוי געקרעכצט פון שלאָף, און כ'האָב אַזוי ראַכמאָנעס געהאַט אַף אייך.

— גיב מיך אַ קוש, טאָם! און אַצינד גיי אין שול אַריין און טשעפּע זיך מער ניט צו מיר.

אין אַ רעגע אַרום האָט טאָם שוין געשפּאַנט אין שול אַריין, און די מומע פּאָלי האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין קאַמערל אַריין, וואו ס'איז געהאַנגען דער נישער פון טאָמס רעקל, וואָס ער האָט געטראָגן בעאייס זיין גאַזלענעווען. זי האָט גענומען דאָס רעקל אין די הענט אַריין, נאָר האָט זיך פלוצלינג פאַרטראַכט. זי האָט גערעדט צו זיך אַליין:

— ניין, איך קאָן עס באַ זיך ניט פויעלן. אומגליקלעך אינגל! איך בין זיכער, אַז ער האָט אַ ליגן געזאָגט; אָבער אַזאַ ליגן איז צו גוטן. דערדאָזיקער ליגן האָט מיך אַזוי געטרייסט. כ'האָף, כ'וויס, אַז גאָט וועט אים מויכל זיין, ווייל געזאָגט האָט ער עס פון גוטהאַרציקייט. נאָר מיר ווילט זיך ניט איבערצייגן זיך, אַז ס'איז אַ ליגן, — כ'וועל ניט קוקן!

זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס רעקל און האָט אַ רעגע געטראַכט, קוקנדיק דערויף; דערנאָך האָט זי ווידער אויסגעשטרעקט די האַנט, האָט ווידער אַ שלעפּ געטון די האַנט צוריק, און אַזוי צוויי מאָל; ענדלעך, האָט זי באַ זיך געפּויעלט, שטאַרקנדיק זיך מיטן געדאַנק: „דערדאָזיקער ליגן איז מיט אַ גוטן מיַין און פון אַ גוט האַרץ, — איך וועל ניט דערלויבן זיך יעסורים האָבן דערפון". אין אַ רעגע אַרום האָט זי שוין געלייענט די שורעס, וואָס טאָם האָט געהאַט אויסגעקריצט אַפן שטיקל קאָרע. זי האָט געוויינט פאַר גליק און האָט גערעדט צו זיך אַליין:

— כ'וואָלט געקאָנט מויכל זיין אָט־דעם אינגל הונדערט טויזנט זינד!

## קאַפּיטל XXI.

אַף דער מומע פּאָלים פּאָנים איז בעאייס זי האָט א קוש געטון טאָמען געווען עפּעס אַזוינס, וואָס דערפון איז טאָמען ווידער געוואָרן גוט און גרינג אַף דער נעשאָמע. ער איז אַוועקגעגאַן אין שול אַריין, און ס'האט אים אָפּגעגליקט: אַף דער לאָנקע האט ער זיך באַגעגנט מיט בעקי טעטשער. טאָם פּלעג שטענדיק טון דאָס, וואָס די פלוצלינג-אָנגעפלויגענע שטימונג האט אים געהייסן. אַצינד איז ער, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך אף קיין רעגע, צוגעלאָפן צו בעקין און האט אַ זאָג געגעבן:

— איך בין זיך היינט באַגאַן זייער מיעס, בעקי, און ס'טוט מיר אַזוי באַנק!.. איך וועל שוין מער קיינמאָל, קיינמאָל אין לעבן ניט טון אַזוי. לאָמיר זיך איבערבעטן, ווילסט?

בעקי האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט מיט פאַראַכטונג אַ קוק געטון אים אין פּאָנים אַריין.

— איך וועל אייך זייער באַדאַנקען, מיסטער טאָמאַס סאָיער, אויב איר וועט מיך לאָזן צורו. איך רעד מער ניט מיט אייך!

זי האט א טרייסל געטון מיטן קאָפּ און איז פאַרבייגעגאַן. טאָמען האט עס אַזוי געערגערט, אַז ער האָט אַפילע ניט באַוויזן אָפּצוענטפערן: „כ'בעט אייך, ס'אַרא אומגליק! איך שפּײַ דערויף!" — דערנאָך איז שוין צו שפּעט געווען: די פּאַסיקע רעגע איז פאַרביי. דעריבער האט ער גאָרנים ניט געזאָגט, ער איז נאר אין גרויס גרימצאָרן אַריין. ער האָט אָנגעבראָוויגעוזס אַרומגעשפּאַנט איבערן שול-הויף, — ס'האט אים זייער באַנק געטון, וואס בעקי איז ניט קיין אינגל און ער קאן זי ניט אָנעריקן. זי איז גראָד פאַרבייגעגאַן און האט א וואָרף געטון אַ שטעכווערטל אין זיין זייט אַריין, ער האט איר מיט א שטעכווערטל אָפּגעענטפערט. דאָס האט נאך מער פאַרשאַרפט דעם פאַנאַנדערגאַנג. בעקי איז אַזוי אין קאַס געווען, אז זי האט קאָם דערוואַרט זיך די לימודים זאָלן זיך אָנהייבן — אַזוי האט זיך איר געוואָלט, אַז טאָמען זאָל וואס גיכער אַריינפליען פאַרן פאַרדאָרבענעם בוך. אויב ס'האט זיך נאך בא איר געהאט ערגעץ-טיף אינעווייניק פאַרטאַיעט א געדאַנק וועגן מאַסערן אַלפרעד טעמפּלען, איז דער געדאַנק טייקעף פאַרשוואונדן געוואָרן נאך טאָמס שטעכוואָרט.

אומגליקלעכע בעקי! זי האט ניט געוואוסט, אז אף איר אַליין וואַרט שוין אן אומגליק.

דער לערער, מ"ר דאָבינס, איז געווען א באַיאָרטער מענטש מיט א ניט-באַפרידיקטער ליבע צו קאָוועד. א טרוים געווען בא אים — ווערן א דאָקטער, נאר מאַכמעס אָרעמקייט האט ער געמוזט ווערן און בלייבן א שול-לערער. אלע טאָג פלעג ער אין קלאַס ארויסנעמען פון טיש-

שופלאָד עפּעס א סוידעסדיקן בוך, און בעאייס די אינגלעך פלעגן שרייבן די פּאַרגעבענע לימודים, פלעג ער זיך פּאַרטיפן אין בוך. דעמדאָזיקן בוך האט ער געהאַלטן פּאַרשלאָסן אונטער א שליסל. ניט געווען קיין איין אינגל אין שול, וועלכער זאָל ניט כאַלעשן כאָטש מיט איין בליק א קוק טון אין אָט דעם בוך, נאָר ס׳איז אַלץ ניט אויסגעקומען. יעדער שילער און יעדע שילערן האט געהאַט זיינע, אירע סוואָרעס וועגן דעם, וואָס פאר א בוך ס׳איז, אָבער דערוויסן זיך אף געוויס איז אומעגלעך געווען. היינט גראָד, פּאַרבייגייענדיק לעבן דעם קאַטעדרע, וואס איז געשטאַנען ניט־ווייט פון דער טיר, האט בעקי באַמערקט, אז דער שליסל שטעקט אין שלאָס: דער לערער האט אים פּאַרגעסן אַרויסנעמען. איז דען מעג־לעך געווען דורכצולאָזן אַזא זעלטענעם פּאַל? בעקי האט זיך אַרומגע־קוקט: ארום איז ניט געווען קיין איין לעבעדיקער נעפעש. אין אַ רעגע אַרום האט זי שוין געהאלטן דעם בוך אין די הענט. דאָס קעפל „אַנאַטאָמיע״ האט איר גאָרניט ניט דערקלערט, האט זי גענומען בלע־טערן די בלעטלעך... אַפן ערשטן בלעטל האט זי טייקעף אָנגעטראָפן אף א שיין־אָנגעמאָלטער און שיין־באַפּאַרבטער מענטשישער פיגור. אין אָט־דער רעגע איז א שאָטן געפאַלן אפן בלעטל: אף דער שוועל איז געשטאַנען טאָם סאָיער,—ער האט אויך אף איין אויגנבליק דערזען דאס בילד. בעקי האט שנעל אַ פּאַרמאַך געגעבן דעם בוך, און אַזוי ניט־געלונ־גען, אז זי האט אף האַלב צעריסן דאָס בלעטל מיטן געמעל. זי האָט א וואָרף געטון דעם בוך אין שופלאָד אַריין, האט א דריי געטון דעם שליסל אין שלאָס און האט זיך צעוויינט פון בושע און גרימעניש.

— טאָם סאָיער! דאס פּאַסט טאַקע זייער פאר אייך. ס׳אַראַ מיעס־קייט — אונטערגאַנווענען זיך הינטן־אַרום און נאָכקוקן וואס מע טוט!

— פּארוואָס עפּעס נאָכקוקן? כ׳האב דען געקאַנט וויסן, וואס איר טוט?

— שעמט זיך, טאָם סאָיער! איר וועט, פארשטייט זיך, מאַסערן מיך, איז וואס וועל איך דעמאָלט טון? מ׳וועט מיך געוויס אָנשמייסן, און מיך האט מען קיינמאָל ניט געשמיסן אין שול.

זי האט אַ טופּע געטון מיטן פיסל און האט געזאָגט:

— נו, זאָל זיין אַזוי, אויב איר זיינט אזא מיעסער פּאַרשוין! איך וויים אויך עפּעס. וואַרט־צו, אָט וועט איר זען, וואס ס׳וועט זיין. ווע־רעמדיקער! ווערעמדיקער! נידעריקער מענטש!

און זי איז מיט געיאָמער אַרויסגעלאָפן פון צימער.

טאָם איז געבליבן שטיין, געפּלעפט פון אָט־דעם פּלוצלימדיקן אָנ־פּאַל. דערנאָך האט ער צו זיך געזאָגט:

„ס׳ארא מעשונעדיקע און נאַרישע זיינען זיי, אָט־די מיידלעך! מ׳האט זי קיינמאָל ניט געשמיסן אין שול! אויך מיר א זאך, מ׳וועט זי אָנ־

שמייסן! אַלע זיינען זיי, מיידעלעך, אַזעלכע—געפּעסטעטע, פּאַכדאָנים. איך וועל, פאַרשטייט זיך, ניט זאָגן דעם אַלטן דאָבינס וועגן אָט־דער קליינער טיפּשע, נאָר ס׳איז דאָך אַלצײנס. קיינער וועט זיך ניט אָנרופן. וועט ער דעמאָלט נעמען אויסרופן איינציקוויים, ווי ער טוט עס שטענ־דיק, און אַז ער וועט דערגיין צו דער שולדיקער, וועט ער לויטן פּאָנים, ניט פרעגנדיק אַפילע, דערקאָנען, אַז זי איז שולדיק. בא די מיידעלעך קאָן מען שטענדיק דערקאָנען אפן פּאָנים,—זיי קאָנען גאָרניט ניט פאַר־באָרגן. נו, וועט זי, פאַרשטייט זיך, ארײנכאַפּן. אַריינגעפאַלן אַצינד בעקי טעטשער — זי וועט זיך שוין אַצינד ניט אויסדרייען! ער האָט אַביסל געטראַכט, טאָם, דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: „אַ מיצווע אף איר! זי וואָלט צופרידן געווען, ווען איך זאָל זיך אַריינפּאַקן, — זאָל זי אַליין דערפילן דעם טאַם”.

און טאָם איז אַוועק צו דער כאָפּטע כאַווײרים, וואָס שפּילן זיך אין הויף. אין עטלעכע רעגעס אַרום איז אָנגעקומען דער לערער, און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די לימודים. טאָם האָט ניט באַזונדערס אינטערעסירט זיך מיטן לימעד. ער האָט אַלע רעגע אַ קוק געגעבן אין דער זייט, וואו ס׳זיצן די מיידעלעך, און יעדער מאָל האָט אים אויפגערעגט בעקיס פּאָ־נים. ער האָט לאַכלוטן ניט געוואָלט ראַכמאָנעס האָבן אף איר, און פונ־דעסטוועגן האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן פון ראַכמאָנעס האָבן. ער האָט אַפילע ניט געקאָנט אַרויסרופן בא זיך עפּעס ענלעכס אף פרייד און סימכע. נאָר אָט האָט אינגיכן דער לערער אַנדעקט, אַז טאָמס בוך איז פאַרגאָסן מיט טינט, און טאָמס אופמערקזאַמקייט האָבן אינגאַנצן פאַרשלונגען זיינע אייגענע איניאָנים. בעקי האָט אף א צייט באַפרייט זיך פון איר דערשלאָגנקייט און האָט זיך היפּש פאַרינטערעסירט מיט דער געשעעניש. זי האָט ניט גערעכנט, אַז טאָמס טאַינעס וועגן דעם, אַז ניט ער האָט גאָר אויסגעגאָסן דעם טינט אפן בוך, זאָלן אים קאָנען באַ־פרייען פון דער שטראָף,— און זי איז גערעכט געווען. טאָמס טאַינעס האָבן נאָך ערגער געמאַכט דעם איניען. בעקי האָט געמיינט, אַז זי וועט זיך פרייען דערמיט, און האָט געפּרואווט זיך איינריידן, אַז זי פרייט זיך, נאָר ס׳איז גאָר ניט לייכט געווען. אַז ס׳איז דערגאַנגען צום סאַמע ערגסטן, האָט זיך איר שרעקלעך פאַרגלוסט אופשטיין און זאָגן, אַז געטון האָט עס אלפרעד טעמפּל; נאָר זי האָט זיך געצוואונגען בלייבן זיצן רו־איק,— זי האָט זיך געטראַכט: „ער וועט דאָך סייוויסיי אויסזאָגן, אַז איך האָב צעריסן דאָס בילדל. איז אָט, וועל איך טאַקע קיין וואָרט ניט זאָגן! ווען כ׳זאָל אַפילע אים דאָס לעבן דאַרפן ראַטעווען דערמיט!”

טאָם האָט באַקומען זיין כײלעק שמיץ און האָט זיך אומגעקערט אף זיין אָרט לאַכלוטן רואיק. ס׳האָט זיך אים געדאַכט פאַר גאַנץ מעגלעך,

אַז ער האָט אַליין, קען זיין, ניט־אומיסטן בעאיים שפּילן זיך איבערגעקערט דאָס טינטערל אָפּן בוך, — געלייקנט האָט ער עס טכילעס בלויז צוליב „פּאַסאָן" און ווייל אַזוי הייסט דער מינעג, דערנאָך האָט ער איינגע־שפּאַרט געלייקנט, קעדיי באַווייזן שטייפן כאַראַקטער.

דורך איז אַ גאַנצע שאָ; דער לערער האָט געדרימלט, געשמאָרעט מיט דער נאָז אָף זיין טראָן. מאַכמעס דער הודעניש פון די שילער, וואָס כאַזערן די לימודים, איז די לופט אַליין שלעפעריק געוואָרן. ענדלעך, האָט זיך מ״ר דאָבינס אויסגעגלייכט, האָט אַ גענעץ געטון, האָט אופ־געעפנט דעם שופלאָד און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט אָף צו נעמען דעם בוך, נאָך, זעט אויס, ניט האָבנדיק באַשלאָסן צי נעמען אים, צי ניין. דאָס ראָוו שילער האָט געקוקט דערוף מיט לאַנגווייַליקע אויגן, בלויז צווי האָבן נאָכגעשפּירט נאָך מיסטער דאָבינס יעדער באַוועגונג. אַ שטיק צייט האָט מ״ר דאָבינס צעטראָגענערהייט געדרייט אין דער האַנט דעם בוך, דערנאָך האָט ער אים אַרויסגענומען און האָט זיך באַק־וועם אוועקגעזעצט אין שטול, גרייטנדיק זיך לייענען.

טאָם האָט אַ קוק געטון אָף בעקין. גאָטעניו! ס׳אַרא ראַכמאָנעסדיק, צעטומלט פּאָנים בא איר! ווי בא אַ קראָליקל, וואָס מ׳האָט אָנגעצילט זיך אָף אים פון אַ ביקס. טאָם האָט טייקעף פאַרגעסן אין זיין קריג מיט איר. מ׳דאַרף טייקעף עפּעס אופטון, טאַקע טייקעף, ניט פאַרזאַ־מענדיק קיין רעגע! נאָר די שאַרפקייט פון דער געפאַר האָט פּאַראַלי־זירט זיין דערפינדערישע קראַפט. סאָפּקאָלסאָף — אַ גלענצנדער געדאַנק! ער וועט צולויפן, וועט אַרויסרייסן דעם בוך פון לערערס הענט, וועט אַרויסשפּרינגען דורך דער טיר — און פאַרטיק! נאָר ער האָט אָף אַ רעגעלע זיך אַ קוויינקל געטון און האָט אָנגעוואוירן דעם פּאַסיקן מאָמענט: דער לערער האָט אופגעעפנט דעם בוך. ווען ס׳וואָלט מעגלעך געווען אומצו־קערן דעם אָנגעוואוירענעם מאָמענט! „צו שפּעט! אַצינד קאָן מען שוין בעקין ניט ראַטעווען!" — האָט טאָם געזאָגט צו זיך. נאָך איין רעגע — און דעם לערערס אויגן האָבן אַ שפּאַציר געטון איבערן קלאַס. אַלע אויגן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אונטערן דרוק פון זיין בליק. אינם בליק איז געווען עפּעס אַזוינס, אַז אַפילע די אומשולדיקע האָבן פלאַטערן גענומען פאַר פּאַכעד. ס׳איז שאַ־שטיל געוואָרן. אין מעשעך פון דער פויזע האָבן אַ טייל שילער באַוויזן אָפּצוציילן ביז צען; דער לערער האָט אין זיך געקליבן דעם גרימצאָרן.

סאָפּקאָלסאָף, האָט ער אַ זאָג געגעבן:

— ווער האָט צעריסן אָט־דעם בוך?

קיין איין קלאַנג ניט. אין קלאַס איז געווען אַזוי שטיל, אַז מע וואָלט בעקאָנט הערן, ווי אַ שפּילקע פאַלט. די שטומעניש האָט געדויערט; דער

לערער האט זיך איינגעקוקט אין אַלע פּנימער נאָכאַנאַנד, זוכנדיק סימאָנים פון שולד.

— בענדזשאַמען ראָדזשערס, דו האסט צעריסן דעם בוך?

— ניין.

ווידער א פויזע.

— דזשאָזעף גאַרפער, דו?

ווידער — ניין. טאָמס אופגערעגטקייט איז אַלץ מער און מער געוואָקסן; אָט־די פראַגן און ענטפערן זיינען פאר אים געווען, ווי א שווערע צעצויגענע פּײַן. דער לערער האט אויסגעפרעגט אַלע אינגלעך, האט אביסל אַ טראַכט געטון און האט זיך געווענדעט צו די מיידלעך:

— עמי לאָורענס?

עמי האט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ אף ניין.

— גרעסי מילער?

דאָסזעלבע.

— סיוזאַנע גאַרפער, דו האסט עס געטון?

ווידער — ניין. איצט איז די ריי דערגאַן צו בעקי טעטשער. טאָם האט אינגאַנצן געפלאַטערט פון אופגערעגטקייט און פונם געדאַנק, אז די לאַגע איז אויסוועגלאָז.

— רעבעקאַ טעטשער (טאָם האט א קוק געטון אף איר פּאָנים; ס'איז, דאס פּאָנים, בלייך געוואָרן פאר מוירע), ניט דו האסט עס צעריסן... ניין... קוק מיר גלייך אין פּאָנים אריין (זי האט מיט געבעט אופגעהויבן די הענט)... ניט דו, האסט עס צעריסן אָט־דעם בוך?

אין טאָמס מויעך איז דורכגעפלויגן א געדאַנק ווי א בליץ. ער איז אופגעשפרונגען און האט אויסגעשריגן:

— דאָס האב איך געטון!

די גאַנצע שול האט דערשטוינט אויסגעסטאַרטשעט די אויגן אַפן דולן אינגל, וואס האט אָפּגעטון אזא שוידערלעכע זאַך. טאָם איז געשטאַנען א רעגע, קעדיי קומען אַביסל צו זיך. אז ער האט זיך, ענדלעך, געלאָזט גיין צו יענעם ווינקל, וואו ס'האָט געוואַרט אף אים די שטראָף, וואָלטן אים די פאַרכידעשקייט און די דאַנקבאַרקייט, וואס האבן זיך געלויכטן אין בעקיס אויגן, באלוינט אַפילע פאר הונדערט שמיץ. פאַרכאַפּט דורך דער גרויסאַרטיקייט פון זיין העלדנטאַט, האט ער אָן איין געשריי איבערגעטראָגן די אַכזאָריעסדיקע עקזעקוציע און האט פּונקט אַזוי קאַלטבלוטיק אופגענומען אויך די הויסאָפּע־שטראָף — דעם באַפעל פארבלייבן אין שול אף אַ צוויי שאָ נאָך די לימודים. ער האט געוואוסט, ווער ס'וועט אף אים וואַרטן אין הויף, ווען מ'וועט אים אַרויס־

לאָזן פון דער טפיסע, און דאָס נודנע זיצעניש אין שול האט בא אים אויסגעזעען, ווי ניט קיין גרויסע צאָרע.

אַז טאַם האט זיך געלייגט שלאָפן אין אָט־דעם אָוונט, האט ער גע־פלאַנעוועט ווי אַזוי נעקאַמע צו נעמען אין אַלפרעד טעמפּלען: פול מיט ביזאָיען און כאַראַטע, האט בעקי דערציילט אים אַלץ. זי האט אויך ניט פאַרגעסן דערציילן וועגן איר אייגענעם פאַרברעכן קעגן אים; אָבער אַפילע דער דורשט נאָך נעקאַמע האט אינגיכן אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פאַר אנגענעמענע געדאַנקען. ביזן סאַמע איינשלאָפן האבן אין טאָמס אויערן געקלונגען בעקיס לעצטע ווערטער:

— טאָם, ווי האָסטו עס געקאָנט זיין אַזוי איידל!

## קאַפּיטל XXII.

ס'איז שוין געווען ניט ווייט פון קאַניקול־צייט. דער לערער, וואָס איז שטענדיק שטריינג געווען, איז געוואָרן נאָך שטריינגער און הארבער. ס'האָט זיך אים געוואָלט, אַז אַלע שילער זאָלן זיך אויסצייכענען בעאייס די עקזאַמענס. זיין שטעקן און זיין ווירע זיינען איצט זעלטן געלעגן אָן ארבעט, באזונדערס האָבן זיי געשמאַק געאַרבעט אין די אינגערע קלאסן. בלויז די גרויסע אכצניאָריקע — צוואנציקיאָריקע באָכורים און מיידן האבן קיין שום שטראָף ניט געקראָגן. באַשטראָפן פלעג מ־ר דאָבינס גאַנץ פיין, ווי ס'דאַרף צו זיין, ווייל, כאָטש ער האָט באַהאַלטן אונטערן פאַרוק א לאכלוטן הוילן, גלאַנצנדיקן שאַרבן, נאָר אלט איז ער נאך ניט געווען, און מוסקולן האט ער פאַרמאָגט געזונטע. וואָס נעענטער ס'איז געווארן דער גרויסער טאג, האט זיך אלץ שאַרפער אַנטפּלעקט זיין שטענדיקע נעטיע צו טיראַנעריי. ער האט, זעט אויס, גוואַלדיק האַנאָע געהאט פון באַשטראָפן פאַר סאַמע נישטיקע מאַיסים. מאַכמעס דעם פלעגן די אינגערע אינגלעך באַטאָג ליידן פון פאַכעד און ווייטיק און באַנאַכט פלאַנעווען נעקאָמע־פלענער. זיי פלעגן ניט דורכ־לאָזן קיין איין פאַל אף אָפּצוטון א שפּיצל דעם לערער. אָבער זיינען זיי דען אימשטאַנד געווען גלייכן זיך מיט אים? נאך יעדער גע־לונגענעם שפּיצל פלעגן די שילער באַקומען אַזאַ היפשן לוין, אַז זיי פלעגן שטענדיק בלייבן דערינטער אינם קאַמף. סאָפּקאָלסאָף, האבן זיי געמאַכט א פאַרשווערונג און האָבן צוגעטראכט אַזאַ נעקאָמע־פּלאן, וואס האט באַדאַרפט ברענגען צום פולקומען ניצאָכן. זיי האָבן דער־ציילט דעם סאָד דעם זון פונם שילדן־מאַלער און האבן אים איינגע־רעדט ער זאָל זיי מיטהעלפן. יענער איז ניספּאָעל געוואָרן: דער לערער פלעג שפּייזן זיך אין הויז פון זיין פאָטער, און דאס אינגל האט גע־

האט פאַר וואס אים פיינט צו האבן, דעם לערער. דעם לערערס פרוי האט גראָד באשלאָסן אַף עטלעכע טעג אוועקפאָרן צו אירע באַקאַנטע צו גאַסט,— האט, הייסט עס, גאָרניט ניט געקאנט שטערן דעם נעקאָמע־פּלאַן.

דער לערער האט געהאט א טעווע אין פייערלעכע פאלן אָנ־שיקערן זיך, און דעם מאלערס זון האט צוגעזאָגט די כאוויירים, אַז אין אָוונט פון עקזאמען, ווי נאר דער לערער וועט אָנטרינקען זיך און וועט אנשלאָפן ווערן אין זיין שטול, וועט ער, דעם מאַלערס זון, „אַלך איינאָרדענען", און אַליין וועט ער אַנטלויפן.

אַלך איז דורכגעגאַן גרויסאַרטיק.

אַכט אַזייגער אין באַשטימטן אָוונט איז די שול־געביידע געווען העל באַלויכטן און פאַרפּוצט מיט בלעטער און קוויטן. דער לערער איז געזעסן אינדערהייך, אין אַ גרויסער שטול. הינטער אים האָט זיך גע־פונען אַ שוואַרצער טאָוול. אף זיין פּאָנים איז צו דערקאָנען געווען, אז ער האָט זיך פיין מעכאַבעד געווען. זעקס רייען ביינק אַקעגן דעם לע־רער און צו דריי פעדערשטע ביינק פון יעדער זייט זיינען פאַרנומען געווען דורך די אמט־לייט פון שטעטל און דורך די עלטערן פון די שי־לער. לינקס, הינטער די ביינק פון די שטאָט־איינוואוינער, אף א ברייי־טער צייטווייליקער עסטראדע זיינען געזעסן די שילער, וואָס האָבן באַ־דאַרפט אַנטייל נעמען אין היינטיקן עקזאַמען: רייען פון קליינע אינג־לעך, ארומגעוואשענע, אויסגעפּוצטע, וועלכע פילן זיך שרעקלעך ניט־גוט אין זייערע פאַראַד־גאַרניטערס; רייען פון לעפּישע באָכורימלעך; ענדלעך, רייען פון מיידלעך און יונגע לעדיס, פאַרפּוצטע אין באַטיסט, וועלכע פאַרגעסן אף קיין איין רעגע ניט אין זייערע נאַקעטע הענט, אין זייערע ראָזע און בלויע סטיינגעס, אין די קוויטן אף זייערע קעפּ. די איבעריקע ערטער זיינען פאַרנומען געווען דורך די שילער, וואָס נעמען ניט קיין אַנטייל אין עקזאַמען.

אָנגעהויבן האָט זיך עס דערמיט, וואָס אַ פיצעלע אינגעלע איז אופ־געשטאַנען און האָט שעמעוודיק דורכגעדעקלאַמירט: „האָט איר אמאָל גע־ריכט זיך דען, אַז אַ פּיצל אינגל זאָגן קען..."‚ באַגלייטנדיק די דעקלאַ־מאַציע מיט געקינצלטע, צאַפּלענדיקע באַוועגונגען, ווי אַ מאשין, אין וועלכער ס׳איז עפּעס קאַלי געוואָרן. פונדעסטוועגן, האָט ער בעשאָלעם דערשלעפּט זיך ביזן סאָף, איז באַלוינט געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן, האָט זיך פאַרנויגט, פונקט ווי דער לערער האָט מיט אים איינגעכאַזערט, און איז אַוועקגעגאַן.

אַ קליין מיידעלע מיט אַ פאַרשעמט פּענימל האָט דורכגעמורמלט: „געווען באַ מערין אַ שעפעלע", האָט געמאַכט אַ לעפּישן קניקסן און האָט,

באַגלייט מיט אַפּלאָדיסמענטן פון אוילעם, אינגאַנצן אַ רויט־געוואָרענע און גליקלעכע, אוועקגעזעצט זיך אױף איר אָרט.

דערנאָך איז מיט קלאָמפּערשטער וואויל־יונגערישקייט אַרופגעגאַן אױף דער עסטראַדע טאָם סאָיער און האָט אָנגעהויבן דעקלאַמירן די אַלטע באַרימטע ליד: „באַפרייט מיך, באַפרייט, אָדער האַרגעט מיך, לייט", ווילד־צאָרנדיק העכערנדיק דאָס קאָל און שטאַרק זשעסטיקולירנדיק; צו־געקומען ביז האַלב ליד, האָט ער זיך פאַרסטאָמפּעט. ס'איז אים אַ פּאַ־כעד באַפאַלן; ס'האָט אים געבראָכן אין די פיס, אין האַלז האָט אים עפּעס געוואָרגן, ער האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסריידן. עמעס, די צוהערער האָבן, זעט אויס, סימפּאַטיזירט אים, אָבער זיי האָבן דאָך געשוויגן, — אָט־דאָס שווייגן האָט נאָך מער געדריקט טאָמען, ווי זייער מיטגעפיל.

דער לערער איז אָנגעברויגעזט געוואָרן, און דאָס איז גאָר דערגאַן די יאָר טאָמען. ער האָט זיך געראַנגלט נאָך אַביסל און איז, אינגאַנצן פאַרשעמט, אַראָפּ פון דער עסטראַדע. ס'זיינען געווען פּרואוון אונטער־האַלטן אים מיט אַפּלאָדיסמענטן, נאָר זייער שוואַכע.

ווייטער זיינען געגאַן: „דאָס אינגל איז געשטאַנען אױף דער פּלאַ־קערנדיקער שיף...", „די אסירייער זיינען געגאַן, ווי וועלף אַף א טשע־רעדע שאָף..." און אַנדערע מוסטער־אויסצוגן פאַר דעקלאַמאַציע. דער־נאָך האָבן די שילער פאַרזוכט זיך אײנער מיטן אנדערן אין אויסדריק־לעך לייענען. די שיטערע גרופּע לאַטיין־קענער האָט גאַנץ פיין אויסגע־האַלטן דעם עקזאַמען. דערנאָך האָבן די יונגע לעדיס געלייענט זייערע אייגענע כיבורים. איינע נאָך דער אַנדערער זיינען זיי אַרויסגעגאַן צום ברעג עסטראַדע, האָבן דורכגערייניקט דעם האַלז, האָבן אַרויסגענומען די קסאַוויאַדן, וואָס זיינען אַרומגעבונדן מיט שייניקע סטייגעלעך, און האָבן גענומען לייענען, אָפּהיטנדיק ווי ס'דאַרף צו זיין די פּונקטואַציע־צייכנס.

די טעמעס פון די כיבורים זיינען געווען דיזעלבע טעמעס, אַף וועלכע ס'האָבן געשריבן די מאַמעס, באַבעניוס און עלטער־באַבעניוס פון אָט־די פריילנס, העט ביזן דאָר פון די קרייך־צוגן: „פריינטשאַפט", „זיכרוינעס וועגן אמאָל־געטראָפנס", „דאָס לעגענדאַרישע קעניגרייך", „די מאַילעס פון בילדונג", „טרויער", „ליבע צו עלטערן" און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

דער ערשטער פאַרגעלייענטער כיבער האָט געהייסן: „איז אָט וואָס אַזוינס איז דאָס לעבן". דאָס פאַרלייענען דעמדאָזיקן כיבער האָט אַלע־מאָל איבערגעריסן א באַגוטנדיקער געמורמל: „ווי פיין ס'איז!", „ס'אַראַ פּרעכטיקע מעליצע", „ס'אַראַ עמעס!" און א. וו.

טייקעף נאָכדעם האָט זיך באַוויזן אַ ברוינע, שווארצאויגיקע פריילן, האָט געמאַכט אַ עפעקטפולע פויזע, האָט צוגעגעבן דעם פּאָנים אירן אַ טראַגיש אויסזען און האָט אָנגעהויבן:

„אַ זעאונג, — די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע און א שטורעמדיקע, ארום דעם הימל-טראָן האָט קיין איין שטערן ניט געציטערט, נאָר אַנשטאָט דעם האָבן אין די אויערן געציטערט דונער־קנאַלן, און שוידערלעכע בליצן האָבן צאָרנדיק דורכגעדרונגען דורך דעם פאַרוואָלקנטן הימל, — ס'האָט אויסגעזען, אז זיי פּאַראַכטן די שליטע, וואָס ס'האָט געקראָגן איבער זיי דער בארימטער פראַנקלין*). אפילע די ווילדע ווינטן האָבן געמאַכט יאַדאַכעס און האָבן פאַרלאָזט זייערע באַהעלטענישן און האָבן אַזוי געווילדעוועט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט נאָך שוידערלעכער מאַכן דאָס שרעקלעכע בילד. אין אָט־דער שאָ פון פינצטערניש און שוידער האָט מיין גייסט געגאַרט נאָך מענטשישן מיטגעפיל, נאָר אנשטאָט דעם האָט זיך באַוויזן זי — דער בעסטער פריינט מיינער, מיין טרייסט, מיין יועץ און אָנפירער, מיין פרייד און מיין בראָכע" א. א. וו., א. א. וו.

דער גאַנצער כיבער האָט געהאַלטן צען זייטלעך און פאַרענדיקט האָט ער זיך מיט אַ אומגעהייער־שטריינגער דראָשע. מ'האָט איינגעפונען, אַז ס'איז א אויסגעצייכנטער כיבער, און מ'האָט אים באַלוינט מיט דעם ערשטן מעדאַל. דער מער פון שטעטל האָט דערלאנגט דעם מעכאַבער דעם מעדאל און האָט געהאלטן דערביי א ווארעמע רעדע. ער האָט פאַרזיכערט, אז „אף זיין לעבן האָט ער ניט געהערט קיין שענערע מעליצע און אז מיט אַזאַ זאַך וואָלט געקאָנט שטאָלצירן אפילע דאניעל וועקסטער אליין".

דער לערער, וועלכער איז גאָר פריילעך געוואָרן, האָט אָפּגערוקט זיין שטול, האָט אויסגעקערעוועט זיך מיט דער פּלייצע צו דער אוידיטאָריע און האָט גענומען מאָלן אפן טאָוול די קאַרטע פון אמעריקע, קעדיי נאָכדעם עקזאַמענירן אלע קלאַסן אין געאָגראַפּיע־לימעד. אָבער די האַנט זיינע האָט אים ניט געוואָלט פאָלגן, און איבערן קלאַס איז דורך א איינגעהאלטן כיכיקעניש — ער האָט געוואוסט, דער לערער, פון וואָס מע לאַכט, און האָט געמיט זיך נעמען אין די הענט אריין. ער האָט אָפּגעווישט דאָס אָנגעמאָלטע און האָט באנייס געמאָלט, נאָר ס'האָט זיך באַקומען נאָך ערגער, און דאָס כיכיקעניש איז אַלץ העכער געוואָרן. ער האט ווי באַשלאָסן א סאָף צו מאַכן צו דער ניט־פאַסיקער סימכע און האט קאָנצענטרירט זיין גאַנצע קאַוואָנע אף דער אַרבעט.

*) וועניאַמין פראַנקלין — א בארימטער אמעריקאַנער געלערנטער, וואָס האָט געלעבט אין XVIII-טן יאָרהונדערט. ער האָט געמאכט עקספערימענטן איבער דער דאן אומבאוואוסטער עלעקטרי און האָט דערפונדן דעם דונעראָפּוועגד.

ער האט געפילט, אַז אַלע בליקן זיינען געווענדעט אויף אים, און ער האט געמיינט, אַז דער איניגען גייט שוין גלאַטיק; אָבער דער געלעכטער אין קלאַס האט ניט אופגעהערט,— פאַרקערט, ער האט זיך אַלץ געשטאַרקט, דער געלעכטער. און לאַכן איז טאַקע געווען פון וואס! פונקט איבערן לערערס קאָפּ איז געווען א לאָך אין דער סטעלי, און דורך אָט־דער לאָך האט זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אויף א שטריקל א קאַץ, אַרומגעבונדן מיט א שטריק אַרום קערפּער. איר קאָפּ איז שטייף צונויפגעצויגן מיט א שמאַטקעלע, קעדיי זי זאָל ניט מיאַוקן. זי האט זיך פּאַמעלעך אַראָפּגע־לאָזט, די קאַץ, האט זיך געשליינגלט מיטן גאַנצן קערפּער און האט זיך געצויגן אַרויף, באַמיענדיק זיך א כאַפּ טון מיט די נעגל דעם שטריק. אָבער געכאַפּט האט זי בלויז די לופט. דאָס כיכיקעניש איז אַלץ העכער געוואָרן. די קאַץ איז שוין געווען סאַכאַקל א זעקס ווערשקעס די ווייט פונם לערער, וואס איז פאַרטון אין זיין אַרבעט... אָט איז זי שוין נידעריקער... נאָך נידעריקער... איין אויגנבליק, און פון איעש האט זי זיך אַריינגעשניטן מיט די נעגל אין לערערס פּאַרוק און איניינעם מיט דעם טראָפּיי האט זי זיך מאָמענטאַל א צי געטון אַרויף און איז פאַרשוואונדן אין לאָך. דער אוילעם איז דערשטוינט געוואָרן. אַרום מיסטער דאָבינס' פּליכיקן קאָפּ האט זיך פלוצלינג צעגאָסן א וואונדערלעכע שיין: דעם מאַלערס זון האט אים אָפּגעגילדט דעם פּליך!

נאָך אָט־דער געשעעניש איז זיך די פאַרזאַמלונג פאַנאַנדערגעגאַנגען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די קאַניקול־צייט.

## קאַפּיטל XXIII.

טאָם איז אַריינגעטראָטן אין דער ניי־געגרינדעטער „געזעלשאַפט פון פיינע מאַיסים". צוגעצויגן האָט אים אין דער געזעלשאַפט דער־גלאַנץ פון אירע אָרדן־צייכנס. די מיטגלידער פון אָט־דער געזעלשאַפט פלעגן געבן א ניידער ניט רויכערן, ניט קייען קיין טאַבאַק און ניט ריידן קיין מיעסע רייד. אומגעריכט פאַר זיך אליין, האָט טאָם אַנדעקט, אַז צוזאָגן ניט טון עפּעס איז דאָס זיכערסטע מיטל אויף צו שטאַרקן אין מענטשן דעם כיישעק צו טון טאַקע דאָס פאַרבאָטענע. ס'האָט זיך אים, טאָמען, שרעקלעך פאַרגלוסט טרינקען און זידלען זיך, און דער כיישעק איז געווען אַזוי גרויס, אַז בלויז די האָפענונג אַרויסשפּאַנען פאַר אַ גרויסן אוילעם אין אַ שיינעם רויטן פּאַס האָט אים אָפּגעהאַלטן פון ארויסטרעטן פון דער געזעלשאַפט. ס'האָט זיך דערנעענט דער 4־טער יוני, נאָר טאָם האָט איינגיכן אופגעהערט צו טראַכטן וועגן אָט־דעם טאָג און

האָט אַלע זיינע האָפענונגען ארופגעלייגט אפן פרידנס־ריכטער פראַזער, וואָס איז איצט געלעגן אַפן גסיסע־בעט. דער ריכטער איז אַ אָנגעזעע־נער באַאַמטער, מע וועט אים געוויס באַגראָבן מיט גרויס פּאַראַד, וועט ער, טאָם, הייסט עס, קאָנען פאַרן גאַנצן אוילעם באַווייזן זיך אין דער פּאַראַד־פּאָרם פון דער געזעלשאַפט. אין מעשעך פון דריי טעג. האָט טאָם גוואלדיק אינטערעסירט זיך מיטן ריכטערס געזונט־צושטאַנד און האָט אַלע רעגע זיך אָנגעפרעגט, ווי האַלט דער ריכטער. אָפט פלעגן זיינע האָפענונגען שוין אַזוי זיכער זיין, אַז ער פלעג אַרויסנעמען פון קאַסטן זיין מונדיר און דעם רויטן פאַס און, שטייענדיק פאַרן שפיגל, אָנמעסטן זיי. נאָר דערנאָך פלעג דעם ריכטער בעסער ווערן, דערנאָך — ווידער־אַמאָל ערגער, דערנאָך ווידער בעסער, — אָט־די ענדערונגען האָבן טאָ־מען זייער אומעטיק געמאַכט. סאָפּקאָלסאָף, האָט מען געמאָלדן, אַז דער ריכטער ווערט געזונט. טאָם האָט זיך דערפילט אַזוי באַליידיקט, אַז ער איז טייקעף אַרויסגעטראָטן פון דער געזעלשאַפט, — האָט דער ריכטער אין דערזעלבער נאַכט געגומען און איז אוועקגעשטאָרבן פון א נייעם קריינק־אָנפאַל. טאָם האָט באַשלאָסן, אַז נאָך אָט־דעם איז אומעגלעך צו געטרויען מענטשן. די לעוואַיע איז אַ פּאַראַד־לעוואַיע געווען. די יונגע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבן שטאָלץ געשפּאַנט אין זייערע מונדירן, ווי זיי וואָלטן באַשלאָסן אומברייינגען פון קינע זייער געוועזענעם כאַווער טאָם סאָיער.

דערפאַר אָבער איז טאָם אַצינד געווען שוין אַ פראַנק־און־ פרייער מענטש — דאָס איז אויך עפּעס דערווערט געווען. ער האָט געמעגט טריג־קען און זידלען זיך, וויפל ס׳האָט זיך אים נאָר געגלוסט. נאָר אַ מאָדנע זאַך! אַצינד האָט זיך עס אים ניט געגלוסט שוין. דער פּאָשעטער פאַקט, וואָס אַצינד איז עס דערלויבט געווען, האָט געטויט דעם כיישעק.

טאָם האָט זיך געכידעשט, באַמערקנדיק, אַז די לאַנג־געגאַרטע קאַ־ניקול־צייט ווערט אים נימעס.

ער האָט אָנגעהויבן פירן אַ טאָגבוך, נאָר אין מעשעך פון דריי טעג איז גאָרניט ניט געשען, און ער האָט געוואָרפן דעם טאָגבוך.

פאַרסטראַנעט האָט אין שטעטל אריין אַ נעגרישער כאָר און האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טאַראַראַם. טאָם און דזשאָ גאַרפער האָבן זיך טיי־קעף באַהעפט מיטן כאָר און זיינען געווען גליקלעך גאַנצע צוויי טעג.

אפילע דער גרויסער טאָג, 4־טער אין יוני כוידעש, איז דורך אביסל ניט געלונגען! ס׳איז געגאַן אַ רעגן, און מ׳האָט ניט געקאָנט איינאָרדענען קיין פּראָצעסיע, — דער גרעסטער מענטש אף דער וועלט (ווי טאָם האָט גערעכנט), מיסטער בענטאָן, דער סענאַטאָר פון די פאַרייניקטע שטאַטן,

האָט טאָמען אינגאַנצן אנטוישט: ער איז געווען, מ״ר בענטאָן, זייער, זייער קורצוואוקסיק.

ס׳איז געקומען צו פאָרן א צירק. די אינגלעך האָבן דריי טעג נאָכ־דעם געשפּילט זיך אין צירק־שפּילן, — זיי האָבן אופגעשטעלט ביידלעך פון אלטע געלעכערטע טעפּיכער און גענומען באַ אינגלעך צו דריי, באַ מיידלעך צו צוויי שפּילקעס פאַר אריינגאנג; דערנאָך אָבער איז אויך דאָס נימעס געוואָרן.

דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ היפּנאָזירער, און נאָך זיין אָפּפאָרן איז נאָך לאנגווייליקער געוואָרן. מע פלעג אַמאָל איינאָרדענען אָוונט־מאָלצייטן פאַר די אינגלעך און מיידלעך, נאָר טרעפן פלעג עס אזוי זעלטן און זיין פלעג אַזוי אנגענעמען, אז די צווישן־מעשעכס האָבן זיך נאָך אומע־טיקער געצויגן.

בעקי טעטשער איז אַוועקגעפאָרן אף זומער צו אירע עלטערן, אין אַ צווייט שטעטל, וואָס האָט געהייסן קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און נאָך איר אָפּפאָרן איז דאס לעבן אינגאַנצן פינצטער געוואָרן.

דער שרעקלעכער מאָרד־סאָד האט ניט אופגעהערט צו פייניקן טאָמען. דער סאָד האט טאָמען אלעמאָל דערמאנט אין זיך מיט שווערן אומופ־הערלעכן ווייטיק.

און דאָ איז טאָם פלוצלינג שלאַף געוואָרן אף מאָזלען.

אין מעשעך פון צוויי לאנגע וואָכן איז ער געלעגן צו בעט, אָפּגע־שיידט פון דער לעבעדיקער וועלט. ער איז זייער קראַנק געווען, און ס׳האט קיין זאך אים ניט אינטערעסירט. אַז ער האָט זיך סאָפּקאָלסאָף גע־שטעלט אַף די פיס און ער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעגאַן, שאָק־לענדיק זיך, אין רדויסן ארויס, האָט ער באַמערקט אומעטום א גרויסע, טרויעריקע ענדערונג. אלע אין שטעטל האָבן זיך איצט א ווענד געטון צו דער רעליגיע — ניט בלויז די דערוואקסענע, נאָר אַפילע די אינגלעך און מיידלעך.

טאָם האט ארומגעשפּאנט, האָפענענדיק צו טרעפן כאָטש איין זינדיק פּאנים, אבער אומעטום האט אף אים אנטוישונג געווארט. ער האט געטראָפן דזשאָ גארפערן כאזערנדיק דעם עוואנגעליום און ער האט זיך געאיילט אוועקגיין פון אָט־דעם ניט־אינטערעסאנטן בילד. ער האט געזוכט זוכן בען ראָדזשערסן און האט אים געטראָפן ארומגייענ־דיק איבער די הייזער פון די אָרעמעלייט מיט א קויש, וואס איז אָנ־געפולט מיט גאָטספאָרכטיקע ביכלעך. אז ס׳האט זיך אים ענדלעך איינ־געגעבן צו פאַקן דזשאָ כאָליפן, האט מיט אים דזשאָ גענומען איינטאַי־נען, אז ער דאַרף, טאָם, דאַנקען דעם אויבערשטן פאַר זיין קריינק, וועלכע איז אים צוגעשיקט פון הימל ווי אן אַסראָע. יעדער נייע באַגעגעניש

האט טאָמען אלץ מער און מער געדריקט; פאַריִעשט האט ער זיך, טאָם, אַ לאָז גִעטון זוכן טרייסט באַ העקלבערי פינען; נאר אויך העק האט אים באגעגנט מיט אַ פּאָסוק פון דער ביבל. דאס איז טאָמען דערגאַן די יאָר; ער האט זיך קאם דערשלעפּט אַהיים און איז אַריינגעקראָכן אין בעט אריין, פילנדיק, אז ער איז אין שטעטל די איינציקע אף־אייביק־פאַר־לוירענע נעשאָמע.

באַנאַכט האט זיך צעווילדעוועט א שרעקלעכער שטורעם מיט א גאָס־רעגן און הילכיקע דונער־קנאַלן. טאָם האָט זיך איבערן קאָפּ איינגע־וויקלט אין דער קאָלדרע און האָט אין שוידער געוואַרט אַפן אומקומען: ער האָט אפילע ניט אָנגעהויבן צו צווייפלען, אז אָט־דער גאַנצער שטורעם־טאַראַראַם איז ניט איבער אים. ער איז געווען זיכער, אז מיט זיינע זינד האָט ער פון די קיילים אַרויסגעבראַכט די אויבערשטע קרעפטן — און אָט דאָס זיינען די רעזולטאטן. ווען עמעצן וואָלט איינגעפאַלן אַרויס־טרעטן מיט אן אַרטילערישער באַטאַריי קעגן אַ וואנץ, וואלט טאָם גע־ווים געהאַלטן, אַז ס'איז אומזיסט־אויסגעבראַכטע מי, נאָר ס'האט אים לאכלוטן ניט־מעשונדיק אויסגעזעעֶן דאס, וואס דער הימל האט אָנגעשיקט אַזאַ טייערקאָסטנדיקן געוויסער קעדיי צו פאַרטיליקן אַזאַ נישטיק באַשע־פעניש, ווי ער, טאָם.

ביסלעכווייס האָט זיך דער שטורעם איינגעשטילט און איז דורך, ניט אויספילנדיק זיין שליכעס. טאָם האָט טייקעף באשלאָסן ווערן אַ לייט, קעדיי באַדאַנקען דעם אויבערשטן, — טייקעף נאָך אָט־דעם באַשלוס האָט ער באַשלאָסן צוווארטן אביסל, ווייל — עפשער וועט שוין קיין געוויסערס מער ניט זיין.

אַפן צווייטן טאָג איז אויסגעקומען נאָכאמאָל רופן דאָקטוירים: די קריינק האָט זיך אומגעקערט. די דריי וואָכן, וואָס ער איז אָפּגעלעגן אף דער פּלייצע צו בעט, האָבן באַ אים אצינד אויסגעזעען, ווי א אייבי־קייט.

אַז ער איז סאָפּקאָלסאָף ארויסגעגאַן פון שטוב, האָט ער זיך אַפילע ניט געפרייט דערמיט, וואָס ער איז געבליבן לעבן, — ער האָט געדיינקט, ווי פוסט ס'איז אצינד אַלץ אַרום און ווי עלנט איז ער איצט. ער האָט, ניט ארומקוקנדיק זיך, געשפּאַנט איבער דער גאַס און האָט געטראָפן דזשאָ כאָליפן, פאָרשטעלנדיק מיט זיך א געריכט־פאָרזיצער, וואָס מישפּעט פאַר מערדעריי א קאַץ אין אָנוועזנהייט פונם קאָרבן גופע — דעם פאַרציקטן פייגעלע. אביסל וויטער זיינען אין א שטיל ערטל געזעסן דזשאָ גאַרפער און העקלבערי פין און האָבן געגעסן א צוגעגאַנוועטן קאוען. אומגליקלעכע קינדער! ס'איז אויך באַ זיי, ווי באַ טאָמען, פאָרגעקומען א רעצידיוו פון דער קריינק.

## קאַפּיטל XXIV.

ס'איז באַשטימט געוואָרן דער מישפּעט איבערן דאָקטערס מערדער. די פאַרשלאָפענע אטמאָספער פונם שטעטל איז סאָפּקאָלסאָף אופגעטרייסלט געוואָרן. אין שטעטל האט מען געהאלטן אין איין שמועסן וועגן דעם מישפּעט: ניט געוועזן וואוהין אהינצוטון זיך פון אָט־די שמועסן. באַ וועלכן ס'ניט איז רעמעז אפן מאָרד פלעג באַ טאָמען דאס בלוט אין די אָדערן גליווערן; דער אומריינער געוויסן און די אייגענע פּכאָדים האבן אים איינגערעדט, אז אזעלכע שמועסן פירט מען ניט גלאט־אַזוי, אז־דאס „באטאפט" מען אים. פון די שמועסן פלעג אים די גאַנצע צייט פיבערן. ער האט אוועקגעפירט העקן אין אַ שטיל ערטל, קעדיי אביסל שמועסן מיט אים און כאָטש אביסל לייכטער מאכן זיך אַפן הארצן דורך איינטיילן די לאסט פונם אומגליק אף צווייען. כוץ אלעמען, האט ער געוואָלט איבערצייגן זיך דערין, אז העק קאָן האַלטן ס'מויל.

— העק, דו האסט עמעצן אויסגעזאָגט?

— וועגן וואס?

— דו ווייסט אליין, וועגן וואס.

— פאַרשטייט זיך, אז ניין.

— קיין איין וואָרט ניט?

— קיין איין ווערטעלע ניט, זאל איך אָט־דאָ איינגעשלונגען ווערן! פאַרוואס פרעגסטו עס?

— גלאט אזוי, איך האב מוירע געהאט.

— נו, טאָם סאָיער, דאס וועט זיין א מיעסע מאיסע, אויב מירן ארויספלאפלען: מירן בלייבן אָן קעפּ. דו ווייסט דאך אליין וואויל.

טאָמען איז גרינגער געוואָרן אפן הארצן. ער האט אביסל געשוויגן, דערנאך האט ער א פרעג געגעבן:

— העק, דיך וואָלט דאך קיינער ניט געקאנט צווינגען אויסצוזאָגן?

— צווינגען מיך אויסצוזאגן? נו, ניין! סיידן ס'וועט זיך מיר פאַרגלוסטן, אז דערדאָזיקער טייוול, דער מעטיס, זאל מיך דערטרינקען, דעמאלט וועל איך זיך דערלויבן אויסזאגן, — ניט אנדערש.

— אם דאס איז וואויל. איך האלט, אז קאָלומאן מיר האלטן ס'מויל, וועט אונז קיינער ניט אָנרירן. און פונדעסטוועגן, לאמיר זיך ווידעראמאל שווערן, אז מירן שוויגן. אַזוי וועט זיכערער זיין.

— איך בין מאסקים.

און זיי האבן ווידעראמאָל געשוואוירן זיך מיט דער געהעריקער פייערלעכקייט.

— און וואס שמועסט מען, העק? אף וועמען טייט מען? איך האב זיך אַזויפיל אָנגעהערט, אַז איך הייב שוין ניט אָן צו פארשט״ין.

— וואס מע שמועסט? איינס און דאָסזעלבע: מעף פּאָטער, מעף פּאָטער, מעף פּאָטער. ס'הייבט מיך אָן צו טרייסלען, אַז איך הער עס, — כ'וואָלט אנטלאָפן און זיך אין אויסרייסעניש אויסגעבאהאלטן.

— אט־אט, מיט מיר איז אויך אזוי. און ער איז דאך א פארפאלע־נער מענטש! דו האסט ניט קיין ראכמאָנעס אף אים, העק?

— נו, יאָ, זייער אָפּט אפילע. ער איז א נישטיקער מענטש, אבער קיין שלעכטס טוט ער דאך קיינעם ניט. ער פלעג כאפּן פיש, קעדיי ס'זאל זיין פארוואס אויסצוטרינקען, און פלעג זיך מער פון אלץ ארומ־שלעפּן פוסטעפּאס... נו, גאָטעניו, אלע טוען מיר דאך אַזוי, אדער קי־מאָט אזוי. און ער איז פונדעסטוועגן א גוטער: איינמאל האט ער מיר אוועקגעשיינקט א האלבן פיש, וואס ער האט באַהאַלטן זיך אף מיטאָג, בעאייס דער האַלבער פיש האט קאם אַף איין מענטשן געקלעקט. און וויפל מאל האט ער זיך אָנגענומען פאַר מיר און מיך פון אומגליקן אַרויסגעראַטעוועט!

— און מיר פלעג ער צורעכטמאכן די קריקלעך אַף די וועגטקעס. ס'וואָלט זיך געגלוסט אַרויסראַטעווען אים פונדאָרטן.

— עך, אט האסטו אַ זאג געגעבן! ווי אַזוי וועלן מיר אים אַרויסראַ־טעווען? אויב מירן אים אַרויסלאזן, וועט מען אים ווידעראַמאָל פאַקן.

— י — יאָ, מ'וועט אים פאַקן. אבער איך קאן מאמעש ניט הערן, ווי מע שעלט אים פאַר אַ זאַך, וואס ער האט ניט געטון.

— איך אויך, טאָם. פאַרשטייסט, פלוצלינג נעמט מען ריידן, אַז ס'איז באַ אים אַ עכט־גאַזלאָנישע צורע, און מע כידעשט זיך, וואס מע האט אים שוין לאַנג ניט אופגעהאַנגען!

— יאָ, יאָ, אַזוי זאגט מען! איך האב אליין מיט מיינע אויערן גע־הערט, אז אויב מע וועט אים באפרייען, וועלן אונזערע באָכורים אַליין צערעכענען זיך מיט אים לויטן לינטש־געזעץ *).

די אינגלעך האבן נאך לאנג געשמועסט, נאר קיין גרויסע טרייסט האבן זיי אין אט־דעם שמועס ניט געקראָגן.

צווישן טאָג און נאַכט האבן זיי זיך ארומגעדרייט ארום דער קליי־נער פאַרוואָרפענער טורמע, — זיי האבן א טונקעלע האָפענונג געהאט, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכס וועט זיי מיטהעלפן אַרויס פון דער ביי־טערער לאַגע. אָבער ס'האָט גאָרניט ניט געטראָפן: זעט אויס, ניט די מאַלאָכים, נים די מאכשייפעס האָבן זיך ניט אינטערעסירט מיטן אומ־גליקלעכן אַרעסטאַנט.

---

*) לינטש־געזעץ — איז ניט קיין געשריבענער געזעץ. מיט דעמדאָזיקן נאָמען רופט מען אָן א „זעלבסטגעריכט", ד. ה. יענע פאַלן, ווען דאָס פאָלק אליין באַשטראָפט די, וואָס עס רעכנט פאַר שולדיק, נים אָנקומענדיק צו ריכטער און צום געזעץ.

די אינגלעך האָבן אויך איצט געטון בלויז דאָס, וואָס זיי פלעגן אָפּט פריער טון; זיי האָבן דורך דער גראַטע איבערגעגעבן פּאָטערן אַביסל טאַבּאַק און שוועבּעלעך. געזעסן איז פּאָטער אין אונטערשטן גאָרן, קיין וועכטער איז לעבן אים ניט געווען.

פּאָטערס דאַנקבּאַרקייט איז זייער גרויס געווען, און זי פלעג זייער באַ־אומרואיקן די אינגלעכס געוויסן. הייגטיקס מאָל האָט זי זיי נאָך מער געשטאָכן. זיי האָבן זיך דערפילט, ווי נידערטרעכטיקע פאַרעטער, ווען פּאָטער האָט צו זיי אַ זאָג געגעבן:

— וואוילע קינדערלעך זיינט איר, — איר האָט מער פון אַלעמען ראַכמאָנעס אַף מיר. און איך וועל עס ניט פאַרגעסן. איך רעד אָפּט צו זיך אליין: איך פלעג דאָך אַלע קינדער צורעכטמאַכן די לופט־באַלאָנען און פלעג זיי קאָלערליי קונצן וויזן, ווי אַזוי בעסער צו כאַפּן פיש, און נאָך אַסאַך, אַסאַך זאַכן — מיר פלעגן גוטע פריינט זיין; און אַצינד, אַז מיטן אַלטן פּאָטער האָט אַ אומגליק געטראָפן, האָבן אים אַלע, אַ כּוץ טאָמען און העקן, פאַרגעסן; אָט־די לייט, טראַכט איך מיר, וועלן מיך ניט פאַרגעסן, און איך וועל זיי אויך ניט פאַרגעסן. יאָ, קינדערלעך, איך האָב אָפּגעטון אַ שרעקלעכע זאַך: זעט אויס, דער בראָנפן האָט מיר אַזוי דעם קאָפּ פאַרדרייט — נאָר דערמיט קאָן איך עס זיך דערקלערן... און איצט וועט מען מיך דערפאַר אופהייגען — און ס'איז אַ מיצווע. ס'איז, מעגלעך, טאַקע בעסער פאַר מיר, — איך האָף, אַז ס'איז בעסער. נו, לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן. איך וויל אייך קיין יעסורים ניט אָנ־טון — איר זיינט זיך מיט מיר באַגאַנגען ווי גוטע פריינט. איך וויל אייך בלויז אָט־וואָס זאָגן: אויב איר ווילט ניט אַריינפאַלן זיך אהער, טרינקט ניט, קינדערלעך: אַז אַ מענטש איז שיקער, קאָן ער ניט געוועלטיקן איי־בער זיך. שטעלט זיך אַביסל אין אַ זייט אַריין, אָט אַזוי: אַז אַ מענטש געפינט זיך אין אַזאַ אומגליק, פרייט אים זייער דערזען אַ פריינטלעך פּאָנים. צו מיר אהער קומט קיינער ניט צו גיין, אכוץ אייך. וואוילע קינ־דערלעך־זיינט איר. קריכט אַרוף איינער דעם אַנדערן אַף דער פּלייצע, קעדיי איך זאָל קאָנען צורירן זיך צו אייך. אָט־אַזוי. נו, אַצינד גיט איי־ערע הענט — אייערע הענט וועלן דאָך דורכקריכן דורך דער גראַטע, און מיין האַנט איז צו גראָב. קליינינקע הענטעלעך באַ אייך און שוואכינקע, און דאָך האָבן זיי מיטגעהאָלפן מעף פּאָטערן און וואָלטן נאָך מער מיט־געהאָלפן, ווען זיי וואָלטן געקאָנט.

טאָם איז אינגאַנצן צעבראָכן אוועקגעגאַן אַהיים. די גאַנצע נאַכט האָבן זיך אים געכאָלעמט שרעקלעכע כאַלוימעס. אַפן צווייטן און אַפן דריטן טאָג האָט ער זיך פון אינדערפרי ביז אַפּדערנאַכט אַרומגעדרייט לעבן דעם געריכט, — ס'האָט אים געצויגן אַריינצוגיין אינעווייניק, נאָר

ער האט זיך געצוואונגען אָפּהאַלטן זיך דערפון. מיט העקן איז פונקט דאָסזעלבע געווען. זיי האָבן זיך געמיד אויספעלן איינער דעם אַנדערן. פון צייט צו צייט פלעגן זייביידע אַוועקגיין פון דער געריכט־געביידע, נאָר עפּעס א קישעפדיקע קראַפט פלעג זיי ציען צוריק. אַז עמעצער פלעג אַרויסגיין פון געריכט־זאַל און דערציילן ,וואָס דאָרט קומט פאָר, פלעג טאָם גיריק אופכאַפּן יעדער וואָרט; נאָר נייס פלעגן אָנקומען זייער ניט קיין פריילעכע: דער אומגליקלעכער פּאָטער האט זיך אַלץ מער און מער פאַרפּלאָנטעט. צום סאָף פון צווייטן טאָג זיינען אַלע אין שטעטל איבערצייגט געווען, אַז אינדזשען דזשאָס איידעס־זאָגן איז ניט אָפּגע־לייקנט און אַז מ'קאָן אַפילע ניט צווייפלען דערין, וואָס פאר א אורטייל וועלן אַרויסטראָגן די געשוואוירענע ריכטער.

טאָם האט זיך אין אָט־דער נאכט שפעט אומגעקערט אַהיים און איז, ווי דער שטייגער איז, אַריינגעקראָכן דורכן פענצטער. ער איז געווען שרעקלעך אופגערעגט. ס'זיינען דורך עטלעכע שאָ ביז ער איז אַנשלאָפן געוואָרן. אַפן צווייטן טאָג האט זיך די גאַנצע שטאָט געשטופּט לעבן דעם געריכט־זאַל, ווייל געווען איז עס דער גרויסער אורטייל־טאָג. דער זאַל איז אָנגעשטאָפּט געווען מיט מאַנסבלען און פרויען. סאָפּקאָלסאָף זיינען אַריינגעקומען די געשוואוירענע ריכטער און האבן זיך אַוועקגע־זעצט אף זייערע ערטער. פּאָטער איז שוין געזעסן אף דער באַשולדי־קונגס־באַנק, א בלייכער, אויסגעדאַרטער, צעמישטער, אין קייטן,— פון דער באַשולדיקונגס־באַנק האָט ער זיך אַלעמען געוואָרפן אין די אויגן. אַף א אָנגעזען אָרט איז געזעסן אויך אינדזשען דזשאָ,— ער איז געווען רואיק אַזוי ווי שטענדיק. ס'האָט ווידער געדויערט א פויזע, דערנאָך זיי־נען אַריינגעקומען די ריכטער, און דער שעריף האָט געמאָלדן, אַז די זיצונג איז אָפן. ס'האָבן גענומען שעפּטשען זיך די אַדוואָקאַטן; די סעקרעטאַרן האבן גענומען שורשען מיט די פּאַפּירן. ס'האט זיך פילן געלאָזט די אַטמאָספער פון נערוועזער, אָנגעשטריינגטער דערוואַרטונג. דעם ערשטן האט מען אַרויסגערופן דעם איידעס, וואס האָט געזען, ווי מעף פּאָטער האָט זיך געוואַשן אין דער ריטשקע אינם פרי פון יענעם טאָג, ווען מ'האט אַנטפּלעקט דעם מאָרד. דער איידעס האט דערציילט, ווי מעף פּאָטער האט, דערזעענדיק אים, גענומען אַנטלויפן. דער פּראָ־קוראָר האט געשטעלט דעם איידעס נאָך עטלעכע פראַגן און האט זיך דערנאָך געווענדעט צום פּאַרטיידיקער:

— איצט איז אייער ריי

דער באַשולדיקטער האט אופגעהויבן די אויגן אַפן פּאַרטיידיקער, נאָר האט זיי טייקעף אַראָפּגעלאָזט צוריק, ווען דער פּאַרטיידיקער האָט אַ זאָג געגעבן:

— איך האָב ניט וואָס צו פרעגן.

דער ווייטערדיקער איידעס האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט געפונען דאָס מעסער לעבן דעם געהאַרגעטן. אַפן פּראָקוראָרס פראַגע האט דער פאַרטיידיקער ווידער געענטפערט:

— איך האָב ניט קיין שום פראַגן.

דער דריטער איידעס האָט געשוואוירן, אז ער האט אָפּט געזעען דאָס געפונענע מעסער אין פּאָטערס הענט. און ווידעראַמאָל האט דער פארטיידיקער אָפּגעזאָגט זיך פון שטעלן פראַגן דעם איידעס.

אַף די פּענימער פון גאַנצן אוילעם האט זיך באוויזן אומצופרידנקייט. וואס איז עס פאַר א מין פאַרטיידיקער? וועט ער, געשיקט זיך, טאַקע ניט פּרואוון זיך אַרויסראַטעווען זיין קליענט?

עטלעכע איידעס האבן דערציילט, ווי אַזוי פּאָטער האט זיך, בעאייס מע האָט אים געבראַכט צום אָרט פון מאָרד, געהאַלטן ווי א שולדיקער. און אויך דידאָזיקע איידעס האט דער פאַרטיידיקער אָפּגעלאָזט אָן שום פראַגעס.

אַלע מאָרד־פּראָטים, וועלכע שאַטן דעם באַשולדיקטן, זיינען באשטעטיקט געוואָרן אונטער א שוואוע דורך לאַכלוטן־זיכערע איידעס; נאָר קיין איינעם פון דידאָזיקע איידעס האט פּאָטערס פאַרטיידיקער ניט אויסגעפרעגט. דעם אוילעמס פאַרכידעשטקייט און אומצופרידנקייט האט זיך אויסגעדריקט אין א ברויגעז־געמורמל,— דער פּאָרזיצער האט אַפילע גע־מוזט באַרואיקן דעם אוילעם. דער פּראָקוראָר האט זיך אופגעהויבן פון זיין אָרט.

— לאַכלוטן־זיכערע איידעס, וואס אַפילע יעדער פּאָשעט וואָרט זייערס קאָן מען ניט כוישעד זיין, האָבן אונטער א שוואוע פעסטגעשטעלט דעם פאַקט, אַז דעמדאָזיקן שרעקלעכן פאַרברעכן איז באַגאַן ניט קיין אַנדע־רער, נאָר דער אומגליקלעכער, וואָס זיצט אַף דער באַשולדיקונגס־באַנק. מער האב איך ניט וואָס צוצוגעבן.

דער אומגליקלעכער פּאָטער האט אָנגעהויבן קרעכצן, האט זיך פאַר־שטעלט דאָס פּאָנים מיט די הענט און האט זיך שטיל־שטיל געשאָקלט הין און צוריק. אין געריכט־זאַל האט געהערשט א שווערע שטילקייט. אַסאַך מאַנסבלען האט עס גערירט; די פרויען האבן געוויינט פון ראַכ־מאָנעס. דאן האט זיך אופגעהויבן דער פאַרטיידיקער.

— אין אָנהייב זיצונג האָב איך גערעכנט — ווי איך האב עס אָפּן דורכגעפירט, — דערוויזן, אז מיין קליענט איז באַגאַנגען דעם שרעקלעכן פאַרברעכן אין א אַפעקט־צושטאַנד, אין היץ פון שיקרעס. אָבער איצט האב איך מיין פּלאַן געענדערט און כ׳וועל זיך ווענדן ניט צו דער גוט־האַרציקייט פון די געשוואוירענע ריכטער.

ער האט זיך אויסגעקערעוועט צום עלטסטן וואַך־סאָלדאַט און האט א זאָג געגעבן:

— פירט אַריין טאָם סאָיערן.

אַלע פענימער, אויך פּאָטערס פּאָנים, האָבן געקוקט דערשטוינט. אַלעמענס בליקן זיינען נייגידריק צוגעשמידט געוואָרן צו טאָמען. דאָס אינגל איז אינגאַנצן צעטומלט געווען. ס׳איז אים א גרויסער פּאַכעד באַפאלן. מ׳האָט בא אים גענומען די שוואוע.

— טאָמאָס סאָיער, וואו זייט איר געווען דעם זיבעצנטן יוני, אַרום איינס אַזייגער באַנאַכט?

טאָם האט א קוק געגעבן אף אינדזשען דזשאָס פּאָנים, און זיין צונג איז ווי צוגעקלעפּט געוואָרן צום גומען. די צוהערער האבן דעם אָטעם פארטאַיעט, נאר דער איידעס האט געשוויגן. אָבער אין עטלעכע סעקונדעס אַרום האט טאָם פּאָרט גענומען זיך אין די הענט אַריין, און אלע האבן דערהערט זיין שטילן, שלאבעריקן ענטפער:

— אַפן צווינטער.

— זייט אַזוי גוט, רעדט אַביסל העכער. האט קיין מוירע ניט. הייסט עס, געווען זייט איר...

— אַפן צווינטער.

אַ פאראַכטונג־שמייכל איז דורך איבער אינדזשען דזשאָס פּאָנים.

— האט איר זיך עפּשער געפונען ניט־ווייט פון האָרס וויליאַמס קייווער?

— יאָ, סער.

— זייט אַזוי גוט, רעדט העכער. ווי נאָענט צום קייווער האט איר זיך געפונען?

— א שפּאַן צוויי די ווייט, ווי איר פון מיר די ווייט.

— האט איר זיך באַהאלטן צי זיינט איר געשטאַנען אַזוי, אז מע האט אייך געזען?

— איך האָב זיך באהאַלטן.

— וואו?

— הינטער די ביימער, וואָס באם עק קייווער.

אינדזשען דזשאָ האט א שטילן פלאַטער געטון.

— מיט אייך איז נאָך עמעצער געווען?

— יאָ, סער, איך בין געגאַן אהין מיט...

— שטייט, וואַרט־צו אַביסל. ס׳איז ניט נייטיק איר זאָלט אָנרופן אַצינד אייער מיטגייער. מירן אויך אים שפּעטער אויספרעגן. האָט איר עפּעס מיט זיך מיטגעבראַכט אַפן צווינטער?

טאָם האט זיך געקווייקלט. ער האט זיך, זעט אויס, געשעמט.

— זאָגט, האט קיין מוירע ניט,— מיטן עמעס דאַרף מען זיך ניט שעמען. איז וואָס האָט איר אַהין געבראַכט מיט זיך?

— בלויז א... בלויז א טויטע קאַץ.

דער גאַנצער זאַל האט זיך צעלאַכט. דער פּרעזיצער האט א קלונג געטון מיט גלעקל.

— מירן דאָ באַלד ברייגגען אַלס באַווייז דעם סקעלעט פון אָט־דער קאַץ. און אַצינד, מיין פריינט, דערציילט אונז אלץ, וואס איר האט געזעען, אַלץ, ווי אזוי ס'איז געשעען, פארטאַיעט גאָרניט ניט, האט קיין מוירע ניט.

טאָם האט אָנגעהויבן, טכילעס ניט־אַנטשלאָסן, דערנאך האט עס אים ביסלעכווייס פארכאַפּט; זיינע רייד האבן געגומען פליסן לעבעדיקער און גלאַטער; אינגיכן האט זיך אין געריכט־זאַל בלויז זיין קאָל הערן גע־לאָזט; דער אוילעם האט מיט צעעפנטע מיילער, פאַרטאַיענדיק דעם אָטעם, געשלונגען יעדער וואָרט זיינס,— דער אוילעם האט אַפילע ניט באַמערקט, ווי די צייט גייט, אַזוי האט אַלעמען פארכאַפּט און אופגערו־דערט טאָמס דערציילן. אַלעמענס אופגערעגטקייט איז גאָר אויסגעוואקסן, ווען טאָם איז צוגעקומען צו דער מאָרד־סצענע: „און אז דער דאָקטער האט אַ זעץ געגעבן מעף פּאָטערן מיט דער ברעט איבערן קאָפּ און מעף האט זיך איבערגעקערט, האט זיך אינדזשען דזשאָ א לאָז געטון אַפן דאָקטער מיטן מעסער און...”

טראַך! בליצשנעל האט זיך דער מעטיס א וואָרף געטון צום פענ־צטער, האט פאנאַנדערגעשטופּט די מענטשן, וואס האבן אים געוואָלט פארהאַלטן, און איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

## קאַפּיטל XXV.

טאָם איז ווידער געוואָרן א באַרימטער העלד,— די דערוואקסענע האָבן אים געפעסטעט, די יונגע האָבן אים מעקאַנע געווען. זיין נאָמען איז אַפילע פאַראייביקט געוואָרן: דער נאָמען טאָם סאָיער איז אָפּגעדרוקט געווען אין די צייטונגען; די היגע צייטונג האט אים גערימט. געווען שוין אין שטעטל לייט, וואָס האבן געהאַלטן, אַז טאָם וועט אומבאַדינגט זיין א פּרעזידענט, אויב מע וועט אים נאר פריער ניט אופהייגגען.

די קאַפּריזע וועלט האט אין אירע אָרעמס אַריינגענומען מעף פּאָטערן און האט אים איצט פונקט אַזוי מילד געצערטלט, ווי פריער האט זי אים מיעס געזידלט און געשאָלטן. נאָר אזוי איז זי דאָך איינגעאָרדנט, די וועלט: לאָמיר זי דעריבער ניט מוסערן.

באַטאָג פלעג טאָמען ארומרינגלען רום און סימכע, אָבער באַנאַכט פלעג אים פיַיניקן דולער פאַכעד. ס'פלעג זיך אים שטענדיק כאָלעמען אינדזשען דזשאָ מיט נעקאָמע אין בליק. ווי נאָר ס'פלעג טונקל ווערן,

פלעג קיין שום זאַך אין דער וועלט ניט קאָנען ארויסשלעפּן טאָמען פון שטוב. דער אומגליקלעכער העק האָט זיך אויך געפינען אין אַזא ביטער־רער לאַגע, ווייל טאָם האט אַפּדערנאַכט ערעוו דעם לעצטן געריכט־טאָג דערציילט די גאַנצע מאַיסע דעם אַדוואָקאט, און העק האט שרעקלעך מוירע געהאַט, אז זיין שאַיכעס צו אָט־דעם איניען וועט אַנטפּלעקט ווערן, כאָטש דעם מעטיס פּלייטע האט אים, העקן, אַפּילע באפרייט פון דער פּיין איידעס צו זאָגן בעאייסן געריכט. עמעס, דער אַדוואָקאַט האט צו־געזאָגט שווייגן, אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון? נאָך דעם, ווי דער געוויסן האט טאָמען פאַריאָגט באנאַכט צום אַדוואָקאטס הויז און האט טאָמען געצוואונגען אַלץ דערציילן, כאָטש ער האט, טאָם, אזא שרעקלעכע שוואוע געגעבן, נאך אָט־דעם אַלעמען האט העק אָנגעוואוירן דעם צו־טרוי צו דער גאנצער מענטשהייט בּיכלאַל. באטאָג, הערנדיק ווי פּאָטער דאַנקט אים און דאַנקט אים, איז טאָם זייער צופרידן געווען דערמיט, וואס ער האט אויסגעזאָגט דעם סאָד; באנאַכט אָבער פלעג ער כאַראָטע האָבן, וואָס ער האט זיך ניט איינגעהאַלטן. ער האט מוירע געהאט, אז אינדזשען דזשאָען וועט מען קיינמאָל ניט פּאַקן, האָט מוירע געהאט, אַז מ׳וועט אים יאָ פּאַקן. ער איז זיכער געווען, טאָם, אז ער וועט פריי אָפּעטעמען בלויז דעמאָלט, ווען ער וועט מיט זיינע אייגענע אויגן זען אָט־דעם מענטשן א טויטן.

מ׳האָט אַרומגעגנישטערט די גאַנצע סוויווע, מ׳האט פּאָרגעלייגט א באַלוינונג פאַר פּאַקן דעם מעטיס, נאָר מ׳האט גאָרניט ניט געפונען. פון סען־לואי האט מען אויסגעשריבן א בארימטן דעטעקטיוו. דער דעטעק־טיוו האט אויך א נישטער געטון, האט א שמעק געטון, האט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ און האט דערגרייכט פונקט אזא דערפאָלג, ווי די גע־וויינלעכע קאָלעגן זיינע, ד. ה. ער האט, מאַכנדיק א קלוגיטשקן פּאָנים, געמאָלדן, אז ער האט „געפּאַקט א שפור". אָבער „א שפור" קאָן מען דאָך ניט אופהיינגען פאר א מאָרד, — דעריבער האט טאָם נאָכן דעטעק־טיווס אָפּפאָר ווי פריער געפילט זיך ניט־זיכער.

די טעג האָבן זיך געצויגן פּאַמעלעך, נאר דאָך איז די צייט געגאַן, און מיט יעדן טאָג איז די שרעק־לאַסט, וואָס האט טאָמען געדריקט, אַלץ לייכטער און לייכטער געוואָרן.

## קאַפּיטל XXVI.

אינם לעבן פון יעדער אינגל, וואס אַנטוויקלט זיך נאָרמאַל, קומט אָן א צייט, ווען דאָס אינגל באַקומט גרויס כיישעק גראָבן די ערד, קעדיי געפינען אויצרעס, וואס זיינען אין איר באַהאַלטן. אָט דער כיישעק האט אויך טאָמען אין איין שיינעם טאָג באַהערשט. ער האט זיך, טאָם, גע־

לאָזט זוכן דזשאָ גאַרפּערן, נאָר ער האָט אים ניט געפונען. דערנאָך האָט ער געפּאַקט בען ראָדזשערסן, נאָר בען איז גראָד פּאַרטון געווען אין כאַפּן פיש. ענדלעך, האָט טאָם אָנגעטראָפן אַפן העק פינען. העק—אָט איז דער פּאַסיקסטער כאַווער. טאָם האָט אים אַוועקגעפירט אין אַזאַ אָרט, וואו קיינער האָט זיך ניט געקאָנט אונטערהערן, און דאָרט האָט ער אים אַלעס דערציילט. העק איז שטענדיק מאַסקים געווען. העק האָט מאַסקים געווען אָנטייל צו נעמען אין וועלכער ס׳זאָל ניט זיין אונטערנעמונג, וואָס זאָגט צו פאַרווײַלונג און פאָדערט ניט קיין געלט־הויצאָעס: צייט האָט ער, העק, פאַרמאָגט אַזויפיל, אַז ער האָט אַפילע ניט געוואוסט וואוהין אַהינצוטון זי.

— איז וואו וועלן מיר גראָבן?

— אָ, אומעטום, אין פאַרשיידענע ערטער.

— די אויצרעס זיינען דען אומעטום באַהאַלטן?

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין, העק. מע פאַרגראָבט זיי אין באַזונדערע ערטער אָזעלכע — אַף אינזלען, אָדער אין צעגעסענע קעסטלעך, ערגעץ אונטער אַ לאַנג שוין צעפוילטן בוים, פונקט אַף דעם אָרט, וואו ס׳פאַלט דער שאָטן אין מיט נאַכט; נאָר גיכער פון אַלעמען פאַרגראָבט מען זיי אונטערן דיל אין הייזער, וואו ס׳וואוינען געשפּענסטער.

— ווער פאַרגראָבט זיי דען?

— פאַרשטייט זיך, אַז גאַזלאָנים. און דו האָסט געמיינט, ווער — שול־אופזעער, צי וואָס?

— כ׳ווייס ניט. ווען ס׳זאָל זיין מיין אויצער, וואָלט איך אים ניט פאַרגראָבן אין דר׳ערד,— איך וואָלט אויסגעגעבן דאָס געלט און וואָלט זיך פאַרגעניגן אָנגעטון.

— איך אויך. אָבער גאַזלאָנים טוען ניט אַזוי; זיי פאַרגראָבן שטענדיק זייער געלט אין דר׳ערד און לאָזן עס דאָרט איבער.

— און דערנאָך קערן זיי זיך ניט אום נעמען עס?

— ניין, זיי רעכענען אומקערן זיך, אָבער דערנאָך פאַרגעסן זיי, געוויינלעך, די צייכנס, אָדער זיי שטאַרבן איידער זיי נעמען אַרויס דעם אויצער. איז אָט ליגט זיך דער אויצער און זשאַווערט; און דערנאָך געפינט עמעצער אַן אַלטן געלן פאַרמעט, וואָס ווייזט אָן לויט וועלכע צייכנס מע דאַרף זוכן; און דעם פאַרמעט דאַרף מען נאָך אויך לייענען אַ גאַנצע וואָך, אויב ניט מער, ווייל אַף אים שטייען בלויז צייכנס און הירעאָגליפעלעך *)...

---

*) הירעאָגליפן — די שריפט-צייכנס פון די אוראַלטע עגיפּטער. דידאָזיקע שריפט-צייכנס זיינען זייער פאַרפּלאָנטעט און אומפאַרשטענדלעך.

— הירַאָ... ווי אַזוי האָסטו געזאָגט, טאַם?

— היראָגליפעלעך, פאַרשטייסט? געמעלן אזעלכע, און נאָך קונצן אַזעלכע; ווער קאָן עס דערגיין, וואס זיי באַטייטן?

— און בא דיר געפינט זיך אזא פאַרמעט, טאַם?

— ניין.

— איז ווי אַזוי־זשע וועסטו זיך דערוויסן די צייכנס?

— איך באַדאַרף ניט האָבן קיין צייכנס. די אויצרעס ווערן שטענדיק פארגראָבן אונטער א שטוב, אין וועלכער ס'וואוינען געשפענסטער, אָדער אף א אינזל, אָדער אונטער א פאַרטרוקנטן בוים. מיר האבן דאָך שוין געפרוואווט זיך גראָבן אפן דזשעקסאָן־אינזל, וועלן מיר נאָכאַמאָל א פרואוו טון; אף יענער זייט רימשקע איז דאָ א אַלט הויז, אין וועלכן ס'וואוי־נען געשפענסטער, און דאָרט טאַקע ניט־ווייט געפינט זיך א בינטל אויס־געטרוקנטעביימער.

— און אונטער אַלע ביימער געפינען זיך אויצרעס?

— וואָס רעדסטו! פאַרשטייט זיך, אז ניין.

— איז ווי אַזוי וועסטו דערוויסן זיך, אונטער וועלכן בוים מע דארף גראָבן?

— מירן גראָבן אונטער אַלע ביימער.

— נו, טאָם, אויב אזוי, וועלן מיר דאָך דאַרפן זוכן דעם גאַנצן זומער.

— איז וואָס־זשע? דערפאַר אָבער שטעל זיך פאָר, אז מיר וועלן געפינען א קופערנעם טאָפּ און אין אים א מייע דאָלערס, און א צעעסן קעסטל, וואס איז אָנגעפולט מיט ברילִיאַנטן. וואָס וועסטו דעמאָלט זאָגן?

בא העקן האָבן זיך די אויגן צעפלאַקערט.

— אָט וואָלט עס גוט געווען! פאר מיר וואָלט עס אַפילע צו־גוט געווען. דו זאָלסט מיר דעמאָלט געבן די מייע דאָלערס, און די ברי־ליאַנטן זאָלסטו זיך נעמען,— איך דארף זיי ניט האָבן.

— אויסגעצייכנט! איך וועל־די ברילִיאַנטן ניט אַוועקוואַרפן, מעגסט זיכער זיין. אַ טייל פון זיי זיינען דערווערט צו צוואַנציק דאָלערס א שטיק, און ס'איז ניטאָ קיין איין בריליאַנט, וואס זאָל ניט דערווערט זיין קיין איין דאָלער.

— נו, עמעס?

— פאַרשטייט זיך; דאָס וועט דיר יעדערער זאָגן. דו האָסט דען קיינמאָל ניט געזעען קיין ברילִיאַנטן, העק?

— ווערליק איך געדיינק, ניין. דאָך, וואו־זשע וועלן מיר גראָבן?

— כ'ווייס אַליין ניט. סיידן אָנהייבן פון יענעם אַלטן בוים, וואס אַף יענער זייט ריטשקע.

— געמאַכט.

זיי האבן געקראָגן אַ געבויגן לאָפּעטקעלע און א גראָבאייזן און האבן אַוועקגעמאַרשירט; ביזן נייטיקן אָרט איז געווען א דריי מייל גאַנג. געקומען זיינען זיי פלאַם־רויטע, שווער־אָטעמענדיק און האבן זיך אַוועקגעלייגט אין שאָטן פון דעם נאָענטסטן בוים אָפּרוען און רויכערן.

— ס׳געפעלט מיר, — האט געזאָגט טאָם.

— מיר אויך.

— הער נאר, העק, אויב מירן דאָ געפינען דעם אויצער, איז וואָס, ווערסטו טון מיט דיין העלפט?

— איך? איך וועל יעדן טאָג עסן קנישעס און טרינקען סאָדע־וואַ־סער, און אַז ס׳וועט קומען צו פאָרן א צירק, וועל איך יעדן טאָג גיין אין צירק אריין. איך וועל שוין וויסן, ווי אַזוי פריילעך א לעב טון!

— געשיקט זיך, אז דו ווערסט גאָרניט אָפּלייגן אַף שפּעטער?

— אָפּלייגן? צוליב וואָס?

— וואָס הייסט צוליב וואָס? קעדיי ס׳זאָל שפּעטער זיין מיט וואָס צו לעבן.

— אָ, דאס איז איבעריק. אויב איך וועל ניט אַיילן זיך אויסגעבן דאָס געלט, וועט אין איינעם א שיינעם טאָג אומקערן זיך דער טאַטע און וועט זיי צולאַקכענען. ער וועט אלץ צולאַקכענען, זיי רואיק, קיין קאָפּיקע וועט ער ניט איבערלאָזן. און דו, וואס ווערסטו טון מיט דיין כיילעק, טאָם?

— איך וועל זיך קויפן א נייעם פויק און א גוטע סאַבל, א רויטן האַלזטוך און א בולדאָג און וועל כאַסענע האָבן...

— ווערסט כאַסענע האָבן?

— נו, יאָ.

— טאָם, דו... דו ביסט פון זינען אַראָפּ!

— וואַרט־צו, אָט ווערסטו זען.

— ס׳איז דאָך א אומזין, טאָם! קיין נאַרישערס האָסטו ניט געקאנט צוטראַכטן. אָט נעם, אשטייגער, מיין טאַטע און מאַמע: זיי האבן זיך דאָך געשלאָגן פון אינדערפרי ביז שפּעט באנאַכט. איך געדיינק עס זייער גוט.

— דאָס באַטייט גאָרניט ניט: די, וואָס כ׳וועל פאר איר כאַסענע האָבן, וועט זיך ניט שלאָגן.

— און איך האַלט, אַז זיי זיינען אַלע אַלציינע. יעדער ווייבל איז בעקויעך אופצופרעסן איר מאַן. ניין, טאָם, דו באטראַכט זיך ווי ס׳דאַרף צו זיין, איך מיין עס אינדערעמעסן — באטראַכט זיך. ווי רופט מען זי, די באָכערטע?

— זי איז ניט קיין באָכערטע, זי איז א מיידעלע.

— נו, דאס איז אַלציינס. אַז מע וויל — זאָגט מען באָכערטע, אַז מען וויל — זאָגט מען מיידעלע. באַם נאָמען ווי רופט מען זי?

— איך וועל דיר אַמאָל זאָגן עס, ניט אַצינד.

— גוט, ווי אַזוי דיר גלוסט זיך. אָבער אויב דו וועסט כאַסענע האָבן, וועל איך נאָך עלנטער זיין ווי ביז אַהער.

— ניין, העק, דו וועסט לעבן מיט אונז צוזאַמען. נו, גענוג צו וואַלגערן זיך, — לאָמיר גראָבן.

זיי האָבן אָפּגעגראָבן אַנערעך א האַלבע שאָ, זיינען אַזש דערשוויצט געוואָרן, נאָר האבן גאָרניט ניט געפונען; זיי האָבן אָפּגעאַרבעט נאָך א האַלבע שאָ און ווידער אָן שום דערפאָלג. ענדלעך, האט העק אַ זאָג געגעבן:

— געשיקט זיך, אַז די אויצרעס זאָל מען פארגראָבן אַזוי טיף?

— אַמאָל מאַכט זיך, אַז יאָ, אָבער ניט שטענדיק און ניט אַלע אויצרעס. מיר גראָבן, זעט אויס, ניט דאָרט וואו מע דאַרף גראָבן.

זיי האָבן אויסגעקליבן אַן אַנדער אָרט און האבן ווידער גענומען גראָבן. אַצינד איז די אַרבעט געגאַן ניט אַזוי שנעל, נאר דאָך פאָרויס האט זי זיך גערוקט. א שטיקל צייט האבן ביידע גאָר געשמאַק געאַר־בעט. דערנאך האט העק אופגעהערט צו גראָבן, האט זיך אָנגעשפאַרט אַפן גראָבאייזן, האט אָפּגעווישט מיטן אַרבל די היפשע שוויס־טראָפּן פונם שטערן און א זאָג געגעבן:

— וואו וועלן מיר גראָבן, אז מירן ענדיקן אָט־דאָ?

— איך האַלט, אז מע דאַרף אַ פּרואוו־טון אונטערן אַלטן בוים, וואס הינטער דער אַלמאָנעס הויז.

— איך האַלט אויך, אז ס'איז א פּאַסיק אָרט. אָבער ווי רעכנסטו, טאָם, די אַלמאָנע וועט בא אונז ניט צונעמען דעם אויצער? ס'איז דאָך איר ערד.

— צונעמען בא אונז דעם אויצער! אַנו, זאָל זי א פּרואוו טון! ניין, א אויצער, ווער ס'האט אים געפונען, דעם געהערט ער. אף וועמענס ערד מ'האט געפונען דעם אויצער — דאס איז אַלציינס.

דאס האָט העקן געטרייסט. זיי האבן ווייטער געגראָבן, נאר דערנאָך האט העק א זאָג געגעבן:

— ניין, מיר גראָבן, זעט אויס, ווידעראַמאָל ניט אפן געהעריקן אָרט. ווי רעכנסטו?

— ס'איז מאָדנע, העק, שרעקלעך־מאָדנע, — איך פאַרשטיי ניט. עפּ־שער שטערן אונז די מאַכשייפעס. אַמאָל טרעפט אַזוינס.

— נו, וואָס רעדסטו! מאַכשייפעס קאָנען באטאָג גאָרניט ניט אופ־טון; באטאָג האָבן זיי קיין שום שליטע ניט.

— דאָס איז ריכטיק, איך האָב דערפון קיין טראַכט ניט געגעבן. אָ, אַצינד פארשטיי איך, אין וואָס איז די מאַיסע. אָט זיינען מיר עס טיפּ־שים! מע דאַרף דאָך פריער געפינען דאס אָרט, אף וועלכן ס'פאַלט אינ־מיטן נאַכט דער שאָטן פון דער צווייג, און דאָרט ־גראָבן.

— אַך, דו, ווייסט דיך א גוטער יאָר! האבן מיר די גאַנצע צייט אומזיסט־אומנישט געאַרבעט. און אַצינד וועט נאך אויסקומען נאָכאַמאָל קומען אַהער באנאַכט. ס'איז גוואַלדיק־ווייט... דו וועסט קאנען אַרויס־גאַנווענען זיך פון שטוב?

— כ'וועל שוין זען אַרויסגאַנווענען זיך. טון דאַרף מען עס אומ־באַדינגט היינט באנאַכט, אַניט וועט עמעצער דערזעען די גריבער, וועט ער זיך טייקעף אָנשטויסן, וואס ס'טוט זיך דאָ, און וועט אַרויסגראָבן דעם אויצער.

— גוט. כ'וועל ווידעראַמאָל קומען צו דיר אונטערן פענצטער און וועל א מיאַוקע טון.

— געמאַכט! לאָמיר באהאַלטן די אינסטרומענטן צווישן די קוסטן.

באנאַכט, ארום צוועלף אַזייגער, זיינען די אינגלעך געקומען צום זעלבן אָרט, האבן זיך אוועקגעזעצט אין שאָטן און גענומען וואַרטן. דאס אָרט איז געווען א וויסטס, די שאָ איז א טיפע נאַכט־שאָ געווען, די שאָ פון געשפענסטער, וועלכע איז דורך דער לעגענדן־מעסוירע געהייליקט. די גייסטער האבן זיך געשעפּטשעט אין די רוישנדיקע בלעטער; אין די פינצטערע ווינקלען האבן זיך אויסבאהאַלטן נאַכט־רוכעס. פונדערווייטנס האט זיך הערן געלאָזט א הינטישער געביל, אַ סאָווע האט זיך אפּן גע־ביל אָנגערופן מיט א גרויזאַמען געשריי. די פייערלעכקייט פון אַרום האט געדריקט די אינגלעך און זיי האָבן ווייניק געשמועסט. ענדלעך, האבן זיי באַשלאָסן, אז די מיטנאַכט איז שוין אָנגעקומען, האבן באַמערקט וואוהין ס'פאַלט דער שאָטן און האָבן דאָרט אָנגעהויבן גראָבן. די האָפע־נונג האט זיי באַגייסטערט, געמונטערט; זיי האבן געאַרבעט מיט גרויס אינטערעס און מיט גרויס פלייס. דער גרוב איז געוואָרן אלץ טיפער. אַז דער גראָבאייזן פלעג זיך א קלאַפּ געבן אין עפּעס, פלעג בא זיי דאס האַרץ פארשטאַרט ווערן; אָבער אַלעמאָל זיינען זיי אנטוישט געבליבן. ס'פלעג זיך אַרויסווייזן, אז דער גראָבאייזן האט אַ קלאַפּ געטון אין א וואָרצל אָדער אין אַ שטיין. סאָפקאָלסאָף, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— ס'איז אומנוצלעך ווייטער צו גראָבן, העק,— מיר גראָבן ווידער ניט אפּן געהעריקן אָרט.

— וואָס הייסט, ניט אַפּן געהעריקן? מיר האבן ניט געקאנט קיין טאָעס האבן. מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן פונקט דאָרט, וואוהין ס'איז גע־פאַלן דער שאָטן.

— איך ווייס, נאר ניט דאס איז וויכטיק.
— וואס דען?
— דאָס, וואס מיר האבן קיין זייגער ניט בא זיך און מיר האבן ניט פינקטלעך פעסטגעשטעלט די צייט. עפשער איז דעמאָלט געווען צו פרי אָדער צו שפעט.
באַ העקן האט זיך אַרויסגעגליטשט דער גראָבאייזן.
— דאס איז ריכטיק... אָט־דאס טאַקע איז די מאַיסע. נו, וועלן מיר, הייסט עס, דארפן וואַרפן דעמדאָזיקן איניען. מיר קאָנען דאָך סײַוויסײַ ניט פעסטשטעלן פינקטלעך די צייט. און, כוצדעם, איז עס דאָך זייער שרעקלעך, בעאייס אַרום ווימלען מאַכשייפעס און רוכעס. מיר דאכט זיך די גאַנצע צייט, אז עמעצער שטייט באַ מיר הינטער דער פּלייצע, און איך האב מוירע אומקוקן זיך, ווייל עפשער שטייט א צווייטער רוך פונפאָרנט און וואַרט נאָר איך זאָל זיך פאַרקוקן. מיך פיבערט דאָ די גאנצע צייט.
— מיך שוידערט אויך, העק, פונקט דאסזעלבע קומט אויך מיט מיר פּאָר. מע זאָגט, אַז בעאייס מע פאַרגראָבט אונטער א בוים אן אויצער, איז לייגט מען אים, דעם אויצער, לעבן א מעס, קעדיי דער מעס זאָל אַכטונג געבן אף אים.
— גאָטעניו! דערבאַרעמדיקער!
— נו, יאָ, מע לייגט א מעס,— איך האב אַסאַך מאָל געהערט.
— ניין, ווייסט, טאָם, כ׳האָב קיין כיישעק ניט דרייען זיך לעבן מייסים. זיי קאָנען שטענדיק פאַרשלעפן דיך אין א צאָרע אַריין.
— מיר גלוסט זיך אויך ניט אופוועקן זיי, העק. טאָמער רוקט דער, וואס ליגט לעבן הויז, פּלוצלינג אַרויס דעם שאַרבן און הייבט אָן ריידן צו אונז.
— הער אוף, טאָם, ווער אַנשוויגן! אָט פּכאָדים!
— עמעס, העק, ס׳באַפאלט מיך אזא מוירע!...
— הער נאר, טאָם, לאָמיר בעסער פאַרנעמען זיך פונדאַנען געזונ־טערהייט. לאָמיר זיך פּרוּוון אין אן אַנדער אָרט.
— גוט, קום! ס׳וועט עפשער טאַקע בעסער זיין.
— וואוהין־זשע וועלן מיר גיין?
טאָם האט א רעגע א טראַכט געטון און האט א זאָג געגעבן:
— אָט אין יענעם הויז, אין וועלכן ס׳וואוינען די געשפענסטער.
— ווייסט עס א גוטער יאָר! כ׳האָב ניט ליב אָט־די שיידים, טאָם, דאָס איז נאָך ערגער פון מייסים. די מייסים, אויב זיי ריידן עפשער אַפילע, אָבער זיי דרייען זיך ניט אַרום דיר אין טאַכריכים און קוקן דיר ניט אַריין פּלוצלינג אין פּאָנים אַריין, קריצנדיק מיט די ציין, ווי ס׳טוען

עס די`געשפּענסטער. איך וואָלט עס ניט אויסגעהאַלטן, טאַם. און קיין שום מענטש וואָלט עס ניט אויסגעהאַלטן!

— יאָ, אָבער די געשפּענסטער שפּאַצירן דאָך נאָר באַנאַכט; באַטאָג וועלן זיי אונז ניט שטערן גראָבן.

— עמעס טאַקע, אָבער פונדעסטוועגן מיידן די מענטשן אויך באַטאָג אויס אַריינצוקומען אין אַזעלכע הייזער.

— דאָס איז ס׳ראָוו דערפאַר, וואס מענטשן האָבן ביכלאַל ניט ליב צוקומען צו אַן אָרט, וואו מ׳האָט עמעצן געהאַרגעט. אָבער לעבן אָט־דעם הויז האט מען דאָך אַפילע באנאַכט גאָרניט ניט געזעען: בלויז א בלויע שיין אין פענצטערל און ניט קיין עמעסן געשפּענסט.

— נו, טאָם, אויב דו זעסט ערגעץ א בלוי פייערל, מעגסטו גיין געוועט, אז א געשפּענסט געפינט זיך דאָרט ערגעץ ניט־וויט. דו באַטראַכט נאָר אליין: דו ווייסט דאָך אַליין, אז אכוץ די געשפּענסטער צינדט קיינער ניט אָן קיין בלויע פייערן.

— דאס איז עמעס, אָבער באטאָג גייען זיי דאָך ניט ארום, איז פאַר־וואָס דארף מען מוירע האָבן פאַר זיי?

— נו, געמאַכט. אויב דיר גלוסט זיך אַזוי, וועלן מיר גיין אַהין א גראָב טון. אָבער, פונדעסטוועגן, א ריזיקע איז עס א גרויסע.

די אינגלעך האבן אַראָפּגענידערט פון בערגל. אונטן, אינמיטן פונם טאָל, וואס איז באַשיינט דורך דער לעוואָנע, איז איינזאַם גע־שטאַנען דאָס פאַרקישעפט הויז; דער פאַרקן אַרום דעם הויז איז פונ־לאַנג איינגעוואַלגערט געווען; דער גאַניק איז פארוואקסן געווען מיט מיסט־גראָזן; דער קוימען איז איינגעפאַלן; די פענצטער זיינען געשטאַ־נען אָן שויבן; איין ווינקל פון דאַך האט זיך אויך איינגעוואַלגערט אי־נעווייניק אַריין. די אינגלעך האבן לאַנג געקוקט, וואַרטנדיק, אז אָט־אָט וועט אין פענצטער א פינקל טון א בלוי פייערל; דערנאָך האבן זיי, שטיל־שטיל רײדנדיק צווישן זיך, שטיל־שטיל, ווי ס׳האבן געפאָדערט די צייט און די אומשטענדן,— פאַרקערעוועט אף רעכטס, אָנלייגנדיק אַסאַך וועג, קעדיי ניט פאַרבייגיין לעבן דעם שרעקלעכן הויז, און האבן זיך אומגעקערט אַהיים דורכן וואַלד, וואס איז געוואקסן אַפן אַקעגנדיקן שיפּוע פון בערגל.

## קאַפּיטל XXVII.

אַפן צווייטן טאָג, ארום מיטאָג־צייט, זיינען די אינגלעך ווידעראַמאָל צוגעקומען צום טרוקענעם בוים נאָך זייערע אינסטרומענטן. טאָמען האט זיך געגלוסט וואס גיכער אַריין אין געשפּענסטער־הויז, נאר העק האָט זיך גאָרניט געאיילט.

— הער נאָר, טאָם, — האט ער אָנגעהויבן, — דו ווייסט וואָס פאר א טאָג ס'איז היינט?

טאָם האט פאר זיך איבערגעציילט די טעג פון דער וואָך און האט פאַרבידעשט גיך א קוק געטון אפן כאַווער.

— גאָטעניו, און איך האָב גאר פאַרגעסן!

— איך האב אויך קיין טראַכט ניט געטון דערפון און ערשט אַצינד דערמאנט זיך, אז היינט איז בא אונז פרייטיק.

— אך, ווייסט עס א גוטער יאָר! אָט ווי מע דארף זיין פאָרזיכטיק... מיר וואָלטן געקאָנט אַריינפּאַקן זיך אין אַ שרעקלעכער צאָרע, ווען מיר וואָלטן אָפּגעטון אזאַ אַרבעט אום פרייטיק.

— מיר וואָלטן געקאָנט! דו זאָג בעסער — מיר וואָלטן באַשטימט אַריינגעפּאַקט זיך. פאַראן, פאַרשטייט זיך, גליקלעכע טעג, אָבער געוויס ניט פרייטיק.

— דאָס ווייסט וואויל יעדער טיפּעש. ניט דו האָסט עס דער ערשטער אַנטדעקט, העק.

— איך זאָג דען, אז איך בין דער ערשטער? און, כוצדעם, ניט נאָר וועגן פרייטיק האַנדלט זיך עס דאָ. מיר האָט זיך היינט באַנאַכט געכאָלעמט א שלעכטער כאָלעם: מיר האבן זיך געכאָלעמט שטשורעס.

— נו? דאָס איז זייער א שלעכטער כאָלעם. שטשורעס — דאס א סימען פון אלדאָס בייז. איז וואָס־זשע, זיי האָבן צווישן זיך געשלאָגן זיך?

— ניין.

— נו, איז כאָטש דאָס צו גוטן. אויב די שטשורעס שלאָגן זיך ניט צווישן זיך, הייסט עס נאָר, אַז די צאָרע איז ערגעץ ניט־וויט. מע דארף נאָר אַכטונג געבן שטאַרק מע זאָל זיך ניט אַריינפּאַקן. לאָמיר ניט גראָבן היינט, לאָמיר בעסער שפּילן זיך. דו קאָנסט, העק, ראָבין הודן?

— ניין, ווער איז ער, ראָבין הוד?

— ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע מענטשן אין איינגלאַנד און איז געווען זייער א גוטער מענטש. ער איז געווען א גאַזלען.

— הער נאָר, אף מיר געזאָגט געוואָרן! וועמען פלעג ער באַראַבעווען?

— בלויז רייכע לייט. קיין אָרעמעלייט פלעג ער קיינמאָל ניט באַליידיקן. די אָרעמע לייט האָט ער ליב געהאַט און פלעג זיך שטענדיק ערלעך טיילן מיט זיי.

— אָט דאס איז, זעט אויס, שוין איינמאָל א וואוילער מענטש געווען.

— יאָ, טאַקע שוין איינמאָל אַ וואוילער! נאָך אַזאַ מין וואוילער מענטש איז גאָר קיינמאָל אַף דער וועלט ניט געווען, אַצינד זיינען אַזעלכע מענטשן גאָר אינגאַנצן נישטאָ, — דו גלויב מיר. ער האָט

געקאָנט מיט איין האַנט אָנעריקן וועמען ער האָט נאָר געוואָלט אָנעריקן אין איינגלאַנד, אַפילע בעאייס זיין צווייטע האַנט איז געבונדן געווען הינטער זיין פלייצע. פון זיין פיילנבויגן פלעג ער טרעפן פון א מייל די ווייט אין אַ צענטעסנט־מאַטבייע. אויב ער פלעג טרעפן נאָר אין זוים פון דער מאַטבייע, פלעג ער אַזוי יעסורים האָבן, אַז ער פלעג זיך אַוועקזעצן און וויינען און זידלען זיך. איז אָט מירן זיך שפּילן אין ראָבין־הוד. ס'איז זייער אַ וואוילע שפּיל. איך וועל דיך אויסלערנען.

— געמאַכט, איך בין מאַסקים.

זיי האָבן ביז אַפדערנאַכט געשפּילט זיך אין ראָבין־הוד, פון צייט צו צייט וואַרפנדיק נייגיריקע בליקן צום געשפּענסטער־הויז און ריידנדיק וועגן דעם, וואָס ס'וואַרט אַף זיי מאָרגן. אז די זון האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן קיין מאַירעוו־צו, זיינען זיי אוועק אַהיים, איבערשניידנדיק די לאַנגע ביימער־שאָטנס, און זיינען גיך פאַרשוואונדן געוואָרן אין די וועלדער פון קאַרדיף־כיל.

שאַבעס, נאָך מיטאָג, זיינען די אינגלעך ווידער געשטאַנען לעבן דעם טרוקענעם בוים. זיי האָבן אַביסל גערויכערט און געפּלאַפּלט, ליגנדיק אין שאָטן, דערנאָך האָבן זיי געפּאָרקעט זיך אַביסל, גלאַט אַזוי, אין דער שוין־אויסגעגראָבענער גרוב, ווייל טאָם האָט פאַרזיכערט, אַז אָפּט טרעפט, אַז ווען מע ווערט אָן די האָפענונג דערגראָבן זיך צום אויצער בעאייס ס'איז פאַרבליבן ביז אים בלויז אַ זעקס פויסטלעך, קומט דערנאָך צו גיין עמעץ אַנדערש, און מיט איין גראָב פון גראָבאייזן פּאַקט ער דעם אויצער. אָבער אויך איצט איז זייער מי אומזיסט לעאיבעד געגאַן, — האָבן זיי פאַרוואָרפן די גראָבאייזנס אַף די אקסלען און זיינען אַוועקגעגאַן ווייטער, טראַכטנדיק, אז זיי האָבן אויסגעפּילט אַלץ, וואָס ס'איז נייטיק געווען אַף צו געפינען דעם אויצער.

און אָט זיינען זיי סאָפּקאָלסאָף צוגעקומען צום „אומריינעם" הויז. די טויטע שטילקייט, וואָס האָט דאָ געהערשט אין אָט־דעם הייסן באַטאָג, האָט אַף זיי טייקעף אַ שרעק אָנגעוואָרפן. אין דער מאָרעשכוירעדיקער וויסטעניש פון אָט־דעם הויז איז געווען עפּעס אַזוינס שווערס, אַז זיי זיינען אַ רעגע געשטאַנען און ניט געקאָנט אריינגיין. דערנאָך האָבן זיי זיך אונטערגעגאַנוועט צו דער טיר און האָבן, ציטערנדיק פון שרעק, אַריינגעקוקט אינעווייניק. זיי האָבן דערזען אַ צימער, אין וועלכן ס'איז דאָרט, וואו ס'האָט באַדאַרפט זיין א דיל, געוואַקסן גראָז, זיי האָבן דערזען אַ מעשונעדיקן אויוון, פענצטער אָן שויבן, צעבראָכענע טרעפּ, אומעטום איז שטיקערווייס געהאַנגען שפּינוועבס. זיי האָבן זיך געשטאַרקט און זיינען שטיל־שטיל אַריינגעגאַן. זיי האָבן שעפּטשענדיק געשמועסט צווישן זיך, זייערע הערצער האָבן שטאַרק געקלאַפּט, אַלע מוסקולן אין

קערפּער זיינען אָנגעשטריינגט געווען, דער געהער האָט אָנגעשטריינגט געשלונגען יעדער שאָרך; זיי זיינען גרייט געווען באַם ערשטן קלאַנג מאָמענטאַל לאָזן זיך לויפן. נאָר ביסלעכווייס האָבן זיי זיך צוגעוואוינט צום אַרום, און זייער פאַכעד איז פאַרביי. זיי האָבן מיט גרויס אינטערעס באַטראַכט דאָס הויז, כידעשנדיק זיך איבער זייער אייגענער דרייסטקייט און אין דערזעלבער צייט שטאָלצירנדיק מיט איר. דערנאָך האָט זיך זיי פאַרגלוסט אויך אַרויף אויף די טרעפּ ארויף אַ קוק טון. דאָס האָט ווי באַטייט אָפּשניידן זיך דעם וועג אַף אָפּצוטרעטן, נאָר זיי האָבן געמונטערט איינער דעם צווייטן, און סאָפּקאָלסאָף האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן זייערע אינסטרומענטן און האָבן זיך אופגעהויבן מיט די טרעפּ ארויף. אויך אויבן איז געווען וויסט און פּוסט. אין איין ווינקל האָבן זיי געפונען אַ קעמערל, זיי האָבן געריכט זיך געפינען דאָרט אַ געהיימע מעציע, נאָר זיי האָבן אַ טאָעס געהאַט: דאָס קעמערל איז ליידיק געווען. אצינד זיינען זיי שוין אינגאַנצן מונטער געווען, זיי האָבן שוין געוואָלט אַראָפּלאָזן זיך אַראָפּ און נעמען זיך צו דער אַרבעט, נאָר פּלוצלינג...

— טססס! — האָט אַ זאָג געגעבן טאָם.

— וואָס איז? — האָט, ווייס ווערנדיק פאַר שרעק, אַ שעפּטשע געטון העק.

— טססס! דו הערסט?

— יאָ. אָך, גאָטעניו! לאָמיר אַנטלויפן!

— וואוהין אַנטלויפן? זיך רואיק, אָטעם ניט. זיי גייען־צו צו דער טיר.

די אינגלעך האָבן זיך אויסגעצויגן אַפן דיל, באַמיענדיק זיך עפּעס דערזען דורך די שפּאַרונעס. זיי זיינען געלעגן, פלאַטערנדיק פון שרעק.

— אָט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט... ניין... זיי גייען ווידעראמאָל... זיי זיינען צוגעקומען. דו שעפּטשע ניט, העק — זיי וועלן דערהערן! אָך, גאָטעניו! צוליב וואָס בין איך עס געגאַן אַהער?

ס'זיינען אַריינגעקומען צוויי פאַרשוין. איינער פון זיי איז געווען אַ טויבשטומער זאָקן, אַ שפּאַניער, וואָס פלעג די לעצטע צייט אַמאָל באַווייזן זיך אין שטעטל; דעם צווייטן האָט קיינער פון די אינגלעך ניט געקאָנט.

„דער צווייטער" איז געווען אַ שמוציק, אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן באַשעפעניש מיט אַ ניט־אנגענעמענעם פּאָנים. דער שפּאַניער איז פאַרוויקלט געווען אין אַ ברייטן מאַנטל; געהאט האָט ער צעשויבערטע, גרויע באַקנבערד; פון הינטער זיין ברייטזוימיקן הוט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט לאַנגע, געגרייזלטע גרויע האָר; די אויגן זיינען פאַרשטעלט געווען מיט גרינע ברילן. אַז זיי זיינען אריינגעגאַן, האָט „דער צווייטער"

געהאַלטן אין דערציילן עפּעס שטיל־שטיל דעם כאַוור; ביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט, איינער לעבן אַנדערן, אַף דער ערד, מיטן פּאָנים צו דער טיר, מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט, און „דער צווייטער" האָט ווייטער דערציילט. ביסלעכווייס, האָט ער פאַרגעסן אין פאָרזיכטיקייט און האָט גענומען ריידן העכער.

— ניין, — האָט ער גערעדט, — איך האָב אַלץ באַטראַכט, און ס'געפעלט מיר ניט. ס'איז אַ געפערלעכער איניען.

— אַ געפערלעכער! — האָט אַ וואָרטשע געטון דער טויבשטומער (די אינגלעך זיינען דערשטוינט געוואָרן), — עך, דו, פּאַכדן!

אַז ס'האָט זיך דערהערט דאָסדאָזיקע קאָל, האָבן די אינגלעך שיר ניט אַ קוויטש געגעבן פון פּאַכעד. ס'איז געווען אינדזשען דזשאָס קאָל. ביידע פאַרשוינען האָבן געשוויגן אַ צייט, דערנאָך האָט דזשאָ אַ זאָג געגעבן:

— געווען איז דאָך גאָר געפערלעך יענער, דער צווייטער איניען, דאָך איז עס גלאַט אָפּגעגאַן...

— יענץ איז אַן אַנדער מאַיסע. יענץ איז ווייט פונדאַנען, ס'איז באַם אויבער־פלוס פון טייך, און קיין צווייטע מענטשישע דירע איז דאָרט נאָענט נישטאָ.

— אַסאַך געפערלעכער איז צו קומען אַהער באַטאָג: געננג מע זאָל אַ קוק טון אַף אונז, מ'זאָל אונז טייקעף כוישעד זיין.

— איך ווייס, נאָר ס'איז דאָך ניט געווען אונטער דער האַנט קיין אַנדער אָרט, וואו צו באַהאַלטן זיך נאָך אָט־דער נאַרישער מאַיסע. איך האָב ביכלאַל קיין כיישעק ניט פאַרבלייבן דאָ. איך האָב נאָך נעכטן געוואָלט פאַרנעמען זיך, נאָר ס'איז אומעגלעך געווען אַפילע צו טראַכטן אַוועקצוגיין אומבאמערקט, קאָלומאַן דידאָזיקע פאַרשאָלטענע אינגלעך האָבן זיך דאָרט געשפּילט אַפן בערגל אקעגן הויז.

באַ די „פאַרשאָלטענע אינגלעך" זיינען מורעשקעס צעלאָפן זיך איבער די פּלייצעס באַ דידאָזיקע ווערטער. ס'אַראַ גליק, וואס זיי האבן מוירע געהאַט אָנצוהייבן די אַרבעט אום פרייטיק און האבן באַשלאסן צו וואַרטן אַ טאג! אין טיף פון דער נעשאמע האט זיי באַנק געטון, וואס זיי האבן ניט אָפּגעלייגט זייער איניען אף אַ גאַנץ יאר. די אויסוואורפן האבן אַרויסגענומען שפּייז און גענומען איבערכאַפּן. נאָך אַ צייט באַטראַכטן זיך האט אינדזשען דזשאָ אַ זאג געגעבן:

— הער נאר, באָכער, קער זיך אום צוריק צום טייך, דארט איז דאס פּאַסיקסטע אָרט פאר דיר — און וואַרט אַף יעדיעס פון מיר. איך וועל כאַפּן די געהעריקע רעגע און וועל נאכאַמאָל אַריינגיין אין שטעטל אַ קוק טון. מע דארף פריער פאַר אַלעמען גוט דערפרעגן זיך און פעסט

ווערן באַ זיך, אַז אַלע אומשטענדן זיינען ווי געהעריק, און ערשט דעמאָלט אנהייבן דעם געפערלעכן איניען. און דערנאך קיין טעכאס!

„דער צווייטער" איז געבליבן צופרידן דערמיט. דערנאך האבן ביידע זיך צעגעגעצט, און דער מעטיס האט א זאָג געגעבן:

— ס'כאַלעשט זיך שלאָפן. איצט איז דיין דריי זיין אף דער וואך.

ער האט זיך צונויפגעדרייט, ווי א בייגל, אפן גראָז און האט כראָפן אנגעהויבן. דער כאווער האט אים א שטופ געטון עטלעכע מאל און ער איז, אינדזשען דזשאָ, אנשוויגן געוואָרן. דערנאך האט אויך דער וואך־פארשוין אָנגעהויבן דרימלען, זיין קאָפּ האט זיך אראָפּגעלאָזט אלץ ני־דעריקער און נידעריקער; אצינד האבן שוין ביידע געכראָפּעט.

די אינגלעך האבן פרייער אָפּגעאָטעמט.

— אצינד זיינען מיר אָפּגעראטעוועט! — האט א שעפטשע געטון טאָם. — קום גיכער!

— איך קאן ניט, — האט געזאגט העק, — איכל גלייך אפן ארט שטארבן, אויב זיי וועלן זיך אופכאפן.

טאָם האט געבעטן, העק האט זיך איינגעשפארט. ענדלעך, האט זיך טאָם שטילערהייט אופגעהויבן און האט זיך געלאָזט גיין אליין. אבער באם ערשטן טראָט זיינעם האבן די אלטע דיל־ברעטער אזוי שרעקלעך זיך צעסקריפעט, אז ער האט זיך טייקעף צוגעזעצט, קימאט טויט פאר פאכעד, — דאס צווייטע מאל א פרואוו טון האט ער שוין קיין מוט ניט געהאט. די רעגעס האבן זיך געצויגן מעסוקן פאמעלעך; די אינגלעך האט זיך געדוכט, אז די צייט האט זיך אויסגעלאָזט און אז אפילע די אייביקייט איז שוין גרוי געווארן. זיי האבן זיך זייער דערפרייט, ווען זיי האבן סאָפקאָלסאָף דערזעען, אז די זון זעצט זיך.

אצינד האבן שוין געכראָפּעט ניט ביידע פארשוין, נאר איינער. אינדזשען דזשאָ האט זיך א הייב אוף געטון, אנידערגעזעצט זיך, האט ארומגעקוקט זיך, האט א קוק געטון אף זיין כאווער, וואס זיין קאָפּ האט זיך אראָפּגעבויגן אף די קני, און האט אָנגעברויגעזט א שמייכל געטון. דערנאך האט ער דעם כאווער א זעץ געטון מיטן פוס און א זאָג געגעבן:

— שטיי אוף! שוין איינמאל א וועכטער, דו!

— נו, איז וואס? ס'האט דאך גארניט ניט געטראָפן. געשיקט זיך, אז כ'בין אנשלאָפן געוואָרן?

— יאָ, יאָ. נו, גוטער־ברודער, צייט אין וועג אריין. בא אונז איז דאך א קליינער רעזערוו פארבליבן. וואס וועלן מיר מיט אים טון?

— איך וויים אַליין ניט, סיידן דאָ איבערלאָזן, ווי מיר פלעגן פריער טון? ביז מירן רירן זיך קיין דאָרעם, וועלן מיר אים דאָך ניט באדאַרפן.

שלעפּן אַף זיך אַ זעקס הונדערט פּופציק זילבערשטיק איז ניט פון די לייכטע זאַכן.

— עמעס, אָבער קומען אַהערצו לוינט ניט.

— נו, ס׳מאַכט ניט אויס, — מירן קומען באַנאַכט, ווי מיר פּלעגן שטענדיק קומען; דאס וועט זיין בעסער.

— יאָ, אָבער אָט־וואָס, גוטער־ברודער: אונז וועט דאָך, מעגלעך, ניט גיך אויסקומען אָפּצוטון יענעם איניען — דו ווייסט אַוועלכן — ס׳קאָן דאָך אַלץ טרעפן; און דאס געלט איז בא אונז גאָרניט ווי ס׳דאַרף צו זיין באַהאלטן... לאָמיר בעסער עס פאַרגראָבן, און וואָס טיפער.

— זייער וואויל, — האָט געזאָגט דער כאַוועד. ער איז אריבערגעגאַנגען צו דער צווייטער זייט צימער, האט זיך געשטעלט אַף די קני, דערנאָך האט ער אונטערגעהויבן איינעם פון די ציגל אין קוימען און האט אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט אַ זאַק. אין זאַק האט זיך צעקלונגען זילבער. ער האָט אַרויסגענומען פון דאָרט צוואַנציק אָדער דרייסיק דאָלער פאר זיך און פונקט אַזויפיל פאַרן מעטיס און האט איבערגעגעבן דעם זאַק דעם מעטיס. דער מעטיס איז בעאייס־מאַיסע געשטאנען אף די קני אין ווינקל און האָט געגראָבן די ערד מיט אַ גרויסן מעסער.

די אינגלעך האָבן אף אַ רעגע לאַכלוטן פאַרגעסן אין זייער שרעק. זיי האָבן מיט גיריקע אויגן נאָכגעשפּירט נאך יעדער באַוועגונג פון די אויסוואורפן. אַזא אַשרעס האָבן זיי זיך קיינמאָל אַפילע פאָרשטעלן ניט געקאָנט. זעקס הונדערט דאָלער! ס׳קאָן קלעקן אף רייך מאַכן אַ האַלב טוץ אינגלעך!

דער אויצער איז אַליין געקומען צו די הענט; איצט דאַרף מען זיך שוין ניט פאַרטראַכטן, וואו צו גראָבן. זיי האָבן אַלע רעגע אונטערגעשטופּט איינער דעם צווייטן מיט די עלנבויגנס, און יעדער פון זיי האט פאַרשטאַנען, אַז אָט־די שטויסן באַטייטן:

„אהאַ! איצט טוט דיר שוין ניט באַנק, וואָס מיר זיינען פאַרקראָכן אַהער?”

דעם מעטיס׳ מעסער האָט אַ קלאַפּ געטון אין עפּעס האַרטס.

— הע! — האָט ער אַ זאָג געגעבן.

— וואָס איז עס דאָרטן? — האט אַ פרעג געגעבן דער כאַווער.

— אַ פוילע ברעט... ניין, — דאכט זיך, אַ קעסטל. קום נאר אַהער, העלף מיר אַרויסשלעפּן! לאָמיר אַ קוק טון, וואָס איז עס אַזוינס. וואַרטצו, מע דאַרף ניט — איך האָב שוין געמאַכט דערין אַ לאָך.

ער האט אַריינגערוקט די האַנט אין קעסטל און האָט זי טייקעף אַרויסגעשלעפּט צוריק.

— הער נאָר, ס׳ליגט דאָרט געלט!

ביידע האָבן זיך אָנגעבויגן איבער דער קופּע מאַטבייעס. די אינגלעך אויבן זיינען געווען ניט ווייניקער אופגערעגט, ווי די אויסוואורפן אונטן.

— מע דארף וואָס גיכער אַרויסגראָבן דאָס קעסטל, — האט געזאָגט דזשאָס כאַווער, — איך האב אַנומלטן געזעען דאָרט אין ווינקל, אין גראָז, אַף יענער זייט אויוון אן אַלטן פאַרזשאַווערטן גראָבאייזן; איך וועל אים באַלד ברענגען.

ער האט זיך לויפן געלאָזט און האט געבראַכט דאָס לאָפּעטקעלע און דאס גראָבאייזנדל, וואס די אינגלעך האבן געהאַט איבערגעלאָזט. דער מעטיס האט גענומען דאָס גראָבאייזנדל, האט עס גוט באַטראַכט, האט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, עפּעס א בורטשע געטון צו זיך אַליין און גענומען גראָבן די ערד.

אינגיכן האט ער אַרויסגעשלעפּט דאס קעסטל. געווען איז דאָס קעסטל ניט קיין גרויס, באַשלאָגן מיט אייזן, און ביז די צייט האט עס ניט צעפּרעסן, איז עס, זעט אויס, גאַנץ פעסט געווען.

עטלעכע רעגעס האָבן די אויסוואורפן אין גליק־פאַרשטאַרטקייט געקוקט אף דעם געפונענעם אויצער.

— פאַראַן איז דאָ א קופּע געלט, — האט געזאָגט אינדזשען דזשאָ, — עטלעכע טויזנט דאָלער.

— מע זאָגט, אַז אין אָט־די מעקוימעס האָט אַמאָל אַרומגעדרייט זיך מורעלס באַנדע, — האָט געזאָגט „דער צווייטער".

— איך האב עס אויך געהערט. ווייזט אויס, אז זיי טאַקע האָבן עס אַהער באַהאַלטן.

— אַצינד האָסטו שוין ניט צוליב־וואָס האבן צו טון מיט יענעם איניען.

דער מעטיס האט זיך אָנגעברויגעזט.

— דו קאָנסט מיך ניט, זעט אויס, אָדער דו ווייסט ווייניק וועגן אָט־דעם איניען. דאָ איז דער איקער — ניט די רויבעריי, נאר די נעקאָמע, — זיינע אויגן האבן זיך צעגלאנצט מיט גרימצאָרן, — און אז מירן ענדיקן דערמיט, קיין טעכאס דעמאָלט! קאָנסט דעמאָלט פאַרנעמען זיך אַהיים צו דיין נענסי און צו דיינע קינדערלעך און וואַרטן אַף יעדיעס פון מיר.

— געמאַכט, זאָל זיין אַזוי ווי דיר גלוסט זיך. און דערמיט וואָס וועלן מיר טון? מירן עס ווידער פאַרגראָבן?

— יאָ (אומגעהייערע סימכע אויבן). ניין, איך שווער באם הייליקן סאַכעם, ניין! (טיפער טרויער אויבן). איך האָב שיר ניט פאַרגעסן; אַפּן גראָבאייזן איז דאָך געווען פרישע ערד (באַ די אינגלעך איז אין די אויגן פינצטער געוואָרן פון פאַכעד). פונוואַנען האבן זיך אַהער גענומען

אָט־דאָס לאָפּעטקעלע און אָט־דער גראָבּאייזן? פונוואַנען האט זיך גע־נומען אַף זיי פרישע ערד? ווער האָט זיי געבראַכט אַהער און וואוהין איז אַהינגעקומען דער, וואָס האָט זיי געבראַכט? דו האָסט קיינעם ניט געזעען, ניט געהערט? וואָס הייסט, צוריק פאַרגראָבּן אָט־דאָס געלט, קעדיי עמעצער זאָל קומען, דערזען, אַז בא דער ערד האָט מען זיך דאָ געפּאָרקעט, און זאָל עס אַרויסגראָבּן,· דאָס געלט? ניין, איינמאָל ניין, מירן אַריבּערטראָגן דאס געלט אין מיין בערלאָגע.

— נו, פאַרשטייט זיך! כ׳האָב דערפון קיין טראַכט ניט געטון! אין וועלכער בערלאָגע? № 1?

— ניין, № 2, אונטערן ציילעם. די ערשטע טויג ניט, זי וואַרפט זיך צופיל אין די אויגן אריין.

— געמאַכט. אַצינד איז שוין טונקל געוואָרן, מע קאָן גיין.

אינדזשען דזשאָ האט זיך אופגעהויבן און האט אַרומגעשפּאַנט פון פענצטער צו פענצטער, פאָרזיכטיק באַטראַכטנדיק די סוויווע, דערנאָך האט ער א זאָג געגעבן:

— ווער האט געקאָנט ברייגנען אַהער אָט־די אינסטרומענטן? ווי רעכנסטו, דאָרט אויבן זיצט ניט עמעצער?

באַ די אינגלעך האָט עס דעם אָטעם פאַרכאַפּט. אינדזשען דזשאָ האט אַרופגעלייגט די האַנט אַפן מעסער, איז א רעגע געשטאַנען אין ניט־אַנטשלאָסנקייט, דערנאָך האט ער זיך א לאָז געטון צו די טרעפּ. די אינגלעך האבן זיך דערמאנט אָן קעמערל, נאָר זיי זיינען ניט בעקויעך געווען א ריר טון זיך פון אָרט. די טרעפּ האָבן זיך צעסקריפּעט אונטער די שווערע טריט.

דער שוידער האָט צוגעגעבן פלוצלימדיקן מוט די אינגלעך, און זיי האָבן שוין געוואָלט אַ לאָז טון זיך צום קעמערל, נאָר פלוצלינג האָט זיך הערן געלאָזט א טראַסקעריי פון ברעטער, וואָס ברעכן זיך, און אינד־זשען דזשאָ האט זיך אַראָפּגעוואַלגערט אַף דר׳ערד צוזאַמען מיטן נישער פון די צעבראָכענע טרעפּ.

קרעכצנדיק און זידלענדיק זיך, האט ער זיך אופגעהויבן, זיין כאַ־ווער האט אַ זאָג געטון צו אים:

— נו, צוליב וואָס האָסטו געדאַרפט קריכן אַהין? אויב ס׳זיצט דאָרט עמעצער — זאָל ער זיך זיצן. וואס אַרט עס אונז? אויב ער וועט וועלן אַראָפּשפּרינגען אַראָפּ און גלייך געהאַרגעט ווערן פונם פלי, וועלן מיר אים ניט שטערן. אין אַ פערטל שאָ אַרום וועט אינגאַנצן פינצטער ווערן. דעמאָלט מעגן זיי זיך יאָגן נאָך אונז וויפל ס׳גלוסט זיך זיי — איך האָב גאָרנים קעגן. איך האַלט, אַז אויב דער מענטש, וואס האט אַהער גע־בראַכט אָט־די זאַכן, האט אונז דערזען, האט ער געוויס געמיינט, אַז

מיר זיינען שיידים אָדער געשפּענסטער, און אַצינד לויפט ער מיסטאָם פייל־פון־בויגן ערגעץ ווייט־ווייט פונדאַנען.

דזשאָ האָט בורטשענדיק מאַסקים געווען מיטן כאַווער, אַז אַף זוכן ווייטער איז קיין צייט נישטאָ, און מע דאַרף אויסנוצן דאָס פּאַרבליבענע ביסל טאָג־שיין אַף צוגרייטן זיך צום וועג. אינגיכן נאָך דעם האָבן זיי זיך אַרויסגעגליטשט פון הויז אונטער דער שוץ פון דער געדיכטער דעמערונג און האָבן זיך געלאָזט גיין צום טייך, אַוועקטראָגנדיק מיט זיך דעם טייערן קאַסטן.

טאָם און העק האָבן זיך אופגעהויבן, — זיי זיינען אָפּגעשוואַכט געווען פון לאַנגגן ליגן און פון שרעק, אָבער איצט האָבן זיי זיך זייער וואויל געפילט, — זיי האָבן לאַנג נאָכגעקוקט נאָך די צוויי אויסוואורפן דורך אַ שפּאַלט אין די שטיקער האָלץ פון די ווענט. נאָכיאָגן נאָך זיי! נו, ניין! אונזערע העלדן זיינען צופרידן געווען דערפון, וואס זיי האָבן בעשאָלעם, מיט ניט־צעשעדיקטע האַלז־און־נאַקנס אַראָפּגעלאָזט זיך אַף דר׳ערד. זיי זיינען דורך דאָס בערגל און האבן זיך אומגעקערט אין שטעטל אַריין. אונטערוועגס האבן זיי ווייניק געשמועסט צווישן זיך; זיי האָבן זיך פיינט געהאַט דערפאַר, וואס זיי זיינען אַזעלכע שלימאַזלס און אַזעלכע נאַראָנים. צוליב וואָס האָבן זיי באַדאַרפט מיטשלעפּן אַהין דאָס לאָפּעט־קעלע און דעם גראָבאייזן? ווען ניט אָט־די אינסטרומענטן, וואָלט אינדזשען דזשאָ גאָרניט ניט כוישעד געווען. ער וואָלט צוריק פאַרגראָבן דאס זיל־בער און דאָס גאָלד, אַף אַ צייט, ביז ס׳וועט אים געלונגען נעקאָמע נע־מען, דערנאָך, אומקערנדיק זיך, וואָלט ער געטראָפן בלויז אַ ליידיק אָרט. ס׳אַראַ ווייטיק, וואס זיי האָבן מיטגעשלעפּט מיט זיך די אינסטרומענטן! זיי האָבן באַשלאָסן נאָכשפּירן נאָכן שפּאַניער, בעאייס ער וועט זיך באַ־ווייזן אין שטעטל צוליבן געפינען א פאַסיקן פאַל אַף אויסצופילן זיין נעקאָמע־פּלאַן, באשלאָסן לויטן שפּאַניערס שפּורן דערגיין צום № 2, וועגן וועלכן די אויסוואורפן האבן גערעדט. פלוצלינג איז אין טאָמס מויעך דורך א שרעקלעכער געדאַנק:

— און טאָמער, העק, רעכנט ער עס אין אונז נעקאָמע נעמען?

— אָ, זאָג עס ניט! — האט געענטפערט העק, קאם איינשטייענדיק אַף די פיס פון פּאַכעד. זיי האָבן אַלץ באַטראַכט, און ביז זיי זיינען צו־געקומען צום שטעטל, האבן ביידע מאַסקים געווען, אַז דער מעטיס האט געקאָנט מיינען אויך עמעצן אַנדערש, אָדער, יעדנפאַלס, בלויז טאָמען אַליין, ווייל בלויז טאָם האט אײדעס געזאָגט קעגן אים. ווייניק, ווייניק געטרייסט האט טאָמען דער געדאַנק, אַז די געפאַר דראָט בלויז אים אַליין! ער האט געהאַלטן, אז בעשותּפעס וואָלט עס אַסאַך, אַסאַך ווייניקער שרעקלעך געווען.

# קאַפּיטל XXVIII.

אַלץ, וואָס טאָם האָט איבערגעלעבט באַטאָג, האָט אים געמאַטערט באַנאַכט, אָפּשפּיגלענדיק זיך אין זיינע כאַלומעס. פיר מאָל האט ער אין שלאָף געהאַלטן באַ זיך אין די הענט דעם אויצער און פיר מאָל האט זיך דער אויצער פון די הענט אַרויסגעגליטשט, צעשיטנדיק זיך אַף אַש און שטויב, ווי נאָר טאָם האָט זיך אופגעכאַפּט און אומגעקערט זיך צו דער אַכזאָריעסדיקער וואָר. גאַנצפרי, ליגנדיק אין בעט און דערמאנענדיק זיך אין אלע פּראָטים פון דער פּאַסירונג, האָט טאָם באַמערקט, אַז די פּראָטים שטעלן זיך אים פאָר ניט־קלאָר און דערווייטערט, ווי אָט־דאָס אלץ וואָלט פּאָרגעקומען אין אַן אַנדער וועלט אָדער אמאָל, מיט לאַנגע, לאַנגע צייטן צוריק. ס'איז אים איינגעפאַלן, טאָמען, אַז עפשער האט זיך אים דידאָזיקע פּאַסירונג טאַקע נאָר געכאָלעמט. דידאָזיקע סוואָרע האט געהאַט איינעם גאָר אַ פעסטן סמאַך: די צאָל געלט, וואס טאָם האט געזען, איז געווען צו גרויס פאר דער וואָר. טאָם האט אַף זיין לעבן ניט געזען מער פון פופציק דאָלער מיטאמאָל און, ווי אַלע אינגלעך פון זיין עלטער און זיין גראַד, האט ער, טאָם, געהאַלטן, אַז דאס, וואָס מע דערמאנט אין הונדערטער און טויזנטער דאָלער, איז ניט מער, ווי אַ באַזונדער מין מעליצע, אינדערעמעסן זיינען גאָר אַזעלכע סכומען ניט פאַראַן. ס'איז אים אַפילע אַפן זינען ניט געקומען, אַז עמעצער קאָן אינדערעמעסן פאַרמאָגן אַזאַ ריזיקן סכום, ווי הונדערט דאָלער, אַשטייגער. אויב גוט באַטראַכטן טאָמס פּאָרשטעלונג וועגן אַ אויצער, וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער רעכנט געפינען אַ זשמענקעלע קלינגענדיקע צען־סענט־מאַטבייעס און, כוצדעם, אַ קופּע עפּעס נעפּלדיקע דימענטן אַזעלכע, גרויסאַרטיקע דימענטן, וואָס גיבן זיך ניט אין די הענט אַריין.

אָבער וואָס מער טאָם האט געטראַכט, אַלץ קלאָרער און שאַרפער זיינען אין זיין זיקאָרן אַרויסגעטראָטן די פּראָטים פון געשעענעם, און סאָפּקאָלסאָף איז ער ווידער געקומען צום געדאַנק, אַז ס'איז געווים ניט געווען קיין כאָלעם. ס'איז נייטיק געווען קלאָר מאַכן אָט־די פראַגע. ער האט אַפּדערגיך איבערגעביסן און געלאָזט זיך אופזוכן העקן.

העק איז געזעסן אַפן באָרט פון אַ שיפל, וואס האָט אַ פלאטשיקן דנאָ, האט געבאָמבלט מיט די פיס, — אַ פּאָנים האט ער געהאַט זייער אַ מאָרעשכוירעדיקס. טאָם האט באשלאָסן ניט פרעגן באַ העקן, נאָר ארופירן אים אַף אַ שמועס: אויב ער וועט, העק, ניט פאַרשטיין דעם רעמעז — איז, הייסט עס, אַלץ האט ער, טאָם, געזען אין כאָלעם.

— גאָט העלף, העק!

— גאָט העלף! עך, טאָם! ווען מיר וואָלטן ניט איבערגעלאָזט אָט־דאָס פאַרשאָלטן לאָפּעטקעלע אונטערן טרוקענעם בוים, וואָלט דאָס געלט געווען בא אונז אין די הענט. איז עס ניט שרעקלעך?

— איז עס, הייסט עס, ניט קיין כאָלעם געווען? אַף מיין וואָרט, מיר טוט איצט באנק, וואָס ס'איז ניט קיין כאָלעם געווען, זאָל איך אַזוי לעבן!

— וואָס פאַר אַ כאָלעם?

— איך רעד עס וועגן אָט-דעם טאַקע, וועגן דעם נעכטיקן, מיר האָט שוין אָנגעהויבן אויסדאכטן זיך, אַז כ'האָב עס געזעען אין כאָלעם.

— אין כאָלעם! ווען די טרעפּ וואָלטן זיך אונטער אים ניט צעבראָכן, וואָלט ער דיר געוויזן, וואָס פאַר אַ כאָלעם ס'איז! מיר האט זיך אַ גאַנצע נאַכט געכאָלעמט, אַז דערדאָזיקער טייוול — דער שפּאַניער-יאָגט זיך נאָך מיר, — איינגעזונקען זאָל ער ווערן!

— אַקענן וואָס זאָל ער איינגעזונקען ווערן? מיר דארפן געפינען אים און געפינען דאָס געלט.

— מירן אים קיינמאָל ניט געפינען, אַזאַ האַצלאָכע כאַזוערט זיך ניט איבער קיין צוויי מאָל: מיר האבן ניט געקאָנט דעמאָלט אויסנוצן זי — נו, איז אַלץ פאַרפאַלן! ווייסט, מיך טרייסלט מאַמעש פאַר פאַכעד פונם געדאַנק, אז איך קאָן זיך נאָך באגעגענען מיט אים.

— מיך אויך, העק. און פונדעסטוועגן וואָלט איך א באַלן געווען טרעפן אים און דערגיין, וואו געפינט זיך עס באַ זיי דער 2 №.

— דער 2 №? יאָ, יאָ. איך האב אויך געטראַכט דערפון, נאָר איך האב זיך צו גאָרניט ניט דערטראַכט. ווי רעכנסטו, וואָס זאָל עס באטייטן, 2 №?

— איך ווייס ניט. עפּעס צו פאַרשטעלט איז עס. הער נאָר, העק,— עפשער איז עס אַ נומער פון אַ הויז?

— וואָס רעדסטו! פאַרשטייט זיך, אַז ניין. און אין אונזער שטעטל קאָן עס גאָרניט זיין. בא אונז זיינען דאָך אלע שטיבער אָן נומערן.

— עמעס. לאָז מיך אַ טראַכט טון. ווייסט וואָס? און עפשער איז עס דער נומער פון אַ צימער אין איינפאָר־הויז?

— אָט דאָס האָסטו גוט צוגעטראַכט! בא אונז איז דאָך נאָר צוויי איינפאָר־הייזער פאַראַנען, מע קאָן זייער לייכט אַ קוק טון.

— וואַרט דאָ צו אַביסל ביז איכל אומקערן זיך.

און טאָם איז פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האט ניט ליב געהאַט באַ-וויזן זיך אין שטאָט צוזאמען מיט העקן. אין אַ האלבער שאָ אַרום האט ער זיך אומגעקערט. אין בעסערן איינפאָר־הויז, וואוהין ער איז צום אַלעם ערשטן אַריינגעגאַן, האָט אין 2 № געוואוינט איינער אַ יונגער אַדוואָקאַט. אין ערגערן איינפאָר־הויז איז דער 2 № געווען עפּעס אַ געהיימער. דעם באַלעבאָס' אינגעלע האט דערציילט טאָמען, אַז דערדאָזיקער

נומער איז די גאַנצע צייט פאַרשלאָסן און אַז ער האָט קיינמאָל ניט געזעען אין נומער זאָל עמעצער אַריינגיין אָדער עמעצער זאָל פונדאָרט אַרויסגיין אַמאָל אַכוך באַנאַכט. עס האָט, דאָס איינגעלע, ניט געוואוסט די סיבה פון אַזאַ מאָדנער מאַיסע און האָט זיך ניט באַזונדערס אינטערעסירט דערמיט. אַזוי ווי ער האָט ניט געקאָנט דערקלערן זיך דעמדאָזיקן סאָד, האָט ער זיך אַריינגעשלאָגן אין קאָפּ אַריין, אַז ס'זיינען דערין „שיידים פּאַרמישט". דערעך־אגעוו, האָט ער דערציילט טאָמען, אַז נעכטן באַנאַכט האָט ער געזעען, אַז ס'לייכט זיך אין דעם צימער № 2.

— אָט־וואָס כ'האָב זיך דערוואוסט, העק. איך בין זיכער, אַז טאַקע אָט וועגן דעם № 2 האָבן זיי גערעדט.

— איך רעכן אויך אַזוי, טאָם. איז וואָס דאַרפן מיר טון?

— וואַרט־צו, לאָז מיך אַ טראַכט טון.

טאָם האָט לאַנג געטראַכט, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אָט וואָס מע דאַרף טון. די־הינטערשטע טיר פון אָט־דעם № 2 גייט ארויס אין אַ קליין ליקל צווישן דעם איינפאָר־הויז און אַ אַלטער האַלב־כאָרעווער שטיינערנער קאָמער — דו קריג ערגעץ שליסלען וויפל דו וועסט נאָר קאָנען, און איך וועל צולאקכענען באַ דער מומען אַלע שליסלען. אין דער נאָענסטער פינצטערער נאַכט וועלן מיר אַ פּרואוו טון עפענען אָט־די טיר. און דו פאַרגעס ניט נאָכשפּירן נאָך אינדזשען דזשאָען, אויב ער וועט זיך באַווייזן אין שטאָט — דו געדיינקסט, ער האָט דאָך געזאָגט, אַז ער וועט קומען אַ קוק טון, צי ס'איז אַצינד אַ פּאַסיקע צייט פאַר נעקאָמע־נעמען. ווי נאָר דו וועסט אים דערזען, גיי אים נאָך, — אויב ער וועט ניט אריינגיין אין № 2, האָבן מיר, הייסט עס, ניט געטראָפן.

— גאָטעניו! ווי אַזוי־זשע וועל איך נאָכגיין נאָך אים איינער אליין? איך האָב מוירע.

— ס'וועט דאָך זיין באַנאַכט. ער וועט, מעגלעך, דיך אַפילע ניט דערזען, — אויב ער וועט דיך אַפילע דערזען, וועט ער גאָרניט מיינען.

— נו, אויב ס'רעדט זיך וועגן אַ פינצטערער נאַכט, בין איך מאסקים. איך וועל אַ פּרואוו טון...

— נו, אויב די נאַכט וועט זיין אַ פינצטערע, וועל איך אויך נאָכגיין נאָך אים, העק. ער קאָן נאָך דערוויסן זיך דאָס, וואָס ער באַדאַרף, און מאַכן די פּלייטע איניינעם מיטן געלט.

— עמעס, טאָם, עמעס! איך וועל נאָכגיין נאָך אים, נאָכגיין!

— נו, אָט דאָס איז גוט! דו זע, לאָז אים נאָר ניט דורך, איך וועל מיינס טון ווי ס'דאַרף צו זיין.

# קאַפּיטל XXIX.

טאָם און העק האָבן באַשלאָסן אַ פּרוואוו טון טאַקע אין דעמזעלבן אָפּדערנאַכט. ביז ניין אַזייגער האבן זיי זיך אַרומגעדרייט ארום דעם איינפּאַר־הויז, איינער, — נאָכשפּירנדיק נאָך דער אריינגאַנג־טיר, דער צווייטער — פונדערווייטנס נאָך דער טיר, וואָס גייט ארויס אין ליקל. אין ליקל האט זיך קיינער ניט באוויזן; קיין איין מענטש, וואָס זאָל ענלעך זיין אַפן שפּאַניער, איז ניט אַריינגעגאַן אין איינפּאַר־הויז און ניט ארויסגעגאַן פונדאָרטן. די נאַכט האט געזאָלט זיין אַ לויטערע, און טאָם איז אַוועק אַהיים. ער האט אויסגענומען מיטן כאווער, אז אויב ס'וועט פינצטער ווערן, וועט ער, העק, צוקומען צום הינטער־פענצטער און אַ מיאַוקע טון; דעמאָלט וועט טאָם אַרויסקריכן דורכן פענצטער, און זיי וועלן ביידע גיין פּרוואוון די שליסל. נאָר די נאַכט איז געווען א לעוואָנע־נאַכט, און נאָך צוועלף אַזייגער האט העק פאַר־לאָזט זיין וואַך־פּונקט און איז אַריינגעקראָכן שלאָפן אין אַ ליידיק צוקער־פעסל, וואָס האט אים געדינט פאַר. אַ נאַכטלעגער.

דינסטיק האָט די אינגלעך ווידעראמאָל ניט אָפּגעגליקט, מיטוואָך — אויך דאָסזעלבע. ערשט דאָנערשטיק האט די נאכט געזאָלט זיין אַ פינצ־טערע. טאָם איז באַצייטנס אַנטלאָפן שטילערהייט פונדערהיים, פאַר־כאַפנדיק מיט זיך דער מומעס אַ אלטן בלעכענעם לאמטערן און אַ גרויסן האַנטוך אַף איינצוודעקן דעם לאמטערן. דעם לאמטערן האָט ער באהאלטן אין פעסל, אין וועלכן העק האָט גענעכטיקט, און ביידע האבן גענומען נאָכשפּירן. אַרום עלף אַזייגער האט מען דעם איינפּאָר־הויז פאַרמאכט און אויסגעלאָשן אינעווייניק אלע פייערן — אין די איבעריקע הייזער האט זיך שוין פונלאַנג די שיין אויסגעלאָשן. דער שפּאַניער איז אלץ ניט געקומען — די אומשטענדן זיינען זייער פּאַסיקע געווען. די נאכט איז געווען שטאָק־פינצטער; בלויז אַ ווייטער דונער האט פון צייט צו צייט צעשטערט די טויט־שטילקייט.

טאָם האָט ארויסגענומען דעם לאַמטערן, האט אים אָנגעצונדן, ניט ארויסנעמענדיק אים פון פעסל, און אונזערע העלדן האבן אין דער פינצטער אונטערגעגאַנגעוועט זיך צום איינפּאָר־הויז; העק האט זיך אוועק־געשטעלט וואכן באַם אַריינגאַנג, און טאָם האָט גענומען רוקן זיך אין ליקל אַריין. ס'איז אָנגעקומען אַ שווערע דערוואַרטונגפולע שטילקייט, וועלכע האט זייער געדריקט העקן. ער האט שוין אָנגעהויבן כיישעק האבן, אַז אין דער פינצטערניש זאָל פאר אים אַ בליק טון די שיין פון לאַמטערן; דאָס וואָלט אים דערשראָקן, אָבער ס'וואָלט, יעדנפאלס, גע־דינט אַלס באַווייז, אַז טאָם לעבט נאָך.

זינט טאָם איז אוועק זיינען דורך, דאכט זיך, עטלעכע שאָ. ער איז, מיסטאָם, אין כאלאָשעס דאָרט אומגעפאַלן — האט געטראכט העק; עפשער איז ער גאָר אפילע געשטאָרבן, עפשער האט דאס הארץ זיינס געפלאצט, ניט אויסהאלטנדיק די שרעק און די אופגערעגטקייט. באַומרואיקנדיק זיך, האט העק זיך געדוקט אלץ נעענטער און נעענטער צום ליקל, — ער האט זיך פאָרגעשטעלט קאָלערליי פכאָדים און האט אלע רעגע גע־ריכט זיך אַף אַ קאַטאַסטראָפע. ער האט קאָם געאטעמט, דאס הארץ האָט בא אים אזוי שטארק געקלאַפּט, אז ער האט מוירע געהאט סע זאָל ניט קלאַפּירן. פלוצלינג האט אַ שיין אַ בליק געגעבן, און פארביי העקן האט דורכגעיאָגט טאָם.

— לויף! — האט ער אַ שעפטשע געטון — לויף, ראטעווע זיך!

איבערכאַזערן האט ער ניט באַדאַרפט... איידער טאָם האט באוויזן צו ענדיקן די פראַזע האט שוין העק געיאָגט מיט דער גיכקייט פון אַ ווינט. די אינגלעך האבן זיך ניט אָפּגעשטעלט, ביזוואַנען זיי זיינען ניט דערלאָפן צו דעם פאַרלאָזטן שעכטהויז אין צווייטן עק שטאָט. ניט בא־וויזן האבן זיי צו באַהאַלטן זיך אונטערן דעכל, ווי ס׳האט זיך צעוויל־דעוועט אַ שטורעם, און ס׳האט געגומען גיסן אַ גאָס-רעגן. אז טאָם האט אַביסל איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, האט ער אָנגעהויבן צו דערציילן:

— אָך, העק, ווי שרעקלעך ס׳איז געווען: איך האב אויסגעפּרואווט צוויי שליסל, געמיט זיך טון עס וואָס שטילער, נאר זיי האבן אזוי געטרישטשעט, אז כ׳האב קאם געאָטעמט פאַר פאכעד, — זיי האבן בע־שומויפן ניט געוואָלט דרייען זיך אין שלאָס. נאָר פלוצלינג האב איך, אַליין ניט באַמערקנדיק עס, אַ קוועטש געטון דאָס הענטל פון דער טיר, און די טיר האט זיך אופגעעפנט. זי איז געווען ניט פאַרשלאָסן. איך בין אופגעשפרונגען, האָב אַראָפּגעוואָרפן דעם האנטוך און... אָ, גאָטעניו!

— איז וואס? וואס האָסטו דערזעען, טאָם?

— העק! איך האָב זיך שיר ניט אַרייַנגעפאַקט אין אינדזשען דזשאָס הענט אריין.

— וואס רעדסטו?

— נו, יאָ. ער איז געלעגן אפן דיל און איז געשמאַק געשלאָפן, מיט צעשליידערטע הענט, אפן אויג זיינעם, ווי שטענדיק, א פלאַסטער.

— גאָטעניו, איז וואס האָסטו געטון? ער האט זיך אופגעכאַפּט?

— ניין, ער האט זיך אפילע קיין ריר ניט געטון. זעט אויס, שיקער איז ער. איך האב א כאפּ געטון דעם האַנטוך און אַוועק פייל פון בויגן!

— אָט איך וואָלט אין אַזאַ רעגע ניט דערמאנט זיך אין האנטוך.

— נו, איך האָב דערמאנט זיך. ווען ער וואָלט פאַרפאַלן געוואָרן, דער האַנטוך, וואָלט עס מיר אַרייַנגעפלויגן פון דער מומען!

— הער נאָר, טאַם, און דאס קעסטל האָסטו געזעען?

— נו, וואס רעדסטו! כ'האב טאַקע געהאַט צייט א קוק צו טון! כ'האב גאָרניט ניט געזעען,—ניט דאָס קעסטל, ניט דעם ציילעם, גאָרניט,— אַכוץ א פלאַש און א בלעכן קווערטל אַפן דיל, לעבן אינדזשען דזשאָ. און, כוצדעם, האב איך נאָך געזעען אין צימער צוויי פעסלעך און אָן א שיר פלעשער. איצט פאַרשטייסטו שוין, ס'אַראַ „רוכעס״ וואוינען דאָרט.

— הער נאָר, טאַם, איצט איז דאָך די פאַסיקסטע צייט צוצונעמען דאס קעסטל,— אינדזשען דזשאָ ליגט דאָך שיקער, זאָגסטו.

— נו, איז וואָס? אַנו, גיי, פּרואוו!

העק האט א פלאַטער געטון.

— ניין, איך וויל ניט.

— איך וויל אויך ניט, העק. איין פלאַש לעבן אינדזשען דזשאָ איז קאַרג. ווען ס'וואָלטן דאָרט געווען דריי, דעמאָלט וואָלט מען עפשער געמעגט...

אַ לאַנגע פויזע; דערנאָך האט טאָם א זאָג געגעבן:

— ווייסט וואס, העק. לאָמיר זיך ניט פּרואוון, ביז מירן ניט דער־וויסן זיך אַף געוויס, אז דער אינדיאַנער איז נישטאָ אינם צימער. אַניט איז מעסוקן שרעקלעך. אויב מירן וואַכן יעדער נאַכט, ווען מיר דאָך אמאָל דערזעען, ווי ער וועט אַרויסגיין, און דעמאָלט וועלן מיר בליצ־שנעל אַוועקשלעפּן דאס קעסטל — און אַהיים!

— געמאַכט, כ'בין מאַסקים. איך בין גרייט וואַכן אפילע אגאַנצע נאַכט ביז אינדערפרי און אַלע נעכט, נאר דו נעם שוין אף זיך דאָס איבעריקע.

— איך בין אויך מאַסקים. דו, אַגעוו, לויף דורך אונזער גאַס און גיב א מיאַוקע; אויב איך וועל ניט טייקעף אַרויסקריכן, איז גיב אַ וואָרף זאַמד אין פענצטער אַריין, וועל איך זיך אופכאַפּן.

— איז זע־זשע, מיר האבן אָפּגערעדט!

— נו, העק, איצט איז דער געוויטער פאַרביי, וועל איך לויפן אַהיים. איצט איז שוין ביז באַגינען ניט ווייט—סאַכאַקל א שאָ צוויי. דו וועסט דאָרט דערווייל אַביסל וואַכן, — געמאַכט?

— איך האב שוין געזאָגט, טאָם, אַז איך בין גרייט. איך בין גרייט אגאַנץ יאָר אַרומדרייען זיך באַנאַכט אַרום דעם איינפאָר־הויז; באַטאָג וועל איך שלאָפן, און באַנאַכט וואַכן.

— דאס איז וואויל; איז וואו־זשע וועסטו שלאָפן?

— אַפן היי־הויפן באַ בען ראָדזשערס. ער לאָזט מיך אַריין. זייער נעגר, דער פעטער דזשעק, יאָגט מיך אויך ניט, איך שלעפּ וואַסער פאַר דזשעקן, אַז ער שיקט מיך. אָפּט, אז איך בעט אים, גיט ער מיר אויך

עסן אַביסל, אויב ער האָט נאָר. ער איז זייער א גוטער, טאָם. ער האט מיך ליב, ווייל איך נעם זיך ניט איבער איבער אים. אַמאָל לאָז איך זיך אַזוי אַראָפּ, אז כ'עס מיט אים אַפילע פון איין טעלער. זאָלסט נאָר קיינעם ניט אויסזאָגן. אַז מע איז הונגעריק — מוז מען אלץ טון!

— גוט, העק. אויב כ'וועל דיך ניט באַדאַרפן באַטאָג, וועל איך דיך ניט באַומרואיקן. איך וועל דיך אופוועקן נאָר דעמאָלט, ווען ס'וועט נייטיק זיין. אויב דו וועסט באַנאַכט עפּעס באַמערקן, איז לויף טייקעף צו מיין פענצטער און גיב אַ מיאַוקע...

## קאַפּיטל XXX.

דאָס ערשטע, וואס טאָם האט דערהערט פרייטיק אינדערפרי, איז געווען דאָס פריילעכע נייס: דעם ריכטער טעטשערס פאַמיליע האט זיך נעכטן אַפדערנאַכט אומגעקערט אין שטאָט אַריין. אף א שטיק צייט זיינען דער מעטיס און דער אויצער אָפּגעטראָטן בא טאָמען אַפן צווייטן פּלאַן — דאָס ערשטע אָרט האט אין זיינע געדאַנקען פאַרנומען בעקי. זיי האָבן זיך באַגעגנט און האבן „שרעקלעך" פריילעך פאַרבראַכט די צייט, שפילנדיק זיך אין קאָלערליי שפילן צוזאַמען מיט די איבעריקע שילער. פאַרענדיקט האט זיך דער טאָג באַזונדערס איינגענעמען: בעקי האט זיך אַזוי צוגעטשעפּעט צו איר מוטער, בעטנדיק צו באַשטימען אף מאָרגן דעם לאַנג שוין צוגעזאָגטן פּיקניק, אַז די מוטער האט סאָפּקאָלסאָף מאַס־קים געווען. דאס מיידעלע איז ביז דער סטעלי געשפרונגען פאַר פרייד, טאָם האט זיך אויך זייער גליקלעך געפילט. ביזן זון־פאַרגאַנג זיינען שוין אַלע איינלאַדונגען צעשיקט געווען, און יונגוואַרג האט זיך, פּי־בערדיק־אופגערעגט, געגרייט צום יאָנטעוו. טאָם האט פון אופגערעגט־קייט לאַנג ניט געקאָנט איינשלאָפן און האט אלץ געהאָפט, אַז אָט־אָט וועט העק א מיאַוקע טון אונטערן פענצטער, און אַפן צווייטן טאָג וועט ער, טאָם, איבעראַשן מיט זיין רייכקייט בעקין און אַלע אַנטיילנעמער פונם פּיקניק. אָבער אומזיסט: אין אָט־דער נאַכט האט זיך דער סיגנאַל ניט געלאָזט הערן.

אינדערפרי, אַרום אַזייגער עלף, האט א פריילעכער ראַשיקער אוי־לעם פאַרזאַמלט זיך באַם ריכטער. אַלע צוגרייטונגען זיינען פאַרטיק געווען. די דערוואַקסענע האבן געהאַלטן, אַז זיי דאַרפן ניט בייזיין אף אַזעלכע מינים פּיקניקן, — קעדיי ניט שטערן די קינדער. זיי האָבן געהאַלטן, אז די קינדער וועלן זיין אינגאַנצן באַשיצט אונטערן אופזוכט פון עט־לעכע אַכצניאָריקע פריילנס און עטלעכע צוואַנציקיאָריקע יונגעלייט. צוליבן אַריבערפאָרן איבערן טייך האט מען געדונגען דעם אַלטן דאַמף־

פּאַראָם, און אינגיכן האט זיך דער גאַנצער אוילעם ראַשיק א לאָז געטון איבער דער גאַס, אָנגעלאָדן מיט שפּייז־קוישן. סיד איז געווען קראַנק און האָט געמוזט אָפּזאָגן זיך פון דעם פאַרגעניגן. מערי איז פאַרבליבן אינדערהיים, קעדיי ס׳זאָל סידן ניט זיין לאַנגווײַליק צו זיין אַליין. באַם געזעגענען זיך האט מיסיס טעטשער געזאָגט צו בעקין:

— דו ווײסט זיך אומקערן שפּעט, וואָלט עפּשער בעסער געווען דו זאָלסט נעכטיקן בא איינער פון די כאַווערטעס, וואָס וואוינען נעענטער צום פּאַראָם?

— יאָ, מאַמע. אויב אַזוי, וועל איך נעכטיקן באַ סיוזי גאַרפּער.

— גוט, קינד מיינס. זיי אַ קלוג מיידעלע און פיר זיך ווי ס׳דאַרף צו זיין, — דערעס קיינעם ניט.

אז זיי זיינען אַרויסגעגאַן, האט טאָם געזאָגט צו בעקין:

— הער נאָר, ווייסט וואָס מירן טון? אנשטאָט צו גיין צו די גאַר־פּערס וועלן מיר זיך אַרופדראַפּען אפן באַרג און איבערנעכטיקן באַ דער אַלמאָנע דוגלאַס, בא איר איז דאָ געפרוירנס. בא איר איז יעדער טאָג פאַראַן געפרוירנס אָן א שיר! זי וועט זייער צופרידן זיין מיט אונ־זער קומען. אָט וועט עס פריילעך זיין!

בעקי האט אַ רעגע פאַרטראַכט זיך און האט געענטפערט:

— און וואס וועט זאָגן די מאַמע?

— און פונוואַנען וועט זיך די מאַמע דערוויסן?

דאָס מיידעלע האט זיך ווידער פאַרטראַכט און האָט ניט־אַנטשלאָסן געזאָגט:

— דאָס איז ניט פיין, נאָר...

— נו, וואָס „נאָר”? נאַרישקייטן! דיין מאמע וועט זיך ניט דער־ויסן. און וואס איז דערין דען שלעכטס פאַראַן? זי דאַרף דאָך נאָר וויסן, אז דיר דראָט ניט קיין שום געפאַר. זי וואָלט דיך אַליין געשיקט אַהין, ווען ס׳וואָלט איר אַפן זינען געקומען, עמעס!

דער אַלמאָנע דוגלאַס׳ גאַסטפרייַנטלעכקייט איז באַרימט געווען. דער געדאַנק וועגן געפרוירנס און טאָמס איינטאַינען האבן בייגעקומען דעם מיידעלעס קווײנקלען זיך. די קינדער האָבן באַשלאָסן קיינעם ניט אויס־זאָגן פון זייער פּלאַן.

אָבער דערנאָך איז טאָמען איינגעפאַלן: און טאָמער גיט העק פונקט היינט באַנאַכט דעם סיגנאַל? דערדאָזיקער געדאַנק האָט היפּש אָפּגע־קילט טאָמס היספּאַילעס. נאָר דאָך, אָפּזאָגן זיך פונם געדאַנק א נאַש צו טון געפרוירנס בא דער אַלמאָנע דוגלאַס — האָט ער ניט געקאָנט. „פאַר־וואָס טאַקע אָפּזאָגן זיך דערפון?” — האָט ער געשמועסט מיט זיך אַליין, — „נעכטן איז ניט געווען דער סיגנאַל, פאַרוואָס־זשע וועט ער אומבאַדינגט

היינט זיין?״ דער כיישעק פריילעך צו פאַרברייגגען דעם אַפּדערנאַכט האט באַזיגט די ניט־פעסטע האָפענונג צו קריגן דעם אויצער, און טאָם האָט באַשלאָסן אַלע געדאַנקען וועגן קעסטל מיט געלט אָפּלייגן ביז מאָרגן.

דריי מייל די ווייט פון שטעטל, שטראָם־אַראָפּ, האט זיך דער פּאַראָם אָפּגעשטעלט באַם אַריינגאַנג אין א וואַלדיקן טאָל און איז צו צום ברעג. דער אוילעם האָט זיך א לאָז געטון אפן ברעג אַרויס, און אינגיכן האָבן זיך די וואַלד־ווייטן און די פעלזן צעהילכט מיט קלינגענדיקן געלעכטער און מיט געשרייען. ס׳זיינען אויסגעפּרואווט געוואָרן אַלע מיטלען אַף צו צעהיצן זיך און מיד ווערן. ענדלעך, האָבן זיך די קינדער אומגעקערט אין לאַגער אַריין מיט היפשן אַפּעטיט און האָבן גענומען פאַרטיליקן די געשמאַקע מאַיכאָלים. נאָכן מאָלצייט האָבן זיך אַלע אַוועקגעזעצט אָפּרוען און פלאַפּלען אין שאָטן פון די געדיכטעביימער. שפּעטער אַביסל האָט עמעצער א געשריי געטון:

— ווער וויל אין הייל אריין?

אַלעמען האָט זיך פאַרגלוסט אין הייל אַריין. מ׳האָט געקראָגן אַ בינטל שליסל און מ׳האָט גענומען דראַפּען זיך אַפן באַרג אַרוף. דער אָנהייב הייל האָט זיך געפונען הויך אפן שיפּוע פונם בערגל. דער היילס מאַ־סיווע דעמבענע טיר איז ניט פאַרשלאָסן געווען. אינעווייניק איז געווען א קליין קעמערל, א קאַלטס, ווי אַ אַייז־קעלער, באַדעקט מיט פעסטן קאַלעך, פון וועלכן ס׳רינט פייכטקייט, אַזוי ווי טוי. עפּעס סוידעסדיקס איז געווען אין אָט־דער הייל; ס׳איז מאָדנע שוידערלעך געווען צו שטיין אין דער געדיכטער פינצטערניש און קוקן צו דעם גרינעם טאָל, וואָס איז פאַרפלייצט מיט זון. אינגיכן אָבער איז דער איינדרוק אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און דער אוילעם האָט זיך ווידער צערוישט. ווי נאָר עמעצער פון אוילעם פלעג אָנצינדן א ליכט, פלעגן אַלע אַרופוואַלגערן זיך אף אים; יענער פלעג זיך קעגנשטעלן, פלעג זיך אָנהייבן א געראַנגל, דער־נאָך פלעג עמעצער פאַרלעשן אָדער אַרויסשלאָגן פון די הענט דאָס ליכט, און ווידער פלעג אין דער פינצטערניש זיך צעהילכן פריילעכער געלעכטער און ווילדע טומלעניש. נאָך צו אַלץ אף דער וועלט נעמט אַ סאָף. די קינדער זיינען ביסלעכווייס שטילער געוואָרן און האָבן אָנגע־הויבן אַראָפּלאָזן זיך איינער נאָכן אַנדערן מיטן מעשופּעדיקן הויפּט־דורכ־גאַנג. באַ דער פלאַטערדיקער שיין פון די ליכט האָט מען נעפּלדיק גע־זעען הויכע שטיינערנע ווענט קימאַט ביז זייער באַהעפטן זיך צווישן זיך אף דער הייך פון זעכציק פוס. אין דער ברייט האָט אָט־דער הויפּט־דורכגאַנג געהאַלטן ניט מער ווי אַכט—צען פוס. אַף יעדער שפּאַן האָבן מיטן הויפּט־דורכגאַנג באַהעפט זיך פוןביידע זייטן נאָך אַנדערע אייב־

גערע דורכגיינג, — די הייל איז געווען א מין גרויסער לאַבירינט פון געדרייטע און קרומע קאָרידאָרן, וואָס גייען זיך צונויף און גייען זיך ווידער פאַנאַנדער, נאָר האָבן ניט קיין אַרויסגאַנג. מע האָט גערעדט, אַז אין אָט־דעם פלאָנטער פון שפּאַלטן און לעכער האָט מען געקאָנט אַרומבלאָנקען טעג און נעכט און קיינמאָל ניט אַרויסקומען פון הייל; מע האָט גערעדט, אַז די הייל לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער און ני־דעריקער, און אומעטום איז איינס און דאָסזעלבע — איין לאַבירינט אונטערן אַנדערן, אָן אַ סאָף און אָן אַ ברעג. קיין איין מענטש האָט ניט געקאָנט באַרימען זיך, אַז ער „קען" די הייל; קענען זי איז אומעג־לעך געווען. דאָס ראָוו יונגוואַרג האָט געהאַט אויסגעפאָרשט נאָר א טייל אירע, און ווייטער פון אָט־דעם באַוואוסטן טייל פלעג מען געוויינ־לעך ניט גיין. טאָמ סאָיער האָט געקאָנט די הייל ניט ערגער און ניט בעסער ווי אַנדערע.

די פּראָצעסיע איז דורכגעגאַנגען אַנערעך דריי פערטל מייל איבערן הויפּט־דורכגאַנג און דערנאָך האָט זי זיך צעטיילט אויף פּאָרן און גרופּעס; די פּאָרן און די גרופּעס האָבן פאַרקערעוועט אין זייטיקע דורכגיינג, האָבן אַרומגעדרייט זיך אין זייטיקע קאָרידאָרן, פלעגן אומגעריכט אָנ־שטויסן זיך איינס אפן אַנדערן דאָרט, וואו די קאָרידאָרן האָבן זיך באַ־העפט אַף ווידער פאַנאַנדערגייין זיך. דאָ האָט מען געקאָנט פאַרלירן איינער דעם אַנדערן פון אויג, ניט אריבערגייענדיק די גרענעצן פון דעם אַלעמען באַוואוסטן טייל פון הייל.

ביסלעכווייס זיינען די גרופּעס איינע נאָך דער אַנדערער אַרויסגע־קראָכן פון הייל, פאַרפּאַליעטע, פריילעכע, באַטריפט פון פוס ביז קאָפּ מיט וואַקס, אויסגעשמירט מיט ליים און אַנטציקט פונם געלונגענעם שפּאַציר. אַלע האָבן זיך געכידעשט דערויף, וואָס זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי די צייט איז אַוועק, און דערויף, וואָס אינדרויסן איז שוין אָוונט. אַפּן פּאַראָם האָט מען שוין א האַלבע שאָ געהאַלטן אין איין קלינגען, רופנ־דיק די פּאַסאַזשירן צוריק. אַז דער פּאַראָם האָט, אָנגעלאָדן מיטן פריי־לעכן אוילעם, געריררט פון ברעג, האָט קיינער, כוצן קאַפּיטאַן, אַף אַ האָר ניט באַדויערט די פאַרלוירענע צייט.

העק איז שוין געשטאַנען אַף דער וואַך, ווען די פּאַראָם־פייערן האָבן דורכגעפינקלט פאַרביי דעם ברעג לעבן שטעטל. פון פּאַראָם האט זיך קיין גערייד ניט געלאָזט הערן: די יונגוואַרג איז שטיל געוואָרן, זי איז טויט־מיד געווען. העק האָט זיך אַביסל פאַרכידעשט: וואָס איז עס פאר א שיפל און פאַרוואָס שטעלט עס זיך ניט אָפּ לעבן ברעג. נאָר ער האט באַלד פאַרגעסן דערין און האָט קאָנצענטרירט זיין גאַנצע אופמערקזאַמ־קייט אַף זיין וויכטיקן איניען. ס'האָט געקלאַפּט צען אזייגער, און די

פורן האָבן אופגעהערט טראַכקען; די פייערלעך אַרום האבן זיך איינס נאָכן אַנדערן אויסגעלאָשן, אַלע דורכגייער זיינען ערגעץ־וואוהין פאַרשוואונדן געוואָרן; דאס שטעטל האט דרימלען גענומען, און דער קליינער וועכטער איז געבליבן איינער אַליין מיט דער שטילקייט און מיט די געשפּענסטער. עלף אַזייגער האָט זיך אויך אין איינפאָר־הויז אויסגעלאָשן די שיין. אַצינד איז אומעטום פינצטער געווען. העק האָט געוואַרט, ווי געדאכט האָט זיך אים, זייער לאַנג, נאָר ס'האָט גאָרניט ניט געטראָפן. זיין גלויבן אינם דערפאָלג פון זיינס און טאָמס איניען האט גענומען אַלץ שוואַכער ווערן. צוליב וואָס דארף מען עס אָט־דאָס אַלץ? לוינט דען וואַכן? איז דען ניט בעסער אַריינקריכן אַף נאַכט אין פעסל אַריין?

אין אָט־דער רעגע האָט ער דערהערט א לייכטן רויש און האט טייקעף אָנגעשפּיצט די אויערן. די טיר, וואס איז אַרויסגעגאַן אין ליקל אַרויס, האָט זיך שטיל פאַרהאַקט. העק האט זיך אַ וואָרף געגעבן צום ווינקל פון דער שטיינערנער קאַמער. אין אַ מינוט אַרום זיינען לעבן אים דורכגעלאָפן צוויי מענטשישע פיגורן: בא איינעם פון זיי איז עפּעס געלעגן אונטער דער פאַכווע,— געוויס דאָס קעסטל! איז טראָגן זיי, הייסט עס, אוועק דעם אוצער! וואָס־זשע טוט מען? אַ רוף־טון טאָמען? צוליב וואָס? ס'וואָלט דאָך לעפיש געווען: ביז ער וועט דערלויפן צו אים, וועלן די צוויי אַוועק איניינעם מיטן קעסטל — גיי זוך זיי דערנאָך! ניין, ער וועט גיין, העק, נאָך זיי און וועט זיי נאָכשפּירן: אין אַזא פינצטערניש וועלן זיי אים דען דערקענען? טאַינענדיק אַזוי מיט זיך אַליין, איז העק אַרויס פונם לאָקער און האט, גאַנווענענדיק זיך ווי א קאַץ, געלאָזט זיך גיין נאָך די אויסוואורפן, שטיל־שטיל טרעטנדיק מיט די באָרוועסע פיס און האַלטנדיק זיך פונדערווייטנס אַף אזא שטרעקע, אַז זיי זאָלן ניט קאָנען פאַרשוואונדן ווערן אומבאַמערקטערהייט.

זיי האָבן זיך גיין געלאָזט מיט דער גאַס, וואס לעבן ברעג טייך, דערנאָך האבן זיי פאַרקערעוועט אין א זייטיקער גאַס און זיינען געגאַנגען גלייך, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום שטעגל, וואס פירט אַף קאַרדיף־כיל, מיט אָט־דעם שטעגל האָבן זיי זיך געלאָזט ווייטער גיין. זיי זיינען, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, פאַרבייגעגאַן לעבן דעם וואַליִערס שטיבל, וואָס שטייט אַפּן שיפּוע פון בערגל, אין סאַמע מיט פון וועג, און האָבן גענומען דראַפּען זיך אַרוף העכער. „אהאַ!”—האט אַ טראַכט געטון העק,— „זיי ווילן פאַרגראָבן דאס געלט אין די אַלטע שטיינגריבער”. אָבער זיי האָבן זיך אַפילע ניט אָפּגעשטעלט לעבן די שטיינגריבער, זיי האָבן געשפּאַנט ווייטער, צום שפּיץ־צו; דערנאָך האָבן זיי פאַרקערעוועט אַף אַ שמאָל סטעזשקעלע, וואס האָט זיך געדרייט צווישן געדיכטע קוסטן, און זיינען מיטאַמאָל פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש. העק האט

גענומען מאַכן ברייטערע שפּאַן, קעדיי אָניאָגן זיי, ווייל זען אים וואָלטן זיי סייוויסיי ניט געקאָנט. אַ שטיק צייט איז העק קימאַט ווי געלאָפן, דערנאָך האט ער גענומען גיין שטילער, מוירע האָבנדיק איבערצויאָגן זיי. מיט עטלעכע שפּאַן ווייטער האט ער זיך אָפּגעשטעלט, איינהערנדיק זיך. קיין איין קלאַנג הערט זיך ניט; ער האָט געהערט, העק, בלויז דאס קלאַפּן פון זיין אייגן האַרץ. פון בערגל האט זיך פּלוצלינג דערטראָגן דאָס ווילדע הוקען פון א נאַכטפויגל. קיין טריט האט מען ניט געהערט. גאָטעניו, געשיקט זיך, אז אַלץ איז פארפאַלן? העק האט שוין געוואָלט אַוועקגיין, נאר פּלוצלינג האט עמעצער גענומען הוסטן אַ שפּאַן צוויי די ווייט פון אים. העקן האט זיך א רעגע געדאַכט, אז דאס האַרץ זיינס איז אים אַריינגעשפּרונגען אין האַלז אַריין; אָבער ער האט עס טייקעף איינגעשלונגען צוריק און איז געבליבן שטיין—ער האָט געטרייסלט זיך מיטן גאַנצן קערפּער, ווי ס׳וואָלט אים באַפאַלן א טוק פיבערס מיטאַמאָל. ער האָט געפילט אזא שלאַבעריקייט, אַז ס׳האָט זיך אים געדאכט, אָט־אָט באַלד וועט ער אומפאַלן. ער האָט דערקאָנט דאס אָרט; ער איז געשטאַ־נען פינף שפּאַן די ווייט פונם פּאַרקן, וואס צוימט אַרום דער אַלמאָנע דוגלאַס׳ גוט.

— זייער וואויל,— האט ער א טראַכט געטון,— זאָלן זיי דאָ פאַר־גראָבן,— ס׳וועט, יעדנפאַלס, ניט לאנג אויסקומען צו זוכן.

דערנאָך האט אינדזשען דזשאָס קאָל שטיל, קאָם צו הערן א זאָג געגעבן:

— ווייסט זי דער טייוול! דאַכט זיך, געסט געפינען זיך איצט באַ איר,— ס׳לייכט זיך דאָרטן, כאָטש ס׳איז שוין שפּעט.

— וואו זעסטו דען אַ שיין? איך זע ניט.

דאס צווייטע קאָל האט געקערט דעם מעטיס׳ כאַוועך— דעם אומבאַ־קאַנטן פונם פּאַרקישעפטן הויז. אַ אייזיקע קעלט איז דורך איבער העקל־בערי פינס לייב. איז אָט אין ווענען זיי האָבן פאַרטראַכט נויקעם צו זיין זיך! דער ערשטער געדאַנק זיינער איז געווען—אַנטלויפן. דערנאָך האט ער זיך דערמאנט, אַז די אַלמאָנע דוגלאַס איז ניט איינמאָל זייער גוט געווען צו אים און אַז דידאָזיקע פאַרשוינען האָבן, מעגלעך, פאַר־טראַכט דערהארגענען זי. ס׳האָט אים באַנק געטון, וואָס ס׳קלעקט אים ניט קיין מוט מאַסרע צו זיין זי, אָבער געוואוסט האָט ער, אז מוט וועט אים דערוף ניט קלעקן: און טאָמער פאַקן זיי אים? אָט־דאָס אַלץ איז דורכ־געפלויגן אין זיין מויעך, איידער דער מעטיס האט באַוויזן אָפּצוענטפערן:

— די קוסטן פאַרשטעלן דיר די שיין. גיב זיך א רוק אַהער, אָט אַזוי,— אַציגד זעסטו?

— יאָ, זעט אויס, ס׳זיצן באַ איר געסט. עפּשער וואָלט בעסער געווען מיר זאָלן וואַרפן אָט־דעם איניען?

— וואַרפן דעמאָלט, ווען כ׳וויל אַף אייביק פאַרלאָזן אָט־דעם קאַנט! ווארפן, בעאייס אַזאַ פאַסיקער פאַל וועט שוין, מעגלעך, קיינמאָל מער ניט טרעפן! איך כאַזער דיר איבער נאָכאַמאָל: דאס געלט אירס באַדאַרף איך ניט — קאָנסט עס זיך נעמען. אָבער איר מאַן האט מיך באַליידיקט, אַסאַך מאָל באַליידיקט; ער איז געווען פרידנס־ריכטער און האָט מיך ניט איינ־מאָל אַריינגעזעצט אין טורמע. דאס איז נאָך ניט אַלץ! דאס איז ערשט א מיליאָן־כיילעק פון דער באַליידיקונג! ער האט באַפוילן מ׳זאָל מיר געבן שמיץ אין טורמע־הויף, ווי מע שמייסט א נעגר. די גאַנצע שטאָט האט געקוקט! שמיץ! דו פאַרשטייסט? צום גליק זיינעם, איז ער גע־שטאָרבן, אָבער איך וועל זיך אָפרעכענען מיט איר!

— אָ, האַרגע זי ניט! מע דאַרף ניט!

— האַרגענען זי? איך האב דען געזאָגט, אַז איך וועל זי האַרגע־נען? איך וואָלט אים געהאַרגעט, ווען ער זאָל דאָ זיין, ניט זי. אַז מע וויל זיך נויקעם זיין אין א פרוי, איז האַרגעט מען זי ניט — אַקעגן וואס? געוונג איז צעקאַליעטשען איר דאס פּאָנים, צעשמעטערן די נאָז, אָפשניידן איר די אויערן, ווי א כאַזער...

— גאָט באַהיט, דאס איז...

— רעד בעסער ניט! ס׳וועט זיין געזונטער פאַר דיר! איך וועל זי צובינדן צום בעט. און אויב זי וועט אָפגיין מיט בלוט, וועט עס דען זיין מיין שולד? איך וועל ניט צעוויינען זיך, אויב זי וועט פייגערן. און דו, גוטער פריינט, וועסט מיר פריינטלעך מיטהעלפן, — צוליבדעם ביסטו דאָך געקומען אַהער; אַליין וועל איך געוויס ניט קאָנען אויסקומען. אויב דו וועסט א פּאַכדן זיין, וועל איך דיך האַרגענען, — פאַרשטאַנען? און אויב כ׳וועל דארפן דיך האַרגענען, וועל איך אויך זי האַרגענען, — און דע־מאָלט וועט שוין קיינער ניט דערוויסן זיך ווער ס׳האָט עס געטון.

— נו, איז וואָס? אַז געטון איז געטון. וואס גיכער איז בעסער, — מיך פיבערט.

— וואָס? שוין? און די געסט? הער נאָר, גוטער־ברודער, דאס איז עפּעס כאָשעדיק — וואס האָסטו פלוצלינג אַזוי איילן געגומען? ניין, מירן צווואַרטן, ביז מע וועט פאַרלעשן די שיין: איילן האבן מיר ניט וואוהין.

העק האט דערפילט, אז אַצינד הייבט זיך אָן אַזאַ שטילקייט, וואָס איז נאָך שרעקלעכער, ווי די באַראַטונג פון אָט־די מערדער; דעריבער האָט ער פאַרטאַיעט דעם אָטעם און איז אָפּגעטראָטן אַף אַ שפּאַן צוריק, פריער א טאַפּ געבנדיק מיטן פוס דאָס אָרט, וואוהין אַוועקצושטעלן דעם פוס, — צוליבדעם איז אים אויסגעקומען צו באַלאַנסירן אַפן צווייטן פוס, ריזיקירנדיק אומצופאַלן. מיט אַזאַ פּאָרזיכטיקייט און מיט אַזא איינשטע־לעניש האט ער געמאַכט נאָך א שפּאַן אַף צוריק, דערנאָך — נאָך און

נאָך. פלוצלינג האט אונטער זיין פוס א טרישטשע געטון א צווייגל! ס'האָט אים דעם אָטעם פארכאַפּט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איינהערנדיק זיך. קיין קלאַנג ניט, טויט־שטילקייט. פול מיט אומגעהײַערער דאַנקבאַרקייט, האָט ער זיך פאָרזיכטיק אַ דריי געטון אין שמאָלן דורכגאַנג צווישן צוויי רייען קוסטן, און האָט גיך, נאָר שטיל־שטיל געגומען שפּאַנען ווייטער. צוגעקומען צו די שטיינגריבער, האָט ער זיך דערפילט אויסער געפאַר און האָט זיך געלאָזט לויפן פייל פון בויגן. ער האָט זיך געיאָגט, ווי א וויכער, באַרג־אַראָפּ, איז דערלאָפן ביזן וואַליִערס הויז און געגומען פויקן מיט די פויסטן אין טיר אַריין. פון די פענצטער האבן זיך אַרויסגערוקט דער קאָפּ פונם אַלטן פערמער און די קעפּ פון זיינע צוויי קרעפטיקע יונגע זין.

— וואָס איז עס פאר אַ טומל? ווער קלאַפּט עס דאָרט? וואָס דאַרפסטו?

— לאָזט מיך אַריין! איך וועל אייך אַלץ זאָגן.

— ווער ביסטו עס?

— העקלבערי פין. לאָזט גיכער אַריין!

— העקלבערי פין, — אָט האָסטו דיר אַ שיינע מאַיסע! ס'איז ניט אַזאַ נאָמען, וואָס ס'זאָלן זיך פאר אים צעפּראַלן אַלע טירן. אָבער פונדעסטוועגן, כעוורע, לאָזט אים אַריין; לאָמיר זען, וואָס איז מיט אים געשעען אַזוינס.

— זייט אַזוי גוט, דערציילט קיינעם ניט דאָס, וואָס איך וועל אייך זאָגן. אָבער די אַלמאָנע איז געווען זייער גוט צו מיר, און איך וועל אייך זאָגן. איך וועל זאָגן, אויב איר וועט מיר צוזאָגן קיינעם ניט דערציילן, אַז דאָס האָב איך...

— איך קאָן שווערן בא וואָס איר ווילט, אַז ער האָט וואָס צו זאָגן, ס'איז ניט קיין פוסטע מאַיסע! — האָט אויסגעשריגן דער אַלטער, — נו, באָכער, שיט אַרויס וואָס דו ווייסט, — מירן קיינעם ניט אויסזאָגן.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן זיך דער אַלטער און זיינע זין, גוט אָנגעוואָפנטע, אַרופגעדראַפּעט אַפן בערגל און האָבן זיך גיין געלאָזט אַף די שפּיץ פינגער אַפן שטעגל צווישן די קוסטן, האַלטנדיק די פיסטאָלעטן אָנגעגרייט. העק האָט זיי צוגעפירט ביזן שטעגל, נאָר ווייטער איז ער ניט געגאַן. ער האָט זיך צוגעזעצט הינטער א גרויסן שטיין און האָט געוואַרט. ס'האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע מאַטערנדיקע שטום־שווייגעניש. פלוצלינג האָבן זיך הערן געלאָזט שאָסן־קנאַלעריי און געשרייען. העק האָט ניט געוואַרט אַפן העמשעך. ער איז אופגעשפּרונגען און האָט זיך געיאָגט באַרג־אַראָפּ מיט דער גרעסטער גיכקייט, צו וועלכער זיינע פיס זיינען נאָר פייאיק געווען.

## קאַפּיטל XXXI.

זונטיק אינדערפרי, נאָך סאַמע באַ שאַריען, האָט העק אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פונם אַלטן וואַליער. אין שטוב זיינען נאָך אַלע געשלאָפן, ס'איז אָבער געווען יענער ציטעריקער שלאָף, פון וועלכן מע כאַפּט זיך אוף באַ דעם קלענסטן גערויש — דאָס, וואָס מע רופט, מיטן קוק—מאַכ־מעס די פכאָדים, וואס מ'איז אויסגעשטאנען באַנאַכט. פון פענצטער האָט מען אים א רוף געטון:

— ווער איז דאָרט?

אַ שטיל איבערגעשראָקן קאָל האָט געענטפערט:

— זייט אַזוי גוט, לאָזט אַריין! דאָס בין איך, העק פין.

— פאר דעמדאָזיקן נאָמען, אינגל, איז די טיר פון אונזער הויז שטענדיק אָפן, סיי באַטאָג סיי באַנאַכט. קום אריין!

מאָדנע האָבן דורכגעקלונגען דידאָזיקע ווערטער פאַרן קליינינקן שלעפער. קיינמאָל האט ער נאָך ניט געהערט אַזעלכע אנגענעמענע רייד. ער האָט אַפילע ניט געקענט זיך דערמאנען, צי האָט עמעצער ווען ס'ניט־איז גערעדט צו אים אַזוי.

מע האט אַפגיך אופגעשלאָסן די טיר, און העק איז אַריינגעגאַנגען אינעווייניק. מע האָט אים אַוועקגעזעצט, און דער אַלטער מיט זיינע כעוורעלייט די זין האבן ווייטער איילנדיק אָנגעטון זיך.

— נו, באָכערל מיינס, איך רעכן, אז דו האָסט זיך פיין אויסגעהונ־גערט; אָבער בא אונז וועט דער פרישטיק פאַרטיק ווערן גיך, באַלד ווי די זון וועט אופגיין. וועגן דעם זאָלסטו זיך שוין גאָרניט זאָרגן. איך מיט די קינדער האבן אַפילע גערינכט זיך, אַז דו וועסט זיך אומקערן און וועסט איבערנעכטיקן באַ אונז.

— איך האָב זיך מוירעדיק איבערגעשראָקן! — האט געגעבן צו פאַר־שטיין העק. — ווי נאָר איר האָט נעכטן אָנגעהויבן שיסן, האָב איך גע־כאַפּט די פיס אַף די פלייצעס און געלאָפן גאַנצע דריי מייל נאָכאַנאַנד אָן אַ אָפּשטעל. און אַצינד בין איך געקומען דערוויסן זיך, ווי אַזוי איז דאָס אַלעס פאָרגעקומען. איך בין אומיסטן געקומען פאַרטאָג, קעדיי ניט אָנשטויסן זיך אף יענע שיידים, אַפילע אויב זיי זיינען שוין טויט.

— יאָ, גוטער־ברודער, דו זעסט אויס אַזוי, פונקט ווי דו וואָלסט געהאט גאָרניט געשלאָפן. נישקאָשע, ס'איז ניט קיין אומגליק! אָט האָסטו א גע־לעגער; ווי נאָר דו וועסט אָפּעסן דיין אָנבייסן, זאָלסטו זיך גלייך לייגן שלאָפן. ניין, קליינער, צום באַדויערן זיינען זיי ניט דערהארגעט—און דאָס

פֿאַרדריסט אונז טאַקע זייער. דאָס איז פֿאָרגעקומען, זעסטו, אָט ווי אַזוי. לויט דעם, ווי דו האָסט אויסגעמאָלט, האָבן מיר שוין געהאַט געוואוסט, וואו זיי צו געפֿינען; דערפֿאַר האָבן מיר אף די שפּיץ פֿינגער אונטער־געגאַנגעוועט זיך צו זיי גאַנץ נאָענט — דו ווייסט דאָך, אפֿן שטעגל צווישן די ביימער איז פֿינצטער, ווי אין אַ קעלער. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט א טריט פֿינף, אַפֿאָנים, די ווייט פֿון זיי, און פּלוצלינג — ווי מיינסטו? — רייַסט זיך באַ מיר ניט אַרויס אַ ניס! עס איז אונז שרעקלעך ניט געראָטן! וויפֿיל איך האָב ניט געפּרואווט זיך איינהאַלטן, האב איך דאָך גאָרניט געקענט מאַכן מיט זיך — איך ניס, און גיי טו עפּעס! און גע־גאַנגען בין איך דאָך דער ערשטער, האַלטנדיק דעם פּיסטאָלעט אָנגעגרייט; ווי נאָר איך האָב אַ ניס געטון, האָבן דידאָזיקע באַנדיטן געלאָזט זיך לויפֿן, און איך שריי צו מיינע כעוורעלײַט: „שיסט, כעוורע!” און איך האָב אויסגעשאָסן. מיינע כעוורע אויך. נאָר דידאָזיקע אויסוואורפֿן זייִנען אַנטלאָפֿן. ווייזט אויס, אַז מיר האָבן אלע מיט אונזער שיסן ניט גע־טראָפֿן. זיי האַלטן אין אַנטלויפֿן דורך דעם וואַלד, און מיר נאָך זיי. נאָכ־דעם האבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און האָבן גענומען שיסן אין אונז, אָבער זייערע קוילן האבן נאָר א פּייף געטון פֿאַרביי אונז, געשאַדט האבן זיי אונז ניט. נאָכדעם האט מען שוין אופֿגעהערט הערן אַפֿילע דאָס אַנטלויפֿן זייערס. דעמאָלט האבן מיר ניט געוואָלט מער נאָכיאָגן זיך נאך זיי, מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פֿונם באַרג און האָבן אופֿגע־וועקט אַלע פּאָליציאַנטן. זיי האָבן אַוועקגעשיקט עטלעכע פֿאַרשוין צו באַהיטן דעם ברעג, און ווי נאָר עס וועט ווערן טאָג, וועט דער שעריף באַפֿוילן צו זוכן אין וואַלד. מיינע כעוורע וועלן אויך גיין. גוט וואָלט געווען, ווען דו זאָלסט קענען אונז אויסמאָלן, ווי זעען זיי אויס, אָט די אויסוואורפֿן. דאס וואָלט זייער אסאַך געהאָלפֿן. נאָר דו, קליינער, האָסט דאָך מיסטאָם ניט באוויזן אַפֿילע גוט צו באַטראַכטן זיי אין דער פֿינצטער?

— ניין, איך האָב זיי דערזעען נאָך אין שטאָט און האָב זיך געלאָזט גיין גלייך נאָך זיי.

— אויסגעצייכנט! איז זאָג, ווי זעען זיי אויס?

— איינער פֿון זיי איז אַן אַלטער, אַ טויבשטומער שפּאַניער, וואָס שלעפּט זיך אַרום די לעצטע צייט איבערן שטעטל, און דער אַנדערער — אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליסענער, אַ מיעסע צורע אזאַ...

— גענוג, טייערינקער, גענוג — מיר קענען זיי שוין. מיר האָבן זיי פֿריער געהאט געזעען אין וואַלד. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום דער אַלמאָנעס שטוב, און ווי נאָר זיי האָבן אונז דערזעען, האָבן זיי זיך געלאָזט לויפֿן. נו, כעוורע, אַצינד גייט וואס גיכער צום שעריף, און דעם איבערבייסן לייגט שוין אָפּ ביז מאָרגנדיקן אינדערפֿרי.

דעם אַלטנס זין זיינען טייקעף אַוועקגעגאַנגען. ווען זיי זיינען שוין געווען באַ דער טיר, האָט העק זיך אַ וואָרף געטון צו זיי, בעטנדיק זיך:

— איך בעט אייך, דערציילט נאָר ניט, אַז דאס האָב איך זיי געמאַסערט. זייט אַזוי גוט. איך בעט אייך זייער!

— גוט. אויב דו ווילסט ניט, וועלן מיר ניט אויסזאָגן. אָבער דו האָסט דאָך קיין שום שלעכטס ניט געטון — מע וואָלט דיך נאָר געלויבט פאַר אַזאַ זאַך.

— מע דאַרף ניט, איך בעט אייך! זאָגט ניט אויס!

אַז די יונגעלייט זיינען אַרויסגעגאַנגען, האט דער אַלטער זיך געווענדעט צו העקן:

— זיי וועלן ניט זאָגן, איך וועל אויך ניט אויסזאָגן. אָבער פאַרוואָס ווילסטו ניט, אַז מע זאָל וויסן דערפון?

העק האט געפּויעלט באַ זיך נאָר צו זאָגן, אז דידאָזיקע לייט וועלן אים געוויס האַרגענען, אויב זיי וועלן זיך דערוויסן, אז ער האָט זיי געמאַסערט.

דער אַלטער האָט נאָכאַמאָל צוגעזאָגט האַלטן סאָד, נאָר פונדעסטוועגן האט ער אַ פרעג געטון:

— זאָג: ווי איז עס דיר איינגעפאַלן צו נאָכשפּירן נאָך זיי? זיי האָבן טאַקע אויסגעזעען דיר אַזוי פאַרדעכטיק, האַ?

העק האט געשוויגן, צוטראַכטנדיק אַזאַ ענטפער, וואס זאָל ניט קענען קאָמפּראָמעטירן אים, און ער האָט, ענדלעך, געענטפערט:

— איר פאַרשטייט, לעבן לעבט זיך מיר ניט איבעריק זיס, אַליין בין איך א פאַרפאַלענער — אַלע זאָגן אַזוי, און איך קאָן גאָרניט ניט זאָגן קעגן דעם. טרעפט זיך אַמאָל באַנאַכט, אז איך שלאָף ניט. איך טראַכט און קלער אַלץ, ווי זאָל איך עס אָנהייבן לעבן אַף אן אַנדער אויפן. אָט אַזוי איז עס געווען יענע נאַכט. אַנשלאָפן ווערן האב איך ניט געקענט. נו, האב איך זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער גאַס אזוי ארום האַלבער נאַכט און געטראַכט וועגן דעם אַלעמען. גיי איך דורך אַזוי פאַרביי אן אַלטער געמויערטער קאַמער, וואָס שטייט דאָרט אַרום שיינק, איך שטעל מיך אַוועק אַרום וואַנט און איך טראַכט זיך אַזוי... פּלוצים זע איך — עס לויפן פאַרביי צוויי מענטשן, איינער פון זיי האַלט עפּעס אונטערן אָרעם. איך האָב טייקעף באַשלאָסן, אז דאס איז געגאַנוועטס. איינער פון זיי האט געדויכערט, און דעם אַנדערן האט זיך פאַרוואָלט פאַרויכערן — האָבן זיי זיך ביידע אָפּגעשטעלט אין אַ פּאָר טריט פון מיר, די סיגאַרן האבן באַלויכטן זייערע פּענימער, און איך האָב דערקענט אינם הויכן פאַרשוין דעם טויבשטומען שפּאַניער. איך האב אים דערקענט לויט

די גרויע באַקנבערד און לויט דעם פלאַסטער אַף איין אויג; און דער אַנדערער איז געווען אָט־דער אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער טייוול...

— געשיקט זיך, אַז דו האָסט באַ דער שיין פון סיגאַר געקענט באַמערקן זיינע שמאַטעס?...

העק איז אַף אַ מינוט געוואָרן צעמישט.

— איך קאָן אייך ניט זאָגן, ווי אַזוי, נאָר, ווייזט אויס, איך האָב באַמערקט.

— נו, און ווייטער? זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, און דו?

— און איך נאָך זיי. אָט אַזוי איז עס אַלעס פאָרגעקומען. מיר האָט זיך געוואָלט וויסן, וואָס האָבן זיי עס פאַרטראַכט אופּצוטון. זיי זיינען געקראָכן אַלץ העכער און העכער, און איך נאָך זיי, ביזן סאַמע פּאַרקן, וואָס אַרום דער אַלמאָנעס שטוב. דאָרט האָב איך זיך אָוועקגעשטעלט אין דער פינצטער און הער זיך איין: דער פּאַרשוין אין די שמאַטעס האָט זיך אָנגענומען פאַר דער אַלמאָנע, און דער שפּאַניער האָט געשוואוירן, אַז ער וועט איר דעם פּיסק צענעריקן — אָבער דאָס אַלץ האָב איך דאָך אייך שוין דערציילט...

— וואָס הייסט? — אָט דאָס אַלץ האָט געזאָגט אַ טויבשטומער?...

ווידער אַריינגעפאַלן. העק האָט זיך אַלץ געבעריעט, געוואָלט, אַז דעם אַלטן זאָל אַפּן געדאַנק ניט קומען, ווער עס איז דער שפּאַניער; אָבער זיין צונג האָט זיך פונקט ווי אונטערגענומען צו קאַליע מאַכן אים. ער האָט עטלעכע מאָל געפּרוּווט פאַריכטן די זאַך, נאָר דער אַלטער האָט די גאַנצע צייט ניט אָפּגעריסן די אויגן פון אים, און ער האָט אים אַלע ווײַלע געכאַפּט באַ אַ ליגן. סאָפּקאָלסאָף, האָט דער אַלטער אַ זאָג געטון:

— טייערינקער, וואָס האָסטו מוירע פאַר מיר? איך וועל פאַר קיין זאַך אין דער וועלט ניט איינגיין צו מאַסערן דיך. פאַרקערט, איך וועל דיך נעמען אונטער מיין באַשיצונג. דערדאָזיקער שפּאַניער איז ניט קיין טויבשטומער; דו האָסט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, און איצט וועסטו דאָס צוריק שוין ניט נעמען. דו ווייסט עפּעס וועגן דעם שפּאַניער און ווילסט עס ניט אויסזאָגן? נו, פאַרלאָז זיך אַף מיר, זאָג מיר אויס, און מעגסט זיין רואיק: איך וועל דיך ניט מאַסערן.

העק האָט זיך אַ רעגע אַיינגעקוקט אין דעם אַלטנס ערלעכע אויגן, ער האָט זיך אָנגעבויגן און האָט אַ רוים געטון אים אַפּן אויער:

— דאָס איז ניט קיין שפּאַניער — דאָס איז אינדזשען דזשאָ.

דער וואַליער איז שיר ניט אַראָפּגעפאַלן פונם שטול.

— נו, אַצינד איז די זאַך קלאָר, איצט הייב איך אָן צו פאַרשטיין,— האָט ער זיך אָנגערופן. — בעשאַס דו האָסט גערעדט וועגן אָפּגעהאַקטע אויערן און אַ צעשפּאַלטענער נאָז, האָב איך געמיינט, אַז דאָס האָסטו צו־

געטראַכט אַזוי זיך פון שיינקייט וועגן, וואָרום די ווייסע זיינען זיך ניט נויקעם אַף אַזאַ אויפן. אָבער אַן אינדיאַנער, א מעטיס—דאָס איז, פאַר־שטייט זיך, גאָר, גאָר אַן אַנדער זאַך.

בעאייסן אָנבייסן איז דער שמועס געגאַנגען ווייטער, און דער אַל־טער האָט דערנאָך, אַגעוו, אַ זאָג געטון, אַז פאַרן אַוועקגיין האָט ער אָנגעצונדן אַ לאַמטערן און האָט מיט די זין צוזאַמען אַרומגעקוקט דעם פאַרקן און די ערד, זוכנדיק, צי איז דאָרט ניטאָ קיין שפּורן פון בלוט.

קיין שפּורן אַזעלכע האָבן זיי ניט געפונען, אָבער זיי האָבן געפּאַקט דאָרט אַ גרויסן קלומיק מיט...

— מיט וואָס ?

דידאָזיקע ווערטער האָבן מיט דער גיכקייט פון אַ בליץ זיך אַ ריס געטון פונם אינגלס וויס־געוואָרענע ליפן. ער האָט מיט אַ צעמישטן בליק אָנגעקוקט דעם אלטן, קאָם געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם און געוואַרט אַף אַן ענטפער. דער וואַליִער פון זיין זייט האָט געקוקט אַף אים אין מעשעך פון דריי, פינף, צען סעקונדעס און ערשט נאָכדעם געענטפערט:

— אַ קלומיק מיט געניייווישן קלאַפּערגעצייג. אָבער וואָס טוט זיך עס מיט דיר ?

העק האָט זיך אַ וואָרף געטון אַף צוריק, צו דעם אָנשפּאַר פונם שטול, ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט און עס איז אים אומגעוויינלעך גרינג געוואָרן. דער וואַליִער האָט ערנסט און מיט נייגיר געקוקט אַף אים.

— יאָ, אַ בינטל געניייווישן קלאַפּערגעצייג. ווייזט אויס, אַז דו האָסט זיך באַרואיקט ? וואָס דען, האָסטו געמיינט, וועלן זיי געפינען ?

העק איז אַריינגעפאַלן. דער אַלטער האָט ניט אָפּגעריסן פון אים זיין אויספּרואוונדיקן בליק. דאָס אינגל וואָלט אָפּגעגעבן אַלץ אין דער וועלט נאָר דערפאַר, אַז ער זאָל צוטראַכטן אַ פּאַסיקן ענטפער, אָבער עס איז אים קיין זאַך ניט געקומען אַפן זינען, און דער אויספּרואוונ־דיקער בליק פונם אַלטן האָט אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען אין זיין נע־שאָמע. עס איז אים איינגעפאַלן דער סאַמע אומגעלומפּערטסטער ענטפער, אָבער קלערן איז קיין צייט ניט געווען, און העק האָט אַ שטאַמל געטון אין דער וועלט אַריין:

— איך האָב געמיינט, אַז מע האָט געפונען, עפּשער... א לערנבי־כל פון דער זונטיק־שול.

דאָס אָרעמע אינגל איז געווען צופיל דערשלאָגן, אַז ער זאָל קענען אַ שמייכל טון, אָבער דער אַלטער האָט זיך צעלאַכט אַזוי הויך און מונטער, אַז זיין גאַנצער דיקער קערפּער האָט זיך אַ טרייסל געטון.

ענדלעך, ווען ער האָט זיך שוין גוט, גוט אָנגעלאכט, האָט ער גע־מאָלדן, אז אַזאַ געלעכטער איז זייער שפּאָרעוודיק, ווייל דורכדעם ווערט מען פּאָטער פון הויצאָעס אַף דאָקטוירים און רעפּועס.

— אומגליקלעך באָכערל! — האָט ער צוגעגעבן, — דו ביסט בלייך און מיד. דו ביסט, ווייזט אויס, שטאַרק ניט געזונט, דערפאר פארעד־סטו זיך אביסל. נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. וועסט קומען צו זיך. דו וועסט אָפּרוען, אויסשלאָפן זיך און ווערסט אופשטיין, ווי אַן אויסגע־לופטערטער.

העקן האָט פאַרדראָסן אַף זיין נאַרישקייט און אויך דערוף, וואָס ער קאָן זיך גיט האַלטן אין די הענט. אָבער ער איז מוירעדיק אופגע־רעגט געווען, ווען ער האָט דערהערט, אַז מע האָט עפּעס געפונען: אים האָט זיך אַ דאַכט געטון, אַז דאָס האָט מען געפונען יענץ קעסטל. פונדעסטוועגן, איז ער געווען צופרידן, וואס ס'איז ביכלאל אַזוי אויסגע־קומען: איצט האָט ער כאָטש געוואוסט אַף זיכער, וואָס ס'האָט זיך געפונען אינם קלומיק, און ער האָט זיך באַרואיקט. אַפּאָנים, אַז אלעס איז געגאַנגען גוט: יענץ קעסטל איז, ווייזט אויס, ביז איצט נאָך פאַרבאַהאַלטן אינם № 2, די צוויי באַנדיטן וועט מען היינט כאַפּן, און באַנאַכט וועט ער מיט טאָמען פאַרכאַפּן דעם אויצער, אָן זאָרג און אָן מוירע, אַז עמעצער זאָל זיי שטערן.

זיי האבן נאָר־וואָס געהאַט געענדיקט דעם פרישטיק, ווען מע האט אָנגעקלאַפּט אין טיר אַריין. העק האָט זיך געאיילט צו באַהאַלטן, ווייל ער האט בעשומויפן ניט געוואָלט עמעצער זאָל כוישעד זיין, אַז ער האט וועלכע ס'איז שאַיכעס צו אַלץ, וואס האָט פּאַסירט יענע נאַכט. דער וואַליִער האָט אַריינגעלאָזט עטלעכע לעדיס און דזשענטלמענעס און ער האט באַמערקט, אַז אַרוף־באַרג דראַפּעט זיך אַ כאָפּטע קינדער, וואָס ווילן אָנקוקן דעם פּאַרקן. איז דאָך אַ סוואָרע, אַז דאָס נייס האָט זיך פאַרשפּרייט.

דער וואַליִער האָט דערציילט פאַר די באַזוכער די געשיכטע פון דער פאָריקער נאַכט. די אַלמאָנע האט אים אָנגעהויבן באַדאַנקען דער־פאַר, וואס זי איז געראַטעוועט געוואָרן.

— קיין וואָרט ניט וועגן דעם, געערטע פרוי. עס איז פאַראַן אַן אַנדער מענטש, וועמען איר האָט, מעגלעך, מער צו פארדאַנקען, איי־דער מיר מיט מיינע זין איניינעם. אָבער ער דערלויבט ניט, אַז איך זאָל אָנרופן זיין נאָמען. אונז וואָלט אפילע ניט איינגעפאלן צו קומען צו אייך, ווען ניט ער.

עס פארשטייט זיך, אַז דידאָזיקע ווערטער האָבן ארויסגערופן אזא נייגיריקייט, וואס קענן איר האט אלץ געמוזט אָפּטרעטן אפן צווייטן אָרט, און

גאַנץ גיך האָט די נייגיריקייט פאַרשפּרייט זיך אַף דער גאַנצער ש טאָט. אָבער דער וואָלְיער האָט ניט געהאַט קיין ראַכמאָנעס אַף דעם אומגע־דולד פון זיינע געסט און ער האָט זיי דעם סאָד ניט אויסגעזאָגט. דערהערט װעגן אַלץ, װאָס איז געװען נאָכדעם, האָט די אַלמאָנע זיך אָנגערופן:

— איך בין איינגעשלאָפן, לײענענדיק אין בעט, און בין די גאַנצע צייט רואיק געשלאָפן. פאַרוואָס־זשע זיינט איר ניט אַריינגעגאַנגען און ניט אויפגעוועקט מיך?

— מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ס׳לוינט ניט. דידאָזיקע באַנדיטן וואָלטן מיסטאָם ניט אומגעקערט זיך; זיי האָבן דאָך פאַרגעסן זייערע אינ־סטרומענטן און זיי וואָלטן ניט געהאַט מיט וואָס צו אַרבעטן. צוליב וואָס־זשע האָט געטויגט וועקן אייך? קעדיי איבערשרעקן אייך אַף טויט? ווייטער האָבן מיינע דריי נעגערן דעם גאַנצן רעשט פון דער נאַכט גע־האַלטן וואַך אַרום אייער שטוב. זיי האָבן נאָר־וואָס אומגעקערט זיך.

ס׳זיינען אָנגעקומען נייע באַזוכער, און אין מעשעך פון דריי שאָ האָט דער אַלטער קיין זאַך מער ניט געטון, נאָר געהאַלטן אין איבער־כאַזערן זיין געשיכטע.

יענעם פרימאָרגן זיינען אין שול ניט פאָרגעקומען די געוויינלעכע זונטיקדיקע לימודים, אַלע האָבן זיך נאָר פאַרזאַמלט גאָר פרי אין קלויסטער אַריין, ־קעדיי גוט צו באַטראַכטן די איבעראַשנדיקע געשעע־ניש. אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז מע האָט נים געפונען אַפילע קיין שפור פון די גאַזלאָנים. נאָכדעם, ווי די דראָשע האָט זיך פאַרענ־דיקט, האָט דעם ריכטערס ווייב מיסיס טעטשער זיך דורכגעשטופט דורך דעם האַמוין צו מיסיס גאַרפּער און אַ זאָג געטון:

— וואָס־זשע וועט זיין: מיין בעקי וועט טאַקע אָפּשלאָפן היינט אַגאַנצן טאָג נאָכאַנאַנד? כאָטש איך האָב טאַקע אַזוי אויך גערעכנט, אַז זי וועט שרעקלעך מיד ווערן.

— אייער בעקי?

— נו, יאָ (אַ פאַרוואונדערטער קוק). זי האָט דען ניט גענעכטיקט באַ אייך?

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין.

מיסיס טעטשער איז בלייך געוואָרן און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק. פונקט אין דער צייט איז געגאַנגען פאַרביי די מומע פּאָלי, שמועסנדיק גאַנץ אויפגעלעבט מיט אירער אַ גוטער־שוועסטער.

— גאָט העלף, מיסיס טעטשער! — האָט געזאָגט די מומע פּאָלי.

— אַ גוט מאָרגן, מיסיס גארפּער. און באַ מיר איז ווידער דער יונג פאַרשוואונדן געוואָרן. איך בין זיכער, אַז מיין טאָם האָט היינט גענעכטיקט

באַ עמעצן פון אייך, און איצט האָט ער מוירע צו קומען אין קלויסטער אַריין — ער ווייסט, אַז ער וועט לייזן פון מיר...

מיסיס טעטשער האָט שוואַך אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איז נאָך מער בלייך 'געוואָרן.

— ער האָט באַ אונז ניט גענעכטיקט, — האט געזאָגט מיסיס גארפער, וואס האט שוין אויך אָנגעהויבן יעסורים צו האבן. דער מומע פּאָליס פּאָנים איז פול געווען מיט אומרו.

— דזשאָ גארפער, דו האָסט היינט אינדערפרי געזען מיין טאָמען? — האָט זי אַ פרעג געטון.

— ניין, ניט געזען.

— און וואו האָסטו אים געזען דאָס לעצטע מאָל?

דזשאָ האט זיך געפרואווט צו דערמאַנען, נאָר ער האט גאָרניט געקענט זאָגן אָף זיכער. דער אוילעם, וואס איז געגאַנגען פונם קלויסטער, האָט אָנגעהויבן אָפּצושטעלן זיך, צוהערנדיק זיך צו די רייד. מע האט זיך געשעפּטשעט; אף די פּענימער האט זיך אָפּגעשפּיגלט די אומרואיקייט, וואס האט זיך דערוועקט אין אלעמען. די קינדער און די יונגערע לערער האט מען פאַרשאָטן מיט פראַגן. ס'האט זיך אַרויסגעוויזן, אז קיינער געדיינקט ניט, צי זיינען טאָם און בעקי געווען אָפן פאַראָם, בעאייס די קינדער האבן זיך אומגעקערט אַהיים: אין דער פינצטער האָט קיינער זיי ניט באמערקט, און ס'איז קיינעם ניט איינגעפאַלן אַ פרעג צו טון, צי זיינען פאַראַן אַלע. איין באָכערל האט ניט אויסגעהאַלטן און האט אַ זאָג געטון:

— הייסט עס, אַז זיי זיינען פאַרבליבן אין הייל!

מיסיס טעטשער איז געפאַלן כאַלאָשעס; די מומע פּאָלי האט געיאָמערט, ברעכנדיק די הענט.

די אומרואיקע ידיע איז געגאַנגען פון מויל צו מויל, פון אַ קרייזל צו א קרייזל, פון גאַס צו גאַס. אין פינף מינוט ארום האָבן שוין געקלונגען אלע קלויסטערס, צונויפרופנדיק דעם אוילעם. מע האט מיטאַמאָל פאַרגעסן אָן די גאַנאָווים, מע האָט שוין געשפּאַנט פערד, מע האָט אָפּגעבונדן די שיפלעך; מע האָט געשיקט נאָכן פאַראָם, און אין איין האַלבער שאָ שפּעטער האָבן שוין ארום צוויייהונדערט מאַן געלאזט זיך מיט דער יאבאָשע און מיטן וואסער צו דער הייל.

אַגאנצן טאָג האט דאָס שטעטל אויסגעזען ווי אויסגעשטאָרבן — אזוי ליידיק איז עס געווארן. אין מעשעך פון גאַנצן טאָג האבן די שכיינעס געהאלטן אין איין באזוכן די מומע פּאָלי און די מיסיס טעטשער. זיי האבן געפרואווט טרייסטן זיי און האבן צוזאמען מיט זיי געוויינט, — דאס וויינען האט געווירקט בעסער פון קאָלערליי רייד.

די גאַנצע יעסורימדיקע נאַכט האט מען אין שטאָט געוואַרט אַף יעדיעס, נאר ווען עס האט ענדלעך גענומען שאריען אף טאָג, איז מען פון הייל געקומען צו גיין בלויז נאָך פּראָוויזיע און נאָך ליכט. מיסיס טעטשער איז שיר פון זינען ניט אראָפּ פאַר יעסורים, און די מומע פּאָלי אויך. דער ריכטער טעטשער פלעג אמאָל צושיקן פון הייל דער־מונטערנדיקע צעטעלעך, נאָר זיי האבן שלעכט געווירקט. אַף מאָרגן, קאַיאָר, האט דער אלטער וואַלִיער אומגעקערט זיך אהיים; ער איז געווען אינגאַנצן אויסגעשמירט מיט ליים און כיילעוו. ער האט געטראָפן העקן אפן זעלבן געלעגער, וואוהין ער האט אים פריער באַלייגט. דאָס אינגל איז געלעגן אין גרויס היץ און אין פיבער. אַלע דאָקטוירים זיינען געווען אין דער הייל, אַזוי אַז ארום דעם כוילע האט גענומען זיך אומגיין די אלמאָנע דוגלאס. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט טון צוליב אים אַלץ, וואס איז מעגלעך, וואָרום סייווי, צי איז ער אַ גוטער אָדער א שלעכטער — גאָטס באַשעפעניש איז ער, און מע קאָן אים דאָך ניט איבערלאָזן אף העפקער. דער וואַלִיער האט געענטפערט, אז בא העקן זיינען פאַראַן גוטע מאַילעס אויך, און די אלמאָנע האט מאַס־קים געווען:

— נו, אַוואַדע.

צו האַלבן טאָג צו האָבן אין שטאָט אַריין אָנגעהויבן אומצוקערן זיך בינטלעך טויט־מידע מענטשן, וואס האָבן שוין פאַרלאָרן די האָפע־נונג צו געפינען די פאַרפאַלענע. אָבער די מער ענערגישע האבן ניט אַוועקגעוואָרפן דאס זוכן. פון די, וואס האבן זיך אומגעקערט, האט מען דערוואוסט זיך זייער ווייניק. זיי האבן באַר דערציילט, אַז מע האט אויסגענישטערט אין הייל אלע וויטע קאָרידאָרן, וואוהין מע פלעג פריער קיינמאָל ניט פארקריכן: מע האט אויסגעקוקט אין אלע ווינקעלעך. אַרומקריכנדיק אין אָט דעם לאבירינט, האט מען געהערט דאָ און דאָרט געשרייען און א שיסעריי, וואס האט מאָרעשכוירעדיק אָפּגעקלונגען אין דער פינצטערער הייל. אין איין אָרט, וייט פון יענעם טייל פון דער הייל, וואָס ווערט אלעמאָל באזוכט דורך די טוריסטן, האָט מען געטראָפן אַף אַ שטיין אָנגעצייכנט מיט סאַזשע פון דער ליכט: „בעקי און טאָם", און דאָ אפן זעלבן אָרט האט זיך געוואלגערט אויך אַ שטיקל סטיינגע, וואָס איז געווען פאַרקאַפּעט מיט כיילעוו פון אַ ליכט. די מיסיס טעטשער האט דערקענט דאָס שטיקל סטיינגע און האט זיך צעוויינט. אנדערע האבן דערציילט, אז בעאייס די זוכונגען פלעג מען טיילמאָל באַמערקן פונ־דערווייטנס אַ פינקלענדיקע שיין און אַ טוץ מענטשן פלעג מיט אַ פרייד־געשריי אַ וואָרף טון זיך מיטאַמאָל אין יענער זייט. נאָר נאָכ־דעם פלעג קומען די ביטערע אנטוישונג: די קינדער זיינען דאָרט ניט

געווען, און מע פלעג זיך אָנשטויסן נאָר אף עמעצן פון די אייגענע מענטשן, וואָס האבן געזוכט אין דער הייל.

אַזוי זיינען דורכגעגאַן דריי שרעקלעכע טעג מיט דריי שרעקלעכע נעכט. לאַנגזאַם און שווער האט זיך געצויגן אַ שאָ נאָך אַ שאָ. די שטאָט איז סאָפּקאָלסאָף אַריינגעפאַלן אין עפּעס אַן האָפּענונגלאָזן, פאַר־טעמפּטן צושטאַנד. קיינער האט מער קיין כיישעק ניט געהאַט צו נע־מען זיך עפּעס טון; די ארבעט איז געפאַלן פון די הענט. די פרישע אנטדעקונג, וואס מע האט אנטדעקט — אַז דער באַלעבאָס פון דעם איינפאָר־הויז, וואס ס'האט געהאלטן די „געזעלשאַפט פאַר ניכטערקייט", האט געהאנדלט מיט בראָנפן און ראָם — האט, ניט געקוקט אף דער גאַנצער אומגעהייערקייט, קימאַט ניט אופגערעגט דעם אוילעם. אין איי־נער פון די מינוטן, ווען העק פלעג קומען צו זיך, האָט ער פארפירט אַ שמועס וועגן דעם איינפאָר־הויז און ענדלעך א פרעג געטון, מוירע האָבנדיק צו דערהערן עפּעס שרעקלעכס, צי האט מען ניט געפונען עפּעס־וואס אין דעם איינפאָר־הויז פון דער געזעלשאפט פאר דער צייט, ווען ער איז קראנק געווען.

— יאָ, מע האט געפונען — האט ער באקומען אן ענטפער.

העק איז אופגעשפרונגען פונם געלעגער, ער האט מיט ווילדע בליקן אָנגעקוקט די אלמאָנע דוגלאס.

— זאָגט: וואָס, וואָס האָט מען געפונען?

— שטאַרקע געטראַנקען. לייג זיך צוריק, קינד מיינס. אך, ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן!

— זאָגט מיר נאָר איינס, בעט איך אייך, נאָר איינס: ווער האָט עס געפונען? טאָם סאָיער?

די אַלמאָנע האָט גענומען גיסן טרערן.

— זאָל זיין געזונט, מיין קינד. איך האָב דאָך שוין געזאָגט דיר. דו טאָרסט ניט רעדן אזויפיל. דו ביסט זייער, זייער קראנק.

„איז הייסט עס, אַז כוץ בראָנפן האָט מען גאָרניט געפונען. ווען מע זאָל געווען געפינען געלט, וואָלט געוואָרן א שרעקלעכע מעהומע אין שטאָט. הייסט עס, אַז דער אוצער איז פארפאלן אף אייביק, האָט אַרויסגעגליטשט זיך פון די הענט... אָבער פארוואָס ווייַנט זי? אַ מאָדנע זאַך! פארוואָס זאָל זי עס דאַרפן וויינען?..."

אָט אַזעלכע געדאנקען האָבן זיך אַף אן אומקלאָרן אויפן גערודערט בא העקן אין מויעך, און ער איז דערפון אַזוי פאַרמאַטערט געוואָרן, אַז ער איז איינגעשלאָפן.

— „אָט איז ער שוין, נעבעך, איינגעשלאָפן... — האָט גערעדט צו זיך אליין די אַלמאָנע. — טאָם סאָיער האָט געפונען! גיי פרואוו איצט

געפינען טאָם סאָיערן אליין! עס איז שוין געבליבן • וויניק־וואַסער, וואָס זאָל ניט אָנווערן דעם מוט און די קויכעס אף צו זוכן ווייטער״.

## קאַפּיטל XXXII.

לאָמיר זיך אצינד אומקערן צו טאָמען און בעקין. זיי זיינען איינינעם מיט אַנדערע אומגעגאנגען איבער די פינצטערע קאָרידאָרן, באַטראכטנדיק די שוין באקאנטע וואונדער פון דער הייל, וועלכע האָבן געטראָגן אביסל צוגעפּוצטע נעמען, ווי, לעמאָשל, „דער אופּנאַם־זאַל״, „די קאטעדראַל״, „אלאדינס הויף״ און אז. וו. נאָכדעם האָט זיך בא זיי אָנגעהויבן אַ פריילעכע שפּיל אין באַהעלטעניש אַזוי לאנג, ביזוואַנען זיי זיינען ניט מיד געוואָרן פונם ארומלויפן. און שפּעטער זיינען זיי אוועקגעגאנגען אינצווייען מיטן געשלייגלטן קאָרידאָר, האַלטנדיק הויך זייערע ליכט און לייענענדיק די נעמען, ציפער, אַדרעסן און דעוויזן, מיט וועלכע ס'זיינען געווען דורכויס באשריבן די שטיינערנע ווענט. זיי האָבן זיך אַזוי פארעדט, אַז זיי האָבן גאָרניט באמערקט, ווי זיי זיינען פארגאַנגען אין אַזאַ טייל פון דער הייל, וואו די ווענט זיינען שוין ניט געווען באשריבן. זיי האָבן אַליין מיט דער סאַזשע פונם ליכט אופגעצייכנט זייערע נעמען אף דער וואַנט אונטער אַן אַראָפּהיינגענדיקן שטיין און האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער. ענדלעך, זיינען זיי ארופגעקומען אף אַן אָרט, וואו אַ קליינער שטראָם האָט געגאָסן זיך איבער אַן ארויססטאַרטשענדיקן שטיין. דער שטראָם האָט געטראָגן מיט זיך אַן אָפּזאַץ פון קאַלך, און אין מעשעך פון יאָרהונדערטער איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין שטורעמדיקער ניאַגארע פון גלאַנציקן שטיין. טאָם האָט זיך דורכגעשטופּט דורכן שמאָלן שעטעך הינטער דעם שטיינערנעם וואַסערפאַל, ווייל ער האָט געוואָלט אים באלויכטן פון בעקיס פארגעניגן וועגן, און ער האָט דערזעען, אז דער וואסערפאַל פארשטעלט מיט זיך עפּעס ווי אַ מין נאַטירלעכן לייטער, וואָס איז אריינגערוקט אין אַ שמאָלן שפּאַלט צווישן צוויי שטיינערנע ווענט. אין זעלבן אויגנבליק האָט אים שוין אָנגעכאַפּט דער כיישעק צו נעמען זיך פאר אַנטדעקונגען. בעקי איז איינגעגאנגען דערוף, און נאָכדעם, ווי זיי האָבן פאר אן אָנדיינק געמאכט מיט דער סאַזשע פון דער ליכט אַ צייכן אַף אַ שטיין, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון זוכן. זיי זיינען אַ לאנגע צייט געגאנגען דורך אַ געשלייגלטן קאָרידאָר, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אלץ נידעריקער אין די געהיימע ווינקלען פון דער הייל. זיי האָבן געמאַכט נאָך אַ צייכן אַף אַ שטיין און האָבן פארקערעוועט אין אַ זייט, אָפּזוכנדיק אלץ נייע וואונדער, וועגן וועלכע זיי וועלן שפּעטער דערציילן דאָרטן, פונויבן. אין איין

אָרט האָבן זיי געפונען אן אומגעהייער גרויסע נישע, וואו עס איז פון דער סטעלי אַראָפּגעהאַנגען אַ וועלט מיט גלאַנצנדיקע סטאלאקטיטן, די לײַנג און די גרעב ווי אַ מענטשלעכער פוס. זיי זיינען ארומגעגאנגען אַרום און ארום דער הייל, פארכידעשט און אַנטציקט פון איר שיינקייט, און ארויסגעגאנגען זיינען זיי פון דאָרטן דורך איינעם פון יענער גרוי־סער צאָל קאָרידאָרן, וואָס האבן פון דאָרט געפירט. איינגיכן האָבן זיי געטראָפן צו אַ וואונדערלעכן קוואַל, וואָס האָט געזעצט פון א פעלז. דער באַסיין פונם פעלז איז געווען אויסגעלייגט מיט שיינענדיקע קרישטאָלן אַזוי ווי מיט גלאַזור. דער קוואַל האָט זיך געפונען אינמיטן פון אַ צווייטער הייל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אף פאַנטאסטישע קאָלאָנעס פון צונויפגעוואָקסענע גרויסע סטאלאקטיטן און סטאלאגמיטן — אַ רעזולטאַט פון אומופהערלעכן טריפן פונם וואַסער אין מעשעך פון לאנגע יאָר־הונדערטער. אונטער דער סטעליע פון דער הייל האָבן זיך געגעסטן טויזנטער פלעדערמייז, וואָס האָבן זיך צונויפגעפרעסט אין איין קופע. די שיין האָט זיי איבערגעשראָקן, און זיי האָבן זיך אַ ריס געטון פון אָרט, הונדערטערוויס, פּישטשענדיק און אַרופוואַרפנדיק זיך אף די ליכט. טאָם האָט געוואוסט זייער טעווע און ער האָט פארשטאנען, צו וואָס פאר אַ געפאַר דאָס קאָן ברענגען. ער האָט אָנגעכאַפּט בעקין פאר דער האַנט און איז אַרויסגעלאָפן איינעם מיט איר אינם ערשטן קאָרידאָר, וואָס האָט זיך געטראָפן אַקעגן. און ס׳איז שוין טאַקע צייט געווען דאָס צו טון, ווארום איינע פון די פלעדערמייז האָט מיט אַ פּאָך פון איר פליגל פארלאָשן בעקיס ליכט בעאייס יענע איז אַרויס־געגאנגען פון דער הייל. די פלעדערמייז האָבן אַ לאנגע צייט נאָכגעיאָגט זיך נאָך די קינדער, אָבער די אנטלויפנדיקע האָבן אַלעמאָל פאַרקערע־וועט אין אַ נייעם דורכגאנג, וואָס האָט זיך זיי געטראָפן אין וועג, און אזוי אַרום זיינען זיי סאָפּקאָלסאָף פּאָטער געוואָרן פון די פלעדערמייז. באַלד נאָך דעם האָט טאָם געפונען אן אונטערערדישע אָזערע מיט אומ־קלאָרע ברעגן, וואָס זיינען פארלאָרן געגאנגען אין דער פינצטער. ער האָט באַשלאָסן אויספאָרשן דידאָזיקע ברעגן. אָבער באַלד האט ער אַ קלער געטון, אַז גלייכער וועט זיין פריער צוזעצן זיך און אָפּרוען. דאָ האָט צום ערשטן מאָל די טויטע שטילקייט פון דער אונטערערד אָנגעהויבן דריקן אף די קינדער.

— וואָס הייסט עס? — האָט זיך אָנגערופן בעקי, — מיר דאַכט, אַז מע הערט שוין פונלאַנג קיין קוילעס ניט. דו האָסט עס ניט באַמערקט?

— דו באַרעכן נאָר, בעקי — זיי זיינען דאָך דאָרט פונויבן, און מיר זיינען אונטן, און איך ווייס אפילע ניט, ווי ווייט מיר זיינען פארגאנגען

און אין וועלכער זייט: אַף צאָפן, אַף דאָרעם אָדער אַף מיזרעך. דאָ קאָנען מיר ניט דערהערן זייערע קוילעס.

בעקי איז געוואָרן אומרואיק.

— ווי לאַנג, אַז מיר גייען שוין דאָ ארום, טאָם? עפשער וואָלט גלייכער געווען אומקערן זיך צוריק?

— יאָ, ביסט גערעכט, דאָס וועט זיין גלייכער.

— און דו וועסט קענען געפינען דעם וועג, טאָם? דא איז אַזאַ פּלאָנטער — איך אליין וואָלט געוויס ניט געקענט ארויס פונדאַנען...

— איך וואָלט יאָ געקענט, ווען ניט די פלעדערמייז. נאָר אויב זיי וועלן פאַרלעשן אונזערע ביידע ליכט, וועט דאָס זיין אַ גוואַלדיקע מיעסקייט. לאָמיר פּרואוון אַ זוך טון אן אנדער וועג, קעדיי ניט צו גיין דאָרטן ארום.

— אָבער איך האָף, אַז מיר וועלן ניט פאַרבלאָנדזשען. דאָס וואָלט דאָך געווען אזא שרעקלעכע זאַך! — און דאָס מיידעלע האט אַזש אַ ציטער געטון פונם געדאנק אַליין. טאָם האט אויסגעקליבן איינעם פון די קאָרידאָרן, און די קינדער זיינען אַ לאנגע צייט שווייגנדיקערהייט געגאנגען מיטן קאָרידאָר, איינקוקנדיק זיך אין יעדן זייטיקן דורכגאַנג, עפּשער וועט מען אין אים עפּעס דערקענען. אָבער דאָ איז אלץ געווען פאר זיי פרעמד. יעדער מאָל, ווען טאָם האט גענומען אויספאָרשן אַ נייעם דורכגאנג, האָט בעקי אַכטונג געגעבן אַף אים, וואַרטנדיק אַף אַ מונטערן צייכן, און ער פלעג פריילעך אַ זאָג טון:

— דאָס איז ניט יענער וועג, מיט וועלכן מיר זיינען פריער געגאנגען, אָבער דו האָב קיין יעסורים ניט — אַז ס׳וועט קומען די רעכטע צייט, וועלן מיר געפינען אונזער וועג.

פונדעסטוועגן האָט ער אלעמאָל, ווען ס׳איז ניט געראָטן, אלץ מער פארלוירן די זיכערקייט, און האָט אינגיכן אָנגעהויבן צו פאַרקערעווען אף רעכטס און אף לינקס, וואוהין ס׳לאָזט זיך, האָפנדיק צו געפינען, סאָפּקאָלסאָף, דעם באקאנטן וועג. פון צייט צו צייט פלעג ער אַ זאָג טון: האָב קיין מוירע ניט — אלץ גייט אויסגעצייכנט. אָבער בא אים אפן האַרצן איז שוין געלעגן אַזאַ שרעקלעכע שווערקייט, אַז דאס קאָל זיינס האָט מען קאם געקענט הערן, פונקט ווי ער וואָלט זאָגן ניט „אַלץ גייט אויסגעצייכנט”, נאָר „אַלץ איז פארלוירן”.

בעקי האָט מיט פּאַכעד געטוליעט זיך צו אים, זי האָט מיט אַלע קויכעס געשטאַרקט זיך איינצוהאַלטן די קויכעס, נאר דאס האָט זיך איר שלעכט איינגעגעבן. ענדלעך, האָט זי אַ זאָג געטון:

— הער אויס, טאָם, עס מאַכט ניט אויס, וואָס דאָרטן זיינען פאראן פלעדערמייז. לאָמיר זיך אומקערן צוריק מיט יענעם וועג. אַניט וועלן מיר זיך גאָר פארפּלאָנטערן.

טאָם איז געבליבן שטיין.

— וואַרט אויס.

און אינמיטן דער טיפער שטילקייט,—אַזאַ שטילקייט, אַז די קינדער האָבן געהערט זייער אייגענעם אָטעם,—האָט טאָם אַ געשריי געטון.

זיין קאָל האָט אַ לאַנגע צייט אָפּגעקלונגען אין דער ליידיקער היי. און איז אויסגעגאַנגען ערגעץ ווייט מיט אַ שוואכן קלאַנג, וואָס איז געווען ווי אַ שפּאָט־געלעכטער.

— אוי, טאָם, טו דאָס מער ניט — דאס איז אַזוי שרעקלעך, — האט געזאגט בעקי.

— שרעקלעך איז דאס שרעקלעך, אָבער בעסער איז דאָך, אַז מע שריים: קאָן זיין, זיי וועלן פאָרט דערהערן אונז.—און ער האט ווידער אַ געשריי געטון.

זיינע ווערטער „קאָן זיין" האבן דורכגעקלונגען פאַרן מיידעלע נאָך שרעקלעכער פונם בייז־וואונדערישן געלעכטער. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז טאָם פארלירט די האָפענונג. די קינדער זיינען געשטאַנען שווייגנדי־קערהייט און האָבן געוואַרט. אָבער אַף דעם געשריי האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן. טאָם האט פארקערעוועט אף צוריק און האט פאַרגי־כערט די טרים. נאר באלד האט עפּעס אַ ניט־זיכערקייט אין זיין בליק אויסגעזאָגט בעקין אן אנדער שרעקלעכן סאָד: ער האט שוין ניט געקענט געפינען דעם וועג אף צוריק!

— אוי, טאָם, פארוואָס האָסטו ניט געמאַכט קיין צייכנס?

— בעקי, איך בין אַזאַ נאַר! אַזאַ נאַר! מיר איז גאָר ניט איינ־געפאלן, אַז אונז וועט אויסקומען גיין צוריק. ניין, איך קאָן ניט געפינען דעם וועג. בא מיר האָט זיך אלץ פאַרפּלאָנטערט.

— טאָם, טאָם, מיר זיינען פארפאַלן! פאַרפאַלן! מיר ועלן קיינמאָל, קיינמאָל ניט ארויסקלייבן זיך פון אָט דער שרעקלעכער אונטערערד! אָ, פארוואָס זיינען מיר אוועקגעגאנגען פון די איבעריקע?

זי האָט אָן קויכעס אַראָפּגעלאָזט זיך אף דער ערד און אזוי ווילד צעוויינט זיך, אַז טאָם האָט זיך איבערגעשראָקן, מיינענדיק, אז זי וועט באַלד שטאַרבן אָדער אַראָפּ פונם זינען. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אף דער ערד לעבן איר און זי אַרומגענומען. זי האָט, וויינענדיק, באַהאַלטן איר פּאָנים בא אים אף דער ברוסט און האָט זיך געטוליעט צו אים, אויסדערציילנדיק אלע אירע פּכאָדים, איר גאַנצע פארשפעטיקטע כאַראָטע. דער ווייטער ווידערקאָל האָט פאַרוואַנדלט דאָס אלץ אין צעשאָטענעם שרויט פון שפּאָטישן געלעכטער. טאָם האָט זיך געבעטן בא איר, זי זאָל אַביסל אופמונטערן זיך, נאָר זי האָט געזאָגט, אַז זי איז ניט אים־שטאנד דאס צו טון. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו שעלטן זיך דער־

פאַר, וואָס ער האָט זי געבראַכט צו אַזאַ שרעקלעכער לאַגע, און דאָס האט געווירקט בעסער. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט פּרוּוון נעמען זיך אין די הענט אריין, אַז זי וועט אופשטיין און גיין נאָך אים, וואוהין ער וועט פירן, אַבי ער זאָל ניט רעדן אַזוי, וואָרום זי איז אויך שולדיק ניט ווייניקער פון אים. און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, וואוהין ס׳האָט זיך געלאָזט, אָן אַ שום ציל, נאָר קעדיי צו גיין און ניט זיצן אפן אָרט — מער האָבן זיי דאָך ניט געקאָנט טון גאָרניט.

שפּעטער אַביסל האט טאָם גענומען דאָס ליכט פון בעקיס הענט און האָט זי פאַרלאָשן. זיי האָבן דאָך געדארפט זיין שפּאָרעוודיק! בעקי האט אָן איין וואָרט פאַרשטאַנען עס און זי איז ווידער אַראָפּגעפאַלן בא זיך. זי האט געוואוסט: בא טאָמען איז פאַראַן נאָך אַ ליכט און נאָך אַ דריי—פיר קליינע שטיקלעך ליכט אין קעשענע — און דאָך האָט ער גערעכנט, אַז מע דארף שפּאָרן.

ביסלעכוויס האט די מידקייט אָנגעהויבן מאָנען אירס. די קינדער האָבן זיך געפּרואווט ניט לייגן דערויף קיין אַכט — עס איז שרעקלעך געווען אַפילו אַ קלער צו טון צו אַנידערזעצן זיך, אַז יעדער רעגע איז געווען אַזוי טייער.

רוקנדיק זיך גלאַט אין דער וועלט אריין, ניט וויסנדיק וואוהין, זיינען זיי פאָרט געגאנגען פאָרויס און, מעגלעך—צום אַרויסגאנג, אָבער זעצן זיך וואָלט געהייסן לאָזן זיך וואַרטן אַפן טויט און אַפילו דערנעענטערן אים. נאָר בעקיס שוואַכע פיסלעך האָבן אינגאַנצן אָפּגעזאָגט זיך צו דינען איר. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. טאָם האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר, און זיי האָבן אָנגעהויבן שמועסן וועגן דער היים, וועגן פריינט, וואָס זיינען דאָרט איבערגעבליבן, וועגן באקוועמע בעטן און דערהויפּט וועגן ליכט. בעקי האָט געוויינט. טאָם האט זיך אלץ געפּרואווט צוטראַכטן עפּעס, קעדיי צו טרייסטן זי, נאָר אלע זיינע שפּיצלעך זיינען מיט ווייסע פעדים גענייט געווען און האָבן געקלונגען ווי כויזעק. בעקי איז סאָפּקאָלסאָף אזוי פאַרפייניקט געוואָרן פון מידקייט, אַז זי איז איינגעשלאָפן. טאָם האָט זיך דערפרייט. ער האָט געקוקט אף איר פאַרמאַטערט פּענימל און האט געזען, ווי ביסלעכוויס, אונטערן איינפלוס פון זיסע כאַלוימעס, נעמט עס אָן זיין געוויינלעכן רואיקן אויסדרוק. אַף אירע ליפּן האָט זיך באוויזן און איז פארבליבן אַ שמייכל. פון דעם פרידלעך־שלאָפנדיק מיידעלע האָט אין זיין אייגענער נעשאָמע אריין געשטראָמט מיט פרידן און זיינע געדאנקען האָבן געשוועבט ערגעץ אין פאַרגאַנגענהייט, אין פארנעפּלטע זיכרוינעס. ער האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין זיינע זיכרוינעס, אַז ער האט אפילו ניט באמערקט, ווי בעקי האָט זיך אופגעכאַפּט און האָט אָנגעהויבן שטיל לאַכן, אָבער

איר געלעכטער איז אין דערזעלבער רעגע פֿאַרשוואונדן און איז אַריבער אין אַ קרעכץ.

— אָ, ווי אַזוי האָב איך געקענט איינשלאָפֿן! איך וואָלט געוואָלט קיינמאָל, קיינמאָל ניט אופֿכאַפּן זיך! ניין, ניין, טאַם, קוק ניט אַזוי! איך וועל קיינמאָל מער אַזוי ניט רעדן.

— איך בין צופֿרידן, וואָס דו ביסט געשלאָפֿן, בעקי: איצט האָסטו אויסגערוט זיך, און מיר וועלן גיין ווייטער זוכן דעם וועג.

— מיר וועלן פּרוּוון, טאַם: נאָר איך האָב אין כאָלעם געזעען אַזאַ וואונדערלעך לאַנד; אַפּאָנים, מיר גייען אַהין.

— קען זיין, און קען זיין ניט. זײַ מונטער, בעקי! קום ווייטער זוכן.

זיי זיינען אופֿגעשטאַנען און אַוועק האַנט בא האַנט, ניט גלויבנ־דיק שוין אין קיין דערפֿאָלג. זיי האָבן געפּרוּווט טרעפֿן, ווי לאַנג שוין זיי האָבן פֿאַרבראַכט אין הייל: זיי האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זיינען דאָ עטלעכע טעג און וואָכן, אָבער קלאָר איז געווען, אַז ס'האָט ניט געקענט זיין אַזוי, ווייל אַפּילע זייערע ליכט האָבן ביזן סאָף ניט אויסגעברענט.

נאָכדעם זיינען זיי לאַנג, זיי האָבן אַליין ניט געוואוסט ווי לאַנג, געגאַנגען שווייגנדיק. טאָם האָט געזאָגט, אַז מע מוז שטיל צוהערן זיך, צי הערט מען ערגעץ ניט קיין רויש פֿון פֿאַלנדיקע טראָפּן; מע מוז געפֿינען אַ קוואַל. טאָם האָט געפֿונען איין קוואַל און האָט געזאָגט, אַז אָט־דאָ דאַרף מען אָפּרוּ מאַכן. ביידע זיינען שרעקלעך פֿאַרמאַ־טערט געווען, נאָר בעקי האָט גערעכנט, אַז מע מוז גיין ווייטער, און איז זייער פֿאַרוואונדערט געווען, ווען טאָם איז דערויף ניט איינגע־גאַנגען. זי האָט עס ניט געקענט פֿאַרשטיין. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, און טאָם האָט מיט אַ שטיקל ליים צוגעקלעפּט דאָס ליכטל צו אַ שטיין, וואָס איז געלעגן אַקעגן זיי. ביידע האָבן זיך פֿאַרטראַכט און האָבן אַ שטיק צייט געשוויגן. בעקי האָט די ערשטע אָנגעהויבן ריידן.

— טאָם, איך בין אַזוי הונגעריק...

טאָם האָט אַרויסגעשלעפּט עפּעס פֿון קעשענע.

— דו געדיינקסט?

בעקי האָט זיך קימאַט צעשמייכלט.

— דאָס איז אונזער כאַסענע־לעקאַך. איך וואָלט וועלן, אַז ער זאָל זיין גרויס ווי אַ פֿאַס, ווייל מער האָבן מיר גאָרנישט.

— איך האָב דעם שטיק לעקאַך אופֿן פּיקניק באַהאַלטן, קעדיי אַוועק־לייגן אים אונטערן קושן, ווי גרויסע טוען עס, קעדיי אַרויסרופֿן די גע־וואונטשענע כאַלוימעס. אָבער דאָס וועט זיין אונזער לעצט...

בעקי האָט ניט געענדיקט. זי האָט ניט געוואָלט פֿאַרשאַפֿן קיין יעסורים איר כאַווער. טאָם האָט צעטיילט דעם לעקאַך אויף צוויי טיילן.

בעקי האָט מיט אַפּעטיט אופגעגעסן איר טייל. טאָם האט זיך קאַם, קאם צוגערירט צו זיין טייל. פּארטרינקען איז געווען מיט וואָס: נאָענט איז געווען אַ גאנצער קוואַל קאַלטע וואַסער. אַביסל שפּעטער האָט בעקי פאָרגעלייגט גיין ווייטער. טאָם האט אַ רעגע אַ טראַכט געטון און געזאָגט:

— בעקי, דו קאָנסט רואיק אויסהערן, וואָס איך וועל דיר זאָגן?

בעקי איז בלייך געוואָרן, נאר זי האט געזאָגט, אז איר דוכט זיך, אַז זי קען.

— איז אָט, בעקי: מיר דארפן בלייבן דאָ. דאָ איז כאָטש פאַראַן וואַסער צום טרינקען. דאָס איז אונזער לעצט שטיקל ליכט!

בעקי האט זיך שוין ניט געקאָנט איינהאַלטן און האט אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן. טאָם האט זי געטרייסט, ווי ער האָט געקענט, נאָר דאָס האט קנאַפּ געהאָלפן. ענדלעך, האָט זי געזאָגט.

— טאָם!

— וואָס, בעקי?

— זיי וועלן זיך כאַפּן און וועלן קומען זוכן אונז?

— נו, פאַרשטייט זיך. זיי וועלן געוויס קומען.

— קען זיין, זיי זוכן אונז שוין אַצינד, טאָם?

— נו, יאָ, זייער מעגלעך. איך גלויב, אז ס'איז אזוי.

— ווען רעכנסטו, טאָם, וועלן זיי זיך דערוויסן וועגן אונז?

— איך רעכן, ווען זיי וועלן זיך אומקערן אפן פּאַראָם.

— טאָם, דעמאָלט וועט שוין פינצטער זיין. זיי וועלן באַמערקן, אַז מיר זיינען נישטאָ?

— איך ווייס ניט. יעדנפאַלס וועט דיין מאַמע עס באַמערקן, ווי נאָר אַלע וועלן זיך אומקערן אַהיים.

בעקיס דערשראָקענער בליק האָט דערמאנט טאָמען, אַז זיין כאַווערטע האָט באַשלאָסן נעכטיקן בא אירער א כאַווערטע, און דעריבער וועט מען אף איר ניט וואַרטן אינדערהיים.

די קינדער זיינען אנשוויגן געוואָרן און האָבן זיך פארטראַכט. אַביסל שפּעטער האָט אַ בייער אופרייס פון בעקיס יעסורים באוויזן טאָמען, אַז בעקין און אים איז איינגעפאַלן איין און דערזעלבער געדאנק: סע קאָן אוועק אַ האלבער זונטיקדיקער פרימאָרגן איידער מיסיס טעטשער וועט זיך דערוויסן, אַז בעקי האָט גענעכטיקט ניט בא מיסיס גארפער.

די קינדער האָבן ניט אָפּגעווענדט זייערע בליקן פונם לעצטן שטיקל ליכט, נאָכשפּירנדיק, ווי אומראַכמאָנעסדיק און לאנגזאַם דאס ליכט גייט אויס. ענדלעך, איז געבליבן ניט מער ווי אַ פיצינקעלע קנייטל; א קליין פייערל פלעגט זיך אופהייבן און פאַלן, דערנאָך האָט עס א פלאטער געטון

אפן דינעם ויילכל רויך, א רעגע פאַרהאַלטן זיך, און ענדלעך איז געוואָרן לאַבלוטן שרעקלעך פינצטער.

וויפל צייט איז אַוועק, איידער בעקי איז געקומען צו זיך און האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וויינט אין טאָמס אָרעמס, האָט קיינער פון זיי ניט געקענט זאָגן. זיי האָבן געוואוסט נאָר, אַז נאָך זייער א לאַנגן מעשעך צייט האָבן זיי ביידע אופגעכאַפּט זיך פון א שווערן שלאָף און אַפּסניי פאַרשטאַנען, וואָס ס'האָט פּאַסירט.

טאָם האָט גערעכנט, אַז סע איז שוין זונטיק, קען זיין מאָנטיק. ער האָט געפּרוּאווט פאַרוויילן בעקין, נאָר יענע איז געווען צופיל דער־שלאָגן פון אירע יעסורים: זי האָט שוין קיין שום האָפענונגען ניט גע־האַט. טאָם האָט געטאַינעט, אַז מע האָט שוין לאַנג געקערט באַמערקן, אַז זיי זיינען נישטאָ, און איצט זוכט מען זיי געוויס. מע דאַרף ווידער שרייען; עמעצער וועט דערהערן, וועט זיך אָפּרופן און וועט קומען. ער האָט א געשריי געטון; נאָר אין דער פינצטער האָט דאָס ווייטע עכאָ געקלונגען אַזוי שרעקלעך, אַז ער האָט שוין מער ניט געפּרוּאווט.

די צייט איז ניט געשטאַנען, און הונגער האָט ווידער אָנגעהויבן פּייניקן די קינדער. טאָם האָט אָפּגעבראָכן א שטיקעלע פון זיין העלפט; זיי האָבן עס צעטיילט צווישן זיך. נאָר דערפון האָט זיך זיי נאָך מער פאַרגלוסט עסן.

— טסס...—האָט טאָם געזאָגט,—דו הערסט?

בעקי האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם און האט אָנגעהויבן צוהערן זיך. פונדערווייטן האָט זיך קאַם, קאַם דערטראָגן א ווייטער רוף (די קינדער האָבן ווידער אָנגעהויבן צוהערן זיך). טאָם האט זיך אין דערזעלבער רעגע אָפּגערופן מיט געשריי און, פירנדיק בעקין פאַרן האנט, איז ער געלאָפן איבערן קאָרידאָר אין דער זייט, פון וועלכער ס'האָט זיך געהערט די שטים; ער איז געבליבן שטיין. דער קלאַנג האָט זיך איבערגעכאַזערט, עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז שוין אסאך נעענטער.

— דאָס זיינען זיי!—האָט אויסגעשריגן טאָם—זיי גייען אַהער, קום, בעקי,—האָב קיין מוירע ניט,—איצט וועט אַלץ גיין גוט.

די קליינינקע געפאַנגענע זיינען שיקער געוואָרן. פון פרייד, נאָר לויפן גיך זיינען זיי געווען ניט אימשטאַנד, מאַכמעס די גריבער, פון וועלכע מע האט זיך געדאַרפט היטן. באַ איין שפּאַלט האָבן זיי ניט ווילנדיק געמוזט אָפּשטעלן זיך. דער שפּאַלט האָט געקענט האבן אי דריי, אי הונדערט פוס אין דער טיף, אַלציינס—איבערשפּאַנען אים איז ניט מעגלעך. טאָם האט זיך אַוועקגעלייגט אַפן בויך און האָט זיך אַ צי־אויס געטון אַראָפּ, אַף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך געווען. דעם באָדן האָט ער ניט דערגרייכט. מע האָט געמוזט פאַרבלייבן דאָ און וואַרטן, ביז מע וועט

נאָך זיי קומען. די קינדער האָבן זיך צוגעהערט, נאָר די קלאַנגען האבן זיך באַשטימט דערווייטערט. נאָך עטלעכע רעגעס, און זיי זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן. ער האט געמידט זיך ווירקן אף בעקין מיט זיין גלויבן; נאָר ס'איז דורכגעגאַנגען א גאַנצע אייביקייט פון אָנגעשטריינגטן וואַרטן, און קיין קלאַנגען האט מען אלץ ניט געהערט.

די קינדער האָבן זיך קאם דערקליבן צוריק צום קוואַל. די צייט האָט זיך געצויגן ביז גאָר לאַנגזאַם; זיי זיינען ווידער איינגעשלאָפן און האָבן זיך אופגעכאַפּט הונגעריקע, דערשלאָגענע פון זייערע יסורים. טאָם איז געווען זיכער, אַז איצט איז שוין דינסטיק.

פלוצים איז באַ אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק. נאָענט האבן זיך געצויגן עטלעכע זייטיקע קאָרידאָרן. איז דען ניט בעסער אויספאָרשן זיי, איידער מאַטערן זיך אין אזאַ לאַנגווייליקן גאָרניט טון? ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א שטריקל, אף וועלכן מע לאָזט „לופטבאַלאָנען", צוגעבונדן עס צו א שאַרף פון א פעלז און איז געגאַנגען, פירנדיק נאָך זיך פאַר א האנט בעקין און פאַנאַנדערוויקלענדיק דעם קנויל בעאייסן רוקן זיך פאָרויס. אין א טריט צוואַנציק אַרום האָט זיך דער קאָרידאָר געענדיקט מיט עפּעס א קליינעם פלאַץ, אַ „פלאַץ אף שפּרינגען". טאָם האט זיך געשטעלט אף די קני און האט אָנגעהויבן באטאַפּן די וואנט פונונטן; ער האט אָנגעטאַפּט א ווינקל, א צי געטון זיך נאָך אַביסל רעכטס, און אין דערזועלבער רעגע האט זיך אין א מעהאַלעך פון א צוואַנציק טריט פון אים, פון הינטערן פעלז, ארויסגעשטעקט אַ מענטשלעכע האַנט מיט אַ ליכט! טאָם האט פריידיק א געשריי געטון; אָבער באלד נאָך דער האנט האט זיך ארויסגערוקט אַ גוף: דאס איז געווען אינדזשען דזשאָ! טאָם איז געליימט געוואָרן פון שרעק. ער האט ניט געקענט א באוועג טון זיך ניט מיט דער האַנט, ניט מיט דער פוס און ער האָט זיך שרעקלעך דערפרייט, ווען דער „שפּאַניער" האט זיך אויסגעקערט צו אים מיטן רוקן און איז פאַרשוואונדן געוואָרן. טאָם האט זיך פאַרוואונדערט, ווי אַזוי האָט דזשאָ ניט דערקענט זיין קאָל און האָט זיך אַף אים ניט אַרופגעוואָרפן קעדיי האַרגענען אים פאַר די באַווייזן אַפן געריכט; נאָר אפּאָנים, דאָס עכאָ האט געענדערט זיין קאָל, — געוויס אַזוי! פון שרעק האט טאָם דערפילט א אויסערגעוויינלעכע שוואַכקייט אין גאַנצן לייב. ער האָט זיך געזאָגט, אז אויב באַ אים וועלן נאָך קלעקן קויכעס אומקערן זיך צום קוואַל, וועט ער שוין דאָרט פאַרבלייבן און וועט זיך שוין ניט אונטערגעבן דעם ייצער־האָרע זוכן אַן אויסוועג, ריזיקירנדיק אָנשטויסן זיך אף אינדזשען דזשאָ. ער האָט אויסבאַהאַלטן פון בעקין דאָס, וואס ער האט געזעען, און האט איר געזאָגט, אז ער האָט געשריגן גלאט אזוי אין דער וועלט אַריין.

אָבער דער הונגער און די שרעקלעכע לאגע האָבן סאָפקאָלסאָף גויוער געווען דעם פאַכעד. דאס נייע פיינלעכע זיצן באם קוואל און דער נייער שלאָף האבן געבראַכט מיט זיך אן ענדערונג. אז די קינדער האבן זיך אופגעכאפּט, האָבן זיי איבערגעלעבט ·אלע שרעקלעכע ווייטיקן, וועלכע הונגער ברייגנגט־מיט מיט זיך. טאָם איז געווען פעסט, אַז איצט איז שוין מיטוואָך אָדער דאנערשטיק און, קען זיין, פרייטיק, אָדער שאַבעס, און אַז די, וואָס זוכן זיי, האבן שוין פאַרלוירן אלע האָפענונגען זיי צו געפינען. ער האָט פאָרגעלייגט אויספאָרשן דעם צווייטן קאָרידאָר. ער איז גרייט געווען אַפילע ריזיקירן באגעגענען זיך מיט דעם מע־טיס. נאָר בעקי איז געווען זייער אָפּגעשוואכט, זי איז אריינגעפאלן אין עפּעס א שרעקלעכן גלייכגילט און האָט ניט געוואָלט רירן זיך פון אָרט. זי האט געטאַינעט, אז זי וועט פארבלייבן דא וואו זי איז און וועט ווארטן אפן טויט. זי האָט געאייצעט טאָמען נעמען מיט זיך דעם שטריק און, אויב אים ווילט זיך—גיין, נאָר זי האט אים געבעטן וואס אָפטער אומקערן זיך צוריק, אַביסל ריידן מיט איר, און זי האט בא אים גענומען א וואָרט, אז ווען ס׳וועט קומען די שרעקלעכע מינוט, וועט ער זיצן אַרום איר און האַלטן איר האַנט, ביז אַלץ וועט זיך ניט ענ־דיקן. טאָם האט זי אַ קוש געטון קאם אָטעמענדיק,—ס׳איז אים געוואָרן עפּעס איינג אין האלז,—און האָט געמאכט א אָנשטעל, אז ער גלויבט קלאָמפּערשט אין דער מעגלעכקייט געפינען אן אויסוועג פון הייל אָדער באַגעגענען זיך מיט די, וואָס זוכן זיי. דערנאָך האט ער גענומען אין די הענט דאָס שטריקל, און טאַפּנדיק, אף אלע פיר, אָנגעהויבן קריכן אי־בערן קאָרידאָר אין פיין פון הונגער און מיט פאָרגעפילן פון נאָענטן טויט.

## קאַפּיטל XXXIII.

ס׳איז דורך דער דינסטיק־פרי, ס׳איז געוואָרן אַפּדערנאַכט, און דאָס שטעטל האָט אַלץ געטרויערט: די פאַרפאַלן־געוואָרענע קינדער האָט מען אַלץ ניט געפונען. אין קלויסטער האָט מען געהאַלטן אין איין מיס־פּאַלעל זיין — גאָט זאָל ראַטעווען די קינדער, אָבער פון דער הייל זיינען אַלץ קיין פריילעכע בסורעס ניט אָנגעקומען. דאָס ראָוו זוכער האָבן געוואָרפן זייער זוכענישן און האָבן אומגעקערט זיך צו זייערע געוויינ־לעכע איניאָנים, קומענדיק צום באַשלוס, אַז די קינדער וועט מען שוין, זעט אויס, ניט געפינען. מיסיס טעטשער איז געווען זייער קראַנק און איז ס׳ראָוו געלעגן אין כאַלאָשעס. די מענטשן, וואָס האָבן זי געזעען, האָבן דערציילט, אז ס׳רייסט דאָס האַרץ צו הערן ווי זי רופט איר מיידעלע, צו זען ווי זי הייבט אויף דעם קאָפּ און הערט זיך לאַנג

איין און דערנאָך לאָזט זי ווידער מיט א קרעכץ אראָפּ דעם קאָפּ אַפן קושן. די מומע פּאָלי איז אַריינגעפאַלן אין טיפער מאָרעשכוירע, און אירע גרויע האָר זיינען קימאַט לאַכלוטן גרוי געוואָרן. דינסטיק אַפדער־נאַכט האָט קימאַט דאָס גאַנצע שטעטל געלייגט זיך שלאָפן, ניט האָבנדיק שוין קיין שום האָפענונג.

אינמיטן נאַכט האָט זיך פּלוצלינג אָנגעהויבן א קלינגעריי, און אין איין רעגע האָבן זיך די גאַסן אָנגעפולט מיט האַלב־נאַקעטע מענטשן, וואָס האָבן דול געשריגן: „מ׳האָט זיי געפונען! מ׳האָט זיי געפונען! געפונען!״ מ׳האָט געקלונגען אין גלעקער, מ׳האָט געהאַקט אין בלעכענע טאַצן, מ׳האָט געטרומייטערט; די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטעטל איז געלאָפן אַקעגן די קינדער, וועלכע ס׳האָבן געפירט אין א אָפענעם עקי־פּאַזש די פריידפולע איינוואוינער. א האַמוין האָט אַרומגערינגלט דעם עקיפּאַזש, האָט אים באַגלייט אַהיים און האָט דורכגעמאַרשירט איבער די גאַסן אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע, ניט אופהערנדיק צו שרייען „הוראַ״.

מ׳האָט אָנגעצונדן אילומינאַציע; שלאָפן האָט זיך שוין קיינער ניט געלייגט; אַזאַ גרויסע נאַכט האָט דאָס שטעטל קיינמאָל נאָך ניט איבער־געלעבט. אין מעשעך פון א האַלבער שאָ האָבן דעם ריכטער טעטשערס הויז באַזוכט קימאַט אלע אַיינוואוינער פון שטעטל. זיי האָבן געכאַפּט אין זייערע אָרעמס אַריין די געראַטעוועטע קינדער, האָבן געדריקט די הענט דער מיסיס טעטשער, האָבן געפּרואווט ריידן, נאָר זיינען ניט אימשטאַנד געווען, און האָבן פאַרפּלייצט די שטוב מיט אַ מאַבל טרערן.

די מומע פּאָלי איז געווען אויסער זיך פון גליק, דאָסזעלבע די מ־ס טעטשער. דער מ־ס טעטשער האָט איצט געפעלט נאָר איינס, אַז זי זאָל אינגאַנצן גליקלעך זיין: ס׳זאָל זיך אומקערן פון דער הייל איר מאַן, — מ׳האָט צו אים אין הייל שוין אַוועקגעשיקט א שאָליעך מיט דער פריי־לעכער בסורע.

טאָם איז געלעגן אַפן דיוואַן און האָט דערציילט פאַר די גיריק־האָרכנ־דיקע צוהערער די געשיכטע פון זיין וואונדערלעכער פּאַסירונג, צוגעבנ־דיק, פון מעליצע וועגן, ניט ווייניק אויסגעטראַכטע שיינע פּראָטים. צום סאָף האָט ער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט, איבערלאָזנדיק בעקין, געלאָזט זיך אויספאָרשן די איבעריקע קאָרידאָרן, איז דורך דעם דריטן קאָרידאָר און האָט שוין געזאָלט אומקערן זיך צוריק, — האָט ער פּלוצלינג דער־זעען אינדערווייטנס-א ליכטיקן פלעק, וואָס איז ענלעך אַף טאָג־שיין, וועלכע דרינגט אריין דורך אַ שפּאַרונע; ווי אַזוי ער האָט, טאָם, אַ וואָרף געטון דעם שטריק און האָט זיך אַ לאָז געטון צו אָט־דעם פלעק, אַריינרוקנדיק דעם קאָפּ און די אַקסלען אין דער קליינער לאָך, ווי אַזוי ער

האָט דערזעען פאַר זיך די ראַכוועסדיקע פלאַך פון מיסיסיפּי. און זאָל מען עס נאָר נעמען אַפן זינען — ווען ס'וואָלט געווען באַנאַכט, וואָלט ער ניט דערזעען דעם ליכטיקן פלעק און ס'וואָלט אים ניט איינגעפאַלן צו גיין צום עק קאָרידאָר! דערנאָך האָט ער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך אומגעקערט צו בעקין מיט דער פריילעכער בשורה, און זי האָט אים געזאָגט, ער זאָל זיך אופהערן צו טשעפען זיך צו איר מיט אַזעלכע נישטי־קייטן, ווייל זי איז זייער מיד און ווייסט, אַז זי וועט אינגיכן שטאַרבן, און זי איז צופרידן דערמיט. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זי איינגערעדט און איבערצייגט, און ווי אַזוי זי איז אינדערעמעסן שיר ניט געשטאָרבן פאַר פרייד, דערזעענדיק די בלויע טאָג־שיין; ווי אַזוי ער איז אַליין אַרויסגעקראָכן דורך דער לאָך און האָט איר געהאָלפן אַרויס־קריכן; ווי אַזוי זיי זיינען געזעסן און האָבן געוויינט פון פרייד, און אין אָט־דער צייט איז פאַרבייגעפאָרן א שיפל און ער, טאָם, האָט א גע־שריי געטון צו די מענטשן, וואָס זיצן אין שיפל, און האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי ער מיט בעקין האָבן געטראָפן אַהער און ווי הונגע־ריק זיי זיינען. די פישער האָבן טכילעס אַפילע ניט געוואָלט גלויבן אין זיין דערציילונג, ריידנדיק, אז ס'קאָן בעשומויפן ניט זיין, ווייל יענק אָרט, וואו זיי זיצן איצט, ליגט אַף פינף מייל נידעריקער פונם אָרט, וואו ס'געפינט זיך די הייל. אָבער דערנאָך האָבן די פישער גענומען זיי אין שיפל אַריין, האָבן זיי צוגעפירט צו עפעס א הויז, האָבן זיי עסן געגעבן און דערנאָך אָפּגעפירט אַהיים.

נאָך פאַר שאַריען האָט מען דעם ריכטער טעטשער און דאָס בינטל מענטשן, וואָס מיט אים, אַרויסגעשלעפט פון דער הייל מיט דער הילף פון די שטריק, וואָס מיט זיי האָבן זיי זיך פאַרבונדן, אַראָפּלאָזנדיק זיך אין הייל, — און מע האָט זיי דערציילט דאָס גרויסע נייס.

די דריי טעג און דריי נעכט פון הונגער און שרעק אין דער הייל האָבן ניט געקאָנט גלאַט אָפּגיין, — טאָם און בעקי האָבן עס גאָר גיך דערפילט. דעם גאַנצן מיטוואָך און דעם גאַנצן דאָנערשטיק זיינען זיי אָפּגעלעגן צו בעט, אין גרויסער מידקייט און שטאַרקער אויסגעצערט־קייט. טאָם האָט דאָנערשטיק שוין אָנגעהויבן אופשטיין, פרייטיק איז ער שוין אַוועקגעגאַן אַרומדרייען זיך אין שטאָט, און שאַבעס איז ער שוין גאָר אַ כוואַט געווען; נאָר בעקי איז אַזש ביז זונטיק ניט אַרויס־געגאַן פון איר צימער, — אַפילע אַז זי איז סאָפּקאָלסאָף אַרויסגעגאַן, האָט זי געהאַט אַ פּאָנים, ווי נאָך אַ שווערער קריינק.

טאָם האָט, דערוויסנדיק זיך וועגן העקס קריינק, נאָך פרייטיק זיך געלאָזט גיין מעוואַקער־כוילע זיין אים, אָבער מע האָט אים ניט צוגעלאָזט צום קראַנקן ניט נאָר פרייטיק, נאָר אויך שאַבעס, אויך זונטיק. דערנאָך

האָט מען אים, טאָמען, שוין אַריינגעלאָזט יעדער טאָג, נאָר מיט אַ האַס־ראָע ניט צו דערציילן וועגן דעם, וואָס ס'איז געשעען אין הייל, און בּיכלאַל ניט פאַרפירן קיין שמועסן, וואָס קאָנען אופרודערן דעם כוילע. קעדיי זיכערער זיין, איז די אַלמאָנע דוגלאַס די גאַנצע צייט געזעסן לעבן זיי. אינדערהיים האָט טאָם דערוואוסט זיך וועגן דער געשעעניש אף קארדיף־כיל און אויך וועגן דעם, אז דעם קערפער פון איינעם פון די אויסוואורפן האָט מען געפונען אין טייך, לעבן אָרט וואו עס שטייט שטענדיק דער פאַראָם: ער איז, זעט אויס, דערטרונקען געוואָרן, פּרואווונדיק צו ראַטעווען זיך בּעאייס מע האָט אים נאָכגעיאָגט.

אין א וואָכן צוויי אַרום נאָכן בּאַפרייט ווערן פון הייל איז טאָם ווידער אַוועקגעגאַנגען מעוואַקער־כוילע זיין העקן, וואָס האָט זיך שוין אַזוי געשטאַרקט אין געזונט, אַז ער האָט געקאָנט פירן וועלכע שמועסן מע וויל נאָר. אזוי ווי דעם ריכטערס הויז איז געשטאַנען אונטערוועגס, איז אונזער העלד אַריינגעגאַנגען אַהין זען בּעקין. בּאַם ריכטער זיינען געזעסן געסט; זיי האָבן אַריינגעצויגן טאָמען אין זייער שמועס, און עמעצער האָט, טרייבּנדיק קאַטאָוועס, געפרעגט אים, צי וואָלט ער ניט אַ בּאַלן געוועזן נאָכאַמאָל אָפּזיין אַ צייט אין הייל. טאָם האָט געענט־פערט, אַז ער האָט גאָרניט קעגן.

— איך צווייפל אַפילע ניט, טאָם, אַז אַסאַך וואָלטן דיר נאָכגעטון,— האָט געזאָגט דער ריכטער,— אָבער מיר האָבּן אָנגענומען מיטלען. אין דערדאָזיקער הייל וועט שוין מער קיינער ניט קאָנען אַריין.

— וואָס הייסט? פאַרוואָס?

— ווייל שוין א וואָכן צוויי, אַז כ'האָבּ בּאַפוילן, מ'זאָל בּאַשלאָגן די אריינגאַנג־טיר פון דער הייל מיט אייזן און זי פאַרשליסן אף א דרייען־דיקן שלאָס. און די שליסל געפינען זיך בּאַ מיר.

טאָם איז געוואָרן ווייס, ווי קרייד.

— וואָס איז מיט דיר, טאָם? היי! גיכער אַהער! בּריינגט אַ גלאָז וואַסער!

מ'האָט געבּראַכט וואַסער, מ'האָט א שפּריץ געטון טאָמען אין פּאָנים אַריין.

— אָך, ריכטער, דאָרטן אין הייל איז... אינדזשען דזשאָ!

## קאַפּיטל XXXIV.

אין פינף מינוט אַרום האט זיך דאָס נייס פאַרשפּרייט איבּערן גאַנצן שטעטל, און גאָר אינגיכן האָבּן אַ טוץ שיפלעך, אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, אַ לאָז געטון זיך צו דער הייל. נאָך די שיפלעך האט טייקעף

געדירט אויך דער פּאַראָם, איבערגעפּולט מיט אוילעם. טאָם סאָיער איז געפּאָרן אין איין שיפל מיטן ריכטער טעטשער. ווי נאָר מע האָט אַ עפן געטון די טיר פון דער הייל, האָבן די אָנגעקומענע דערזעען פאַר זיך אין האַלב־טונקלעניש פון הייל אַ טרויעריק בילד. אַף דער ערד איז געלעגן טויט דער מעטיס, צוטוליענדיק דאָס פּאָנים צו דער שפּאַרונע אין טיר, ווי זיין דורשטיקער בליק וואָלט ביז דער לעצטער רעגע ניט געקענט אָפּרייסן זיך פון דער שיין און פון דער פרייד פון פרייער דרויסנדיקער וועלט. טאָמען האָט עס שטאַרק גערירט. ער האָט געוואוסט פון אייגע־נער דערפאַרונג, ס׳אַרא ליידן ס׳האָט באַדאַרפט איבערטראָגן אָט דער אומגליקלעכער. טאָם האָט גרויס ראַכמאָנעס געהאַט אָפן מעטיס, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט ער דערפילט אַ ריזיקע לייכטקייט אַף דער נעשאָמע,— ערשט אַצינד האָט ער פאַרשטאַנען, מיט וואָס פאַר אַ לאַסט איז אַף זיין נעשאָמע געלעגן דער שטענדיקער פּאַכעד פון יענעם טאָג אָן זינט ער האָט דערציילט אַפן געריכט דעם עמעס וועגן אָט־דעם בלוטדורשטיקן אויסוואורף.

לעבן דעם מעטיס איז געלעגן זיין גרויס מעסער, דער שאַרף, וואָס איז איבערגעבראָכן אַף צווייען; דער גראָבער אונטערשטער שטיק האָלץ אַף דער טיר איז אינגאַנצן געווען צעשניטן דורך אָט־דעם מעסער, נאָר די שווערע מי איז געווען אומזיסט, ווייל אינדרויסן איז איבער דער שוועל געלעגן אַ שטיין, און אַקעגן דעמדאָזיקן האַרטן שטיין איז דאָס מעסער קראַפּטלאָז געווען,— עס האָט זיך צעבראָכן, דאָס מעסער. אָבער ווען ס׳זאָל דאָ אַפילע ניט זיין קיין שטיין, וואָלט דעם מעטיס׳ מי סיי־ווי־סיי אומזיסט־אומנישט לעאיבעד געגאַן, ווייל ווען ס׳וואָלט אים אַפילע געלונ־גען צו אָפּשניידן אינגאַנצן דעם שטיק האָלץ, וואָלט ער ניט געקאָנט דורכרוקן דורך דער טיר זיין שווערן קערפּער,— ער האָט עס געוואוסט, דער מעטיס. דעריבער האָט ער געשניטן דאָס האָלץ נאָר קעדיי עפּעס צו טון, קעדיי ווי־ס׳ניט־איז אַוועקהאַרגענען די פּיינלעכע צייט, ווי־ס׳ניט־איז באַשעפטיקן דעם פאַרמאַטערטן זינען. געוויינלעך, פלעגן אין די ווענט־שפּאַלטן פון אָט־דער פעדערשטער טייל פון הייל שטענדיק סטאַרטשען אַרום אַ האַלב טוץ ליכטלעך, וואָס די טוריסטן האָבן איבערגעלאָזט; אַצינד האָט מען ניט געזען קיין איין ברעקל פון זיי. דער מעטיס האָט זיי אַלע געפונען און אופגעגעסן. ער האָט אַפילע געפּאַקט עטלעכע פלעדערמייז און האָט זיי אויך אופגעגעסן, איבערגעלאָזט נאָר די ביינער. דער אומגליקלעכער איז אומגעקומען פון הונגער. ניט ווייט פון אים איז דורכן לאַנג פּאַמעלעך אויסגעוואַקסן פון דער ערד סטאַלאַגמיט,— געבילדעט האָבן אים, דעם סטאַלאַגמיט, די טראָפּנס וואַ־סער, וואָס טריפן אַראָפּ פונם אינדערהייך־הייגנענדיקן סטאַלאַקטיט. דער

מעטיס האט אָפּגעבראָכן א שטיקל פון שפּיץ סטאַלאַגמיט און האָט אַפּן שטיקל אַרופגעלייגט א שטיין, אין שטיין האט ער אויסגעדליבעט א גרי־בעלע אף צונויפזאַמלען די ווערטפולע טראָפּנס, וואס פאַלן אַראָפּ שוי־דערלעך־רעגולער אַלע צוואַנציק מינוט. אין פיר און צוואַנציק שאָ פלעג זיך אַזוי אַרום צונויפזאַמלען אַ דעסערט־לעפעלע.—דערדאָזיקער טראָפּן איז גע־פאלן שוין דעמאָלט, ווען מ׳האט געבויט די פּיראַמידן, ווען ס׳איז געפאלן טראָיע, ווען מ׳האט געגרינדעט רוים, ווען מ׳האט געקרייצט קריסטוסן, ווען קאָלומבּ איז געשוואוּמען צו אַנטדעקן אַמעריקע. ער פאלט אויך אַצינד, דער טראָפּן, און וועט פאַלן דאן, ווען מירן דערטרונקען ווערן אין דער פינצטערניש פון לעגענדעס און וועלן איינזינקען אין כוישעך פון פאר־געסנהייט. געשיקט זיך, אז אַלץ האט טאַקע אן אייגענעם ציל און צוועק? געשיקט זיך, אז אָט־דער טראָפּן איז געדולדיק געפאַלן אין מעשעך פון פינף טויזנט יאָר בלויז קעדיי אין איינעם א טאָג שטילן דעם דורשט פון אָט־דעם מענטש־פּליגעלע? אָדער עפּשער שטייט אים פּאָר, דעם טראָפּן, נאָך גאָר א וויכטיקע שליכעס אין מעשעך פון די קומענדיקע יאָרטויזנ־טער? שוין אַסאך יאָרן אַוועק זינט דער מעטיס האט אויסגעדליבעט א גריבל אין שטיין, פאַנגענדיק די ווערטפולע טראָפּנס, אָבער אויך היינט שטעלט זיך אָפּ דער טוריסט, וואס באזוכט די הייל, און שטייט לאַנג לעבן דעם טרויער־שטיין און קוקט אַף די פאַמעלעך־פאַלנדיקע טראָפּנס. צווישן די באַרימטע זאַכן אין הייל פאַרנעמט אינדזשען דזשאָס בעכער דעם ערשטן פּלאַץ.

אינדזשען דזשאָען האט מען באַגראָבן ניט ווייט פונם אַריינגאַנג אין הייל, און אף דערדאָזיקער לעוואַיע איז זיך צונויפגעפאָרן אַן אוילעם אין שיפלעך און אין וואָגנס פון אַלע שכיינישע פערמעס און דערפלעך, פון זיבן מייל די ווייט פון שטעטל.

אינם אינדערפרי, וואס נאָכן טאָג פון באַגראָבן דעם מעטיס, האָבן טאָם מיט העקן זיך באהאַלטן אין א שטיל ערטל צוליב א ערנסטן שמועס. העק האט שוין איצט געהאט געוואוסט וועגן טאָמס פאַסירונג,—דער־ציילט האבן עס אים דער וואַליער און די אַלמאָנע דוגלאַס. אָבער, לויט טאָמס מיינונג, האָבן זיי העקן וועגן דעם סאַמע וויכטיקסטן ניט דער־ציילט. וועגן דעם טאַקע האט ער, טאָם, געוואָלט אַצינד דורכשמועסן זיך מיטן כאַווער. העקס פּאָנים איז פינצטער געוואָרן.

— איך ווייס וואָס ס׳איז די מאַיסע,— האט ער א זאָג געגעבן,— דו ביסט געווען אין „נום. 2" און דאָרט גאָרניט ניט געפונען אכוץ בראָנפן. מיר האָט קיינער ניט דערציילט וועגן דיר, נאר איך האָב אַליין פאַר־שטאַנען עס, ווי נאָר כ׳האָב דערהערט די געשיכטע וועגן דעם בראָנפן. פאַרשטאנען האָב איך אויך, אַז דו האָסט ניט געקראָגן דאָס געלט, ווייל

אניט וואָלסטו שוין געפונען א מיטל און וואָלסט מיר עס דערציילט, ווען דו וואָלסט אַפילע צוגעזאָגט שווייגן וועגן דעם פּאר אַנדערע. טאָם, ס'האָט מיר שטענדיק עפּעס דאָס האַרץ געזאָגט, אַז דערדאָזיקער אויצער וועט זיך אונז ניט געבן אין די הענט אַריין.

— וואס רעדסטו, העק? איך האָב קיינמאָל ניט געמאַסערט דעם באַלעבאָס פון איינפאַר־הויז, דו ווייסט דאָך, אַז שאַבעס, ווען מיר זיינען געגאַן אפן פּיקניק, איז נאָך אין איינפאָר־הויז אַלעס בעשאָלעם געווען. דו געדיינקסט דען ניט, אז באַנאכט האָסטו באַדארפט וואַכן לעבן דעם איינפאָר־הויז?

— אַן, יאָ! דו ווייסט, אַצינד דאַכט זיך מיר, אז געווען איז עס שוין זייער לאַנג, מיט אַ יאָר צוריק. געווען איז עס אין יענער נאַכט, ווען כ'בין געגאן צו דער אַלמאָנע דוגלאַס, נאָכשפּירנדיק נאָך אָט־דעם טייוול דעם מעטיס.

— דו ביסט נאָכגעגאַן נאָך אים פוס־טריט?

— יאָ. נאָר דו שווייג וועגן דעם! איך בין זיכער, אז ס'זיינען נאָך בא אים גוטע פריינט געבליבן. איך האָב קיין כיישעק ניט מע זאָל מיר אָנזאַלצן, מע זאָל אָפּטון מיר עפּעס א מיעס שפּיצל. אָבער דאָס מעגסטו מיר גלויבן: ווען ניט איך, וואָלט ער שוין אַצינד געווען אין טעכאַס.

און העק האָט בעסאָד דערציילט טאָמען זיינע פּאַסירונגען, וועלכע טאָם האט ביז היינט בלויז טיילווייס געהערט פונם וואַליִער.

— פאַרשטייסט, — האט פאַרענדיקט העק, — די, וואָס האָבן אַרויסגע־שלעפּט דעם בראָנפן פונם „נום. 2", האבן אויך דאָס געלט פון דאָרט אַוועקגעשלעפּט. אונזער איניען איז פּיפּטער, טאָם.

— העק, דאָסדאָזיקע געלט איז גאָרניט געלעגן אינם „נום. 2".

— וואָס הייסט? — העק האט שאַרף אַ קוק געטון דעם כאַווער אין פּאָנים אַריין, — טאָם, דו האסט ווידער געפּאַקט א שפּור פונם געלט?

— העק, ס'איז, דאָס געלט, אין הייל.

בא העקן האָבן זיך די אויגן צעפלאַקערט.

— כאַזער איבער, וואָס האָסטו געזאָגט, טאָם?

— דאָס געלט איז אין הייל.

— טאָם, זאָג דעם עמעס, דו רעדסט ערנסט, צי דו טרייבסט קאַ־טאָוועס?

— ערנסט, העק. איך האָב נאָך אף מיין לעבן אַזוי ערנסט ניט גע־רעדט. ווילסט גיין מיט מיר אהין און מיר מיטהעלפן נעמען דאָס געלט?

— פאַרשטייט זיך, כ'וועל גיין! אויב מירן נאָר קאָנען קומען אַהין, ניט פאַרבלאָנדזשענדיק.

— העק, דאָס קאָנען מיר דרייסט טון, מיט גאָרניט ריזיקירנדיק.

— גרויסאַרטיק! אָבער פאַרוואָס מיינסטו, אז דאָס געלט...

— וואַרט־צו, העק, ביז מירן קומען אַהין. אויב מירן ניט געפינען דאָס געלט, גיב איך דיר אַוועק מיין פויק און אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג— אַף מיין וואָרט, כ׳גיב עס דיר אַוועק!

— געמאַכט! ווען, זאָגסטו, דארף מען גיין?

— אַפילע באַלד, אויב דו ביסט מאַסקים. קויכעס וועט דיר קלעקן?

— צו דער הייל איז ווייט צו גיין? איך בין שוין א טאָג פיר אף די פיס, נאָר מער פון א מייל וועל איך ניט דורכשפּאַנען, טאָם.

— ווער ס׳זאָל ניט זיין, אַכוץ מיר, וואָלט באַדאַרפט גיין א מייל פינף, אָבער איך וועל דיך דורכפירן מיטן קירצסטן וועג, וועלכן קיינער, אַכוץ מיר, ווייסט ניט. איך וועל דיך ברייננען אַהין אף א שיפל, העק, וועל דיך דורכפירן פונקט צו יענעם אָרט און כ׳וועל אַליין רודערן אַהין און צוריק,— דיר וועט ניט אויסקומען איינטונקען א פינגער אין קאַלטער וואַסער.

-- לאָמיר טייקעף פאָרן, טאָם!

— אויסגעצייכנט! מיר דארפן פארכאַפּן מיט זיך ברויט און פלייש און פּיפּקעס, און א פּאָר זעק, און דריי קניילעכלעך שטריק, און נאָך אָט־די נייע העלצלעך, וואס הייסן פאָספאָר־שוועבעלעך. וויפל מאָל האב איך באַדויערט, וואס כ׳האָב זיי ניט מיט זיך, ווען כ׳בין געזעסן אין הייל!

אַרום האַלבן טאָג האבן די אינגלעך באַנוצט זיך דערמיט, וואס איינער א באַלעבאָס פון אַ שיפל איז אַוועק פון ברעג אין שטאָט, און זיי האָבן פארכאַפּט דאָס שיפל. אַז זיי זיינען אָפּגעפאָרן עטלעכע מייל, האט טאָם א זאָג געגעבן:

— זעסט אָט יענעם שיפּוע, וואס גייט אַראָפּ פון דעם „הייל־גראָבן״? ס׳דאכט זיך, אז ער איז גלאַט און גלייך: קיין וואַלד ניט, קיין הייזער, בלויז קוסטן, וואס זיינען געראָטן איינער אינם אַנדערן. אָבער אָט־דאָרט, זעסטו, ווייַסט זיך עפּעס, דאס איז מיין צייכן,— אָט־דאָ טאַקע וועלן מיר אַרויסגיין.

זיי זיינען צו צום ברעג.

— אָט פונדאַנען, וואו מיר שטייען אַצינד, קאָנסטו, העק, צורירן זיך מיט דער ווענטקע צו יענער טיר, פון וועלכער איך בין אַרויסגעקראָכן. אַנו, גיב נאר אַ פּרואוו געפינען זי!

העק האט אַרומגעשאַרט אַרום און אַרום, נאר ער האט גאָרניט ניט געפונען. טאָם אָבער איז שטאָלץ אַריינגעקראָכן אין סאַמע געדיכטעניש פון די קוסטן, ריידנדיק דערביי:

— אָט איז זי! דאס איז טאַקע דאס פאַרבאָרגנסטע שטעגל אין אלע היגע מעקוימעס. אָבער דו זע, קיין פּיפּס ניט! איך קלייב זיך שוין לאַנג

ווערן א גאַזלען, ס'איז נאר קיין פּאַסיקע גאַזלאָנישע היים ניט געווען. אָן א גאַזלאָנישער היים, ווייס איך, קאָן מען קיין גאַזלען ניט זיין. אַצינד האָבן מיר געפונען און מירן קיינעם ניט אויסזאָגן וועגן דעם, סיידן נאר דושאָ גאַרפער און בען ראָדזשערס, — ווייל מע דאַרף דאָך צונויפנעמען א באַנדע; אינצווייען — וואָס פאר א גאַזלאָנים זיינען מיר דעמאָלט! טאָם סאָיערס באַנדע! ווי וואונדערלעך סע קלינגט, העק, ניט עמעס?

— יאָ, טאָם, וואונדערלעך. אבער ווען מען וועלן מיר באראַבעווען?

— אָ, ווען מען ס'וועט זיך נאר מאַכן: דורכפאָרער, וועג־מענטשן, ווי ס'פּירט זיך בא גאַזלאָנים.

— און האַרגענען אויך?

— ניין, ניט שטענדיק. בעסער האַלטן זיי אין הייל אין געפיינקע־ניש, ביז זיי וועלן ניט באַצאָלן קיין אויסקויף־געלט!

— וואָס הייסט עס — אויסקויף־געלט?

— געלט, הייסט עס. מע הייסט זיי צונויפזאַמלען בא זייערע פריינט, וויפל נאָר זיי קענען, און אויב אין מעשעך פון א יאָר טראָגן זיי ניט אריין דאָס אויסקויף־געלט, דעמאָלט האַרגעט מען זיי. די פרויען, וואס מע נעמט אין געפיינקעניש, זיינען שטענדיק פרעכטיקע שיינהייטן און זיינען גוואַלדיק רייך און האָבן ־שרעקלעך מוירע. מע נעמט בא זיי צו די זייגערס און אַלדאָס גוטס, נאָרריידן דארף מען מיט זיי העפלעך און פארן ריידן אַראָפּנעמען דעם הוט. די גאַזלאָנים זיינען זייער העפלעכע לייט! דאָס שטייט אין אלע ביכער. נו, די פרויען פאַרליבן זיך, געוויינ־לעך, אין די גאַזלאָנים. נאָכן אָפּזיצן אין הייל א וואָך צוויי הערן זיי אוף צו וויינען, און דערנאָך גלוסט זיך זיי שוין ניט אַוועקצוגיין. אַזוי שטייט אין אַלע ביכער.

— דאָס איז אויסגעצייכנט, טאָם! ס'איז דאָך אַפילע בעסער פון צו זיין א פּיראַט.

— נו, יאָ, בעסער... אביסל בעסער: ס'איז נעענטער צו דער היים, און ביכלאַל...

זיי האָבן דערווייל אריבערגעשלעפּט אַלץ פון שיפל און זיינען דורך דער לאָך אַריינגעקראָכן אין הייל אַריין. טאָם האָט געשפּאַנט פונפאָרס. זיי זיינען צוגעקומען צום צווייטן עק פונם אונטערערדישן קאָרידאָר, האָבן צוגעבונדן זייערע שטריק צום פעלז־שאַרף און האָבן זיך געלאָזט וויי־טער גיין. עטלעכע שפּאַן ווייטער זיינען זיי שוין געשטאַנען לעבן דעם קוואַל, און טאָם האָט דערפילט, ווי א קאַלטער ציטער איז דורך איבער זיין גאַנצן לייב. ער האָט געוויזן העקן דעם נישער פון ליכטל אַפן קופּקעלע ליים סאַמע לעבן דער וואַנט און האָט אויסגעמאָלט אים, ווי ער, טאָם, מיט בעקין האָבן נאָכגעשפּירט נאָכן טליענדיקן פלאַם.

די אינגלעך האָבן, אַליין ניט באַמערקנדיק עס, גערעדט איצט שטיל־שטיל; די פינצטערניש און די שטילקייט האָבן זיי געדריקט. זיי האָבן פאַרקערעוועט אין אַ צווייטן קאָרידאָר און האָבן אַלץ געשפּאַנט, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דעם „פּלאַץ אַף שפּרינגען״. באַ דער שיין פון די ליכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונטער דעם „פּלאַץ״ איז געווען ניט קיין אָפּגרונט, נאָר בלויז א שאַרף־מעשופּעדיקער ליימענער אַראָפּ־גאַנג, א צוואַנציק־דרייסיק פוס די הייך.

— אַצינד וועל איך דיר עפּעס ווייזן, — האָט א שעפּטשע געטון טאָם.

ער האָט הויך אופגעהויבן זיין ליכט.

— דו גיב א קוק אין ווינקל אַריין וואָס ווייטער. דו זעסט — אָט דאָרט, אַפן גרויסן שטיין, איז עפּעס אויסגעמאָלט?

— טאָם, ס׳איז א ציילעם!

— פאַרשטייסטו שוין אַצינד, וואו ס׳געפינט זיך דער „№ 2״? אונטערן ציילעם, — א? פאַרשטאַנען? אָט־דאָ טאַקע האָב איך געזעען אינדזשען דזשאָען מיט א ליכט אין די הענט.

העק האט א פלאַטער געטון און מיט א ציטערנדיק קאָל א זאָג געגעבן:

— טאָם, ׳לאָמיר אוועקגיין פונדאַנען!

— וואס הייסט, איבערלאָזן דעם אויצער?

— יאָ, איבערלאָזן. אינדזשען דזשאָס נעשאָמע בלאָנקעט געוויס אַרום אין אָט־דער הייל.

— ביין, העק, ביין. אויב זי בלאָנקעט אַפּילע, איז דאָרט, וואו דער מעטים איז געשטאָרבן, באַם אַריינגאַנג אין הייל אריין, פינף מייל די וויט פונדאַנען.

— ביין, טאָם, ס׳איז ניט אַזוי ווי דו זאָגסט. זי וועט אַרומבלאָנקען טאַקע לעבן דעם געלט. היטן דאָס געלט. די געשפּענסטער טוען שטענדיק אַזוי; איך וויס עס, דו ווייסט עס דאָך אויך.

טאָם האָט אָנגעהויבן מוירע האָבן, אז העק איז גערעכט. ער איז געוואָרן אומרואיק. נאָר פּלוצלינג האט אין זיין מויעך אַ געדאַנק דורכ־געבליצט.

— הער נאָר, העק! ס׳אַראַ טיפּשים זיינען מיר! אינדזשען דזשאָס נעשאָמע קאַן ניט אַרומבלאָנקען אין אַזאַ אָרט, וואו סע שטייט א ציילעם.

די ראַיע איז אַ פעסטע געווען און האָט טייקעף געווירקט.

— כ׳האָב קיין טראַכט ניט געטון דערפון, נאָר ס׳איז עמעס. ס׳איז אונזער מאַזל, וואס ס׳שטייט דא א ציילעם. נו, איז לאָמיר אַראָפּקריכן אַראָפּ און זוכן דאָס קעסטל.

טאָם איז אַראָפּגעקראָכן אַראָפּ, אויסשניידנדיק מיטן אַראָפּגיין טרעפּלעך אין דער ליים. העק איז אים נאָכגעגאַנגען. פון דער קליינער הייל, וואו ס'האָט זיך געפונען דער פעלז, זיינען אַרויסגעגאַנגען פיר קאָרידאָרן. די אינגלעך האָבן אויסגעפאָרשט דריי פון זיי און האבן גאָרניט ניט געפונען. אינם קאָרידאָר, וואָס איז דער נאָענטסטער צום פעלז, זיינען אויסגעשפּרייט געווען קאָלדרעס, איז געהאַנגען אן אַלט קעסטעלע, האט זיך געוואַלגערט הויט פון וואורשט און עטלעכע אַרומגעפרעסענע פייגלשע סקעלעטן; נאר קיין געלט איז ניט געווען. די אינגלעך האבן אַלץ אַרומגעשאַרט און באזוכט,—אָבער אומזיסט; סאָפּקאָלסאָף, האט טאָם א זאָג געגעבן:

— ער האט געזאָגט: „אונטערן צייל‏עם", אָט דאָס איז דאך טאקע אונטערן צייל‏עם. סע קאן דאך ניט זיין, אז דאס געלט זאָל זיין אונטערן סאמע פעלז: ער שטייט דאָך, דער פעלז, שטייף באַ דער ערד.

זיי האבן נאך אביסל געזוכט און האבן זיך צוגעזעצט אָפּרוען. העק האט גאָרניט ניט געקאָנט צוטראכטן. ענדלעך, האט טאָם א זאָג געגעבן:

— זע נאָר, העק, אַף איין זייט פון פעלז זעען זיך אָן שפּורן פון פיס און כיילעוור-פלעקן פון א ליכט אין ליים, פון דער צווייטער זייט איז גאָרניט ניטאָ. פאַרוואָס איז עס, אַשטייגער? איך גיי געוועט, אַז דאָס געלט געפינט זיך אונטערן פעלז. איך וועל טייקעף א גראָב טון אין דער ליים.

— אַ וואוילער געדאַנק, טאָם,—האט לעבעדיק אונטערגעכאַפּט העק.

טאָם האָט אַרויסגעשלעפּט זיין מעסערל. ער האָט ניט באַוויזן צו מאַכן אַ קליין לעכל, ווי דאָס מעסערל האָט זיך א קלאַפּ געגעבן אין האָלץ.

— העק, דו הערסט?

העק האָט שוין אויך גענומען זיך געשמאַק גראָבן, העלפנדיק אים. אינגיכן האבן זיי אופגעעפנט עטלעכע ברעטער, וואָס האָבן פארשטעלט אַ נאַטירלעכן שפּאַלט, וועלכער האט געפירט ארונטער דעם פעלז. טאָם איז אַריינגעקראָכן אין שפּאַלט אריין און האָט אויסגעשטרעקט די האנט מיטן ליכט, אָבער ער האט ניט געקאָנט באַלייכטן דעם גאַנצן שפּאַלט ביזן סאָף און ער האט באַשלאָסן אליין אויספאָרשן אים. איינגעבויגן אין זעקסטן, האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייטער. דער שמאָלער געשליינגלטער דורכגאנג האט פּאַמעלעך טיפער און יטיפער גענידערט אין דער ערד אַריין. טאָם איז געגאַנגען פונפאָרנט, העק פוס-טריט נאך אים. זיי האבן פאַרקערעוועט אַף רעכטס, דערנאָך אף לינקס, זיינען דורך נאָך איין זיגזאַג, און פּלוצלינג האט טאָם אויסגעשריגן:

— גאָטעניו! העק, קום נאָר אהער!

דאס איז באשטימט געוועזן דאָס קעסטל מיטן אויצער, לעבן דעם איז געשטאַנען אַ ליידיק קעסטעלע מיט גאָר אביסעלע נישער פון פולווער, אַ פּאָר ביקסן. געלעגן איז אַ לעדערנער פּאַס און קאָלערליי שמאָכטעלייעס, פאַרנעצטע פונם וואַסער, וואס טריפט אראָפּ פונויבן.

— סאָפּקאָלסאָף, האבן מיר זיך דערשלעפט! — האט אַ זאָג געגעבן העק, אַריינלייגנדיק די האַנט צווישן די טונקעלע מאַטבייעס,—נו, טאָם, זיינען מיר עס גווירים אַצינד!

— העק, איך בין שטענדיק זיכער געווען, אַז מירן רייך ווערן. ס׳איז אַפּילע נאר טרוימען וועגן דעם זייער אנגענעמען; אָבער אצינד איז דאָס געלט אונזערס, אַפּדערעמעסן! דאָך, מע דאַרף ניט פאַרציען,— מע דארף אַרויסטראָגן דעם קאַסטן. לאָז, איך וועל אַ קוק טון, צי קאָן איך אים אופהייבן.

דאָס קעסטל האט געוואויגן אַן ערעך פופציק פונט. טאָם האט קאם געקאָנט אופהייבן עס, טראָגן עס איז ער ניט בעקויעך געווען.

— איך האב טאַקע אַזוי גערעכנט,— האט ער אַ זאָג געטון,— עס האָט טאַקע אויסגעזען מיר פון ערשטן בליק שווער צו זיין; געדיינקסט, ווי אַזוי זיי האָבן אים געטראָגן דאָרט, אין געשפּענסטער-הויז? אָט־איז גוט, וואס ס׳איז מיר איינגעפאַלן מיטצונעמען מיט זיך די זעק.

זיי האבן דאס געלט אריבעגעלייגט אין די זעק אַריין און ארופגעשלעפּט עס אַפּן פעלז ארוף.

— אצינד לאָמיר איבערטראָגן די ביקסן און דאס איבעריקע,—האט פאָרגעלייגט העק.

— ניין, העק, לאָמיר זיי דאָרט איבערלאָזן, זיי וועלן אונז גראד צונוץ קומען, אַז מירן ווערן גאַזלאָנים. מירן זיי טאַקע האַלטן באַהאַלטן דאָרטן, און דאָרטן טאַקע וועלן מיר אונזערע אָרגיעס פּראווען. ס׳איז אַ אויסגעצייכנט אָרט פאר אָרגיעס.

— וואָס איז אזוינס „אָרגיעס״?

— איך ווייס ניט. אָבער בא די גאזלאָנים קומען שטענדיק פּאָר אָרגיעס,— וועלן מיר אויך מוזן עס טון. נו, קום־זשע, העק,— מיר זיצן שוין דאָ צו לאַנג. ס׳איז שוין שפּעט, און הונגעריק בין איך שוין ביז גאָר. מירן שוין דאָרט, אין שיפל, איבערכאפּן און אַ רויכער טון.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון דער קוסטן־געדיכטעניש, האָבן זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט, האָבן דערזעען, אז דער ברעג איז ליידיק, זיינען דורך צום שיפל און האָבן געמומען עסן. אז די זון האָט גענומען בויגן צום האָריזאָנט, האבן זיי געדירט צום שטעטל. טאָם האָט די גאַנצע צייט געוודערט, האלטנדיק זיך לעבן ברעג, ווייל שווימען איז אויסגעקומען

קעגן שטראָם, און שמועסנדיק פריילעך מיט העקן. אַז ס׳איז פינצטער געוואָרן, זיינען זיי צו צום ברעג.

— נו, העק,— האָט געזאָגט טאָם,— אַצינד וועלן מיר דערווייל באַהאַלטן דאָס געלט אפן בוידעם פון דער אלמאָנע דוגלאס׳ האָלץ־קאַמער, און אינדערפרי וועל איך קומען; מירן איבערציילן און זיך צעטיילן, דערנאָך וועלן מיר אָפּזוכן א זיכער אָרט אין וואַלד, וואו צו פאַרגראָבן דאָס געלט. דו בלייב דערווייל דאָ און היט דאָס געלט, און איך וועל א לויף טון ברייננגען בעני טיילאָרס וועגעלע. איך קער זיך טייקעף אום.

ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן און האט זיך ווירקלעך גיך אומגעקערט מיטן וועגעלע, האָט אַריינגעלייגט דערין ביידע זעק, האָט זיי איינגעדעקט מיט אן אלטער שמאַטע. די אינגלעך האבן גענומען ארופשטייגן אפן בערגל, שלעפנדיק מיט זיך דאס וועגעלע. צוקומענדיק צום וואַליִערס הויז, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט כאַפּן דעם אָטעם. פונקט דעמאָלט, ווען זיי האָבן שוין געוואָלט אַוועקגיין, האט זיך אף דער שוועל באַוויזן דער באַלעבאָס.

— היי, ווער איז דאָרט?

— העק און טאָם סאָיער.

— אויסגעצייכנט! קומט מיט מיר, כעוורע,— איר האָט אַלעמען לאַנג געלאָזט וואַרטן אַף זיך. נו, מאַרש פאָרויס, גיכער! איך וועל פירן אייער וועגעלע. אַך, ס׳איז פונדעסטוועגן שווערלעך. וואָס איז עס דאָרט באַ אייך? ציגל, צי וואָס, אָדער עפּשער אַלט אייזן?

— אַלט אייזן.

— איך האָב טאַקע אַזוי גערעכנט: אונזערע אינגלעך זיינען גרייט אויסברייננגען אָן שיר צייט אף צו קריגן אלטן אייזן־ברויכוואַרג, פאַר וועלכן מ׳וועט זיי געבן זעקס פענס אַפּן גיס־זאַוואָד; אָבער פאר אן אַרבעט וועלן זיי זיך ניט נעמען, כאָטש זי קאָן זיי צוויי מאָל אַזויפיל געלט געבן! נאָר אַזא נאטור שוין האָט דער מענטש! נו, מארש, לעבעדיקער!

נאָר די אינגלעך האבן געוואָלט וויסן, צוליב וואָס דארפן זיי איילן.

— אָט וועט איר צו לויפן קומען צו דער אַלמאָנע דוגלאס, וועט איר זיך דערוויסן.

העק האָט ניט אָן מוירע א פרעג געגעבן:

— וואָס איז געשען, מ־ר דזשאָנס? מיר האָבן דאָך קיין שום שלעכטס ניט אופגעטון.

דער וואַליִער האָט זיך הילכיק צעלאכט.

— איך וויים ניט, העק, איך וויים ניט, באָכערל מיינס. מיקויעך אָט־דעם וויסן מיר גאָרניט־ניט. דו ביסט דאָך א גוטער פריינט דער אַלמאָנע דוגלאַס?

— יאָ, זי באַציט זיך צו מיר פריינטלעך.

— נו, אָט זעסטו,— איז פאַרוואָס־זשע האָסטו מוירע?

העק האָט ניט באַוויזן צוטראכטן קיין ענטפער,—מ׳האָט אים צוזאַמען מיט טאָמען אַריינגעשטופּט אין גאסט־צימער פון דער מיסיס דוגלאס. מ״ר דזשאָנס האט איבערגעלאָזט דאס וועגעלע אף יענער זייט טיר און איז אריינגעגאַנגען צוזאמען מיט זיי.

דער זאַל איז געווען העל באַלויכטן, און ס׳האָבן זיך דאָרט פאַרזאמלט אלע אָנגעזעענע לייט פון שטעטל. געווען זיינען דאָ די טעטשערס, די גארפערס, די ראָדזשערס, די מומע פּאָלי, סיד, מערי, דער גאלעך, דער אַרויסגעבער פון דער צייטונג און נאָך אסאך, אסאך אוילעם, — אַלע יאָנטעווודיק פאַרפּוצט. די אַלמאָנע האָט באַגעגנט די אינגלעך זייער האַרציק, ווי נאָר ס׳קאָן באַגעגענען א באַלעבאָסטע געסט, וואָס באַווייזן זיך פאַר איר מיט אזאַ אויסזען, ווי אונזערע העלדן: אויסגעשמירט מיט ליים און מיט כיילעוו. די מומע פּאָלי איז אינגאַנצן רויט געוואָרן פאַר בושע און האָט אָנגעברויגעוט געשאָקלט מיטן קאָפּ, קוקנדיק אַף טאָמען. נאָר ערגער פון אַלעמען האָבן זיך געפילט די אינגלעך אַליין.

— טאָם איז ניט געווען אינדערהיים און כ׳האָב זיך אַפילע ניט געפּרואווט געפינען אים; נאָר דערנאָך האָב איך אָנגעטראָפן אף אים און אף העקן פּונקט לעבן מיין טיר, און אָט האב איך זיי געבראכט אַהער.

— און אויסגעצייכנט האָט איר טאַקע געטון—האָט געזאָגט די אַלמאָנע,— קומט נאָך מיר, קינדער!

זי האָט זיי אַוועקגעפירט אין אַלקער און האָט א זאָג געטון:

— אַצינד וואַשט זיך אויס און טוט זיך איבער. דאָ ליגן צוויי נייע גאַרניטערס: העמדלעך, זאָקן,— אַלץ וואָס מע דאַרף. ס׳איז, אייגנטלעך, צוליב העקן... ניין, ניין, העק, דו דאַנק ניט: איין גאַרניטער האָב איך געקויפט, דעם צווייטן—מ״ר דזשאָנס, נאָר זיי פּאַסטן ביידע פאַר אייך. טוט־זשע זיך אָן, און אז איר וועט פאַרטיק זיין — קומט אַראָפּ, מיר וואַרטן אף אייך.

## קאַפּיטל XXXV.

— טאָם, — האָט אַ זאָג געטון העק,— מיר קאָנען אַנטלויפן דורכן פענצטער, ווען מיר זאָלן נאָר קריגן אַ שטריק; דאָ זיינען די פענצטער ניט הויך איבער דער ערד.

— וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן! צוליב וואָס דאַרפן מיר אנטלויפן?

— נו, פאַרשטייסטו מיך, איך בין ניט געוואוינט צו אַזאַ אוילעם. איך קאָן דאָס ניט ליידן. איך וועל ניט גיין אהין, טאַם.

— נאַרישקייטן, ס'האָט קיין שום ווערט ניט. אָט מיר איז אַלציינס. איך האָב גאָר קיין מוירע ניט, כ'וועל אויך דיך אינזינען האָבן.

אף דער שוועל האָט זיך באוויזן סיד.

— טאָם, די מומע האָט אַף דיר געוואַרט די גאַנצע צייט נאָכן וואַרמעס, — וואו ביסטו געווען? מערי האָט דיר אָנגעגרייט דעם יאָנטעוודיקן גאַרניטער; אַלע האָבן יעסורים געהאַט, וואו ביסטו. וואָס איז עס בא דיר אַפן אָנטון — כיילעוו, ליים?

— מ"ר סיד, איך אייצע אייך האָבן צו טון מיט אייערע אייגענע איניאָנים און ניט רוקן די נאָז אין פרעמדע. דאָך, וואָס האָבן זיי עס דאָרט אין זאַל פאַרטראַכט? צוליב וואָס איז?

— פּאָשעט, די אַלמאָנע אָרדנט בא זיך איין אַן אָוונט, ווי זי טוט עס אָפטמאָל. היינטיקס מאָל איז דער אָוונט לעקאָוועד דעם וואַליִער און זיינע זין, דערפאַר וואָס זיי האָבן זי אָפּגעראַטעוועט דעמאָלט בא־נאַכט. און איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, אויב איר ווילט נאָר, פאַרשטייט זיך?

— נו, וואָס אַזוינס?

— אָט־וואָס: דער אַלטער מ"ר דזשאָנס קלייבט זיך היינט מיט עפּעס אַלעמען פאַרכידעשן; נאָר איך האָב גראָד אונטערגעהערט זיין סאָד ווען ער האט היינט דערציילט עס דער מומען. איך מיין, אַז אַצינד איז עס שוין פאַר קיינעם קיין סאָד ניט. אַלע ווייסן, אַפילע די אַלמאָנע, כאָטש זי מאַכט זיך קלאָמפּערשט, אז זי ווייסט ניט. פאַרשטייט זיך, דעם מ"ר דזשאָנסן איז נייטיק געווען ברענגען אַהער העקן, אָן העקן וואָלט זיך גאָרניט באַקומען פון זיין סאָד.

— אין וואָס־זשע באַשטייט דער סאָד?

— דערין, וואס דאָס האָט העק אַנטפּלעקט די גאַזלאָנים לעבן דער אַלמאָנעס הויז. מ"ר דזשאָנס מיינט, אַז ס'וועט זיין פון זיין זייט אַ גרויסער סיורפּריז פאַר אַלעמען, — אינדערעמעסן אָבער וועט זיך גאָרניט באַקומען.

סיד האָט אַ כיכיקע געטון, — ער איז געווען, זעט אויס, זייער צופרידן, וואס דעם אַלטנס פּלאַן וועט דורכפאַלן.

— סיד, דאס האָסטו אַלעמען דערציילט?

— ס'דען ניט אַלציינס, ווער ס'האָט דערציילט? מ'ווייסט, און פאַרטיק.

— סיד, אין דער גאַנצער שטאָט איז דאָ נאָר איין מענטש, וואָס איז פייאיק אף אַזאַ מיעסקייט, און דאָס ביסטו. ווען דו וואָלסט געווען אַף העקס אָרט, וואָלסטו געאיילט זיך מאַכן די פּלייטע פון בערגל און

וואָלסט קיינעם ניט דערציילט וועגן די גאַזלאָנים. נאָר אַף מיעסקייטן ביסטו פייאיק און דו קאָנסט ניט פאַרטראָגן, אויב דו הערסט ווי מע לויבט עמעצן פאַר אַ גוטער זאַך. אָט האָסטו דיר! און דאַנקען דאַרף מען ניט,—אַזוי האָט געזאָגט די מיסיס דוגלאַס.

און טאָם האָט גענומען שלעפּן דעם ברודער באַם אויער און מיט קלעפּ אַרויסגעשליידערט אים אַף יענער זייט טיר.

— אַצינד פאַרנעם זיך! און אויב דו וועסט זיך קלאָגן פאַר דער מומען, איז זע־זשע, מאָרגן וועט נאָך ערגער זיין.

אין עטלעכע רעגעס אַרום זיינען שוין דער אַלמאָנעס געסט געזעסן אַרום טיש און האָבן געגעסן וועטשערע: די דערוואַקסענע—באַם הויפּט־טיש, און די קינדער שורעסווייס באַ די קליינינקע זייטיקע טישעלעך, ווי ס׳איז געווען דער מינעג אין יענער צייט און אין יענעם קאַנט. פאַרן לעצטן געריכט האָט מ״ר דזשאָנס געהאַלטן אַ קורצע רעדע. ער האָט געדאַנקט דער אַלמאָנע פאַרן קאָוועד, וואָס זי האָט אָפּגעגעבן אים און זיינע זין, נאָר אין דערזעלבער צייט האָט ער דערקלערט, אַז דער גאַנצער פאַרדינסט איז ניט זייערער, נאָר עמעצנס אַ דריטנס, וואָס זיין אַניוועס און א. וו., א. א. וו.

מיסטער דזשאָנס האָט זייער קונציק צוגעגרייט די צוהערער צו דער אַנטפּלעקונג פונם סאָד וועגן העקס אַנטייל אין אָט דעם גאַנצן איניען, נאָר דער אינטערעס צו זיין דערציילונג איז שטאַרק געמינערט געוואָרן דורך סידס פּאָרויסזאָגן. און דער כידעש פון די צוהערער האָט באַקומען ניט אַזאַ ראַשיקן אויסדרוק, ווי ס׳וואָלט געקאָנט זיין באַ אַנ־דערע אומשטענדן. דאָך האָט די מיסיס דוגלאַס געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז זייער פאַרכידעשט, און זי האָט באַשאָטן העקן מיט אַזעלכע לויבן און דאַנקען, אַז העק האָט קימאַט פאַרגעסן אין דער אומבאַקוועמ־לעכקייט פון זיין לאַגע—פאַרגעסן אין זיין נייעם אָנטון, וואָס האָט אים ווי געליימט, און אויך פאַרגעסן אין דער אומאַנגענעמלעכקייט צו זיין דער צענטער פון אַלעמענס אופמערקזאַמקייט, — דאָס איז שוין גאָר ניט אין העקס טעווע געווען.

מיסיס דוגלאַס האָט געמאָלדן, אַז זי האָט באַשלאָסן נעמען העקן צו זיך אַהיים און מאַכן פון אים אַ לייט, בילדן אים און דערנאָך העלפן אים קומען צו אַ טאַכלעס.

דאָ איז אַרויסגעטראָטן טאָם.

— העק נייטיקט זיך ניט דערינען,— האָט ער אַ זאָג געגעבן,— העק איז אַצינד אַליין אַ רייכער.

ווען דער פאַרזאַמלטער אוילעם וואָלט ניט געווען אַזוי איידל דער־צויגן, וואָלט ער, פאַרשטייט זיך, באַגעגנט מיט פריילעכן געלעכטער

אָט־דעם ליבן קאַטאָוועס, נאָר אויך די שווייגעניש, וואָס האָט הערשן גע־נומען, איז ניט־גאָר אנגענעמען געווען. טאָם האט זיך געאײלט צעשטערן די שטילקייט.

— העק האָט זיין אייגן געלט. איר מעגט מיר ניט גלויבן, נאר ער פאַרמאָגט אַ קופּע מיט געלט. זיים אזוי גוט, לאַכט ניט, — כ׳וועל אייך באַלד באווייזן. וואַרט־צו אַ רעגע!

טאָם איז אַרויסגעלאָפן פון צימער. אַלע האָבן דערשטוינט און נײַ־גיריק געקוקט איינער אַפן אַנדערן און מיט פראגע אין בליק — אף העקן. נאר העק האָט געשוויגן, ווי אַ האָרעג.

— סיד, וואָס איז עס פאר אַ מין מיט טאָמען? — האט געפרעגט די מומע פּאָלי. — ער... מיט אָט־דעם באָכערל ווייסטו קיינמאָל ניט אף וואָס צו ריכטן זיך. כ׳האָב אף מיין לעבן...

די מומע פּאָלי האט ניט פאַרענדיקט די פראַזע, — ס׳איז אריינגעקר־מען טאָם, איינבויגנדיק זיך אונטער דער לאַסט פון צוויי זעק. טאָם האָט אַרויסגעשאָטן אַפן טיש אַ הרודע גאָלד און האט טריומפירנדיק אויסגעשריגן:

— אָט! וואס האָב איך אייך געזאָגט? אַ האלב דערפון געהער העקן, און די צווייטע האַלב — מיר!

אז דער אוילעם האָט דערזעען אזא שעפע מיט גאָלד, האט עס באַ אַלעמען דעם אָטעם פאַרכאַפּט. איין רעגע איז קיינער ניט בעקויעך גע־ווען אַ וואָרט אויסצורעדן; אַלע האָבן, פארשטייט זיך, געפאָדערט דער־קלערונגען. טאָם האט מיט גרויס כיישעק דערציילט. זיין דערציילונג איז געווען לאַנג, אָבער פול מיט שפּאַנונג. מע האָט אים קימאַט ניט איבערגעשלאָגן, קעדיי ניט צעשטערן דעם צויבער. אז טאָם האָט גע־ענדיקט, האט מ״ר דזשאָנס געזאָגט:

— איך האָב געמיינט, אז כ׳האָב צוגעגרייט דעם אוילעם אַ קליינעם סיורפּריז, נאָר אין פארגלייך מיט אָט־דעם סיורפּריז איז מיינער גאָר־ניט דערווערט. איך בין אליין מוידע!

מ׳האָט איבערגעציילט דאס געלט. ס׳האט זיך ארויסגעוויזן, אז פאַ־ראַן איז מער פון צוועלף טויזנט דאָלערס. אזא סכום מיטאַמאָל האט קיינער פונם אוילעם אף זיין לעבן ניט געזעען, כאָטש אַ טייל האָבן געהאַט פארמעגן מער ווי אף צוועלף טויזנט דאָלער.

## קאַפּיטל XXXVI.

טאָמס און העקס האַצלאָכע האָט, פארשטייט זיך, אין אזא פאר־וואָרפן שטעטל, ווי פּיטערסבורג, געמאכט אַ גרויסן איינדרוק. אזא אומ־געהייערער סכום געלט, און נאך מיט ריין גאָלד — דאס האט אויסגעזעען

מאַמעש אויסערגעוויינלעך. ווענן דער מעציע האט מען גערעדט, גע־
בקירעט, געטאַינעט, מ'האָט אָנגעקוועלט פון איר, געצאַצקעט זיך מיט
איר; אַ טייל איינוואוינער זיינען שיר ניט מעשוגע געוואָרן פון
אופגערעגטקייט. אין פיטערסבורג און אין אלע אַרומיקע דערפער האָט
מען אַרומגענישטערט אלע הייזער, אין וועלכע ס'האָבן געלעבט שיידים,
מ'האָט ברעטערווייס געריסן די דילן, מ'האָט געגראָבן אונטער די פונ־
דאמענטן, זוכנדיק פארגראָבענע אויצרעס, — און ניט קיין אינגלעך האָבן
עס געטון, נאר דערוואקסענע מאַנסבלען, מענטשן ערנסטע, סאָלידע,
גאָר ניט קיין טרוימערס. טאָמען מיט העקן האָט מען געפעסטעט, מ'איז
אַרומגעגאַן אַרום זיי, מ'האט געסטארטשעט אף זיי די אויגן וואו נאָר זיי
פלעגן זיך באוויזן. די אינגלעך האבן ניט געקאנט דערמאנען זיך, אַז
עמעצער זאל אַמאָל צוגעבן וועלכן־ס'ניט־איז באַטייט זייערע ווערטער;
אַצינד אָבער האָבן אַלע יעדער פראַזע זייערע איבערגעכאַזוערט ווי
עפּעס ווערטפולס; אין יעדער אופטו זייערן האט מען געזעען עפּעס
גאָר, גאר באַזונדערס, ווי זיי וואָלטן אָנגעוואוירן דעם קויעך צו טון
און ריידן געוויינלעכע זאַכן. כוץ אַלעמען פלעג מען אַפילע אין זייער
פארגאנגענהייט אופזוכן ווערטער און פאַקטן, וואָס פארכידעשן מאַמעש
מיט זייער אָריגינעלקייט. אין דער היגער צייטונג זיינען אָפּגעדרוקט
געוואָרן די ביאָגראפיעס פוןביידע אינגלעך.

די אַלמאָנע האט אריינגעלייגט אין באַנק אריין העקס געלט, אַף
צען פראָצענט אַ יאָר, און דער ריכטער טעטשער האט, לויט דער מומע
פּאָליס באַקאָשע, געטון דאסזעלבע פון טאָמס ווענן. באַ יעדן פון די
אינגלעך איז איצט געווען אַ ריזיקע יערלעכע האַכנאָסע: יעדער וואָכע־
דיקן טאָג צו אַ גאַנצן דאָלער, און אַ האַלב פון די זונטיקס אין יאָר —
צו אַ האַלבן דאָלער. אמאָליקע צייטן איז דאס לעבן געווען פּאָשעטער
ווי היינט, און פאר אַ דאָלער מיט אַ פערטל אַ וואָך האט מען געקאנט
ניט נאר האָדעווען און לערנען אַ אינגל, נאר אַפילע באקליידן און באַ־
שוכן אים.

דער ריכטער טעטשער האט באקומען גרויס אָפּשיי פאר טאָמען. ער
פלעג זאָגן, אז אַ געוויינלעך, פּאָשעט אינגל וואָלט קיינמאל ניט גע־
קענט ארויספירן זיין טאָכטער פון דער הייל. אַז בעקי האט בעסאָד
דערציילט דעם טאַטן, ווי טאָם האט געלאזט מע זאָל אים אָנשמייסן
אנשטאָט איר, האט עס דעם ריכטער זייער גערירט. אַז בעקי האט גע־
נומען בעטן דעם טאַטן, ער זאל זיך ניט באַציען אַזוי שטריינג צו טאָ־
מען איבערן ליגן, וואס טאָם האָט געמוזט זאָגן קעדיי אַרויסראַטעווען
זי פון איר אומגליק און אַרופוואַלגערן דעם אומגליק אף זיינע אייגענע
אַקסלען — האט דער ריכטער אין היספּאַילעס געמאָלדן, אז ס'איז געווען

אַ דערהויבענער, איידעלער און גרויסמוטיקער ליגן, אַ ליגן, וואס מע מעג שטאָלצירן מיט אים, א ליגן, וואָס האָט פאַרדינט צו פארנעמען אין דער געשיכטע אַן אָרט בישכיינעס מיט דעם בארימטן „עמעס" פון געאָרג וואַשינגטאָן. בעקי האט נאך קיינמאָל ניט געזעען איר טאַטן אַזאַ דער־הויבענעם, ווי אין אָט־דער רעגע, ווען ער האט אָט־די רייד גערעדט, שנעל שפּאַנענדיק איבערן צימער און טופּענדיק מיטן פוס. בעקי איז טייקעף אַוועקגעגאַן און האט אלץ איבערגעגעבן טאָמען.

דער ריכטער טעטשער האָט געהאַפּט זען אַמאָל טאָמען אַלס אַ גרויסן אַדוואָקאַט אָדער אַ גרויסן קאָמאַנדיר. ער האָט געזאָגט, אז ער וועט זיך מישטאַדל זיין, מע זאָל טאָמען אריינעמען אין דער נאַציאָנאַלער מיליטער־אַקאַדעמיע, און דערנאָך זאָל ער דורכגיין דעם יורי־קורס אין דער בעסטער יורי־שול, — אַזוי אַז טאָם זאָל זיך צוגרייטן צו יעדער איינער פון דידאָזיקע קאַריערעס אָדער אַפילע צו ביידע.

דאָס אשרעס, וואָס העקלבערי פין האָט געקראָגן, און דער פאַקט, וואָס די אַלמאָנע דוגלאַס האָט אים גענומען אונטער איר שוץ, האָבן אריינגעפירט העקן אין דער געזעלשאַפט, — ניין, האָבן אים אריינ־געשלעפּט אהין מיט גוואַלד, און די ליידן זיינע, העקס, זיינען אריבער־געשטויגן זיינע קויכעס. דער אַלמאָנעס דינסטן האָבן אים געוואַשן און גערייניקט אים דאָס אָנטון, האָבן אים געקעמט און צוגעגלעט די האָר, האָבן אים אף נאַכט געלייגט שלאָפן אין אַ ציכטיק־ריין בעט, וואו ס'איז אפן ליילעך און אף דער קאָלדרע ניט געווען קיין איין שמוציק פלעקעלע ניט; מע האָט אים געצוואונגען עסן מיט אַ מעסער און גאָפּל, פון טעלער און גלעזער, באַנוצן זיך מיט אַ טיכל, לערנען זיך פון אַ בוך, גיין אין קלויסטער אריין, ריידן אזוי איידל, אַז די ווערטער זאָלן אים בלייבן שטעקן אין גאָרגל. וואוהין ער האָט זיך אַ קער געטון, אומעטום האָבן די פענטעס און די באַריערן פון דער ציוויליזאַציע געפענטעט אים הענט און פיס און פאַרצוימט דעם וועג.

אין מעשעך פון אַ דריי וואָכן האָט ער מוטיק איבערגעטראָגן זיינע צאָרעס, נאָר דערנאָך, אין איינעם אַ שיינעם טאָג, איז ער פאַר־שוואונדן געוואָרן. גאַנצע צוויי מעסלעס האָט יעסורים געהאַט די מיסיס דוגלאַס, זי האָט אים אומעטום אַרומגעזוכט. דער אוילעם איז געווען מאַמעש דערשטוינט. העקן האָט מען געזוכט אף די בערג און אין די טאָלן, מ'האָט אַרומגענישטערט אפילע דעם טייַך, זוכנדיק זיין קערפּער. ענדלעך, אפן דריטן טאָג גאַנצפרי איז טאָם סאָיערן איינ־געפאַלן אַ נישטער טון אין די ליידיקע קאַמערן אף יענער זייט פאַרלאָזטן שעכט־הויז, און אין איינער פון די קאַמערן האָט ער געטראָפן דעם אַנטלאָפענעם. העק איז געשלאָפן: ער האָט אָט־ערשט איבערגעביסן

מיט ערגעץ־צוגעלאָקכנטן נישער פון עסנוואַרג, און אַצינד, נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגערויכערט אַ פּיפּקע, האָט ער אין קאָמפּאַרט געדוט. ער איז געווען ניט אַרומגעוואַשן, ניט פאַרקעמט און אָנגעטון אין די פרײ־ערדיקע שמאַטעס, אין יענע שמאַטעס, אין וועלכע ער האָט אַזוי שיין אויסגעזעען אין די טעג, ווען ער איז נאָך געווען פריי און גליקלעך. טאָם האָט אים אופגעוועקט, האָט אים דערציילט, וויפל יעסורים ער האט אַלעמען אָנגעטון, און האָט אים געוואָלט איינרעדן ער זאָל זיך אומקערן אַהיים. העקס פּאָנים האָט אָנגעוואוירן דאָס רואיקע אויסזען און איז אומעטיק געוואָרן.

— רעד ניט דערפון, טאָם, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב געפּרואווט, נאָר ס׳קומט גאָרניט ניט אַרויס, טאָם! ניט פאַר מיר איז דאָס אלץ, איך בין ניט געוואוינט דערצו. די אַלמאָנע איז גוט צו מיר און מילד, נאָר איך קאָן ניט פאַרטראָגן דידאָזיקע אופטוען זייערע! זי צווינגט מיך, אַשטייגער, אופשטיין יעדער פרימאָרגן אין איין און דערזעלבער צייט, וואַשן זיך הייסט זי מיר; דעם גאַנצן קאָפּ האָבן זיי מיר צעדראַפּעט, קעמענדיק מיך, און שלאָפן לאָזן זיי מיך ניט אין דער האָלץ־קאַמער, — גיי, לייג זיך אין בעט אריין. און אָט־דאָס פאַרשאָלטענע אָנטון! די פאַרשטייסט, טאָם, איך ווער מאַמעש דערשטיקט אין דעם! סע לאָזט, דאַכט זיך, גאָר קיין לופט ניט דורך, ווייסט עס דער טייוול! און שיין איז עס אַזוי, ווייסט עס דער רוך, אַז מע טאָר ניט זעצן זיך דרינען אף דער ערד, ניט לייגן זיך, ניט קייקלען זיך אַף דר׳ערד. אָט כ׳האב שוין, דאַכט זיך, אַ וועלט מיט יאָרן ניט געריטן אַף די טירן פון די קעלערס! די אַלמאָנע עסט לויט אַ קלונג, לייגט זיך שלאָפן לויט אַ קלונג, שטייט אוף לויט אַ קלונג, — אַלצדינג איז אַזוי שרעקלעך נאָר־מאל איינגעאָרדנט, אַז כ׳קאָן מאַמעש ניט אויסהאַלטן.

— ס׳איז דאָך אָבער בא אַלעמען אַזוי, העק.

— טאָם, דאס איז מיר אַלציינס. איך בין ניט אַלע און איך קאָן עס ניט פארליידן. ס׳איז מאַמעש אַ טויט געבונדן צו זיין מיט הענט און מיט פיס. ס׳ווערט מיך אין קייווער אריין פאַרטרייבן! איך קאָן שוין קיין שטיקל ברויט אין מויל אריין ניט נעמען... ווילט זיך פיש כאַפּן — דאַרפסטו פרעגן אַ דערלויבעניש; ווילסטו אַביסל שווימען — אַ דערלויבעניש. כ׳וועל, דאַכט זיך, גאָר אינגיכן אַפילע פייגערן ניט קאָנען אָן אַ דערלויבעניש. מע צווינגט מיך ריידן אַזוי איידל, אַז כ׳האָב שוין קיין שום כיישעק ניט צו ריידן. איך גיי שוין גאַנץ אָפּט אַפּן בוידעם אַרויף, קעדיי אויסזידלען זיך ווי ס׳דאַרף צו זיין; אַניט וואָלט איך קלאַפּירט! די אַלמאָנע לאָזט מיך ניט רויכערן, לאָזט מיך ניט שרײַען, ניט גענעצן, ניט קראַצן זיך אויב עמעצער איז דאָ דערביי. איך האָב

געדאַרפט אַנטלויפן, טאַם, איך האָב געמוזט! און כּוצדעם, אינגיכן הייבט מען אָן לערנען אין שול, — מע וועט מיך אויך, מיסטאַם, אין שול אַריין שיקן, — דאָס וועל איך שוין אַף געוויס ניט אויסהאַלטן! זעסטו, טאָם, דאָס אַשרעס פּאַסט, ווייזט אויס, ניט פאַר מיר. כ'האָב פון דעם בלויז צאָרעס און גרימענישן, — די גאַנצע צייט גלוסט זיך מאַמעש שטאַרבן. ס'וואָלט קיינמאָל מיט מיר ניט געטראָפן זיך, ווען ניט אָט־דאָס פאַרשאָלטן געלט. טאָם, נעם זיך צו, זיי אַזוי גוט, מיין כיילעק און טו מיט אים וואָס דו ווילסט, און מיר גיב אַרויס נאָר צען פּענס פון מאָל צו מאָל, און דאָס אויך ניט אָפט, — מיר געפעלט נאָר דאָס, וואָס איז ניט לייכט. דו גיי דערפאַר און בעט פאַר מיר, די אַלמאָנע זאָל מיך אָפּלאָזן.

— ווייס איך וואָס, העק, דו ווייסט דאָך, אַז איך טאָר עס ניט: ס'איז ניט אָרנטלעך. און כּוצדעם, אויב דו וועסט זיך אַ מי טון נאָך אַביסל, וועסטו זיך צוגעוואוינען.

— איכל זיך צוגעוואוינען? קאָן מען דען צוגעוואוינען זיך זיצן אין אַ אָנגעגליטן אויוון? ניין, טאָם, איך וויל ניט זיין קיין רייכער, איך וויל ניט וואוינען אין אָט־די עקלדיקע לייטישע הייזער. איך האָב ליב דעם וואַלד, דעם טייך, איך האָב ליב נעכטיקן אין די פעסער — אָט־דאָס פּאַסט פאַר מיר. און דאָס איבעריקע — מעג עס איינגעזונקען ווערן! ווער באַדאַרף עס? מיר וואָלטן דאָך בעסער געקאַנט גאַזלאָנים ווערן, ווען ניט אָט־דאָס געלט.

טאָם האט עס טייקעף אויסגענוצט.

— העק, אָבער דאס געלט וועט מיר דאָך ניט שטערן ווערן אַ גאַזלען.

— נו? אַך, דו, גאָטעניו! דו מיינסט עס אַפּדערעמעסן, טאָם?

— אַף מיין וואָרט, עמעס. אבער דיך קאן מען דאָך ניט אריינעמען אין דער באַנדע, אויב דו וועסט ניט זיין פיין אָנגעטון.

העקס פרייד איז פאַרגיפטיקט געווארן.

— מע וועט מיך ניט קאנען אריינעמען? וואָס הייסט, מע וועט ניט קאָנען? האָסט דאָך מיך אריינגענומען אין דער פיראַטן־באַנדע!

— יאָ, נאר דאס איז גאָר אַן אַנדער איניען. אַ גאַזלען איז שטענדיק איידעלער פון אַ פיראַט; ער דאַרף זיך האַלטן לייטישער. אין אַסאך לענדער שטאַמען די גאַזלאָנים פון די באַרימטסטע פאַמיליעס: פון הערצאָגן, גראַפן.

— אָבער הער, טאָם, דו ביסט דאָך שטענדיק געוועזן מיין גוטער פריינט; דו וועסט מיך ניט אַרויסוואַרפן? עמעס, טאָם? דו וועסט עס ניט טון? זאָג!

— העק, איך וואָלט, פאַרשטייט זיך, געוואָלט דיך האבן פאַר אַ כאַווער, אָבער וואָס וועלן מענטשן זאָגן? זיי וועלן זאָגן: „פּפּאַ! טאָם סאָיערס באַנדע! זי באַשטייט דאָך פון גאָלע אָפּגעריסענע, אָפּגע־שליסענע!״ — און זיי וועלן עס דיך מיינען דערמיט. דאס וועט דאָך דיר ניט אנגענעמען זיין. נו, און מיר אויך, פאַרשטייט זיך.

העק האט אַ רעגע געשוויגן. ס׳איז אין זיין נעשאָמע פאָרגעקומען איצט אַ גרויס געראַנגל.

— גוט, טאָם. אויב דו וועסט צוזאָגן מיך אריינעמען אין דיין באַנדע, וועל איך זיך אומקערן אַף אַ כוידעש צו דער אַלמאָנע דוגלאַס און זיך מיען צוגעוואוינען זיך, אויב איך וועל נאָר קאָנען. אָבער דו זאָלסט מיך אריינעמען.

— געמאַכט, העק! קום, גוטער־ברודער! איך וועל אַ בעט טון די אַלמאָנע זי זאָל דיך ניט פּענטען אַזוי.

— עמעס, עמעס? וועסט אַ בעט טון, טאָם? אָט־דאס איז גוט! אויב זי וועט מיך אזוי ניט פייניקן אין די סאַמע וויכטיקסטע זאַכן, וועל איך רויכערן שטילערהייט, באַהאַלטענערהייט און זידלען זיך וועל איך אויך ערגעץ אין אַ ווינקל. אָבער ווען וועסטו צונויפנעמען די באַנדע און וועסט אָנהייבן ראַבעווען?

— אָ, איינגיכן. מירן, מעגלעך, נאך היינט באַנאכט צונויפנעמען די כעוורע און מירן איינאָרדענען אַן „אַריינטריט־צערעמאָניע״.

— וואָס וועלן מיר איינאָרדענען?

— אַן אַריינטריט־צערעמאָניע.

— וואס איז עס פאַר אַ מין?

— דאס הייסט, אַז מיר וועלן זיך שווערן אָנעמען זיך איינער פאַרן אַנדערן און ניט אויסגעבן די כאַוויידים, אַפילע אויב מע וועט אונז צעשניידן אַף שטיקער, — מירן שווערן, אַז מירן האַרגענען יעדן איינעם, וואס וועט באַליידיקן אַ מיטגליד פון אונזער באַנדע, אַפילע אויב ניט נאר אַ מיטגליד, נאר עמעצן פון זיין פאַמיליע.

— אָט־דאָס איז אויסגעצייכנט, טאָם!

— נאך אַ מין אויסגעצייכנט. און שווערן זיך דאַרף מען פונקט אין האַלבער נאַכט, אין סאַמע וויסטן אָרט, וואָס מע קאן נאָר געפינען, — דאס בעסטע איז אַזאַ הויז, וואו ס׳וואוינען געשפּענסטער.

— אין האַלבער נאַכט?

— יאָ, און שווערן וועלן מיר אַף עמעצנס אַ קייווער, און כאַסמע־נען וועלן מיר מיט בלוט.

— אָט דאס איז אַ זאַך! דאָס איז אַסאַך אינטערעסאַנטער, ווי צו זיין אַ פּיראַט. נו, גוט, טאָם, זאָל זיין אַזוי, איך וועל פאָלגן די אַלמאָנע,

ביז זי וועט מיך אינגאַנצן ניט פאַרמאַטערן, — אויב איך וועל ווערן אַן עמעסער, עכטער גאַזלען און אַלע וועלן נעמען ריידן וועגן מיר — וועט זי אליין שטאָלצירן דערמיט, וואָס זי האט פון מיר אַ לייט געמאַכט.

## שלוס.

דערמיט ענדיק איך מיין דערציילונג. אַזוי ווי דאָס איז אַ דערציי־לונג וועגן אַ אינגעל, מוז איך אָפשטעלן זיך. אויב איך וועל דערציילן ווייטער, וועט עס שוין, זיין די לעבנס־געשיכטע פון אַ דערוואָקסענעם מענטשן. בעאייס מע שרייבט אַ ראָמאַן פונם לעבן פון דערוואָקסענע מענטשן, ווייסט מען שטענדיק וואו אָפצושטעלן זיך: מע מאַכט כאַסענע דעם העלד — און פאַרטיק. בעאייס מע שרייבט וועגן אינגלעך — האָט מען בעיאַד זיך אָפשטעלן דאָרט, וואו ס'איז באקוועמער.

דאָס ראָוו העלדן פון מיין דערציילונג לעבן און לאָזן זיך וואויל־גיין אַדאַיעם. מעגלעך, אַז איך וועל אַמאָל געפינען פאַר נייטיק אומ־קערן זיך צו דער געשיכטע פון מיינע אינגערע העלדן און באַווייזן, וואָס פאַר אַ מאַנסבלען און פרויען זיינען פון זיי אַרויסגעוואַקסן; דע־ריבער האַלט איך פאַר פאַסיקער דערוויל זייער ווייטערדיקן לעבן ניט באַרירן אין מיין דערציילונג.

---



קאָאָפּעראַטיווער פארלאג „קולטור-ליגע“.

# אלגעמיינע ביבליאָטעק

מאַרק טווען — טאָם סאָיער — — 1.40

דזשיאָוואניאָלי — ספּאַרטאַק

עמיל זאָליאַ — קוילנגרעבער

טשאַרלז דיקענס — דאַוויד קאָפּערפילד

שאָלעם-אַליכעם — די בלאָנזנדע שטערן — I טייל

״ ״ ״ II ״

וויקטאָר הוגאָ — נאָטרדאם

עפּטאָן סינקלער — סאַמועל דער עמעס-זוכער

הערבערט וועלס — וועלט-געראַנגל

און אַנדערע.

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע".

# אַלגעמיינע ביבליאָטעק

מאַרק טווען—טאָם סאָיער — — 1.40

דזשיאָוואַניאָלי—ספּאַרטאַק

עמיל זאָליאַ—קוילנגרעבער

טשאַרלז דיקענס—דאַוויד קאָפּערפילד

שאָלעם-אַליכעם—די בלאָנזנדע שטערן—I טייל

" " " II "

וויקטאָר הוגאָ—נאָטרדאַם

עפּטאָן סינקלער—סאַמועל דער עמעס-זוכער

הערבערט אועלס—וועלט-געראַנגל

און אַנדערע.

ביז זי וועט מיך אינגאַנצן ניט פאַרמאַטערן, — אויב איך וועל ווערן אַן עמעסער, עכטער גאַזלען און אַלע וועלן נעמען ריידן וועגן מיר — וועט זי אליין שטאָלצירן דערמיט, וואָס זי האט פון מיר אַ לייט געמאַכט.

## שלוס.

דערמיט ענדיק איך מיין דערציילונג. אַזוי ווי דאָס איז אַ דערציילונג וועגן אַ אינגל, מוז איך אָפּשטעלן זיך. אויב איך וועל דערציילן ווייטער, וועט עס שוין, זיין די לעבנס־געשיכטע פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן. בעאייס מע שרייבט אַ ראָמאַן פונם לעבן פון דערוואַקסענע מענטשן, ווייסט מען שטענדיק וואו אָפּצושטעלן זיך: מע מאַכט כאַסענע דעם העלד — און פאַרטיק. בעאייס מע שרייבט וועגן אינגלעך — האָט מען בעיאַד זיך אָפּשטעלן דאָרט, וואו ס'איז באקוועמער.

דאָס ראָוו העלדן פון מיין דערציילונג לעבן און לאָזן זיך וואויל־גיין אַדאַיעם. מעגלעך, אַז איך וועל אַמאָל געפינען פאַר נייטיק אומ־קערן זיך צו דער געשיכטע פון מיינע אינגערע העלדן און באַווייזן, וואָס פאַר אַ מאַנסבלען און פרויען זיינען פון זיי אַרויסגעוואַקסן; דע־ריבער האַלט איך פאַר פאַסיקער דערווייל זייער ווייטערדיקן לעבן ניט באַרירן אין מיין דערציילונג.

---



— העק, איך וואָלט, פאַרשטייט זיך, געוואָלט דיך האבן פאַר אַ כאַווער, אָבער וואָס וועלן מענטשן זאָגן? זיי וועלן זאָגן: „פּפאַ! טאָם סאָיערס באַנדע! זי באַשטייט דאָך פון גאָלע אָפּגעריסענע, אָפּגע־שליסענע!״ — און זיי וועלן עס דיך מיינען דערמיט. דאס וועט דאָך דיר ניט אנגענעמען זיין. נו, און מיר אויך, פאַרשטייט זיך.

העק האט אַ רעגע געשוויגן. ס׳איז אין זיין נעשאָמע פאָרגעקומען איצט אַ גרויס געראַנגל.

— גוט, טאָם. אויב דו וועסט צוזאָגן מיך אריינעמען אין דיין באַנדע, וועל איך זיך אומקערן אַף אַ כוידעש צו דער אַלמאָנע דוגלאַס און זיך מיען צוגעוואוינען זיך, אויב איך וועל נאָר קאָנען. אָבער דו זאָלסט מיך אריינעמען.

— געמאַכט, העק! קום, גוטער־ברודער! איך וועל אַ בעט טון די אַלמאָנע זי זאָל דיך ניט פּענטען אַזוי.

— עמעס, עמעס? וועסט אַ בעט טון, טאָם? אָט־דאס איז גוט! אויב זי וועט מיך אזוי ניט פּייניקן אין די סאַמע וויכטיקסטע זאַכן, וועל איך רויכערן שטילערהייט, באַהאַלטענערהייט און זידלען זיך וועל איך אויך ערגעץ אין אַ ווינקל. אָבער ווען וועסטו צונויפנעמען די באַנדע און וועסט אָנהייבן ראַבעווען?

— אָ, אינגיכן. מירן, מעגלעך, נאך היינט באַנאכט צונויפנעמען די כעוורע און מירן איינאָרדענען אַן „אַריינטריט־צערעמאָניע״.

— וואָס וועלן מיר איינאָרדענען?

— אַן אַריינטריט־צערעמאָניע.

— וואס איז עס פאַר אַ מין?

— דאס הייסט, אַז מיר וועלן זיך שווערן אָנעמען זיך איינער פאַרן אַנדערן און ניט אויסגעבן די כאַוויירים, אַפילע אויב מע וועט אונז צעשניידן אַף שטיקער, — מירן שווערן, אַז מירן הארגענען יעדן איינעם, וואס וועט באַליידיקן אַ מיטגליד פון אונזער באַנדע, אַפילע אויב ניט נאר אַ מיטגליד, נאר עמעצן פון זיין פאַמיליע.

— אָט־דאָס איז אויסגעצייכנט, טאָם!

— נאך אַ מין אויסגעצייכנט. און שווערן זיך דאַרף מען פונקט אין האַלבער נאַכט, אין סאַמע וויסטן אָרט, וואָס מע קאן נאָר געפינען, — דאס בעסטע איז אַזאַ הויז, וואו ס׳וואוינען געשפענסטער.

— אין האַלבער נאַכט?

— יאָ, און שווערן וועלן מיר אַף עמעצנס אַ קייווער, און כאַסמע־נען וועלן מיר מיט בלוט.

— אָט דאס איז אַ זאַך! דאָס איז אַסאַך אינטערעסאַנטער, ווי צו זיין אַ פּיראַט. נו, גוט, טאָם, זאָל זיין אַזוי, איך וועל פאָלגן די אַלמאָנע,

געדאַרפט אַנטלויפן, טאַם, איך האָב געמוזט! און כוצדעם, אינגיכן הייבט מען אָן לערנען אין שול, — מע וועט מיך אויך, מיסטאַם, אין שול אַריין שיקן, — דאָס וועל איך שוין אַף געוויס ניט אויסהאַלטן! זעסטו, טאָם, דאָס אַשרעס פאַסט, ווייזט אויס, ניט פאַר מיר. כ'האָב פון דעם בלויז צאָרעס און גרימעניש, — די גאַנצע צייט גלוסט זיך מאַמעש שטאַרבן. ס'וואָלט קיינמאָל מיט מיר ניט געטראָפן זיך, ווען ניט אָט־דאָס פאַרשאָלטן געלט. טאָם, נעם זיך צו, זיי אַזוי גוט, מיין כיילעק און טו מיט אים וואָס דו ווילסט, און מיר גיב אַרויס נאָר צען פענס פון מאָל צו מאָל, און דאָס אויך ניט אָפט, — מיר געפעלט נאָר דאָס, וואָס איז ניט לייכט. דו גיי דערפאַר און בעט פאַר מיר, די אַלמאָנע זאָל מיך אָפּלאָזן.

— ווייס איך וואָס, העק, דו ווייסט דאָך, אַז איך טאָר עס ניט: ס'איז ניט אָרנטלעך. און כוצדעם, אויב דו וועסט זיך אַ מי טון נאָך אַביסל, וועסטו זיך צוגעוואוינען.

— איכל זיך צוגעוואוינען? קאָן מען דען צוגעוואוינען זיך זיצן אין אַ אָנגעגליטן אויוון? ניין, טאָם, איך וויל ניט זיין קיין רייכער, איך וויל ניט וואוינען אין אָט־די עקלדיקע לייטישע הייזער. איך האָב ליב דעם וואַלד, דעם טייך, איך האָב ליב נעכטיקן אין די פעסער — אָט־דאָס פאַסט פאַר מיר. און דאָס איבעריקע — מעג עס איינגעזונקען ווערן! ווער באַדאַרף עס? מיר וואָלטן דאָך בעסער געקאַנט גאַזלאָנים ווערן, ווען ניט אָט־דאָס געלט.

טאָם האָט עס טייקעף אויסגענוצט.

— העק, אָבער דאָס געלט וועט מיר דאָך ניט שטערן ווערן אַ גאַזלען.

— נו? אַך, דו, גאָטעניו! דו מיינסט עס אָפּדערעמעסן, טאָם?

— אַף מיין וואָרט, עמעס. אָבער דיך קאָן מען דאָך ניט אַריינעמען אין דער באַנדע, אויב דו וועסט ניט זיין פיין אָנגעטון.

העקס פרייד איז פאַרגיפטיקט געוואָרן.

— מע וועט מיך ניט קאָנען אַריינעמען? וואָס הייסט, מע וועט ניט קאָנען? האָסט דאָך מיך אַריינגענומען אין דער פיראַטן־באַנדע!

— יאָ, נאָר דאָס איז גאָר אַן אַנדער איניען. אַ גאַזלען איז שטענדיק איידעלער פון אַ פיראַט; ער דאַרף זיך האַלטן לייטישער. אין אַסאַך לענדער שטאַמען די גאַזלאָנים פון די באַרימטסטע פאַמיליעס: פון הערצאָגן, גראַפן.

— אָבער הער, טאָם, דו ביסט דאָך שטענדיק געווען מיין גוטער פריינט; דו וועסט מיך ניט אַרויסוואַרפן? עמעס, טאָם? דו וועסט עס ניט טון? זאָג!

מיט ערגעץ־צוגעלאַקכנטן נישער פון עסנוואַרג, און אַצינד, נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגערויכערט אַ פּיפּקע, האָט ער אין קאָמפּאָרט געדוט. ער איז געווען ניט אַרומגעוואַשן, ניט פאַרקעמט און אָנגעטון אין די פרייערדיקע שמאַטעס, אין יענע שמאַטעס, אין וועלכע ער האָט אַזוי שיין אויסגעזעען אין די טעג, ווען ער איז נאָך געווען פריי און גליקלעך. טאָם האָט אים אופגעוועקט, האָט אים דערציילט, וויפל יסורים ער האט אַלעמען אָנגעטון, און האָט אים געוואָלט איינרעדן ער זאָל זיך אומקערן אַהיים. העקס פּאָנים האָט אָנגעוואוירן דאָס רואיקע אויסזען און איז אומעטיק געוואָרן.

— רעד ניט דערפון, טאָם, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב געפּרואווט, נאָר ס׳קומט גאָרניט ניט אַרויס, טאָם! ניט פאר מיר איז דאָס אלץ, איך בין ניט געוואוינט דערצו. די אַלמאָנע איז גוט צו מיר און מילד, נאָר איך קאָן ניט פאַרטראָגן דידאָזיקע אופטוען זייערע! זי צווינגט מיך, אַשטייגער, אופשטיין יעדער פרימאָרגן אין איין און דערזעלבער צייט, וואַשן זיך הייסט זי מיר; דעם גאַנצן קאָפּ האָבן זיי מיר צעדראַפּעט, קעמענדיק מיך, און שלאָפן לאָזן זיי מיך ניט אין דער האָלץ־קאַמער, — גיי, לייג זיך אין בעט אריין. און אָט־דאָס פאַרשאָלטענע אָנטון! דו פאַרשטייסט, טאָם, איך ווער מאַמעש דערשטיקט אין דעם! סע לאָזט, דאַכט זיך, גאָר קיין לופט ניט דורך, ווייסט עס דער טייוול! און שיין איז עס אַזוי, ווייסט עס דער רוך, אַז מע טאָר ניט זעצן זיך דרינען אף דער ערד, ניט לייגן זיך, ניט קייקלען זיך אַף דר׳ערד. אָט כ׳האב שוין, דאַכט זיך, אַ וועלט מיט יאָרן ניט געריטן אַף די טירן פון די קעלערס! די אַלמאָנע עסט לויט אַ קלונג, לייגט זיך שלאָפן לויט אַ קלונג, שטייט אוף לויט אַ קלונג, — אַלצדינג איז אַזוי שרעקלעך נאָרמאל איינגעאָרדנט, אַז כ׳קאָן מאַמעש ניט אויסהאַלטן.

— ס׳איז דאָך אָבער בא אַלעמען אַזוי, העק.

— טאָם, דאס איז מיר אַלציינס. איך בין ניט אַלע און איך קאָן עס ניט פארליידן. ס׳איז מאַמעש אַ טויט געבונדן צו זיין מיט הענט און מיט פיס. ס׳וועט מיך אין קייווער אריין פאַרטרייבן! איך קאָן שוין קיין שטיקל ברויט אין מויל אריין ניט בעמען... ווילט זיך פיש כאַפּן — דאַרפסטו פרעגן אַ דערלויבעניש; ווילסטו אַביסל שווימען — אַ דערלויבעניש. כ׳וועל, דאַכט זיך, גאָר אינגיכן אַפילע פייגערן נים קאָנען אָן אַ דערלויבעניש. מע צווינגט מיך ריידן אַזוי איידל, אַז כ׳האָב שוין קיין שום כיישעק ניט צו ריידן. איך גיי שוין גאַנץ אָפּט אַפּן בוידעם אַרוף, קעדיי אויסזידלען זיך ווי ס׳דאַרף צו זיין; אַניט וואָלט איך קלאַפּירט! די אַלמאָנע לאָזט מיך ניט רויכערן, לאָזט מיך ניט שרייַען, ניט געגעצן, ניט קראַצן זיך אויב עמעצער איז דאָ דערביי. איך האָב

אַ דערהויבענער, איידעלער און גרויסמוטיקער ליגן, אַ ליגן, וואס מע מעג שטאָלצירן מיט אים, א ליגן, וואָס האָט פאַרדינט צו פארנעמען אין דער געשיכטע אַן אָרט בײַשכיינעס מיט דעם באַרימטן „עמעס" פון געאָרג וואַשינגטאָן. בעקי האט נאך קיינמאָל ניט געזעען איר טאַטן אַזאַ דערהויבענעם, ווי אין אָט־דער רעגע, ווען ער האט אָט־די רייד גערעדט, שנעל שפּאַנענדיק איבערן צימער און טופּענדיק מיטן פוס. בעקי איז טייקעף אַוועקגעגאַן און האט אלץ איבערגעגעבן טאָמען.

דער ריכטער טעטשער האָט געהאַפּט זען אַמאָל טאָמען אַלס אַ גרויסן אַדוואָקאַט אָדער אַ גרויסן קאָמאַנדיר. ער האָט געזאָגט, אז ער וועט זיך מישטאַדל זיין, מע זאָל טאָמען אריינעמען אין דער נאַציאָנאַלער מיליטער־אַקאַדעמיע, און דערנאָך זאָל ער דורכגיין דעם יורי־קורס אין דער בעסטער יורי־שול, — אַזוי אַז טאָם זאָל זיך צוגרייטן צו יעדער איינער פון דידאָזיקע קאַריערעס אָדער אַפילע צו ביידע.

דאָס אשרעס, וואָס העקלבערי פין האָט געקראָגן, און דער פאַקט, וואָס די אַלמאָנע דוגלאַס האָט אים גענומען אונטער איר שוץ, האָבן אריינגעפירט העקן אין דער געזעלשאַפט, — ניין, האָבן אים אריינגעשלעפּט אהין מיט גוואַלד, און די ליידן זיינע, העקס, זיינען אריבערגעשטויגן זיינע קויכעס. דער אַלמאָנעס דינסטן האָבן אים געוואַשן און גערייניקט אים דאָס אָנטון, האָבן אים געקעמט און צוגעגלעט די האָר, האָבן אים אף נאַכט געלייגט שלאָפן אין אַ ציכטיק־ריין בעט, וואו ס'איז אפן ליילעך און אף דער קאָלדרע ניט געווען קיין איין שמוציק פלעקעלע ניט; מע האָט אים געצוואונגען עסן מיט אַ מעסער און גאָפּל, פון טעלער און גלעזער, באַנוצן זיך מיט אַ טיכל, לערנען זיך פון אַ בוך, גיין אין קלויסטער אריין, ריידן אזוי איידל, אַז די ווערטער זאָלן אים בלייבן שטעקן אין גאָרגל. וואוהין ער האָט זיך אַ קער געטון, אומעטום האָבן די פענטעס און די באַריערן פון דער ציוויליזאַציע געפּענטעט אים הענט און פיס און פאַרצוימט דעם וועג.

אין מעשעך פון אַ דריי וואָכן האָט ער מוטיק איבערגעטראָגן זיינע צאָרעס, נאָר דערנאָך, אין איינעם אַ שיינעם טאָג, איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן. גאַנצע צוויי מעסלעס האָט יעסורים געהאַט די מיסיס דוגלאַס, זי האָט אים אומעטום אַרומגעזוכט. דער אוילעם איז געווען מאַמעש דערשטוינט. העקן האָט מען געזוכט אף די בערג און אין די טאָלן, מ'האָט אַרומגענישטערט אפילע דעם טײַך, זוכנדיק זיין קערפּער. ענדלעך, אפן דריטן טאָג גאַנצפרי איז טאָם סאָיערן איינגעפאַלן אַ נישטער טון אין די ליידיקע קאַמערן אף יענער זייט פאַרלאָזטן שעכט־הויז, און אין איינער פון די קאַמערן האָט ער געטראָפן דעם אַנטלאָפענעם. העק איז געשלאָפן: ער האָט אָט־ערשט איבערגעביסן

מאַמעש אויסערגעוויינלעך. ווען דער מעציע האט מען געערדט, גע־
בקירעט, געטאַינעט, מ׳האָט אָנגעקוועלט פון איר, געצאַצקעט זיך מיט
איר; אַ טייל איינוואוינער זיינען שיר ניט משוגע געוואָרן פון
אופגערעגטקייט. אין פּיטערסבורג און אין אלע אַרומיקע דערפער האָט
מען אַרומגענישטערט אלע הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן געלעבט שיידים,
מ׳האָט ברעטערוויים געריסן די דילן, מ׳האָט געגראָבן אונטער די פונ־
דאמענטן, זוכנדיק פארגראָבענע אויצרעס, — און ניט קיין אינגלעך האָבן
עס געטון, נאר דערוואקסענע מאַנסבּלען, מענטשן ערנסטע, סאָלידע,
גאָר ניט קיין טרוימערס. טאָמען מיט העקן האָט מען געפּעסטעט, מ׳איז
אַרומגעגאַן אַרום זיי, מ׳האט געסטאַרטשעט אף זיי די אויגן וואו נאָר זיי
פלעגן זיך באווייזן. די אינגלעך האבן ניט געקאנט דערמאנען זיך, אַז
עמעצער זאל אַמאָל צוגעבן וועלכן־ס׳ניט־איז באַטייט זייערע ווערטער;
אַצינד אָבער האָבן אַלע יעדער פראַזע זייערע איבערגעכאַזערט ווי
עפּעס ווערטפולס; אין יעדער אופטו זייערן האט מען געזען עפּעס
גאָר, גאר באַזונדערס, ווי זיי וואָלטן אָנגעוואוירן דעם קויעך צו טון
און ריידן געוויינלעכע זאַכן. כוץ אַלעמען פלעג מען אַפילע אין זייער
פארגאנגענהייט אופזוכן ווערטער און פאַקטן, וואָס פארכידעשן מאַמעש
מיט זייער אָריגינעלקייט. אין דער היגער צייטונג זיינען אָפּגעדרוקט
געוואָרן די ביאָגראַפיעס פוןביידע אינגלעך.

די אַלמאָנע האט אריינגעלייגט אין באַנק אריין העקס געלט, אַף
צען פּראָצענט אַ יאָר, און דער ריכטער טעטשער האט, לויט דער מומע
פּאָליס באַקאָשע, געטון דאסזעלבע פון טאָמס ווען. באַ יעדן פון די
אינגלעך איז איצט געווען אַ ריזיקע יערלעכע האַכנאָסע: יעדער וואָכע־
דיקן טאָג צו אַ גאַנצן דאָלער, און אַ האַלב פון די זונטיקס אין יאָר —
צו אַ האַלבן דאָלער. אמאָליקע צייטן איז דאס לעבן געווען פּאָשעטער
ווי היינט, און פאר אַ דאָלער מיט אַ פערטל אַ וואָך האט מען געקאנט
ניט נאר האָדעווען און לערנען אַ אינגל, נאר אַפּילע באקליידן און באַ־
שוכן אים.

דער ריכטער טעטשער האט באקומען גרויס אָפּשיי פאר טאָמען. ער
פלעג זאָגן, אַז אַ געוויינלעך, פּאָשעט אינגל וואָלט קיינמאל ניט גע־
קענט ארויספירן זיין טאָכטער פון דער הייל. אַז בעקי האט בעסאָד
דערציילט דעם טאַטן, ווי טאָם האט גענומען מע זאָל אים אָנשמייסן
אנשטאָט איר, האט עס דעם ריכטער זייער גערירט. אַז בעקי האט גע־
נומען בעטן דעם טאַטן, ער זאל זיך ניט באַציען אַזוי שטריינג צו טאָ־
מען איבערן ליגן, וואס טאָם האָט געמוזט זאָגן קעדיי אַרויסראַטעווען
זי פון איר אומגליק און אַרופוואַלגערן דעם אומגליק אף זיינע אייגענע
אַקסלען — האט דער ריכטער אין היספּאַילעס געמאָלדן, אַז ס׳איז געווען

אָט־דעם ליבן קאַטאָוועס, נאָר אויך די שוויגעניש, וואָס האָט הערשן גע־נומען, איז ניט־גאָר אנגענעמען געווען. טאָם האט זיך געאיילט צעשטערן די שטילקייט.

— העק האָט זיין אייגן געלט. איר מעגט מיר ניט גלויבן, נאר ער פארמאָגט אַ קופּע מיט געלט. זייט אזוי גוט, לאַכט ניט, — כ'וועל אייך באַלד באווייזן. וואַרט־צו אַ רעגע!

טאָם איז אַרויסגעלאָפן פון צימער. אַלע האָבן דערשטוינט און ניי־גיריק געקוקט איינער אַפן אַנדערן און מיט פראגע אין בליק — אף העקן. נאר העק האָט געשוויגן, ווי אַ האָרעג.

— סיד, וואָס איז עס פאר אַ מין מיט טאָמען? — האט געפרעגט די מומע פּאָלי. — ער... מיט אָט־דעם באָכערל וויסטו קיינמאָל ניט אף וואָס צו ריכטן זיך. כ'האָב אף מיין לעבן...

די מומע פּאָלי האט ניט פאַרענדיקט די פראַזע, — ס'איז אריינגעקר־מען טאָם, איינבויגנדיק זיך אונטער דער לאַסט פון צוויי זעק. טאָם האָט אַרויסגעשאָטן אַפן טיש אַ הרודע גאָלד און האט טריומפירנדיק אויסגעשריגן:

— אָט! וואס האָב איך אייך געזאָגט? אַ האלב דערפון געהער העקן, און די צווייטע האַלב — מיר!

אז דער אוילעם האָט דערזעען אזא שעפע מיט גאָלד, האט עס בא אַלעמען דעם אָטעם פאַרכאַפּט. איין רעגע איז קיינער ניט בעקויעך גע־ווען אַ וואָרט אויסצורעדן; אַלע האָבן, פארשטייט זיך, געפאָדערט דער־קלערונגען. טאָם האט מיט גרויס כיישעק דערציילט. זיין דערציילונג איז געווען לאַנג, אָבער פול מיט שפּאַנונג. מע האָט אים קימאַט ניט איבערגעשלאָגן, קעדיי ניט צעשטערן דעם צויבער. אז טאָם האָט גע־ענדיקט, האט מ"ר דזשאָנס געזאָגט:

— איך האָב געמיינט, אז כ'האָב צוגעגרייט דעם אוילעם אַ קליינעם סיורפּריז, נאָר אין פארגלייך מיט אָט־דעם סיורפּריז איז מיינער גאָר־ניט דערוועגט. איך בין אליין מוידע!

מ'האָט איבערגעציילט דאס געלט. ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז פאַ־ראַן איז מער פון צוועלף טויזנט דאָלערס. אזא סכום מיטאַמאָל האט קיינער פונם אוילעם אף זיין לעבן ניט געזעען, כאָטש אַ טייל האָבן געהאַט פארמעגן מער ווי אף צוועלף טויזנט דאָלער.

## קאַפּיטל XXXVI.

טאָמס און העקס האַצלאָכע האָט, פארשטייט זיך, אין אזא פאר־וואָרפן שטעטל, ווי פּיטערסבורג, געמאכט אַ גרויסן איינדרוק. אזא אומ־געהייערער סכום געלט, און נאך מיט ריין גאָלד — דאס האט אויסגעזעען

וואָלסט קיינעם ניט דערציילט וועגן די גאַזלאָנים. נאָר אַף מיעסקייטן ביסטו פייאיק און דו קאָנסט ניט פאַרטראָגן, אויב דו הערסט ווי מע לויבט עמעצן פאַר אַ גוטער זאַך. אָט האָסטו דיר! און דאנקען דאַרף מען ניט,—אַזוי האָט געזאָגט די מיסיס דוגלאַס.

און טאָם האָט גענומען שלעפּן דעם ברודער באַם אויער און מיט קלעפּ ארויסגעשליידערט אים אַף יענער זייט טיר.

— אַצינד פאַרנעם זיך! און אויב דו וועסט זיך קלאָגן פאַר דער מומען, איז זע־זשע, מאָרגן וועט נאָך ערגער זיין.

אין עטלעכע רעגעס אַרום זיינען שוין דער אַלמאָנעס געסט געזעסן אַרום טיש און האָבן געגעסן וועטשערע: די דערוואַקסענע—באַם הויפּט־טיש, און די קינדער שורעסווייס באַ די קליינינקע זייטיקע טישעלעך, ווי ס׳איז געווען דער מינעג אין יענער צייט און אין יענעם קאַנט. פאַרן לעצטן געריכט האָט מ״ר דזשאָנס געהאַלטן אַ קורצע רעדע. ער האָט געדאַנקט דער אַלמאָנע פאַרן קאָוועד, וואָס זי האָט אָפּגעגעבן אים און זיינע זין, נאָר אין דערזעלבער צייט האָט ער דערקלערט, אַז דער גאַנצער פאַרדינסט איז ניט זייערער, נאָר עמעצנס אַ דריטנס, וואָס זיין אַניוועס און א. וו., א. א. וו.

מיסטער דזשאָנס האָט זייער קונציק צוגעגרייט די צוהערער צו דער אַנטפּלעקונג פונם סאָד וועגן העקס אַנטייל אין אָט דעם גאַנצן איניען, נאָר דער אינטערעס צו זיין דערציילונג איז שטאַרק געמינערט געוואָרן דורך סידס פּאָרויסזאָגן. און דער כידעש פון די צוהערער האָט באַקומען ניט אַזאַ ראַשיקן אויסדרוק, ווי ס׳וואָלט געקאָנט זיין באַ אַנ־דערע אומשטענדן. דאָך האָט די מיסיס דוגלאַס געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז זייער פאַרכידעשט, און זי האָט באַשאָטן העקן מיט אַזעלכע לויבן און דאַנקען, אַז העק קימאַט האָט פאַרגעסן אין דער אומבאַקוועמ־לעכקייט פון זיין לאַגע—פאַרגעסן אין זיין נייעם אָנטון, וואָס האָט אים ווי געלייִמט, און אויך פאַרגעסן אין דער אומאַנגענעמלעכקייט צו זיין דער צענטער פון אַלעמענס אופמערקזאַמקייט, — דאָס איז שוין גאָר ניט אין העקס טעווע געווען.

מיסיס דוגלאַס האָט געמאָלדן, אַז זי האָט באַשלאָסן נעמען העקן צו זיך אַהיים און מאַכן פון אים אַ לייט, בילדן אים און דערנאָך העלפן אים קומען צו אַ טאַכלעס.

דאָ איז אַרויסגעטראָטן טאָם.

— העק נייטיקט זיך ניט דערינען,— האָט ער אַ זאָג געגעבן,— העק איז אַצינד אַליין אַ רייכער.

ווען דער פאַרזאַמלטער אוילעם וואָלט ניט געווען אַזוי איידל דער־צויגן, וואָלט ער, פאַרשטייט זיך, באַגעגנט מיט פריילעכן געלעכטער

— נו, פֿאַרשטייסטו מיך, איך בין ניט געוואוינט צו אַזאַ אוילעם. איך קאָן דאָס ניט ליידן. איך וועל ניט גיין אהין, טאַט.

— נאַרישקייטן, ס'האָט קיין שום ווערט ניט. אָט מיר איז אַלציינס. איך האָב גאָר קיין מוירע ניט, כ'וועל אויך דיך אינזינען האָבן. אַף דער שוועל האָט זיך באוויזן סיד.

— טאַט, די מומע האָט אַף דיר געוואַרט די גאַנצע צייט נאָכן וואַר־מעס,—וואו ביסטו געווען? מערי האָט דיר אָנגעגרייט דעם יאָנטעוו־דיקן גאַרניטער; אַלע האָבן יעסורים געהאַט, וואו ביסטו. וואָס איז עס באַ דיר אַפּן אָנטון — כיילעוו, ליים?

— מ"ר סיד, איך אייצע אייך האָבן צו טון מיט אייערע אייגענע איניאָנים און ניט רוקן די נאָז אין פרעמדע. דאָך, וואָס האָבן זיי עס דאָרט אין זאַל פֿאַרטראַכט? צוליב וואָס איז?

— פּאָשעט, די אַלמאָנע אָרדנט באַ זיך איין אַן אָוונט, ווי זי טוט עס אָפּטמאָל. הייַנטיקס מאָל איז דער אָוונט לעקאָוועד דעם וואַליִער און זיינע זין, דערפאַר וואס זיי האָבן זי אָפּגעראַטעוועט דעמאָלט באַ־נאַכט. און איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, אויב אירווילט נאָר, פֿאַרשטייט זיך?

— נו, וואָס אַזוינס?

— אָט־וואָס: דער אַלטער מ"ר דזשאָנס קלייבט זיך היינט מיט עפּעס אַלעמען פֿאַרכידעשן; נאָר איך האָב גראָד אונטערגעהערט זיין סאָד ווען ער האט היינט דערציילט עס דער מומען. איך מיין, אַז אַצינד איז עס שוין פאר קיינעם קיין סאָד ניט. אַלע ווייסן, אַפּילע די אַלמאָנע, כאָטש זי מאַכט זיך קלאָמפּערשט, אז זי ווייסט ניט. פֿאַרשטייט זיך, דעם מ"ר דזשאָנסן איז נייטיק געווען ברייגגען אַהער העקן, אָן העקן וואָלט זיך גאָרניט באַקומען פון זיין סאָד.

— אין וואָס־זשע באַשטייט דער סאָד?

— דערין, וואס דאָס האָט העק אַנטפּלעקט די גאַזלאָנים לעבן דער אַלמאָנעס הויז. מ"ר דזשאָנס מיינט, אַז ס'וועט זיין פון זיין זייט אַ גרויסער סיורפּריז פאר אַלעמען,—אינדערעמעסן אָבער וועט זיך גאָרניט ניט באַקומען.

סיד האָט אַ כיכיקע געטון,— ער איז געווען, זעט אויס, זייער צו־פרידן, וואס דעם אַלטנס פּלאַן וועט דורכפֿאַלן.

— סיד, דאס האָסטו אַלעמען דערציילט?

— ס'דען ניט אַלציינס, ווער ס'האָט דערציילט? מ'ווייסט, און פֿאַרטיק.

— סיד, אין דער גאַנצער שטאָט איז דאָ נאָר איין מענטש, וואָס איז פייאיק אַף אַזאַ מיעסקייט, און דאָס ביסטו. ווען דו וואָלסט געווען אַף העקס אָרט, וואָלסטו געאיילט זיך מאַכן די פּלייטע פון בערגל און

— יאָ, זי באַציט זיך צו מיר פריינטלעך.

— נו, אָט זעסטו,— איז פאַרוואָס־זשע האָסטו מוירע?

העק האָט ניט באַוויזן צוטראכטן קיין ענטפער,—מ׳האָט אים צוזאַמען מיט טאָמען אַריינגעשטופּט אין גאסט־צימער פון דער מיסיס דוגלאס. מ־ר דזשאָנס האט איבערגעלאָזט דאס וועגעלע אף יענער זייט טיר און איז אריינגעגאַנגען צוזאמען מיט זיי.

דער זאַל איז געווען העל באַלויכטן, און ס׳האָבן זיך דאָרט פאַר־זאמלט אלע אָנגעזעענע לייט פון שטעטל. געווען זיינען דאָ די טעטשערס, די גארפערס, די ראָדזשערס, די מומע פּאָלי, סיד, מערי, דער גאלעך, דער אַרויסגעבער פון דער צייטונג און נאָך אסאך, אסאך אוילעם, — אַלע יאָנטעוודיק פאַרפּוצט. די אַלמאָנע האָט באַגעגנט די אינגלעך זייער האַרציק, ווי נאָר ס׳קאָן באַגעגענען א באַלעבאָסטע געסט, וואָס באַ־ווייזן זיך פאַר איר מיט אזאַ אויסזען, ווי אונזערע העלדן: אויסגע־שמירט מיט ליים און מיט כיילעוו. די מומע פּאָלי איז אינגאַנצן רויט געוואָרן פאַר בושע און האָט אָנגעברויגעוט געשאָקלט מיטן קאָפּ, קוקנ־דיק אַף טאָמען. נאָר ערגער פון אַלעמען האָבן זיך געפילט די אינגלעך אַליין.

— טאָם איז ניט געווען אינדערהיים און כ׳האָב זיך אַפילע ניט געפּרואווט געפינען אים; נאָר דערנאָך האָב איך אָנגעטראָפן אף אים און אף העקן פּונקט לעבן מיין טיר, און אָט האב איך זיי געבראכט אַהער.

— און אויסגעצייכנט האָט איר טאַקע געטון—האָט געזאָגט די אַלמאָנע, — קומט נאָך מיר, קינדער!

זי האָט זיי אַוועקגעפירט אין אַלקער און האָט א זאָג געטון:

— אַצינד וואַשט זיך אויס און טוט זיך איבער. דאָ ליגן צוויי נייע גאַרניטערס: העמדלעך, זאָקן,— אַלץ וואָס מע דאַרף. ס׳איז, אייגנטלעך, צוליב העקן... ניין, ניין, העק, דו דאַנק ניט: איין גאַרניטער האָב איך געקויפט, דעם צווייטן—מ־ר דזשאָנס, נאָר זיי פּאַסטן ביידע פאַר אייך. טוט־זשע זיך אָן, און אז איר וועט פאַרטיק זיין — קומט אַראָפּ, מיר וואַרטן אף אייך.

## קאַפּיטל XXXV.

— טאָם,— האָט אַ זאָג געטון העק,— מיר קאָנען אַנטלויפן דורכן פענצטער, ווען מיר זאָלן נאָר קריגן אַ שטריק; דאָ זיינען די פענצטער ניט הויך איבער דער ערד.

— וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן! צוליב וואָס דאַרפן מיר אנטלויפן?

קעגן שטראָם, און שמועסנדיק פריילעך מיט העקן. אַז ס'איז פינצטער געוואָרן, זיינען זיי צו צום ברעג.

— נו, העק,— האָט געזאָגט טאָם,— אַצינד וועלן מיר דערווייל באַהאַלטן דאָס געלט אפן בוידעם פון דער אלמאָנע דוגלאס' האָלץ־קאַמער, און אינדערפרי וועל איך קומען; מירן איבערציילן און זיך צעטיילן, דערנאָך וועלן מיר אָפּזוכן א זיכער אָרט אין וואַלד, וואו צו פאַרגראָבן דאָס געלט. דו בלייב דערווייל דאָ און היט דאָס געלט, און איך וועל א לויף טון ברייננגען בעני טיילאָרס וועגעלע. איך קער זיך טייקעף אום.

ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן און האט זיך ווירקלעך גיך אומגעקערט מיטן וועגעלע, האָט אַריינגעלייגט דערין ביידע זעק, האָט זיי איינגעדעקט מיט אן אלטער שמאַטע. די אינגלעך האבן גענומען ארופשטייגן אפן בערגל, שלעפנדיק מיט זיך דאס וועגעלע. צוקומענדיק צום וואַלִיערס הויז, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט כאַפּן דעם אָטעם. פונקט דעמאָלט, ווען זיי האָבן שוין געוואָלט אַוועקגיין, האט זיך אף דער שוועל באַוויזן דער באַלעבאָס.

— היי, ווער איז דאָרט?

— העק און טאָם סאָיער.

— אויסגעצייכנט! קומט מיט מיר, כעוורע,— איר האָט אַלעמען לאַנג געלאָזט וואַרטן אַף זיך. נו, מאַרש פאָרויס, גיכער! איך וועל פירן אייער וועגעלע. אַך, ס'איז פונדעסטוועגן שווערלעך. וואָס איז עס דאָרט באַ אייך? ציגל, צי וואָס, אָדער עפּשער אַלט אייזן?

— אַלט אייזן.

— איך האָב טאַקע אַזוי גערעכנט: אונזערע אינגלעך זיינען גרייט אויסברייגגען אָן שיר צייט אף צו קריגן אלטן אייזן־ברויכוואַרג, פאַר וועלכן מ'וועט זיי געבן זעקס פּענס אַפן גיס־זאַוואָד; אָבער פאר אן אַרבעט וועלן זיי זיך ניט נעמען, כאָטש זי קאָן זיי צוויי מאָל אַזויפיל געלט געבן! נאָר אַזא נאטור שוין האָט דער מענטש! נו, מארש, לעבעדיקער!

נאָר די אינגלעך האבן געוואָלט וויסן, צוליב וואָס דארפן זיי איילן.

— אָט וועט איר צו לויפן קומען צו דער אַלמאָנע דוגלאס, וועט איר זיך דערוויסן.

העק האָט ניט אָן מוירע א פרעג געגעבן:

— וואָס איז געשען, מ־ר דזשאָנס? מיר האָבן דאָך קיין שום שלעכטס ניט אופגעטון.

דער וואַלִיער האָט זיך הילכיק צעלאכט.

— איך ווייס ניט, העק, איך ווייס ניט, באָכערל מיינס. מיקויעך אָט־דעם ווייסן מיר גאָרניט־נים. דו ביסט דאָך א גוטער פריינט דער אַלמאָנע דוגלאַס?

דאס איז באשטימט געווען דאָס קעסטל מיטן אוצער, לעבן דעם איז געשטאַנען אַ ליידיק קעסטעלע מיט גאָר אביסעלע נישער פון פולווער, אַ פּאָר ביקסן. געלעגן איז אַ לעדערנער פּאַס און קאָלערליי שמאָכטעלייעס, פּאַרנעצטע פונם וואַסער, וואס טריפט אראָפּ פונויבן.

— סאָפּקאָלסאָף, האבן מיר זיך דערשלעפּט! — האט אַ זאָג געגעבן העק, אַריינלייגנדיק די האַנט צווישן די טונקעלע מאַטבייעס,—נו, טאָם, זיינען מיר עס גווירים אַצינד!

— העק, איך בין שטענדיק זיכער געווען, אַז מירן רייך ווערן. ס'איז אַפילע נאר טרוימען וועגן דעם זייער אנגענעמען; אָבער אצינד איז דאָס געלט אונזערס, אַפּדערעמעסן! דאָך, מע דאַרף ניט פּאַרציען,— מע דארף אַרויסטראָגן דעם קאַסטן. לאָז, איך וועל אַ קוק טון, צי קאָן איך אים אופהייבן.

דאָס קעסטל האט געוואויגן אַן ערעך פופציק פונט. טאָם האט קאם געקאָנט אופהייבן עס, טראָגן עס איז ער ניט בעקויעך געווען.

— איך האב טאַקע אַזוי גערעכנט,— האט ער אַ זאָג געטון,— עס האָט טאַקע אויסגעזען מיר פון ערשטן בליק שווער צו זיין; געדיינקסט, ווי אַזוי זיי האָבן אים געטראָגן דאָרט, אין געשפענסטער-הויז? אָט־איז גוט, וואס ס'איז מיר איינגעפאַלן מיטצונעמען מיט זיך די זעק.

זיי האבן דאס געלט אריבעגעלייגט אין די זעק אַריין און ארופגעשלעפּט עס אַפן פעלז ארוף.

— אצינד לאָמיר איבערטראָגן די ביקסן און דאס איבעריקע,—האט פאָרגעלייגט העק.

— ניין, העק, לאָמיר זיי דאָרט איבערלאָזן, זיי וועלן אונז גראד צונוץ קומען, אַז מירן ווערן גאַזלאָנים. מירן זיי טאַקע האַלטן באַהאַלטן דאָרטן, און דאָרטן טאַקע וועלן מיר אונזערע אָרגיעס פּראווען. ס'איז אַ אויסגעצייכנט אָרט פאר אָרגיעס.

— וואָס איז אזוינס „אָרגיעס”?

— איך ווייס ניט. אָבער בא די גאזלאָנים קומען שטענדיק פּאָר אָרגיעס,— וועלן מיר אויך מוזן עס טון. נו, קום־זשע, העק,— מיר זיצן שוין דאָ צו לאַנג. ס'איז שוין שפּעט, און הונגעריק בין איך שוין ביז גאָר. מירן שוין דאָרט, אין שיפל, איבערכאַפּן און אַ רויכער טון.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון דער קוסטן־געדיכטעניש, האָבן זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט, האָבן דערזען, אז דער ברעג איז ליידיק, זיינען דורך צום שיפל און האָבן גענומען עסן. אז די זון האָט גענומען נויגן צום האָריזאָנט, האבן זיי געדירט צום שטעטל. טאָם האָט די גאַנצע צייט גערודערט, האלטנדיק זיך לעבן ברעג, ווייל שווימען איז אויסגעקומען

טאָם איז אַראָפּגעקראָכן אַראָפּ, אויסשניידנדיק מיטן אַראָפּגיין טרעפּלעך אין דער ליים. העק איז אים נאָכגעגאַנגען. פון דער קליינער הייל, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער פעלז, זיינען אַרויסגעגאַנגען פיר קאָרידאָרן. די אינגלעך האָבן אויסגעפאָרשט דריי פון זיי און האבן גאָרניט ניט געפונען. אינם קאָרידאָר, וואָס איז דער נאָענטסטער צום פעלז, זיינען אויסגעשפּרייט געווען קאָלדרעס, איז געהאַנגען אן אַלט קעסטעלע, האט זיך געוואַלגערט הויט פון וואורשט און עטלעכע אַרומגעפרעסענע פייגלשע סקעלעטן; נאר קיין געלט איז ניט געווען. די אינגלעך האבן אַלץ אַרומגעשאַרט און באזוכט,—אָבער אומזיסט; סאָפּקאָלסאָף, האט טאָם א זאָג געגעבן:

— ער האט געזאָגט: „אונטערן ציילעם״, אָט דאָס איז דאך טאקע אונטערן ציילעם. סע קאָן דאך ניט זיין, אז דאס געלט זאָל זיין אונ־טערן סאמע פעלז: ער שטייט דאָך, דער פעלז, שטייף באַ דער ערד.

זיי האבן נאך אביסל געזוכט און האבן זיך צוגעזעצט אָפּרוען. העק האט גאָרניט ניט געקאָנט צוטראכטן. ענדלעך, האט טאָם א זאָג געגעבן:

— זע נאָר, העק, אַף איין זייט פון פעלז זעען זיך אָן שפּורן פון פיס און כיילעוור־פלעקן פון א ליכט אין ליים, פון דער צווייטער זייט איז גאָרניט ניטאָ. פאַרוואָס איז עס, אַשטייגער? איך גיי געוועט, אַז דאָס געלט געפינט זיך אונטערן פעלז. איך וועל טייקעף א גראָב טון אין דער ליים.

— אַ וואוילער געדאַנק, טאָם,—האט לעבעדיק אונטערגעכאַפּט העק.

טאָם האָט אַרויסגעשלעפּט זיין מעסערל. ער האָט ניט באַוויזן צו מאַכן אַ קליין לעכל, ווי דאָס מעסערל האָט זיך א קלאַפּ געגעבן אין האָלץ.

— העק, דו הערסט?

העק האָט שוין אויך גענומען זיך געשמאק גראָבן, העלפנדיק אים. אינגיכן האבן זיי אופגעעפנט עטלעכע ברעטער, וואָס האָבן פארשטעלט אַ נאַטירלעכן שפּאַלט, וועלכער האט געפירט ארונטער דעם פעלז. טאָם איז אַריינגעקראָכן אין שפּאַלט אריין און האָט אויסגעשטרעקט די האנט מיטן ליכט, אָבער ער האט ניט געקאָנט באַלייכטן דעם גאַנצן שפּאַלט ביזן סאָף און ער האט באַשלאָסן אליין אויספאָרשן אים. איינ־געבויגן אין זעקסטן, האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייטער. דער שמאָלער געשליינגלטער דורכגאנג האט פּאַמעלעך טיפער און ־טיפער גענידערט אין דער ערד אַריין. טאָם איז געגאַנגען פונפאָרנט, העק פוס־טריט נאך אים. זיי האבן פאַרקערעוועט אַף רעכטס, דערנאָך אף לינקס, זיינען דורך נאָך איין זיגזאַג, און פּלוצלינג האט טאָם אויסגעשריגן:

— גאָטעניו! העק, קום נאָר אהער!

די אינגלעך האָבן, אַליין ניט באַמערקנדיק עס, גערעדט איצט שטיל־שטיל; די פינצטערניש און די שטילקייט האָבן זיי געדריקט. זיי האָבן פּאַרקערעוועט אין אַ צווייטן קאָרידאָר און האָבן אַלץ געשפּאַנט, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דעם „פּלאַץ אַף שפּרינגען". באַ דער שיין פון די ליכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונטער דעם „פּלאַץ" איז געווען ניט קיין אָפּגרונט, נאָר בלויז א שאַרף־מעשופּעדיקער ליימענער אַראָפּ־גאַנג, א צוואַנציק־דרייסיק פוס די הייך.

— אַצינד וועל איך דיר עפּעס וויזן, — האָט א שעפּטשע געטון טאָם.

ער האָט הויך אופגעהויבן זיין ליכט.

— דו גיב א קוק אין ווינקל אַריין וואָס ווייטער. דו זעסט—אָט דאָרט, אַפּן גרויסן שטיין, איז עפּעס אויסגעמאָלט?

— טאָם, ס'איז א ציילעם!

— פאַרשטייסטו שוין אַצינד, וואו ס'געפינט זיך דער „№ 2"? אונטערן ציילעם, — א? פאַרשטאַנען? אָט־דאָ טאַקע האָב איך געזען אינדזשען דזשאָען מיט א ליכט אין די הענט.

העק האט א פלאַטער געטון און מיט א ציטערנדיק קאָל א זאָג געגעבן:

— טאָם, לאָמיר אוועקגיין פונדאַנען!

— וואס הייסט, איבערלאָזן דעם אויצער?

— יאָ, איבערלאָזן. אינדזשען דזשאָס נעשאָמע בלאָנקעט געוויס אַרום אין אָט־דער הייל.

— ניין, העק, ניין. אויב זי בלאָנקעט אַפילע, איז דאָרט, וואו דער מעטים איז געשטאָרבן, באַם אַריינגאַנג אין הייל אריין, פינף מייל די וויַיט פונדאַנען.

— ניין, טאָם, ס'איז ניט אַזוי ווי דו זאָגסט. זי וועט אַרומבלאָנקען טאַקע לעבן דעם געלט, היטן דאָס געלט. די געשפענסטער טוען שטענ־דיק אַזוי; איך וויס עס, דו ווייסט עס דאָך אויך.

טאָם האָט אָנגעהויבן מוירע האָבן, אז העק איז גערעכט. ער איז געוואָרן אומרואיק. נאָר פלוצלינג האט אין זיין מויעך אַ געדאַנק דורכ־געבליצט.

— הער נאָר, העק! ס'אַראַ טיפּשים זיינען מיר! אינדזשען דזשאָס נעשאָמע קאַן ניט •אַרומבלאָנקען אין אַזאַ אָרט, וואו סע שטייט א ציילעם.

די ראַיע איז אַ פּעסטע געווען און האָט טייקעף געווירקט.

— כ'האָב קיין טראַכט ניט געטון דערפון, נאָר ס'איז עמעס. ס'איז אונזער מאַזל, וואס ס'שטייט דא א ציילעם. נו, איז לאָמיר אַראָפּקריכן אַראָפּ און זוכן דאָס קעסטל.

ווערן א גאַזלען, ס'איז נאר קיין פּאַסיקע גאַזלאָנישע היים ניט געווען. אָן א גאַזלאָנישער היים, ווייס איך, קאָן מען קיין גאַזלען ניט זיין. אַצינד האָבן מיר געפונען און מירן קיינעם ניט אויסזאָגן וועגן דעם, סיידן נאר דזשאָ גאַרפער און בען ראָדזשערס,— ווייל מע דאַרף דאָך צונויפנעמען א באַנדע; אינצווייען — וואָס פאר א גאַזלאָנים זיינען מיר דעמאָלט! טאָם סאָיערס באַנדע! ווי וואונדערלעך סע קלינגט, העק, ניט עמעס?

— יאָ, טאָם, וואונדערלעך. אבער ווען וועלן מיר באַראַבעווען?

— אָ, ווען ס'וועט זיך נאר מאַכן: דורכפאָרער, וועג־מענטשן, ווי ס'פירט זיך בא גאַזלאָנים.

— און האַרגענען אויך?

— ניין, ניט שטענדיק. בעסער האַלטן זיי אין הייל אין געפיינקע־ניש, ביז זיי וועלן ניט באַצאָלן קיין אויסקויף־געלט!

— וואָס הייסט עס — אויסקויף־געלט?

— געלט, הייסט עס. מע הייסט זיי צונויפזאַמלען בא זייערע פריינט, וויפל נאָר זיי קענען, און אויב אין מעשעך פון א יאָר טראָגן זיי ניט אריין דאָס אויסקויף־געלט, דעמאָלט האַרגעט מען זיי. די פרויען, וואס מע נעמט אין געפיינקעניש, זיינען שטענדיק פרעכטיקע שיינהייטן און זיינען גוואַלדיק רייך און האָבן ־שרעקלעך מוירע. מע נעמט בא זיי צו די זייגערס, און אַלדאָס גוטס, נאָר ריידן דארף מען מיט זיי העפלעך און פארן ריידן אַראָפּנעמען דעם הוט. די גאַזלאָנים זיינען זייער העפלעכע לייט! דאָס שטייט אין אלע ביכער. נו, די פרויען פאַרליבן זיך, געוויינ־לעך, אין די גאַזלאָנים. נאָכן אָפּזיצן אין הייל א וואָך צוויי הערן זיי אוף צו וויינען, און דערנאָך גלוסט זיך זיי שוין ניט אַוועקצוגיין. אַזוי שטייט אין אַלע ביכער.

— דאָס איז אויסגעצייכנט, טאָם! ס'איז דאָך אַפילע בעסער פון צו זיין א פיראַט.

— נו, יאָ, בעסער... אביסל בעסער: ס'איז נעענטער צו דער היים, און ביכלאַל...

זיי האָבן דערווייל אריבערגעשלעפּט אַלץ פון שיפל און זיינען דורך דער לאָך אַריינגעקראָכן אין הייל אַריין. טאָם האָט געשפּאַנט פונפאָרס. זיי זיינען צוגעקומען צום צווייטן עק פונם אונטערערדישן קאָרידאָר, האָבן צוגעבונדן זייערע שטריק צום פעלז־שאַרף און האָבן זיך געלאָזט וויי־טער גיין. עטלעכע שפּאַן וייטער זיינען זיי שוין געשטאַנען לעבן דעם קוואַל, און טאָם האָט דערפילט, ווי א קאַלטער ציטער איז דורך איבער זיין גאַנצן לייב. ער האָט געוויזן העקן דעם נישער פון ליכטל אַפן קופּקעלע ליים סאַמע לעבן דער וואַנט און האָט אויסגעמאָלט אים, ווי ער, טאָם, מיט בעקין האָבן נאָכגעשפּירט נאָכן טליענדיקן פלאַם.

— גרויסאַרטיק! אָבער פאַרוואָס מיינסטו, אַז דאָס געלט...

— וואַרט־צו, העק, ביז מירן קומען אַהין. אויב מירן ניט געפינען דאָס געלט, גיב איך דיר אַוועק מיין פויק און אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג— אַף מיין וואָרט, כ׳גיב עס דיר אַוועק!

— געמאַכט! ווען, זאָגסטו, דאַרף מען גיין?

— אַפילע באַלד, אויב דו ביסט מאַסקים. קויכעס וועט דיר קלעקן?

— צו דער הייל איז ווייט צו גיין? איך בין שוין א טאָג פיר אַף די פיס, נאָר מער פון א מייל וועל איך ניט דורכשפאַנען, טאָם.

— ווער ס׳זאָל ניט זיין, אַכוץ מיר, וואָלט באַדאַרפט גיין א מייל פינף, אָבער איך וועל דיך דורכפירן מיטן קירצסטן וועג, וועלכן קיינער, אַכוץ מיר, ווייסט ניט. איך וועל דיך ברענגען אַהין אף א שיפל, העק, וועל דיך דורכפירן פונקט צו יענעם אָרט און כ׳וועל אַליין רודערן אַהין און צוריק,— דיר וועט ניט אויסקומען איינטונקען א פינגער אין קאַלטער וואַסער.

-- לאָמיר טייקעף פאָרן, טאָם!

— אויסגעצייכנט! מיר דאַרפן פאַרכאַפּן מיט זיך ברויט און פלייש און פּיפּקעס, און א פּאָר זעק, און דריי קניילעכלעך שטריק, און נאָך אָט־די נייע העלצלעך, וואָס הייסן פאָספאָר־שוועבעלעך. וויפל מאָל האָב איך באַדויערט, וואָס כ׳האָב זיי ניט מיט זיך, ווען כ׳בין געזעסן אין הייל!

אַרום האַלבן טאָג האָבן די אינגלעך באַנוצט זיך דערמיט, וואָס איינער א באַלעבאָס פון אַ שיפל איז אַוועק פון ברעג אין שטאָט, און זיי האָבן פאַרכאַפּט דאָס שיפל. אַז זיי זיינען אָפּגעפאָרן עטלעכע מייל, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— זעסט אָט יענעם שיפּוע, וואָס גייט אַראָפּ פון דעם „הייל־גראָבן״? ס׳דאַכט זיך, אַז ער איז גלאַט און גלייך: קיין וואַלד ניט, קיין הייזער, בלויז קוסטן, וואָס זיינען געראָטן איינער אינם אַנדערן. אָבער אָט־דאָרט, זעסטו, ווייסט זיך עפּעס, דאָס איז מיין צייכן,— אָט־דאָ טאַקע וועלן מיר אַרויסגיין.

זיי זיינען צו צום ברעג.

— אָט פונדאַנען, וואו מיר שטייען אַצינד, קאָנסטו, העק, צורירן זיך מיט דער ווענטקע צו יענער טיר, פון וועלכער איך בין אַרויסגעקראָכן. אַנו, גיב נאָר אַ פּרואוו געפינען זי!

העק האָט אַרומגעשאַרט אַרום און אַרום, נאָר ער האָט גאָרניט ניט געפונען. טאָם אָבער איז שטאָלץ אַריינגעקראָכן אין סאַמע געדיכטעניש פון די קוסטן, ריידנדיק דערביי:

— אָט איז זי! דאָס איז טאַקע דאָס פאַרבאָרגנסטע שטעגל אין אלע היגע מעקוימעס. אָבער דו זע, קיין פּיפּס ניט! איך קלייב זיך שוין לאַנג

אניט וואָלסטו שוין געפונען א מיטל און וואָלסט מיר עס דערציילט, ווען דו וואָלסט אַפילע צוגעזאָגט שווייגן וועגן דעם פּאר אַנדערע. טאַם, ס'האָט מיר שטענדיק עפּעס דאָס האַרץ געזאָגט, אַז דערדאָזיקער אויצער וועט זיך אונז ניט געבן אין די הענט אַריין.

— וואס רעדסטו, העק? איך האָב קיינמאָל ניט געמאַסערט דעם באַלעבאָס פון איינפּאָר־הויז, דו ווייסט דאָך, אַז שאַבעס, ווען מיר זיינען געגאַן אפן פּיקניק, איז נאָך אין איינפּאָר־הויז אַלעס בעשאָלעם געווען. דו געדיינקסט דען ניט, אז באַנאכט האָסטו באַדארפט וואַכן לעבן דעם איינפּאָר־הויז?

— אַך, יאָ! דו ווייסט, אַצינד דאַכט זיך מיר, אז געווען איז עס שוין זייער לאַנג, מיט אַ יאָר צוריק. געווען איז עס אין יענער נאַכט, ווען כ'בין געגאַן צו דער אַלמאָנע דוגלאַס, נאָכשפּירנדיק נאָך אָט־דעם טייוול דעם מעטיס.

— דו ביסט נאָכגעגאַן נאָך אים פּוס־טריט?

— יאָ. נאָר דו שווייג וועגן דעם! איך בין זיכער, אז ס'זיינען נאָך בא אים גוטע פריינט געבליבן. איך האָב קיין כיישעק ניט מע זאָל מיר אָנזאַלצן, מע זאָל אָפּטון מיר עפּעס א מיעס שפּיצל. אָבער דאָס מעגסטו מיר גלויבן: ווען ניט איך, וואָלט ער שוין אַצינד געווען אין טעכאַס.

און העק האָט בעסאָד דערציילט טאָמען זיינע פּאַסירונגען, וועלכע טאָם האט ביז היינט בלויז טיילווייס געהערט פונם וואַליער.

— פּאַרשטייסט, — האט פּאַרענדיקט העק, — די, וואָס האָבן אַרויסגע־שלעפּט דעם בראָנפן פונם „נומ. 2", האבן אויך דאָס געלט פון דאָרט אַוועקגעשלעפּט. אונזער איניען איז פּיפּטער, טאָם.

— העק, דאָסדאָזיקע געלט איז גאָרניט געלעגן אינם „נומ. 2".

— וואָס הייסט? — העק האט שאַרף אַ קוק געטון דעם כאַוועך אין פּאָנים אַריין, — טאָם, דו האסט ווידער געפּאַקט א שפּור פונם געלט?

— העק, ס'איז, דאָס געלט, אין הייל.

בא העקן האָבן זיך די אויגן צעפלאַקערט.

— כאַזער איבער, וואָס האָסטו געזאָגט, טאָם?

— דאָס געלט איז אין הייל.

— טאָם, זאָג דעם עמעס, דו רעדסט ערנסט, צי דו טרייבסט קאַ־טאָוועס?

— ערנסט, העק. איך האָב נאָך אף מיין לעבן אַזוי ערנסט ניט גע־רעדט. ווילסט גיין מיט מיר אהין און מיר מיטהעלפן נעמען דאָס געלט?

— פּאַרשטייט זיך, כ'וועל גיין! אויב מירן נאָר קאָנען קומען אַהין, ניט פּארבלאָנדזשענדיק.

— העק, דאָס קאָנען מיר דרייסט טון, מיט גאָרניט ריזיקירנדיק.

מעטיס האט אָפּגעבראָכן א שטיקל פון שפּיץ סטאַלאַגמיט און האָט אַפּן שטיקל אַרופגעלייגט א שטיין, אין שטיין האט ער אויסגעדליבעט א גריבעלע אף צונויפזאַמלען די ווערטפולע טראָפּנס, וואס פאַלן אַראָפּ שוידערלעך־רעגולער אַלע צוואַנציק מינוט. אין פיר און צוואַנציק שאָ פלעג זיך אַזוי אַרום צונויפזאַמלען אַ דעסערט־לעפעלע.—דערדאָזיקער טראָפּן איז געפאלן שוין דעמאָלט, ווען מ׳האט געבויט די פּיראַמידן, ווען ס׳איז געפאלן טראָיע, ווען מ׳האט געגרינדעט רוים, ווען מ׳האט געקרייצט קריסטוסן, ווען קאָלומבּ איז געשוואומען צו אַנטדעקן אַמעריקע. ער פאלט אויך אַצינד, דער טראָפּן, און וועט פאַלן דאן, ווען מירן דערטרונקען ווערן אין דער פינצטערניש פון לעגענדעס און וועלן איינזינקען אין כוישעך פון פארגעסנהייט. געשיקט זיך, אז אַלץ האט טאַקע אן אייגענעם ציל און צוועק? געשיקט זיך, אז אָט־דער טראָפּן איז געדולדיק געפאַלן אין מעשעך פון פינף טויזנט יאָר בלויז קעדיי אין איינעם א טאָג שטילן דעם דורשט פון אָט־דעם מענטש־פליגעלע? אָדער עפּשער שטייט אים פאָר, דעם טראָפּן, נאָך גאָר א וויכטיקע שליכעס אין מעשעך פון די קומענדיקע יאָרטויזנטער? שוין אַסאך יאָרן אַוועק זינט דער מעטיס האט אויסגעדליבעט א גריבל אין שטיין, פאַנגענדיק די ווערטפולע טראָפּנס, אָבער אויך היינט שטעלט זיך אָפּ דער טוריסט, וואס באזוכט די הייל, און שטייט לאַנג לעבן דעם טרויער־שטיין און קוקט אַף די פאַמעלעך־פאַלנדיקע טראָפּנס. צווישן די באַרימטע זאַכן אין הייל פאַרנעמט אינדזשען דזשאָס בעכער דעם ערשטן פּלאַץ.

אינדזשען דזשאָען האט מען באַגראָבן ניט ווייט פונם אַריינגאַנג אין הייל, און אף דערדאָזיקער לעוואַיע איז זיך צונויפגעפאָרן אן אוילעם אין שיפלעך און אין וואָגנס פון אַלע שכיינישע פערמעס און דערפלעך, פון זיבן מייל די ווייט פון שטעטל.

אינם אינדערפרי, וואס נאָכן טאָג פון באַגראָבן דעם מעטיס, האָבן טאָם מיט העקן זיך באהאַלטן אין א שטיל ערטל צוליב א ערנסטן שמועס. העק האט שוין איצט געהאט געוואוסט וועגן טאָמס פאַסירונג,—דערציילט האבן עס אים דער וואַליער און די אַלמאָנע דוגלאַס. אָבער, לויט טאָמס מיינונג, האָבן זיי העקן וועגן דעם סאַמע וויכטיקסטן ניט דערציילט. וועגן דעם טאַקע האט ער, טאָם, געוואָלט אַצינד דורכשמועסן זיך מיטן כאַווער. העקס פּאָנים איז פינצטער געוואָרן.

— איך ווייס וואָס ס׳איז די מאַיסע,—האט ער א זאָג געגעבן,—דו ביסט געווען אין „נום. 2״ און דאָרט גאָרניט ניט געפונען אכוץ בראָנפן. מיר האָט קיינער ניט דערציילט וועגן דיר, נאר איך האָב אַליין פאַרשטאַנען עס, ווי נאָר כ׳האָב דערהערט די געשיכטע וועגן דעם בראָנפן. פאַרשטאַנען האָב איך אויך, אַז דו האָסט ניט געקראָגן דאָס געלט, ווייל

געדירט אויך דער פאַראָם, איבערגעפּולט מיט אוילעם. טאָם סאָיער איז געפאָרן אין איין שיפל מיטן ריכטער טעטשער. ווי נאר מע האט א עפן געטון די טיר פון דער הייל, האבן די אָנגעקומענע דערזעען פאר זיך אין האַלב־טונקלעניש פון הייל א טרויעריק בילד. אַף דער ערד איז געלעגן טויט דער מעטיס, צוטוליענדיק דאָס פּאָנים צו דער שפּאַרונע אין טיר, ווי זיין דורשטיקער בליק וואָלט ביז דער לעצטער רעגע ניט געקענט אָפּרייסן זיך פון דער שיין און פון דער פרייד פון דער פרייער דרויסנדיקער וועלט. טאָמען האט עס שטאַרק גערירט. ער האט געוואוסט פון אייגע־נער דערפאַרונג, ס׳אַרא ליידן ס׳האָט באַדאַרפט איבערטראָגן אָט דער אומגליקלעכער. טאָם האט גרויס ראַכמאָנעס געהאַט אפן מעטיס, אָבער אין דערזעלבער צייט האט ער דערפילט א ריזיקע לייכטקייט אף דער נעשאָמע,— ערשט אַצינד האט ער פאַרשטאַנען, מיט וואָס פאַר א לאַסט איז אף זיין נעשאָמע געלעגן דער שטענדיקער פּאַכעד פון יענעם טאָג אָן זינט ער האט דערציילט אַפן געריכט דעם עמעס וועגן אָט־דעם בלוטדורשטיקן אויסוואורף.

לעבן דעם מעטיס איז געלעגן זיין גרויס מעסער, דער שאַרף, וואָס איז איבערגעבראָכן אף צווייען; דער גראָבער אונטערשטער שטיק האָלץ אַף דער טיר איז אינגאנצן געווען צעשניטן דורך אָט־דעם מעסער, נאר די שווערע מי איז געווען אומזיסט, ווייל אינדרויסן איז איבער דער שוועל געלעגן א שטיין, און אַקעגן דעמדאָזיקן האַרטן שטיין איז דאָס מעסער קראַפּטלאָז געווען,— עס האט זיך צעבראָכן, דאס מעסער. אָבער ווען ס׳זאָל דאָ אַפילע ניט זיין קיין שטיין, וואָלט דעם מעטיסעס מי סייוויסיי אומזיסט־אומנישט לעאיבעד געגאַן, ווייל ווען ס׳וואָלט אים אַפילע געלונ־גען צו אָפּשניידן אינגאנצן דעם שטיק האָלץ, וואָלט ער ניט געקאָנט דורכרוקן דורך דער טיר זיין שווערן קערפּער,— ער האט עס געוואוסט, דער מעטיס. דעריבער האט ער געשניטן דאס האָלץ נאָר קעדיי עפּעס צו טון, קעדיי ווי־ס׳ניט־איז אַוועקהאַרגענען די פּיינלעכע צייט, ווי־ס׳ניט־איז באַשעפטיקן דעם פארמאַטערטן זינען. געוויינלעך, פלעגן אין די וועגט־שפּאַלטן פון אָט־דער פעדערשטער טייל פון הייל שטענדיק סטארטשען אַרום א האַלב טוץ כיילעוונע שטיקלעך, וואס די טוריסטן האבן איבערגעלאָזט; אַצינד האט מען ניט געזעען קיין איין ברעקל פון זיי. דער מעטיס האט זיי אַלע געפונען און אופגעגעסן. ער האט אַפילע געפּאַקט עטלעכע פלעדערמייז און האט זיי אויך אופגעגעסן, איבערגעלאָזט נאר די ביינער. דער אומגליקלעכער איז אומגעקומען פון הונגער. ניט ווייט פון אים איז דורעסלאַנג פּאַמעלעך אויסגעוואַקסן פון דער ערד סטאַלאַגמיט,— געבילדעט האבן אים, דעם סטאַלאגמיט, די טראָפּנס וואַ־סער, וואס טריפן אַראָפּ פונם אינדערהייך־הייגענדיקן סטאלאַקטיט. דער

האָט מען אים, טאָמען, שוין אַריינגעלאָזט יעדער טאָג, נאָר מיט אַ האָס־ראָע ניט צו דערציילן וועגן דעם, וואָס ס׳איז געשעען אין הייל, און בּיכלאַל ניט פאַרפירן קיין שמועסן, וואָס קאָנען אופרודערן דעם כוילע. קעדיי זיכערער זיין, איז די אַלמאָנע דוגלאַס די גאַנצע צייט געזעסן לעבן זיי. אינדערהיים האָט טאָם דערוואוסט זיך וועגן דער געשעעניש אף קארדיף־כיל און אויך וועגן דעם, אז דעם קערפּער פון איינעם פון די אויסוואורפן האָט מען געפונען אין טייך, לעבן אָרט וואו עס שטייט שטענדיק דער פאַראָם: ער איז, זעט אויס, דערטרונקען געוואָרן, פּרואוונדיק צו ראַטעווען זיך בּעייס מע האָט אים נאָכגעיאָגט.

אין א וואָכן צוויי אַרום נאָכן בּאַפרייט ווערן פון הייל איז טאָם ווידער אַוועקגעגאַנגען מעוואַקער־כוילע זיין העקן, וואָס האָט זיך שוין אַזוי געשטאַרקט אין געזונט, אַז ער האָט געקאָנט פירן וועלכע שמועסן מע וויל נאָר. אזוי ווי דעם ריכטערס הויז איז געשטאַנען אונטערוועגס, איז אונזער העלד אַריינגעגאַנגען אַהין זען בעקין. בּאַם ריכטער זיינען געזעסן געסט; זיי האָבן אַריינגעצויגן טאָמען אין זייער שמועס, און עמעצער האָט, טרײַבנדיק קאַטאָוועס, געפרעגט אים, צי וואָלט ער ניט אַ בּאַלן געוועזן נאָכאַמאָל אָפּזיין אַ צייט אין הייל. טאָם האָט געענט־פערט, אַז ער האָט גאָרניט קעגן.

— איך צווייפל אַפילע ניט, טאָם, אַז אַסאַך וואָלטן דיר נאָכגעטון,— האָט געזאָגט דער ריכטער,— אָבער מיר האָבן אָנגענומען מיטלען. אין דערדאָזיקער הייל וועט שוין מער קיינער ניט קאָנען אַריין.

— וואָס הײַסט? פאַרוואָס?

— ווייל שוין א וואָכן צוויי, אַז כ׳האָב בּאַפוילן, מ׳זאָל בּאַשלאָגן די אריינגאַנג־טיר פון דער הייל מיט אייזן און זי פאַרשליסן אף א דרייענ־דיקן שלאָס. און די שליסל געפינען זיך בּאַ מיר.

טאָם איז געוואָרן ווייס, ווי קרייד.

— וואָס איז מיט דיר, טאָם? היי! גיכער אַהער! בּריינגט אַ גלאָז וואַסער!

מ׳האָט געבּראַכט וואַסער, מ׳האָט א שפּריץ געטון טאָמען אין פּאָנים אַריין.

— אָך, ריכטער, דאָרטן אין הייל איז... אינדזשען דזשאָ!

## קאַפּיטל XXXIV.

אין פינף מינוט אַרום האט זיך דאָס נייס פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן שטעטל, און גאָר אינגיכן האָבן אַ טוץ שיפלעך, אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, אַ לאָז געטון זיך צו דער הייל. נאָך די שיפלעך האט טייקעף

האָט דערזעען פאַר זיך די ראַכוועסדיקע פלאַך פון מיסיסיפּי. און זאָל מען עס נאָר נעמען אַפן זינען — ווען ס׳וואָלט געווען באַנאַכט, וואָלט ער ניט דערזען דעם ליכטיקן פלעק און ס׳וואָלט אים ניט איינגעפאַלן צו גיין צום עק קאָרידאָר! דערנאָך האָט ער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך אומגעקערט צו בעקין מיט דער פריילעכער בשורה, און זי האָט אים געזאָגט, ער זאָל זיך אופהערן צו טשעפען זיך צו איר מיט אַזעלכע נישטי־קייטן, ווייל זי איז זייער מיד און ווייסט, אַז זי וועט אינגיכן שטאַרבן, און זי איז צופרידן דערמיט. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זי איינגערעדט און איבערצייגט, און ווי אַזוי זי איז אינדערעמעסן שיר ניט געשטאָרבן פאַר פרייד, דערזעענדיק די בלויע טאָג־שיין; ווי אַזוי ער איז אַליין אַרויסגעקראָכן דורך דער לאָך און האָט איר געהאָלפן אַרויס־קריכן; ווי אַזוי זיי זיינען געזעסן און האָבן געוויינט פון פרייד, און אין אָט־דער צייט איז פאַרבייגעפאָרן אַ שיפל און ער, טאָם, האָט אַ גע־שריי געטון צו די מענטשן, וואָס זיצן אין שיפל, און האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי ער מיט בעקין האָבן געטראָפן אַהער און ווי הונגע־ריק זיי זיינען. די פישער האָבן טכילעס אַפילע ניט געוואָלט גלויבן אין זיין דערציילונג, ריידנדיק, אַז ס׳קאָן בעשומויפן ניט זיין, ווייל יענק אָרט, וואו זיי זיצן איצט, ליגט אַף פינף מייל נידעריקער פונם אָרט, וואו ס׳געפינט זיך די הייל. אָבער דערנאָך האָבן די פישער גענומען זיי אין שיפל אַריין, האָבן זיי צוגעפירט צו עפּעס אַ הויז, האָבן זיי עסן געגעבן און דערנאָך אָפּגעפירט אַהיים.

נאָך פאַר שאַריען האָט מען דעם ריכטער טעטשער און דאָס בינטל מענטשן, וואָס מיט אים, אַרויסגעשלעפּט פון דער הייל מיט דער הילף פון די שטריק, וואָס מיט זיי האָבן זיי זיך פאַרבונדן, אַראָפּלאָזנדיק זיך אין הייל, — און מע האָט זיי דערציילט דאָס גרויסע נייס.

די דריי טעג און דריי נעכט פון הונגער און שרעק אין דער הייל האָבן ניט געקאָנט גלאַט אָפּגיין, — טאָם און בעקי האָבן עס גאָר גיך דערפילט. דעם גאַנצן מיטוואָך און דעם גאַנצן דאָנערשטיק זיינען זיי אָפּגעלעגן צו בעט, אין גרויסער מידקייט און שטאַרקער אויסגעצערט־קייט. טאָם האָט דאָנערשטיק שוין אָנגעהויבן אופשטיין, פרייטיק איז ער שוין אַוועקגעגאַן אַרומדרייען זיך אין ־שטאָט, און שאַבעס איז ער שוין גאָר אַ כוואַט געווען; נאָר בעקי איז אַזש ביז זונטיק ניט אַרויס־געגאַן פון איר צימער, — אַפילע אַז זי איז סאָפּקאָלסאָף אַרויסגעגאַן, האָט זי געהאַט אַ פּאָנים, ווי נאָך אַ שווערער קריינק.

טאָם האָט, דערוויסנדיק זיך וועגן העקס קריינק, נאָך פרייטיק זיך געלאָזט גיין מעוואַקער־כוילע זיין אים, אָבער מע האָט אים ניט צוגעלאָזט צום קראַנקן ניט נאָר פרייטיק, נאָר אויך שאַבעס, אויך זונטיק. דערנאָך

איין און דערנאָך לאָזט זי ווידער מיט א קרעכץ אראָפּ דעם קאָפּ אַפן קושן. די מומע פּאָלי איז אַריינגעפאַלן אין טיפער מאָרעשכוירע, און אירע גרויע האָר זיינען קימאַט לאַכלוטן גרוי געוואָרן. דינסטיק אַפּדער־נאַכט האָט קימאַט דאָס גאַנצע שטעטל געלייגט זיך שלאָפן, ניט האָבנדיק שוין קיין שום האָפענונג.

אינמיטן נאַכט האָט זיך פּלוצלינג אָנגעהויבן א קלינגעריי, און אין איין רעגע האָבן זיך די גאַסן אָנגעפולט מיט האַלב־נאַקעטע מענטשן, וואָס האָבן דול געשריגן: „מ׳האָט זיי געפונען! מ׳האָט זיי געפונען! געפונען!״ מ׳האָט געקלונגען אין גלעקער, מ׳האָט געהאַקט אין בלעכענע טאַצן, מ׳האָט געטרומייטערט; די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטעטל איז געלאָפן אַקעגן די קינדער, וועלכע ס׳האָבן געפירט אין א אָפענעם עקי־פּאַזש די פריידפולע איינוואוינער. א האַמוין האָט אַרומגערינגלט דעם עקיפּאַזש, האָט אים באַגלייט אַהיים און האָט דורכגעמאַרשירט איבער די גאַסן אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע, ניט אופהערנדיק צו שרייען „הוראַ״.

מ׳האָט אָנגעצונדן אילומינאַציע; שלאָפן האָט זיך שוין קיינער ניט געלייגט; אַזאַ גרויסע נאַכט האָט דאָס שטעטל קיינמאָל נאָך ניט איבער־געלעבט. אין מעשעך פון א האַלבער שאָ האָבן דעם ריכטער טעטשערס הויז באַזוכט קימאַט אלע איינוואוינער פון שטעטל. זיי האָבן געכאַפּט אין זייערע אָרעמס אריין די געראַטעוועטע קינדער, האָבן געדריקט די הענט דער מיסיס טעטשער, האָבן געפּרואווט ריידן, נאָר זיינען ניט אימשטאַנד געווען, און האָבן פאַרפלייצט די שטוב מיט אַ מאַבל טרערן.

די מומע פּאָלי איז געווען אויסער זיך פון גליק, דאָסזעלבע די מ־ס טעטשער. דער מ־ס טעטשער האָט איצט געפעלט נאָר איינס, אַז זי זאָל אינגאַנצן גליקלעך זיין: ס׳זאָל זיך אומקערן פון דער הייל איר מאַן, — מ׳האָט צו אים אין הייל שוין אַוועקגעשיקט א שאָליעך מיט דער פריי־לעכער בסורע.

טאָם איז געלעגן אַפן דיוואַן און האָט דערציילט פאַר די גיריק־האָרכנ־דיקע צוהערער די געשיכטע פון זיין וואונדערלעכער פּאַסירונג, צוגעבנ־דיק, פון מעליצע וועגן, ניט ווייניק אויסגעטראַכטע שיינע פּראָטים. צום סאָף האָט ער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט, איבערלאָזנדיק בעקין, געלאָזט זיך אויספאָרשן די איבעריקע קאָרידאָרן, איז דורך דעם דריטן קאָרידאָר און האָט שוין געזאָלט אומקערן זיך צוריק, — האָט ער פּלוצלינג דער־זען אינדערווייטנס-א ליכטיקן פלעק, וואָס איז ענלעך אַף טאָג־שיין, וועלכע דרינגט אריין דורך אַ שפּאַרונע; ווי אַזוי ער האָט, טאָם, אַ וואָרף געטון דעם שטריק און האָט זיך אַ לאָז געטון צו אָט־דעם פלעק, אַריינרוקנדיק דעם קאָפּ און די אַקסלען אין דער קליינער לאָך, ווי אַזוי ער

אָבער דער הונגער און די שרעקלעכע לאגע האָבן סאָפקאָלסאָף גויוער געווען דעם פּאַכעד. דאס נייע פּיינלעכע זיצן באַם קוואל און דער נייער שלאָף האבן געבראַכט מיט זיך אן ענדערונג. אז די קינדער האבן זיך אופגעכאפּט, האָבן זיי איבערגעלעבט אלע שרעקלעכע ווייטיקן, וועלכע הונגער ברייינגט־מיט מיט זיך. טאָם איז געווען פעסט, אַז איצט איז שוין מיטוואָך אָדער דאנערשטיק און, קען זיין, פרייטיק, אָדער שאַבעס, און אַז די, וואָס זוכן זיי, האבן שוין פאַרלוירן אלע האָפענונגען זיי צו געפינען. ער האָט פאָרגעלייגט אויספאָרשן דעם צווייטן קאָרידאָר. ער איז גרייט געווען אַפילע ריזיקירן באַגעגענען זיך מיט דעם מע־טיס. נאָר בעקי איז געווען זייער אָפּגעשוואכט, זי איז אריינגעפאלן אין עפּעס א שרעקלעכן גלייכגילט און האָט ניט געוואָלט רירן זיך פון אָרט. זי האט געטאַינעט, אז זי וועט פארבלייבן דא וואו זי איז און וועט ווארטן אפן טויט. זי האָט געאייצעט טאָמען נעמען מיט זיך דעם שטריק און, אויב אים ווילט זיך—גיין, נאָר זי האט אים געבעטן וואס אָפטער אומקערן זיך צוריק, אַביסל ריידן מיט איר, און זי האט בא אים גענומען א וואָרט, אז ווען ס'וועט קומען די שרעקלעכע מינוט, וועט ער זיצן אַרום איר און האַלטן איר האַנט, ביז אַלץ וועט זיך ניט ענ־דיקן. טאָם האט זי אַ קוש געטון קאם אָטעמענדיק,—ס'איז אים געוואָרן עפּעס איינג אין האלז,—און האָט געמאכט א אָנשטעל, אז ער גלויבט קלאָמפּערשט אין דער מעגלעכקייט געפינען אן אויסוועג פון הייל אָדער באַגעגענען זיך מיט די, וואָס זוכן זיי. דערנאָך האט ער גענומען אין די הענט דאָס שטריקל, און טאַפּנדיק, אף אלע פיר, אָנגעהויבן קריכן אי־בערן קאָרידאָר אין פּיין פון הונגער און מיט פאָרגעפילן פון נאָענטן טויט.

## קאַפּיטל XXXIII.

ס'איז דורך דער דינסטיק־פרי, ס'איז געוואָרן אַפּדערנאַכט, און דאָס שטעטל האָט אַלץ געטרויערט: די פאַרפאַלן־געוואָרענע קינדער האָט מען אַלץ ניט געפונען. אין קלויסטער האָט מען געהאַלטן אין איין מיס־פּאַלעל זיין — גאָט זאָל ראַטעווען די קינדער, אָבער פון דער הייל זיינען אַלץ קיין פריילעכע בסורעס ניט אָנגעקומען. דאָס ראָוו זוכער האָבן געוואָרפן זייערע זוכענישן און האָבן אומגעקערט זיך צו זייערע געוויינ־לעכע איניאָנים, קומענדיק צום באַשלוס, אַז די קינדער וועט מען שוין, זעט אויס, ניט געפינען. מיסיס טעטשער איז געווען זייער קראַנק און איז ס'ראָוו געלעגן אין כאַלאָשעס. די מענטשן, וואָס האָבן זי געזען, האָבן דערציילט, אז ס'רייסט דאָס האַרץ צו הערן ווי זי רופט איר מיידעלע, צו זען ווי זי הייבט אוף דעם קאָפּ און הערט זיך לאַנג

נאָך זיי קומען. די קינדער האָבן זיך צוגעהערט, נאָר די קלאַנגען האבן זיך באַשטימט דערווייטערט. נאָך עטלעכע רעגעס, און זיי זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן. ער האט געמידט זיך ווירקן אף בעקין מיט זיין גלויבן; נאָר ס'איז דורכגעגאַנגען א גאַנצע אייביקייט פון אָנגעשטריינגטן וואַרטן, און קיין קלאַנגען האט מען אלץ ניט געהערט.

די קינדער האָבן זיך קאם דערקליבן צוריק צום קוואַל. די צייט האָט זיך געצויגן ביז גאָר לאַנגזאַם; זיי זיינען ווידער איינגעשלאָפן און האָבן זיך אופגעכאַפּט הונגעריקע, דערשלאָגענע פון זייערע יסורים. טאָם איז געווען זיכער, אַז איצט איז שוין דינסטיק.

פלוצים איז באַ אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק. נאָענט האבן זיך געצויגן עטלעכע זייטיקע קאָרידאָרן. איז דען ניט בעסער אויספאָרשן זיי, איידער מאַטערן זיך אין אזאַ לאַנגווייליקן גאָרניט טון? ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א שטריקל, אף וועלכן מע לאָזט „לופטבאַלאָנען”, צוגעבונדן עס צו א שאַרף פון א פעלז און איז געגאַנגען, פירנדיק נאָך זיך פאַר א האנט בעקין און פאַנאַנדערוויקלענדיק דעם קנויל בעאייסן רוקן זיך פאָרויס. אין א טריט צוואַנציק אַרום האָט זיך דער קאָרידאָר געענדיקט מיט עפּעס א קליינעם פלאַץ, אַ „פלאַץ אף שפּרינגען”. טאָם האט זיך געשטעלט אף די קני און האט אָנגעהויבן באטאַפּן די וואנט פונונטן; ער האט אָנגעטאַפּט א ווינקל, א צי געטון זיך נאָך אַביסל רעכטס, און אין דערזעלבער רעגע האט זיך אין א מעהאַלעך פון א צוואַנציק טריט פון אים, פון הינטערן פעלז, ארויסגעשטעקט אַ מענטשלעכע האַנט מיט אַ ליכט! טאָם האט פריידיק א געשריי געטון; אָבער באלד נאָך דער האנט האט זיך ארויסגערוקט אַ גוף: דאס איז געווען אינדזשען דזשאָ! טאָם איז געליימט געוואָרן פון שרעק. ער האט ניט געקענט א באוועג טון זיך ניט מיט דער האַנט, ניט מיט דער פוס און ער האָט זיך שרעקלעך דערפרייט, ווען דער „שפּאַניער” האט זיך אויסגעקערט צו אים מיטן רוקן און איז פאַרשוואונדן געוואָרן. טאָם האט זיך פאַרוואונדערט, ווי אַזוי האָט דזשאָ ניט דערקענט זיין קאָל און האָט זיך אַף אים ניט אַרופגעוואָרפן קעדיי האַרגענען אים פאַר די באַווייזן אַפּן געריכט; נאָר אפּאָנים, דאָס עכאָ האט געענדערט זיין קאָל,— געוויס אַזוי! פון שרעק האט טאָם דערפילט א אויסערגעוויינלעכע שוואַכקייט אין גאַנצן לייב. ער האָט זיך געזאָגט, אז אויב באַ אים וועלן נאָך קלעקן קויכעס אומקערן זיך צום קוואַל, וועט ער שוין דאָרט פאַרבלייבן און וועט זיך שוין ניט אונטערגעבן דעם ייצער־האָרע זוכן אַן אויסוועג, ריזיקירנדיק אָנשטויסן זיך אף אינדזשען דזשאָ. ער האָט אויסבאַהאַלטן פון בעקין דאָס, וואס ער האט געזען, און האט איר געזאָגט, אז ער האָט געשריגן גלאט אזוי אין דער וועלט אַריין.

אפן דינעם זיילכל רויך, א רעגע פאַרהאַלטן זיך, און ענדלעך איז געוואָרן לאַבלוטן שרעקלעך פינצטער.

וויפל צייט איז אוועק, איידער בעקי איז געקומען צו זיך און האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וויינט אין טאָמס אָרעמס, האָט קיינער פון זיי ניט געקענט זאָגן. זיי האָבן געוואוסט נאָר, אַז נאָך זייער א לאַנגן מעשעך צייט האָבן זיי ביידע אופגעכאַפּט זיך פון א שווערן שלאָף און אַפּסניי פאַרשטאַנען, וואָס ס׳האָט פּאַסירט.

טאָם האָט גערעכנט, אַז סע איז שוין זונטיק, קען זיין מאָנטיק. ער האָט געפּרואווט פאַרוויילן בעקין, נאָר יענע איז געווען צופיל דער־שלאָגן פון אירע יעסורים: זי האָט שוין קיין שום האָפענונגען ניט גע־האַט. טאָם האָט געטאַינעט, אַז מע האָט שוין לאַנג געקערט באַמערקן, אַז זיי זיינען נישטאָ, און איצט זוכט מען זיי געוויס. מע דאַרף ווידער שרייען; עמעצער וועט דערהערן, וועט זיך אָפּרופן און וועט קומען. ער האָט א געשריי געטון; נאָר אין דער פינצטער האָט דאָס ווייטע עכאָ געקלונגען אַזוי שרעקלעך, אַז ער האָט שוין מער ניט געפּרואווט.

די צייט איז ניט געשטאַנען, און הונגער האָט ווידער אָנגעהויבן פּייניקן די קינדער. טאָם האָט אָפּגעבראָכן א שטיקעלע פון זיין העלפּט; זיי האָבן עס צעטיילט צווישן זיך. נאָר דערפון האָט זיך זיי נאָך מער פאַרגלוסט עסן.

— טסס...—האָט טאָם געזאָגט,—דו הערסט?

בעקי האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם און האט אָנגעהויבן צוהערן זיך. פונדערווייטן האָט זיך קאָם, קאָם דערטראָגן א ווייטער רוף (די קינדער האָבן ווידער אָנגעהויבן צוהערן זיך). טאָם האט זיך אין דערזעלבער רעגע אָפּגערופן מיט געשריי און, פירנדיק בעקין פאַרן האנט, איז ער געלאָפן איבערן קאָרידאָר אין דער זייט, פון וועלכער ס׳האָט זיך געהערט די שטים; ער איז געבליבן שטיין. דער קלאַנג האָט זיך איבערגעכאַזערט, עס האָט זיך געדאכט, אז ער איז שוין אסאך נעענטער.

— דאָס זיינען זיי!—האָט אויסגעשריגן טאָם—זיי גייען אַהער, קום, בעקי,—האָב קיין מוירע ניט,—איצט וועט אַלץ גיין גוט.

די קליינינקע געפּאַנגענע זיינען שיקער געוואָרן. פון פרייד, נאָר לויפן גיך זיינען זיי געווען ניט אימשטאנד, מאכמעס די גריבער, פון וועלכע מע האט זיך געדאַרפט היטן. באַ איין שפּאַלט האָבן זיי ניט ווילנדיק געמוזט אָפּשטעלן זיך. דער שפּאלט האָט געקענט האבן אי דריי, אי הונדערט פוס אין דער טיף, אַלציינס—איבערשפּאנען אים איז ניט מעגלעך. טאָם האט זיך אַוועקגעלייגט אַפּן בויך און האָט זיך אַ צי־אויס געטון אַראָפּ, אַף וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך געווען. דעם באָדן האָט ער ניט דערגרייכט. מע האָט געמוזט פאַרבלייבן דאָ און ווארטן, ביז מע וועט

בעקי האָט מיט אַפּעטיט אופגעגעסן איר טייל. טאָם האט זיך קאם, קאם צוגערידט צו זיין טייל. פארטרינקען איז געווען מיט וואָס: נאָענט איז געווען אַ גאנצער קוואַל קאַלטע וואַסער. אַביסל שפּעטער האָט בעקי פאָרגעלייגט גיין ווייטער. טאָם האט אַ רעגע אַ טראַכט געטון און געזאָגט:

— בעקי, דו קאָנסט רואיק אויסהערן, וואָס איך וועל דיר זאָגן?

בעקי איז בלייך געווארן, נאר זי האט געזאָגט, אז איר דוכט זיך, אַז זי קען.

— איז אָט, בעקי: מיר דארפן בלייבן דאָ. דאָ איז כאָטש פאַראַן וואַסער צום טרינקען. דאָס איז אונזער לעצט שטיקל ליכט!

בעקי האט זיך שוין ניט געקאָנט איינהאַלטן און האט אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן. טאָם האט זי געטרייסט, ווי ער האָט געקענט, נאָר דאָס האט קנאַפּ געהאָלפן. ענדלעך, האָט זי געזאָגט.

— טאָם!

— וואָס, בעקי?

— זיי וועלן זיך כאַפּן און וועלן קומען זוכן אונז?

— נו, פאַרשטייט זיך. זיי וועלן געוויס קומען.

— קען זיין, זיי זוכן אונז שוין אַצינד, טאָם?

— נו, יאָ, זייער מעגלעך. איך גלויב, אז ס'איז אזוי.

— ווען רעכנסטו, טאָם, וועלן זיי זיך דערוויסן וועגן אונז?

— איך רעכן, ווען זיי וועלן זיך אומקערן אפן פּאַראָם.

— טאָם, דעמאָלט וועט שוין פינצטער זיין. זיי וועלן באַמערקן, אַז מיר זיינען נישטאָ?

— איך ווייס ניט, יעדנפאַלס וועט דיין מאַמע עס באַמערקן, ווי נאָר אַלע וועלן זיך אומקערן אַהיים.

בעקיס דערשראָקענער בליק האָט דערמאנט טאָמען, אַז זיין כאַווערטע האָט באַשלאָסן נעכטיקן בא אירער א כאַווערטע, און דעריבער וועט מען אף איר ניט וואַרטן אינדערהיים.

די קינדער זיינען אנשוויגן געוואָרן און האָבן זיך פארטראַכט. אַביסל שפּעטער האָט אַ בייער אופרייס פון בעקיס יעסורים באוויזן טאָמען, אַז בעקין און אים איז איינגעפאַלן איין און דערזעלבער געדאנק: סע קאָן אוועק אַ האלבער זונטיקדיקער פרימאָרגן איידער מיסיס טעטשער וועט זיך דערוויסן, אַז בעקי האָט גענעכטיקט ניט בא מיסיס גארפער.

די קינדער האָבן ניט אָפּגעווענדט זייערע בליקן פונם לעצטן שטיקל ליכט, נאָכשפּירנדיק, ווי אומראַכמאָנעסדיק און לאנגזאַם דאס ליכט גייט אויס. ענדלעך, איז געבליבן ניט מער ווי אַ פּיצינקעלע קנייטל; א קליין פייערל פלעגט זיך אופהייבן און פאַלן, דערנאָך האָט עס א פלאטער געטון

איר געלעכטער איז אין דערזעלבער רעגע פארשוואונדן און איז אַריבער אין אַ קרעכץ.

— אָ, ווי אַזוי האָב איך געקענט איינשלאָפן! איך וואָלט געוואָלט קיינמאָל, קיינמאָל ניט אופכאַפּן זיך! ניין, ניין, טאָם, קוק ניט אזוי! איך וועל קיינמאָל מער אזוי ניט רעדן.

— איך בין צופרידן, וואָס דו ביסט געשלאָפן, בעקי: איצט האָסטו אויסגערוט זיך, און מיר וועלן גיין ווייטער זוכן דעם וועג.

— מיר וועלן פּרואוון, טאָם: נאָר איך האב אין כאָלעם געזעען אַזאַ וואונדערלעך לאַנד; אַפּאָנים, מיר גייען אַהין.

— קען זיין, און קען זיין ניט. זיי מונטער, בעקי! קום ווייטער זוכן.

זיי זיינען אופגעשטאַנען און אוועק האַנט בא האנט, ניט גלויבנ־דיק שוין אין קיין דערפאָלג. זיי האָבן געפרואווט טרעפן, ווי לאַנג שוין זיי האָבן פאַרבראַכט אין הייל: זיי האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זיינען דאָ עטלעכע טעג און וואָכן, אָבער קלאָר איז געווען, אַז ס'האט ניט געקענט זיין אַזוי, ווייל אַפּילע זייערע ליכט האָבן ביזן סאָף ניט אויסגעברענט.

נאָכדעם זיינען זיי לאַנג, זיי האָבן אליין ניט געוואוסט ווי לאַנג, געגאַנגען שווייגנדיק. טאָם האט געזאָגט, אַז מע מוז שטיל צוהערן זיך, צי הערט מען ערגעץ ניט קיין רויש פון פאַלנדיקע טראָפּן; מע מוז געפינען אַ קוואַל. טאָם האָט געפונען איין קוואַל און האָט געזאָגט, אַז אָט־דאָ דאַרף מען אַן אָפּרו מאַכן. ביידע זיינען שרעקלעך פארמאַ־טערט געווען, נאָר בעקי האָט גערעכנט, אַז מע מוז גיין ווייטער, און איז זייער פארוואונדערט געווען, ווען טאָם איז דערוף ניט איינגע־גאנגען. זי האט עס ניט געקענט פאַרשטיין. זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט, און טאָם האט מיט אַ שטיקל ליים צוגעקלעפּט דאָס ליכטל צו אַ שטיין, וואָס איז געלעגן אַקעגן זיי. ביידע האָבן זיך פאַרטראַכט און האבן אַ שטיק צייט געשוויגן. בעקי האָט די ערשטע אָנגעהויבן ריידן.

— טאָם, איך בין אַזוי הונגעריק...

טאָם האט ארויסגעשלעפּט עפּעס פון קעשענע.

— דו געדיינקסט?

בעקי האט זיך קימאַט צעשמייכלט.

— דאָס איז אונזער כאַסענע־לעקאַך. איך וואָלט וועלן, אַז ער זאָל זיין גרויס ווי אַ פאַס, ווייל מער האָבן מיר גאָרנישט.

— איך האָב דעם שטיק לעקאַך אפּן פּיקניק באַהאַלטן, קעדיי אַוועק־לייגן אים אונטערן קושן, ווי גרויסע טוען עס, קעדיי ארויסרופן די גע־וואונשענע כאַלוימעס. אָבער דאס וועט זיין אונזער לעצט...

בעקי האָט ניט געענדיקט. זי האט ניט געוואָלט פאַרשאַפן קיין יעסורים איר כאַווער. טאָם האָט צעטיילט דעם לעקאַך אף צוויי טיילן.

פאַר, וואָס ער האָט זי געבראַכט צו אַזאַ שרעקלעכער לאַגע, און דאָס האט געווירקט בעסער. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט פּרוּוון נעמען זיך אין די הענט אריין, אַז זי וועט אופשטיין און גיין נאָך אים, וואוהין ער וועט פירן, אַבי ער זאָל ניט רעדן אַזוי, וואָרום זי איז אויך שולדיק ניט ווייניקער פון אים. און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, וואוהין ס׳האָט זיך געלאָזט, אָן אַ שום ציל, נאָר קעדיי צו גיין און ניט זיצן אפן אָרט — מער האָבן זיי דאָך ניט געקאָנט טון גאָרניט.

שפּעטער אַביסל האט טאָם גענומען דאָס ליכט פון בעקיס הענט און האָט זי פאַרלאָשן. זיי האָבן דאָך געדארפט זיין שפּאָרעוודיק! בעקי האט אָן איין וואָרט פאַרשטאַנען עס און זי איז ווידער אַראָפּגעפאַלן בא זיך. זי האט געוואוסט: בא טאָמען איז פאַראַן נאָך אַ ליכט און נאָך אַ דריי—פיר קליינע שטיקלעך ליכט אין קעשענע — און דאָך האָט ער גערעכנט, אַז מע דארף שפּאָרן.

ביסלעכווייס האט די מידקייט אָנגעהויבן מאָנען אירס. די קינדער האָבן זיך געפּרוּווט ניט לייגן דערויף קיין אַכט — עס איז שרעקלעך געווען אַפילע אַ קלער צו טון צו אַנידערזעצן זיך, אַז יעדער רעגע איז געווען אַזוי טייער.

רוקנדיק זיך גלאַט אין דער וועלט אריין, ניט וויסנדיק וואוהין, זיינען זיי פאָרט געגאנגען פאָרויס און, מעגלעך—צום אַרויסגאנג, אָבער זעצן זיך וואָלט געהייסן לאָזן זיך ווארטן אַפן טויט און אַפילע דערנעענטערן אים. נאָר בעקיס שוואַכע פיסלעך האָבן איינגאַנצן אָפּגעזאָגט זיך צו דינען איר. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. טאָם האָט זיך אַוועק־געזעצט לעבן איר, און זיי האָבן אָנגעהויבן שמועסן וועגן דער היים, וועגן פריינט, וואָס זיינען דאָרט איבערגעבליבן, וועגן באקוועמע בעטן און דערהויפּט וועגן ליכט. בעקי האָט געוויינט. טאָם האט זיך אלץ געפּרוּווט צוטראַכטן עפּעס, קעדיי צו טרייסטן זי, נאָר אלע זיינע שפּיצלעך זיינען מיט ווייסע פעדים גענייט געווען און האָבן געקלונגען ווי כויזעק. בעקי איז סאָפּקאָלסאָף אזוי פאַרפייניקט געוואָרן פון מידקייט, אַז זי איז איינגעשלאָפן. טאָם האָט זיך דערפרייט. ער האָט געקוקט אף איר פאַרמאַטערט פּענימל און האט געזעען, ווי ביסלעכווייס, אונטערן איינפלוס פון זיסע כאַלוימעס, נעמט עס אָן זיין געוויינלעכן רואיקן אויסדרוק. אַף אירע ליפּן האָט זיך באוויזן און איז פארבליבן אַ שמייכל. פון דעם פרידלעך־שלאָפנדיק מיידעלע האָט אין זיין אייגענער נעשאָמע אריין געשטראָמט מיט פרידן און זיינע געדאנקען האָבן געשוועבט ערגעץ אין פאַרגאַנגענהייט, אין פארנעפּלטע זיכרוינעס. ער האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין זיינע זיכרוינעס, אַז ער האט אפילע ניט באמערקט, ווי בעקי האָט זיך אופגעכאַפּט און האָט אָנגעהויבן שטיל לאַכן, אָבער

טאָם איז געבליבן שטיין.

— וואַרט אויס.

און אינמיטן דער טיפער שטילקייט, — אַזאַ שטילקייט, אַז די קינדער האָבן געהערט זייער אייגענעם אָטעם, — האָט טאָם אַ געשריי געטון.

זיין קאָל האָט אַ לאנגע צייט אָפּגעקלונגען אין דער ליידיקער היי. און איז אויסגעגאַנגען ערגעץ ווייט מיט אַ שוואכן קלאַנג, וואָס איז געווען ווי אַ שפּאָט־געלעכטער.

— אוי, טאָם, טו דאָס מער ניט — דאס איז אַזוי שרעקלעך, — האט געזאגט בעקי.

— שרעקלעך איז דאס שרעקלעך, אָבער בעסער איז דאָך, אַז מע שרייט: קאָן זיין, זיי וועלן פאָרט דערהערן אונז. — און ער האט ווידער אַ געשריי געטון.

זיינע ווערטער „קאָן זיין" האבן דורכגעקלונגען פאַרן מיידעלע נאָך שרעקלעכער פונם בייז־וואונדערישן געלעכטער. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז טאָם פארלירט די האָפענונג. די קינדער זיינען געשטאַנען שווייגנדי־קערהייט און האָבן געוואַרט. אָבער אַף דעם געשריי האָט זיך קיינער נים אָפּגערופן. טאָם האט פארקערעוועט אף צוריק און האט פאַרגי־כערט די טריט. נאר באלד האט עפּעס אַ ניט־זיכערקייט אין זיין בליק אויסגעזאָגט בעקין אן אנדער שרעקלעכן סאָד: ער האט שוין ניט געקענט געפינען דעם וועג אף צוריק!

— אוי, טאָם, פארוואָס האָסטו ניט געמאַכט קיין צייכנס?

— בעקי, איך בין אַזאַ נאַר! אַזאַ נאַר! מיר איז גאָר נים איינ־געפאלן, אַז אונז וועט אויסקומען גיין צוריק. ניין, איך קאָן ניט געפינען דעם וועג. בא מיר האָט זיך אלץ פאַרפּלאָנטערט.

— טאָם, טאָם, מיר זיינען פארפאַלן! פאַרפאַלן! מיר וועלן קיינמאָל, קיינמאָל ניט ארויסקלייבן זיך פון אָט דער שרעקלעכער אונטערערד! אָ, פארוואָס זיינען מיר אוועקגעגאנגען פון די איבעריקע?

זי האָט אָן קויכעס אַראָפּגעלאָזט זיך אף דער ערד און אזוי ווילד צעוויינט זיך, אַז טאָם האָט זיך איבערגעשראָקן, מיינענדיק, אז זי וועט באַלד שטאַרבן אָדער אַראָפּ פונם זינען. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אף דער ערד לעבן איר און זי אַרומגענומען. זי האָט, וויינענדיק, באַהאַלטן איר פּאָנים בא אים אף דער ברוסט און האָט זיך געטוליעט צו אים, אויסדערציילנדיק אלע אירע פּכאָדים, איר גאַנצע פארשפּעטיקטע כאַראָטע. דער ווייטער ווידערקאָל האָט פאַרוואַנדלט דאָס אלץ אין צעשאָטענעם שרויט פון שפּאָטישן געלעכטער. טאָם האָט זיך געבעטן בא איר, זי זאָל אַביסל אופמונטערן זיך, נאָר זי האָט געזאָגט, אַז זי איז ניט אימ־שטאנד דאס צו טון. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו שעלטן זיך דער־

און אין וועלכער זייט: אַף צאָפן, אַף דאָרעם אָדער אַף מיזרעך. דאָ קאָנען מיר ניט דערהערן זייערע קוילעס.

בעקי איז געוואָרן אומרואיק.

— ווי לאַנג, אַז מיר גייען שוין דאָ ארום, טאָם? עפשער וואָלט גלייכער געווען אומקערן זיך צוריק?

— יאָ, ביסט גערעכט, דאָס וועט זיין גלייכער.

— און דו וועסט קענען געפינען דעם וועג, טאָם? דא איז אַזאַ פּלאָנטער — איך אליין וואָלט געוויס ניט געקענט ארויס פונדאַנען...

— איך וואָלט יאָ געקענט, ווען ניט די פלעדערמייז. נאָר אויב זיי וועלן פאַרלעשן אונזערעביידע ליכט, וועט דאָס זיין אַ גוואלדיקע מיעסקייט. לאָמיר פּרואוון אַ זוך טון אין אנדער וועג, קעדיי ניט צו גיין דאָרטן ארום.

— אָבער איך האָף, אַז מיר וועלן ניט פאַרבלאָנדזשען. דאָס וואָלט דאָך געווען אזא שרעקלעכע זאַך! — און דאָס מיידעלע האט אַזש אַ ציטער געטון פונם געדאנק אַליין. טאָם האט אויסגעקליבן איינעם פון די קאָרידאָרן, און די קינדער זיינען אַ לאנגע צייט שוויגנדיקערהייט געגאנגען מיטן קאָרידאָר, איינקוקנדיק זיך אין יעדן זייטיקן דורכגאַנג, עפשער וועט מען אין אים עפּעס דערקענען. אָבער דאָ איז אלץ געווען פאר זיי פרעמד. יעדער מאָל, ווען טאָם האט גענומען אויספאָרשן אַ נייעם דורכגאנג, האָט בעקי אַכטונג געגעבן אַף אים, וואַרטנדיק אַף אַ מונטערן צייכן, און ער פלעג פריילעך אַ זאָג טון:

— דאָס איז ניט יענער וועג, מיט וועלכן מיר זיינען פריער געגאנגען, אָבער דו האָב קיין יעסורים ניט — אַז ס'וועט קומען די רעכטע צייט, וועלן מיר געפינען אונזער וועג.

פונדעסטוועגן האָט ער אלעמאָל, ווען ס'איז ניט געראָטן, אלץ מער פארלוירן די זיכערקייט, און האָט אינגיכן אָנגעהויבן צו פאַרקערעווען אף רעכטס און אף לינקס, וואוהין ס'לאָזט זיך, האָפנדיק צו געפינען, סאָפּקאָלסאָף, דעם באקאנטן וועג. פון צייט צו צייט פלעג ער אַ זאָג טון: האָב קיין מוירע ניט — אלץ גייט אויסגעצייכנט. אָבער בא אים אפן האַרצן איז שוין געלעגן אַזאַ שרעקלעכע שווערקייט, אַז דאס קאָל זיינס האָט מען קאם געקענט הערן, פונקט ווי ער וואָלט זאָגן ניט „אַלץ גייט אויסגעצייכנט", נאָר „אַלץ איז פארלוירן".

בעקי האָט מיט פאַכעד געטוליעט זיך צו אים, זי האָט מיט אַלע קויכעס געשטאַרקט זיך איינצוהאַלטן די קויכעס, נאר דאס האָט זיך איר שלעכט איינגעגעבן. ענדלעך, האָט זי אַ זאָג געטון:

— הער אויס, טאָם, עס מאַכט ניט אויס, וואָס דאָרטן זיינען פאראן פלעדערמייז. לאָמיר זיך אומקערן צוריק מיט יענעם וועג. אַניט וועלן מיר זיך גאָר פארפּלאָנטערן.

אָרט האָבן זיי געפונען אן אומגעהייער גרויסע נישע, וואו עס איז פון דער סטעלי אַראָפּגעהאַנגען אַ וועלט מיט גלאַנצנדיקע סטאַלאַקטיטן, די לײַנג און די גרעב ווי אַ מענטשלעכער פוס. זיי זיינען ארומגעגאנגען אַרום און ארום דער הייל, פארכידעשט און אַנטציקט פון איר שיינקייט, און ארויסגעגאנגען זיינען זיי פון דאָרטן דורך איינעם פון יענער גרוי־סער צאָל קאָרידאָרן, וואָס האבן פון דאָרט געפירט. אינגיכן האָבן זיי געטראָפן צו אַ וואונדערלעכן קוואַל, וואָס האָט געזעצט פון א פעלז. דער באַסיין פונם פעלז איז געווען אויסגעלייגט מיט שיינענדיקע קרישטאָלן אַזוי ווי מיט גלאַזור. דער קוואַל האָט זיך געפונען אינמיטן פון אַ צווייטער הייל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אף פאַנטאסטישע קאָלאָנעס פון צונויפגעוואָקסענע גרויסע סטאלאקטיטן און סטאלאגמיטן — אַ רעזולטאַט פון אומופהערלעכן טריפן פונם וואַסער אין מעשעך פון לאנגע יאָר־הונדערטער. אונטער דער סטעליע פון דער הייל האָבן זיך גענעסטן טויזנטער פלעדערמייז, וואָס האָבן זיך צונויפגעפרעסט אין איין קופּע. די שיין האָט זיי איבערגעשראָקן, און זיי האָבן זיך אַ ריס געטון פון אָרט, הונדערטערוויים, פישטשענדיק און אַרופוואַרפנדיק זיך אף די ליכט. טאָם האָט געוואוסט זייער טעווע און ער האָט פארשטאנען, צו וואָס פאר אַ געפאַר דאָס קאָן ברענגען. ער האָט אָנגעכאַפּט בעקין פאר דער האַנט און איז אַרויסגעלאָפן אינאיינעם מיט איר אינם ערשטן קאָרידאָר, וואָס האָט זיך געטראָפן אַקעגן. און ס׳איז שוין טאַקע צייט געווען דאָס צו טון, וואָרום איינע פון די פלעדערמייז האָט מיט אַ פאָך פון איר פליגל פארלאָשן בעקיס ליכט בעאייס יענע איז אַרויס־געגאנגען פון דער הייל. די פלעדערמייז האָבן אַ לאנגע צייט נאָכגעיאָגט זיך נאָך די קינדער, אָבער די אנטלויפנדיקע האָבן אַלעמאָל פאַרקערע־וועט אין אַ נייעם דורכגאנג, וואָס האָט זיך זיי געטראָפן אין וועג, און אזוי אַרום זיינען זיי סאָפּקאָלסאָף פּאָטער געוואָרן פון די פלעדערמייז. באַלד נאָך דעם האָט טאָם געפונען אן אונטערערדישע אָזערע מיט אומ־קלאָרע ברעגן, וואָס זיינען פארלאָרן געגאנגען אין דער פינצטער. ער האָט באַשלאָסן אויספאָרשן דידאָזיקע ברעגן. אָבער באַלד האט ער אַ קלער געטון, אַז גלייכער וועט זיין פריער צוזעצן זיך און אָפּרוען. דאָ האָט צום ערשטן מאָל די טויטע שטילקייט פון דער אונטערערד אָנגעהויבן דריקן אף די קינדער.

— וואָס הייסט עס? — האָט זיך אָנגערופן בעקי, — מיר דאַכט, אַז מע הערט שוין פונלאַנג קיין קוילעס ניט. דו האָסט עס ניט באַמערקט?

— דו באַרעכן נאָר, בעקי — זיי זיינען דאָך דאָרט פונויבן, און מיר זיינען אונטן, און איך ווייס אפילע ניט, ווי ווייט מיר זיינען פארגאנגען

געפינען טאָם סאָיערן אליין! עס איז שוין געבליבן • ווייניק־ווער, וואָס זאָל נים אָנווערן דעם מוט און די קויכעס אף צו זוכן ווייטער״.

## קאַפּיטל XXXII.

לאָמיר זיך אצינד אומקערן צו טאָמען און בעקין. זיי זיינען איניינעם מיט אַנדערע אומגעגאנגען איבער די פינצטערע קאָרידאָרן, באַטראכטנדיק די שוין באקאנטע וואונדער פון דער הייל, וועלכע האָבן געטראָגן אביסל צוגעפּוצטע נעמען, ווי, לעמאָשל, „דער אופנאַם־זאַל״, „די קאטעדראל״, „אלאדינס הויף״ און אז. וו. נאָכדעם האָט זיך בא זיי אָנגעהויבן אַ פריילעכע שפּיל אין באַהעלטעניש אַזוי לאנג, ביזוואַנען זיי זיינען נים מיד געוואָרן פונם ארומלויפן. און שפּעטער זיינען זיי אוועקגע־גאנגען אינצווייען מיטן געשליינגלטן קאָרידאָר, האַלטנדיק הויך זייערע ליכט און לייענענדיק די נעמען, ציפער, אַדרעסן און דעוויזן, מיט וועלכע ס׳זיינען געווען דורכויס באשריבן די שטיינערנע ווענט. זיי האָבן זיך אַזוי פארעדט, אַז זיי האָבן גאָרניט באמערקט, ווי זיי זיינען פארגאַנ־גען אין אַזאַ טייל פון דער הייל, וואו די ווענט זיינען שוין נים געווען באשריבן. זיי האָבן אַליין מיט דער סאַזשע פונם ליכט אופגעצייכנט זייערע נעמען אף דער וואַנט אונטער אַן אַראָפּהיינגענדיקן שטיין און האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער. ענדלעך, זיינען זיי ארופגעקומען אף אַן אָרט, וואו אַ קליינער שטראָם האָט געגאָסן זיך איבער אַן ארויסשטאַר־טשענדיקן שטיין. דער שטראָם האָט געטראָגן מיט זיך אַן אָפּזאַץ פון קאַלך, און אין מעשעך פון יאָרהונדערטער איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין שטורעמדיקער ניאַגארע פון גלאַנציקן שטיין. טאָם האָט זיך דורכגעשטופּט דורכן שמאָלן שעטעך הינטער דעם שטיינערנעם וואַסער־פאַל, ווייל ער האָט געוואָלט אים באלויכטן פון בעקיס פארגעניגן וועגן, און ער האָט דערזעען, אז דער וואסערפאַל פארשטעלט מיט זיך עפּעס ווי אַ מין נאַטירלעכן לייטער, וואָס איז ארייגגערוקט אין אַ שמאָלן שפּאַלט צווישן צוויי שטיינערנע ווענט. אין זעלבן אויגנבליק האָט אים שוין אָנגעכאַפּט דער כיישעק צו נעמען זיך פאר אַנטדעקונגען. בעקי איז איינגעגאנגען דערוף, און נאָכדעם, ווי זיי האָבן פאר אן אָנדיינק געמאכט מיט דער סאַזשע פון דער ליכט אַ צייכן אַף אַ שטיין, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון זוכן. זיי זיינען אַ לאנגע צייט געגאנגען דורך אַ געשליינ־גלטן קאָרידאָר, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אלץ נידעריקער אין די געהיימע ווינקלען פון דער הייל. זיי האָבן געמאַכט נאָך אַ צייכן אַף אַ שטיין און האָבן פארקערעוועט אין אַ זייט, אָפּזוכנדיק אלץ נייע וואונ־דער, וועגן וועלכע זיי וועלן שפּעטער דערציילן דאָרטן, פונויבן. אין איין

געווען, און מע פלעג זיך אָנשטויסן נאָר אף עמעצן פון די אייגענע מענטשן, וואָס האָבן געזוכט אין דער הייל.

אַזוי זיינען דורכגעגאַנגען דריי שרעקלעכע טעג מיט דריי שרעקלעכע נעכט. לאַנגזאַם און שווער האט זיך געצויגן אַ שאָ נאָך אַ שאָ. די שטאָט איז סאָפּקאָלסאָף אַריינגעפאַלן אין עפּעס אַן האָפּענונגלאָזן, פאַר־טעמפּטן צושטאַנד. קיינער האט מער קיין כיישעק ניט געהאַט צו נע־מען זיך עפּעס טון; די ארבעט איז געפאַלן פון די הענט. די פרישע אנטדעקונג, וואס מע האט אנטדעקט — אַז דער באַלעבאָס פון דעם איינפאָר־הויז, וואס ס'האט געהאלטן די „געזעלשאַפט פאַר ניכטערקייט״, האט געהאנדלט מיט בראָנפן און ראָם — האט, ניט געקוקט אף דער גאַנצער אומגעהייערקייט, קימאַט ניט אופגערעגט דעם אוילעם. אין איי־נער פון די מינוטן, ווען העק פלעג קומען צו זיך, האָט ער פארפירט אַ שמועס וועגן דעם איינפאָר־הויז און ענדלעך א פרעג געטון, מוירע האָבנדיק צו דערהערן עפּעס שרעקלעכס, צי האט מען ניט געפונען עפּעס־וואס אין דעם איינפאָר־הויז פון דער געזעלשאפט פאר דער צייט, ווען ער איז קראנק געווען.

— יאָ, מע האט געפונען — האט ער באַקומען אַן ענטפער.

העק איז אופגעשפרונגען פונם געלעגער, ער האט מיט ווילדע בליקן אָנגעקוקט די אלמאָנע דוגלאס.

— זאָגט: וואָס, וואָס האָט מען געפונען?

— שטאַרקע געטראַנקען. לייג זיך צוריק, קינד מיינס. אך, ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן!

— זאָגט מיר נאָר איינס, בעט איך אייך, נאָר איינס: ווער האָט עס געפונען? טאָם סאָיער?

די אַלמאָנע האָט געגומען גיסן טרערן.

— זאָל זיין געזונט, מיין קינד. איך האָב דאָך שוין געזאָגט דיר. דו טאָרסט ניט רעדן אזויפיל. דו ביסט זייער, זייער קראנק.

„איז הייסט עס, אַז כוץ בראָנפן האָט מען גאָרניט געפונען. ווען מע זאָל געווען געפינען געלט, וואָלט געוואָרן א שרעקלעכע מעהומע אין שטאָט. הייסט עס, אַז דער אוצער איז פארפאלן אף אייביק, האָט אַרויסגעגליטשט זיך פון די הענט... אָבער פארוואָס וויינט זי? אַ מאָדנע זאַך! פארוואָס זאָל זי עס דאַרפן וויינען?...״

אָט אַזעלכע געדאנקען האָבן זיך אַף אַן אומקלאָרן אויפן גערודערט בא העקן אין מויעך, און ער איז דערפון אַזוי פאַרמאַטערט געוואָרן, אַז ער איז איינגעשלאָפן.

— „אָט איז ער שוין, נעבעך, איינגעשלאָפן... — האָט געריידט צו זיך אליין די אַלמאָנע. — טאָם סאָיער האָט געפונען! ניי פרואוו איצט

די גאַנצע יעסורימדיקע נאַכט האט מען אין שטאָט געוואַרט אַף יעדיעס, נאר ווען עס האט ענדלעך גענומען שאריען אף טאָג, איז מען פון הייל געקומען צו גיין בלויז נאָך פּראָוויזיע און נאָך ליכט. מיסיס טעטשער איז שיר פון זינען ניט אראָפּ פאַר יעסורים, און די מומע פּאָלי אויך. דער ריכטער טעטשער פלעג אמאָל צושיקן פון הייל דער־מונטערנדיקע צעטעלעך, נאָר זיי האבן שלעכט געווירקט. אַף מאָרגן, קאַיאָר, האט דער אלטער וואַליִער אומגעקערט זיך אהיים; ער איז געווען אינגאַנצן אויסגעשמירט מיט ליים און כיילעוו. ער האט געטראָפן העקן אפן זעלבן געלעגער, וואוהין ער האט אים פריער באַלייגט. דאָס אינגל איז געלעגן אין גרויס היץ און אין פיבער. אַלע דאָקטוירים זיינען געווען אין דער הייל, אַזוי אַז ארום דעם כוילע האט גענומען זיך אומגיין די אלמאָנע דוגלאס. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט טון צוליב אים אַלץ, וואס איז מעגלעך, וואָרום סייווי, צי איז ער אַ גוטער אָדער א שלעכטער — גאָטס באשעפעניש איז ער, און מע קאָן אים דאָך ניט איבערלאָזן אף העפקער. דער וואַליִער האט געענטפערט, אז בא העקן זיינען פאַראַן גוטע מאַילעס אויך, און די אלמאָנע האט מאַס־קים געווען:

— נו, אַוואַדע.

צו האַלבן טאָג צו האָבן אין שטאָט אַריין אָנגעהויבן אומצוקערן זיך בינטלעך טויט־מידע מענטשן, וואס האָבן שוין פאַרלאָרן די האָפע־נונג צו געפינען די פאַרפאַלענע. אָבער די מער ענערגישע האבן ניט אַוועקגעוואָרפן דאס זוכן. פון די, וואס האבן זיך אומגעקערט, האט מען דערוואוסט זיך זייער ווייניק. זיי האבן באָר דערציילט, אַז מע האט אויסגענישטערט אין הייל אלע ווייטע קאָרידאָרן, וואוהין מע פלעג פריער קיינמאָל ניט פארקריכן: מע האט אויסגעקוקט אין אלע ווינקעלעך. אַרומקריכנדיק אין אָט דעם לאבירינט, האט מען געהערט דאָ און דאָרט געשרייען און א שיסעריי, וואס האט מאָרעשכוירעדיק אָפּגעקלונגען אין דער פינצטערער הייל. אין איין אָרט, ווייט פון יענעם טייל פון דער הייל, וואָס ווערט אלעמאָל באזוכט דורך די טוריסטן, האָט מען געטראָפן אַף אַ שטיין אָנגעצייכנט מיט סאַזשע פון דער ליכט: „בעקי און טאָם", און דאָ אפן זעלבן אָרט האט זיך געוואלגערט אויך אַ שטיקל סטיינגע, וואָס איז געווען פאַרקאַפּעט מיט כיילעוו פון אַ ליכט. די מיסיס טעטשער האט דערקענט דאָס שטיקל סטיינגע און האט זיך צעוויינט. אנדערע האבן דערציילט, אז בעאייס די זוכונגען פלעג מען טיילמאָל באַמערקן פונ־דערווייטנס אַ פינקלענדיקע שיין און אַ טוך מענטשן פלעג מיט אַ פרייד־געשריי אַ וואָרף טון זיך מיטאַמאָל אין יענער זייט. נאָר נאָכ־דעם פלעג קומען די ביטערע אנטוישונג: די קינדער זיינען דאָרט ניט

באַ עמעצן פון אייך, און איצט האָט ער מוירע צו קומען אין קלויסטער אַריין — ער ווייסט, אַז ער וועט לייזן פון מיר...

מיסיס טעטשער האָט שוואַך אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איז נאָך מער בלייך 'געוואָרן.

— ער האָט באַ אונז ניט גענעכטיקט, — האט געזאָגט מיסיס גארפּער, וואס האט שוין אויך אָנגעהויבן יעסורים צו האבן. דער מומע פּאָליס פּאָנים איז פול געווען מיט אומרו.

— דזשאָ גארפּער, דו האָסט היינט אינדערפרי געזעען מיין טאָמען? — האָט זי אַ פרעג געטון.

— ניין, ניט געזעען.

— און וואו האָסטו אים געזעען דאָס לעצטע מאָל?

דזשאָ האט זיך געפּרואווט צו דערמאַנען, נאָר ער האט גאָרניט געקענט זאָגן אַף זיכער. דער אוילעם, וואס איז געגאַנגען פונם קלויסטער, האָט אָנגעהויבן אָפּצושטעלן זיך, צוהערנדיק זיך צו די רייד. מע האט זיך געשעפּטשעט; אַף די פּנימער האט זיך אָפּגעשפּיגלט די אומרואיקייט, וואס האט זיך דערוועקט אין אלעמען. די קינדער און די יונגערע לערער האט מען פאַרשאָטן מיט פראַגן. ס'האט זיך אַרויסגעוויזן, אז קיינער געדיינקט ניט, צי זיינען טאָם און בעקי געווען אַפן פאַראָם, בעאייס די קינדער האבן זיך אומגעקערט אַהיים: אין דער פינצטער האָט קיינער זיי ניט באמערקט, און ס'איז קיינעם ניט איינגעפאַלן ·אַ פרעג צו טון, צי זיינען פאַראַן אַלע. איין באָכערל האט ניט אויסגעהאַלטן און האט אַ זאָג געטון:

— הייסט עס, אַז זיי זיינען פאַרבליבן אין הייל!

מיסיס טעטשער איז געפאַלן כאַלאָשעס; די מומע פּאָלי האט געיאָמערט, ברעכנדיק די הענט.

די אומרואיקע יעדיע איז געגאַנגען פון מויל צו מויל, פון אַ קרייזל צו א קרייזל, פון גאַס צו גאַס. אין פינף מינוט ארום האָבן שוין געקלונגען אלע קלויסטערס, צונויפרופנדיק דעם אוילעם. מע האט מיטאַמאָל פאַרגעסן אָן די גאַנאָווים, מע האָט שוין געשפּאַנט פערד, מע האָט אָפּגעבונדן די שיפלעך; מע האָט געשיקט נאָכן פאַראָם, און אין איין האַלבער שאָ שפּעטער האָבן שוין ארום צווייהונדערט מאַן געלאָזט זיך מיט דער יאבאָשע און מיטן וואסער צו דער הייל.

אַגאנצן טאָג האט דאָס שטעטל אויסגעזעען ווי אויסגעשטאָרבן — אזוי ליידיק איז עס געווארן. אין מעשעך פון גאַנצן טאָג האבן די שכיינעס געהאלטן אין איין באזוכן די מומע פּאָלי און די מיסיס טעטשער. זיי האבן געפּרואווט טרייסטן זיי און האבן צוזאמען מיט זיי געוויינט, — דאס וויינען האט געווירקט בעסער פון קאָלערליי רייד.

גאנץ גיך האט די נייגיריקייט פארשפרייט זיך אף דער גאנצער ש טאָט. אָבער דער וואליִער האט ניט געהאט קיין ראכמאָנעס אף דעם אומגע־דולד פון זיינע געסט און ער האָט זיי דעם סאָד ניט אויסגעזאָגט. דערהערט וועגן אלץ, וואס איז געווען נאָכדעם, האָט די אלמאָנע זיך אָנגערופן:

— איך בין איינגעשלאָפן, לייענענדיק אין בעט, און בין די גאנצע צייט רואיק געשלאָפן. פארוואָס־זשע זיינט איר ניט אריינגעגאנגען און ניט אופגעוועקט מיך?

— מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ס׳לוינט ניט. דידאָזיקע באַנדיטן וואָלטן מיסטאָמ ניט אומגעקערט זיך; זיי האבן דאָך פאַרגעסן זייערע אינ־סטרומענטן און זיי וואָלטן ניט געהאַט מיט וואָס צו אַרבעטן. צוליב וואָס־זשע האָט געטויגט וועקן אייך? קעדיי איבערשרעקן אייך אף טויט? ווייטער האבן מיינע דריי נעגרען דעם גאַנצן רעשט פון דער נאַכט גע־האַלטן וואך ארום אייער שטוב. זיי האבן נאָר־וואָס אומגעקערט זיך.

ס׳זיינען אָנגעקומען נייע באַזוכער, און אין מעשעך פון דריי שאָ האט דער אַלטער קיין זאַך מער ניט געטון, נאָר געהאַלטן אין איבער־כאַזערן זיין געשיכטע.

יענעם פרימאָרגן זיינען אין שול ניט פאָרגעקומען די געוויינלעכע זונטיקדיקע לימודים, אַלע האָבן זיך נאָר פאַרזאַמלט גאָר פרי אין קלויסטער אַריין, ‏.קעדיי גוט צו באַטראכטן די איבערראַשנדיקע געשעע־ניש. אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז מע האָט נים געפונען אַפילע קיין שפור פון די גאַזלאָנים. נאָכדעם, ווי די דראָשע האָט זיך פאַרענ־דיקט, האט דעם ריכטערס ווייב מיסיס טעטשער זיך דורכגעשטופט דורך דעם האַמוין צו מיסיס גארפער און אַ זאָג געטון:

— וואָס־זשע וועט זיין: מיין בעקי וועט טאַקע אָפשלאָפן היינט אַגאַנצן טאָג נאָכאַנאַנד? כאָטש איך האָב טאַקע אזוי אויך גערעכנט, אז זי וועט שרעקלעך מיד ווערן.

— אייער בעקי?

— נו, יאָ (אַ פאַרוואונדערטער קוק). זי האט דען ניט גענעכטיקט באַ אייך?

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין.

מיסיס טעטשער איז בלייך געוואָרן און האט זיך אַראָפגעלאָזט אַף דער באַנק. פונקט אין דער צייט איז געגאַנגען פאַרביי די מומע פּאָלי, שמועסנדיק גאַנץ אופגעלעבט מיט אירער אַ גוטער־שוועסטער.

— גאָט העלף, מיסיס טעטשער! — האָט געזאָגט די מומע פּאָלי.

— אַ גוט מאָרגן, מיסיס גארפער. און באַ מיר איז ווידער דער יונג פארשוואונדן געוואָרן. איך בין זיכער, אַז מיין טאָם האט היינט גענעכט יקט

ענדלעך, ווען ער האָט זיך שוין גוט, גוט אָנגעלאכט, האָט ער גע־מאָלדן, אז אַזאַ געלעכטער איז זייער שפּאָרעוודיק, ווייל דורכדעם ווערט מען פּאָטער פון הויצאָעס אַף דאָקטוירים און רעפועס.

— אומגליקלעך באָכערל! — האָט ער צוגעגעבן, — דו ביסט בלייך און מיד. דו ביסט, ווייזט אויס, שטאַרק ניט געזונט, דערפאר פארעד־סטו זיך אביסל. נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. וועסט קומען צו זיך. דו וועסט אָפּרוען, אויסשלאָפן זיך און וועסט אופשטיין, ווי אַן אויסגע־לופטערטער.

העקן האָט פאַרדראָסן אַף זיין נאַרישקייט און אויך דערוף, וואָס ער קאָן זיך ניט האַלטן אין די הענט. אָבער ער איז מוירעדיק אופגע־רעגט געווען, ווען ער האָט דערהערט, אַז מע האָט עפּעס געפונען: אים האט זיך אַ דאַכט געטון, אַז דאָס האָט מען געפונען יענץ קעסטל. פונדעסטוועגן, איז ער געווען צופרידן, וואס ס'איז ביכלאל אַזוי אויסגע־קומען: איצט האָט ער כאָטש געוואוסט אַף זיכער, וואָס ס'האט זיך געפונען אינם קלומיק, און ער האָט זיך באַרואיקט. אַפּאָנים, אַז אלעס איז געגאַנגען גוט: יענץ קעסטל איז, ווייזט אויס, ביז איצט נאָך פאַרבאַהאַלטן אינם № 2, די צוויי באַנדיטן וועט מען היינט כאַפּן, און באַנאַכט וועט ער מיט טאָמען פאַרכאַפּן דעם אויצער, אָן זאָרג און אָן מוירע, אַז עמעצער זאָל זיי שטערן.

זיי האבן נאָר־וואָס געהאַט געענדיקט דעם פרישטיק, ווען מע האט אָנגעקלאַפּט אין טיר אַריין. העק האָט זיך געאיילט צו באַהאַלטן, ווייל ער האט בעשומויפן ניט געוואָלט עמעצער זאָל כוישעד זיין, אַז ער האט וועלכע ס'איז שאַיכעס צו אַלץ, וואס האָט פּאַסירט יענע נאַכט. דער וואַלײַער האָט אַריינגעלאָזט עטלעכע לעדיס און דזשענטלמענעס און ער האט באַמערקט, אַז אַרוף־באַרג דראַפּעט זיך אַ כאָפּטע קינדער, וואָס ווילן אָנקוקן דעם פּאַרקן. איז דאָך אַ סוואָרע, אַז דאָס נייס האָט זיך פאַרשפּרייט.

דער וואַלײַער האָט דערציילט פאַר די באַזוכער די געשיכטע פון דער פאָריקער נאַכט. די אַלמאָנע האט אים אָנגעהויבן באַדאַנקען דער־פאַר, וואס זי איז געראַטעוועט געוואָרן.

— קיין וואָרט ניט וועגן דעם, געערטע פרוי. עס איז פאַראַן אַן אַנדער מענטש, וועמען איר האָט, מעגלעך, מער צו פארדאַנקען, אייי־דער מיר מיט מיינע זין איניינעם. אָבער ער דערלויבט ניט, אַז איך זאָל אָנרופן זיין נאָמען. אונז וואָלט אפילע ניט איינגעפאלן צו קומען צו אייך, ווען ניט ער.

עס פארשטייט זיך, אז דידאָזיקע ווערטער האָבן ארויסגערופן אזא נייגירקייט, וואס קענן איר האט אלץ געמוזט אָפּטרעטן אפן צווייטן אָרט, און

געטראַכט אַזוי זיך פון שיינקייט וועגן, וואָרום די ווייסע זיינען זיך ניט נויקעם אַף אַזאַ אויפן. אָבער אַן אינדיאַנער, א מעטיס—דאָס איז, פאַר־שטייט זיך, גאָר, גאָר אַן אַנדער זאַך.

בעאייסן אָנבייסן איז דער שמועס געגאַנגען ווייטער, און דער אַל־טער האָט דערנאָך, אַגעוו, אַ זאָג געטון, אַז פאַרן אַוועקגיין האָט ער אָנגעצונדן אַ לאַמטערן און האָט מיט די זין צוזאַמען אַרומגעקוקט דעם פאַרקן און די ערד, זוכנדיק, צי איז דאָרט ניטאָ קיין שפּורן פון בלוט.

קיין שפּורן אַזעלכע האָבן זיי ניט געפונען, אָבער זיי האָבן געפּאַקט דאָרט אַ גרויסן קלומיק מיט...

— מיט וואָס?

דידאָזיקע ווערטער האָבן מיט דער גיכקייט פון אַ בליץ זיך אַ ריס געטון פונם אינגלס ווייס־געוואָרענע ליפּן. ער האָט מיט אַ צעמישטן בליק אָנגעקוקט דעם אלטן, קאם געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם און געוואַרט אַף אַן ענטפער. דער וואַליִער פון זיין זייט האָט געקוקט אַף אים אין מעשעך פון דריי, פינף, צען סעקונדעס און ערשט נאָכדעם געענטפערט:

— אַ קלומיק מיט געניייווישן קלאַפּערגעצייג. אָבער וואָס טוט זיך עס מיט דיר?

העק האָט זיך אַ וואָרף געטון אַף צוריק, צו דעם אָנשפּאַר פונם שטול, ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט און עס איז אים אומגעוויינלעך גרינג געוואָרן. דער וואַליִער האָט ערנסט און מיט נייגיר געקוקט אַף אים.

— יאָ, אַ בינטל געניייווישן קלאַפּערגעצייג. ווייזט אויס, אַז דו האָסט זיך באַרואיקט? וואָס דען, האָסטו געמיינט, וועלן זיי געפינען?

העק איז אַריינגעפאַלן. דער אַלטער האָט ניט אָפּגעריסן פון אים זיין אויספרואוונדיקן בליק. דאָס אינגל וואָלט אָפּגעגעבן אַלץ אין דער וועלט נאָר דערפאַר, אַז ער זאָל צוטראַכטן אַ פּאַסיקן ענטפער, אָבער עס איז אים קיין זאַך ניט געקומען אַפן זינען, און דער אויספרואוונ־דיקער בליק פונם אַלטן האָט אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען אין זיין נע־שאָמע. עס איז אים איינגעפאַלן דער סאַמע אומגעלומפּערטסטער ענטפער, אָבער קלערן איז קיין צייט ניט געווען, און העק האָט אַ שטאַמל געטון אין דער וועלט אַריין:

— איך האָב געמיינט, אַז מע האָט געפונען, עפּשער... א לערנבי־כל פון דער זונטיק־שול.

דאָס אָרעמע אינגל איז געווען צופיל דערשלאָגן, אַז ער זאָל קענען אַ שמייכל טון, אָבער דער אַלטער האָט זיך צעלאַכט אַזוי הויך און מונטער, אַז זיין גאַנצער דיקער קערפּער האָט זיך אַ טרייסל געטון.

די גרויע באַקנבערד און לויט דעם פלאַסטער אַף איין אויג; און דער אַנדערער איז געווען אָט־דער אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער טייוול...

— געשיקט זיך, אַז דו האָסט באַ דער שיין פון סיגאַר געקענט באַמערקן זיינע שמאַטעס?...

העק איז אַף אַ מינוט געוואָרן צעמישט.

— איך קאָן אייך ניט זאָגן, ווי אַזוי, נאָר, ווייזט אויס, איך האָב באַמערקט.

— נו, און ווייטער? זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, און דו?

— און איך נאָך זיי. אָט אַזוי איז עס אַלעס פאָרגעקומען. מיר האָט זיך געוואָלט וויסן, וואָס האָבן זיי עס פאַרטראַכט אויפצוטון. זיי זיינען געקראָכן אַלץ העכער און העכער, און איך נאָך זיי, ביזן סאַמע פאַרקן, וואָס אַרום דער אַלמאָנעס שטוב. דאָרט האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אין דער פינצטער און הער זיך איין: דער פאַרשוין אין די שמאַטעס האָט זיך אָנגענומען פאַר דער אַלמאָנע, און דער שפּאַניער האָט געשוואוירן, אַז ער וועט איר דעם פּיסק צעשניידן — אָבער דאָס אַלץ האָב איך דאָך אייך שוין דערציילט...

— וואָס הייסט? — אָט דאָס אַלץ האָט געזאָגט אַ טויבשטומער?...

ווידער אַריינגעפאַלן. העק האָט זיך אַלץ געבעריעט, געוואָלט, אַז דעם אַלטן זאָל אַפּן געדאַנק ניט קומען, ווער עס איז דער שפּאַניער; אָבער זיין צונג האָט זיך פּונקט ווי אונטערגענומען צו קאַליע מאַכן אים. ער האָט עטלעכע מאָל געפּרוווט פאַריכטן די זאַך, נאָר דער אַלטער האָט די גאַנצע צייט ניט אָפּגעריסן די אויגן פון אים, און ער האָט אים אַלע ווײַלע געכאַפּט באַ אַ ליגן. סאָפּקאָלסאָף, האָט דער אַלטער אַ זאָג געטון:

— טייערינקער, וואָס האָסטו מוירע פאַר מיר? איך וועל פאַר קיין זאַך אין דער וועלט ניט איינגיין צו מאַסערן דיך. פאַרקערט, איך וועל דיך נעמען אונטער מיין באַשיצונג. דערדאָזיקער שפּאַניער איז ניט קיין טויבשטומער; דו האָסט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, און איצט וועסטו דאָס צוריק שוין ניט נעמען. דו ווייסט עפּעס וועגן דעם שפּאַניער און ווילסט עס ניט אויסזאָגן? נו, פאַרלאָז זיך אַף מיר, זאָג מיר אויס, און מעגסט זיין רואיק: איך וועל דיך ניט מאַסערן.

העק האָט זיך אַ רעגע אַיינגעקוקט אין דעם אַלטנס ערלעכע אויגן, ער האָט זיך אָנגעבויגן און האָט אַ רוים געטון אים אַפּן אויער:

— דאָס איז ניט קיין שפּאַניער — דאָס איז אינדזשען דזשאָ.

דער וואַליִער איז שיר ניט אַראָפּגעפאַלן פונם שטול.

— נו, אַצינד איז די זאַך קלאָר, איצט הייב איך אָן צו פאַרשטיין, — האָט ער זיך אָנגערופן. — בעשאַס דו האָסט גערעדט וועגן אָפּגעהאַקטע אויערן און אַ צעשפּאַלטענער נאָז, האָב איך געמיינט, אַז דאָס האָסטו צו־

דעם אַלטנס זין זיינען טייקעף אַוועקגעגאַנגען. ווען זיי זיינען שוין געווען בא דער טיר, האָט העק זיך אַ וואָרף געטון צו זיי, בעטנדיק זיך:

— איך בעט אייך, דערציילט נאָר ניט, אַז דאס האָב איך זיי געמאַ־סערט. זייט אַזוי גוט. איך בעט אייך זייער!

— גוט. אויב דו ווילסט ניט, וועלן מיר ניט אויסזאָגן. אָבער דו האָסט דאָך קיין שום שלעכטס ניט געטון — מע וואָלט דיך נאָר געלויבט פאר אזאַ זאך.

— מע דאַרף ניט, איך בעט אייך! זאָגט ניט אויס!

אַז די יונגעלייט זיינען אַרויסגעגאַנגען, האט דער אַלטער זיך גע־ווענדעט צו העקן:

— זיי וועלן ניט זאָגן, איך וועל אויך ניט אויסזאָגן. אָבער פאַרוואָס ווילסטו ניט, אַז מע זאָל וויסן דערפון?

העק האט געפּויעלט באַ זיך נאָר צו זאָגן, אז דידאָזיקע לייט וועלן אים געוויס האַרגענען, אויב זיי וועלן זיך דערוויסן, אז ער האָט זיי געמאַסערט.

דער אַלטער האָט נאָכאַמאָל צוגעזאָגט האַלטן סאָד, נאָר פונדעסט־וועגן האט ער אַ פרעג געטון:

— זאָג: ווי איז עס דיר איינגעפאַלן צו נאָכשפּירן נאָך זיי? זיי האָבן טאַקע אויסגעזעען דיר אַזוי פאַרדעכטיק, האַ?

העק האט געשוויגן, צוטראַכטנדיק אַזאַ ענטפער, וואס זאָל ניט קענען קאָמפּראָמעטירן אים, און ער האָט, ענדלעך, געענטפערט:

— איר פאַרשטייט, לעבן לעבט זיך מיר ניט איבעריק זיס, אַליין בין איך אַ פאַרפאַלענער — אַלע זאָגן אַזוי, און איך קאָן גאָרניט ניט זאָגן קעגן דעם. טרעפט זיך אַמאָל באַנאַכט, אז איך שלאָף ניט. איך טראַכט און קלער אַלץ, ווי זאָל איך עס אָנהייבן לעבן אַף אַן אַנדער אויפן. אָט אַזוי איז עס געווען יענע נאַכט. אַנשלאָפן ווערן האב איך ניט געקענט. נו, האב איך זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער גאַס אזוי ארום האַלבער נאַכט און געטראַכט וועגן דעם אַלעמען. גיי איך דורך אַזוי פאַרביי אַן אַלטער געמויערטער קאַמער, וואָס שטייט דאָרט אַרום שיינק, איך שטעל מיך אַוועק אַרום וואַנט און איך טראַכט זיך אַזוי... פּלוצים זע איך — עס לויפן פאַרביי צוויי מענטשן, איינער פון זיי האַלט עפּעס אונ־טערן אָרעם. איך האָב טייקעף באַשלאָסן, אז דאס איז געגאַנוועטס. איינער פון זיי האט גערויכערט, און דעם אַנדערן האט זיך פאַרוואָלט פאַרויכערן — האָבן זיי זיך ביידע אָפּגעשטעלט אין אַ פּאָר טריט פון מיר, די סיגאַרן האבן באַלויכטן זייערע פּענימער, און איך האָב דערקענט אינם הויכן פאַרשוין דעם טויבשטומען שפּאַניער. איך האב אים דערקענט לויט

פאַרדריסט אונז טאַקע זייער. דאָס איז פאָרגעקומען, זעסטו, אָט ווי אַזוי. לויט דעם, ווי דו האָסט אויסגעמאָלט, האָבן מיר שוין געהאַט געוואוסט, וואו זיי צו געפינען; דערפאַר האָבן מיר אף די שפּיץ פינגער אונטער־געגאַנגען זיך צו זיי גאַנץ נאָענט — דו ווייסט דאָך, אפן שטעגל צווישן די ביימער איז פינצטער, ווי אין אַ קעלער. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט א טריט פינף, אַפאָנים, די ווייט פון זיי, און פלוצלינג — ווי מיינסטו? — רייסט זיך באַ מיר ניט אַרויס אַ ניס! עס איז אונז שרעקלעך ניט געראָטן! וויפיל איך האָב ניט געפּרואווט זיך איינהאַלטן, האב איך דאָך גאָרניט געקענט מאַכן מיט זיך — איך ניס, און גיי טו עפּעס! און גע־גאַנגען בין איך דאָך דער ערשטער, האַלטנדיק דעם פּיסטאָלעט אָנגעגרייט; ווי נאָר איך האָב אַ ניס געטון, האָבן דידאָזיקע באַנדיטן געלאָזט זיך לויפן, און איך שריי צו מיינע כעוורעלײַט: „שיסט, כעוורע!" און איך האָב אויסגעשאָסן. מיינע כעוורע אויך. נאָר דידאָזיקע אויסוואורפן זייגען אַנטלאָפן. ווייזט אויס, אַז מיר האָבן אלע מיט אונזער שיסן ניט גע־טראָפן. זיי האַלטן אין אַנטלויפן דורך דעם וואַלד, און מיר נאָך זיי. נאָכ־דעם האבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און האָבן גענומען שיסן אין אונז, אָבער זייערע קוילן האבן נאָר א פייף געטון פאַרביי אונז, געשאַדט האבן זיי אונז ניט. נאָכדעם האט מען שוין אופגעהערט הערן אַפילע דאָס אַנטלויפן זייערס. דעמאָלט האבן מיר ניט געוואָלט מער נאָכיאָגן זיך נאך זיי, מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פונם באַרג און האָבן אופגע־וועקט אַלע פּאָליציאַנטן. זיי האָבן אַוועקגעשיקט עטלעכע פאַרשוין צו באַהיטן דעם ברעג, און ווי נאָר עס וועט ווערן טאָג, וועט דער שעריף באַפוילן צו זוכן אין וואַלד. מיינע כעוורע וועלן אויך גיין. גוט וואָלט געווען, ווען דו זאָלסט קענען אונז אויסמאָלן, ווי זעען זיי אויס, אָט די אויסוואורפן. דאס וואָלט זייער אסאַך געהאָלפן. נאָר דו, קליינער, האָסט דאָך מיסטאָם ניט באוויזן אַפילע גוט צו באַטראַכטן זיי אין דער פינצטער?

— ניין, איך האָב זיי דערזעען נאָך אין שטאָט און האָב זיך געלאָזט גיין גלייך נאָך זיי.

— אויסגעצייכנט! איז זאָג, ווי זעען זיי אויס?

— איינער פון זיי איז אַן אַלטער, אַ טויבשטומער שפּאַניער, וואָס שלעפּט זיך אַרום די לעצטע צייט איבערן שטעטל, און דער אַנדערער — אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליסענער, אַ מיעסע צורע אזאַ...

— גענוג, טייערינקער, גענוג — מיר קענען זיי שוין. מיר האָבן זיי פריער געהאט געזעען אין וואַלד. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום דער אַלמאָנעס שטוב, און ווי נאָר זיי האָבן אונז דערזעען, האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן. נו, כעוורע, אַצינד גייט וואס גיכער צום שעריף, און דעם איבערבייסן לייגט שוין אָפּ ביז מאָרגנדיקן אינדערפרי.

## קאַפּיטל XXXI.

זונטיק אינדערפרי, נאָך סאמע באַ שאַריען, האָט העק אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פונם אַלטן וואַליער. אין שטוב זיינען נאָך אַלע געשלאָפן, ס'איז אָבער געווען יענער ציטעריקער שלאָף, פון וועלכן מע כאַפּט זיך אוף באַ דעם קלענסטן גערויש — דאָס, וואָס מע רופט, מיטן קוק—מאַכ־מעס די פּכאָדים, וואס מ'איז אויסגעשטאנען באַנאַכט. פון פענצטער האָט מען אים א רוף געטון:

— ווער איז דאָרט?

אַ שטיל איבערגעשראָקן קאָל האָט געענטפערט:

— זייט אַזוי גוט, לאָזט אַריין! דאָס בין איך, העק פין.

— פאר דעמדאָזיקן נאָמען, אינגל, איז די טיר פון אונזער הויז שטענדיק אָפן, סיי באַטאָג סיי באַנאַכט. קום אריין!

מאָדנע האָבן דורכגעקלונגען דידאָזיקע ווערטער פאַרן·קליינינקן שלעפער. קיינמאָל האט ער נאָך ניט געהערט אַזעלכע אנגענעמענע רייד. ער האָט אַפילע ניט געקענט זיך דערמאנען, צי האָט עמעצער ווען ס'ניט־איז גערעדט צו אים אַזוי.

מע האט אַפּגיך אופגעשלאָסן די טיר, און העק איז אַריינגעגאַנגען אינעווייניק. מע האָט אים אַוועקגעזעצט, און דער אַלטער מיט זיינע כעוורעלייַט די זין האבן ווייטער איילנדיק אָנגעטון זיך.

— נו, באָכערל מיינס, איך רעכן, אז דו האָסט זיך פיין אויסגעהונ־גערט; אָבער באַ אונז וועט דער פרישטיק פאַרטיק ווערן גיך, באַלד ווי די זון וועט אופגיין. וועגן דעם זאָלסטו זיך שוין גאָרניט זאָרגן. איך מיט די קינדער האבן אַפילע געריכט זיך, אַז דו וועסט זיך אומקערן און וועסט איבערנעכטיקן באַ אונז.

— איך האָב זיך מוירעדיק איבערגעשראָקן! — האט געגעבן צו פאַר־שטיין העק. — ווי נאָר איר האָט נעכטן אָנגעהויבן שיסן, האָב איך גע־כאַפּט די פיס אַף די פּלייצעס און געלאָפן גאַנצע דריי מייל נאָכאַנאַנד אָן אַ אָפּשטעל. און אַצינד בין איך געקומען דערוויסן זיך, ווי אַזוי איז דאָס אַלעס פאָרגעקומען. איך בין אומיסטן געקומען פאַרטאָג, קעדיי ניט אָנשטויסן זיך אף יענע שיידים, אַפילע אויב זיי זיינען שוין טויט.

— יאָ, גוטער־ברודער, דו זעסט אויס אַזוי, פונקט ווי דו וואָלסט געהאט גאָרניט געשלאָפן. נישקאָשע, ס'איז ניט קיין אומגליק! אָט האָסטו א גע־לעגער; ווי נאָר דו וועסט אָפּעסן דיין אָנבייסן, זאָלסטו זיך גלייך לייגן שלאָפן. ניין, קליינער, צום באַדויערן זיינען זיי ניט דערהארגעט—און דאָס

נאָך. פּלוצלינג האָט אונטער זיין פוס א טרישטשע געטון א צווייגל! ס'האָט אים דעם אָטעם פארכאַפּט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איינהערנ־דיק זיך. קיין קלאַנג ניט, טויט־שטילקייט. פול מיט אומגעהײַערער דאַנק־באַרקייט, האָט ער זיך פאָרזיכטיק אַ דריי געטון אין שמאָלן דורכגאַנג צווישן צוויי רייען קוסטן, און האָט גיך, נאָר שטיל־שטיל גענומען שפּאַ־נען ווייטער. צוגעקומען צו די שטיינגריבער, האָט ער זיך דערפילט אוי־סער געפאַר און האָט זיך געלאָזט לויפן פייל פון בויגן. ער האָט זיך גע־יאָגט, ווי א וויכער, באַרג־אַראָפּ, איז דערלאָפן ביזן וואַליערס הויז און גענומען פויקן מיט די פויסטן אין טיר אַריין. פון די פענצטער האבן זיך אַרויסגערוקט דער קאָפּ פונם אַלטן פערמער און די קעפּ פון זיינע צוויי קרעפּטיקע יונגע זין.

— וואָס איז עס פאר אַ טומל? ווער קלאַפּט עס דאָרט? וואָס דאַרפסטו?

— לאָזט מיך אַריין! איך וועל אייך אַלץ זאָגן.

— ווער ביסטו עס?

— העקלבערי פין. לאָזט גיכער אַריין!

— העקלבערי פין,— אָט האָסטו דיר אַ שיינע מאַיסע! ס'איז ניט אַזאַ נאָמען, וואָס ס'זאָלן זיך פאר אים צעפּראַלן אַלע טירן. אָבער פונדעסט־וועגן, כעוורע, לאָזט אים אַריין; לאָמיר זען, וואָס איז מיט אים געשעען אַזוינס.

— זייט אַזוי גוט, דערציילט קיינעם ניט דאָס, וואָס איך וועל אייך זאָגן. אָבער די אַלמאָנע איז געווען זייער גוט צו מיר, און איך וועל אייך זאָגן. איך וועל זאָגן, אויב איר וועט מיר צוזאָגן קיינעם ניט דער־ציילן, אַז דאָס האָב איך...

— איך קאָן שווערן בא וואָס איר ווילט, אַז ער האָט וואָס צו זאָגן, ס'איז ניט קיין פּוסטע מאַיסע!— האָט אויסגעשריגן דער אַלטער,— נו, באָכער, שיט אַרויס וואָס דו ווייסט,— מירן קיינעם ניט אויסזאָגן.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן זיך דער אַלטער און זיינע זין, גוט אָנגעוואָפּנטע, אַרופגעדראַפּעט אַפן בערגל און האָבן זיך גיין געלאָזט אַף די שפּיץ פינגער אַפן שטעגל צווישן די קוסטן, האַלטנדיק די פּיסטאָלעטן אָנגעגרייט. העק האָט זיי צוגעפירט ביזן שטעגל, נאָר ווייטער איז ער ניט געגאַנ. ער האָט זיך צוגעזעצט הינטער א גרויסן שטיין און האָט געוואַרט. ס'האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע מאַטערנדיקע שטום־שווייגעניש. פּלוצלינג האָבן זיך הערן געלאָזט שאָסן־קנאַלעריי און געשרייען. העק האָט ניט געוואַרט אַפן העמשעך. ער איז אופגעשפּרונגען און האָט זיך געיאָגט באַרג־אַראָפּ מיט דער גרעסטער גיכקייט, צו וועל־כער זיינע פיס זיינען נאָר פייאיק געווען.

— וואַרפן דעמאָלט, ווען כ'וויל אַף אייביק פאַרלאָזן אָט־דעם קאַנט! וואַרפן, בעאייס אַזאַ פאַסיקער פאַל וועט שוין, מעגלעך, קיינמאָל מער ניט טרעפן! איך כאַזער דיר איבער נאָכאַמאָל: דאס געלט אירס באַדאַרף איך ניט — קאָנסט עס זיך נעמען. אָבער איר מאַן האט מיך באַליידיקט, אַסאַך מאָל באַליידיקט; ער איז געוועזן פרידנס־ריכטער און האָט מיך ניט איינ- מאָל אַריינגעזעצט אין טורמע. דאס איז נאָך ניט אַלץ! דאס איז ערשט א מיליאָן־כיילעק פון דער באַליידיקונג! ער האט באַפוילן מ'זאָל מיר געבן שמיץ אין טורמע־הויף, ווי מע שמייסט א נעגר. די גאַנצע שטאָט האט געקוקט! שמיץ! דו פאַרשטייסט? צום גליק זיינעם, איז ער גע־ שטאָרבן, אָבער איך וועל זיך אָפרעכענען מיט איר!

— אָ, האַרגע זי ניט! מע דאַרף ניט!

— האַרגענען זי? איך האב דען געזאָגט, אַז איך וועל זי האַרגע־ נען? איך וואָלט אים געהאַרגעט, ווען ער זאָל דאָ זיין, ניט זי. אַז מע וויל זיך נוקעם זיין אין א פרוי, איז האַרגעט מען זי ניט — אַקעגן וואס? געוויינלעך איז צעקאַליעטשען איר דאס פּאָנים, צעשמעטערן די נאָז, אָפשניידן איר די אויערן, ווי א כאַזער...

— גאָט באַהיט, דאס איז...

— רעד בעסער ניט! ס'וועט זיין געזונטער פאַר דיר! איך וועל זי צובינדן צום בעט. און אויב זי וועט אָפגיין מיט בלוט, וועט עס דען זיין מיין שולד? איך וועל ניט צעוויינען זיך, אויב זי וועט פייגערן. און דו, גוטער פריינט, וועסט מיר פריינטלעך מיטהעלפן, — צוליבדעם ביסטו דאָך געקומען אַהער; אַליין וועל איך געוויס ניט קאָנען אויסקומען. אויב דו וועסט א פאַכדן זיין, וועל איך דיך האַרגענען, — פאַרשטאַנען? און אויב כ'וועל דאַרפן דיך האַרגענען, וועל איך אויך זי האַרגענען, — און דע־ מאָלט וועט שוין קיינער ניט דערוויסן זיך ווער ס'האָט עס געטון.

— נו, איז וואָס? אַז געטון איז געטון. וואס גיכער איז בעסער, — מיך פיבערט.

— וואָס? שוין? און די געסט? הער נאָר, גוטער־ברודער, דאס איז עפּעס כאָשעדיק — וואס האָסטו פּלוצלינג אַזוי איילן גענומען? ניין, מירן צווואַרטן, ביז מע וועט פאַרלעשן די שיין: איילן האבן מיר ניט וואוהין.

העק האט דערפילט, אז אַצינד הייבט זיך אָן אַזאַ שטילקייט, וואָס איז נאָך שרעקלעכער, ווי די באַראַטונג פון אָט־די מערדער; דעריבער האָט ער פאַרטאַיעט דעם אָטעם און איז אָפּגעטראָטן אַף אַ שפּאַן צוריק, פריער א טאַפּ געבנדיק מיטן פוס דאָס אָרט, וואוהין אַוועקצושטעלן דעם פוס, — צוליבדעם איז אים אויסגעקומען צו באַלאַנסירן אַפן צווייטן פוס, ריזיקירנדיק אומצופאַלן. מיט אַזאַ פאָרזיכטיקייט און מיט אַזא איינשטע- לעניש האט ער געמאַכט נאָך א שפּאַן אַף צוריק, דערנאָך — נאָך און

גענומען מאַכן ברייטערע שפּאַן, קעדיי אָניאָגן זיי, ווייל זען אים וואָלטן זיי סייוויסיי ניט געקאָנט. אַ שטיק צייט איז העק קימאַט ווי געלאָפן, דערנאָך האט ער גענומען גיין שטילער, מוירע האָבנדיק איבערצויאָגן זיי. מיט עטלעכע שפּאַן ווייטער האט ער זיך אָפּגעשטעלט, איינהערנדיק זיך. קיין איין קלאַנג הערט זיך ניט; ער האָט געהערט, העק, בלויז דאס קלאַפּן פון זיין אייגן האַרץ. פון בערגל האט זיך פּלוצלינג דערטראָגן דאָס ווילדע הוקען פון א נאַכטפויגל. קיין טריט האט מען ניט געהערט. גאָטעניו, געשיקט זיך, אז אַלץ איז פארפאַלן? העק האט שוין געוואָלט אַוועקגיין, נאר פּלוצלינג האט עמעצער גענומען הוסטן אַ שפּאַן צוויי די ווייט פון אים. העקן האט זיך א רעגע געדאַכט, אז דאס האַרץ זיינס איז אים אַריינגעשפּרונגען אין האַלז אַריין; אָבער ער האט עס טייקעף איינגעשלונגען צוריק און איז געבליבן שטיין — ער האָט געטרייסלט זיך מיטן גאַנצן קערפּער, ווי ס׳וואָלט אים באַפאַלן א טוץ פיבערס מיטאַמאָל. ער האָט געפילט אזא שלאַבעריקייט, אַז ס׳האָט זיך אים געדאכט, אָט־אָט באַלד וועט ער אומפאַלן. ער האָט דערקאָנט דאס אָרט; ער איז געשטאַנען פינף שפּאַן די ווייט פונם פּאַרקן, וואס צוימט אַרום דער אַלמאָנע דוגלאַס׳ גוט.

— זייער וואויל, — האט ער א טראַכט געטון, — זאָלן זיי דאָ פאַרגראָבן, — ס׳וועט, יעדנפאַלס, ניט לאנג אויסקומען צו זוכן.

דערנאָך האט אינדזשען דזשאָס קאָל שטיל, קאָם צו הערן א זאָג געגעבן:

— ווייסט זי דער טייוול! דאַכט זיך, געסט געפינען זיך איצט באַ איר, — ס׳לייכט זיך דאָרטן, כאָטש ס׳איז שוין שפּעט.

— וואו זעסטו דען אַ שייַן? איך זע ניט.

דאס צווייטע קאָל האט געקערט דעם מעטיס׳ כאַווער — דעם אומבאַקאַנטן פונם פּאַרקישעפּטן הויז. אַ אייזיקע קעלט איז דורך איבער העקלבערי פינס לייב. איז אָט אין וועמען זיי האָבן פּאַרטראַכט נויקעם צו זיין זיך! דער ערשטער געדאַנק זיינער איז געווען — אַנטלויפן. דערנאָך האט ער זיך דערמאנט, אַז די אַלמאָנע דוגלאַס איז ניט איינמאָל זייער גוט געווען צו אים און אַז דידאָזיקע פאַרשוינען האָבן, מעגלעך, פּאַרטראַכט דערהארגענען זי. ס׳האָט אים באַנק געטון, וואָס ס׳קלעקט אים ניט קיין מוט מאַסרע צו זיין זי, אָבער געוואוסט האָט ער, אז מוט וועט אים דערוף ניט קלעקן: און טאָמער פּאַקן זיי אים? אָט־דאָס אַלץ איז דורכגעפלויגן אין זיין מויעך, איידער דער מעטיס האט באַוויזן אָפּצוענטפערן:

— די קוסטן פּאַרשטעלן דיר די שיין. גיב זיך א רוק אַהער, אָט אַזוי, — אַציגד זעסטו?

— יאָ, זעט אויס, ס׳זיצן באַ איר געסט. עפּשער וואָלט בעסער געווען מיר זאָלן וואַרפן אָט־דעם איניען?

פורן האָבן אופגעהערט טראַכקען; די פייערלעך אַרום האבן זיך איינס נאָכן אַנדערן אויסגעלאָשן, אַלע דורכגייער זיינען ערגעץ־וואוהין פאַרשוואונדן געוואָרן; דאס שטעטל האט דרימלען גענומען, און דער קליינער וועכטער איז געבליבן איינער אַליין מיט דער שטילקייט און מיט די געשפּענסטער. עלף אַזייגער האָט זיך אויך אין איינפאָר־הויז אויסגעלאָשן די שיין. אַציִנד איז אומעטום פינצטער געווען. העק האָט געוואַרט, ווי געדאכט האָט זיך אים, זייער לאַנג, נאָר ס׳האָט גאָרניט ניט געטראָפן. זיין גלויבן אינם דערפאָלג פון זיינס און טאָמס איניען האט גענומען אַלץ שוואַכער ווערן. צוליב וואָס דארף מען עס אָט־דאָס אַלץ? לוינט דען וואַכן? איז דען ניט בעסער אַריינקריכן אַף נאַכט אין פעסל אַריין?

אין אָט־דער רעגע האָט ער דערהערט א לייכטן רויש און האט טייקעף אָנגעשפּיצט די אויערן. די טיר, וואס איז אַרויסגעגאַן אין ליקל אַרויס, האָט זיך שטיל פאַרהאַקט. העק האט זיך אַ וואָרף געגעבן צום ווינקל פון דער שטיינערנער קאַמער. אין אַ מינוט אַרום זיינען לעבן אים דורכגעלאָפן צוויי מענטשישע פיגורן: בא איינעם פון זיי איז עפּעס געלעגן אונטער דער פאַכווע,— געוויס דאָס קעסטל! איז טראָגן זיי, הייסט עס, אוועק דעם אויצער! וואָס־זשע טוט מען? אַ רוף־טון טאָמען? צוליב וואָס? ס׳וואָלט דאָך לעפּיש געווען: ביז ער וועט דערלויפן צו אים, וועלן די צוויי אַוועק איניינעם מיטן קעסטל — גיי זוך זיי דערנאָך! ניין, ער וועט גיין, העק, נאָך זיי און וועט זיי נאָכשפּירן: אין אַזא פינצטערניש וועלן זיי אים דען דערקענען? טאַינענדיק אַזוי מיט זיך אַליין, איז העק אַרויס פונם לאָקער און האט, גאַנוועוענדיק זיך ווי א קאַץ, געלאָזט זיך גיין נאָך די אויסוואורפן, שטיל־שטיל טרעטנדיק מיט די באָרוועסע פיס און האַלטנדיק זיך פונדערווייטנס אַף אזא שטרעקע, אַז זיי זאָלן ניט קאָנען פאַרשוואונדן ווערן אומבאַמערקטערהייט.

זיי האָבן זיך גיין געלאָזט מיט דער גאַס, וואס לעבן ברעג טייך, דערנאָך האבן זיי פאַרקערעוועט אין א זייטיקער גאַס און זיינען געגאַנגען גלייך, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום שטעגל, וואס פירט אף קאַרדיף־כיל, מיט אָט־דעם שטעגל האָבן זיי זיך געלאָזט ווייטער גיין. זיי זיינען, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, פאַרבייגעגאַן לעבן דעם וואַליִערס שטיבלי וואָס שטייט אַפן שיפּוע פון בערגל, אין סאַמע מיט פון וועג, און האָבן גענומען דראַפּען זיך אַרוף העכער. „אהאַ!״—האט אַ טראַכט געטון העק,— „זיי ווילן פאַרגראָבן דאס געלט אין די אַלטע שטיינגריבער״. אָבער זיי האָבן זיך אַפילע ניט אָפּגעשטעלט לעבן די שטיינגריבער, זיי האָבן געשפּאַנט ווייטער, צום שפּיץ־צו; דערנאָך האָבן זיי פאַרקערעוועט אף אַ שמאָל סטעזשקעלע, וואס האָט זיך געדרייט צווישן געדיכטע קוסטן, און זיינען מיטאַמאָל פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש. העק האט

גערע דורכגיינג, — די הייל איז געווען א מין גרויסער לאַבירינט פון געדרייטע און קרומע קאָרידאָרן, וואָס גייען זיך צונויף און גייען זיך ווידער פאַנאַנדער, נאָר האָבן ניט קיין אַרויסגאַנג. מע האָט גערעדט, אַז אין אָט־דעם פלאָנטער פון שפּאַלטן און לעכער האָט מען געקאָנט אַרומבלאָנקען טעג און נעכט און קיינמאָל ניט אַרויסקומען פון הייל; מע האָט גערעדט, אַז די הייל לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער און ני־דעריקער, און אומעטום איז איינס און דאָסזעלבע — איין לאַבירינט אונטערן אַנדערן, אָן אַ סאָף און אָן אַ ברעג. קיין איין מענטש האָט ניט געקאָנט באַרימען זיך, אַז ער „קען" די הייל; קענען זי איז אומעג־לעך געווען. דאָס ראָוו יונגוואַרג האָט געהאַט אויסגעפאָרשט נאָר א טייל אירע, און ווייטער פון אָט־דעם באַוואוסטן טייל פלעג מען געוויינ־לעך ניט גיין. טאָם סאָיער האָט געקאָנט די הייל ניט ערגער און ניט בעסער ווי אַנדערע.

די פּראָצעסיע איז דורכגעגאַנגען אַנערעך דריי פערטל מייל איבערן הויפּט־דורכגאַנג און דערנאָך האָט זי זיך צעטיילט אויף פּאָרן און גרופּעס; די פּאָרן און די גרופּעס האָבן פאַרקערעוועט אין זייטיקע דורכגיינג, האָבן אַרומגעדרייט זיך אין זייטיקע קאָרידאָרן, פלעגן אומגעריכט אָנ־שטויסן זיך איינס אפן אַנדערן דאָרט, וואו די קאָרידאָרן האָבן זיך באַ־העפט אַף ווידער פאַנאַנדערגיין זיך. דאָ האָט מען געקאָנט פאַרלירן איינער דעם אַנדערן פון אויג, ניט אריבערגייענדיק די גרענעצן פון דעם אַלעמען באַוואוסטן טייל פון הייל.

ביסלעכווייס זיינען די גרופּעס איינע נאָך דער אַנדערער אַרויסגע־קראָכן פון הייל, פאַרפּאַליעטע, פריילעכע, באַטריפט פון פוס ביז קאָפּ מיט וואַקס, אויסגעשמירט מיט ליים און אַנטציקט פונם געלונגענעם שפּאַציר. אַלע האָבן זיך געכידעשט דערוף, וואָס זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי די צייט איז אַוועק, און דערוף, וואָס אינדרויסן איז שוין אָוונט. אַפן פּאַראָם האָט מען שוין א האַלבע שאָ געהאַלטן אין איין קלינגען, רופנ־דיק די פּאַסאַזשירן צוריק. אַז דער פּאַראָם האָט, אָנגעלאָדן מיטן פריי־לעכן אוילעם, געריסן פון ברעג, האָט קיינער, כוצן קאַפּיטאַן, אַף אַ האָר ניט באַדויערט די פאַרלוירענע צייט.

העק איז שוין געשטאַנען אַף דער וואַך, ווען די פּאַראָם־פייערן האָבן דורכגעפינקלט פאַרביי דעם ברעג לעבן שטעטל. פון פּאַראָם האט זיך קיין גערייד ניט געלאָזט הערן: די יונגוואַרג איז שטיל געוואָרן, זי איז טויט־מיד געווען. העק האָט זיך אַביסל פאַרכידעשט: וואָס איז עס פאַר א שיפל און פאַרוואָס שטעלט עס זיך ניט אָפּ לעבן ברעג. נאָר ער האט באַלד פאַרגעסן דערין און האָט קאָנצענטרירט זיין גאַנצע אופמערקזאַמ־קייט אַף זיין וויכטיקן איניען. ס'האָט געקלאַפּט צען אזייגער, און די

היינט זיין?״ דער כיישעק פריילעך צו פאַרבריינגען דעם אַפּדערנאַכט האט באַזיגט די ניט־פעסטע האָפענונג צו קריגן דעם אויצער, און טאָם האָט באַשלאָסן אַלע גערדאַנקען וועגן קעסטל מיט געלט אָפּלייגן ביז מאָרגן.

דריי מייל די ווייט פון שטעטל, שטראָם־אַראָפּ, האט זיך דער פּאַראָם אָפּגעשטעלט באַם אַריינגאַנג אין א וואַלדיקן טאָל און איז צו צום ברעג. דער אוילעם האָט זיך א לאָז געטון אפן ברעג אַרויס, און אינגיכן האָבן זיך די וואַלד־ווייטן און די פעלזן צעהילכט מיט קלינגענדיקן געלעכטער און מיט געשרייען. ס׳זיינען אויסגעפּרואווט געוואָרן אַלע מיטלען אַף צו צעהיצן זיך און מיד ווערן. ענדלעך, האָבן זיך די קינדער אומגעקערט אין לאַגער אַריין מיט היפשן אַפּעטיט און האָבן גענומען פאַרטיליקן די געשמאַקע מאַיכאָלים. נאָכן מאָלצייט האָבן זיך אַלע אַוועקגעזעצט אָפּרוען און פלאַפּלען אין שאָטן פון די געדיכטע ביימער. שפּעטער אַביסל האָט עמעצער א געשריי געטון:

— ווער וויל אין הייל אריין?

אַלעמען האָט זיך פאַרגלוסט אין הייל אַריין. מ׳האָט געקראָגן אַ בינטל שליסל און מ׳האָט גענומען דראַפּען זיך אַפן באַרג אַרוף. דער אָנהייב הייל האָט זיך געפונען הויך אפן שיפּוע פונם בערגל. דער היילס מאַ־סיווע דעמבבענע טיר איז ניט פאַרשלאָסן געווען. אינעווייניק איז געווען א קליין קעמערל, א קאַלטס, ווי אַ אייז־קעלער, באַדעקט מיט פעסטן קאַלעך, פון וועלכן ס׳רינט פייכטקייט, אַזוי ווי טוי. עפּעס סוידעסדיקס איז געווען אין אָט־דער הייל; ס׳איז מאָדנע שוידערלעך געווען צו שטיין אין דער געדיכטער פינצטערניש און קוקן צו דעם גרינעם טאָל, וואָס איז פאַרפלייצט מיט זון. אינגיכן אָבער איז דער איינדרוק אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און דער אוילעם האָט זיך ווידער צערוישט. ווי נאָר עמעצער פון אוילעם פלעג אָנצינדן א ליכט, פלעגן אַלע אַרופוואַלגערן זיך אַף אים; יענער פלעג זיך קעגנשטעלן, פלעג זיך אָנהייבן א געראַנגל, דער־נאָך פלעג עמעצער פאַרלעשן אָדער אַרויסשלאָגן פון די הענט דאָס ליכט, און ווידער פלעג אין דער פינצטערניש זיך צעהילכן פריילעכער געלעכטער און ווילדע טומלעניש. נאָר צו אַלץ אף דער וועלט נעמט אַ סאָף. די קינדער זיינען ביסלעכווייס שטילער געוואָרן און האָבן אָנגע־הויבן אַראָפּלאָזן זיך איינער נאָכן אַנדערן מיטן מעשופּעדיקן הויפּט־דורכ־גאַנג. באַ דער פלאַטערדיקער שיין פון די ליכט האָט מען נעפלדיק גע־זען הויכע שטיינערנע ווענט קימאַט ביז זייער באַהעפטן זיך צווישן זיך אף דער הייך פון זעכציק פוס. אין דער ברייט האָט אָט־דער הויפּט־דורכגאַנג געהאַלטן ניט מער ווי אַכט—צען פוס. אַף יעדער שפּאַן האָבן מיטן הויפּט־דורכגאַנג באַהעפט זיך פוןביידע זייטן נאָך אַנדערע אייב־

פּאַראָם, און אינגיכן האט זיך דער גאַנצער אוילעם ראַשיק א לאָז געטון איבער דער גאַס, אָנגעלאָדן מיט שפּייז־קוישן. סיד איז געווען קראַנק און האָט געמוזט אָפּזאָגן זיך פון דעם פאַרגעניגן. מערי איז פאַרבליבן אינדערהיים, קעדיי ס'זאָל סידן ניט זיין לאַנגווייליק צו זיין אַליין. באַם געזעגענען זיך האט מיסיס טעטשער געזאָגט צו בעקין:

— דו ווערסט זיך אומקערן שפּעט, וואָלט עפשער בעסער געווען דו זאָלסט נעכטיקן באַ איינער פון די כאַווערטעס, וואָס וואוינען נעענטער צום פּאַראָם?

— יאָ, מאַמע. אויב אַזוי, וועל איך נעכטיקן באַ סיוזי גאַרפּער.

— גוט, קינד מיינס. זיי אַ קלוג מיידעלע און פיר זיך ווי ס'דאַרף צו זיין, — דערעס קיינעם ניט.

אז זיי זיינען אַרויסגעגאַן, האט טאָם געזאָגט צו בעקין:

— הער נאָר, וויסט וואָס מירן טון? אנשטאָט צו גיין צו די גאַר־פּערס וועלן מיר זיך אַרופדראַפּעװן אפן באַרג און איבערנעכטיקן באַ דער אַלמאָנע דוגלאַס, באַ איר איז דאָ געפרוירנס. באַ איר איז יעדער טאָג פאַראַן געפרוירנס אָן א שיר! זי וועט זייער צופרידן זיין מיט אונ־זער קומען. אָט וועט עס פריילעך זיין!

בעקי האט אַ רעגע פאַרטראַכט זיך און האט געענטפערט:

— און וואס וועט זאָגן די מאַמע?

— און פונוואַנען וועט זיך די מאַמע דערוויסן?

דאָס מיידעלע האט זיך ווידער פאַרטראַכט און האָט ניט־אַנטשלאָסן געזאָגט:

— דאָס איז ניט פיַין, נאָר...

— נו, וואָס „נאָר”? נאַרישקייטן! דיין מאמע וועט זיך ניט דער־וויסן. און וואס איז דערין דען שלעכטס פאַראַן? זי דאַרף דאָך נאָר וויסן, אז דיר דראָט ניט קיין שום געפאַר. זי וואָלט דיך אַליין געשיקט אַהין, ווען ס'וואָלט איר אַפן זינען געקומען, עמעס!

דער אַלמאָנע דוגלאַס' גאַסטפריינטלעכקייט איז באַרימט געווען. דער געדאַנק וועגן געפרוירנס און טאָמס איינטאַינען האבן בייגעקומען דעם מיידעלעס קווינקלען זיך. די קינדער האָבן באַשלאָסן קיינעם ניט אויס־זאָגן פון זייער פּלאַן.

אָבער דערנאָך איז טאָמען איינגעפאַלן: און טאָמער גיט העק פונקט היינט באַנאַכט דעם סיגנאַל? דערדאָזיקער געדאַנק האָט היפּש אָפּגע־קילט טאָמס היספּאַילעס. נאָר דאָך, אָפּזאָגן זיך פונם געדאַנק א נאַש צו טון געפרוירנס באַ דער אַלמאָנע דוגלאַס — האָט ער ניט געקאָנט. „פאַר־וואָס טאַקע אָפּזאָגן זיך דערפון?” — האָט ער געשמועסט מיט זיך אַליין, — „נעכטן איז ניט געווען דער סיגנאַל, פאַרוואָס־זשע וועט ער אומבאַדינגט

עסן אַביסל, אויב ער האָט נאָר. ער איז זייער אַ גוטער, טאַם. ער האָט מיך ליב, ווייל איך נעם זיך ניט איבער איבער אים. אַמאָל לאָז איך זיך אַזוי אַראָפּ, אַז כ'עס מיט אים אַפּילע פון איין טעלער. זאָלסט נאָר קיינעם ניט אויסזאָגן. אַז מע איז הונגעריק — מוז מען אַלץ טון!

— גוט, העק. אויב כ'וועל דיך ניט באַדאַרפן באַטאָג, וועל איך דיך ניט באַומרואיקן. איך וועל דיך אופוועקן נאָר דעמאָלט, ווען ס'וועט נייטיק זיין. אויב דו וועסט באַנאַכט עפּעס באַמערקן, איז לויף טייקעף צו מיין פענצטער און גיב אַ מיאַוקע...

## קאַפּיטל XXX.

דאָס ערשטע, וואָס טאָם האָט דערהערט פּרייטיק אינדערפרי, איז געווען דאָס פריילעכע נייס: דעם ריכטער טעטשערס פאַמיליע האָט זיך נעכטן אַפּדערנאַכט אומגעקערט אין שטאָט אַריין. אַף אַ שטיק צייט זיינען דער מעטיס און דער אויצער אָפּגעטראָטן בא טאָמען אַפן צווייטן פּלאַן — דאָס ערשטע אָרט האָט אין זיינע געדאַנקען פאַרנומען בעקי. זיי האָבן זיך באַגעגנט און האָבן „שרעקלעך" פריילעך פאַרבראַכט די צייט, שפּילנדיק זיך אין קאָלערליי שפּילן צוזאַמען מיט די איבעריקע שילער. פאַרענדיקט האָט זיך דער טאָג באַזונדערס איינגענעמען: בעקי האָט זיך אַזוי צוגעטשעפּעט צו איר מוטער, בעטנדיק צו באַשטימען אַף מאָרגן דעם לאַנג שוין צוגעזאָגטן פּיקניק, אַז די מוטער האָט סאָפּקאָלסאָף מאַסקים געווען. דאָס מיידעלע איז ביז דער סטעלי געשפּרונגען פאַר פרייד, טאָם האָט זיך אויך זייער גליקלעך געפילט. ביזן זון־פאַרגאַנג זיינען שוין אַלע איינלאַדונגען צעשיקט געווען, און יונגוואַרג האָט זיך, פּי־בערדיק־אופגערעגט, געגרייט צום יאָנטעוו. טאָם האָט פון אופגערעגטקייט לאַנג ניט געקאָנט איינשלאָפן און האָט אַלץ געהאָפט, אַז אָט־אָט וועט העק אַ מיאַוקע טון אונטערן פענצטער, און אַפן צווייטן טאָג וועט ער, טאָם, איבעראַשן מיט זיין רייכקייט בעקין און אַלע אַנטיילנעמער פונם פּיקניק. אָבער אומזיסט: אין אָט־דער נאַכט האָט זיך דער סיגנאַל ניט געלאָזט הערן.

אינדערפרי, אַרום אַזייגער עלף, האָט אַ פריילעכער ראַשיקער אוי־לעם פאַרזאַמלט זיך באַם ריכטער. אַלע צוגרייטונגען זיינען פאַרטיק געווען. די דערוואַקסענע האָבן געהאַלטן, אַז זיי דאַרפן ניט בייזיין אַף אַזעלכע מינים פּיקניקן, — קעדיי ניט שטערן די קינדער. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די קינדער וועלן זיין אינגאַנצן באַשיצט אונטערן אופזוכט פון עט־לעכע אַכצניאָריקע פריילנס און עטלעכע צוואַנציקיאָריקע יונגעלייט. צוליבן אַריבערפאָרן איבערן טייך האָט מען געדונגען דעם אַלטן דאַמף־

— הער נאָר, טאַם, און דאס קעסטל האָסטו געזעען?

— נו, וואס רעדסטו! כ'האב טאַקע געהאַט צייט א קוק צו טון! כ'האב גאָרניט ניט געזעען,—ניט דאָס קעסטל, ניט דעם ציילעם, גאָרניט,— אַכוץ א פלאַש און א בלעכן קווערטל אַפן דיל, לעבן אינדזשען דזשאָ. און, כוצדעם, האב איך נאָך געזעען אין צימער צוויי פעסלעך און אָן א שיר פלעשער. איצט פאַרשטייסטו שוין, ס'אַראַ „רוכעס" וואוינען דאָרט.

— הער נאָר, טאָם, איצט איז דאָך די פּאַסיקסטע צייט צוצונעמען דאס קעסטל,— אינדזשען דזשאָ ליגט דאָך שיקער, זאָגסטו.

— נו, איז וואָס? אַנו, גיי, פּרואוו!

העק האט א פלאַטער געטון.

— ניין, איך וויל ניט.

— איך וויל אויך ניט, העק. איין פלאַש לעבן אינדזשען דזשאָ איז קאַרג. ווען ס'וואָלטן דאָרט געווען דריי, דעמאָלט וואָלט מען עפשער געמעגט...

אַ לאַנגע פּויזע; דערנאָך האט טאָם א זאָג געגעבן:

— ווייסט וואס, העק. לאָמיר זיך ניט פּרואוון, ביז מירן ניט דער־וויסן זיך אַף געוויס, אז דער אינדיאַנער איז נישטאָ אינם צימער. אַניט איז מעסוקן שרעקלעך. אויב מירן וואַכן יעדער נאַכט, וועלן מיר דאָך אמאָל דערזעען, ווי ער וועט אַרויסגיין, און דעמאָלט וועלן מיר בליצ־שנעל אַוועקשלעפּן דאס קעסטל — און אַהיים!

— געמאַכט, כ'בין מאַסקים. איך בין גרייט וואַכן אפילע אגאַנצע נאַכט ביז אינדערפרי און אַלע נעכט, נאר דו נעם שוין אף זיך דאָס איבעריקע.

— איך בין אויך מאַסקים. דו, אַגעוו, לויף דורך דורך אונזער גאַס און גיב א מיאַוּקע; אויב איך וועל ניט טייקעף אַרויסקריכן, איז גיב אַ וואָרף זאַמד אין פענצטער אַריין, וועל איך זיך אופכאַפּן.

— איז זע־זשע, מיר האבן אָפּגערעדט!

— נו, העק, איצט איז דער געוויטער פאַרביי, וועל איך לויפן אַהיים. איצט איז שוין ביז באַגינען ניט ווייט—סאַכאַקל א שאָ צוויי. דו וועסט דאָרט דערווייל אַביסל וואַכן, — געמאַכט?

— איך האב שוין געזאָגט, טאָם, אַז איך בין גרייט. איך בין גרייט אגאַנץ יאָר אַרומדרייען זיך באַנאַכט אַרום דעם איינפאָר־הויז; באַטאָג וועל איך שלאָפן, און באַנאַכט וואַכן.

— דאס איז וואויל; איז וואו־זשע וועסטו שלאָפן?

— אַפן היי־הויפן באַ בען ראָדזשערס. ער לאָזט מיך אַריין. זייער נעגר, דער פעטער דזשעק, יאָגט מיך אויך ניט, איך שלעפּ וואַסער פאַר דזשעקן, אַז ער שיקט מיך. אָפט, אז איך בעט אים, גיט ער מיר אויך

זינט טאָם איז אוועק זיינען דורך, דאכט זיך, עטלעכע שאָ. ער איז, מיסטאָם, אין כאלאָשעס דאָרט אומגעפאַלן — האט געטראכט העק; עפשער איז ער גאָר אפילע געשטאָרבן, עפשער האט דאס הארץ זיינס געפלאצט, ניט אויסהאלטנדיק די שרעק און די אופגערעגטקייט. באַומרואיקנדיק זיך, האט העק זיך געדוקט אלץ נעענטער און נעענטער צום ליקל, — ער האט זיך פאַרגעשטעלט קאָלערליי פכאָדים און האט אלע רעגע גע־ריכט זיך אַף אַ קאַטאַסטראָפע. ער האט קאָם געאָטעמט, דאס הארץ האָט בא אים אזוי שטארק געקלאַפּט, אז ער האט מוירע געהאט סע זאָל ניט קלאַפּירן. פלוצלינג האט אַ שיין אַ בליק געגעבן, און פארביי העקן האט דורכגעיאָגט טאָם.

— לויף! — האט ער אַ שעפּטשע געטון — לויף, ראטעווע זיך!

איבערכאַזערן האט ער ניט באַדאַרפט... איידער טאָם האט באוויזן צו ענדיקן די פראַזע האט שוין העק געיאָגט מיט דער גיכקייט פון אַ ווינט. די אינגלעך האבן זיך ניט אָפּגעשטעלט, ביזוואַנען זיי זיינען ניט דערלאָפן צו דעם פאַרלאָזטן שעכטהויז אין צווייטן עק שטאָט. ניט בא־וויזן האבן זיי צו באַהאַלטן זיך אונטערן דעכל, ווי ס'האט זיך צעוויל־דעוועט אַ שטורעם, און ס'האט געגומען גיסן אַ גאָס-רעגן. אז טאָם האט אַביסל איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, האט ער אָנגעהויבן צו דערציילן:

— אָך, העק, ווי שרעקלעך ס'איז געווען: איך האב אויסגעפּרוואווט צוויי שליסל, געמיט זיך טון עס וואָס שטילער, נאר זיי האבן אזוי געטרישטשעט, אז כ'האב קאם געאָטעמט פאַר פּאכעד, — זיי האבן בע־שומויפן ניט געוואָלט דרייען זיך אין שלאָס. נאָר פלוצלינג האב איך, אַליין ניט באַמערקנדיק עס, אַ קוועטש געטון דאָס הענטל פון דער טיר, און די טיר האט זיך אופגעעפנט. זי איז געווען ניט פאַרשלאָסן. איך בין אופגעשפּרונגען, האָב אַראָפּגעוואָרפן דעם האַנטוך און... אָ, גאָטעניו!

— איז וואס? וואס האָסטו דערזעען, טאָם?

— העק! איך האָב זיך שיר ניט אַריינגעפאַקט אין אינדזשען דזשאָס הענט אריין.

— וואס רעדסטו?

-- נו, יאָ. ער איז געלעגן אפן דיל און איז געשמאַק געשלאָפן, מיט צעשליידערטע הענט, אפן אויג זיינעם, ווי שטענדיק, א פלאַסטער.

— גאָטעניו, איז וואס האָסטו געטון? ער האט זיך אופגעכאַפּט?

— ניין, ער האט זיך אפילע קיין ריר ניט געטון. זעט אויס, שיקער איז ער. איך האב א כאפּ געטון דעם האַנטוך און אַוועק פייל פון בויגן!

— אָט איך וואָלט אין אַזאַ רעגע ניט דערמאנט זיך אין האנטוך.

— נו, איך האָב דערמאנט זיך. ווען ער וואָלט פאַרפאַלן געוואָרן, דער האַנטוך, וואָלט עס מיר אַריינגעפלויגן פון דער מומען!

## קאַפּיטל XXIX.

טאָם און העק האָבן באַשלאָסן אַ פּרואוו טון טאַקע אין דעמזעלבן אָפּדערנאַכט. ביז ניין אַזייגער האבן זיי זיך אַרומגעדרייט ארום דעם איינפאָר־הויז, איינער, — נאָכשפּירנדיק נאָך דער אריינגאַנג־טיר, דער צווייטער — פונדערווייטנס נאָך דער טיר, וואָס גייט ארויס אין ליקל. אין ליקל האט זיך קיינער ניט באַוויזן; קיין איין מענטש, וואָס זאָל ענלעך זיין אַפן שפּאַניער, איז ניט אַריינגעגאַנגען אין איינפאָר־הויז און ניט ארויסגעגאַנגען פונדאָרטן. די נאַכט האט געזאָלט זיין אַ לויטערע, און טאָם איז אַוועק אַהיים. ער האט אויסגענומען מיטן כאַווער, אַז אויב ס'וועט פינצטער ווערן, וועט ער, העק, צוקומען צום הינטער־פענצטער און אַ מיאַוקע טון; דעמאָלט וועט טאָם אַרויסקריכן דורכן פענצטער, און זיי וועלן ביידע גיין פּרואוון די שליסל. נאָר די נאַכט איז געווען א לעוואָנע־נאַכט, און נאָך צוועלף אַזייגער האט העק פאַר־לאָזט זיין וואַך־פּונקט און איז אַריינגעקראָכן שלאָפן אין אַ ליידיק צוקער־פעסל, וואָס האט אים געדינט פאַר אַ נאַכטלעגער.

דינסטיק האָט די אינגלעך ווידעראמאָל ניט אָפּגעגליקט, מיטוואָך — אויך דאָסזעלבע. ערשט דאָנערשטיק האט די נאכט געזאָלט זיין אַ פינצ־טערע. טאָם איז באַצייטנס אַנטלאָפן שטילערהייט פונדערהיים, פאַר־כאַפּנדיק מיט זיך דער מומעס אַ אלטן בלעכענעם לאמטערן און אַ גרויסן האַנטוך אַף איינצוהילן דעם לאמטערן. דעם לאמטערן האָט ער באהאלטן אין פעסל, אין וועלכן העק האָט גענעכטיקט, און ביידע האבן גענומען נאָכשפּירן. אַרום עלף אַזייגער האט מען דעם איינפאָר־הויז פאַרמאכט און אויסגעלאָשן אינעווייניק אלע פייערן — אין די איבעריקע הייזער האט זיך שוין פונלאַנג די שיין אויסגעלאָשן. דער שפּאַניער איז אלץ ניט געקומען — די אומשטענדן זיינען זייער פּאַסיקע געווען. די נאכט איז געווען שטאָק־פינצטער; בלויז אַ ווייטער דונער האט פון צייט צו צייט צעשטערט די טויט־שטילקייט.

טאָם האָט ארויסגענומען דעם לאַמטערן, האט אים אָנגעצונדן, ניט ארויסנעמענדיק אים פון פעסל, און אונזערע העלדן האבן אין דער פינצטער אונטערגעגאַנגעט זיך צום איינפאָר־הויז; העק האט זיך אוועק־געשטעלט וואכן באַם אַריינגאַנג, און טאָם האָט גענומען רוקן זיך אין ליקל אַריין. ס'איז אָנגעקומען אַ שווערע דערוואַרטונגפולע שטילקייט, וועלכע האט זייער געדריקט העקן. ער האט שוין אָנגעהויבן כיישעק האבן, אַז אין דער פינצטערניש זאָל פאר אים אַ בליק טון די שיין פון לאַמטערן; דאָס וואָלט אים דערשראָקן, אָבער ס'וואָלט, יעדנפאלס, גע־דינט אַלס באַווייז, אַז טאָם לעבט נאָך.

נומער איז די גאַנצע צייט פאַרשלאָסן און אז ער האָט קיינמאָל ניט געזעען אין נומער זאָל עמעצער אַריינגיין אָדער עמעצער זאָל פונ־דאָרט אַרויסגיין אַמאָל אַכוך באַנאַכט. עס האט, דאָס אינגעלע, ניט געוואוסט די סיבע פון אַזאַ מאָדנער מאַיסע און האט זיך ניט באַ־זונדערס אינטערעסירט דערמיט. אַזוי ווי ער האט ניט געקאָנט דער־קלערן זיך דעמדאָזיקן סאָד, האט ער זיך אַריינגעשלאָגן אין קאָפּ אריין, אַז ס'זיינען דערין „שיידים פארמישט". דערעך־אגעוו, האט ער דערציילט טאָמען, אַז נעכטן באַנאַכט האט ער געזעען, אַז ס'לייכט זיך אין דעם צימער № 2.

— אָט־וואָס כ'האָב זיך דערוואוסט, העק. איך בין זיכער, אז טאַקע אָט וועגן דעם № 2 האָבן זיי גערעדט.

— איך רעכן אויך אַזוי, טאָם. איז וואָס דאַרפן מיר טון?

— וואַרט־צו, לאָז מיך אַ טראַכט טון.

טאָם האט לאַנג געטראַכט, דערנאָך האט ער געזאָגט:

— אָט וואָס מע דאַרף טון. די־הינטערשטע טיר פון אָט־דעם № 2 גייט ארויס אין אַ קליין ליקל צווישן דעם איינפאָר־הויז און אַ אַלטער האַלב־כאָרעווער שטיינערנער קאָמער — דו קריג ערגעץ שליסלען וויפל דו וועסט נאָר קאָנען, און איך וועל צולאקכענען באַ דער מומען אלע שליסלען. אין דער נאָענטסטער פינצטערער נאַכט וועלן מיר אַ פרואוו טון עפענען אָט־די טיר. און דו פאַרגעס ניט נאָכשפּירן נאָך אינ־דזשען דזשאָען, אויב ער וועט זיך באַווייזן אין שטאָט — דו געדיינקסט, ער האט דאָך געזאָגט, אז ער וועט קומען אַ קוק טון, צי ס'איז אַצינד אַ פּאַסיקע צייט פאַר נעקאָמע־נעמען. ווי נאָר דו וועסט אים דערזען, גיי אים נאָך, — אויב ער וועט ניט אריינגיין אין № 2, האָבן מיר, הייסט עס, ניט געטראָפן.

— גאָטעניו! ווי אַזוי־זשע וועל איך נאָכגיין נאָך אים איינער אליין? איך האָב מוירע.

— ס'וועט דאָך זיין באַנאַכט. ער וועט, מעגלעך, דיך אַפילע ניט דער־זען, — אויב ער וועט דיך אַפילע דערזען, וועט ער גאָרניט מיינען.

— נו, אויב ס'רעדט זיך וועגן אַ פינצטערער נאַכט, בין איך מאַס־קים. איך וועל אַ פרואוו טון...

— נו, אויב די נאַכט וועט זיין אַ פינצטערע, וועל איך אויך נאָכ־גיין נאָך אים, העק. ער קאָן נאָך דערוויסן זיך דאָס, וואָס ער באדארף, און מאַכן די פלייטע איניינעם מיטן געלט.

— עמעס, טאָם, עמעס! איך וועל נאָכגיין נאָך אים, נאָכגיין!

— נו, אָט דאָס איז גוט! דו זע, לאָז אים נאָר ניט דורך, איך וועל מיינס טון ווי ס'דאַרף צו זיין.

— גאָט העלף! עך, טאַם! ווען מיר וואָלטן ניט איבערגעלאָזט אָט־דאָס פאַרשאָלטן לאָפּעטקעלע אונטערן טרוקענעם בוים, וואָלט דאָס געלט געווען בא אונז אין די הענט. איז עס ניט שרעקלעך?

— איז עס, הייסט עס, ניט קיין כאָלעם געווען? אַף מיין וואָרט, מיר טוט איצט באנק, וואָס ס'איז ניט קיין כאָלעם געווען, זאָל איך אַזוי לעבן!

— וואָס פאַר אַ כאָלעם?

— איך רעד עס וועגן אָט-דעם טאַקע, וועגן דעם נעכטיקן, מיר האָט שוין אָנגעהויבן אויסדאכטן זיך, אַז כ'האָב עס געזעען אין כאָלעם.

— אין כאָלעם! ווען די טרעפּ וואָלטן זיך אונטער אים ניט צע-בראָכן, וואָלט ער דיר געוויזן, וואָס פאַר אַ כאָלעם ס'איז! מיר האט זיך אַ גאַנצע נאַכט געכאָלעמט, אַז דערדאָזיקער טייוול — דער שפּאַניער — יאָגט זיך נאָך מיר, — איינגעזונקען זאָל ער ווערן!

— אַקענן וואָס זאָל ער איינגעזונקען ווערן? מיר דארפן געפינען אים און געפינען דאָס געלט.

— מירן אים קיינמאָל ניט געפינען, אַזאַ האַצלאָכע כאַזוערט זיך ניט איבער קיין צוויי מאָל: מיר האבן ניט געקאָנט דעמאָלט אויסנוצן זי — נו, איז אַלץ פאַרפאַלן! ווייסט, מיך טרייסלט מאַמעש פאַר פאַכעד פונם געדאַנק, אז איך קאָן זיך נאָך באגעגענען מיט אים.

— מיך אויך, העק. און פונדעסטוועגן וואָלט איך א באַלן געווען טרעפן אים און דערגיין, וואו געפינט זיך עס באַ זיי דער № 2.

— דער № 2? יאָ, יאָ. איך האב אויך געטראַכט דערפון, נאָר איך האב זיך צו גאָרניט ניט דערטראַכט. ווי רעכנסטו, וואָס זאָל עס באטייטן, № 2?

— איך ווייס ניט. עפּעס צו פאַרשטעלט איז עס. הער נאָר, העק, — עפּשער איז עס אַ נומער פון אַ הויז?

— וואָס רעדסטו! פאַרשטייט זיך, אַז ניין. און אין אונזער שטעטל קאָן עס גאָרניט זיין. בא אונז זיינען דאָך אלע שטיבער אָן נומערן.

— עמעס. לאָז מיך אַ טראַכט טון. ווייסט וואָס? און עפּשער איז עס דער נומער פון אַ צימער אין איינפאָר־הויז?

— אָט דאָס האָסטו גוט צוגעטראַכט! בא אונז איז דאָך נאָר צוויי איינפאָר־הייזער פאַראַנען, מע קאָן זייער לייכט אַ קוק טון.

— וואַרט דאָ צו אַביסל ביז איכל אומקערן זיך.

און טאָם איז פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האט ניט ליב געהאַט בא-ווייזן זיך אין שטאָט צוזאמען מיט העקן. אין אַ האלבער שאָ אַרום האט ער זיך אומגעקערט. אין בעסערן איינפאָר־הויז, וואוהין ער איז צום אַלעם ערשטן אַריינגעגאַן, האָט אין № 2 געוואוינט איינער אַ יונגער אַדוואָקאַט. אין ערגערן איינפאָר־הויז איז דער № 2 געווען עפּעס אַ געהיימער. דעם באַלעבאָס' אינגעלע האט דערציילט טאָמען, אַז דערדאָזיקער

# קאַפּיטל XXVIII.

אַלץ, וואָס טאָם האָט איבערגעלעבט באַטאָג, האָט אים געמאַטערט באַנאַכט, אָפּשפּיגלענדיק זיך אין זיינע כאַלומעס. פיר מאָל האט ער אין שלאָף געהאַלטן באַ זיך אין די הענט דעם אויצער און פיר מאָל האט זיך דער אויצער פון די הענט אַרויסגעגליטשט, צעשיטנדיק זיך אַף אַש און שטויב, ווי נאָר טאָם האָט זיך אופגעכאַפּט און אומגעקערט זיך צו דער אַכזאָריעסדיקער וואָר. גאַנצפרי, ליגנדיק אין בעט און דערמאנענדיק זיך אין אלע פּראָטים פון דער פּאַסירונג, האָט טאָם באַ־מערקט, אַז די פּראָטים שטעלן זיך אים פאָר ניט־קלאָר און דערווייטערט, ווי אָט־דאָס אלץ וואָלט פּאָרגעקומען אין אַן אַנדער וועלט אָדער אמאָל, מיט לאַנגע, לאַנגע צייטן צוריק. ס׳איז אים איינגעפאַלן, טאָמען, אַז עפשער האט זיך אים דידאָזיקע פּאַסירונג טאַקע נאָר געכאָלעמט. דידאָזיקע סוואָרע האט געהאַט איינעם גאָר אַ פעסטן סמאַך: די צאָל געלט, וואס טאָם האט געזעען, איז געווען צו גרויס פאר דער וואָר. טאָם האט אַף זיין לעבן ניט געזעען מער ־פון פופציק דאָלער מיטאמאָל און, ווי אַלע אינגלעך פון זיין עלטער און זיין גראַד, האט ער, טאָם, גע־האַלטן, אַז דאס, וואָס מע דערמאנט אין הונדערטער און טויזנטער דאָ-לער, איז ניט מער, ווי אַ באַזונדער מין מעליצע, אינדערעמעסן זיינען גאָר אַזעלכע סכומען ניט פאַראַן. ס׳איז אים אַפילע אַפן זינען ניט גע־קומען, אַז עמעצער קאָן אינדערעמעסן פארמאָגן אַזאַ ריזיקן סכום, ווי הונדערט דאָלער, אַשטייגער. אויב גוט באַטראַכטן טאָמס פּאָרשטעלונג וועגן אַ אויצער, וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער רעכנט געפינען אַ זשמענקעלע קלינגענדיקע צען־סענט־מאַטבייעס און, כוצדעם, אַ קופּע עפּעס נעפּלדיקע דימענטן אַזעלכע, גרויסאַרטיקע דימענטן, וואָס גיבן זיך ניט אין די הענט אַריין.

אָבער וואָס מער טאָם האט געטראַכט, אַלץ קלאָרער און שאַרפער זיינען אין זיין זיקאָרן אַרויסגעטראָטן די פּראָטים פון געשעענעם, און סאָפּקאָלסאָף איז ער ווידער געקומען צום געדאַנק, אַז ס׳איז געוויס ניט געווען קיין כאָלעם. ס׳איז נייטיק געווען קלאָר מאַכן אָט־די פראַגע. ער האט אַפּדערגיך איבערגעביסן און געלאָזט זיך אופזוכן העקן.

העק איז געזעסן אַפן באָרט פון אַ שיפל, וואס האָט אַ פלאטשיקן דנאָ, האט געבאָמבלט מיט די פיס, — אַ פּאָנים האט ער געהאַט זייער אַ מאָ־רעשכוירעדיקס. טאָם האט באשלאָסן ניט פרעגן באַ העקן, נאָר ארופירן אים אַף אַ שמועס: אויב ער וועט, העק, ניט פאַרשטיין דעם רעמעז — איז, הייסט עס, אַלץ האט ער, טאָם, געזעען אין כאָלעם.

— גאָט העלף, העק!

מיר זיינען שיידים אָדער געשפענסטער, און אַצינד לויפט ער מיסטאם פייל־פון־בויגן ערגעץ ווייט־ווייט פונדאַנען.

דזשאָ האט בורטשענדיק מאַסקים געווען מיטן כאַווער, אז אף זוכן ווייטער איז קיין צייט נישטאָ, און מע דאַרף אויסנוצן דאָס פאַרבליבענע ביסל טאָג־שיין אף צוגרייטן זיך צום וועג. אינגיכן נאָך דעם האָבן זיי זיך אַרויסגעגליטשט פון הויז אונטער דער שוץ פון דער ,געדיכטער דעמערונג און האָבן זיך געלאָזט גיין צום טייך, אַוועקטראָגנדיק מיט זיך דעם טייערן קאַסטן.

טאָם און העק האָבן זיך אופגעהויבן,— זיי זיינען אָפּגעשוואַכט גע־ווען פון לאַנגן ליגן און פון שרעק, אָבער איצט האָבן זיי זיך זייער וואויל געפילט,— זיי האָבן לאַנג נאָכגעקוקט נאָך די צוויי אויסוואורפן דורך אַ שפּאַלט אין די שטיקער האָלץ פון די ווענט. נאָכיאָגן נאָך זיי! נו, ניין! אונזערע העלדן זיינען צופרידן געווען דערפון, וואס זיי האָבן בעשאָ־לעם, מיט ניט־צעשעדיקטע האַלז־און־נאַקנס אַראָפּגעלאָזט זיך אף דר׳ערד. זיי זיינען דורך דאָס בערגל און האבן זיך אומגעקערט אין שטעטל אַריין. אונטערוועגס האבן זיי ווייניק געשמועסט צווישן זיך; זיי האָבן זיך פיינט געהאַט דערפאַר, וואס זיי זיינען אַזעלכע שלימאַזלס און אַזעלכע נאַראָנים. צוליב וואָס האָבן זיי באַדאַרפט מיטשלעפּן אַהין דאָס לאָפּעט־קעלע און דעם גראָבאייזן? ווען ניט אָט־די אינסטרומענטן, וואָלט אינדזשען דזשאָ גאָרניט כוישעד געווען. ער וואָלט צוריק פאַרגראָבן דאס זיל־בער און דאָס גאָלד, אף א צייט, ביז ס׳וועט אים געלונגען נעקאָמע נע־מען, דערנאָך, אומקערנדיק זיך, וואָלט ער געטראָפן בלויז א ליידיק אָרט. ס׳אַראַ ווייטיק, וואס זיי האָבן מיטגעשלעפּט מיט זיך די אינסטרומענטן! זיי האָבן באַשלאָסן נאָכשפּירן נאָכן שפּאַניער, בעאייס ער וועט זיך באַ־ווייזן אין שטעטל צוליבן געפינען א פּאַסיקן פאַל אף אויסצופילן זיין נעקאָמע־פּלאַן, באשלאָסן לויטן שפּאַניערס שפּורן דערגיין צום № 2, וועגן וועלכן די אויסוואורפן האבן גערעדט. פּלוצלינג איז אין טאָמס מויעך דורך א שרעקלעכער געדאַנק:

— און טאָמער, העק, רעכנט ער עס אין אונז נעקאָמע נעמען?

— אָ, זאָג עס ניט!—האט געענטפערט העק, קאם איינשטייענדיק אף די פיס פון פּאַכעד. זיי האָבן אַלץ באַטראַכט, און ביז זיי זיינען צו־געקומען צום שטעטל, האבן ביידע מאַסקים געווען, אז דער מעטיס האט געקאָנט מיינען אויך עמעצן אַנדערש, אָדער, יעדנפאַלס, בלויז טאָמען אַליין, ווייל בלויז טאָם האט אײדעס געזאָגט קעגן אים. ווייניק, ווייניק געטרייסט האט טאָמען דער געדאַנק, אַז די געפאַר דראָט בלויז אים אַליין! ער האט געהאַלטן, אז בעשוטפעס וואָלט עס אַסאַך, אַסאַך ווײ־ניקער שרעקלעך געווען.

אָט־דאָס לאָפּעטקעלע און אָט־דער גראָבאײַזן? פונוואַנען האט זיך גע־נומען אף זיי פרישע ערד? ווער האָט זיי געבראַכט אַהער און וואוהין איז אַהינגעקומען דער, וואָס האָט זיי געבראַכט? דו האָסט קיינעם ניט געזעען, ניט געהערט? וואָס הייסט, צוריק פאַרגראָבן אָט־דאָס געלט, קעדיי עמעצער זאָל קומען, דערזען, אַז בא דער ערד האָט מען זיך דאָ געפּאָרקעט, און זאָל עס אַרויסגראָבן,׳ דאָס געלט? ניין, איינמאָל ניין, מירן אַריבערטראָגן דאס געלט אין מיין בערלאָגע.

— נו, פאַרשטייט זיך! כ׳האָב דערפון קיין טראַכט ניט געטון! אין וועלכער בערלאָגע? № 1?

— ניין, № 2, אונטערן ציילעם. די ערשטע טויג ניט, זי וואַרפט זיך צופיל אין די אויגן אריין.

— געמאַכט. אַצינד איז שוין טונקל געוואָרן, מע קאָן גיין.

אינדזשען דזשאָ האט זיך אופגעהויבן און האט אַרומגעשפּאַנט פון פענצטער צו פענצטער, פאָרזיכטיק באַטראַכטנדיק די סוויווע, דערנאָך האט ער א זאָג געגעבן:

— ווער האט געקאָנט ברייִנגען אַהער אָט־די אינסטרומענטן? ווי רעכנסטו, דאָרט אויבן זיצט ניט עמעצער?

באַ די אינגלעך האָט עס דעם אָטעם פאַרכאַפּט. אינדזשען דזשאָ האט ארופגעלייגט די האַנט אַפן מעסער, איז א רעגע געשטאַנען אין ניט־אַנטשלאָסנקייט, דערנאָך האט ער זיך א לאָז געטון צו די טרעפּ. די אינגלעך האבן זיך דערמאנט אָן קעמערל, נאָר זיי זיינען ניט בעקויעך געוועזן א ריר טון זיך פון אָרט. די טרעפּ האָבן זיך צעסקריפּעט אונטער די שווערע טריט.

דער שוידער האָט צוגעגעבן פלוצלימדיקן מוט די אינגלעך, און זיי האָבן שוין געוואָלט אַ לאָז טון זיך צום קעמערל, נאָר פלוצלינג האָט זיך הערן געלאָזט א טראַסקעריי פון ברעטער, וואָס ברעכן זיך, און אינד־זשען דזשאָ האט זיך אַראָפּגעוואַלגערט אַף דר׳ערד צוזאַמען מ׳יטן נישער פון די צעבראָכענע טרעפּ.

קרעכצנדיק און זידלענדיק זיך, האט ער זיך אופגעהויבן, זיין כאַ־ווער האט אַ זאָג געטון צו אים:

— נו, צוליב וואָס האָסטו געדאַרפט קריכן אַהין? אויב ס׳זיצט דאָרט עמעצער — זאָל ער זיך זיצן. וואס אַרט עס אונז? אויב ער וועט וועלן אַראָפּשפּרינגען אַראָפּ און גלייך געהאַרגעט ווערן פונם פלי, וועלן מיר אים ניט שטערן. אין אַ פערטל שאָ אַרום וועט אינגאַנצן פינצטער ווערן. דעמאָלט מעגן זיי זיך יאָגן נאָך אונז וויפל ס׳גלוסט זיך זיי — איך האָב גאָרניט קעגן. איך האַלט, אַז אויב דער מענטש, וואס האט אַהער גע־בראַכט אָט־די זאַכן, האט אונז דערזען, האט ער געוויס געמיינט, אַז

ביידע האָבן זיך אָנגעבויגן איבער דער קופּע מאַטבייעס. די אינגלעך אויבן זיינען געווען ניט וויי ניקער אופגערעגט, ווי די אויסוואורפן אונטן.

— מע דארף וואָס גיכער אַרויסגראָבן דאָס קעסטל,— האט געזאָגט דזשאָס כאַוועד,— איך האב אַנומלטן געזען דאָרט אין ווינקל, אין גראָז, אַף יענער זייט אויוון אן אַלטן פאַרזשאַווערטן גראָבאייזן; איך וועל אים באַלד ברענגען.

ער האט זיך לויפן געלאָזט און האט געבראַכט דאָס לאָפּעטקעלע און דאס גראָבאייזנדל, וואס די אינגלעך האבן געהאַט איבערגעלאָזט. דער מעטיס האט גענומען דאָס גראָבאייזנדל, האט עס גוט באַטראַכט, האט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, עפּעס א בורטשע געטון צו זיך אַליין און גענומען גראָבן די ערד.

אינגיכן האט ער אַרויסגעשלעפּט דאס קעסטל. געווען איז דאָס קעסטל ניט קיין גרויס, באַשלאָגן מיט אייזן, און ביז די צייט האט עס ניט צעפרעסן, איז עס, זעט אויס, גאַנץ פעסט געווען.

עטלעכע רעגעס האָבן די אויסוואורפן אין גליק־פאַרשטאַרטקייט געקוקט אף דעם געפונענעם אויצער.

— פאַראַן איז דאָ א קופּע געלט,— האט געזאָגט אינדזשען דזשאָ,— עטלעכע טויזנט דאָלער.

— מע זאָגט, אַז אין אָט־די מעקומעס האָט אַמאָל אַרומגעדרייט זיך מורעלס באַנדע,— האָט געזאָגט „דער צווייטער".

— איך האב עס אויך געהערט. ווייזט אויס, אז זיי טאַקע האָבן עס אַהער באַהאַלטן.

— אַצינד האָסטו שוין ניט צוליב־וואָס האבן צו טון מיט יענעם איניען.

דער מעטיס האט זיך אָנגעברויגעזט.

— דו קאָנסט מיך ניט, זעט אויס, אָדער דו ווייסט ווייניק וועגן אָט־דעם איניען. דאָ איז דער איקער — ניט די רויבעריי, נאר די נעקאָמע,— זיינע אויגן האבן זיך צעגלאנצט מיט גרימצאָרן,— און אז מירן ענדיקן דערמיט, קיין טעכאס דעמאָלט! קאָנסט דעמאָלט פאַרנעמען זיך אַהיים צו דיין נענסי און צו דיינע קינדערלעך און וואַרטן אַף יעדיעס פון מיר.

— געמאַכט, זאָל זיין אַזוי ווי דיר גלוסט זיך. און דערמיט וואָס וועלן מיר טון? מירן עס ווידער פאַרגראָבן?

— יאָ (אומגעהייערע סימכע אויבן). ניין, איך שווער באם הייליקן סאַכעם, ניין! (טיפער טרויער אויבן). איך האָב שיר ניט פאַרגעסן; אַפּן גראָבאייזן איז דאָך געווען פרישע ערד (באַ די אינגלעך איז אין די אויגן פינצטער געוואָרן פון פאַכעד). פונוואַנען האבן זיך אַהער גענומען

שלעפּן אַף זיך א זעקס הונדערט פּופּציק זילבערשטיק איז ניט פון די לייכטע זאַכן.

— עמעס, אָבער קומען אַהערצו לוינט ניט.

— נו, ס'מאַכט ניט אויס,— מירן קומען באַנאַכט, ווי מיר פלעגן שטענדיק קומען; דאס וועט זיין בעסער.

— יאָ, אָבער אָט־וואָס, גוטער־ברודער: אונז וועט דאָך, מעגלעך, ניט גיך אויסקומען אָפּצוטון יענעם איניען — דו ווייסט אַוועלכן — ס'קאָן דאָך אַלץ טרעפן; און דאס געלט איז בא אונז גאָרניט ווי ס'דאַרף צו זיין באַהאלטן... לאָמיר בעסער עס פאַרגראָבן, און וואָס טיפער.

— זייער וואויל, — האָט געזאָגט דער כאַוועך. ער איז אריבערגעגאַן צו דער צווייטער זייט צימער, האט זיך געשטעלט אַף די קני, דערנאָך האט ער אונטערגעהויבן איינעם פון די ציגל אין קוימען און האט אַרויס־געשלעפּט פון דאָרט א זאַק. אין זאַק האט זיך צעקלונגען זילבער. ער האָט אַרויסגענומען פון דאָרט צוואַנציק אָדער דרייסיק דאָלער פאר זיך און פונקט אַזויפיל פאַרן מעטיס און האט איבערגעגעבן דעם זאַק דעם מעטיס. דער מעטיס איז בעאייס־מאַיסע געשטאנען אף די קני אין ווינקל און האָט געגראָבן די ערד מיט א גרויסן מעסער.

די אינגלעך האָבן אף אַ רעגע לאַכלוטן פאַרגעסן אין זייער שרעק. זיי האָבן מיט גיריקע אויגן נאָכגעשפּירט נאך יעדער באַוועגונג פון די אויסוואורפן. אַזא אַשרעס האָבן זיי זיך קיינמאָל אַפילע פאָרשטעלן ניט געקאָנט. זעקס הונדערט דאָלער! ס'קאָן קלעקן אף רייך מאַכן א האַלב טוץ אינגלעך!

דער אוצער איז אַליין געקומען צו די הענט; איצט דאַרף מען זיך שוין ניט פאַרטראַכטן, וואו צו גראָבן. זיי האָבן אַלע רעגע אונטער־געשטופּט איינער דעם צווייטן מיט די עלנבויגנס, און יעדער פון זיי האט פאַרשטאַנען, אז אָט־די שטויסן באַטייטן:

„אהאַ! איצט טוט דיר שוין ניט באַנק, וואָס מיר זיינען פאַרקראָכן אַהער?"

דעם מעטיס' מעסער האָט א קלאַפּ געטון אין עפּעס האַרטס.

— העי! — האָט ער א זאָג געגעבן.

— וואָס איז עס דאָרטן? — האט אַ פרעג געגעבן דער כאַוועך.

— אַ פוילע ברעט... ניין, — דאכט זיך, אַ קעסטל. קום נאר אַהער, העלף מיר אַרויסשלעפּן! לאָמיר אַ קוק טון, וואָס איז עס אַזוינס. וואַרט־צו, מע דאַרף ניט — איך האָב שוין געמאַכט דערין א לאָך.

ער האט אַריינגערוקט די האַנט אין קעסטל און האָט זי טייקעף אַרויסגעשלעפּט צוריק.

— הער נאָר, ס'ליגט דאָרט געלט!

ווערן באַ זיך, אַז אַלע אומשטענדן זיינען ווי געהעריק, און ערשט דעמאָלט אנהייבן דעם געפערלעכן איניען. און דערנאך קיין טעכאס!

„דער צווייטער" איז געבליבן צופרידן דערמיט. דערנאך האבןביידע זיך צעגעגעצט, און דער מעטיס האט א זאָג געגעבן:

— ס׳כאַלעשט זיך שלאָפן. איצט איז דיין דריי זיין אף דער וואך.

ער האט זיך צונויפגעדרייט, ווי א בייגל, אפן גראָז און האט כראָפן אנגעהויבן. דער כאווער האט אים א שטופ געטון עטלעכע מאל און ער איז, אינדזשען דזשאָ, אנשוויגן געוואָרן. דערנאך האט אויך דער וואך־פארשוין אָנגעהויבן דרימלען, זיין קאָפ האט זיך אראָפּגעלאָזט אלץ ני־דעריקער און נידעריקער; אצינד האבן שוין ביידע געכראָפּעט.

די אינגלעך האבן פרייער אָפּגעאָטעמט.

— אצינד זיינען מיר אָפּגעראטעוועט! — האט א שעפטשע געטון טאָם. — קום גיכער!

— איך קאן ניט, — האט געזאגט העק, — איכל גלייך אפן ארט שטארבן, אויב זיי וועלן זיך אופכאפן.

טאָם האט געבעטן, העק האט זיך איינגעשפארט. ענדלעך, האט זיך טאָם שטילערהייט אופגעהויבן און האט זיך געלאָזט גיין אליין. אבער באם ערשטן טראָט זיינעם האבן די אלטע דיל־ברעטער אזוי שרעקלעך זיך צעסקריפּעט, אז ער האט זיך טייקעף צוגעזעצט, קימאט טויט פאר פאכעד, — דאס צווייטע מאל א פרואוו טון האט ער שוין קיין מוט ניט געהאט. די רעגעס האבן זיך געצויגן מעסוקן פאמעלעך; די אינגלעך האט זיך געדוכט, אז די צייט האט זיך אויסגעלאָזט און אז אפילע די אייביקייט איז שוין גרוי געווארן. זיי האבן זיך זייער דערפרייט, ווען זיי האבן סאָפּקאָלסאָף דערזעען, אז די זון זעצט זיך.

אצינד האבן שוין געכראָפּעט ניט ביידע פארשוין, נאר איינער. אינדזשען דזשאָ האט זיך א הייב אוף געטון, אנידערגעזעצט זיך, האט ארומגעקוקט זיך, האט א קוק געטון אף זיין כאווער, וואס זיין קאָפּ האט זיך אראָפּגעבויגן אף די קני, און האט אָנגעברויגעזט א שמייכל געטון. דערנאך האט ער דעם כאווער א זעץ געטון מיטן פוס און א זאָג געגעבן:

— שטיי אוף! שוין איינמאל א וועכטער, דו!

— נו, איז וואס? ס׳האט דאך גארניט ניט געטראָפן. געשיקט זיך, אז כ׳בין אנשלאָפן געוואָרן?

— יאָ, יאָ. נו, גוטער־ברודער, צייט אין וועג אריין. בא אונז איז דאך א קליינער רעזערוו פארבליבן. וואס וועלן מיר מיט אים טון?

— איך וויים אַליין ניט, סיידן דאָ איבערלאָזן, ווי מיר פלעגן פריער טון? ביז מירן רירן זיך קיין דאָרעם, וועלן מיר אים דאָך ניט באדאַרפן.

געהאַלטן אין דערציילן עפּעס שטיל־שטיל דעם כאַוער; ביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט, איינער לעבן אַנדערן, אַף דער ערד, מיטן פּאָנים צו דער טיר, מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט, און „דער צווייטער" האָט ווייטער דערציילט. ביסלעכווייס, האָט ער פאַרגעסן אין פּאָרזיכטיקייט און האָט גענומען ריידן העכער.

— ניין, — האָט ער גערעדט, — איך האָב אַלץ באַטראַכט, און ס'גע־פעלט מיר ניט. ס'איז אַ געפערלעכער איניען.

— אַ געפערלעכער! — האָט אַ וואָרטשע געטון דער טויבשטומער (די אינגלעך זיינען דערשטוינט געוואָרן), — עך, דו, פּאַכדן!

אַז ס'האָט זיך דערהערט דאָסדאָזיקע קאָל, האָבן די אינגלעך שיר ניט אַ קוויטש געגעבן פון פּאַכעד. ס'איז געווען אינדזשען דזשאָס קאָל. ביידע פאַרשוינען האָבן געשוויגן אַ צייט, דערנאָך האָט דזשאָ אַ זאָג געגעבן:

— געווען איז דאָך גאָר געפערלעך יענער, דער צווייטער איניען, דאָך איז עס גלאַט אָפּגעגאַן...

— יענץ איז אַן אַנדער מאַיסע. יענץ איז ווייט פונדאַנען, ס'איז באַם אויבער־פלוס פון טייך, און קיין צווייטע מענטשישע דירע איז דאָרט נאָענט נישטאָ.

— אַסאַך געפערלעכער איז צו קומען אַהער באַטאָג: געווג מע זאָל אַ קוק טון אַף אונז, מ'זאָל אונז טייקעף כוישעד זיין.

— איך ווייס, נאָר ס'איז דאָך ניט געווען אונטער דער האַנט קיין אַנדער אָרט, וואו צו באַהאַלטן זיך נאָך אָט־דער נאַרישער מאַיסע. איך האָב ביכלאַל קיין כיישעק ניט פאַרבלייבן דאָ. איך האָב נאָך נעכטן גע־וואָלט פאַרנעמען זיך, נאָר ס'איז אומעגלעך געווען אַפילע צו טראַכטן אַוועקצוגיין אומבאמערקט, קאָלומאַן דידאָזיקע פאַרשאָלטענע אינגלעך האָבן זיך דאָרט געשפּילט אַפן בערגל אקעגן הויז.

באַ די „פאַרשאָלטענע אינגלעך" זיינען מורעשקעס צעלאָפן זיך אי־בער די פּלייצעס באַ דידאזיקע ווערטער. ס'אַראַ גליק, וואס זיי האבן מוירע געהאַט אָנצוהייבן די אַרבעט אום פרייטיק און האבן באַשלאסן צו וואַרטן אַ טאג! אין טיף פון דער נעשאמע האט זיי באַנק געטון, וואס זיי האבן ניט אָפּגעלייגט זייער איניען אף אַ גאַנץ יאר. די אויס־וואורפן האבן אַרויסגענומען שפּייז און גענומען איבערכאַפּן. נאָך אַ צייט באַטראַכטן זיך האט אינדזשען דזשאָ אַ זאג געגעבן:

— הער נאר, באָכער, קער זיך אום צוריק צום טייך, דארט איז דאס פּאַסיקסטע אָרט פאר דיר — און וואַרט אַף יעדיעס פון מיר. איך וועל כאַפּן די געהעריקע רעגע און וועל נאכאַמאָל אַריינגיין אין שטעטל אַ קוק טון. מע דארף פריער פאַר אַלעמען גוט דערפרעגן זיך און פעסט

קערפּער זיינען אָנגעשטריינגט געווען, דער געהער האָט אָנגעשטריינגט געשלונגען יעדער שאָרך; זיי זיינען גרייט געווען באַם ערשטן קלאַנג מאָמענטאַל לאָזן זיך לויפן. נאָר ביסלעכוויס האָבן זיי זיך צוגעוואוינט צום אַרום, און זייער פּאַכעד איז פאַרביי. זיי האָבן מיט גרויס אינטער־רעס באַטראַכט דאָס הויז, כידעשנדיק זיך איבער זייער אייגענער דרייסט־קייט און אין דערזעלבער צייט שטאָלצירנדיק מיט איר. דערנאָך האָט זיך זיי פאַרגלוסט אויך אַרויף אויף די טרעפּ ארויף אַ קוק טון. דאָס האָט ווי באַטייט אָפּשניידן זיך דעם וועג אַף אָפּצוטרעטן, נאָר זיי האָבן געמוט־טערט איינער דעם צווייטן, און סאָפּקאָלסאָף האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן זייערע אינסטרומענטן און האָבן זיך אופגעהויבן מיט די טרעפּ ארויף. אויך אויבן איז געווען וויסט און פּוסט. אין איין ווינקל האָבן זיי געפונען אַ קעמערל, זיי האָבן געריכט זיך געפינען דאָרט אַ געהיימע מעציע, נאָר זיי האָבן אַ טאָעס געהאַט: דאָס קעמערל איז ליידיק געווען. אצינד זיינען זיי שוין אינגאַנצן מונטער געווען, זיי האָבן שוין געוואָלט אַראָפּלאָזן זיך אַראָפּ און נעמען זיך צו דער אַרבעט, נאָר פּלוצלינג...

— טססס! — האָט אַ זאָג געגעבן טאָם.

— וואָס איז? — האָט, וויס ווערנדיק פאַר שרעק, אַ שעפּטשע גע־טון העק.

— טססס! דו הערסט?

— יאָ. אָך, גאָטעניו! לאָמיר אַנטלויפן!

— וואוהין אַנטלויפן? זיך רואיק, אָטעם ניט. זיי גייען־צו צו דער טיר.

די אינגלעך האָבן זיך אויסגעצויגן אַפן דיל, באַמיענדיק זיך עפּעס דערזען דורך די שפּאַרונעס. זיי זיינען געלעגן, פלאַטערנדיק פון שרעק.

— אָט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט... ניין... זיי גייען ווידעראמאָל... זיי זיינען צוגעקומען. דו שעפּטשע ניט, העק — זיי וועלן דערהערן! אָך, גאָטעניו! צוליב וואָס בין איך עס געגאַן אַהער?

ס'זיינען אַריינגעקומען צוויי פאַרשוין. איינער פון זיי איז געווען אַ טויבשטומער זאָקן, אַ שפּאַניער, וואָס פלעג די לעצטע צייט אַמאָל באַווייזן זיך אין שטעטל; דעם צווייטן האָט קיינער פון די אינגלעך ניט געקאָנט.

„דער צווייטער" איז געווען אַ שמוציק, אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן באַ־שעפעניש מיט אַ ניט־אנגענעמענעם פּאָנים. דער שפּאַניער איז פאַר־וויקלט געווען אין אַ ברייטן מאַנטל; געהאט האָט ער צעשויבערטע, גרויע באַקנבערד; פון הינטער זיין ברייטזוימיקן הוט האָבן זיך אַראָפּ־געלאָזט לאַנגע, געגרייזלטע גרויע האָר; די אויגן זיינען פאַרשטעלט געווען מיט גרינע ברילן. אַז זיי זיינען אריינגעגאַן, האָט „דער צווייטער"

געקאָנט מיט איין האַנט אָנעריקן וועמען ער האָט נאָר געוואָלט אָנע־
ריקן אין איינגלאַנד, אַפּילע בעאייס זיין צווייטע האַנט איז געבונדן געווען
הינטער זיין פּלייצע. פון זיין פיילנבויגן פלעג ער טרעפן פון א מייל די
ווייט אין אַ צענסענט־מאַטבייע. אויב ער פלעג טרעפן נאָר אין זוים
פון דער מאַטבייע, פלעג ער אַזוי יעסורים האָבן, אַז ער פלעג זיך אַוועק־
זעצן און וויינען און זידלען זיך. איז אָט מירן זיך שפּילן אין ראָבין־
הוד. ס'איז זייער אַ וואוילע שפּיל. איך וועל דיך אויסלערנען.

— געמאַכט, איך בין מאַסקים.

זיי האָבן ביז אַפּדערנאַכט געשפּילט זיך אין ראָבין־הוד, פון צייט
צו צייט וואַרפנדיק נייגיריקע בליקן צום געשפּענסטער־הויז און ריידנ־
דיק וועגן דעם, וואָס ס'וואַרט אַף זיי מאָרגן. אז די זון האָט זיך אָנגע־
הויבן אַראָפּלאָזן קיין מאַירעוו־צו, זיינען זיי אוועק אַהיים, איבערשניידנ־
דיק די לאַנגע ביימער־שאָטנס, און זיינען גיך פאַרשוואונדן געוואָרן אין
די וועלדער פון קאַרדיף־כיל.

שאַבעס, נאָך מיטאָג, זיינען די אינגלעך ווידער געשטאַנען לעבן דעם
טרוקענעם בוים. זיי האָבן אַביסל געררויכערט און געפּלאַפּלט, ליגנדיק
אין שאָטן, דערנאָך האָבן זיי געפּאָרקעט זיך אַביסל, גלאַט אַזוי, אין
דער שוין־אויסגעגראָבענער גרוב, ווייל טאָם האָט פאַרזיכערט, אַז אָפט
טרעפט, אַז ווען מע ווערט אָן די האָפענונג דערגראָבן זיך צום אויצער בע־
אייס ס'איז פאַרבליבן ביז אים בלויז אַ זעקס פוסטלעך, קומט דערנאָך
צו גיין עמעץ אַנדערש, און מיט איין גראָב פון גראָבאייזן פּאַקט ער דעם
אויצער. אָבער אויך איצט איז זייער מי אומזיסט לעאיבעד געגאַן, —
האָבן זיי פאַרוואָרפן די גראָבאייזנס אַף די אקסלען און זיינען אַוועקגעגאַן
ווייטער, טראַכטנדיק, אז זיי האָבן אויסגעפּילט אַלץ, וואָס ס'איז נייטיק
געווען אַף צו געפינען דעם אויצער.

און אָט זיינען זיי סאָפּקאָלסאָף צוגעקומען צום „אומריינעם" הויז.
די טויטע שטילקייט, וואָס האָט דאָ געהערשט אין אָט־דעם הייסן באַ־
טאָג, האָט אַף זיי טייקעף אַ שרעק אָנגעוואָרפן. אין דער מאָרעשכוירע־
דיקער וויסטעניש פון אָט־דעם הויז איז געווען עפּעס אַזוינס שווערס, אַז
זיי זיינען אַ רעגע געשטאַנען און ניט געקאָנט אריינגיין. דערנאָך האָבן
זיי זיך אונטערגעגאַנוועט צו דער טיר און האָבן, ציטערנדיק פון שרעק,
אַריינגעקוקט אינעווייניק. זיי האָבן דערזעען אַ צימער, אין וועלכן ס'איז דאָרט,
וואו ס'האָט באַדאַרפט זיין א דיל, געוואַקסן גראָז, זיי האָבן דערזעען
אַ מעשונעדיקן אויוון, פענצטער אָן שויבן, צעבראָכענע טרעפּ, אומע־
טום איז שטיקערווייס געהאַנגען שפּינוועבס. זיי האָבן זיך געשטאַרקט
און זיינען שטיל־שטיל אַריינגעגאַן. זיי האָבן שעפּטשענדיק געשמועסט
צווישן זיך, זייערע הערצער האָבן שטאַרק געקלאַפּט, אַלע מוסקולן אין

— הער נאָר, טאָם, — האט ער אָנגעהויבן, — דו ווייסט וואָס פאר א טאָג ס'איז היינט?

טאָם האט פאר זיך איבערגעציילט די טעג פון דער וואָך און האט פאַרכידעשט גיך א קוק געטון אפן כאַווער.

— גאָטעניו, און איך האָב גאר פאַרגעסן!

— איך האב אויך קיין טראַכט ניט געטון דערפון און ערשט אַצינד דערמאנט זיך, אז היינט איז בא אונז פרייטיק.

— אך, ווייסט עס א גוטער יאָר! אָט ווי מע דארף זיין פאָרזיכטיק... מיר וואָלטן געקאָנט אַריינפאַקן זיך אין אַ שרעקלעכער צאָרע, ווען מיר וואָלטן אָפּגעטון אזאַ אַרבעט אום פרייטיק.

— מיר וואָלטן געקאָנט! דו זאָג בעסער — מיר וואָלטן באַשטימט אַריינגעפּאַקט זיך. פאַראן, פאַרשטייט זיך, גליקלעכע טעג, אָבער געוויס ניט פרייטיק.

— דאָס ווייסט וואויל יעדער טיפּעש. ניט דו האָסט עס דער ערשטער אַנטדעקט, העק.

— איך זאָג דען, אז איך בין דער ערשטער? און, כוצדעם, ניט נאָר וועגן פרייטיק האַנדלט זיך עס דאָ. מיר האָט זיך היינט באַנאַכט געכאָלעמט א שלעכטער כאָלעם: מיר האבן זיך געכאָלעמט שטשורעס.

— נו? דאָס איז זייער א שלעכטער כאָלעם. שטשורעס — דאס א סימען פון אלדאָס בייז. איז וואָס־זשע, זיי האָבן צווישן זיך געשלאָגן זיך?

— ניין.

— נו, איז כאָטש דאָס צו גוטן. אויב די שטשורעס שלאָגן זיך ניט צווישן זיך, הייסט עס נאָר, אַז די צאָרע איז ערגעץ ניט־וויט. מע דארף נאָר אַכטונג געבן שטאַרק מע זאָל זיך ניט אַריינפּאַקן. לאָמיר ניט גראָבן היינט, לאָמיר בעסער שפּילן זיך. דו קאָנסט, העק, ראָבין הודן?

— ניין, ווער איז ער, ראָבין הוד?

— ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע מענטשן אין איינגלאַנד און איז געווען זייער א גוטער מענטש. ער איז געווען א גאַזלען.

— הער נאָר, אף מיר געזאָגט געוואָרן! וועמען פלעג ער באַראַבעווען?

— בלויז רייכע לייט. קיין אָרעמעלייט פלעג ער קיינמאָל ניט באַליידיקן. די אָרעמע לייט האָט ער ליב געהאַט און פלעג זיך שטענדיק ערלעך טיילן מיט זיי.

— אָט דאס איז, זעט אויס, שוין איינמאָל א וואוילער מענטש געווען.

— יאָ, טאַקע שוין איינמאָל אַ וואוילער! נאָך אַזאַ מין וואוילער מענטש איז גאָר קיינמאָל אַף דער וועלט ניט געווען, אַצינד זיינען אַזעלכע מענטשן גאָר אינגאַנצן נישטאָ, — דו גלויב מיר. ער האָט

עס די`געשפּענסטער. איך וואָלט עס ניט אויסגעהאַלטן, טאַם. און קיין שום מענטש וואָלט עס ניט אויסגעהאַלטן!

— יאָ, אָבער די געשפּענסטער שפּאַצירן דאָך נאָר באַנאַכט; באַטאָג וועלן זיי אונז ניט שטערן גראָבן.

— עמעס טאַקע, אָבער פונדעסטוועגן מיידן די מענטשן אויך באַטאָג אויס אַריינצוקומען אין אַזעלכע הייזער.

— דאָס איז ס'ראָוו דערפאַר, וואס מענטשן האָבן ביכלאַל ניט ליב צוקומען צו אַן אָרט, וואו מ'האָט עמעצן געהאַרגעט. אָבער לעבן אָט-דעם הויז האט מען דאָך אַפילע באנאַכט גאָרניט ניט געזעען: בלויז א בלויע שיין אין פענצטערל און ניט קיין עמעסן געשפּענסט.

— נו, טאָם, אויב דו זעסט ערגעץ א בלוי פייערל, מעגסטו גיין געוועט, אז א געשפּענסט געפינט זיך דאָרט ערגעץ ניט-ווייט. דו באַטראַכט נאָר אליין: דו ווייסט דאָך אַליין, אז אכוץ די געשפּענסטער צינדט קיינער ניט אָן קיין בלויע פייערן.

— דאס איז עמעס, אָבער באטאָג גייען זיי דאָך ניט ארום, איז פאַר וואָס דארף מען מוירע האָבן פאַר זיי?

— נו, געמאַכט. אויב דיר גלוסט זיך אַזוי, וועלן מיר גיין אַהין א גראָב טון. אָבער, פונדעסטוועגן, א ריזיקע איז עס א גרויסע.

די אינגלעך האבן אַראָפּגענידערט פון בערגל. אונטן, אינמיטן פונם טאָל, וואס איז באַשיינט דורך דער לעוואָנע, איז איינזאַם געשטאַנען דאָס פאַרקישעפט הויז; דער פאַרקן אַרום דעם הויז איז פונלאַנג איינגעוואַלגערט געווען; דער גאַניק איז פארוואקסן געווען מיט מיסט-גראָזן; דער קוימען איז איינגעפאַלן; די פענצטער זיינען געשטאַנען אָן שויבן; איין ווינקל פון דאַך האט זיך אויך איינגעוואַלגערט אינעווייניק אַריין. די אינגלעך האבן לאַנג געקוקט, וואַרטנדיק, אז אָט-אָט וועט אין פענצטער א פינקל טון א בלוי פייערל; דערנאָך האבן זיי, שטיל-שטיל ריידנדיק צווישן זיך, שטיל-שטיל, ווי ס'האבן געפאָדערט די צייט און די אומשטענדן,— פאַרקערעוועט אף רעכטס, אָנלייגנדיק אַסאַך וועג, קעדיי ניט פאַרבייגיין לעבן דעם שרעקלעכן הויז, און האבן זיך אומגעקערט אַהיים דורכן וואַלד, וואס איז געוואקסן אַפן אַקעגנדיקן שיפּוע פון בערגל.

## קאַפּיטל XXVII.

אַפן צווייטן טאָג, ארום מיטאָג-צייט, זיינען די אינגלעך ווידעראַמאָל צוגעקומען צום טרוקענעם בוים נאָך זייערע אינסטרומענטן. טאָמען האט זיך געגלוסט וואס גיכער אַריין אין געשפּענסטער-הויז, נאר העק האָט זיך גאָרניט געאיילט.

— איך ווייס, נאר ניט דאס איז וויכטיק.

— וואס דען?

— דאָס, וואס מיר האבן קיין זייגער ניט בא זיך און מיר האבן ניט פינקטלעך פעסטגעשטעלט די צייט. עפשער איז דעמאָלט געווען צו פרי אָדער צו שפעט.

באַ העקן האט זיך אַרויסגעגליטשט דער גראָבאייזן.

— דאס איז ריכטיק... אָט־דאס טאַקע איז די מאַיסע. נו, וועלן מיר, הייסט עס, דארפן וואַרפן דעמדאָזיקן איניען. מיר קאָנען דאָך סייוויסיי ניט פעסטשטעלן פינקטלעך די צייט. און, כוצדעם, איז עס דאָך זייער שרעקלעך, בעאייס אַרום ווימלען מאַכשייפעס און רוכעס. מיר דאכט זיך די גאַנצע צייט, אז עמעצער שטייט באַ מיר הינטער דער פּלייצע, און איך האב מוירע אומקוקן זיך, ווייל עפשער שטייט א צווייטער רוך פונפאָרנט און וואַרט נאָר איך זאָל זיך פאַרקוקן. מיך פיבערט דאָ די גאנצע צייט.

— מיך שוידערט אויך, העק, פּונקט דאסזעלבע קומט אויך מיט מיר פּאָר. מע זאָגט, אַז בעאייס מע פאַרגראָבט אונטער א בוים אן אויצער, איז לייגט מען אים, דעם אויצער, לעבן א מעס, קעדיי דער מעס זאָל אַכטונג געבן אף אים.

— גאָטעניו דערבאַרעמדיקער!

— נו, יאָ, מע לייגט א מעס,— איך האב אַסאַך מאָל געהערט.

— ניין, ווייסט, טאָם, כ׳האָב קיין כיישעק ניט דרייען זיך לעבן מייסים. זיי קאָנען שטענדיק פאַרשלעפן דיך אין א צאָרע אַריין.

— מיר גלוסט זיך אויך ניט אופוועקן זיי, העק. טאָמער רוקט דער, וואס ליגט לעבן הויז, פּלוצלינג אַרויס דעם שאַרבן און הייבט אָן ריידן צו אונז.

— הער אוף, טאָם, ווער אַנשוויגן! אָט פכאָדים!

— עמעס, העק, ס׳באַפאלט מיך אזא מוירע!...

— הער נאר, טאָם, לאָמיר בעסער פאַרנעמען זיך פונדאַנען געזונט־טערהייט. לאָמיר זיך פּרוּוון אין אן אַנדער אָרט.

— גוט, קום! ס׳וועט עפשער טאַקע בעסער זיין.

— וואוהין־זשע וועלן מיר גיין?

טאָם האט א רעגע א טראַכט געטון און האט א זאָג געגעבן:

— אָט אין יענעם הויז, אין וועלכן ס׳וואוינען די געשפּענסטער.

— ווייסט עס א גוטער יאָר! כ׳האָב ניט ליב אָט־די שיידים, טאָם, דאָס איז נאָך ערגער פון מייסים. די מייסים, אויב זיי ריידן עפשער אַפילע, אָבער זיי דרייען זיך ניט אַרום דיר אין טאַכריכים און קוקן דיר ניט אַריין פּלוצלינג אין פּאָנים אַריין, קריצנדיק מיט די ציין, ווי ס׳טוען

— דאָס איז ריכטיק, איך האָב דערפון קיין טראַכט ניט געגעבן. אָ, אַצינד פאַרשטיי איך, אין וואָס איז די מאַיסע. אָט זיינען מיר עס טיפּ־שים! מע דאַרף דאָך פריער געפינען דאס אָרט, אף וועלכן ס׳פאַלט אינ־מיטן נאַכט דער שאָטן פון דער צווייג, און דאָרט ־גראָבן.

— אַך, דו, ווייסט דיך א גוטער יאָר! האבן מיר די גאַנצע צייט אומזיסט־אומנישט געאַרבעט. און אַצינד וועט נאך אויסקומען נאָכאַמאָל קומען אַהער באנאַכט. ס׳איז גוואַלדיק־ווייט... דו וועסט קאנען אַרויס־גאַנווענען זיך פון שטוב?

— כ׳וועל שוין זען אַרויסגאַנווענען זיך. טון דאַרף מען עס אומ־באַדינגט היינט באנאַכט, אַניט וועט עמעצער דערזעען די גריבער, וועט ער זיך טייקעף אָנשטויסן, וואס ס׳טוט זיך דאָ, און וועט אַרויסגראָבן דעם אויצער.

— גוט. כ׳וועל ווידעראַמאָל קומען צו דיר אונטערן פענצטער און וועל א מיאַוקע טון.

— געמאַכט! לאָמיר באהאַלטן די אינסטרומענטן צווישן די קוסטן.

באנאַכט, ארום צוועלף אַזייגער, זיינען די אינגלעך געקומען צום זעלבן אָרט, האבן זיך אוועקגעזעצט אין שאָטן און גענומען וואַרטן. דאס אָרט איז געווען א וויסטס, די שאָ איז א טיפע נאַכט־שאָ געווען, די שאָ פון געשפּענסטער, וועלכע איז דורך דער לעגענדן־מעסוירע געהייליקט. די גייסטער האבן זיך געשעפּטשעט אין די רוישנדיקע בלעטער; אין די פינצטערע ווינקלען האבן זיך אויסבאהאַלטן נאַכט־רוכעס. פונדערווייטנס האט זיך הערן געלאָזט א הינטישער געביל, אַ סאָווע האט זיך אפן גע־ביל אָנגערופן מיט א גרויזאַמען געשריי. די פייערלעכקייט פון אַרום האט געדריקט די אינגלעך און זיי האָבן ווייניק געשמועסט. ענדלעך, האבן זיי באַשלאָסן, אז די מיטנאַכט איז שוין אָנגעקומען, האבן באַמערקט וואוהין ס׳פאַלט דער שאָטן און האָבן דאָרט אָנגעהויבן גראָבן. די האָפע־נונג האט זיי באַגייסטערט, געמונטערט; זיי האבן געאַרבעט מיט גרויס אינטערעס און מיט גרויס פלייס. דער גרוב איז געוואָרן אלץ טיפער. אַז דער גראָבאייזן פלעג זיך א קלאַפּ געבן אין עפּעס, פלעג בא זיי דאס האַרץ פאַרשטאַרט ווערן; אָבער אַלעמאָל זיינען זיי אנטוישט געבליבן. ס׳פלעג זיך אַרויסווייזן, אז דער גראָבאייזן האט אַ קלאַפּ געטון אין א וואָרצל אָדער אין אַ שטיין. סאָפקאָלסאָף, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— ס׳איז אומנוצלעך ווייטער צו גראָבן, העק, — מיר גראָבן ווידער ניט אפן געהעריקן אָרט.

— וואָס הייסט, ניט אַפן געהעריקן? מיר האבן ניט געקאנט קיין טאָעס האבן. מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן פונקט דאָרט, וואוהין ס׳איז גע־פאַלן דער שאָטן.

— נו, דאס איז אַלציינס. אַז מע וויל — זאָגט מען באָכערטע, אַז מען וויל — זאָגט מען מיידעלע. באַם נאָמען ווי רופט מען זי?

— איך וועל דיר אַמאָל זאָגן עס, ניט אַצינד.

— גוט, ווי אַזוי דיר גלוסט זיך. אָבער אויב דו וועסט כאַסענע האָבן, וועל איך נאָך עלנטער זיין ווי ביז אַהער.

— ניין, העק, דו וועסט לעבן מיט אונז צוזאַמען. נו, גענוג צו וואַלגערן זיך, — לאָמיר גראָבן.

זיי האָבן אָפּגעגראָבן אַנערעך א האַלבע שאָ, זיינען אַזש דערשוויצט געוואָרן, נאָר האבן גאָרניט ניט געפונען; זיי האָבן אָפּגעאַרבעט נאָך א האַלבע שאָ און ווידער אָן שום דערפאָלג. ענדלעך, האט העק אַ זאָג געגעבן:

— געשיקט זיך, אַז די אויצרעס זאָל מען פארגראָבן אַזוי טיף?

— אַמאָל מאַכט זיך, אַז יאָ, אָבער ניט שטענדיק און ניט אַלע אויצרעס. מיר גראָבן, זעט אויס, ניט דאָרט וואו מע דאַרף גראָבן.

זיי האָבן אויסגעקליבן אן אַנדער אָרט און האבן ווידער גענומען גראָבן. אַצינד איז די אַרבעט געגאַן ניט אַזוי שנעל, נאר דאָך פאָרויס האט זי זיך גערוקט. א שטיקל צייט האבןביידע גאָר געשמאַק געאַר־בעט. דערנאך האט העק אופגעהערט צו גראָבן, האט זיך אָנגעשפּאַרט אַפן גראָבאייזן, האט אָפּגעווישט מיטן אַרבל די היפּשע שוויס־טראָפּן פונם שטערן און א זאָג געגעבן:

— וואו וועלן מיר גראָבן, אז מירן ענדיקן אָט־דאָ?

— איך האַלט, אז מע דאַרף אַ פּרוואוו־טון אונטערן אַלטן בוים, וואס הינטער דער אַלמאָנעס הויז.

— איך האַלט אויך, אז ס׳איז א פּאַסיק אָרט. אָבער ווי רעכנסטו, טאָם, די אַלמאָנע וועט בא אונז ניט צונעמען דעם אויצער? ס׳איז דאָך איר ערד.

— צונעמען בא אונז דעם אויצער! אַנו, זאָל זי א פּרוואוו טון! ניין, א אויצער, ווער ס׳האט אים געפונען, דעם געהערט ער. אף וועמענס ערד מ׳האט געפונען דעם אויצער — דאס איז אַלציינס.

דאס האָט העקן געטרייסט. זיי האבן ווייטער געגראָבן, נאר דערנאָך האט העק א זאָג געגעבן:

— ניין, מיר גראָבן, זעט אויס, ווידעראַמאָל ניט אפן געהעריקן אָרט. ווי רעכנסטו?

— ס׳איז מאָדנע, העק, שרעקלעך־מאָדנע, — איך פאַרשטיי ניט. עפּ־שער שטערן אונז די מאַכשייפעס. אַמאָל טרעפט אַזוינס.

— נו, וואָס רעדסטו! מאַכשייפעס קאָנען באטאָג גאָרניט ניט אופ־טון; באטאָג האָבן זיי קיין שום שליטע ניט.

— געמאַכט.

זיי האבן געקראָגן אַ געבויגן לאָפּעטקעלע און א גראָבאייזן און האבן אַוועקגעמאַרשירט; ביזן נייטיקן אָרט איז געווען א דריי מייל גאַנג. געקומען זיינען זיי פלאם־רויטע, שווער־אָטעמענדיק און האבן זיך אַוועקגעלייגט אין שאָטן פון דעם נאָענטסטן בוים אָפּרוען און רויכערן.

— ס׳געפעלט מיר, — האט געזאָגט טאָם.

— מיר אויך.

— הער נאר, העק, אויב מירן דאָ געפינען דעם אויצער, איז וואָס, וועסטו טון מיט דיין האַלב?

— איך? איך וועל יעדן טאָג עסן קנישעס און טרינקען סאָדע־וואַ־סער, און אַז ס׳וועט קומען צו פאָרן א צירק, וועל איך יעדן טאָג גיין אין צירק אריין. איך וועל שוין וויסן, ווי אַזוי פריילעך א לעב טון!

— געשיקט זיך, אז דו וועסט גאָרניט אָפּלייגן אַף שפּעטער?

— אָפּלייגן? צוליב וואָס?

— וואָס הייסט צוליב וואָס? קעדיי ס׳זאָל שפּעטער זיין מיט וואָס צו לעבן.

— אָ, דאס איז איבעריק. אויב איך וועל ניט אַיילן זיך אויסגעבן דאָס געלט, וועט אין איינעם א שיינעם טאָג אומקערן זיך דער טאַטע און וועט זיי צולאַקכענען. ער וועט אלץ צולאַקכענען, זיי רואיק, קיין קאָפּיקע וועט ער ניט איבערלאָזן. און דו, וואס וועסטו טון מיט דיין כיילעק, טאָם?

— איך וועל זיך קויפן א נייעם פּויק און א גוטע סאַבל, א רויטן האַלזטוך און א בולדאָג און וועל כאַסענע האָבן...

— וועסט כאַסענע האָבן?

— נו, יאָ.

— טאָם, דו... דו ביסט פון זינען אַראָפּ!

— וואַרט־צו, אָט וועסטו זען.

— ס׳איז. דאָך א אומזין, טאָם! קיין נאַרישערס האָסטו ניט געקאנט צוטראַכטן. אָט נעם, אשטייגער, מיין טאַטע און מאַמע: זיי האבן זיך דאָך געשלאָגן פון אינדערפרי ביז שפּעט באנאַכט. איך געדיינק עס זייער גוט.

— דאָס באַטייט גאָרניט ניט: די, וואָס כ׳וועל פאר איר כאַסענע האָבן, וועט זיך ניט שלאָגן.

— און איך האַלט, אַז זיי זיינען אַלע אַלציינע. יעדער ווייבל איז בעקויעך אופצופרעסן איר מאַן. ניין, טאָם, דו באטראַכט זיך ווי ס׳דאַרף צו זיין, איך מיין עס אינדערעמעסן — באטראַכט זיך. ווי רופט מען זי, די באָכערטע?

— זי איז ניט קיין באָכערטע, זי איז א מיידעלע.

— הירָא... ווי אַזוי האָסטו געזאָגט, טאָם?
— היראָגליפעלעך, פאַרשטייסט? געמעלן אזעלכע, און נאָך קונצן אַזעלכע; ווער קאָן עס דערגיין, וואס זיי באַטייטן?
— און בא דיר געפינט זיך אזא פאַרמעט, טאָם?
— ניין.
— איז ווי אַזוי־זשע ווערסטו זיך דערוויסן די צייכנס?
— איך באַדאַרף ניט האָבן קיין צייכנס. די אויצרעס ווערן שטענדיק פארגראָבן אונטער א שטוב, אין וועלכער ס'וואוינען געשפענסטער, אָדער אף א אינזל, אָדער אונטער א פאַרטרוקנטן בוים. מיר האבן דאָך שוין געפרוואווט זיך גראָבן אפן דזשעקסאָן־אינזל, וועלן מיר נאָכאַמאָל א פרוואוו טון; אף יענער זייט רימשקע איז דאָ א אַלט הויז, אין וועלכן ס'וואוינען געשפענסטער, און דאָרט טאַקע ניט־ווייט געפינט זיך א בינטל אויסגעטרוקנטעביימער.
— און אונטער אַלע ביימער געפינען זיך אויצרעס?
— וואָס רעדסטו! פאַרשטייט זיך, אז ניין.
— איז ווי אַזוי ווערסטו דערוויסן זיך, אונטער וועלכן בוים מע דארף גראָבן?
— מירן גראָבן אונטער אַלע ביימער.
— נו, טאָם, אויב אזוי, וועלן מיר דאָך דאַרפן זוכן דעם גאַנצן זומער.
— איז וואָס־זשע? דערפאַר אָבער שטעל זיך פאָר, אז מיר וועלן געפינען א קופערנעם טאָפּ און אין אים א מייע דאָלערס, און א צעעסן קעסטל, וואס איז אָנגעפולט מיט בריליאַנטן. וואָס ווערסטו דעמאָלט זאָגן?
בא העקן האָבן זיך די אויגן צעפלאַקערט.
— אָט וואָלט עס גוט געווען! פאר מיר וואָלט עס אַפילע צו־גוט געווען. דו זאָלסט מיר דעמאָלט געבן די מייע דאָלערס, און די בריליאַנטן זאָלסטו זיך נעמען,— איך דארף זיי ניט האָבן.
— אויסגעצייכנט! איך וועל־די בריליאַנטן ניט אַוועקוואַרפן, מעגסט זיכער זיין. אַ טייל פון זיי זיינען דערווערט צו צוואַנציק דאָלערס א שטיק, און ס'איז ניטאָ קיין איין בריליאַנט, וואס זאָל ניט דערווערט זיין קיין איין דאָלער.
— נו, עמעס?
— פאַרשטייט זיך; דאָס וועט דיר יעדערער זאָגן. דו האָסט דען קיינמאָל ניט געזען קיין בריליאַנטן, העק?
— ווערליק איך געדיינק, ניין. דאָך, וואו־זשע וועלן מיר גראָבן?
— כ'ווייס אַליין ניט. סיידן אָנהייבן פון יענעם אַלטן בוים, וואס אַף יענער זייט רימשקע.

לאָזט זוכן דזשאָ גאַרפּערן, נאָר ער האָט אים ניט געפונען. דערנאָך האָט ער געפּאַקט בען ראָדזשערסן, נאָר בען איז גראַד פאַרטון געווען אין כאַפּן פיש. ענדלעך, האָט טאָם אָנגעטראָפן אַפן העק פינען. העק — אָט איז דער פאַסיקסטער כאַווער. טאָם האָט אים אַוועקגעפירט אין אַזאַ אָרט, וואו קיינער האָט זיך ניט געקאָנט אונטערהערן, און דאָרט האָט ער אים אַלעס דערציילט. העק איז שטענדיק מאַסקים געווען אָנטייל צו נעמען אין וועלכער ס'זאָל ניט זיין אונטערנעמונג, וואָס זאָגט צו פאַרווייליגנג און פאָדערט ניט קיין געלט־הויצאָעס: צייט האָט ער, העק, פאַרמאָגט אַזויפיל, אַז ער האָט אַפילע ניט געוואוסט וואוהין אַהינצוטון זי.

— איז וואו וועלן מיר גראָבן?

— אָ, אומעטום, אין פאַרשיידענע ערטער.

— די אויצרעס זיינען דען אומעטום באהאַלטן?

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין, העק. מע פאַרגראָבט זיי אין באַזונדערע ערטער אַזעלכע — אַף אינזלען, אָדער אין צעגעסענע קעסטלעך, ערגעץ אונטער א לאַנג שוין צעפוילטן בוים, פונקט אַף דעם אָרט, וואו ס'פאַלט דער שאָטן אין מיט נאַכט; נאָר גיכער פון אַלעמען פאַרגראָבט מען זיי אונטערן דיל אין הייזער, וואו ס'וואוינען געשפּענסטער.

— ווער פאַרגראָבט זיי דען?

— פאַרשטייט זיך, אַז גאַזלאָנים. און דו האָסט געמיינט, ווער — שול־אופזעער, צי וואָס?

— כ'ווייס ניט. ווען ס'זאָל זיין מיין אויצער, וואָלט איך אים ניט פאַרגראָבן אין דר'ערד, — איך וואָלט אויסגעגעבן דאָס געלט און וואָלט זיך פאַרגעניגן אָנגעטון.

— איך אויך. אָבער גאַזלאָנים טוען ניט אַזוי; זיי פאַרגראָבן שטענדיק זייער געלט אין דר'ערד און לאָזן עס דאָרט איבער.

— און דערנאָך קערן זיי זיך ניט אום נעמען עס?

— ניין, זיי רעכענען אומקערן זיך, אָבער דערנאָך פאַרגעסן זיי, געוויינלעך, די צייכנס, אָדער זיי שטאַרבן איידער זיי נעמען אַרויס דעם אויצער. איז אָט ליגט זיך דער אויצער און זשאַווערט; און דערנאָך געפינט עמעצער אַן אַלטן געלן פאַרמעט, וואָס ווייזט אָן לויט וועלכע צייכנס מע דאַרף זוכן; און דעם פאַרמעט דאַרף מען נאָך אויך לייענען א גאַנצע וואָך, אויב ניט מער, ווייל אַף אים שטייען בלויז צייכנס און הירהאָגליפעלעך *)...

*) הירהאָגליפן — די שריפט-צייכנס פון די אוראַלטע עגיפּטער. דיזאָזיקע שריפט-צייכנס זיינען זייער פאַרפלאָנטעט און אומפאַרשטענדלעך.

פלעג קיין שום זאַך אין דער וועלט ניט קאָנען ארויסשלעפּן טאָמען פון שטוב. דער אומגליקלעכער העק האָט זיך אויך געפינען אין אַזא ביטע־רער לאַגע, ווייל טאָם האט אַפּדערנאַכט ערעוו דעם לעצטן געריכט־טאָג דערציילט די גאַנצע מאַיסע דעם אַדוואָקאט, און העק האט שרעקלעך מוירע געהאַט, אז זיין שאַיכעס צו אָט־דעם איניען וועט אַנטפּלעקט ווערן, כאָטש דעם מעטיס פלייטע האט אים, העקן, אַפּילע באפרייט פון דער פיין איידעס צו זאָגן בעאייסן געריכט. עמעס, דער אַדוואָקאַט האט צו־געזאָגט שווייגן, אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון? נאָך דעם, ווי דער געוויסן האט טאָמען פאַריאָגט באנאַכט צום אַדוואָקאטס הויז און האט טאָמען געצוואונגען אַלץ דערציילן, כאָטש ער האט, טאָם, אזא שרעקלעכע שוואוע געגעבן, נאך אָט־דעם אַלעמען האט העק אָנגעוואוירן דעם צו־טרוי צו דער גאנצער מענטשהייט ביכלאַל. באטאָג, הערנדיק ווי פּאָטער דאַנקט אים און דאַנקט אים, איז טאָם זייער צופרידן געווען דערמיט, וואס ער האט אויסגעזאָגט דעם סאָד; באנאַכט אָבער פלעג ער כאַראָטע האָבן, וואָס ער האט זיך ניט איינגעהאַלטן. ער האט מוירע געהאט, אז אינדזשען דזשאָען וועט מען קיינמאָל ניט פאַקן, האָט מוירע געהאט, אַז מ׳וועט אים יאָ פאַקן. ער איז זיכער געווען, טאָם, אז ער וועט פריי אָפּעטעמען בלויז דעמאָלט, ווען ער וועט מיט זיינע אייגענע אויגן זען אָט־דעם מענטשן א טויטן.

מ׳האָט אַרומגעניש־טערט די גאַנצע סוויווע, מ׳האט פּאָרגעלייגט א באַלוינונג פאַר פאַקן דעם מעטיס, נאָר מ׳האט גאָרניט ניט געפונען. פון סען־לואי האט מען אויסגעשריבן א באַרימטן דעטעקטיוו. דער דעטעק־טיוו האט אויך א נישטער געטון, האט א שמעק געטון, האט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ און האט דערגרייכט פונקט אזא דערפאָלג, ווי די גע־וויינלעכע קאָלעגן זיינע, ד. ה. ער האט, מאַכנדיק א קלוגיטשקן פּאָנים, געמאָלדן, אז ער האט „געפאַקט א שפּור״. אָבער „א שפּור״ קאָן מען דאָך ניט אופהיינגען פאר א מאָרד, — דעריבער האט טאָם נאָכן דעטעק־טיווס אָפּפאָר ווי פריער געפילט זיך ניט־זיכער.

די טעג האָבן זיך געצויגן פּאַמעלעך, נאר דאָך איז די צייט געגאַן, און מיט יעדן טאָג איז די שרעק־לאַסט, וואָס האט טאָמען געדריקט, אַלץ לייכטער און לייכטער געוואָרן.

## קאַפּיטל XXVI.

אינם לעבן פון יעדער אינגל, וואס אַנטוויקלט זיך נאָרמאַל, קומט אָן א צייט, ווען דאָס אינגל באַקומט גרויס כיישעק גראָבן די ערד, קעדיי געפינען אויצרעס, וואס זיינען אין איר באַהאַלטן. אָט דער כיישעק האט אויך טאָמען אין איין שיינעם טאָג באַהערשט. ער האט זיך, טאָם, גע־

— זאָגט, האט קיין מוירע ניט,—מיטן עמעס דאַרף מען זיך ניט שעמען. איז וואָס האָט איר אַהין געבראַכט מיט זיך?

— בלויז א... בלויז א טויטע קאַץ.

דער גאַנצער זאַל האט זיך צעלאַכט. דער פאָרזיצער האט א קלונג געטון מיט גלעקל.

— מירן דאָ באַלד ברייגגען אַלס באַווייז דעם סקעלעט פון אָט־דער קאַץ. און אַצינד, מיין פריינט, דערציילט אונז אלץ, וואס איר האט געזעען, אַלץ, ווי אזוי ס'איז געשעען, פארטאַיעט גאָרניט ניט, האט קיין מוירע ניט.

טאָם האט אָנגעהויבן, טכילעס ניט־אַנטשלאָסן, דערנאָך האט עס אים ביסלעכווייס פארכאַפט; זיינע רייד האבן געגומען פליסן לעבעדיקער און גלאַטער; אינגיכן האט זיך אין געריכט־זאַל בלויז זיין קאָל הערן גע־לאָזט; דער אוילעם האט מיט צעעפנטע מיילער, פאַרטאַיענדיק דעם אָטעם, געשלונגען יעדער וואָרט זיינס,—דער אוילעם האט אַפילע ניט באַמערקט, ווי די צייט גייט, אַזוי האט אַלעמען פארכאפט און אופגערו־דערט טאָמס דערציילן. אַלעמענס אופגערעגטקייט איז גאָר אויסגעוואקסן, ווען טאָם איז צוגעקומען צו דער מאָרד־סצענע: „און אז דער דאָקטער האט אַ זעץ געגעבן מעף פאָטערן מיט דער ברעט איבערן קאָפּ און מעף האט זיך איבערגעקערט, האט זיך אינדזשען דזשאָ א לאָז געטון אַפּן דאָקטער מיטן מעסער און...”

טראַך! בליצשנעל האט זיך דער מעטיס א וואָרף געטון צום פענ־צטער, האט פאנאַנדערגעשטופּט די מענטשן, וואס האבן אים געוואָלט פארהאַלטן, און איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

## קאַפּיטל XXV.

טאָם איז ווידער געוואָרן א באַרימטער העלד,—די דערוואקסענע האָבן אים געפעסטעט, די יונגע האָבן אים מעקאַנע געוועוען. זיין נאָמען איז אַפילע פאַראייביקט געוואָרן: דער נאָמען טאָם סאָיער איז אָפּגעדרוקט געוועזן אין די צייטונגען; די היגע צייטונג האט אים געריסט. געוועזן שוין אין שטעטל לייַט, וואָס האבן געהאַלטן, אַז טאָם וועט אומבאַדינגט זיין א פּרעזידענט, אויב מע וועט אים נאר פריער ניט אופהייגגען.

די קאַפּריזע וועלט האט אין אירע אָרעמס אַריינגענומען מעף פּאָטערן און האט אים איצט פונקט אַזוי מילד געצערטלט, ווי פריער האט זי אים מיעס געזידלט און געשאָלטן. נאָר אזוי איז זי דאָך איינגעאָרדנט, די וועלט: לאָמיר זי דעריבער ניט מוסערן.

באַטאָג פלעג טאָמען ארומרינגלען רום און סימכע, אָבער באַנאַכט פלעג אים פייניקן דולער פאַכעד. ס'פלעג זיך אים שטענדיק כאָלעמען אינדזשען דזשאָ מיט נעקאָמע אין בליק. ווי נאָר ס'פלעג טונקל ווערן,

ער האט זיך אויסגעקערעוועט צום עלטסטן וואַך־סאָלדאַט און האט א זאָג געגעבן:

— פירט אַריין טאָם סאָיערן.

אַלע פּענימער, אויך פּאָטערס פּאָנים, האָבן געקוקט דערשטוינט. אַלעמענס בליקן זיינען נייגידיק צוגעשמידט געוואָרן צו טאָמען. דאָס אינגל איז אינגאַנצן צעטומלט געווען. ס׳איז אים א גרויסער פּאַכעד באַפאַלן. מ׳האָט בא אים גענומען די שוואוע.

— טאָמאַס סאָיער, וואו זייט איר געווען דעם זיבעצנטן יוני, אַרום איינס אַזייגער באַנאַכט?

טאָם האט א קוק געגעבן אף אינדזשען דזשאָס פּאָנים, און זיין צונג איז ווי צוגעקלעפּט געוואָרן צום גומען. די צוהערער האבן דעם אָטעם פאַרטאַיעט, נאר דער איידעס האט געשוויגן. אָבער אין עטלעכע סע־קונדעס אַרום האט טאָם פּאָרט גענומען זיך אין די הענט אַריין, און אלע האבן דערהערט זיין שטילן, שלאַבעריקן ענטפער:

— אַפּן צווינטער.

— זייט אַזוי גוט, רעדט אַביסל העכער. האט קיין מוירע ניט. הייסט עס, געווען זייט איר...

— אַפּן צווינטער.

אַ פאַראַכטונג־שמייכל איז דורך איבער אינדזשען דזשאָס פּאָנים.

— האט איר זיך עפּשער געפונען ניט־ווייט פון האָרס וויליאַמס קייווער?

— יאָ, סער.

— זייט אַזוי גוט, רעדט העכער. ווי נאָענט צום קייווער האט איר זיך געפונען?

— א שפּאַן צוויי די ווייט, ווי איר פון מיר די ווייט.

— האט איר זיך באַהאַלטן צי זיינט איר געשטאַנען אַזוי, אז מע האט אייך געזען?

— איך האָב זיך באַהאַלטן.

— וואו?

— הינטער די ביימער, וואָס באַם עק קייווער.

אינדזשען דזשאָ האט א שטילן פלאַטער געטון.

— מיט אייך איז נאָך עמעצער געווען?

— יאָ, סער, איך בין געגאַנגען אהין מיט...

— שטייט, וואַרט־צו אַביסל. ס׳איז ניט נייטיק איר זאָלט אָנרופן אַצינד אייער מיטגייער. מירן אויך אים שפּעטער אויספרעגן. האָט איר עפּעס מיט זיך מיטגעבראַכט אַפּן צווינטער?

טאָם האט זיך געקווייקלט. ער האט זיך, זעט אויס, געשעמט.

— איך האָב ניט וואָס צו פרעגן.

דער ווייטערדיקער איידעס האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט געפונען דאָס מעסער לעבן דעם געהאַרגעטן. אַפן פראָקוראָרס פראַגע האט דער פאַרטיידיקער ווידער געענטפערט:

— איך האָב ניט קיין שום פראַגן.

דער דריטער איידעס האָט געשוואוירן, אז ער האט אָפט געזעען דאָס געפונענע מעסער אין פאָטערס הענט. און ווידעראַמאָל האט דער פארטיידיקער אָפגעזאָגט זיך פון שטעלן פראַגן דעם איידעס.

אַף די פּנימער פון גאַנצן אוילעם האט זיך באוויזן אומצופרידנקייט. וואס איז עס פאַר א מין פאַרטיידיקער? וועט ער, געשיקט זיך, טאַקע ניט פרואוון זיך אַרויסראַטעווען זיין קליענט?

עטלעכע איידעס האבן דערציילט, ווי אַזוי פאָטער האט זיך, בעאייס מע האָט אים געבראַכט צום אָרט פון מאָרד, געהאַלטן ווי א שולדיקער. און אויך דידאָזיקע איידעס האט דער פאַרטיידיקער אָפּגעלאָזט אָן שום פראַגעס.

אַלע מאָרד־פראָטים, וועלכע שאַטן דעם באַשולדיקטן, זיינען באשטעטיקט געוואָרן אונטער א שוואוע דורך לאַכלוטן־זיכערע איידעס; נאָר קיין איינעם פון דידאָזיקע איידעס האט פאָטערס פאַרטיידיקער ניט אויסגעפרעגט. דעם אוילעמס פאַרכידעשטקייט און אומצופרידנקייט האט זיך אויסגעדריקט אין א ברויגעז־געמורמל,— דער פאָרזיצער האט אַפילע גע־מוזט באַרואיקן דעם אוילעם. דער פראָקוראָר האט זיך אופגעהויבן פון זיין אָרט.

— לאַכלוטן־זיכערע איידעס, וואס אַפילע יעדער פּאָשעט וואָרט זייערס קאָן מען ניט כוישעד זיין, האָבן אונטער א שוואוע פעסטגעשטעלט דעם פאַקט, אַז דעמדאָזיקן שרעקלעכן פאַרברעכן איז באַגאַן ניט קיין אַנדע־רער, נאָר דער אומגליקלעכער, וואָס זיצט אף דער באַשולדיקונגס־באַנק. מער האב איך ניט וואָס צוצוגעבן.

דער אומגליקלעכער פאָטער האט אָנגעהויבן קרעכצן, האט זיך פאַר־שטעלט דאָס פּאָנים מיט די הענט און האט זיך שטיל־שטיל געשאָקלט הין און צוריק. אין געריכט־זאַל האט געהערשט א שווערע שטילקייט. אַסאַך מאַנסבלען האט עס גערירט; די פרויען האבן געוויינט פון ראַכ־מאָנעס. דאן האט זיך אופגעהויבן דער פאַרטיידיקער.

— אין אָנהייב זיצונג האָב איך גערעכנט — ווי איך האב עס אָפן דורכגעפירט, — דערווייזן, אז מיין קליענט איז באַגאַנגען דעם שרעקלעכן פאַרברעכן אין א אַפעקט־צושטאַנד, אין היץ פון שיקרעס. אָבער איצט האב איך מיין פּלאַן געענדערט און כ'וועל זיך ווענדן ניט צו דער גוט־האַרציקייט פון די געשוואוירענע ריכטער.

ער האט זיך געצוואונגען אָפּהאַלטן זיך דערפֿון. מיט העקן איז פונקט דאָסזעלבע געווען. זיי האָבן זיך געמיד אויספּעלן איינער דעם אַנדערן. פון ציים צו צייט פלעגן זיי ביידע אַוועקגיין פון דער געריכט־געביידע, נאָך עפּעס א קישעפּדיקע קראַפּט פלעג זיי ציען צוריק. אַז עמעצער פלעג אַרויסגיין פון געריכט־זאַל און דערציילן, וואָס דאָרט קומט פֿאָר, פלעג טאָם גיריק אופכאַפּן יעדער וואָרט; נאָך נייס פלעגן אָנקומען זייער ניט קיין פריילעכע: דער אומגליקלעכער פּאָטער האט זיך אַלץ מער און מער פאַרפּלאָנטעט. צום סאָף פון צווייטן טאָג זיינען אַלע אין שטעטל איבערצייגט געווען, אז אינדזשען דזשאָס איידעס־זאָגן איז ניט אָפּגעלייקנט און אַז מ׳קאָן אַפילו ניט צווייפלען דערין, וואָס פאר א אורטייל וועלן אַרויסטראָגן די געשוואוירענע ריכטער.

טאָם האט זיך אין אָט־דער נאכט שפּעט אומגעקערט אַהיים און איז, ווי דער שטייגער איז, אַריינגעקראָכן דורכן פענצטער. ער איז געווען שרעקלעך אופגערעגט. ס׳זיינען דורך עטלעכע שאָ ביז ער איז אַנשלאָפן געוואָרן. אַפן צווייטן טאָג האט זיך די גאַנצע שטאָט געשטופּט לעבן דעם געריכט־זאַל, ווייל געווען איז עס דער גרויסער אורטייל־טאָג. דער זאַל איז אָנגעשטאָפּט געווען מיט מאַנסבלען און פרויען. סאָפּקאָלסאָף זיינען אַריינגעקומען די געשוואוירענע ריכטער און האבן זיך אַוועקגעזעצט אף זייערע ערטער. פּאָטער איז שוין געזעסן אף דער באַשולדיקונגס־באַנק, א בלייכער, אויסגעדאַרטער, צעמישטער, אין קייטן,— פון דער באַשולדיקונגס־באַנק האָט ער זיך אַלעמען געוואָרפן אין די אויגן. אַף א אָנגעזען אָרט איז געזעסן אויך אינדזשען דזשאָ,— ער איז געווען רואיק אַזוי ווי שטענדיק. ס׳האָט ווידער געדויערט א פויזע, דערנאָך זיינען אַריינגעקומען די ריכטער, און דער שעריף האָט געמאָלדן, אַז די זיצונג איז אָפן. ס׳האָבן גענומען שעפּטשען זיך די אַדוואָקאַטן; די סעקרעטאַרן האבן גענומען שורשען מיט די פּאַפּירן. ס׳האט זיך פילן געלאָזט די אַטמאָספער פון נערוועזער, אָנגעשטריינגטער דערוואַרטונג.

דעם ערשטן האט מען אַרויסגערופן דעם איידעס, וואס האָט געזען, ווי מעף פּאָטער האָט זיך געוואַשן אין דער ריטשקע אינם פרי פון יענעם טאָג, ווען מ׳האט אַנטפּלעקט דעם מאָרד. דער איידעס האט דערציילט, ווי מעף פּאָטער האט, דערזעענדיק אים, גענומען אַנטלויפן. דער פּראָקוראָר האט געשטעלט דעם איידעס נאָך עטלעכע פראַגן און האט זיך דערנאָך געווענדעט צום פאַרטיידיקער:

— איצט איז אייער ריי

דער באַשולדיקטער האט אופגעהויבן די אויגן אַפן פאַרטיידיקער, נאָך האט זיי טייקעף אַראָפּגעלאָזט צוריק, ווען דער פאַרטיידיקער האָט א זאָג געגעבן:

די אינגלעך האָבן אויך איצט געטון בלויז דאָס, וואָס זיי פֿלעגן אָפֿט פֿריער טון; זיי האָבן דורך דער גראַטע איבערגעגעבן פּאָטערן אַביסל טאַבאַק און שוועבעלעך. געזעסן איז פּאָטער אין אונטערשטן גאָרן, קיין וועכטער איז לעבן אים ניט געווען.

פּאָטערס דאַנקבאַרקייט איז זייער גרויס געווען, און זי פֿלעג זייער באַ־אומרואיקן די אינגלעכס געוויסן. הייִנטיקס מאָל האָט זי זיי נאָך מער געשטאָכן. זיי האָבן זיך דערפֿילט, ווי נידערטרעכטיקע פֿאַרעטער, ווען פּאָטער האָט צו זיי אַ זאָג געגעבן:

— וואוילע קינדערלעך זייַנט איר, — איר האָט מער פֿון אַלעמען ראַכמאָנעס אַף מיר. און איך וועל עס ניט פֿאַרגעסן. איך רעד אָפֿט צו זיך אַליין: איך פֿלעג דאָך אַלע קינדער צורעכטמאַכן די לופֿט־באַלאָנען און פֿלעג זיי קאָלערליי קונצן וויַיזן, ווי אַזוי בעסער צו כאַפּן פֿיש, און נאָך אַסאַך, אַסאַך זאַכן — מיר פֿלעגן גוטע פֿרייַנט זייַן; און אַצינד, אַז מיטן אַלטן פּאָטער האָט אַ אומגליק געטראָפֿן, האָבן אים אַלע, אַ כוץ טאָמען און העקן, פֿאַרגעסן; אָט־די לייט, טראַכט איך מיר, וועלן מיך ניט פֿאַרגעסן, און איך וועל זיי אויך ניט פֿאַרגעסן. יאָ, קינדערלעך, איך האָב אָפּגעטון אַ שרעקלעכע זאַך: זעט אויס, דער בראָנפֿן האָט מיר אַזוי דעם קאָפּ פֿאַרדרייט — נאָר דערמיט קאָן איך עס זיך דערקלערן... און איצט וועט מען מיך דערפֿאַר אופֿהייַנגען — און ס'איז אַ מיצווע. ס'איז, מעגלעך, טאָקע בעסער פֿאַר מיר, — איך האָף, אַז ס'איז בעסער. נו, לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן. איך וויל אייך קיין יעסורים ניט אָנ־טון — איר זייַנט זיך מיט מיר באַגאַנגען ווי גוטע פֿרייַנט. איך וויל אייך בלויז אָט־וואָס זאָגן: אויב איר ווילט ניט אַרייַנפּאַקן זיך אהער, טרינקט ניט, קינדערלעך: אַז אַ מענטש איז שיקער, קאָן ער ניט געוועלטיקן איבער זיך. שטעלט זיך אַביסל אין אַ זייט אַריין, אָט אַזוי: אַז אַ מענטש געפֿינט זיך אין אַזאַ אומגליק, פֿרייט אים זייער דערזען אַ פֿרייַנטלעך פּאָנים. צו מיר אהער קומט קיינער ניט צו גיין, אַכוץ אייַך. וואוילע קינ־דערלעך · זייַנט איר. קריכט אַרויף איינער דעם אַנדערן אַף דער פּלייצע, קעדיי איך זאָל קאָנען צורירן זיך צו אייך. אָט־אַזוי. נו, אַצינד גיט אייַ־ערע הענט — אייערע הענט וועלן דאָך דורכקריכן דורך דער גראַטע, און מייַן האַנט איז צו גראָב. קלייַנינקע הענטעלעך באַ אייך און שוואַכינקע, און דאָך האָבן זיי מיטגעהאָלפֿן מעף פּאָטערן און וואָלטן נאָך מער מיט־געהאָלפֿן, ווען זיי וואָלטן געקאָנט.

טאָם איז אינגאַנצן צעבראָכן אוועקגעגאַן אַהיים. די גאַנצע נאַכט האָבן זיך אים געכאָלעמט שרעקלעכע כאַלוימעס. אַפֿן צווייטן און אַפֿן דריטן טאָג האָט ער זיך פֿון אינדערפֿרי ביז אַפּדערנאַכט אַרומגעדרייט לעבן דעם געריכט, — ס'האָט אים געצויגן אַרייַנצוגיין אינעווייניק, נאָר

— וואס מע שמועסט? איינס און דאָסזעלבע: מעף פּאָטער, מעף פּאָטער, מעף פּאָטער. ס'הייבט מיך אָן צו טרייסלען, אַז איך הער עס,— כ'וואָלט אנטלאָפן און זיך אין אויסרייסעניש אויסגעבאהאלטן.

— אט־אט, מיט מיר איז אויך אזוי. און ער איז דאך א פארפאלע־נער מענטש! דו האסט ניט קיין ראכמאָנעס אף אים, העק?

— נו, יאָ, זייער אָפּט אפילע. ער איז א נישטיקער מענטש, אבער קיין שלעכטס טוט ער דאך קיינעם ניט. ער פלעג כאפּן פיש, קעדיי ס'זאל זיין פארוואס אויסצוטרינקען, און פלעג זיך מער פון אלץ ארומ־שלעפן פוסטעפּאס... נו, גאָטעניו, אלע טוען מיר דאך אַזוי, אדער קי־מאַט אזוי. און ער איז פונדעסטוועגן א גוטער: איינמאל האט ער מיר אוועקגעשיינקט א האלבן פיש, וואס ער האט באַהאַלטן זיך אף מיטאָג, בעאיים דער האַלבער פיש האט קאם אַף איין מענטשן געקלעקט. און וויפל מאל האט ער זיך אָנגענומען פאַר מיר און מיך פון אומגליקן אַרויסגעראַטעוועט!

— און מיר פלעג ער צורעכטמאכן די קריקלעך אַף די ווענטקעס. ס'וואָלט זיך געגלוסט אַרויסראַטעווען אים פונדאָרטן.

— עך, אט האסטו אַ זאג געגעבן! ווי אַזוי וועלן מיר אים אַרויסראַ־טעווען? אויב מירן אים אַרויסלאזן, וועט מען אים ווידעראַמאָל פאַקן.

— י — יאָ, מ'וועט אים פאַקן. אבער איך קאן מאמעש ניט הערן, ווי מע שעלט אים פאַר אַ זאַך, וואס ער האט ניט געטון.

— איך אויך, טאָם. פאַרשטייסט, פלוצלינג נעמט מען ריידן, אַז ס'איז באַ אים אַ עכט־גאַזלאָנישע צורע, און מע כידעשט זיך, וואס מע האט אים שוין לאַנג ניט אופגעהאַנגען!

— יאָ, יאָ, אַזוי זאגט מען! איך האב אליין מיט מיינע אויערן גע־הערט, אז אויב מע וועט אים באפרייען, וועלן אונזערע באַכורים אַליין צערעכענען זיך מיט אים לויטן לינטש־געזעץ *).

די אינגלעך האבן נאך לאנג געשמועסט, נאר קיין גרויסע טרייסט האבן זיי אין אט־דעם שמועס ניט געקראָגן.

צווישן טאָג און נאַכט האבן זיי זיך ארומגעדרייט ארום דער קליי־נער פאַרוואָרפענער טורמע, — זיי האבן א טונקעלע האָפענונג געהאט, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכס וועט זיי מיטהעלפן אַרויס פון דער ביי־טערער לאַגע. אָבער ס'האָט גאָרניט ניט געטראָפן: זעט אויס, ניט די מאַלאָכים, ניט די מאכשייפעס האָבן זיך ניט אינטערעסירט מיטן אומ־גליקלעכן אַרעסטאַנט.

*) לינטש־געזעץ — איז ניט קיין געשריבענער געזעץ. מיט דעמדאָזיקן נאָמען רופט מען אָן א „זעלבסטגעריכט", ד. ה. יענע פאַלן, ווען דאָס פאָלק אליין באַשטראָפט די, וואָס עס רעכנט פאַר שולדיק, ניט אָנקומענדיק צו ריכטער און צום געזעץ.

# קאַפּיטל XXIV.

ס'איז באַשטימט געוואָרן דער מישפּעט איבערן דאָקטערס מערדער. די פאַרשלאָפענע אַטמאָספער פונם שטעטל איז סאָפּקאָלסאָף אופגעטרייסלט געוואָרן. אין שטעטל האָט מען געהאַלטן אין איין שמועסן וועגן דעם מישפּעט: ניט געוועז וואוהין אהינצוטון זיך פון אָט־די שמועסן. באַ וועלכן ס'ניט איז רעמעז אַפן מאָרד פלעג באַ טאָמען דאָס בלוט אין די אָדערן גליווערן; דער אומריינער געוויסן און די אייגענע פּכאָדים האָבן אים איינגערעדט, אַז אַזעלכע שמועסן פירט מען ניט גלאַט־אַזוי, אַז־דאָס „באַטאַפּט" מען אים. פון די שמועסן פלעג אים די גאַנצע צייט פיבערן. ער האָט אוועקגעפירט העקן אין אַ שטיל ערטל, קעדיי אַביסל שמועסן מיט אים און כאָטש אַביסל לייכטער מאַכן זיך אַפן האַרצן דורך איינטיילן די לאַסט פונם אומגליק אַף צוויי. כּוק אַלעמען, האָט ער געוואָלט איבערצייגן זיך דערין, אַז העק קאָן האַלטן ס'מויל.

— העק, דו האָסט עמעצן אויסגעזאָגט?

— וועגן וואָס?

— דו ווייסט אַליין, וועגן וואָס.

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין.

— קיין איין וואָרט ניט?

— קיין איין ווערטעלע ניט, זאָל איך אָט־דאָ איינגעשלונגען ווערן! פאַרוואָס פרעגסטו עס?

— גלאַט אַזוי, איך האָב מוירע געהאַט.

— נו, טאָם סאָיער, דאָס וועט זיין אַ מיעסע מאַיסע, אויב מירן אַרויספּלאַפּלען: מירן בלייבן אָן קעפּ. דו ווייסט דאָך אַליין וואויל.

טאָמען איז גרינגער געוואָרן אַפן האַרצן. ער האָט אַביסל געשוויגן, דערנאָך האָט ער אַ פרעג געגעבן:

— העק, דיך וואָלט דאָך קיינער ניט געקאָנט צווינגען אויסצוזאָגן?

— צווינגען מיך אויסצוזאָגן? נו, ניין! סיידן ס'וועט זיך מיר פאַרגלוסטן, אַז דערדאָזיקער טייוול, דער מעטיס, זאָל מיך דערטרינקען, דעמאָלט וועל איך זיך דערלויבן אויסזאָגן, — ניט אַנדערש.

— אָט דאָס איז וואויל. איך האַלט, אַז קאָלומאַן מיר האַלטן ס'מויל, וועט אונז קיינער ניט אָנרירן. און פונדעסטוועגן, לאָמיר זיך ווידעראַמאָל שווערן, אַז מירן שווייגן. אַזוי וועט זיכערער זיין.

— איך בין מאַסקים.

און זיי האָבן ווידעראַמאָל געשוואוירן זיך מיט דער געהעריקער פייערלעכקייט.

— און וואָס שמועסט מען, העק? אַף וועמען טייט מען? איך האָב זיך אַזויפיל אָנגעהערט, אַז איך הייב שוין ניט אָן צו פאַרשטיין.

האט טאָמען אַלץ מער און מער געדריקט; פֿאַריִעשט האט ער זיך, טאָם, אַ לאָז גְעטון זוכן טרייסט בּאַ העקלבּערי פֿינען; נאָר אויך העק האט אים באגעגנט מיט אַ פּאָסוק פֿון דער ביבל. דאס איז טאָמען דערגאַנגען די יאָר; ער האט זיך קאָם דערשלעפּט אַהיים און איז אַריינגעקראָכן אין בעט אריין, פֿילנדיק, אז ער איז אין שטעטל די איינציקע אָף־אייבּיק־פֿאַרלוירענע נעשאָמע.

באַנאַכט האט זיך צעווילדעוועט אַ שרעקלעכער שטורעם מיט אַ גאָסרעגן און הילכיקע דונער־קנאַלן. טאָם האָט זיך איבּערן קאָפּ איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע און האָט אין שוידער געוואַרט אַפֿן אומקומען: ער האָט אפֿילע ניט אָנגעהויבּן צו צווייפֿלען, אַז אָט־דער גאַנצער שטורעם־טאַראַראַם איז ניט איבּער אים. ער איז געווען זיכער, אַז מיט זיינע זינד האָט ער פֿון די קיילים אַרויסגעבּראַכט די אויבּערשטע קרעפֿטן — און אָט דאָס זיינען די רעזולטאַטן. ווען עמעצן וואָלט איינגעפֿאַלן אַרויסטרעטן מיט אַן אַרטילערישער באַטאַרײ קעגן אַ וואַנץ, וואָלט טאָם געוויס געהאַלטן, אַז ס'איז אומזיסט־אויסגעבּראַכטע מי, נאָר ס'האט אים לאַכלוטן ניט־מעשונדיק אויסגעזען דאָס, וואָס דער הימל האט אָנגעשיקט אַזאַ טייערקאָסטנדיקן געוויסער קעדיי צו פֿאַרטיליקן אַזאַ נישטיק באַשעפֿעניש, ווי ער, טאָם.

בּיסלעכווייס האָט זיך דער שטורעם איינגעשטילט און איז דורך, ניט אויספֿילנדיק זיין שליכעס. טאָם האָט טייקעף באַשלאָסן ווערן אַ לייט, קעדיי בּאַדאַנקען דעם אויבּערשטן, — טייקעף נאָך אָט־דעם באַשלוס האָט ער בּאַשלאָסן צוּוואַרטן אַבּיסל, ווייל — עפּשער וועט שוין קיין געוויטערס מער ניט זיין.

אַפֿן צווייטן טאָג איז אויסגעקומען נאָכאַמאָל רופֿן דאָקטוירים: די קריינק האָט זיך אומגעקערט. די דריי וואָכן, וואָס ער איז אָפּגעלעגן אָף דער פּלייצע צו בעט, האָבּן בּאַ אים אַצינד אויסגעזען, ווי אַ אייבּיקייט.

אַז ער איז סאָפּקאָלסאָף אַרויסגעגאַן פֿון שטוב, האָט ער זיך אַפֿילע ניט געפֿרייט דערמיט, וואָס ער איז געבּליבּן לעבּן, — ער האָט געדיינקט, ווי פּוסט ס'איז אַצינד אַלץ אַרום און ווי עלנט איז ער איצט. ער האָט, ניט ארומקוקנדיק זיך, געשפּאַנט איבּער דער גאַס און האָט געטראָפֿן דזשאָ כאָליפֿן, פֿאָרשטעלנדיק מיט זיך אַ געריכט־פֿאָרזיצער, וואָס מישפּעט פֿאַר מערדעריי אַ קאַץ אין אָנוועזנהייט פֿונם קאָרבּן גופֿע — דעם פֿאַרציקטן פֿייגעלע. אַבּיסל ווייטער זיינען אין אַ שטיל ערטל געזעסן דזשאָ גאַרפֿער און העקלבּערי פֿין און האָבּן געגעסן אַ צוגעגאַנווועטן קאַוון. אומגליקלעכע קינדער! ס'איז אויך בּאַ זיי, ווי בּאַ טאָמען, פֿאָרגעקומען אַ רעצידיוו פֿון דער קריינק.

האָט טאָמען אינגאַנצן אנטוישט: ער איז געווען, מ״ר בענטאָן, זייער, זייער קורצוואוקסיק.

ס׳איז געקומען צו פאָרן א צירק. די אינגלעך האָבן דריי טעג נאָכדעם געשפילט זיך אין צירק־שפילן, — זיי האָבן אופגעשטעלט ביידלעך פון אלטע געלעכערטע טעפּיכער און גענומען באַ אינגלעך צו דריי, באַ מיידלעך צו צוויי שפּילקעס פאַר ארייננגאנג; דערנאָך אָבער איז אויך דאָס נימעס געוואָרן.

דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ היפּנאָזירער, און נאָך זיין אָפּפאָרן איז נאָך לאנגווייליקער געוואָרן. מע פלעג אַמאָל איינאָרדענען אָוונט־מאָלצייטן פאַר די אינגלעך און מיידלעך, נאָר טרעפן פלעג עס אזוי זעלטן און זיין פלעג אַזוי אנגענעמען, אז די צווישן־מעשעכס האָבן זיך נאָך אומעטיקער געצויגן.

בעקי טעטשער איז אַוועקגעפאָרן אף זומער צו אירע עלטערן, אין אַ צווייט שטעטל, וואָס האָט געהייסן קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און נאָך איר אָפּפאָרן איז דאס לעבן אינגאַנצן פינצטער געוואָרן.

דער שרעקלעכער מאָרד־סאָד האט ניט אופגעהערט צו פייניקן טאָמען. דער סאָד האט טאָמען אלעמאָל דערמאנט אין זיך מיט שווערן אומופהערלעכן ווייטיק.

און דאָ איז טאָם פלוצלינג שלאַף געוואָרן אף מאָזלען.

אין מעשעך פון צוויי לאנגע וואָכן איז ער געלעגן צו בעט, אָפּגעשיידט פון דער לעבעדיקער וועלט. ער איז זייער קראַנק געווען, און ס׳האט קיין זאך אים ניט אינטערעסירט. אַז ער האָט זיך סאָפּקאָלסאָף געשטעלט אַף די פיס און ער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעגאַן, שאָקלענדיק זיך, אין רדויסן ארויס, האָט ער באַמערקט אומעטום א גרויסע, טרויעריקע ענדערונג. אלע אין שטעטל האָבן זיך איצט א ווענד געטון צו דער רעליגיע — ניט בלויז די דערוואקסענע, נאָר אַפילע די אינגלעך און מיידלעך.

טאָם האט ארומגעשפּאנט, האָפענענדיק צו טרעפן כאָטש איין זינדיק פּאנים, אבער אומעטום האט אף אים אנטוישונג געווארט. ער האט געטראָפן דזשאָ גארפּערן כאזערנדיק דעם עוואנגעליום און ער האט זיך געאיילט אוועקגיין פון אָט־דעם ניט־אינטערעסאנטן בילד. ער האט גענומען זוכן בען ראָדזשערסן און האט אים געטראָפן ארומגייענדיק איבער די הייזער פון די אָרעמעלייט מיט א קויש, וואס איז אָנגעפולט מיט גאָטספּאָרכטיקע ביכלעך. אז ס׳האט זיך אים ענדלעך איינגעגעבן צו פאַקן דזשאָ כאָליפּן, האט מיט אים דזשאָ גענומען איינטאַיבען, אז ער דאַרף, טאָם, דאַנקען דעם אויבערשטן פאַר זיין קריינק, וועלכע איז אים צוגעשיקט פון הימל ווי אן אַסראָע. יעדער נייע באַגעגעניש

האָט אַלע זיינע האָפענונגען ארופגעלייגט אפן פרידנס־ריכטער פראַזער, וואָס איז איצט געלעגן אַפן גסיסע־בעט. דער ריכטער איז אַ אָנגעזעע־נער באַאַמטער, מע וועט אים געוויס באַגראָבן מיט גרויס פּאַראַד, וועט ער, טאָם, הייסט עס, קאָנען פאַרן גאַנצן אוילעם באַווייזן זיך אין דער פּאַראַד־פּאָרם פון דער געזעלשאַפט. אין מעשעך פון דריי טעג. האָט טאָם גוואלדיק אינטערעסירט זיך מיטן ריכטערס געזונט־צושטאַנד און האָט אַלע רעגע זיך אָנגעפרעגט, ווי האַלט דער ריכטער. אָפט פלעגן זיינע האָפענונגען שוין אַזוי זיכער זיין, אַז ער פלעג אַרויסנעמען פון קאַסטן זיין מונדיר און דעם רויטן פאַס און, שטייענדיק פאַרן שפיגל, אָנמעסטן זיי. נאָר דערנאָך פלעג דעם ריכטער בעסער ווערן, דערנאָך — ווידער־אַמאָל ערגער, דערנאָך ווידער בעסער, — אָט־די ענדערונגען האָבן טאָ־מען זייער אומעטיק געמאַכט. סאָפּקאָלסאָף, האָט מען געמאָלדן, אַז דער ריכטער ווערט געזונט. טאָם האָט זיך דערפילט אַזוי באַליידיקט, אַז ער איז טייקעף אַרויסגעטראָטן פון דער געזעלשאַפט, — האָט דער ריכטער אין דערזעלבער נאַכט געגומען און איז אוועקגעשטאָרבן פון א נייעם קריינק־אָנפאַל. טאָם האָט באַשלאָסן, אַז נאָך אָט־דעם איז אומעגלעך צו געטרויען מענטשן. די לעוואַיע איז אַ פּאַראַד־לעוואַיע געווען. די יונגע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבן שטאָלץ געשפּאַנט אין זייערע מונדירן, ווי זיי וואָלטן באַשלאָסן אומברייינגען פון קינע זייער געוועזענעם כאַווער טאָם סאָיער.

דערפאַר אָבער איז טאָם אַצינד געווען שוין אַ פראַנק־און־ פרייער מענטש — דאָס איז אויך עפּעס דערווערט געווען. ער האָט געמעגט טריב־קען און זידלען זיך, וויפל ס'האָט זיך אים נאָר געגלוסט. נאָר אַ מאָדנע זאַך! אַצינד האָט זיך עס אים ניט געגלוסט שוין. דער פּאָשעטער פאַקט, וואָס אַצינד איז עס דערלויבט געווען, האָט געטויט דעם כיישעק.

טאָם האָט זיך געכידעשט, באַמערקנדיק, אַז די לאַנג־געגאַרטע קאַ־ניקול־צייט ווערט אים נימעס.

ער האָט אָנגעהויבן פירן אַ טאָגבוך, נאָר אין מעשעך פון דריי טעג איז גאָרניט ניט געשעען, און ער האָט געוואָרפן דעם טאָגבוך.

פאַרסטראַנעט האָט אין שטעטל אריין אַ נעגרישער כאָר און האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טאַראַראַם. טאָם און דזשאָ גאַרפער האָבן זיך טיי־קעף באַהעפט מיטן כאָר און זיינען געווען גליקלעך גאַנצע צוויי טעג.

אפילע דער גרויסער טאָג, 4־טער אין יוני כוידעש, איז דורך אביסל ניט געלונגען! ס'איז געגאַן אַ רעגן, און מ'האָט ניט געקאָנט איינאָרדענען קיין פּראָצעסיע, — דער גרעסטער מענטש אף דער וועלט (ווי טאָם האָט גערעכנט), מיסטער בענטאָן, דער סענאַטאָר פון די פאַרייניקטע שטאַטן,

ער האט געפילט, אַז אלע בליקן זיינען געווענדעט אף אים, און ער האט געמיינט, אַז דער איניען גייט שוין גלאַטיק; אָבער דער געלעכטער אין קלאַס האט ניט אופגעהערט, — פאַרקערט, ער האט זיך אלץ געשטאַרקט, דער געלעכטער. און לאַכן איז טאַקע געווען פון וואס! פונקט איבערן לערערס קאָפּ איז געווען א לאָך אין דער סטעלי, און דורך אָט־דער לאָך האט זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אף א שטריקל א קאַץ, אַרומגעבונדן מיט א שטריק אַרום קערפּער. איר קאָפּ איז שטייף צונויפגעצויגן מיט א שמאַטקעלע, קעדיי זי זאָל ניט מיאַוקן. זי האט זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט, די קאַץ, האט זיך געשליינגלט מיטן גאַנצן קערפּער און האט זיך געצויגן אַרוף, באמיענדיק זיך א כאַפּ טון מיט די נעגל דעם שטריק. אָבער געכאַפּט האט זי בלויז די לופט. דאָס כיכיקעניש איז אַלץ העכער געוואָרן. די קאַץ איז שוין געווען סאַכאַקל א זעקס ווערשקעס די ווייט פונם לערער, וואס איז פאַרטון אין זיין אַרבעט... אָט איז זי שוין נידעריקער... נאָך נידעריקער... איין אויגנבליק, און פון איעש האט זי זיך אַריינגעשניטן מיט די נעגל אין לערערס פאַרוק און איניינעם מיט דעם טראָפּיי האט זי זיך מאָמענטאַל א צי געטון אַרוף און איז פאַרשוואונדן אין לאָך. דער אוילעם איז דערשטוינט געוואָרן. אַרום מיסטער דאָבינס׳ פּליכיקן קאָפּ האט זיך פלוצלינג צעגאָסן א וואונדערלעכע שיין: דעם מאַלערס זון האט אים אָפּגעגילדט דעם פּליך!

נאָך אָט־דער געשעעניש איז זיך די פאַרזאַמלונג פאַנאַנדערגעגאַן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די קאַניקול־צייט.

## קאַפּיטל XXIII.

טאָם איז אַריינגעטראָטן אין דער ניי־געגרינדעטער „געזעלשאַפט פון פיינע מאַיסים״. צוגעצויגן האָט אים אין דער געזעלשאַפט דער גלאַנץ פון אירע אָרדן־צייכנס. די מיטגלידער פון אָט־דער געזעלשאַפט פלעגן געבן א ניידער ניט רויכערן, ניט קייען קיין טאַבאַק און ניט ריידן קיין מיעסע רייד. אומגעריכט פאַר זיך אליין, האָט טאָם אַנדעקט, אַז צוזאָגן ניט טון עפּעס איז דאָס זיכערסטע מיטל אַף צו שטאַרקן אין מענטשן דעם כיישעק צו טון טאַקע דאָס פאַרבאָטענע. ס׳האָט זיך אים, טאָמען, שרעקלעך פאַרגלוסט טרינקען און זידלען זיך, און דער כיישעק איז געווען אַזוי גרויס, אַז בלויז די האָפענונג אַרויסשפּאַנען פאַר אַ גרויסן אוילעם אין אַ שיינעם רויטן פאַס האָט אים אָפּגעהאַלטן פון ארויסטרעטן פון דער געזעלשאַפט. ס׳האָט זיך דערנעענט דער 4־טער יוני, נאָר טאָם האָט אינגיכן אופגעהערט צו טראַכטן וועגן אָט־דעם טאָג און

טייקעף נאָכדעם האָט זיך באַוויזן אַ ברוינע, שווארצאויגיקע פריילן, האָט געמאַכט אַ עפעקטפולע פויזע, האָט צוגעגעבן דעם פּאָנים אירן אַ טראַגיש אויסזען און האָט אָנגעהויבן:

„אַ זעאונג, — די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע און א שטורעמ־דיקע, ארום דעם הימל-טראָן האָט קיין איין שטערן ניט געציטערט, נאָר אַנשטאָט דעם האָבן אין די אויערן געציטערט דונער־קנאַלן, און שוידערלעכע בּליצן האָבן צאָרנדיק דורכגעדרונגען דורך דעם פאַר־וואָלקנטן הימל, — ס'האָט אויסגעזען, אז זיי פאַראַכטן די שליטע, וואָס ס'האָט געקראָגן איבּער זיי דער באַרימטער פראַנקלין*). אפילע די ווילדע ווינטן האָבן געמאַכט יאַדאַכעס און האָבן פאַרלאָזט זייערע באַ־העלטענישן און האָבן אַזוי געווילדעוועט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט נאָך שוידערלעכער מאַכן דאָס שרעקלעכע בילד. אין אָט־דער שאָ פון פינ־צטערניש און שוידער האָט מיין גייסט געגאַרט נאָך מענטשישן מיטגע־פיל, נאָר אנשטאָט דעם האָט זיך באַוויזן זי — דער בעסטער פריינט מיינער, מיין טרייסט, מיין יועץ און אָנפירער, מיין פרייד און מיין בראָכע" א. א. וו., א. א. וו.

דער גאַנצער כיבּער האָט געהאַלטן צען זייטלעך און פאַרענדיקט האָט ער זיך מיט אַ אומגעהייער־שטריינגער דראָשע. מ'האָט איינגעפונען, אַז ס'איז א אויסגעצייכנטער כיבּער, און מ'האָט אים באַלוינט מיט דעם ערשטן מעדאַל. דער מער פון שטעטל האָט דערלאנגט דעם מעכאַבּער דעם מעדאל און האָט געהאלטן דערבּיי א ווארעמע רעדע. ער האָט פאַרזיכערט, אז „אף זיין לעבן האָט ער ניט געהערט קיין שענערע מעליצע און אז מיט אַזאַ זאַך וואָלט געקאָנט שטאָלצירן אפילע דאניעל וועקסטער אליין".

דער לערער, וועלכער איז גאָר פריילעך געוואָרן, האָט אָפּגערוקט זיין שטול, האָט אויסגעקערעוועט זיך מיט דער פּלייצע צו דער אוידי־טאָריע און האָט גענומען מאָלן אפן טאָוול די קאַרטע פון אמעריקע, קעדיי נאָכדעם עקזאַמענירן אלע קלאַסן אין געאָגראַפּיע־לימעד. אָבער די האַנט זיינע האָט אים ניט געוואָלט פאָלגן, און איבערן קלאַס איז דורך א איינגעהאלטן כיכיקעניש — ער האָט געוואוסט, דער לערער, פון וואָס מע לאַכט, און האָט געמיט זיך נעמען אין די הענט אריין. ער האָט אָפּגעווישט דאָס אָנגעמאָלטע און האָט באנייס געמאָלט, נאָר ס'האָט זיך באַקומען נאָך ערגער, און דאָס כיכיקעניש איז אַלץ העכער גע־וואָרן. ער האט ווי באַשלאָסן א סאָף צו מאַכן צו דער ניט־פּאַסיקער סימכע און האט קאָנצענטרירט זיין גאַנצע קאַוואָנע אף דער אַרבּעט.

*) וועניאַמין פראַנקלין — א באַרימטער אמעריקאַנער געלערנטער, וואָס האָט געלעבט אין XVIII-טן יאָרהונדערט. ער האָט געמאַכט עקספּערימענטן איבּער דער דאן אומבאוואוסטער עלעקטרי און האָט דערפונדן דעם דונעראָפּוועגד.

באַגלייט מיט אַפּלאָדיסמענטן פון אוילעם, אינגאַנצן אַ רויט־געוואָרענע און גליקלעכע, אוועקגעזעצט זיך אף איר אָרט.

דערנאָך איז מיט קלאָמפּערשטער וואויל־יונגערישקייט אַרופגעגאַן אף דער עסטראַדע טאָם סאָיער און האָט אָנגעהויבן דעקלאַמירן די אלטע באַרימטע ליד: „באַפרייט מיך, באַפרייט, אָדער האַרגעט מיך, לייט", ווילד־צאָרנדיק העכערנדיק דאָס קאָל און שטאַרק זשעסטיקולירנדיק; צו־געקומען ביז האלב ליד, האָט ער זיך פאַרסטאָמפּעט. ס'איז אים אַ פאַ־כעד באַפאַלן; ס'האָט אים געבראָכן אין די פיס, אין האַלז האָט אים עפּעס געוואָרגן, ער האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסריידן. עמעס, די צוהערער האָבן, זעט אויס, סימפּאַטיזירט אים, אָבער זיי האָבן דאָך געשוויגן, — אָט־דאָס שווייגן האָט נאָך מער געדריקט טאָמען, ווי זייער מיטגעפיל.

דער לערער איז אָנגעברויגעזט געוואָרן, און דאָס איז גאָר דערגאַן די יאָר טאָמען. ער האָט זיך געראַנגלט נאָך אביסל און איז, אינגאַנצן פאַרשעמט, אַראָפּ פון דער עסטראַדע. ס'זיינען געווען פּרואוון אונטער־האַלטן אים מיט אַפּלאָדיסמענטן, נאָר זייער שוואַכע.

ווייטער זיינען געגאַן: „דאָס אינגל איז געשטאַנען אף דער פלאַ־קערנדיקער שיף..."‚ „די אסירים זיינען געגאַן, ווי וועלף אַף א טשע־רעדע שאָף..." און אַנדערע מוסטער־אויסצוגן פאַר דעקלאַמאַציע. דער־נאָך האָבן די שילער פאַרוועט זיך איינער מיטן אנדערן אין אויסדריק־לעך לייענען. די שיטערע גרופּע לאַטיין־קענער האָט גאַנץ פיין אויסגע־האַלטן דעם עקזאַמען. דערנאָך האבן די יונגע לעדים געלייענט זייערע אייגענע כיבורים. איינע נאָך דער אַנדערער זיינען זיי ארויסגעגאַן צום ברעג עסטראַדע, האָבן דורכגערייניקט דעם האַלז, האָבן אַרויסגענומען די קסאַוויאַדן, וואָס זיינען אַרומגעבונדן מיט שייניקע סטיינגעלעך, און האָבן גענומען לייענען, אָפּהיטנדיק ווי ס'דאַרף צו זיין די פּונקטואציע־צייכנס.

די טעמעס פון די כיבורים זיינען געווען דיזעלבע טעמעס, אף וועלכע ס'האָבן געשריבן די מאמעס, באבעניוס און עלטער־באבעניוס פון אָט־די פריילנס, העט ביזן דאָר פון די קרייץ־צוגן: „פריינטשאפט", „זיכרוינעס וועגן אמאָל־געטראָפנס", „דאָס לעגענדאַרישע קעניגרייך", „די מאַילעס פון בילדונג", „טרויער", „ליבע צו עלטערן" און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

דער ערשטער פאָרגעלייענטער כיבער האָט געהייסן: „איז אָט וואָס אַזוינס איז דאָס לעבן". דאָס פאָרלייענען דעמדאָזיקן כיבער האָט אלע־מאָל איבערגעריסן א באַגוטנדיקער געמורמל: „ווי פיין ס'איז!", „ס'אַראַ פרעכטיקע מעליצע", „ס'אַראַ עמעס!" און א. וו.

האט פאַר וואס אים פיינט צו האבן, דעם לערער. דעם לערערס פרוי האט גראָד באשלאָסן אַף עטלעכע טעג אוועקפאָרן צו אירע באַקאַנטע צו גאַסט,— האט, הייסט עס, גאָרניט ניט געקאנט שטערן דעם נעקאָמע־פלאַן.

דער לערער האט געהאט א טעווע אין פייערלעכע פאלן אָנ־שיקערן זיך, און דעם מאלערס זון האט צוגעזאָגט די כאווירים, אַז אין אָוונט פון עקזאמען, ווי נאר דער לערער וועט אָנטרינקען זיך און וועט אנשלאָפן ווערן אין זיין שטול, וועט ער, דעם מאַלערס זון, „אַלץ איינאָרדענען", און אַליין וועט ער אַנטלויפן.

אַלץ איז דורכגעגאַן גרויסאַרטיק.

אַכט אַזייגער אין באַשטימטן אָוונט איז די שול־געביידע געווען העל באַלויכטן און פאַרפוצט מיט בלעטער און קווייטן. דער לערער איז געזעסן אינדערהייך, אין אַ גרויסער שטול. הינטער אים האָט זיך גע־פונען אַ שוואַרצער טאָוול. אף זיין פּאָנים איז צו דערקאָנען געווען, אז ער האָט זיך פיין מעכאַבעד געווען. זעקס רייען ביינק אַקעגן דעם לע־רער און צו דריי פּעדערשטע ביינק פון יעדער זייט זיינען פאַרנומען געווען דורך די אמט־לייט פון שטעטל און דורך די עלטערן פון די שי־לער. לינקס, הינטער די ביינק פון די שטאָט־איינוואוינער, אף א ברייי־טער צייטווייליקער עסטראדע זיינען געזעסן די שילער, וואָס האָבן באַ־דאַרפט אַנטייל נעמען אין היינטיקן עקזאַמען: רייען פון קליינע אינג־לעך, ארומגעוואשענע, אויסגעפוצטע, וועלכע פילן זיך שרעקלעך ניט־גוט אין זייערע פאַראַד־גאַרניטערס; רייען פון לעפּישע באָכורימלעך; ענדלעך, רייען פון מיידלעך און יונגע לעדיס, פאַרפוצטע אין באַטיסט, וועלכע פאַרגעסן אף קיין איין רעגע ניט אין זייערע נאַקעטע הענט, אין זייערע ראָזע און בלויע סטיינגעס, אין די קווייטן אף זייערע קעפּ. די איבעריקע ערטער זיינען פאַרנומען געווען דורך די שילער, וואָס נעמען ניט קיין אַנטייל אין עקזאַמען.

אָנגעהויבן האָט זיך עס דערמיט, וואָס אַ פּיצעלע אינגעלע איז אופ־געשטאַנען און האָט שעמעוודיק דורכגעדעקלאַמירט: „האָט איר אמאָל גע־ריכט זיך דען, אַז אַ פּיצל אינגל זאָגן קען...", באַגלייטנדיק די דעקלאַ־מאַציע מיט געקינצלטע, צאַפּלענדיקע באַוועגונגען, ווי אַ מאשין, אין וועלכער ס'איז עפּעס קאַלי געוואָרן. פונדעסטוועגן, האָט ער בעשאָלעם דערשלעפּט זיך ביזן סאָף, איז באלוינט געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן, האָט זיך פאַרנויגט, פונקט ווי דער לערער האָט מיט אים איינגעכאַזערט, און איז אַוועקגעגאַן.

אַ קליין מיידעלע מיט אַ פאַרשעמט פּענימל האָט דורכגעמורמלט: „געווען באַ מערין אַ שעפּעלע", האָט געמאַכט אַ לעפּישן קניקסן און האָט,

לאָזן פון דער טפיסע, און דאָס נודנע זיצעניש אין שול האט בא אים אויסגעזעען, ווי ניט קיין גרויסע צאָרע.

אַז טאָם האט זיך געלייגט שלאָפן אין אָט־דעם אָוונט, האט ער גע־פלאַנעוועט ווי אַזוי נעקאָמע צו נעמען אין אַלפרעד טעמפּלען: פול מיט ביזאָיען און כאַראָטע, האט בעקי דערציילט אים אַלץ. זי האט אויך ניט פאַרגעסן דערציילן וועגן איר אייגענעם פאַרברעכן קעגן אים; אָבער אַפילו דער דורשט נאָך נעקאָמע האט אינגיכן אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פאַר אנגענעמענע געדאַנקען. ביזן סאַמע איינשלאָפן האבן אין טאָמס אויערן געקלונגען בעקיס לעצטע ווערטער:

— טאָם, ווי האָסטו עס געקאָנט זיין אַזוי איידל!

## קאַפּיטל XXII.

ס'איז שוין געווען ניט ווייט פון קאַניקול־צייט. דער לערער, וואָס איז שטענדיק שטריינג געווען, איז געוואָרן נאך שטרייינגער און הארבער. ס'האָט זיך אים געוואָלט, אַז אַלע שילער זאָלן זיך אויסצייכענען בעאייס די עקזאַמענס. זיין שטעקן און זיין ווירע זיינען איצט זעלטן געלעגן אָן ארבעט, באזונדערס האָבן זיי געשמאַק געאַרבעט אין די אינגערע קלאסן. בלויז די גרויסע אכצניאָריקע — צוואנציקיאָריקע באָכורים און מיידן האבן קיין שום שטראָף ניט געקראָגן. באַשטראָפן פלעג מ״ר דאָבינס גאַנץ פיין, ווי ס'דאַרף צו זיין, ווייל, כאָטש ער האָט באַהאַלטן אונטערן פאַרוק א לאכלוטן הוילן, גלאַנצנדיקן שאַרבן, נאָר אלט איז ער נאך ניט געווען, און מוסקולן האט ער פאַרמאָגט געזונטע. וואָס נעענטער ס'איז געווארן דער גרויסער טאג, האט זיך אלץ שאַרפער אַנטפּלעקט זיין שטענדיקע נעטיע צו טיראַנעריי. ער האט, זעט אויס, גוואַלדיק האַנאָע געהאט פון באַשטראָפן פאַר סאַמע נישטיקע מאַיסים. מאַכמעס דעם פלעגן די אינגערע אינגלעך באַטאָג ליידן פון פאַכעד און ווייטיק און באַנאַכט פלאַנעווען נעקאָמע־פלענער. זיי פלעגן ניט דורכ־לאָזן קיין איין פאַל אף אָפּצוטון א שפּיצל דעם לערער. אָבער זיינען זיי דען אימשטאַנד געווען גלייכן זיך מיט אים? נאך יעדער גע־לונגענעם שפּיצל פלעגן די שילער באַקומען אַזאַ היפשן לוין, אַז זיי פלעגן שטענדיק בלייבן דערינטער אינם קאַמף. סאָפּקאָלסאָף, האבן זיי געמאַכט א פאַרשווערונג און האָבן צוגעטראכט אַזאַ נעקאָמע־פּלאַן, וואס האט באַדאַרפט ברייינגען צום פולקומען ניצאָכן. זיי האָבן דער־ציילט דעם סאָד דעם זון פונם שילדן־מאלער און האבן אים איינגע־רעדט ער זאָל זיי מיטהעלפן. יענער איז ניספּאָעל געוואָרן: דער לערער פלעג שפּייזן זיך אין הויז פון זיין פאָטער, און דאס אינגל האט גע־

לערער האט זיך איינגעקוקט אין אַלע פּענימער נאָכאַנאַנד, זוכנדיק סימאָנים פון שולד.

— בענדזשאַמען ראָדזשערס, דו האסט צעריסן דעם בוך?

— ניין.

ווידער א פויזע.

— דזשאָזעף גאַרפער, דו?

ווידער — ניין. טאָמס אופגערעגטקייט איז אַלץ מער און מער גע־וואָקסן; אָט־די פראַגן און ענטפערן זיינען פאר אים געווען, ווי א שווערע צעצויגענע פּײַן. דער לערער האט אויסגעפרעגט אַלע אינגלעך, האט אביסל אַ טראַכט געטון און האט זיך געווענדעט צו די מיידלעך:

— עמי לאַורענס?

עמי האט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ אף ניין.

— גרעסי מילער?

דאָסזעלבע.

— סיוזאַנע גאַרפער, דו האסט עס געטון?

ווידער — ניין. איצט איז די ריי דערגאַן צו בעקי טעטשער. טאָם האט אינגאַנצן געפלאַטערט פון אופגערעגטקייט און פונם געדאַנק, אז די לאַגע איז אויסוועגלאָז.

— רעבעקאַ טעטשער (טאָם האט א קוק געטון אף איר פּאָנים; ס'איז, דאס פּאָנים, בלייך געוואָרן פאר מוירע), ניט דו האסט עס צע־ריסן... ניין... קוק מיר גלייך אין פּאָנים אריין (זי האט מיט געבעט אופגעהויבן די הענט)... ניט דו. האסט עס צעריסן אָט־דעם בוך?

אין טאָמס מויעך איז דורכגעפלויגן א געדאַנק ווי א בליק. ער איז אופגעשפּרונגען און האט אויסגעשריגן:

— דאָס האב איך געטון!

די גאַנצע שול האט דערשטוינט אויסגעסטאַרטשעט די אויגן אַפן דולן אינגל, וואס האט אָפּגעטון אזא שוידערלעכע זאַך. טאָם איז גע־שטאַנען א רעגע, קעדיי קומען אַביסל צו זיך. אז ער האט זיך, ענד־לעך, געלאָזט גיין צו יענעם ווינקל, וואו ס'האָט געוואַרט אף אים די שטראָף, וואָלטן אים די פאַרכידעשקייט און די דאַנקבאַרקייט, וואס האבן זיך געלויכטן אין בעקיס אויגן, באלוינט אַפילע פאר הונדערט שמיץ. פארכאַפּט דורך דער גרויסאַרטיקייט פון זיין העלדנטאַט, האט ער אָן איין געשריי איבערגעטראָגן די אַכזאָריעסדיקע עקזעקוציע און האט פּונקט אַזוי קאַלטבלוטיק אופגענומען אויך די הויסאָפּע־שטראָף — דעם באַפעל פארבלייבן אין שול אף אַ צוויי שאָ נאָך די לימודים. ער האט גע־וואוסט, ווער ס'וועט אף אים וואַרטן אין הויף, ווען מ'וועט אים אַרויס־

אַז ער האָט אַליין, קען זיין, ניט־אומיסטן בעאייס שפּילן זיך איבערגעקערט דאָס טינטערל אָפן בוך,— געלייקנט האָט ער עס טכילעס בלויז צוליב „פּאַסאָן" און ווייל אַזוי הייסט דער מינעג, דערנאָך האָט ער איינגע־שפּאַרט געלייקנט, קעדיי באַווייזן שטייפן כאַראַקטער.

דורך איז א גאַנצע שאָ; דער לערער האָט געדרימלט, געשמאָרעט מיט דער נאָז אַף זיין טראָן. מאַכמעס דער הודעניש פון די שילער, וואָס כאַזערן די לימודים, איז די לופט אַליין שלעפעריק געוואָרן. ענדלעך, האָט זיך מ״ר דאָבינס אויסגעגלייכט, האָט אַ גענעץ געטון, האָט אופ־געעפנט דעם שופלאָד און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט אַף צו נעמען דעם בוך, נאָך, זעט אויס, ניט האָבנדיק באַשלאָסן צי נעמען אים, צי ניין. דאָס ראָוו שילער האָט געקוקט דערוף מיט לאַנגווייַליקע אויגן, בלויז צוויי האָבן נאָכגעשפּירט נאָך מיסטער דאָבינס יעדער באַוועגונג. א שטיק צייט האָט מ״ר דאָבינס צעטראָגענערהייט געדרייט אין דער האַנט דעם בוך, דערנאָך האָט ער אים אַרויסגענומען און האָט זיך באַק־וועם אוועקגעזעצט אין שטול, גרייטנדיק זיך לייענען.

טאָם האָט אַ קוק געטון אַף בעקין. גאָטעניו! ס׳אַראַ ראַכמאָנעסדיק, צעטומלט פּאָנים בא איר! ווי בא אַ קראָליקל, וואָס מ׳האָט אָנגעצילט זיך אַף אים פון א ביקס. טאָם האָט טייקעף פאַרגעסן אין זיין קריג מיט איר. מ׳דאַרף טייקעף עפּעס אופטון, טאַקע טייקעף, ניט פאַרזאַ־מענדיק קיין רעגע! נאָר די שאַרפקייט פון דער געפאַר האָט פאַראַלי־זירט זיין דערפינדערישע קראַפט. סאָפּקאָלסאָף—א גלענצנדער געדאַנק! ער וועט צולויפן, וועט אַרויסרייסן דעם בוך פון לערערס הענט, וועט אַרויסשפּרינגען דורך דער טיר—און פאַרטיק! נאר ער האָט אַף א רעגעלע זיך א קווינקל געטון און האָט אָנגעוואוירן דעם פּאַסיקן מאָמענט: דער לערער האָט אופגעעפנט דעם בוך. ווען ס׳וואָלט מעגלעך געווען אומצור־קערן דעם אָנגעוואוירענעם מאָמענט! „צו שפּעט! אַצינד קאָן מען שוין בעקין ניט ראַטעווען!"—האָט טאָם גערעדט צו זיך. נאָך איין רעגע—און דעם לערערס אויגן האָבן אַ שפּאַציר געטון איבערן קלאַס. אַלע אויגן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אונטערן דרוק פון זיין בליק. אינם בליק איז געווען עפּעס אַזוינס, אז אַפילע די אומשולדיקע האָבן פלאַטערן גענומען פאַר פּאַכעד. ס׳איז שאַ־שטיל געוואָרן. אין מעשעך פון דער פויזע האָבן א טייל שילער באוויזן אָפּצוציילן ביז צען; דער לערער האָט אין זיך געקליבן דעם גרימצאָרן.

סאָפּקאָלסאָף, האָט ער א זאָג געגעבן:

— ווער האָט צעריסן אָט־דעם בוך?

קיין איין קלאַנג ניט. אין קלאַס איז געווען אַזוי שטיל, אז מע וואָלט בעקאָנט הערן, ווי א שפּילקע פאַלט. די שטומעניש האָט געדויערט; דער

שמייסן! אַלע זיינען זיי, מיידעלעך, אַזעלכע—געפּעסטעטע, פּאַכדאָנים. איך וועל, פאַרשטייט זיך, ניט זאָגן דעם אַלטן דאָבינס ווען אָט־דער קליינער טיפּשע, נאָר ס׳איז דאָך אַלצײנס. קיינער ווערט זיך ניט אָנרופן. וועט ער דעמאָלט נעמען אויסרופן איינציקווייס, ווי ער טוט עס שטענדיק, און אַז ער וועט דערגיין צו דער שולדיקער, וועט ער לויטן פּאָנים, ניט פרעגנדיק אַפילו, דערקאַנען, אַז זי איז שולדיק. בא די מיידעלעך קאָן מען שטענדיק דערקאָנען אפן פּאָנים,—זיי קאָנען גאָרניט פאַרבאָרגן. נו, וועט זי, פאַרשטייט זיך, ארייַנכאַפּן. אַריינגעפאַלן אַצינד בעקי טעטשער — זי וועט זיך שוין אַצינד ניט אויסדרייען! ער האָט אַביסל געטראַכט, טאָם, דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: „אַ מיצווע אף איר! זי וואָלט צופרידן געווען, ווען איך זאל זיך אַריינפּאַקן,— זאָל זי אַליין דערפילן דעם טאַם“.

און טאָם איז אוועק צו דער כאָפּטע כאַוויירים, וואס שפּילן זיך אין הויף. אין עטלעכע רעגעס אַרום איז אָנגעקומען דער לערער, און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די לימודים. טאָם האָט ניט באַזונדערס אינטערעסירט זיך מיטן לימעד. ער האָט אַלע רעגע אַ קוק געגעבן אין דער זייט, וואו ס׳זיצן די מיידעלעך, און יעדער מאָל האָט אים אופגערעגט בעקיס פּאָנים. ער האָט לאַכלוטן ניט געוואָלט ראַכמאָנעס האָבן אף איר, און פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן פון ראַכמאָנעס האבן. ער האָט אַפילו ניט געקאנט אַרויסרופן בא זיך עפּעס ענלעכס אף פרייד און סימכע. נאָר אָט האָט אינגיכן דער לערער אַנדעקט, אַז טאָמס בוך איז פאַרגאָסן מיט טינט, און טאָמס אופמערקזאַמקייט האבן אינגאנצן פאַרשלונגען זיינע אייגענע איניאָנים. בעקי האָט אף א צייט באַפרייט זיך פון איר דערשלאָגנקייט און האָט זיך היפּש פאַרינטערעסירט מיט דער געשעעניש. זי האָט ניט גערעכנט, אַז טאָמס טאַינעס וועגן דעם, אַז ניט ער האָט גאר אויסגעגאָסן דעם טינט אפן בוך, זאלן אים קאנען באַפרייען פון דער שטראָף,— און זי איז גערעכט געווען. טאָמס טאַינעס האבן נאָך ערגער געמאכט דעם איניען. בעקי האָט געמיינט, אַז זי וועט זיך פרייען דערמיט, און האָט געפּרוּאווט זיך איינריידן, אַז זי פרייט זיך, נאָר ס׳איז גאָר ניט לייכט געווען. אַז ס׳איז דערגאַן צום סאַמע ערגסטן, האָט זיך איר שרעקלעך פאַרגלוּסט אופשטיין און זאָגן, אַז געטון האָט עס אלפרעד טעמפל; נאָר זי האָט זיך געצוואונגען בלייבן זיצן רואיק,— זי האָט זיך געטראַכט: „ער וועט דאך סייוויסיי אויסזאָגן, אַז איך האָב צעריסן דאָס בילדל. איז אָט, וועל איך טאַקע קיין וואָרט ניט זאָגן! ווען כ׳זאָל אַפילו אים דאָס לעבן דאַרפן ראַטעווען דערמיט!“

טאָם האָט באַקומען זיין ביילעק שמיץ און האָט זיך אומגעקערט אף זיין אָרט לאַכלוטן רואיק. ס׳האָט זיך אים געדאַכט פאַר גאַנץ מעגלעך,

שופלאָד עפּעס א סוידעסדיקן בוך, און בעאיים די אינגלעך פּלעגן שרייבן די פאַרגעבענע לימודים, פּלעג ער זיך פאַרטיפן אין בוך. דעמדאָזיקן בוך האט ער געהאַלטן פאַרשלאָסן אונטער א שליסל. ניט געווען קיין איין אינגל אין שול, וועלכער זאָל ניט כאַלעשן כאָטש מיט איין בליק א קוק טון אין אָט דעם בוך, נאָר ס'איז אַלץ ניט אויסגעקומען. יעדער שילער און יעדע שילערן האט געהאַט זיינע, אירע סוואָרעס וועגן דעם, וואָס פּאר א בוך ס'איז, אָבער דערוויסן זיך אף געוויס איז אומעגלעך געווען. היינט גראָד, פאַרבייגייענדיק לעבן דעם קאַטעדרע, וואס איז געשטאַנען ניט־ווייט פון דער טיר, האט בעקי באַמערקט, אז דער שליסל שטעקט אין שלאָס: דער לערער האט אים פאַרגעסן אַרויסנעמען. איז דען מעג־לעך געווען דורכצולאָזן אַזא זעלטענעם פאַל? בעקי האט זיך אַרומגע־קוקט: ארום איז ניט געווען קיין איין לעבעדיקער נעפעש. אין אַ רעגע אַרום האט זי שוין געהאלטן דעם בוך אין די הענט. דאָס קעפּל „אַנאַטאָמיע” האט איר גאָרניט ניט דערקלערט, האט זי גענומען בלע־טערן די בלעטלעך... אַפן ערשטן בלעטל האט זי טייקעף אָנגעטראָפן אף א שיין־אָנגעמאָלטער און שיין־באַפאַרבטער מענטשישער פיגור. אין אָט־דער רעגע איז א שאָטן געפאַלן אפן בלעטל: אף דער שוועל איז געשטאַנען טאָם סאָיער,—ער האט אויך אף איין אויגנבליק דערזעען דאס בילד. בעקי האט שנעל אַ פאַרמאַך געגעבן דעם בוך, און אַזוי ניט־געלונ־גען, אז זי האט אף האַלב צעריסן דאָס בלעטל מיטן געמעל. זי האָט א וואָרף געטון דעם בוך אין שופלאָד אַריין, האט א דריי געטון דעם שליסל אין שלאָס און האט זיך צעוויינט פון בושע און גרימעניש.

— טאָם סאָיער! דאס פּאַסט טאַקע זייער פאר אייך. ס'אַראַ מיעס־קייט — אונטערגאַנוועגען זיך הינטן־אַרום און נאָכקוקן וואס מע טוט!

— פאַרוואָס עפּעס נאָכקוקן? כ'האב דען געקאַנט וויסן, וואס איר טוט?

— שעמט זיך, טאָם סאָיער! איר וועט, פאַרשטייט זיך, מאַסערן מיך, איז וואס וועל איך דעמאָלט טון? מ'וועט מיך געוויס אָנשמייסן, און מיך האט מען קיינמאָל ניט געשמיסן אין שול.

זי האט אַ טופּע געטון מיטן פיסל און האט געזאָגט:

— נו, זאל זיין אַזוי, אויב איר זיינט אזא מיעסער פאַרשוין! איך ווייס אויך עפּעס. וואַרט־צו, אָט וועט איר זען, וואס ס'וועט זיין. ווע־רעמדיקער! ווערעמדיקער! נידעריקער מענטש!

און זי איז מיט געיאָמער אַרויסגעלאָפן פון צימער.

טאָם איז געבליבן שטיין, געפּלעפּט פון אָט־דעם פּלוצלימדיקן אָנ־פאַל. דערנאָך האט ער צו זיך געזאָגט:

„ס'ארא מעשונעדיקע און נאַרישע זיינען זיי, אָט־די מיידלעך! מ'האט זי קיינמאָל ניט געשמיסן אין שול! אויך מיר א זאך, מ'וועט זי אָנ־

## קאַפּיטל XXI.

אַף דער מומע פּאָליס פּאָנים איז בעאייס זי האָט א קוש געטון טאָמען געווען עפּעס אַזוינס, וואָס דערפון איז טאָמען ווידער געוואָרן גוט און גרינג אַף דער נעשאָמע. ער איז אַוועקגעגאַן אין שול אַריין, און ס'האט אים אָפּגעגליקט: אַף דער לאָנקע האט ער זיך באַגעגנט מיט בעקי טעטשער. טאָם פלעג שטענדיק טון דאָס, וואָס די פּלוצלינג־אָנגעפלויגענע שטימונג האט אים געהייסן. אַצינד איז ער, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך אף קיין רעגע, צוגעלאָפן צו בעקין און האט אַ זאָג געגעבן:

— איך בין זיך היינט באַגאַן זייער מיעס, בעקי, און ס'טוט מיר אַזוי באַנק!.. איך וועל שוין מער קיינמאָל, קיינמאָל אין לעבן ניט טון אַזוי. לאָמיר זיך איבערבעטן, ווילסט?

בעקי האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט מיט פאַראַכטונג אַ קוק געטון אים אין פּאָנים אַריין.

— איך וועל אייך זייער באַדאַנקען, מיסטער טאָמאַס סאָיער, אויב איר וועט מיך לאָזן צורו. איך רעד מער ניט מיט אייך!

זי האט א טרייסל געטון מיטן קאָפּ און איז פאַרבייגעגאַן. טאָמען האט עס אַזוי געערגערט, אז ער האָט אַפילע ניט באַוויזן אָפּצוענטפערן: „כ'בעט אייך, ס'אַרא אומגליק! איך שפּיי דערוף!“ — דערנאָך איז שוין צו שפּעט געווען: די פּאַסיקע רעגע איז פאַרביי. דעריבער האט ער גאָרניט ניט געזאָגט, ער איז נאר אין גרויס גרימצאָרן אַריין. ער האָט אָנגעברויגעוט אַרומגעשפּאַנט איבערן שול־הויף, — ס'האט אים זייער באַנק געטון, וואס בעקי איז ניט קיין אינגל און ער קאָן זי ניט אָנעריקן. זי איז גראָד פאַרבייגעגאַן און האט א וואָרף געטון אַ שטעכווערטל אין זיין זייט אַריין, ער האט איר מיט א שטעכווערטל אָפּגעענטפערט. דאָס האט נאָך מער פאַרשארפט דעם פאַנאַנדערגאַנג. בעקי איז אַזוי אין קאַס געווען, אז זי האט קאָם דערוואַרט זיך די לימודים זאָלן זיך אָנהייבן — אַזוי האט זיך איר געוואָלט, אַז טאָמען זאָל וואס גיכער אַריינפליען פארן פאַרדאָרבענעם בוך. אויב ס'האט זיך נאָך בא איר געהאט ערגעץ טיף אינעווייניק פאַרטאַיעט א געדאַנק וועגן מאַסערן אַלפרעד טעמפּלען, איז דער געדאַנק טייקעף פאַרשוואונדן געוואָרן נאָך טאָמס שטעכוואָרט.

אומגליקלעכע בעקי! זי האט ניט געוואוסט, אז אף איר אַליין וואַרט שוין אן אומגליק.

דער לערער, מ־ר דאָבינס, איז געווען א באַיאָרטער מענטש מיט א ניט־באַפרידיקטער ליבע צו קאָוועד. א טרוים געווען בא אים — ווערן א דאָקטער, נאר מאַכמעס אָרעמקייט האט ער געמוזט ווערן און בלייבן א שול־לערער. אלע טאָג פלעג ער אין קלאַס ארויסנעמען פון טיש־

קאַליע ווערן. דעריבער האָב איך אריינגעלייגט די קאָרע אין קעשענע און בין שווייגנדיק אַוועקגעגאַן.

— וואָס פאַר אַ קאָרע?

— טאַקע יענע, אַף וועלכער כ'האָב אייך אָנגעשריבן, אַז מיר זיי־נען געוואָרן גאַזלאָנים. אַצינד טוט מיר אַזוי באנק, וואָס איר האט זיך ניט אופגעכאַפּט, ווען כ'האָב אייך אַ קוש געטון, ס'טוט מיר שרעק־לעך באַנק, — אף מיין וואָרט!

דער רויגעז איז פארשוואונדן פון דער מומעס פּאָנים, אין אירע אויגן האט זיך צארטקייט צעלויכטן.

— עמעס, טאָם? האָסט מיך אַ קוש געטון?

— נו, יאָ, אַ קוש געטון.

— ביסט זיכער דערין?

— נו, יאָ, זיכער, פאַרשטייט זיך.

— צוליב וואָס האָסטו עס מיך אַ קוש געטון?

— ווייל איך האָב אייך אַזוי ליב, און איר האָט אַזוי געקרעכצט פון שלאָף, און כ'האָב אזוי ראכמאָנעס געהאט אף אייך.

— גיב מיך אַ קוש,״ טאָם! און אַצינד גיי אין שול אריין און טשעפּע זיך מער ניט צו מיר.

אין אַ רעגע אַרום האָט טאָם שוין געשפּאַנט אין שול אריין, און די מומע פּאָלי האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין קאַמערל אריין, וואו ס'איז געהאַנגען דער נישער פון טאָמס רעקל, וואָס ער האט געטראָגן בעאייס זיין גאַזלענעווען. זי האט גענומען דאָס רעקל אין די הענט אריין, נאָר האָט זיך פלוצלינג פארטראַכט. זי האט גערעדט צו זיך אליין:

— ניין, איך קאָן עס בא זיך ניט פויעלן. אומגליקלעך אינגל! איך בין זיכער, אַז ער האט אַ ליגן געזאָגט; אָבער אַזאַ ליגן איז צו גוטן. דערדאָזיקער ליגן האָט מיך אזוי געטרייסט. כ'האָף, כ'וויס, אַז גאָט וועט אים מויכל זיין, ווייל געזאָגט האָט ער עס פון גוטהארציקייט. נאָר מיר ווילט זיך ניט איבערצייגן זיך, אַז ס'איז אַ ליגן, — כ'וועל ניט קוקן!

זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס רעקל און האט אַ רעגע געטראַכט, קוקנ־דיק דערוף; דערנאָך האָט זי ווידער אויסגעשטרעקט די האנט, האָט ווידער אַ שלעפּ געטון די האַנט צוריק, און אזוי צוויי מאָל; ענדלעך, האָט זי באַ זיך געפּויעלט, שטאַרקנדיק זיך מיטן געדאַנק: „דערדאָזיקער ליגן איז מיט אַ גוטן מײַן און פון אַ גוט האַרץ, — איך וועל ניט דער־לויבן זיך יעסורים האָבן דערפון". אין אַ רעגע ארום האָט זי שוין געלייענט די שורעס, וואָס טאָם האָט געהאט אויסגעקריצט אפן שטיקל קאָרע. זי האָט געווײנט פאר גליק און האט גערעדט צו זיך אליין:

— כ'וואָלט געקאָנט מויכל זיין אָט־דעם אינגל הונדערט טויזנט זינד!

קער קאַטאָוועס, אַצינד אָבער האט ער געזעען, אז באַגאַן איז ער זיך נאַריש און מיעס. ער האט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האט די ערשטע רעגע ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. דערנאָך האט ער געזאָגט:

— מומעניו, ס'טוט מיר באנק וואס כ'האב עס געטון; איך האב זיך ניט באטראַכט.

— אַך, קינד, דו טראַכסט קיינמאָל ניט. דו טראכסט קיינמאָל וועגן גאָרניט, אַכוץ דיין אייגענעם פאַרגעניגן. געקומען איז דיר אפן זינען קומען אַהערצו פונם דזשעקסאָן־אינזל באַנאַכט, קעדיי אָנקווען פון אונ־זער אומגליק. איינגעפאַלן איז דיר דעם קאָפּ מיר צו דולן מיט מאַיסעס וועגן דיינעם אַ כאָלעם. אָבער ראַכמאָנעס האָבן אַף אונז און באַפרייען אונז פון יעסורים — דאָס האָסטו ניט געהאַט אינזינען.

— מומעניו, איך פאַרשטיי אַצינד, אז ס'איז געוועזן זייער מיעס פון מיין זייט, נאָר כ'האב ניט געוואָלט אזוי טון, אף מיין וואָרט, ניט גע־וואָלט. און דעמאָלט אַפדערנאַכט בין איך געקומען ניט קעדיי כויזעק מאַכן פון אייך.

— איז צוליב וואָס־זשע?

— איך האָב געוואָלט זאָגן אייך, אז איר זאָלט קיין יעסורים ניט האָבן, זאָגן אייך, אז מיר זיינען ניט דערטרונקען געוואָרן.

— טאָם, טאָם! איך וואָלט זיך גוואַלדיק דערפרייט, ווען איך זאָל קאָנען גלויבן, אַז ס'איז דיר איינגעפאַלן אַזאַ גוטער געדאַנק. אָבער דו ווייסט דאָך אליין, אז מיט דיר טרעפט ניט אַזעלעכס. איך ווייס עס אויך.

— ס'איז עמעס, מומע, הוילע עמעס, איך בין צוליבדעם געקומען, מומעניו! זאָל איך פון אָט־דעם אָרט ניט רירן זיך, אויב איך זאָג אַ ליגן!

— אַך, טאָם, זאָג ניט קיין ליגן, זאָג ניט קיין ליגן! דאָס איז נאָך הונדערט מאָל ערגער.

— דאָס איז ניט קיין ליגן, מומעניו, דאָס איז עמעס. ס'האט מיך זייער געאַרט, וואָס איר האט יעסורים, — בין איך דעריבער געקומען.

— איך וואָלט אַוועקגעשיינקט אַלץ אַף דער וועלט, ווען איך וואָלט דיר גלויבן געקאָנט, דאָס וואָלט אויסגעקויפט אַלע דיינע זינד. איך וואָלט אפילע געפרייט זיך דערמיט, וואָס דו ביסט אַנטלאָפן און האָסט אַזאַ שלעכטס אָפּגעטון, אָבער איך בין ניט אימשטאַנד גלויבן דערין. פאַרוואָס־זשע האסטו זיך דעמאָלט ניט באוויזן מיר, קינד מיינס?

— זעט איר, מומעניו, אַז איר האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער לע־וואַיע, איז מיר טאַקע איינגעפאַלן דער געדאַנק — פאַרקריכן אין קלויס־טער אריין און אויסבאַהאַלטן זיך, — ס'האט בא מיר אויסגעזעען אזוי אינטערעסאַנט, אז איך האב ניט געקאָנט דערלאָזן, אונזער אופטו זאל

וועט זי אָנקוקן די בילדער, און דאָ איז זי פּלוצלינג אוועק. אַלפרעד האט זיך טרויעריק אַוועקגעזעצט אין ליידיק־געבליבענעם קלאַס. ער איז געווען פארשעמט און בייז. ווייזט אויס, דאס מיידעלע האט געשמועסט מיט אים נאָר קעדיי אַ רייך טון זיך מיט טאָם סאָיערן. פון אָט דעם געדאַנק האָט אין אים דערוואכט די סינע צו טאָמען. ס'האָט זיך אים געגלוסט צוטראַכטן עפּעס אַ שפּיצל דעם סוינע, אַזאַ שפּיצל, אין וועלכן ער, אַלפרעד, זאָל מיט גאָרניט ניט ריזיקירן. אין אָט דער רעגע איז זיין בליק געפאַלן אַף טאָמס כרעסטאָמאטיע־בוך. אָט איז אַ פּאַסיקער פאַל! אַלפרעד האט צעעפנט דעם בוך אף יענעם אָרט, וואו ס'איז פארגיבן געוואָרן דער לימעד, און האט פארגאָסן מיט טינט אַ גאַנץ בלעטל. בעקי האט פונקט אין אָט דער רעגע אַ קוק געטון דורכן פענצטער הינטער אים און האט דערזעען, וואס ער האט אָפּגעטון. נאָר זי איז אוועק, ניט זאָגנדיק אַ וואָרט. זי האט זיך געלאָזט לויפן אהיים, האָפענענדיק טרעפן טאָמען און דערציילן אים וועגן בוך: טאָם וועט זיך דערפרייען, וועט איר דאנקבאר זיין, און אַלע אומאנגענעמלעכקייטן וועלן זיך ענדיקן. נאָר אינמיטן וועג האט זי זיך באַטראַכט; זי האט זיך דערמאנט, ווי אזוי טאָם האט אומיסטן געמאכט זיך ניט הערנדיק, ווען זי האט גערעדט וועגן פּיקניק, און זי האט באשלאָסן ניט אריינמישן זיך אין אָט דעם איניען. זאָל מען אים אָנשמייסן פארן פאַרדאָרבענעם בוך,— איר איז אלציינס: זי האט אים פיינט!

## קאַפּיטל XX.

טאָם איז געקומען אַהיים אַ אָנגעברויגעזטער. פון דער מומעס ערשטע רייד האט ער פארשטאַנען, אז דאָ וועט זיין אומגליק קיין מיטגעפיל ניט טרעפן.

— נו, טאָם, איך וועל, דאכט זיך, די גאַנצע הויט פון דיר אַראָפּשינדן!

— מומעניו, וואָס האָב איך דען געטון?

— גענוג! איך, אַלטע טיפּשע, בין געגאַן צו מיסיס גאַרפּער, האָפענענדיק, אַז כ'וועל זי צווינגען זי זאָל גלויבן אין דיין כאָלעם, און וואָס האט זיך ארויסגעוויזן? זי האט זיך דערוואוסט בא דזשאָען, אז דו ביסט דאָ געווען. וואָס וועט זיין דער טאַכלעס פון אַזאַ מיעסן באָכער! איך קאָן עס שוין ניט אויסהאלטן! ווי האָסטו עס געקאָנט קיין וואָרט ניט אויסזאָגן און דערלאָזן כ'זאָל גיין צו מיסיס גארפּער, קעדיי אלע זאָלן לאַכן פון מיר, ווי פון אַ טיפּשע!

דערדאָזיקער צוגאנג איז פאַר טאָמען לאכלוטן ניי געווען. איינדערפרי האט זיין אופטו אויסגעזעען בא אים ווי אַ שיינער, שאַרפזיניר־

אַזוי, אַז זיי זאָלן דורכגיין פאַרביי דעם ביינקעלע. עמיס פריילעך פלאַפּלעריי איז אים סאָפּקאָלסאָף נימעס־אומאָעס געוואָרן. ער האָט איר, טאָם, מיט רעמאָזים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער דאַרף אוועקגיין צו־ליב אַ איניען, אַז ער איז זייער פּאַרנומען, — דאָס מיידעלע האָט אַלץ געערדט. „אַך, ווייסט דיך אַ רוך! — האָט טאָם געטראַכט — ווער איך טאַקע קיינמאָל פון דיר ניט פּאָטער ווערן?״ סאָפּקאָלסאָף, האָט ער געמאָלדן, אַז ער דאַרף צוגיין אַהיים, און איז אוועק, פּיינט קריגנדיק עמי לאַורענס טאַכלעס־סינע.

„וואָלט עס כאָטש געווען עמעצער אַנדערש! — האָט געטראַכט טאָם, — נאָר ניט אָט־דאָס פּראַנטיקל פון סאַן־לואי, וואָס מיינט, אַז ער איז אַזוי פיין אָנגעטון און אַז ער זעט אַזוי אַריסטאָקראַטיש אויס. נו, וואַרט צו! איך האָב דיך אָנגענעריקט אינם ערשטן טאָג, ווען דו האָסט זיך באַוויזן אין אונזער שטאָט, כ׳וועל דיך נאָכאַמאָל אָנעריקן. וואַרט נאָר צו, פּראַנטיקל — איך וועל דיך פּאַקן!״ און קעדיי לייכטער צו מאַכן זיך אַפן האַרצן, האָט ער, טאָם, גענומען פּאָכען מיט די הענט אינדער־לופטן, קלאָמפּערשט קלאַפנדיק דעם סוינע זיינעם, נעריקנדיק אים פון אַלע זייטן. „אָט האָסטו! אָט האָסטו! וואָס, האָסט אַריינגעכאַפּט? געגוג? נו, זע־זשע. אַ צווייט מאָל זאָל זיך דיר אַזוינס ניט גלוסטן״. און דער אויס־געפּאַנטאַזירטער געשלעג האָט זיך פאַרענדיקט מיט טאָמס פולקומען ניצאָכן.

צוועלף אַזייגער איז טאָם אַנטלאָפן אַהיים. בעקי האָט ווייטער באַ־טראַכט די געמעלן מיט אַלפרעדן; נאָר די צייט איז געגאַן, טאָם האָט זיך ניט אומגעקערט. דאָס האָט פאַרטונקלט איר טריומף־שטימונג; די געמעלן זיינען איר נימעס געוואָרן, זי איז געוואָרן ערנסט און צע־טראָגן, דערנאָך — אומעטיק, צום סאָף האָט זי זיך דערפילט גאָר אומ־גליקלעך און האָט שוין כאַראָטע געקראָגן, וואָס זי האָט דערפירט די נעקאָמע אַזוי ווייט. דער אומגליקלעכער אַלפרעד, באַמערקנדיק, אַז זי האָט, אומבאַוואוסט פאַרוואָס, אופגעהערט אים אינזינען האָבן, האָט גע־האַלטן אין איין אויסשרייען אַלעמאָל: „אַך, ס׳אַראַ שיין בילדל! גיט נאָר אַ קוק אויף אָט דעם בילדל!״ בעקי איז סאָפּקאָלסאָף אַרויס פון די קיילים און האָט אויסגעשריגן: „אַך, טשעפּעט זיך פון מיר אָפּ מיט אייערע בילדער! איר זיינט מיר נימעס״. זי האָט זיך צעוויינט און איז אוועק.

אַלפרעד איז איר נאָכגעלאָפן, האָט געפּרוווט זיך טרייסטן זי, נאָר זי האָט אַ זאָג געטון:

— גייט אוועק! איך וויל בלייבן אַליין, איר זיינט מיר נימעס!״

דאָס אינגל האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס אַזוינס האָט ער איר געטון: זי האָט דאָך צוגעזאָגט, אַז די גאַנצע האַפּסאָקע

לעבן שטורעם אַפן אינזל און וועגן דעם, ווי דער בליץ האט צעשמעטערט דעם גרויסן בוים „אַף פיק־פיצלעך", בעאייס ער איז געשטאַנען דריי שפּאַן די ווייט פון בוים.

— און איך מעג קומען? — האט געפרעגט גרעסי מילער.

— מעגסט.

— און איך? — האט געפרעגט סאַלי ראָדזשערס.

— פאַרשטייט זיך.

— און איך אויך? — האט געפרעגט סיוזי גאַרפער, — און דזשאָ מעג?

— יאָ, ווי דען!

אַלע האבן געפרעגט דיזעלבע פראַגע און האבן, באַקומענדיק א יאָ־ענטפער, געפּאַטשט פון פרייד מיט די הענט, — סאָפּקאָלסאָף, זיינען אַלע איינגעלאַדן געוואָרן, אַכוץ טאָמען און עמין. נאר טאָם איז רואיק אַוועקגעגאַנגען, ניט איבערייסנדיק דעם שמועס, און האט אַוועקגעפירט מיט זיך עמין. בּאַ בעקין האבן די ליפּן געציטערט און טרערן האבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן, נאר זי האט גיך באהאַלטן איר אופגערעגט־קייט אונטער קלאָמפּערשטער פריילעכקייט און האט ווייטער געפלאַפּלט מיט די כאַווערטעס; פונדעסטוועגן, צום פּיקניק האט זי אָנגעוואוירן דעם גאַנצן אינטערעס, אַלץ האט זי אינטערעסירן אופגעהערט; זי איז גיך־גיך אַוועק פון די כאַווערטעס, האט זיך באהאַלטן אין א שטיל ערטל און איז דאָרט געזעסן א באַליידיקטע און א אָנגעברויגעזטע, ביז ס׳האט א קלונג געטון דער רוף אין שול אַריין. דאַן האט זי זיך אופגעהויבן מיט נעקאָמע־גלאַנץ אין די אויגן און האָט, אַ טרייסל געבנדיק מיט די האָר, באַשלאָסן בא זיך, אַז איצט ווייסט זי וואָס זי האט צו טון.

בעאייסן איבערייס האט טאָם ווידער געפלאַפּלט מיט עמי לאַורענס און איז אומיסטן אַוועק געפינען בעקין, קעדיי אַ רייץ טון זיך מיט איר. ער האט זי געפונען אַף אַ ביינקעלע הינטער דער שול, — זי האט אריינגעקוקט אין אַ בוך מיט געמעלן צוזאמען מיט אלפרעד טעמפּל.ביידע זיינען אזוי פארטיפט געווען אין קוקן אין בוך אריין, אז זיי האבן, דאכט זיך, אין אלץ אף דער וועלט פארגעסן. טאָם האט זיך שרעקלעך געערגערט, וואָס ער האט אָפּגעשטויסן דעם גאַנג צו שאָלעם־ווערן, וועלכן ס׳האָט פאָרגעלייגט בעקי. ער האָט זיך אָנגערופן „טי־פּעש" און האט זיך אליין אויסגעזידלט מיט אלע זידל־ווערטער, וועלכע ער האָט נאָר געקאָנט דערמאָנען זיך. עמי האט ווייטער פריילעך גע־פלאַפּלט, נאָר טאָם איז ווי פארטומלט געוואָרן. ער האט ניט געהערט וואָס זי רעדט, און אז זי פלעג זיך אָפּשטעלן, ווארטנדיק אַף ענטפער, האט ער געמורמלט ניט קלאָרע ווערטער, וואס האבן ניט געהאט קיין שום שאַיכעס צו אירע רייד. דערבּיי האט ער די גאנצע צייט לאַווירט

ער איז אַוועקגעגאַנגען אין א זייט און איז צו צו א גרופּע אינגלעך און מיידלעך, פֿאַרבונדן מיט זיי א שמועס. איינגיכן האט ער דערזעען, אַז בעקי לויפט פריילעך הין און צוריק מיט א פלאַמענדיקן פּאָנים און גלאַנצנדיקע אויגן, ווי ס'וואָלט זי אינגאַנצן פארכאַפּט דאס נאָכיאָגן נאָך די כאַוווערטעס,— זי גיט אַלעמאָל א קוויטש, ווען ס'גיט זיך איר איין כאַפּן עמעצן; נאר אין דערזעלבער צייט האט טאָם באַמערקט, אז זי מידט זיך די גאַנצע צייט זיין נעענטער צו אים און אז זי שפּירט, זעט אויס, נאָך נאָך אים. זיין אייגנליבע האט דערפון זייער האַנאָע געהאַט, נאָר געמאַכט האט ער זיך, אז ער באמערקט זי ניט. דאן האט זי אופגעהערט יאָגן זיך נאָך די מיידלעך און האט גענומען אַרומשפּאַנען פונדערווייטנס, פון צייט צו צייט א זיפץ געבנדיק און הינטן־אַרום אַ קוק געבנדיק אַף טאָמען. פּלוצלינג האט זי באַמערקט, אַז טאָם שמועסט מער ווי מיט אַלעמען מיט עמי לאָורענס. זי איז צוגעגאַן נעענטער, האט זיך אָפּגעשטעלט קימאַט לעבן זיי און האט מיט א קלאָמפערשט־פריילעכן טאָן געווענדעט זיך צו איינער פון די כאַוווערטעס:

— ס'אַרא שלעכט מיידל דו ביסט, מערי־אַנא! פאַרוואָס ביסטו נעכטן ניט געווען אין דער זונטיק־שול?

— איך בין געווען — האָסט מיך דען ניט געזעען?

— ניין, ניט געזעען. וואו ביסטו דען געזעסן?

— ווי שטענדיק, אין מיס פּעטערס קלאַס. איך האב דיך געזעען.

— עמעס? מאָדנע, וואס כ'האָב דיך ניט באַמערקט. איך האב געוואָלט דערציילן דיר, אַז בא אונז וועט זיין א פּיקניק.

— אָך, דאס איז זייער אינטערעסאַנט. ווער אָרדנט אים איין, דעם פּיקניק?

— די מאַמע אָרדנט אים איין צוליב מיר.

— אַך, ווי וואויל סע איז! מיך וועט זי איינלאַדן?

— נו, פארשטייט זיך. דעם פיקניק אָרדנט מען דאָך איין צוליב מיר, — הייסט עס, די מאַמע וועט איינלאַדן אַלעמען, ועמען כ'וועל וועלן; דיך וויל איך.

— ס'איז זייער פּײַן פון דיין זייט. ווען וועט זיין דער פּיקניק?

— איך ווייס נאָך ניט; מעגלעך, בעאייס קאַניקולן.

— אָט וועט עס פריילעך זיין! דו וועסט רופן אַלע אינגלעך און מיידלעך?

— יאָ, אַלע, וואס זיינען כאַוויירים מיט מיר אָדער ווילן זיין מיט מיר כאַוויירים.

און זי האט ביגנייווע אַ קוק געטון אף טאָמען; נאר טאָם האט אין אָט־דער רעגע געהאַלטן אין דערציילן עמי לאַוּרענס וועגן דעם שרעק־

די קינדער-זיינען אַוועקגעגאַן אין שול אַריין, און די אַלטיטשקע איז אַוועקגעגאַן צו מיסיס גארפער — דערציילן וועגן טאָמס וואונדער-לעכן כאַלעם. סיד האָט ניט געפונען פאר נייטיק אַרויסזאָגן דאס, וואָס ער האָט געטראַכט, אַוועקגייענדיק פונדערהיים. געטראַכט האט ער אָט־וואָס:

— „ס'איז מיט ווייסע פעדים גענייט! איז דען מעגלעך צו זען אזאַ לאַנגן און קלאָרן כאַלעם! ס'איז אינגאַנצן אויסגעטראַכט".

ס'אַרא העלד איז איצט געוואָרן טאָם! ער האט ניט געיאָגט זיך און איז ניט אַרומגעשפּרונגען. ער האט זיך געהאַלטן שטאָלץ און מיט ווער־דע, ווי ס'פּאַסט פאר א פּיראַט, וואס פילט, אז אַלע אויגן קוקן אף אים. ער האט זיך געמיט מאַכן דעם אָנשטעל, אז ער באַמערקט ניט די בליקן, וואס זיינען געווענדעט אף־אים, און אז ער הערט ניט, וואס מע רעדט וועגן אים, נאר אין האַרצן בא זיך האט ער גרויס פאַרגעניגן געהאַט סיי פון די בליקן, סיי פון די רייד. קליינע אינגלעך זיינען כאַפּטעסווייס נאָכגעלאָפן נאך אים, שטאָלצירנדיק דערמיט, וואס ס'האָט אים ניט גע־אַרט זייער גיין לעבן אים — פונקט ווי ער וואָלט געווען, טאָם, א פּוי־קער, וואס גייט בעראָש פון א פּראָצעסיע, אָדער א העלפאַנד, וואס שפּאַנט פונפאָרנט, פאר א גרויסער כאַפּטע צירק־כאַיעס. אינגלעך פון זיין־גלייכן האבן זיך געמאַכט, ווי זיי וואָלטן קלאָמפּערשט ניט געוואוסט פון דער גאַנצער מאַיסע, אָבער מעקאַנע געווען האבן זיי אים גוואַלדיק. זיי וואָלטן אַוועקגעשיינקט אַלץ אף דער וועלט, אַבי באקומען אזא זון־פאַרברוינטע הויט און אזא גלענצנדיקן שעם. אָבער טאָם אַליין וואָלט די־דאָזיקע מאַילעס ניט אויסגעביטן אַצינד אף קיין צירק אַפילע.

אין שול האבן זיך די שילער אַזוי אַרומגעטראָגן מיט אים און מיט דזשאָען, אין אַלעמענס אויגן האט געשיינט אזאַ אַנטציקונג, אזביידע העלדן האבן אינגיכן אָנגעהויבן שרעקלעך גאַדלענען זיך. זיי האבן אָנ־געהויבן דערציילן זייערע פּאַסירונגען פאר די גיריקע צוהערער, נאָר טאַקע ניט מער ווי אָנגעהויבן; מיט אַזא פאַנטאזיע, ווי די, וואס האט זיך אַנטפּלעקט בא זיי, זיינען זיי ענדיקן ניט בעקויעך געווען. אַז זיי האָבן, סאָפּקאָלסאָף, אַרויסגעשלעפּט זייערע פּיפּקעס און גענומען לאַכלוטן קאַלט־בלוטיק רויכערן, האבן זיי דערגרייכט צום העכסטן שפּיץ פון באַרימטקייט.

טאָם האט באַשלאָסן, אַז אצינד קאָן ער זיך באַגיין אָן בעקי טע־טשער. גענוג פאר אים דער רום זיינער. ער וועט לעבן נאָר צוליב רום. אַצינד, אז ער האט אזאַ שעם, וועט זיך איר מיסטאם אַפילע וועלן איבערבעטן זיך. נו, זאָל זי גיין צו אַלדע גוטע יאָר! — זי וועט זען, אַז אויך ער קאָן זיין זייער, זייער גלייכגילטיק. פּונקט אין דער רעגע איז אָנגעקומען בעקי. טאָם האט זיך געמאַכט, אז ער באַמערקט זי ניט.

— ער האט געזאָגט, אַז ער האָפט, אז מיר איז בעסער דאָרט, וואו איך געפין זיך שוין. נאר, ווען איך וואָלט פריער בעסער געווען...

— גאָטעניו! איר הערט? דאס איז דאָך מאַמעש סידס ווערטער.

— און דערפאַר האט איר אים אויסגעזידלט.

— פאַרשטייט זיך, אויסגעזידלט. ניין, ס'איז דאָ א מאַלעך געווען. דאס האָט אַ מאַלעך איבערגעגעבן!

— דערנאָך האט מיסיס גאַרפער געגומען ריידן וועגן דזשאָען, ווי אַזוי ער האט געשאָסן פון פיסטאָלעט פונקט אונטער איר נאָז, און איר האט דערציילט וועגן קאָטערל און וועגן די רעפועס...

— עמעס, הוילע עמעס!

— דערנאָך האט איר לאַנג גערעדט וועגן דעם, ווי מ'האט אונז געזוכט אין טייך, און אז זונטיק וועט מען אונז באַגראָבן, און דערנאָך האט איר מיט מיסיס גאַרפער גענומען האַלזן זיך און וויינען, און נאָכדעם איז זי אַוועקגעגאַן.

— פונקט, פונקט אַזוי! זאָל איך פון אָט־דעם אָרט ניט אופשטיין, אויב ס'איז ניט אַזוי! ווען דו וואָלסט אַליין מיט דיינע אויגן געזעען עס און מיט דיינע אויערן געהערט עס, וואָלסטו, טאָם, ניט געקאנט גענויער דערציילן. נו, און וואָס איז דערנאָך געווען?

— דערנאָך האט איר, דאַכט זיך, גאָט געבעטן פאר מיר, און איך האָב געזעען און האב געהערט יעדער וואָרט אייערס. דערנאָך האט איר זיך שלאָפן געלייגט, און מיר האט אַזוי דאָס האַרץ וויי געטון, אז כ'האב גענומען און האב אָנגעשריבן אף א שטיק קאָרע: „מיר זיינען ניט געשטאָרבן, מיר זיינען נאָר אַנטלאָפן קעדיי ווערן פיראַטן", און האב עס אַוועקגעלייגט אַפן טיש לעבן ליכטל. איר זיינט אלע געשלאָפן, און דאס פּאָנים איז בא אייך געווען אַזא גוטס, אַזא גוטס, בין איך צוגעגאַן, אָנגעבויגן זיך און אייך אַ קוש געגעבן אין די ליפּן אַריין.

— עמעס, טאָם, עמעס? נו, דערפאַר פאַרגיב איך דיר אַלץ.

און זי האָט אַזוי צונויפגעדריקט דאס אינגל אין אירע אָרעמס, אַז ער האט זיך דערפילט ווי דער ערגסטער פאַרברעכער.

— דאס איז זייער שיין געווען פון זיין זייט, כאָטש ס'איז אַפילע נאָר א כאָלעם געווען,— האט א זאָג געגעבן סיד.

— שווייג, סיד! דער מענטש טוט אין כאָלעם פונקט דאס, וואָס ער וואָלט געטון ווען ס'טרעפט אינדערעמעסן. אָט נעם, טאָם, אָט־דעם גרויסן עפל,— איך האב אים אומיסטן געהיט פאר דיר אַפן פאַל, אויב מע וועט דיך געפינען. איך דאַנק דעם אויבערשטן, וואס ער האָט דיך אומגעקערט מיר!

אָבער שוין צייט גיין, קינדער, אין שול אַריין!

— גאָטעניו דערבאַרעמדיקער! ווייטער, טאָם, ווייטער!

— דערנאָך האט איר, דאכט זיך, געזאגט: „דאַכט זיך, אַז די טיר"...

— ווייטער, טאָם, ווייטער!

— וואַרט־צו, לאָזט דערמאנען זיך... אַך, יאָ! איר האט געזאָגט, אז אייך דאַכט זיך, אַז די טיר איז אָפן.

— איך האב דאָך טאַקע פונקט אַזוי געזאגט, געדיינקסט, מערי? נו, ווייטער!

— דערנאָך... דערנאָך... נו, איך געדיינק ניט, איך בין ניט זיכער דערין, נאָר מיר דאכט זיך, אַז איר האָט געשיקט סידן, אַז ער זאָל... אַז ער זאָל...

— נו? נו? וואָס, וואָס האָב איך אים געהייסן טון?

— איר האָט אים געהייסן, איר... האט אים געהייסן פאַרשפאַרן די טיר.

— גאָטעניו דערבאַרעמדיקער! כ'האב אף מיין לעבן אַזוינס ניט געהערט! אָט גייט, גלויבט ניט נאָך דעם אין קיין כאַלוימעס. איך וועל באַלד טאקע גיין דערציילן וועגן דעם דער מיסיס גאַרפער. אָט לאָמיר זען, צי זי וועט נאך אָט־דעם ריידן באַרישקייטן וועגן איבערגלויבנס. דערצייל־זשע, טאָם, וואס איז געווען ווייטער?

— אָ, אַצינד האָב איך זיך אַלץ דערמאנט, מומע! נאָכדעם האט איר געזאָגט, אז איך בין ניט קיין שלעכט אינגל, אז איך בין נאר א שטי־פער און א ווילדער, און אַז טאַינעס קאָן מען צו מיר האבן פונקט אַזוי, ווי מ'קען טאַינעס האָבן צו — ווי אזוי האט איר עס געזאָגט? — צו אַ לאָשעקל, אשטייגער.

— נו, יאָ, יאָ, פונקט אַזוי האב איך טאַקע געזאָגט. אַך, גאָטעניו! נו, וואָס־זשע ווייטער, טאָם?

— דערנאך האט איר זיך צעוויינט.

— עמעס, עמעס, צעוויינט זיך, און ניט דאס ערשטע מאָל. דערנאָך?

— דערנאך האט מיסיס גארפער אויך צעוויינט זיך און האט גענו־מען ריידן, אז דזשאָ איז אויך א וואוילער, און אַז ס'טוט איר באַנק, וואס זי האט אים געשלאָגן פארן איינגעמאַכטס, וועלכן זי אליין האט אַרויסגעוואָרפן...

— טאָם, ס'איז געווען א נעוויעשער כאָלעם! אַך, גאָטעניו! נו, דערצייל ווייטער!

— דערנאָך האט סיד געזאָגט...

— איך האָב, דאַכט זיך, גאָרניט געזאָגט.

— יאָ, סיד, דו האָסט געזאָגט, — האט זיך אַריינגעמישט מערי.

— שווייגט, שטערט אים ניט! נו, טאָם, וואָס־זשע האט ער געזאָגט?

— נו, מומעניו, דערפון דאַרף מען זיך צום האַרצן ניט נעמען, — האָט זיך מערי אָנגענומען פאַר טאָמען, — טאָם איז דאָך ביכלאַל צע־טראָגן; ער איז שטענדיק אַזוי פאַרטון, אַז ער האָט קיין צייט ניט צו טראכטן.

— איז דאָך נאָך ערגער: סיד וואָלט א טראכט געטון. אַך, טאָם, ס'וועט דיר אַמאָל באַנק טון, וואָס דו האָסט זיך ניט געמיט כאָטש אַביסינקעלע ליב קריגן מיך דאַן, ווען ס'איז דיר זייער לייכט גע־ווען, — אָבער דעמאָלט וועט זיין צו שפּעט.

— נו, מומעניו, איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב אייך ליב, — האָט געזאגט טאָם.

— איך וואָלט עס בעסער געוואוסט, ווען ס'זאָל כאָטש אַביסל באַ־ווייזן זיך אין דיינע מאַיסים.

— ס'טוט מיר אַצינד זייער באַנק, וואָס ס'איז מיר ניט איינגעפאלן, — האָט טאָם געזאָגט מיט א כאַראָטע־טאָן, — דערפאַר אָבער האב איך אייך געזעען אין כאָלעם, — דאָס איז אויך עפּעס דערוועדס.

— דאָס האָט גראַדע א קנאַפּע ווערט, — אַפילע קעץ זעען דאָך כאלוי־מעס, — נאר ס'איז פאָרט בעסער פון גאָרניט. וואָס־זשע האָט זיך דיר געכאָלעמט?

— אָט וואָס. מיטוואָך אַפדערנאַכט האָב איך געזעען אין כאָלעם, ווי איר וואָלט געזעסן לעבן בעט, און סיד לעבן אייך אַפן הילצערנעם קאַסטן, און לעבן אים — מערי.

— מיר זיינען טאַקע אַזוי געזעסן. מיר זיצן שטענדיק אַזוי. מיך פרייט, וואָס דו האָסט זיך כאָטש אין כאָלעם דערמאנט אין אונזערע געוויינהייטן.

— דערנאָך האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז ס'זיצט דאָ אויך דזשאָ גאַרפערס מוטער.

— זי איז דאָך טאַקע אינדערעמעסן געווען דאָ! וואָס־זשע האָט זיך דיר נאָך געכאָלעמט?

— אָ, קאָלערליי זאַכן. נאָר איך געדיינק עס שוין שלעכט אַצינד.

— נו, פּרואוו דערמאנען זיך! קאָנסט דען ניט דערמאנען זיך?

— ס'האָט זיך מיר נאך געדאכט אין כאָלעם, אַז דער ווינט... דער ווינט האָט פאַרלאָשן...

— דערמאַן זיך, טאָם! נו, וואָס האט דער ווינט פאַרלאָשן?

טאָם האט שטאַרק צוגעקוועטשט די פינגער צום שטערן, און נאָך אַ רעגע פון אומרואיקער וואַרטעניש האט ער אויסגעשריגן:

— כ'האָב דערמאנט זיך, דערמאַנט זיך! דער ווינט האָט פאַרלאָשן דאס ליכטל.

## קאַפּיטל XIX.

אין דעמדאָזיקן טאָג האט טאָם געקראָגן פון דער מומע פּאָלי אַזוי־פיל שנאָלן אין דער נאָז און אזויפיל קושן, אַז ס'וואָלט אים געקלעקט אַף א גאַנץ יאָר. ער האָט שוין אַליין ניט געקאָנט פאַרשטיין, אין וואָס האָט זיך מער אויסגעדריקט דער מומעס דאַנקבאַרקייט צו גאָט און די ליבע צו אים, טאָמען—אין די שנאָלן צי אין די קושן?

דערין טאַקע איז באַשטאַנען טאָמס גרויסער סאָד,—אומקערן זיך אַלע צוזאַמען אַהיים און בייַזיין אַף דער אייגענער לעוואיע. שאַבעס האָבן זיי זיך דערשלעפּט אַף א שטיק האָלץ צום אַקעגנדיקן ברעג, זייַנען אַרויס אַ פינף—זעקס מייַל נידעריקער פון שטעטל, האָבן גענעכטיקט אין וואַלד, ניט ווייט פון עק שטעטל, באַ שאַריען האָבן זיי זיך מיט אונטערגעסלעך אַריינגעגאַנוועט אין שטאָט און האָבן זיך גאָר גוט אויסגעשלאָפן אַף דער גאַלעריי, צווישן די צעבראָכענע בייַנק.

מאָנטיק אינדערפרי, בעאייס איבערבייסן, זייַנען די מומע פּאָלי און מערי זייער מילד געווען צו טאָמען און האָבן געמיט זיך אונטערטראָגן אים אַלדעס גוטס. אינמיטן דעם זייער באַליבטן שמועס האָט די מומע פּאָלי אַ זאָג געגעבן:

— זעסטו, טאָם, איך זאָג ניט, אַז ס'איז ניט אינטערעסאַנט צווינגען אַלעמען יעסורים האבן אַגאַנצע וואָך, אַבי אייך איז פריילעך, אָבער מיך ארט, וואָס דו האָסט אַזא שלעכט האַרץ און האָסט מיך אַזוי וויניק ליב. אויב דו האָסט געקאָנט אַריבערשווימען דעם טייך אַף א שטיק האָלץ קעדיי בייזיין אַף דיין אייגענער לעוואַיע, וואָלסטו דאָך געקאָנט אַריינקוקן אויך אין שטוב אַריין, קעדיי געבן מיר אַ ווערלכן ס'ניט איז צייכן, אַז דו ביסט ניט געשטאָרבן, אַז דו ביסט נאָר אַנטלאָפן.

— יאָ, דו וואָלסט עס געמעגט טון, טאָם,—האָט געזאָגט מערי—וואָלסט עס, פאַרשטייט זיך, געטון, ווען ס'זאָל דיר נאָר געווען אפן זינען קומען.

— עמעס, טאָם? וואָלסט עס געטון?—דער מומעס פּאָליס פּאָנים האָט באַלויכטן אַ אומעטיקער שמייכל,—נו, זאָג, וואָלסט עס געטון, ווען ס'זאָל דיר געווען אַפן זינען קומען?

— איך וויס ניט... ס'וואָלט דאָך די גאַנצע זאַך קאַלי געמאַכט...

— אַך, טאָם, איך האָב דאָך גערעכנט, אַז אַזויפיל כאָטש האָסטו מיך ליב!—האָט די מומע פּאָלי געזאָגט מיט אַזאַ קלאָגעוודיקן טאָן, אַז טאָם האָט זיך גאָר־שלעכט דערפילט,—ווען דו וואָלסט כאָטש א טראַכט געטון וועגן דעם,—איך רעד שוין ניט פון טון, נאָר דו האָסט דאָך אַפילע קיין טראַכט ניט געגעבן.

אַף דער גאַלעריי האָט פּלוצלינג הערן געלאָזט זיך עפּעס אַ רויש. קיינער האָט דערויף קיין אַכט ניט געלייגט; אין אַ רעגע ארום האָט די אַריינגאַנג־טיר אַ סקריפּע געטון; דער גאַלעך האָט אופגעהויבן די פאַרוויינטע אויגן איבערן נאָז־טיכל, וואָס דערמיט האָט ער די אויגן פאַרשטעלט, און איז פאַרגליווערט געוואָרן. פאַרכידעשט דערזעענדיק עס, האָט אין דערזעלבער ריכטונג אַ קוק געגעבן א צווייטער, א דריטער...

איין אויגנבליק — און אַלע מיספּאַלעלים האָבן, ווי איין מענטש, אַ הייב געטון זיך פון די ערטער, קוקנדיק אַף די דריי מייסים, וואָס שפּאַנען צום אלטאר: טאָם — פונפאָרגט, נאָך אים — דזשאָ, און סאַמע הינטן — העק; העק האָט מאָרעשכוירעדיק געקוקט אַף זיין קאָס־טיום, פון וועלכן ס׳זיינען בלויז שמאַטקעלעך פאַרבליבן. זיי זיינען אַלע דריי די גאַנצע צייט געזעסן אַף דער גאַלעריי, הערנדיק ווי מע מאַכט דעם העספּעד איבער זיי.

די מומע פּאָלי, מערי און די גאַרפּערס האָבן זיך א וואָרף געטון צו זייערע לעבעדיק־געוואָרענע קינדער, פאַרשיטנדיק זיי מיט קושן און דאַנקענדיק גאָט פאַר זייער רעטונג; בלויז דער אומגליקלעכער העק איז געשטאַנען פאַרשעמט, ניט וויסנדיק וואָס צו טון און וואוהין אהינטון זיך פון אַזויפיל ניט-אנגענעמענע בליקן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און האָט שוין געוואָלט מאַכן די פּלייטע, נאר טאָם האט אים אַ כאפּ געגעבן באַ דער האַנט, ריידנדיק:

— מומע פּאָלי, ס׳איז ניט לייטיש. עמעצער דאַרף דאָך אויך מיט העקן דערפרייען זיך.

— נו, פאַרשטייט זיך, טייבעלע מיינס! מיין האַרץ פרייט זיך אויך מיט אים, מיטן אומגליקלעכן יאָסעמל!

און די מומע פּאָלי האָט גענומען צערטלען, קושן העקן, — העק האָט זיך אַלץ מער און מער געשעמט. ענדלעך, האט זיך הערן געלאָזט דעם גאַלעכס קאָל:

— לאָמיר לויבן גאָט, וואָס שיקט אונז אַלדעס גוטס, לאָמיר אים זינגען א לויב־געזאַנג!

און אַלע האָבן זינגען גענומען. דאָס אוראַלטע לויב־געזאַנג האָט געקלונגען וואונדערלעך. און דער יאַם־גאַזלען טאָם סאָיער האָט, קוקנ־דיק אַף די כאַווירים, וואָס זיינען אים מעקאַנע, מיט גאַנץ לייב און לעבן געפילט, אַז ס׳איז די גליקלעכסטע רעגע אין זיין לעבן.

ווען דער אוילעם איז געגאַנגען פון קלויסטער, האבן אַסאַך געשמועסט, אַז זיי וואָלטן באלאָנים געווען מע זאָל זיי נאָכאמאָל צום נאַר שטעלן, אַבי זיי זאָלן נאָכאַמאל הערן אַזאַ וואונדערלעך געזאַנג.

נאָר דערדאָזיקער פּרואוו זיינער באַרימט צו ווערן האָט זיך ניט איינגעגעבן. דאָסזעלבע האבן געקאנט דערציילן וועגן זיך דאָס ראָוו אינגלעך. די כאָפּטע איז זיך פאַנאַנדערגעגאַן, ווייטער דערמאנענדיק זיך מיט אירעס־האַקאָוועד אין די אומגעקומענע כאַווײַרים.

אַפן צווייטן טאָג אינדערפרי, אַז ס׳האבן זיך געענדיקט די לימודים אין שול, האָט זיך אנשטאָט דעם געוויינלעכן קלונג הערן געלאָזט ריטמישע, צעצויגענע גלעקער־קלינגעריי. דער וועטער איז געווען אַ שטילער, און די טרויעריקע קלאַנגען האבן האַרמאָנירט מיט דער נאַטור־שטילקייט. איינער נאכן אַנדערן זיינען זיך די מיספּאַלעלים צונויפ־געקומען אין קלויסטער אַריין,— זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין פּאָליש, קעדיי שטיל־שטיל אַרומשמועסן די טרויעריקע געשעעניש. נאָכדעם, אין קלויסטער, האט מען זיך שוין ניט געשעפּטשעט; בלויז דאָס שורשען פון דעם טרויער־אָנטון אַף די פרויען, וואָס פאַרנעמען זייערע ערטער, האָט געשטערט די שטילקייט. דאָס קליינע קלויסטערל איז, דאַכט זיך, נאָך קיינמאָל אַזוי פול ניט געווען. דער גאַנצער אוילעם האָט געוואַרט שטום־שווייגנדיק, ביז ס׳זיינען אַריינגעקומען די מומע פּאָלי מיט סידן און מערין און דאָס הויזגעזינד גאַרפּער,— אַלע אין געדיכט־שוואַרצע קליידער. דער גאַנצער אוילעם צוזאַמען מיטן אַלטן גאַלעך האבן זיך א הייב־אוף געטון אין אירעס־האַקאָוועד פון זייערע ערטער און זיינען געשטאַנען ביז די קרויווים פון די אומגעקומענע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַף דער פעדערשטער באנק. דערנאָך איז ווידער שאַ־שטיל געוואָרן, בלויז איינגעהאַלטענער געיאָמער האט אַלעמאָל די שטילקייט איבער־געריסן. ענדלעך, האט דער גאַלעך אויסגעשטרעקט די הענט און האָט אָנגעהויבן די טפילע. דער גאַנצער אוילעם האָט דורכגעזונגען דעם פרעכטיקן טרויער־הימן, דערנאָך האט דער גאַלעך געהאַלטן א דראָשע, געבויט אַפן פּאָסוק: „איך בין אופוואַכונג און אייביק לעבן״.

דער גאַלעך האָט אויסגעמאָלט אַזאַ בילד פון די זעלטענע מאַילעס, ליבלעכקייט און פייאיקייט באַ די אומגעקומענע אינגלעך, אַז ס׳איז ניט געבליבן אין קלויסטער קיין איין מענטש, וואָס זאָל ניט איינגעפינען, אז די פאָרטרעטן זיינען גערעכט, און זאָל ניט ערגערן זיך, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט ניט באַמערקט די מאַילעס פון די אומגליקלעכע אינגלעך, די גאַנצע צייט געזעען אין זיי בלויז זינד און כעסרוינעס. דעם גאַלעכס רעדע איז געוואָרן אַלץ האַרציקער, דער גאַנצער אוילעם האָט אָנגע־קוועלט, דער גאַנצער אוילעם האָט, ענדלעך, צעיאָמערט זיך איביינעם מיט די קרויווים פון די אומגעקומענע,— דער גאַלעך אַליין האָט ניט געקאָנט בייקומען זיין אופגערודערטקייט און האָט זיך צעוויינט אַף דער קאַטעדרע.

האָבן זיך ניט געקלעפּט, און די קינדער האָבן זיך ביסלעכווייס אָפּגע־זאָגט פון זיי.

צו פאַרנאַכט־צו איז בעקי טעטשער אומעטיק געזעסן איינע אליין אין שול־הויף און האָט געשמועסט מיט זיך אליין:

— ווען ס׳זאָל כאָטש פאַרבלייבן בא מיר יענץ קנעפּל פון דער גראַטע! אַצינד איז בא מיר קיין שום זייכער פון אים ניט געבליבן, — און זי האָט לייכט אַ כליפּע געטון. דערנאָך האָט זי ווייטער גערעדט: — אָט־דאָ טאַקע איז עס געווען. אָ, ווען מ׳זאָל עס קאָנען אומקערן צוריק, איך וואָלט בעשומויפן אַזוי ניט גערעדט! נאָר ער איז שוין נישטאָ, און איך וועל שוין מער קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט זען אים.

און זי איז אַוועקגעגאַן. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן.

דערנאָך איז געקומען אַ גאַנצע כאָפּטע אינגלעך און מיידלעך, טאָמס שול־כאַווירים, און אַלע האָבן זיי, שטייענדיק לעבן פּאַרקן און ריידנדיק שטיל־שטיל, פון אָפּשיי צו די אומגעקומענע, דערמאָנט זיך, ווי טאָם האָט געטון דאָס און דאָס דאָס לעצטע מאָל, ווען זיי האָבן אים געזעען, און וואָס האָט געזאָגט דזשאָ. דערביי האָט מען אין יעדער וואָרט טאָמס און דזשאָס געזעען אַצינד אַ בייזע נעוויעס. יעדער פון די אינגלעך האָט פּינקטלעך אָנגעוויזן דאָס אָרט, וואו ס׳זיי־נען געשטאַנען די פאַרפאַלענע, אָנגעוויזן און צוגעגעבן דערצו: „געשטאַנען בין איך פונקט אַזוי ווי איך שטיי אָט־אַצינד, און ער — פונקט אַזוי ווי דו שטייסט, און ער האָט אַ שמייכל געטון אָט־אַזוי, און פּלוצלינג איז עפּעס אַזאַ געפיל מיך באַפאַלן — ס׳איז מיר עפּעס פּלוצלינג שוידערלעך געוואָרן, איר פאַרשטייט? נו, דעמאָלט האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געוואוסט, וואָס סע באַטייט, ערשט איצטער פאַרשטיי איך עס!"

אָנגעהויבן האָט זיך אַ קריגעריי וועגן דעם, ווער האָט דער לעצ־טער געזעען די אינגלעך לעבעדיקערהייט; אַסאַך האָבן פאַרעכנט אף זייער כעשבן אָט־דעם טרויעריקן קאָוועד, דערביי האָט דאָס איידעס־זאָגן פון די איבעריקע אינגלעך מער אָדער ווייניקער געלייקנט עס; אַז ס׳איז, סאָפּקאָלסאָף, פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווער ס׳האָט דער לעצטער געזעען די אומגעקומענע כאַווירים און ווער ס׳האָט דער לעצטער געשמועסט מיט זיי, האָבן דידאָזיקע גליקלעכע אינגלעך דערפילט זיך אַלס הייליקע פּערזאָנען, אלס געהויבענע לײַט, און אלע איבעריקע האָבן געקוקט אף זיי, האָבן זיי מעקאַנע געווען. איין אינגל האָט, ניט געפינענדיק קיין בעסערס, מיט שטאָלץ געמאָלדן:

— טאָם סאָיער האט איינמאָל מיך גאָר פיין אָנגענעריקט.

האבן זיך געוואָרפן איינער אַפּן אַנדערן, טויטנדיק און סקאַלפּירנדיק דעם סוינע אין די טויזנטער. די שלאַכט איז אַ פייערדיקע געווען, און די אינגלעך זיינען פון איר צופרידן געבליבן. צו דער וועטשערע האבן זיי זיך, הונגעריקע און גליקלעכע, פאַרזאַמלט אין לאַגער אַריין. נאר דאָ האט זיך באַוויזן א מעניע: די סאָנים — אינדיאַנער האבן ניט געטאָרט טיילן צוזאמען דאָס ברויט פון גאַסטפריינטלעכקייט איידער זיי האבן שאָלעם געמאַכט צווישן זיך; און דערביי איז מאַמעש אומעגלעך געווען ניט אויסצורויכערן דעם ציבעך פון שאָלעם. זיי האָבן אָף זייער לעבן ניט געהערט, אז בא שאָלעם־מאַכן זאל מען זיך באגיין אָן דעם. צוויי פון זיי האָט קימאַט באַנק געטון, וואס זיי זיינען ניט פאַרבליבן קיין פיראַטן. נאָר קיין אַנדער ברייטרע האבן זיי ניט געהאַט, האָבן זיי געמיט זיך פריי־לעך אויסצוזוזן און האָבן איינער נאָכן אַנדערן אַ ציי געטון פון דער פיפקע.

סאָפּקאָלסאָף, זיינען זיי צופרידן געווען, וואָס זיי זיינען געוואָרן אינדיאַנער; זיי האָבן דערפון פאָרט עפּעס געוואונען: ס׳האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אַצינד קאָנען זיי שוין אַביסל רויכערן, ניט דאַרפנדיק גיין זוכן קיין פאַרלאָרענע מעסערלעך; זיי האָבן אַפּילע געפילט זיך אַביסל ניט גוט, נאָר קיין ערנסטע אומבאַקוועמלעכקייט איז עס ניט געווען. פאַר־שטייט זיך, אז זיי האָבן גאָר גיך עס אויסגענוצט און האָבן נאָך דער וועטשערע צוליב פּראַקטיק איבערגעכאַזערט מיט גרויס דערפאָלג דעם פּרואוו; אַדאַנק דעם איז דער אָפדערנאַכט דורך זייער וואויל. זיי האָבן טריומפירט, האָבן געשטאָלצירט און זיינען גליקלעך געווען פון זייער נייער קענטעניש, פונקט אַזוי ווי ס׳וואָלט זיך זיי איינגעגעבן סקאַלפּירן און אָראָפּשינדן די הויט פון זעקס אינדיאַנישע שוואָטים מיטאַמאָל. לאָמיר זיי איבערלאָזן רויכערן, פּלאַפּלען און באַרימען זיך, און לאָמיר זיך פאַרנעמען דערווייל מיט אַנדערע לייט.

## קאַפּיטל XVIII.

גאָר ניט פריילעך איז געווען אין שטעטל אינם שטילן שאַבעס־אָפדערנאַכט. די גאַרפּערס און דער מומע פּאָליס הויזגעזינד האָבן מיט גרויס ווייטיק, מיט אַ יאַם טרערן אָנגעטון זיך אין טרויער־קליידער. אין שטעטל פלעג אויך געוויינלעך ניט זיין באַזונדערס ראַשיק, נאָר אַצינד האָט דערין געהערשט אויסערגעוויינלעכע שטילקייט. די איינ־וואוינער האָבן צעטראָגענערהייט געטון זייערע געוויינלעכע איניאָנים און האָבן ווייניק געשמועסט צווישן זיך, זיי פלעגן בלויז אָפט אַ זיפץ געבן. אָף די קינדער איז די שאַבעס־רו ווי אַ מאַסע געלעגן. די שפּילן

ניט פֿאָרויסגעזעען און האָבן ניט אָנגענומען באַצייטנס קיין שום מיטלען אַף צו פֿאַרהיטן דאָס פֿייער. דאָס, וואָס קיין פֿייער איז אַצינד ניט געווען, איז באַזונדערס געווען ניט איינגענעמען, ווייל אַלע דריי זיינען פּיטש־נאַס געווען און האָבן געציטערט פֿון קעלט. זיי האָבן גרויסע יעסורים געהאַט און לאַנג גערעדט דערפֿון, נאָר דערנאָך האָבן זיי באַמערקט, אַז דאָס פֿייער איז געווען אַזוי ווייט פֿאַרקראָכן אונטער דער גרויסער קלאָץ, אַז עטלעכע קוילעכלעך זיינען דאָרט געבליבן ניט פֿאַרגאָסן. די אינגלעך האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, האָבן צונויפֿגענומען צווייגן און קאָרע פֿון דער אינעווייניקסטער זייט אין די קלעצער, וואָס זיינען דורך ביימער באַשיצט, און סאָפּקאָלסאָף האט זיי נאָך לאַנגער געדולדיקער מי איינ־געגעבן זיך אָנצינדן א פֿייער. זיי האָבן אַריינגעוואָרפֿן אַהין גרויסע צווייגן, האבן צעלייגט אַ גרויסן שייטער און זיינען ווידער מונטער גע־וואָרן. אַפֿן פֿייער האָבן זיי אויסגעטריקנט זייער נאַס געוואָרענעם וואורשט און האָבן אָפּגעגעסן וועטשערע. דערנאָך האבן זיי זיך אַוועקגעזעצט לעבן שייטער און האָבן ביז אינדערפֿרי געשמועסט וועגן דער גרויסער געשעעניש; שלאָפֿן איז סייווּסיי ניט געווען וואו, ווייל אַרום איז ניט געווען קיין איין טרוקן ערטל.

באַ די ערשטע זון־שטראַלן האָט דרימל גענומען באַהערשן אונזערע העלדן. זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט אַפֿן ברעג, אין נאַסן זאַמד. אַז די זון האָט פֿיין אָנגעבראָטן זיי, האָבן זיי זיך אופֿגעהויבן און האָבן אומע־טיק גענומען גרייטן זיך איבערבייסן. נאָר אויך נאָכן איבערבייסן האָבן זיי זיך געפֿילט דערשלאָגן; דאס גאַנצע לייב האט געבראָכן; די ביינ־קעניש אַהיים האָט ווידער גענאָגט דאָס האַרץ. טאָם האט באַמערקט די־דאָזיקע שלעכטע סימאָנים און האָט געטון אַלץ, וואָס ער איז בעקויעך געווען, קעדיי פֿריילעך צו מאַכן די כאַוויירים. נאָר ס'האָט זיי גאָרניט ניט געטרייסט: ניט די קייקעלעך, ניט דער צירק, ניט דאָס באָדן זיך. ער האט זיי דערמאָנט זיין גרויסן סאָד, און ס'האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסרופֿן אַביסל פֿרייד. טאָם האָט עס אויסגענוצט און האט זיך צוגע־איילט פֿאַרינטערעסירן זיי מיט א נייעם איינפֿאַל: ער האט זיי פֿאָרגע־לייגט פֿאַרלאָזן אַף א צייט דאס גאַזלאָנעס און ווערן אינדיאַנער. דער־דאָזיקער איינפֿאַל איז זיי געפֿעלן געוואָרן: זיי האָבן זיך אין איין אויגנ־בליק אויסגעטון, האבן זיך אויסגעשמירט פֿון פּיס ביז קאָפּ מיט שוואַר־צער בלאָטע און זיינען געוואָרן באַדעקט מיט פּאַסן אַזוי ווי זעברען, — דערביי זיינען, פֿארשטייט זיך, אַלע געווען אָנפֿירער. דערנאָך האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטון אין וואַלד אַריין, קעדיי אָנפֿאַלן אַפֿן איינגלישן דאָרף.

ביסלעכווייס האבן זיי זיך צעטיילט אַף דריי פֿיינטלעכע שוואָטים; זיי זיינען מיט קריגס־אויסגעשרייען געשפּרונגען פֿון די לאָקערס און

נער נאָכן אַנדערן דערלאָפּן צוםביידל און האבן זיך באהאַלטן דערין, פּיטש־נאַסע, צעדראַפּעטע, פאַרקילטע; פון זייער אָנטון האט ריטשקעס־ווייס געראָנען וואַסער; נאָר יעדער פון זיי איז שוין געווען צופרידן דערפון אַליין, וואָס ער האָט גוטע־ברידער אין דעם אומגליק. שמועסן וואָלטן זיי ניט געקאנט, ווען דער שטורעם וואָלט אַפילו ניט דערשטיקט זייערע קולעס,— דער ווינט־לייוונט האָט צאָרניק געקלאַפּט איבער זיי. דער שטורעם האט זיך אַלץ געשטאַרקט. סאָפּקאָלסאָף, האט דער ווינט אַראָפּגעריסן דעם ווינט־לייוונט, און דער לייוונט האט זיך פראַנק און פריי גענומען דרייען אין וויכער. די אינגלעך האָבן א כאַפּ געטון איינער דעם אַנדערן בא די הענט און זיינען, אַלע רעגע פאַרטשעפּענדיק זיך און בלאָטערס אופשלאָגנדיק זיך, געלאָפן באַשיצן זיך אונטערן גרויסן דעמב אַפּן ברעג. אַצינד האט זיך די סטיכיען־שלאַכט גאָר צעפלאַקערט. אונטער דער גלאנצעניש פון בליצן אין הימל האָט אַלץ אף דער ערד אויסגעטיילט זיך מיט אויסערגעוויינלעכער קלאָרקייט: די איינגעבויגענעביימער, אונטן דער אופגעבלאָזענער טייך, וואָס איז אינגאַנצן ווייס פון שוים, די שפריצן פון די צעשוימטע וואַלד־ריטשקעס, די טונקעלע סילועטן פון די הויכע פעלזן אַפּן צווייטן ברעג, וואָס קוקן אַרויס פון צווישן די צעיאָגטע וואָלקנס, פון צווישן דעם געדיכטן רעגן־פאָרהאַנג. אַלעמאָל האט אַן אַנדער וואַלד־ריז, באַזיגט אין שלאַכט, מיט הודעניש אַראָפּגעוואַלגערט זיך אף דר׳ערד, ברעכנדיק די יונגע ביימלעך. די דו־נערן האָבן איצט געקנאַלט מיט קורצע, קוויטשיקע אופרייסן, וואס פילן אָן דאָס האַרץ מיט אומגעהייערן שוידער. צום סאָף נאַכט האט דער גע־וויטער אָנגעשטריינגט אַלע קויכעס און האָט זיך צעווילדעוועט מיט גוואַלדיקן גרימצאָרן; ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דער געוויטער וועט צע־רייסן דעם אינזל אף שטיקער, וועט אים פאַרברענען, וועט אַרויסרייסן אַלע ביימער, וועט אינגאַנצן פאַרטיליקן דעם אינזל. ס׳איז געווען א שרעקלעכע נאַכט פאַר די קינדער.

נאָר סאָפּקאָלסאָף האט זיך די שלאַכט געשטילט, און די סטיכישע קרעפטן האָבן זיך אָנגעהויבן באַרואיקן. די דונער־קנאַלן זיינען געוואָרן אַלץ שטילער. ביסלעכווייס האט אין וואַלד ווידער שטילקייט גענומען הערשן. די אינגלעך האָבן זיך, פיין אָנגעשראָקענע, אומגעקערט אין זייער לאַגער; אַרויסגעוויזן האט זיך, אַז ס׳האָט זיי נישקאָשע אָפּגעגליקט,— דעם גרויסן פייגנבוים, אונטער וועלכן זיי האבן זיך געהאַט איינגע־אָרדנט אַף נאַכט, האָט פאַרברענט א בליץ, און זיי זיינען שוין ניט געווען אונטער אים בעאייס די קאַטאַסטראָפע איז געשעען.

אַלץ אין לאַגער איז נאַס געווען דורך־און־דורך. דאָס פייער איז פאַרלאָשן געוואָרן: די אינגלעך האָבן, פונקט ווי אַלע מענטשן, גאָרניט

# קאַפּיטל XVII.

אַרום האַלבער נאַכט האט זיך דזשאָ אופגעכאַפּט און האט אופגע־וועקט די כאַווירים. אינדערלופטן איז געהאַנגען א געדיכטע, מאַטערנ־דיקע, שטיקנדיקע היץ. די אינגלעך האבן זיך פאַרפלאָכטן אין איין קופּע און האָבן זיך געטוליעט נעענטער צום פייער, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די נאַכט איז שרעקלעך שטיקנדיק געווען. זיי זיינען געזעסן ניט רירנ־דיק זיך, איינהערנדיק זיך און וואַרטנדיק. הינטערן שייטער האט אַלץ געזונקען אין שטאָק־פינצטערניש. פּלוצלינג האָט עפּעס א גלאַנץ געטון, האָט באַלויכטן מיט פליענדיקער שיין די בלעטער און איז פאַרשוואונדן געוואָרן, דערנאָך האט עס ווידער אַ גלאַנץ געטון נאָך העלער, דערנאָך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. צווישן די ביימער־צווייגן איז דורך א שלאַ־בעריקער קרעכץ; די אינגלעך האָבן דערפילט אף זייערע באַקן עמעצנס אָטעם און האָבן פלאַטערן געגומען פונם געדאַנק, אז דאָס איז דורכגע־פלויגן דער רוך פון דער נאַכט. דערנאָך איז שטיל געוואָרן. און פּלוצ־לינג—באַנייס א קאָן אַ ווילדער בליק־גלאַנץ, וואס באַלויכט מיט אויסער־געוויינלעכער העלקייט און בוילעטקייט יעדער גראָז־שטיינגל און דריי בלייכע דערשראָקענע קינדערשע פּענימער. ס׳האָט א דונער דורכגע־קייקלט זיך איבערן וואַלד, האָט זיך ווייט צעקנאַלט און אויסגעגאַן. דורכ־געטראָגן האָט זיך א קאַלטער ווינט, האט שורשען געגומען מיט אַלע בלעטער מיטאַמאָל און האָט צעוואָרפן דעם אַש אַרום שייטער. ס׳האָט ווידער אַ גלאַנץ געטון א בליק, און מאָמענטאַל נאָך אים האָט א זעץ־געגעבן א דונער. די אינגלעך האָט זיך געדאַכט, אַז פון אָט־דעם הילך וואַלגערן זיך איין די ביימער איבער זייערע קעפּ. אין דער שטאָק־פינצטערניש, אין שוידער־שרעק האָבן זיי געטוליעט זיך איינער צום צווייטן. אַף די בלעטער האָבן קלאַפּן גענומען די ערשטע, היפּשע רעגן־טראָפּנס.

— לעבעדיקער, כעוורע, אין ביידל אַריין!—האָט אַ געשריי געטון טאָם. זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן, פאַרטשעפּענדיק זיך אין די וואָרצלען און פאַנאַנדערייסנדיק די ליאַנעס. אין וואַלד האט געווילדעוועט א מוי־רעדיקער שטורעם, און אַלץ האט זיך מיט קרעכצעניש געבויגן. שאַרף־העלע בליצן האבן קימאַט אָן אופהער, איינער נאָכן אַנדערן, געגלאנצט, און נאך יעדער בליץ האט שוידערלעך געקנאַלט א דונער. ס׳האט אָנ־געהויבן גיין א גאָס־רעגן, און דער שטורעם־ווינט האט אים געטריבן פאַסנווייס איבער דער ערד. די אינגלעך האָבן, שרייענדיק, גערופן איי־נער דעם צווייטן, נאָר דער געבברום פון שטורעם און די דונער־קנאַלן האבן אינגאַנצן דערשטיקט זייערע קוילעס. פונדעסטוועגן זיינען זיי איי־

וועסטו ארויסשלעפּן די פּיפּקעס, און מירןביידע קאַלטבלוטיק פאַרוי־כערן, — זאָלן זיי אָנקוקן!

— אָט וועט עס פריילעך זיין! איך וואָלט געוואָלט, אז ס׳זאָל טיי־קעף, אָט־איצט פאָרקומען.

— איך וואָלט אויך געוואָלט! און אז מירן זיי זאָגן, אז מיר האָבן זיך אויסגעלערנט רויכערן בעאייס מיר זיינען געווען פּיראַטן, וועלן זיי אונז אזוי מעקאַנע זיין!

— נו, שוין איינמאָל מעקאַנע זיין!

דער שמועס האט לאַנג געדויערט. נאר צוביסלעך האט ער אָנגעהויבן איבערגעריסן ווערן. די האַפּסאָקעס אין שמועס האבן גענומען לייגער ווערן. עפּעס האט צופּיל סלונע גענומען צוקומען אין די אינגלעכס מיילער. יעדער שפּעלטיקל אין דער אינעווייניקסטער באַקן־זייט איז פאַרוואַנדלט געווארן אין אַ פאָנטאַן. די אינגלעך האבן קאָם באַוויזן צו אָפּריינקן די קעלערס אונטער זייערע צינגער, קעדיי אויספּעלן אַ פאַרפלייצונג; ניט געקוקט אף זייער מי, האט עס זיי אלעמאָל דעם האלז פאַרגאָסן, און אלעמאל פלעג זיי אָנהייבן איבלען. ביידע אינגלעך זיינען בלייך געווארן, א אויסזען האבן זיי באקומען א ראכמאָנעסדיקן. בא דזשאָען איז די פּיפּקע ארויסגעפאַלן פון די אָפּגעשוואכטע פינגער, באַ טאָמען — אויך. ענדלעך, האט דזשאָ שלאַבעריק ארויסגערעדט:

— איך האב פאַרלוירן מיין מעסערל, מע דארף גיין געפינען עס.

טאָם האט מיט ציטערנדיקע ליפּן און פלאטערנדיקן קאָל ארויסגערעדט:

— איך וועל דיר העלפן. דו גיי אָט אין דער זייט אריין, און איך — אהין, צו דער ריטשקע־צו. ניין, העק, דו גיי ניט מיט אונז, מירן אליין געפינען.

העק האָט זיך אַוועקגעזעצט אף זיין אָרט און איז אָפּגעזעסן העכער אַ שאָ. דערנאָך איז אים לאנגווייליק געוואָרן, און ער האָט זיך געלאָזט אופזוכן די כאווײרים. ער האָט זיי געפונען אין וואלד, ווייט איינער פונם אנדערן; זיי זיינען געווען בלייך און שלעפעריק. נאָר עפּעס האָט דאָס האַרץ געזאָגט העקן, אז אויב זיי האָבן זיך פריער געפילט ניט מיט אלעמען, איז די סיבע דערפון אצינד באזייטיקט שוין.

אינאָוונט בעאייס וועטשערע זיינען ביידע ניט באריידעוודיק געווען, האָבן זיך פאַר עפּעס געשעמט. אז העק האָט נאָך דער וועטשערע אָנגעשטאָפּט זיין פּיפּקע און האָט פאָרגעלייגט אָנשטאָפּן די פּיפּקעס אויך פאַר זיי, האָבן זיך ביידע אָפּגעזאָגט. זיי האָבן ארויסגעשטעלט דעם טערעץ, אַז זיי זיינען ניט געזונט, — זעט איוס, בעאייס מיטאָג האָבן זיי אופגעגעסן עפּעס אזוינס, וואָס האָט זיי פאַרשאַדט.

— ס'איז דאָך גאָר גרינג! ווען כ'וואָלט עס פריער געוואוסט, וואָלט איך שוין לאַנג געראוויכערט.

— און איך אויך! — האָט אים אונטערגעהאַלטן דזשאָ — ס'איז דאָך גאָר אַ גרינגע מאַיסע!

— כ'פלעג אַזויפיל מאָל קוקן, ווי אונזערע רויכערן, און טראַכטן: „אָט ווען איך זאָל זיך אויסלערנען", נאָר כ'בין זיכער געווען, אַז ס'וועט זיך מיר ניט איינגעבן. אָט אַזוינער בין איך שטענדיק. עמעס, העק? איך האָב עס דיר דאָך אַמאָל געזאָגט! אָט זאָל העק זאָגן. נו, יאָ, כ'האָב עס דיר דאָך אמאָל געזאָגט. איינמאָל, געדיינקסט, איז עס געווען לעבן שעכטהויז. ס'זיינען דאָרט געווען אויך באָב טאַנער, דזשאָני מילער און דזשעף טעטשער. געדיינקסט, העק, וואָס כ'האָב געזאָגט?

— נו, יאָ, כ'געדיינק. ס'איז געווען אין יענעם טאָג, ווען כ'האָב פאַר־לוירן מיין מיאַטשל... ניין, ס'איז געווען אַ טאָג פאַר דעם...

— נו, אָט, העק געדיינקט.

— איך רעכן, אַז כ'וואָלט געקאָנט רויכערן אזא פיפקע אַגאַנצן טאָג, — האָט געזאָגט דזשאָ, — ס'איבלט מיך לאכלוטן ניט.

— מיך אויך ניט, — האָט געזאָגט טאָם, — איך וואָלט געקאנט רוי־כערן אַגאַנצן טאָג, אָבער כ'גיי אין געוועט, אז דזשעף טעטשער וואָלט עס ניט געקאָנט.

— דזשעף טעטשער? אויך מיר אַ מאַכער! זאָל ער נאָר צוויי מאָל פאַרציען זיך, וועט ער זיך טייקעף פאַרכלינען. זאָל ער נאר פּרוּאוון.

— פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט זיך טייקעף פאַרכלינען, און דזשאָני מילער — אויך דאָסזעלבע; כ'וואָלט אַ באַלן געווען אַ קוק טון, ווי דזשאָני מילער רויכערט.

— יאָ, אַף וואָס טויג ער, דזשאָני מילער? ער קאָן דאָך גאָרניט ניט. איינמאָל פאַרציען זיך — איז ער פּיפּטער.

— עמעס, דזשאָ. הער נאָר: אָט ווען די כאַווירים וואָלטן אונז אַצינד געזעען!

— אַך, ווי דאָס וואָלט זיך מיר געוואָלט! הערט נאָר, גוטע־ברי־דער, — קיינעם קיין וואָרט ניט אויסזאָגן! פאָרקומען זאָל עס אזוי: אַמאָל, אַז אַלע וועלן זיך צונויפנעמען, וועל איך צוגיין צו דיר און א זאָג טון: „דזשאָ, דאָ באַ דיר די פיפקע? כ'האָב כיישעק אַ רויכער טון". און דו וועסט ענטפערן אזוי, ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן קליינִיקייטן: „יאָ, דאָ באַ מיר מיין אַלטע פיפקע, און די נייע איז אויך דאָ, — נאָר דער טאַבאַק איז באַ מיר ניט זייער קיין וואוילער". און איך וועל זאָגן: „נו, ס'איז אַלציינס, זאָל נאָר שטאַרק זיין דער טאַבאַק". און דעמאָלט

העק האָט אָנגעהויבן צונויפנעמען זיינע צעשליידערטע זאכן, ריידנדיק דערביי:

— קום מיט מיר, טאָם. אינדערעמעסן, באטראכט זיך ווי ס׳דאַרף צו זיין. מירן צוווארטן אף דיר אפן ברעג.

— לאנג וועט אייך אויסקומען וואַרטן.

העק איז אומעטיק אַוועקגעגאַן. טאָם איז געשטאַנען און האָט אים נאָכגעקוקט, האָבנדיק גרויס כיישעק בייצוקומען דעם שטאָלץ און מיטגיין מיט זיי. ער האָט געהאָפט, אַז די אינגלעך וועלן זיך אָפּשטעלן, אָבער זיי זיינען פּאַמעלעך אלץ ווייטער און ווייטער געגאַן. טאָם האָט פּלוצלינג באַמערקט, אַז ארום איז געוואָרן אומגעוויינלעך־וויסט און שטיל. ער האָט ענדגילטיק באַזיגט זיין אייגנליבע און האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך זיינע כאוויירים, שרייענדיק:

— שטייט, שטייט! איך דאַרף אייך עפּעס זאָגן!

יענע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און האָבן פאַרקערעוועט צוריק. דערזאָגט זיי, האט טאָם גענומען דערציילן זיי זיין סאָד; זיי האבן געהערט מיט זויערע פּענימער, — ס׳האט לאנג געדויערט, ביזוואנען זיי האבן זיך אָנגעשטויסן, וואס ער מיינט, ביזוואנען זיי האבן פאַרשטאַנען דעם טאָך פון זיינע רייד; אז זיי האבן עס סאָפּקאָלסאָף פאַרשטאַנען, האבן זיי גענומען קוויטשען פון היספּאַילעס. זיי האבן איינגעפונען, אז ס׳איז „וואונדערלעך", און ווען ער וואָלט עס זיי פריער אויסגעזאָגט, וואָלטן זיי אַפילע ניט געטראַכט אוועקצוגיין. טאָם האט זיי פאַרשיידענע טירוצים דערציילט, פאַרוואס ער האט זיי ביז איצט דעם סאָד ניט אויסגעזאָגט, — כאטש אינדערעמעסן האט ער ביז איצט געשוויגן, ווייל ער האט מוירע געהאט, אז אפילע דערדאזיקער סאָד וועט ניט אף לאנג פאַרהאַלטן די כאוויירים. ער האט געהיט דעם סאָד, ווי א לעצט לעקעכל.

די אינגלעך האבן זיך פריילעך אומגעקערט צוריק און ווידער גענומען שפּילן זיך, פּלאפּלענדיק די גאַנצע צייט וועגן טאָמס וואונדערלעכן פּלאַן, לויבנדיק זיין געניאלן איינפאל. נאכן געשמאקן מיטאָג, וואס איז באַשטאַנען פון אייער און פיש, האָט טאָם געזאגט, אז אצינד וויל ער זיך אויסלערנען רויכערן. דזשאָ האט זיך אָנגעכאפּט דעריין און האט געמאָלדן, אז ער וועט אויך פּרואוון. העק האט געמאכט פּיפּקעס און האט זיי אָנגעשטאָפּט מיט טאַבאַק. טאָם און דזשאָ האבן זיך אויסגעצויגן אף דר׳ערד, אָנגעשפּאַרט זיך אַף די עלנבויגנס און גענומען פּאָרזיכטיק אריינציען אין זיך דעם רויך, — קיין באַזונדער צוטרוי צום רויך האָבן זיי ניט געהאַט.

דער רויך האָט געהאַט אַ זייער ניט־אנגענעמענעם טאַם און ער האָט זיי אַביסל געוואָרגן, פונדעסטוועגן האָט טאָם געמאָלדן:

— כ׳באַדאַרף ניט קיין שום באָדן זיך; מיר געפֿעלט שוין ניט באָדן זיך אַצינד, ווען קיינער פֿאַרווערט עס ניט. איך וויל אהיים.

— פו, ס׳אַראַ נאַרישע רייד! קינדעלע! צו דער מאַמען האָט זיך אים פאַרגלוסט!

— נו, יאָ, צו דער מאמען. אויך דיר וואָלט זיך פאַרגלוסט, ווען דו זאָלסט האָבן אַ מאמען, און קיין קינדעלע בין איך ניט, — איך בין מיט דיר אין איינע יאָרן.

און ער האָט זיך, דזשאָ, צעוויינט.

— נו, גוט, זאָל אונזער צערעפּעט קינד אַוועקגיין אַהיים, מירן אים אָפּלאָזן — עמעס, העק? אַ ראַכמאָנעס אַף אים, ער האָט זיך נאָך דער מאַמען פאַרבייַנקט. נו, איז וואָס? זאָל ער זיך גיין! דיר געפעלט דאָך דאָ — אַיאָ, העק? מירן מיט דיר בלייבן דאָ?

— י — יאָ, — האָט צעצויגן געענטפערט העק, אָבער אָן באַזונדער היספּאַילעס.

— איך בין מיט דיר פון היינט אן בערויגעז, — האָט געמאָלדן דזשאָ אופשטייענדיק, — זיי וויסן!

ער איז אָנגעברויגעזט אָפּגעגאַן אין אַ זייט און גענומען אָנטון זיך.

— א טייערע מעציע! זיי אַזוי גוט! קיינער באַדאַרף דיך דאָ ניט האָבן. גיי אהיים, זאָלן אלע לאַכן פון דיר. אַ פיינער פּיראַט, אַף מיין וואָרט! העק און איך — זיינען ניט אזעלכע צערעפּעטע, ווי דו. מירן פאַרבלייבן דאָ — אַיאָ, העק? זאָל ער זיך גיין, אויב ס׳גלוסט זיך אים. מירן זיך באַגיין אָן אים.

דזשאָ האָט, ניט אָפּענטפערנדיק, אַרופגעצויגן אַף זיך זיין אָנטון. טאָם איז, ניט געקוקט אַף זיין קלאָמפּערשטן גלייכגילט, געווען זייער באַומרואיקט. נאָך מער האָט אים באַומרואיקט העקס אויסזען, — העק האָט טרויעריק נאָכגעשפּירט, ווי דזשאָ קלייבט זיך אין וועג אריין, און האָט שווער געשוויגן. דזשאָ האָט זיך אָנגעטון און, ניט געזעגנדיק זיך מיט קיין איין וואָרט, געלאָזט זיך גיין צום אילינאָיער ברעג. בא טאָמען האָט דאָס הארץ אַ פלאַטער געטון. ער האָט אַ קוק געגעבן אַף העקן. העק האָט ניט געקאָנט אויסהאלטן דעם בליק און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אויך כיישעק אוועקגיין, טאָם: ס׳איז דאָ אומעטיק געוואָרן, און אצינד וועט נאָך ערגער זיין. לאָמיר אויך אוועקגיין, טאָם.

— גיי, אויב ס׳גלוסט זיך דיר, איך וועל ניט גיין, איך וועל בלייבן.

— טאָם, איך וועל בעסער אוועקגיין.

— נו, איז גיי־זשע! — ווער לאָזט דיך ניט?

דערנאָך האבן זיי אַרויסגענומען זייערע קייקעלעך און גענומען שפּילן זיך אין קאָלערליי שפּילן, ביז ס׳איז זיי נימעס געוואָרן. פּאַמעלעך זיינען זיי פאַנאַנדערגעגאַן זיך אין פאַרשיידענע זייטן, יעדער איינער האט אומעטיק געקוקט צום ברייטן טייך, צו יענער זייט, וואו ס׳ליגט דאס שטעטל באַגאָסן מיט זון. טאָם האט, אַליין ניט באַמערקנדיק עס, געשריבן מ׳טן גרויסן פינגער אין זאַמד: בעקי; ער האט זיך אליין געפּאַקט אפן פאַרברעכן, האט אָפּגעריבן דאָס אָנגעשריבענע און איז אין קאַס געוואָרן אף זיך פאַר דער שלאַבעריקייט, נאָר ער האט זיך איינהאַלטן ניט געקאָנט און האָט ווידער אָנגעשריבן דעם נאָמען. דערנאָך האָט ער ווידער אָפּגעריבן און, קעדיי בייקומען זיך, איז ער אוועק צו די כאַווירים.

נאָר דזשאָ איז אויך געווען באַ זיך אַראָפּגעפאַלן, ער האָט קימאַט דעם גאַנצן מוט פאַרלוירן. ס׳האָט אים אַזוי געצויגן אַהיים, אַז ער האָט שיר ניט געוויינט. העק איז אויך מאָרעשכוירעדיק געוואָרן. טאָם אַליין האָט זיך ניט מיט אַלעמען געפּילט, נאָר ער האָט זיך געמיט ניט אַנטפּלעקן עס. ער האָט געהאַלטן בעסאָד עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט דערווייל ניט געוואָלט פאַרטרויען די כאַווירים, נאָר באַשלאָסן האָט ער, אַז אויב ס׳וועט אים ניט איינגעבן זיך פאַרטרייבן זייער אומעטיקייט, וועט ער עס זיי טייקעף אויסזאָגן. קלאָמפּערשט־רואיק איינגאנצן, האָט ער זיך געווענדעט צו זיי:

— איר ווייסט וואָס, גוטע־ברידער, קומט צו געוועט, אַז אף אָט דעם אינזל זיינען אויך ביז אונז געווען פּיראַטן. קומט, לאָמיר אַרומגיין דעם אינזל נאָכאַמאָל. דאָ איז געוויס ערגעץ־וואו באַהאַלטן אַ אוצער. וואָס וועט איר, אַשטייגער, זאָגן, אויב מירן אָנטרעפן אַף אַ צעפּוילט קעסטל, וואָס איז ביז העט־אַרוף אָנגעפּולט מיט גאָלד און מיט זילבער, האַ?

אָבער דערדאָזיקער פאָרשלאַג האָט קיין שום היספּאַילעס ניט אַרויסגערופן. טאָם האט פאָרגעלייגט נאָך אַ צוויי־דריי צוציענדיקע פאָרשלאַגן, נאָר אַלע זיינע פּרואוון האָבן זיך ניט איינגעגעבן. דזשאָ האָט אומעטיק געשטופּט דאָס שטעקל אין זאַמד אַריין. דאָס פּאָנים איז באַ אים פינצטער געווען. ענדלעך, האָט ער, דזשאָ, אַ זאָג געגעבן:

— אָך, גוטע־ברידער, לאָמיר אוועקוואַרפן אונזער אופּטו. איך וויל אהיים. דאָ איז אזוי וויסט.

— ניין, דזשאָ, דו וועסט זיך צוגעוויינען, — האָט אים איינגערעדט טאָם, — דו דערמאַן זיך באָר, ווי גוט ס׳כאַפּט זיך דאָ פיש.

— כ׳באַדאַרף ניט האָבן קיין שום פיש, — איך וויל אהיים.

— און דאָס באָדן זיך? נאָך אַזאַ אָרט אַף באָדן זיך וועסטו אינערגעץ ניט קריגן.

זיי האָבן גיך געמאַכט זיך אַן איבערבייסן פון וואורשט און פיש און האָבן אים אָרנטלעך פּאַרטיליקט. נאָכן איבערבייסן האָט טאָם דערציילט (ניט אָן באַפּוצונגען) אַלץ, וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט אים. אַז ער האָט געענדיקט דערציילן, איז די גאַדלעס פון אונזערע העלדן אויסגעוואַקסן ביזן סאַמע הימל. אָנגעגעסן זיך, האָט טאָם צוגעלייגט זיך אין שאָטן אויס־שלאָפן זיך. די איבעריקע פּיראַטן זיינען אוועקגעגאַן כאַפּן פיש און אויספאָרשן דעם אינזל.

## קאַפּיטל XVI.

נאכן וואַרמעס האָט די גאַנצע באַנדע געלאָזט זיך צום ברעג אף געיעג נאָך אייעלעך פון מויערקעפּלעך. זיי האבן אַריינגעשטעקט די שטעק־לעך אין זאַמד אַריין, און וואו זיי האבן געטראָפן א ווייך ערטל, פלעגן זיי זיך שטעלן אף די קני און נעמען גראָבן דעם זאַמד מיט די הענט. אָפט פלעגן זיי פון אַזאַ גריבל אַרויסנעמען א פינף—זעקס צענדליק אייע־לעך מיטאַמאָל. געווען זיינען די אייעלעך קיילעכיקע, ווייסע, אַביסל גרעסער פון א ניסעלע. אין אָט־דעם טאָג האט כעוורע געהאַט א גרויס־אַרטיקע וועטשערע, אויך דעם צווייטן פרימאָרגן האבן זיי געהאַט א זעל־טענעם פרישטיק. נאָכן פרישטיק זיינען זיי געשפּרונגען און אַרומגעלאָפן איבערן ברעג, געיאָגט זיך איינער נאָכן צווייטן, אויסטוענדיק זיך אינ־מיטן לויפן, ביז זיי האבן ניט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאס גאַנצע אָנטון; דערנאָך האָבן זיי געשפּילט זיך און געשטיפט אין וואַסער, קעמפנדיק מיטן שטראָם, וואס וואַרפט זיי פון די פיס,— דערפון איז נאך פריילעכער געוואָרן. אָפט פלעגן זיי צונויפנעמען זיך איניינעם, אָנעמען וואַסער אין די זשמעניעס און פליעסקען איינער דעם צווייטן אין פּאָנים אַריין. געענ־דיקט האט זיך עס מיט א אלגעמיינעם געראַנגל,— אלע דריי האבן, פאַר־דרייענדיק זיך אין א קנויל פון ווייסע הענט און פיס, אַרומגעשליידערט זיך אף דער ערד, בלאָזנדיק זיך, שפּריצנדיק, לאַכנדיק, שפּייענדיק און קאם כאַפּנדיק דעם אָטעם.

געבליבן אָן קויכעס, פלעגן זיי אַרויסלויפן פון וואַסער, זיך אויסציען אַפן טרוקענעם, הייסן זאַמד און איינגאַנצן פאַרגראָבן זיך אין אים. דער־נאָך פלעגן זיי ווידער אַריינוואַרפן זיך אין וואַסער אַריין, און ס׳פלעג זיך אלץ איבערכאַזערן אַפסניי. ענדלעך, איז זיי געקומען אַפן זינען, אַז זייער נאַקעט לייב איז זייער געראָטן אין טריקאָ פון לייב־קאָליר; זיי האבן געמאַכט אין זאַמד א קרייז און איינגעאָרדנט א צירק. דער צירק איז באַשטאַנען פון גאַנצע דריי קלאָונס,— קיינער פון זיי האט ניט געוואָלט אָפּטרעטן אָט די באַליבטע ראָלע.

ליפן. דערנאָך איז ער שטיל, שטיל ארויסגעגאַנגען און פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר אַפן פאַרוקער.

ער איז צוגעקומען צום ברעג, צום אָרט, וואו סע שטייט געווינ־לעך דער פאַראָם.

ער האָט קיינעם ניט געטראָפן אפן ברעג און איז דרייסט אַרויף אַף דער שיף.

ער האָט געוואוסט, אז אַף דער שיף קאָן קיינער ניט געפינען זיך, אכוצן וועכטער, און אז דער וועכטער האָט א טעווע פאַרקריכן אין קאַיוט אריין און געשמאַק פאָפן. האָט טאָם אָפּגעבונדן דעם פאראָם, איז שטיל, שטיל ארויף אַף אים און גענומען, רודערנדיק, הייבן זיך מיטן שטראָם־אַרויף. אָפּפאָרנדיק אַנערעך אַ מייל, האָט ער געלאָזט גיין דעם פאַ־ראָם צום אקעגנדיקן ברעג און האָט אים אָפּגעשטעלט דאָרט, וואו ס׳איז נייטיק געווען: ס׳האָט זיך אים זייער געוואָלט ווערן שטענדיקער באַלעבאָס איבערן פאראָם, ווייל דער פאַראָם איז דאָך אויך געווען קי־מאַט אַ שיף און דערמיט אַליין שוין אַ געזעצלעכע פיראַטן־רויב. נאָר געוואוסט האָט ער, אַז דעם פאַראָם וועט מען אומעטום זוכן, און דאָס קאָן אַנטפּלעקן די שפורן. דעריבער איז ער פראָסט אַראָפּ אַפן ברעג, איז אַ ביסל געזעסן אין וואַלד, האָט פיין אויסגערוט זיך, קאָם איינ־האַלטנדיק זיך פון אַנשלאָפן ווערן, און האָט זיך אַ מידער געלאָזט גיין צוריק צו די כאַוויירים. ס׳האָט שוין געהאַלטן באַ סאָף נאַכט, און אַז ער איז צוגעקומען צום אָרט, איז שוין אינגאַנצן ליכטיק געווען. ער איז נאָך אַביסל געזעסן, ביז די זון האָט אַביסל דערוואַרעמט מיט אירע גיל־דענע שטראַלן דאָס וואַסער, דערנאָך האָט ער זיך א וואָרף געטון אין וואַסער אריין און גענומען שווימען. שפּעטער אַביסל האָט ער זיך באַ־וויזן אַ פיטש־נאַסער אין לאַגער, פונקט אין דער רעגע, ווען דזשאָ האָט גערעדט:

— ניין, העק, טאָם איז אַ געטרייער באָכער. ער וועט ניט אנטלויפן, ער וועט זיך אומקערן. ער ווייסט, אַז מאַכן די פליטע איז אַ שאַנד פאַר אַ פיראַט. כוץ אלעמען, איז טאָם צו שטאָלץ, ער זאָל אַזוינס טון. ער האָט עפּעס אַ אופטו פאַרטראַכט, — וואָס האָט ער עס געקאָנט פאַר־טראַכטן?

— נו, אָבער די זאַכן זיינען פונדעסטוועגן אונזערע?

— קימאַט, העק, נאָר ניט אינגאַנצן. אין בריוו שטייט, אַז מיר זאָלן זיי נעמען, אויב ער וועט ניט אומקערן זיך צום איבערבייסן.

— און טאָם איז טאַקע דאָ! — האָט, פלוצלינג באַווייזנדיק זיך, אויס־געשריגן טאָם.

דאָס האָט אַרויסגערופן א וואונדערלעכן דראמאטישן עפעקט.

ארויסצווזעצן זיך אַפֿן ברעג אין דער ערשטער נאָענטסטער שטאָט. נאָר צו מיטאָג־צו האט מען געפֿונען׳ דעם פּליט לעם ברעג א מייל 5—6 ני־דעריקער פֿון שטעטל, און דאַן האט מען אלע האָפֿענונגען אָנגעוואוירן. מ׳האָט באַשלאָסן, אַז די אינגלעך זיינען אַף געוויס דערטרונקען גע־וואָרן, אַניט וואָלט דאָך דער הונגער פֿארטריבן זיי אהיים צו פֿאַרנאַכט־צו, אויב ניט פֿריער נאָך. וואָס שאַיעך דערצו, וואס ס׳האט ניט איינגע־געבן זיך געפֿינען די טויטע קערפּערס, האט מען עס דערקלערט דער־מיט, וואס די קאַטאַסטראָפֿע איז פֿאָרגעקומען אין סאַמע מיט טייך, — ווען ניט דאס, וואָלטן די אינגלעך, וואס האבן זייער גוט געקענט שווי־מען, גיך דערשוואומען צום ברעג. היינט איז מיטוואך אפֿדערנאַכט. אויב ביז זונטיק וועט מען די קערפּערס ניט געפֿינען, איז, הייסט עס, קיין שום האָפֿענונג שוין ניטא, און זונטיק וועט מען איינאָרדענען אין קלויסטער אַן אַזקאָרע די פֿאַרשטאָרבענע. באַם וואָרט „אַזקאָרע״ האָט טאָם אַ פֿלאַטער געטון, ס׳איז אים א שוידער באַפֿאַלן.

מיסיס גארפֿער האט, יאָמערנדיק, געזעגנט זיך און האט זיך געלאזט גיין צו דער טיר־צו, נאר זי האט זיך אָפּגעשטעלט, ביידע פֿאַריאָסעמטע פֿרויען האבן זיך א וואָרף געטון איינע צו דער אנדערער אין די אָרעמס אריין און האָבן ביידע צעוויינט זיך פֿאַרן צעשיידן זיך. די מומע פֿאָלי האט גוואלדיק צארט א קוש געטון פֿאַרן שלאָפֿן־גיין סידן און מערין, — סיד האט דערביי כניקען גענומען, און מערי איז זיך פֿאַרגאַן אין טרערן.

די מומי פֿאָלי איז געפֿאלן אַף די קני און האט גענומען מיספּאַלעל זיין פֿאַר טאָמען אַזוי הייס, מיט אַזאַ שטאַרקער ליבע אין די ווערטער און אין דעם זקיינישן צעבראָכענעם קאָל, אַז באַ טאָמען אליין איז דאס פּאָנים נאַס געווארן פֿון טרערן.

ס׳איז אים, טאָמען, נאך לאנג אויסגעקומען צו ליגן, ניט רירנדיק זיך, אונטערן בעט, אפֿילע נאכדעם, ווי די מומע האט זיך שלאָפֿן גע־לייגט; זי האט די גאַנצע צייט אומרואיק געדרייט, געוואָרפֿן זיך, גע־הוסט און שווער געזיפֿצט. סאָפֿקאָלסאָף איז זי אנשוויגן געווארן און פֿון צייט צו צייט אַ קרעכץ געגעבן פֿון שלאָף. טאָם איז ארויסגעקראָכן פֿון אונטערן בעט, האט זיך פֿאָרזיכטיק אופגעשטעלט און האט לאַנג, פֿאַרשטעלנדיק מיט דער האַנט דאס ליכט, געקוקט אַף דער אַלטיטשקער. ער האט גרויס ראַכמאָנעס געהאַט אַף איר. ער האט ארויסגעשלעפּט פֿון קעשענע דאס שטיקל קאָרע און האט דאס אַוועקגעלייגט לעבן ליכטל, דערנאך האט ער אין עפּעס דערמאַנט זיך, האט א טראַכט געטון, האט גיך, גיך באַהאַלטן די קאָרע צוריק אין קעשענע אַריין, האט אָנגעבויגן דאס שיינענדיק פּאָנים און האט אַ קוש געטון די פֿאַרוועלקטע זקיינישע

האָזע צו ריידן אזוי וועגן מיין טאַמען אצינד, ווען ער איז נישטאָ! אַצינד מישפּעט אים גאָט אליין, און דו, זיי מוחל, באַמי זיך ניט. אָך, מיסיס גאַרפּער, איך ווייס אפילו ניט, ווי אזוי וועל איך עס אריבער־טראָגן. איך קאָן פּאָשעט ניט גלויבן, אז ער איז שוין ניטאָ! ער איז געווען באַ מיר אזא טרייסט, כאָטש ער פלעג פייניקן מיין אלט הארץ.

— גאָט האָט געגעבן, גאָט טאַקע האָט צוגענומען... געלויבט זאָל זיין גאָטס נאָמען! נאָר שווער איז עס — אָך, ווי שווער! ערשט יענע וואָך, שאבעס, האָט מיין דזשאָ אויסגעשאָסן פון זיין שפּיל־פּיסטאָלעטל פּונקט מיר אונטער דער נאָז, און כ'האָב אים אזא זעץ געגעבן, אַז ער האָט זיך איבערגעקערט. איך האָב ניט געוואוסט, אַז אַזוי גיך וועט... ווען כ'וואָלט געוואוסט, וואָלט איך אים דעמאָלט צעקושט און געבענטשט.

— נו יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי אייך, מיסיס גאַרפּער. כ'פאַרשטיי זייער גוט אייער האַרץ. ערשט נעכטן נאָכן וואַרמעס האָט מיין טאָם אָנגע־טרונקען מיין קאָטער מיטן „יעסורים־פאַרטרייבער"; דאָס אומגליקלעכע כאַיעלע האָט זיך אזוי ארומגעוואָרפן, אַז כ'האָב געמיינט, קיין איין גאַנצע קיילע וועט ניט בלייבן אין שטוב. און איך האב אויך, זאָל מיר גאָט מוחל זיין, אים שיר דעם קאָפּ ניט דורכגעלעכערט מיט מיין פינגער־הוט. אומגליקלעך אינגל מיינס! נו, אַצינד האָבן זיך שוין אלע צאָרעס זיינע פאַרענדיקט. און די לעצטע ווערטער, וואָס כ'האָב געהערט פון אים, זיינען אזעלכע ביטערע געווען...

נאָך דידאָזיקע דערינערונג איז שוין צו שווער געווען פאַר דער אלטיטשקער, — זי האָט זיך צעיאָמערט. טאָם האָט אויך געכניקעט, — דערהויפּט, פון ראַכמאָנעס אף זיך אליין. ער האָט געהערט, ווי אויך מערי וויינט, דערמאנענדיק אים אלעמאָל מיט א צארט וואָרט. פון אָט דעם אלעמען איז ער, טאָם, אלץ וויכטיקער באַ זיך, שטאָלצער און אָנגעלייג־טער געוואָרן. דאָך, דער מומעס יעסורים האָבן אים זייער גערירט; ס'האָט זיך אים געגלוסט ארויסקריכן פון אונטערן בעט, זי דערפרייען, אריינ־ווארפן זיך אין אירע אָרעמס; ס'וואָלט דאָך, כוץ אלעמען, געווען אַזאַ פּרעכטיקער טעאַטראַלער עפעקט. נאָך פונדעסטוועגן האָט ער זיך איינ־געהאַלטן און איז ווייטער געלעגן שטיל, צוהערנדיק זיך צום שמועס. פון באַזונדערע פראַזן האָט ער זיך דערוואוסט, ווי אזוי מע האָט אויס־געטייטשט זייער פאַרשווינדן ווערן: טכילעס האָט מען גערעכנט, אז זיי זיינען דערטרונקען געוואָרן בעאייסן באָדן זיך, דערנאָך האט מען דער־זען, אַז סע פעלט דער פליט; דערנאָך האָבן עטלעכע אינגלעך דערמאַנט זיך, אַז די פאַרשוואונדענע כאַווירים האבן צוגעזאָגט אינגיכן פאַרכידעשן מיט עפּעס די גאַנצע שטאָט. דאַן האָבן די היגע קלוגע לייט גענומען כקירען און האָבן באַשלאָסן, אז די אינגלעך זיינען אוועק אפן פליט, קעדיי

געשמועסט צווישן זיך. זיי זיינען געזעסן לעבן בעט אזוי, אז דאָס בעט האָט זיך געפונען צווישן זיי און דער טיר. טאָם איז צוגעגאַן צו דער טיר און גענומען פּאָרזיכטיק אָפּרוקן דעם פּאַרוקער, דערנאָך האָט ער פּאָרזיכטיק אַ שטופּ געטון די טיר; זי האָט א סקריפּע געגעבן; ער האָט ווייטער געקוועטשט זי, ציטערנדיק באַ יעדער סקריפּ; ענדלעך, האָט זיך אויסגעבילדעט אַ שפּאַלט, דורך וועלכן ער האָט, טאָם, געקאָנט דורכ־קריכן אף די קני; ער האָט ארייַנגערוקט דעם קאָפּ און האָט גענומען קריכן.

— וואָס האָט זיך עפּעס דער פלאם פון דער ליכט אזוי צעשאָקלט פּלוצלינג? — האָט אַ זאָג געגעבן די מומע פּאָלי (טאָם האָט גענומען קריכן גיכער), — זעט אויס, די טיר איז אָפן. נו, יאָ, פאַרשטייט זיך. איצט טרעפן ניסים אף יעדער שריט און טריט. גיי, פאַרמאַך די טיר, סיד!

טאָם איז פונקט אין דעם אויגנבליק ארונטער אונטערן בעט. ער האָט דעם אָטעם געכאַפּט און דערנאָך איז ער צוגעקראָכן אזוי נאָענט, אַז ער האָט געקאָנט קימאַט צורירן זיך צו דער מומעס פוס.

— יאָ, האָב איך געזאָגט, — האָט ווייטער גערעדט די מומע פּאָלי — אַז געווען איז ער גאָרניט קיין שלעכט אינגל, בלויז א שטיפער א גרויסער, אַ קונדעס, — ווי אלע אינגלעך, נאַטירלעך: שפּרינגט ווי א לאָשעקל. קאָן מען צו אים טאַינעס האָבן? ער האָט קיינמאָל גאָרניט ניט געטון מיט קיין בייזן מיין, און א הארץ האָט ער געהאַט אַ גאָלדנס.

און זי האָט זיך צעוויינט.

— מיין דזשאָ איז אויך פונקט אַזאַ געווען. ער איז שטענדיק גרייט געווען ווילדעווען, אין שטיפערייען איז ער שטענדיק דער ערשטער געווען, אָבער א גוטער איז ער געווען, בעסער קאָן מען ניט זיין, און גאָר, גאָר קיין עגאָיסט ניט... גאָטעניו, פאַרגיב מיר, דער זינדיקער! אז איך דערמאָן זיך, ווי כ׳האָב אים אָנגעשמיסן איבערן איינגעמאַכטס, ווען ס׳איז מיר גאָר פונם קאָפּ ארויס, אז דאָס האָב איך דעם איינגעמאכטס אליין ארויסגעוואָרפן, ווייל ער איז פאַרדאָרבן געוואָרן... אז איך דערמאַן זיך, אַז איך וועל שוין קיינמאָל מער ניט זען אים, מיין דזשאָען, אַף דער וועלט, קיינמאָל מער, קיינמאָל, קיינמאָל! מיין אומגליקלעך אינגל!

און מיסיס גארפער האָט זיך אזוי צעיאָמערט, אַז געדאַכט האָט זיך, איר האַרץ ווערט צעריסן — צעפּיצלט.

— איך רעכן, אַז טאָמען איז אצינד בעסער דאָרט, וואו ער געפינט זיך — האָט אַ זאָג געגעבן סיד, — נאָר ווען ער וואָלט אַביסל בעסער געווען אף דער־וועלט...

— סיד! (טאָם האָט דערפילט, ווי באַ דער מומען האָבן זיך די אויגן אָנגעצונדן, כאָטש זען האָט ער ניט געקאָנט). ווי האָסטו עס די

## קאַפּיטל XV

אין עטלעכע רעגעס ארום האָט טאָם שוין געשפּאַנט אין וואסער, געשפּאַנט צום אילינאָיער ברעג־צו. ער איז דורך אַ האַלבן וועג, איידער די וואַסער האָט אים דערגרייכט ביזן פּופּיק; נאָר ווייטער איז אומעג־לעך געווען צו גיין, דער שטראָם האָט געשטערט, האָט זיך טאָם גע־לאָזט שווימען; ביזן אקעגנדיקן ברעג איז געבליבן סאַכאַקל אַ שפּאַן הונדערט. ער איז געשוואומען קעגן שטראָם, נאָר ס׳האָט אים אַראָפּגעטראָגן אַראָפּ פיל שנעלער, ווי ער האָט געריכט זיך. דאָך האָט ער, סאָפּקאָלסאָף, דערגרייכט דעם ברעג און האָט געשפּאַנט פאַרביי אים, ביז ער האָט ניט געפונען קיין פּאַסיק ערטל אָף ארויסצוגיין. דאָ האָט ער אריינגערוקט אַ האַנט אין קעשענע פון רעקל, האָט אָנגעטאַפּט, צי די קאָרע איז גאַנץ, און האָט זיך געלאָזט ווייטער דורכן וואלד, אינדערליינג פון ברעג, ניט לייגנדיק קיין שום אכט דערויף, וואָס פון זיין אָנטון רינט וואסער. ס׳איז שוין געווען ארום צען אזייגער, ווען ער איז ארויס אַף א הויל אָרט אַקעגן שטעטל און האָט דערזעען דעם פּאַראָם, וואָס שטייט אונטער די ביימער לעבן הויכן ברעג. ארום איז שטיל געווען. באַ דער שטערן־שיין האָט טאָם שטיל־שטיל געגאַנוועט זיך איבערן ברעג, אָנגעשטריינגט איינקוקנדיק זיך אין וואסער אריין. ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין וואַסער אריין, איז אָפּגעשוואומען עטלעכע שפּאַן און איז אריינגעקראָכן אין א שיפעלע, וואָס איז צוגעבונדן צום פּאַראָם. ער האָט זיך אוועק־געלייגט אפן דנאָ פון שיפעלע און מיט פאַרשטאַרטן האַרץ געוואַרט, וואָס וועט זיין. ס׳האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון א גלעקל און אַ קאָל, וואָס גיט אָפּ אַ באַפעל: „לאָז אָפּ!" אין א רעגע ארום האָט זיך דער באָרט פון פּאַראָם אופגעהויבן הויך איבערן שיפעלע, און ביידע — דער פּאַראָם מיטן שיפעלע, — האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין. טאָם איז גליקלעך געווען דערפון, וואָס ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן — ער האָט געוואוסט, אז דער פּאַראָם וועט שוין היינט ווייטער ניט גיין. ס׳זיינען דורך צוועלף אָדער פופצן גוואַלדיק לאַנגע מינוט. דער פּאַראָם־פירער האָט זיך אָפּגעשטעלט; טאָם איז ארויסגעקראָכן פון שיפל און האָט זיך אין דער פינצטער געלאָזט שווימען צום ברעג. קעדיי ניט אָנטרעפן אף צופעליקע פארבייגייער, איז ער ארויס אפן ברעג א שפּאַן פופציק נידע־ריקער פונם נייטיקן אָרט, האָט אויסגעקליבן די סאַמע ליידיקסטע געס־לעך און האָט זיך איינגיכן דערשלעפּט צו זיין מומעס הויז. ער איז ארי־בערגעקראָכן איבערן פּאַרקן און האָט אַריינגעקוקט אין פענצטער פון דער מומעס אלקער, וואו ס׳איז ליכטיק געווען. אין צימער זיינען גע־זעסן: די מומע פּאָלי, סיד, מערי און דזשאָ גאַרפּערס מוטער. זיי האָבן

לעך איבערגעריסן געוואָרן; אַלע דריי האָבן שאַרף געקוקט אויפן פייער, און זייערע געדאַנקען האָבן, זעט אויס, געשוועבט ערגעץ ווייט. די אופגערעגטקייט איז פאַרביי, און טאָם מיט דזשאָען האָבן ניט געקאָנט ניט דערמאָנען זיך אין עטלעכע היימישע, וועלכע ס'איז, געוויס, ניט גאָר־פריילעך געווען פון אָט דעם לוסטיקן אויפטו. ס'זיינען אָנגעקומען ספּייקעס, בא ביידן איז אומרואיק געווען אויף דער נעשאָמע, זיי האָבן זיך ביידע זייער אומגליקלעך געפילט; פון צייט צו צייט האָבן זיך בא זיי אַפילו ניט־אומיסטנדיקע קרעכצן אַרויסגעריסן. דזשאָ האָט אַפילו שעמעוודיק אַ ריזיקיר-געטון דערוויסן זיך, ווי וועלן זיך די איבעריקע באַציִען צום געדאַנק וועגן אומקערן זיך צו דער ציוויליזירטער וועלט, — פאַרשטייט זיך, ניט טייקעף, נאָר...

טאָם האָט אים פאַרשאָטן מיט שטעך־ווערטלעך, האָט אים פאַרטיליקט מיט פאַראַכטונג! העק האָט מאסקים געווען מיט טאָמען, און דער אומגליקלעכער צווייפלענדיקער העלד האָט זיך געאיילט צו דערקלערן, אַז ער האָט עס געפרעגט גלאַט אַזוי, — ער האָט זיך געמיט, דזשאָ, מיט אַלע מיטלען פאַרענטפערן זיך פון דער באַשולדיקונג אין מוטלאָזער ביינקעניש אַהיים, און ס'האָט אים געפרייט, אַז ער איז בלויז אונטער אַ כשאַד פאַרבליבן. דאָסמאָל איז די מערידע אין סאַמע טכילעס דערשטיקט געוואָרן.

די פינצטערניש איז געוואָרן אַלץ געדיכטער. העק האָט אַלץ אָפטער געשמאָרעט מיט דער נאָז און, ענדלעך, האָט ער כראָפּען גענומען. נאָך אים איז אויך דזשאָ אַנשלאָפן געוואָרן. טאָם איז אַ שטיקל צייט געלעגן אומבאַוועגלעך, אָנשפּאַרנדיק זיך אויפן עלנבויגן, און האָט שאַרף זיך איינגעקוקט אין די פּענימער פון די כאַווײרים. דערנאָך האָט ער פּאָרזיכטיק זיך אופגעשטעלט אויף די קני און האָט גענומען שאַרן אין גראָז באַם פינקלענדיקן אָפּשיין פון שייטער. ער האָט געפונען עטלעכע גרויסע שטיקער ווייסע קאָרע און האָט אויסגעקליבן פון זיי צוויי פּאַסיקסטע; דערנאָך האָט ער, שטייענדיק אויף די קני לעבן שייטער, אויסגעקריצט מיט גרויס מי עטלעכע ווערטער אויף יעדן פון די שטיקער קאָרע. איין שטיק האָט ער צונויפגעוויקלט און באַהאַלטן אים אין דער קעשענע פון זיין רעקל, דעם אַנדערן האָט ער באַהאַלטן אין דזשאָס היטל. כוצדעם, האָט ער אין היטל אַריינגעלייגט עטלעכע ווערטפולע זאַכן: אַ שטיק קרייד, אַ מעקער, דריי קריקלעך פון וועגטעקס און איינס פון די קייקעלעך, וואָס זיינען באַוואוסט אונטערן נאָמען „עמעסער קרישטאָל". דערנאָך האָט ער זיך פּאָרזיכטיק, אויף די שפּיץ פינגער, דורכגעגאַנגען צווישן די ביימער, איז שטיל־שטיל אָפּגעגאַנגען אַ היפּשן מעהאַלעך און דערנאָך געלאָזט זיך לויפן צום ברעג־צו.

— מע זאָגט גאָרניט, — האט דערווידערט העק, — איך האב אליין געזען, ווי מ'האט עס געלאָזט אפּן וואסער און מ'האט גאָרניט ניט געזאָגט.

— ס'איז מאָדנע... — האט געזאָגט טאָם, — און עפּשער זאָגן זיי עס שטיל, פאר־זיך. נו, פארשטייט זיך! מ'קאָן זיך טייקעף אָנשטויסן, אז אַזוי איז עס.

דזשאָ און העק האבן מאַסקים געווען, אַז טאָם רעדט צו דער זאַך. ס'איז זייער שווער געווען צו מיינען, אז אַ פּאַשעט שטיק ברויט, אָן אַ שפּרוך דערויף, זאָל קאָנען ווירקן אזוי קלוג אין אזא וויכטיקן איניען

— אַך, וואָלט זיך מיר געוואָלט אַצינדערט זיין דאָרטן! — האט אויסגעשריגן דזשאָ.

— מיר וואָלט זיך אויך געוואָלט, — האט אים אונטערגעהאלטן העק, — אַ שרעק ווי ס'גלוסט זיך דערוויסן זיך, ווער עס איז דערטרונקען געוואָרן.

די אינגלעך האבן זיך איינגעהערט און האבן געווארט. פּלוצלינג האט אין טאָמס מויעך אַ בליץ געטון אַ איינפאַל.

— גוטע־ברידער! איך ווייס ווער ס'איז דערטרונקען געוואָרן. דאָס זיינען מיר דערטרונקען געוואָרן!

זיי האָבן מיטאַמאָל דערפילט, אַז זיי זיינען גרויסע העלדן. ס'איז זיי אַ אומגעהייערע סימכע באַפאלן: מע זוכט זיי, מע באוויינט זיי, צוליב זיי לאָזט מען די שיפלעך אפּן וואסער; איבער זיי ליידן מענטשן, פארגיסן טרערן, באשולדיקן זיך, אז מע איז באגאן אַ אומרעכט, מע איז אכזאָריעסדיק געווען בענויגייע די אומגעקומענע אינגלעך, מע פּייניקט זיך אין געוויסן־ערגערניש און מע האט כאראָטע; און דאָס וויכטיקסטע, דאָס שענסטע, — סע רעדט וועגן זיי די גאַנצע שטאָט, אלע אינגלעך זיינען מעקאַנע זייער בארימטקייט. נו, איז עס דען ניט אויסגעצייכנט? טאַקע צוליבדעם אליין האט דאָך, סאָפּקאָלסאָף, געלוינט ווערן באנדיטן.

אַז ס'איז געוואָרן טונקל, האט דער פאַראָם זיך אומגעקערט אף זיין אָרט, צו זיין געוויינלעכער ארבעט, די שיפלעך זיינען פארשוואונדן געוואָרן, און די פּיראטן האבן זיך אומגעקערט אין לאגער אריין. זיי זיינען מאָלע־סימכע געווען, זיי האבן אָנגעקוועלט פון זייער בייער גרויסקייט און פון די זאָרגן, וואָס זיי האבן ארויסגערופן בא זייערע היימישע און שכיינים. זיי האבן ווידער געכאפּט פיש, אָפּגעקאָכט זיי, האבן וועטשערע אָפּגעגעסן און דערנאָך גענומען טרעפן, וואס רעדט מען איצט און וואס טראַכט מען איצט וועגן זיי אין שטאָט, — דערביי האבן זיי געמאָלט זיך אזעלכע בילדער פון אלעמענס צאַר, אף וועלכע ס'איז זייער אנגענעמען געווען צו קוקן פון זייער שטאנדפּונקט. נאָר אז די נאַכט־שאָטנס האבן זיי ארומגעוויקלט, איז דער שמועס צוביס־

שווייגן, טיפע שטילקייט; דערנאָך האָט זיך פונוויטנס הערן געלאָזט אַ מאָרעשכוידיקער „בום!"

— וואָס איז עס? — האָט שטיל־שטיל געפרעגט דזשאָ.

— כ'הייב ניט אָן צו פארשטיין, — האָט אים שטיל געענטפערט טאָם.

— דאָס איז, גוטע־ברידער, אַ דונער, — האָט דערשראָקן דערקלערט העקלבערי, — דערפאר אַ דונער, ווייל...

— שוויג, דו! — האָט אף אים אָנגעשריגן טאָם, — הער בעסער, פלאַפל נישט!

זיי האָבן צוגעווארט אַ רעגע, וואָס האט זיי אויסגעדאכט, ווי אן אייביקייט, און דערנאָך האָט זיך צווישן דער פיינלעכער שטומעניש איבערגעכאַזערט דערזולבער מאָרעשכוידיקער „בום"!

— קומט, גוטע־ברידער, לאָמיר אַ קוק טון!

אלע דריי זיינען אופגעשפרונגען און האבן זיך געלאָזט לויפן צום ברעג, וואָס קוקט צום שטעטל־צו. זיי האָבן פאנאנדערגערוקט די קוסטן און האבן ארויסגעקוקט.

אין מיט טייך, אַ מייל נידעריקער פונם שטעטל, איז געשוואומען מיטן שטראָם אַ קליינער דאַמף־פּאַראָם. די ברייטע פּאַלוב זיינע איז אָנגעשטאָפּט געווען מיט אוילעם. ניט ווייט פונם פּאַראָם האָבן אַרוף־שטראָם, אַראָפּ־שטראָם געטראָגן זיך זייער אַסאַך שיפלעך, נאָר די אינגלעך האָבן ניט געקאָנט דערזען, וואָס טוען די מענטשן אין די שיפלעך. פּלוצלינג האט זיך איבערן פּאַראָם אופגעהייבן אַ זייל ווייסער רויך און ס'איז אויסגעוואקסן א גאנץ וואָלקנדל. דאָס דריטע מאָל האָבן אונזערע העלדן דערהערט דעם מאָרעשכוידיקן קלאַנג.

— אַצינד ווייס איך, וואָס סע באַטייט, — האט אויסגעשריגן טאָם, — עמעצער איז דערטרונקען געוואָרן!

— נו, פארשטייט זיך, — האט אונטערגעכאפּט העק, — פּונקט אזא מינס איז געווען פאראיאָרן זומער, ווען ס'איז דערטרונקען געוואָרן ביל טערנער; דעמאָלט האט מען אויך געשאָסן פון אַ הארמאט איבערן וואַסער, — מע זאָגט, אַז דערפון שווימען די דערטרונקענע ארוף. כוץ־דעם, נעמט מען אַ ברויט, מע לייגט אין דעם אריין קוועקזילבער און מע לאָזט עס אראָפּ אַפן וואסער: דאָרט, וואו דער דערטרונקענער ליגט, דאָרט שטעלט זיך דאָס ברויט אָפּ.

— יאָ, כ'האָב געהערט וועגן דעם, — האט געזאָגט דזשאָ, — נאָר איך פאַרשטיי ניט, פארוואָס שטעלט זיך עס אָפּ, דאָס ברויט.

— דאָ שטעקט דער איקער ניט אין ברויט, — האָט געגעבן צו פאר־שטיין טאָם, — דער איקער שטעקט אין די ווערטער, וואס מע זאָגט בע־אייס מע לאָזט עס אראָפּ אפן וואכער.

עסן איז — שלאָף אף דער פרייער לופט, געלויף, באָדן זיך, און דאָס וויכטיקסטע — הונגער.

נאָכן איבערבייסן האבן זיי זיך אוועקגעלייגט אין שאָטן, און העק האט אויסגעדרויכערט אַ פּיפּקע. דערנאָך האבן זיי זיך אלע איינינעם אוועקגעלאָזט אף אויסשפּירונג. זיי האבן פריילעך געשפּאַנט איבער פוילע קלעצער, האָבן זיך דורכגעריסן דורך געדיכטע קוסטן, צווישן שטאַמען פון שטאָלצע וואלד־מעלאָכים, וואָס זיינען פונויבן ביז אראָפּ ארומגעוויקלט מיט שליינגלדיקן ווילדן וויינטרויב. פון צייט צו צייט פלעגן זיי אָנטרעפן אַף שיינינקע ערטעלעך, וואָס זיינען באדעקט מיט זעלטענע טעפּיכער און פאַרפּוצט מיט קווייטן.

זיי האָבן געפונען אַסאַך אַזוינס, וואָס קאָן אַנטציקן, אָבער קיין איין זאַך, וואָס זאָל פאַרכידעשן. זיי זיינען דערגאַן, אַז דער אינזל האלט אַנ־ערעך דריי מייל די ליינג און אַ פערטל מייל די ברייט און אז דער אַקעגנדיקער ברעג, פאַראַלעל צו וועלכן דער אינזל ציט זיך, איז אָפּ־געטיילט פונם אינזל מיט אַ שמאָלער וואַסער־שטרעקע סאַכאַקל אַ מייע שפּאַן די ברייט — ניט מערער. געבאָדן האָבן זיי זיך קימאַט יעדער שאָ, און דעריבער האָבן זיי זיך אומגעקערט אין לאגער אריין העט־שפּעט נאָך מיטאָג. זיי זיינען געווען צו הונגעריק, האָבן זיי זיך דעריבער ניט געלאָזט ווידער פיש פאַנגען. נאָר אויך אָן דעם האבן זיי אַ אויסגעצייכנטן מיטאָג געמאַכט זיך פון קאלטן וואורשט, און דערנאָך האבן זיי זיך ווידער אוועקגעלייגט אין שאָטן פלאַפּלען אַביסל. אָבער דער שמועס איז אינגיכן איבערגעריסן געוואָרן. די פייערלעכע שטומעניש פונם וואלד, דער געפיל פון איינזאמקייט, פון אָפּגעשיידקייט פון מענטשן, האבן אָנגעהויבן ווירקן אַף די אינגלעך. זיי האבן זיך פאַרטראַכט. ס׳האט זיך אין זייערע הערצער פארגאַנוועט אַ אומקלאָרער אומעט — ס׳האָט אָנגעהויבן שפּראָצן די ביינקעניש אַהיים. אפילו פין — „די רויטע האנט" — אפילו ער האט געטרוימט וועגן באַקאַנטן גאַניק און וועגן די ליידיקע פעסלעך. נאָר יעדער איינער האט זיך געשעמט מיט זיין כולשע, און קיינער האט קיין מוט ניט געהאַט אַרויסזאָגן אַף אַ קאָל זיינע גע־דאַנקען.

אַ שטיק צייט שוין, אַז די אינגלעך האָבן שלאַבעריק געהערט איב־דערוויייטנס עפּעס אַ באַזונדער קלאַנג, — געהערט האבן זיי עס, ווי מע הערט אמאָל דעם טיק־טאַק פון אַ זייגער, ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין־וועכעשבן, וואָס איז עס אזוינס. נאָר דער סוידעסדיקער קלאנג האָט צוביסלעך גענומען הערן זיך קלאָרער און האט געמאָנט אויפמערקזאַמ־קייט צו זיך. די אינגלעך האָבן זיך אַ כאַפּ־אויף געטון, האָבן זיך אי־בערגעקוקט און גענומען איינהערן זיך. ס׳האָט הערשן גענומען אַ לאנג

געזעצט אף אַ צווייגל, גאָר נאָענט פון טאָמען, האט אָנגעבויגן אין א זייט אַריין דאָס קעפל און האָט זיך מיט גוואַלדיקן נייגיר פאַרקוקט אַף די געסט. ס'זיינען גיך־גיך פאַרבייגעלאָפן אַ גרוי וועווריקל און נאָך עפּעס א כאַיעלע, וואָס איז עטוואָס הִיפּשער, אַ כאַיעלע פון פוקסן־מין, — זיי האָבןביידע אף איין רעגע פאַרהאַלטן זיך אַף צו באַטראַכטן און באַריידן אַביסל די פּלוצלימדיקע געסט; די כאַיעלעך האָבן, זעט אויס, קיינמאָל נאָך ניט געזעען קיין מענטשן און האָבן אַפילע ניט גע־וואוסט, צי דאַרפן זיי מוירע האָבן, צי ניין. די גאַנצע נאַטור האָט אופגעוואַכט און האָט אויסגעגלייכט די אייוורים; זון־שטראַלן האָבן ווי פיילן דורכגעשניטן דעם געדיכטן געבלעטער; אינדערלופטן האָבן זיך באוויזן עטלעכע באַבעלעך — פּאַך־פייגעלעך. טאָם האָט גענומען שטורכען די כאווײידים־פיראַטן, און אין א רעגעס צוויי ארום האָבן זיי, נאָקעטערהייט, שוין געיאָגט זיך איינער נאָכן אַנדערן, שטיפנדיק און שטופנדיק זיך אַפן ווייסן זאַמדיקן ברעג. ס'האָט זיי ניט געצויגן צוריק אין שטעטל אַריין, וואָס איז געשלאָפן אינדערוויטנס, אַף יענער זייט פּרעכטיקער וואַסער־וויסטעניש. א צופעליקער שטראָם אָדער אַ גרינגער אָנפלוס האָט אוועקגעטראָגן זייער פליט, נאָר די אינגלעך זיינען אַפילע צופרידן געווען דערפון. דאָס האָט ווי באַטייט, אַז זיי האָבן פארברענט אַלע בריקן צווישן זיך און דער ציוויליזירטער וועלט.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין לאַגער אריין וואונדערלעך־פרישע, מונטערע און שרעקלעך־הונגעריקע; אינגיכן האט שוין דער שייטער געפלאַקערט נאָכאַמאָל. העק האט געפונען ניט־ווייט אַ קוואל מיט ריי־נער, קאַלטער וואסער. די אינגלעך האָבן זיך געמאכט שעפלעך פון ברייטע דעמבענע און ניסענע בלעטער און האָבן באשלאָסן, אז וואסער געמישט מיט בערג, וואלד־שטילקייט און קילקייט פארבייט גאַנץ פיין די קאַווע. דזשאָ האט גענומען אָנשניידן וואורשט אף פרישטיק, נאָר טאָם און העק האבן אים געבעטן צוואַרטן אַביסל; זיי האָבן געפונען אפן ברעג אַ פאַרטאַיעט ערטל און האבן פאַרוואָרפן אין וואסער אַריין די ווענט־קעס; די רויב האט ניט לאַנג געלאָזט וואַרטן אַף זיך. דזשאָ האָט ניט באוויזן אפילע אָנצווווערן דעם געדולד, — און זיי האבן זיך שוין אום־געקערט, שלעפנדיק נאָך זיך אַ פּאָר גרויסע אָקונעס און נאָך אַ בינטל פיש און פישעלעך, — אַזויפיל שפייז, אַז ס'וואָלט געקלעקט אף אָנזע־טיקן אַ גאַנץ הויזגעזינד. זיי האָבן אָפּגעפּרעגלט די פיש אינײינעם מיטן וואורשט און זיינען דערשטוינט געוואָרן: פיש האבן נאָך קיינמאָל באַ זיי ניט אויסגעזעען אזוי געשמאַק צו זיין. זיי האבן ניט געוואוסט, אַז טייך־פיש איז בעסער אָפּצופרעגלען טאַקע טייקעף ווי מ'האָט זיי געכאַפּט, און זיי האָבן ניט געטראַכט דערפון, ס'אַראַ פיינער צוגאָב צום

שלאָף און נעמט זיך צו דער אַרבעט. א קליין גרינינק ווערימל איז געקראָכן איבער א בלעטל, וואָס איז נאַס פון טוי. ס׳האָט, דאָס ווערימל, אַלע מאָל אונטערגעהויבן צוויי דריטל פון זיין קערפּער איבגעדרלופטן אַרויף, „אַרומשמירנדיק דעם וועג", און דערנאָך האָט זיך עס געדרוקט ווייטער. „עס מעסט דאָס בלעטל"—האט טאָם א טראַכט געטון, און אז דאָס ווערימל האָט, מיטן אייגענעם ווילן, גענומען דערנעענטערן זיך צו אים, איז טאָם ווי פאַרשטיינערט געוואָרן, פילנדיק אָט אַ אָנפלוס, אָט אַ אָפּפלוס פון האָפענונג, אָפּהייענגיק דערפון, צי דאָס קליינע באַשעפעניש האָט זיך געדרוקט אין זיין זייט אַריין, צי ס׳האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז סע פאַרקערעוועט. אַז דאָס ווערימל איז, ענדלעך, נאָך אַ שווערער קווייקלעניש־רעגע אַרופגעקראָכן אַף טאָמס פוס און האָט גענומען שפּאַצירן אַף זיין לייב, האָט זיך טאָמס האַרץ אָנגעפולט מיט פרייד: דאס האָט באַטייט, אז ער וועט איינגיכן האָבן ניי אָנטון,— פאַרשטייט זיך, אַ פרעכטיק גאַזלאָניש אָנטון, דערין קאָן קיין שום סאָפּעק ניט זיין. פון אויסדרייסעניש האָט זיך פלוצלינג באַוויזן אַ גאַנצע מאַכנע מורעשקעס, און אַלע האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט; איינע האָט דרייסט געשלעפּט אַ טויטן שפּין, וואָס איז פינף מאָל גרעסער פון איר אַליין, און זי האָט באַוויזן א קונץ אים ארופשלעפּן אַפן שטאַם פון אַ בוים. אַ געפלעקט „מוישע־ראַביינוס־פערדעלע" האָט זיך אַרופגעדראַפּעט אַף דער מעסוקענער הייך פון א גראָז־שטיינגל; טאָם האָט זיך אָנגעבויגן צום פערדעלע און האָט א זאָג געגעבן:

„מוישעס־פערדעלע, מוישעס־פערדעלע, דו פלי אַהיים.
די שטוב דיינע ברענט, דיינע קינדער זיינען אַליין!"

און „מוישע־ראַביינוס־פערדעלע" האָט אים טייקעף טאַקע געפאָלגט און איז אוועקגעפלויגן אַ קוק טון אַף די קינדער. דאָס האָט טאָמען אַפילע ניט פאַרכידעשט: ער האָט שוין פונלאַנג געוואוסט, ווי לייכט ס׳גלויבט „מוישע־ראביינוס־פערדעלע" בענויגייע סרייפעס, און ער האָט שוין ניט איינמאָל אָפּגענאַרט דידאָזיקע קליינע באַשעפעניש, אויסנוצנדיק איר טמימעס. דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ מיסט־זשוק, וואָס האָט שווער געשלעפּט זיין קיילעכיקן קערפּער,— טאָם האָט זיך צוגעדירט צו אים, קעדיי זען, ווי אַזוי ער וועט צוטוליען די לאַפּקעס צום קערפּער און וועט זיך מאַכן קלאָמפּערשט־געשטאָרבן. די פייגלען האָבן זיך דערוויל צעפּילדערט. איין פויגל האט זיך אַוועקגעזעצט אַפן בוים, וואָס איבער טאָמס קאָפּ, און האָט, פול מיט היספּאַילעס, גענומען טרילערן, נאָכקרימענדיק זיך נאך זיינע שכיינים. ווי א בלוי פייערל האָט דורכגעשווינדלט אינדערלופטן א סאָווע — אַ קוויטשערן, האָט זיך אַוועק־

באַ זיי האָט עפּעס ניט געוואָלט איינרוען. דער געוויסן האָט זיי גע־ערגערט. זיי האָבן אָנגעהויבן מוירע האָבן, אַז זיי האָבן ניט־גוטס אופּ־געטון, אַנטלויפנדיק פונדערהיים. דערנאָך האָבן זיי זיך דערמאַנט אינם צוגעגאַנוועטן פלייש, און דאָ ערשט האָט זיך אָנגעהויבן די עמעסע פּיין. זיי האָבן זיך געפּרואווט איינצושטילן דעם געוויסן, דערמאָנענדיק אים, אַז ס'איז זיי אויסגעקומען אויך פריער צענדליקער מאָל צושלעפּן פון קעמערל געבעקסן און עפּל, נאָר דער געוויסן האָט איינגעפונען, אַז דידאָזיקע ראַיעס זיינען צו שוואך, און ער האָט ניט געוואָלט באַרו־איקן זיך. סאָפּקאָלסאָף, האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז דער פאַקט בלייבט א פאַקט. צושלעפּן א געבעקס אָדער אַ עפּל — דאָס איז ניט וויכטיק, נאָר צונעמען א פרעמדן שטיק פלייש, אַ שטיק כאַזער, ביכלאל, עפּעס ווערטפולס, — דאָס איז שוין א עמעסע גנייווע, און די ביבל פאַרווערט עס. דעריבער האָבן זיי אין זיך באַשלאָסן, אַז קאָלומאַן זיי וועלן זיין פּיראַטן, וועלן זיי מער ניט פאַרפלעקן זייער גאַזלאָנישע ווערדע מיט אַזאַ נידעריקן פאַרברעכן, ווי גנייווע. מיט אָט־דעם טנאַי איז דער געוויסן, כאָטש ס'איז ניט זייער לאָגיש געווען, איינגעגאַנגען שאָלעם צו מאַכן, און אונזערע גאַזלאָנים זיינען פרידלעך אַנשלאָפן געוואָרן.

## קאפּיטל XIV.

אופגעכאַפּט זיך אינדערפרי, האָט טאָם ניט טייקעף פאַרשטאַנען וואו ער געפינט זיך.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, אַרומגעקוקט זיך, דורכגעריבן די אויגן, און ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנען. געווען איז א קילער, גרויאינקער פרי. ס'האָט געטאָגט; די שטילקייט אין וואַלד אַרום האָט אָנגעוויזט א צויבערלעך רו־געפיל. קיין איין בלעטל האָט זיך ניט גערירט, קיין איין קלאַנג האָט ניט געשטערט די גרויסע מאַכשאָוועס פון דער נאַטור. אף די בלעטער און אף די גראָזן איז, ווי פּערל, געלעגן טוי. דאָס באַ־נאַכטיקע פייער איז פאַרשאָטן געוואָרן מיט א ווייסן שיכט אַש, און בלויז א בלוי רויכל האָט זיך אין א דין שנירעלע געדרייט אינדער־לופטן. דזשאָ און העק זיינען נאָך געשלאָפן. ווייט אין דער טיף פון וואַלד האָט אַ געשריי געטון א פויגל, ס'האָט זיך אָנגערופן א צווייטער; ערגעץ האָט קלאַפּן גענומען א פּיקהאָלץ. דאָס אינדערפריענדיק געפּל־רויכל איז אַלץ ליכטיקער געוואָרן, און איינצייטיק דערמיט זיינען די קלאַנגען געוואַקסן, האָבן די קלאַנגען געמערט זיך, — דאָס לעבן האָט אומעטום אופגעוואַכט. ס'האָט זיך פאַר טאָמס אויגן פאַנאַנדערגעשפּרייט דער וואונדער פון דער נאַטור, וואָס טרייסלט פון זיך אַראָפּ דעם

— און וואָס טוען פיראַטן? — האָט אַ פרעג געגעבן העק פין.

— אָ! זיי לעבן זייער פריילעך: זיי נעמען שיפן אין געפיינקעניש אַריין און פאַרברענען זיי, דאָס געלט פאַרגראָבן זיי אין דער ערד אַף זייער אינזל, ערגעץ אין א שרעקלעך אָרט, וואו ס'היטן עס רוכעס, מאַכשייפעס און קאָלערליי שיידים. און דעם גאַנצן עקיפּאַזש דערהאַר־גענען זיי און וואַרפן אַרויס אַף יענער זייט באָרט.

— און די פרויען פירן זיי אַוועק צו זיך אַפן אינזל, — האָט צוגעגעבן דזשאָ, — די פרויען הארגענען זיי ניט.

— יאָ, — האָט אים אונטערגעהאַלטן טאָם, — די פרויען האַרגענען זיי ניט. זיי זיינען צו איידל דערוף. און כוצדעם, זיינען די פרויען שטענדיק וואונדערלעך־שיין.

— און ס'אראַ פּרעכטיקע קליידער זיי טראָגן, — אלע קליידער זיינען באַדעקט מיט גאָלד, מיט זילבער, מיט בריליאַנטן! — האָט אין היס־פּאַילעס אויסגעשריגן דזשאָ.

— ווער טראָגט אַזעלכע קליידער? — האָט געפרעגט העק.

— די פיראַטן, פאַרשטייט זיך.

העק פין האָט צעטומלט באַטראַכט זיין אייגן אָנטון.

— נו, מיין אָנטון איז גאָר ניט קיין גאַזלאָניש אָנטון! — האָט ער אומעטיק געזאָגט, — נאָר איך האָב דאָך ניט קיין אַנדער אָנטון.

די אינגלעך האָבן אים געטרייסט, אַז אַף שיין אָנטון וועט אים אויסקומען וואַרטן ניט לאַנג: ווי נאָר זיי וועלן אָנהייבן זייערע פּיראַ־טישע אָנפאַלן, וועט באַ זיי זיין סיי גאָלד, סיי אָנטון — אַלצדינג. און דערווייל, אין אָנהייב, טויג אויך זיין אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן אָנטון, כאָטש געוויינלעך פאַרגרייטן זיך רייכע גאַזלאָנים באַצייטנס מיט פאַסי־קער האַלבאָשע.

ביסלעכוויס האָט דער שמועס איבערגעריסן זיך; באַ די קליינע פּליטים האָבן זיך די אויגן געקלעפּט; ס'האָט זיי דרימל באַהערשט. די פּיפּקע האָט זיך אויסגעגליטשט פון דער „רויטער האַנטס" פינגער, און ער איז אַנשלאָפן געוואָרן מיטן שלאָף פון אַ מידן צאַדיק. דער „פאַכער פון די יאַמען" און „דער שוואַרצער נעקאָמע־נעמער" זיינען ניט אַזוי גיך אַנשלאָפן געוואָרן. זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט נאָכדעם, ווי זיי האָבן פאַר־זיך די פאַר־שלאָף־טפילעס דורכגעזאָגט: ס'איז דאָך לעבן זיי ניט געווען קיין איין דערוואַקסענער, וואָס זאָל זיי צווינגען שטעלן זיך אַף די קני און הויך, אַף אַ קאָל זאָגן די טפילע. דעם עמעס זאָגן, האָבן זיי געוואָלט אינגאַנצן ניט זאָגן די טפילע, נאָר גלאַט, זיי האָבן מוירע געהאַט, טאָמער דערשלאָגט זיי פּלוצלינג א דונער פון הימל. זיי זיינען שוין אינגאַנצן גרייט געווען אַנשלאָפן צו ווערן, נאָר אין די נעשאָמעס

אזייגער צוויי באַנאַכט האָט זיך דער פּליט אַוועקגעזעצט אַף זאַמד, א שפּאַן צווייהונדערט די ווייט פון יענעם אָרט, וואו זיי האָבן באַשלאָסן באַזעצן זיך. זיי האָבן לאַנג געשפּאַנט הין־און־צוריק, ביז זיי האָבן אריבערגעשלעפּט זייער גאַנצע רויב. צווישן אלע זאכן האָבן זיי פאַרנומען פונם פּליט אויך אַ אַלטן ווינקל ־ליייוונט און האָבן אים אַרופגעצויגן אין אַ פאַרטאַיעט ווינקל פון וואַלד, ווי א מיןביידל, קעדיי באַהאַלטן זייער שפּייז; אַליין האָבן זיי באשלאָסן בעאייס גוטן וועטער שלאָפן אונטערן אָפענעם הימל, ווי ס׳פּאַסט פאַר גאַזלאָנים.

זיי האָבן צעלייגט א פייער א שפּאַן צוואַנציק די ווייט פונם וואַלד, האָבן זיך אָפּגעבראָטן א שטיקל כאַזער־פלייש אַף וועטשערע און האָבן אופגעגעסן אַ האַלב פון די פאַרכאַפּטע בולקעס. ס׳איז וואונדערלעך־אינטערעסאַנט געווען אַף אזא אויפן וועטשערע צו עסן, אַף דער פריי, אין אוראלטן וואַלד, אַפּן ניט־אויסגעפּאָרשטן און ניט־באַוואוינטן אינזל, ווייט פון מענטשישע דירעס. די אינגלעך האָבן געשמועסט צווישן זיך, אז זיי וועלן שוין קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך צום קולטורעלן לעבן. דאָס פייער האָט באַלויכטן זייערע פּענימער, האָט געוואָרפן א רויטלעכן אָפּשיין אַף די גראָבע ביימער־שטאַנגען — די קאָלאָנעס פון דעם וואַלד־טעמפּל,— אַפּן גלאַנצנדיקן גרינס פון דעם געשליינגלטן ווינטרויב. אז ס׳זיינען אופגעגעסן געוואָרן די לעצטע שטיקלעך פלייש און דאָס לעצטע שטיקל ווייס ברויט, האָבן די אינגלעך מיט גרויס פאַרגעניגן אויסגעצויגן זיך אַפּן גראָז. זיי וואָלטן געקאָנט געפינען אַ קילער אָרט, נאָר זיי האָבן ניט געוואָלט אָנווערן אַזאַ ראָמאַנטישע דעקאָראַציע, ווי אַ שייטער.

— נו, איז עס דען ניט פריילעך? — האָט א זאָג געגעבן דזשאָ.

— מאַמעש וואונדערלעך — האָט געענטפערט טאָם.

— וואָס וואָלטן, אַשטייגער, געזאָגט אלע אינגלעך, ווען זיי וואָלטן אונז דערזעען?

— וואָס? זיי וואָלטן אויסגעגאַנגען פון קינע. עמעס, העק?

— כ׳מיין, אַז יאָ,— האָט געזאָגט העקלבערי,— איך ווייס ניט, ווי אנדערע, נאָר איך בין צופרידן. איך דאַרף גאָר קיין בעסערס ניט האָבן. געוויינלעך עס איך אַפילע קיינמאָל ניט צו־זאַט... און כּוּצדעם קאָן אַהער קיינער ניט קומען, ניט אָנפּאַטשן דיך גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין.

— אַזאַ לעבן איז דאָס בעסטע פאַר מיר,— האָט געמאָלדן טאָם, — מע דאַרף ניט אופשטיין גאַנצפרי, מע דאַרף ניט גיין אין שול אַריין און מע דאַרף ניט וואַשן זיך, טון קאָלעריליי נאַרישקייטן,—מע דאַרף עס דאָ אינגאַנצן ניט...

— לאָז אָפּ אַביסל!

— פאַראַן, סער!

נאָר אַזוי ווי דער פּליט איז די גאַנצע צייט געשוואומען אינמיטן טייך, פלעגן אָט־די אַלע באַפעלן אָפּגעגעבן ווערן בלויז לעפּאָנים און פלעגן קיין באַזונדער באַטייט ניט האָבן.

— וועלכע ווינט־לייוונטן זיינען אופגעהויבן?

— די אונטערשטע, סער!

— אַלע אַף דער פאַלוב אַרוף! לעבעדיקער! אַ האַלב־טוץ יונגען אַף דעם פאָק־מאַסטבוים! דיר זיך!

— פאַראַן, סער!

— פאַנאַנדערלאָז דעם גרויסן ווינט־לייוונט! דיר זיך, כעוורע!

— פאַראַן, סער!

— האַלט צום ווינט־צו! האַלט אין אַ זייט אַריין — זעסט דאָך, אַ שיף גייט! לינקער, לינקער! נו, כעווערלייטלעך! לעבעדיקער אַרבעט!

— פאַראַן, סער!

דער פּליט איז אַרויסגעשוואומען אַפן סאַמע מיט טייך; די אינגלעך האָבן אים געלאָזט שווימען מיטן שטראָם און האָבן אַוועקגעלייגט די רו־דערס. אין מעשעך פון אַ האַלבער שאָ האבן זיי קימאַט ניט גערעדט צווישן זיך. דער פּליט איז געשוואומען פאַרביי דעם ווייטן שטעטל, וואו זיי זיינען אַלע געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן. דאָס שטעטל איז פרידלעך געשלאָפן; דאָ — דאָרט האָבן זיך נאָך געלויכטן פייערלעך, אָפּ־שפּיגלענדיק זיך אין דער וואַסער, אין וועלכער ס׳האָבן, ווי דימענטן, גע־גלאַנצט די שטערן; אַלע איינוואוינער האָבן גערוט, ניט כוישעד־זייענ־דיק אַפילע, ס׳אַראַ גרויסע געשעעניש געשעט אין אָט־דער רעגע. דער שוואַרצער נעקאָמע־נעמער איז געשטאַנען אינמיטן פּליט, קוקנדיק דאָס לעצטע מאָל אַף יענע ערטער, וואו ס׳האָט זיך אים אַזוי גוט געלעבט פריער און וואו ער האָט אַזוי געליטן די לעצטע צייט. ס׳האָט זיך אים אַצינד געוואָלט, אַז מע זאָל אים דערזען אינמיטן שטורעמדיקן יאַם, ווי ער קוקט מיט פורכטלאָזער נעשאָמע גלייך אין פּאָנים אַריין דער סאַקאָנע און דעם טויט, ווי ער גייט אַקעגן אומקומעניש מיט מאָרע־שכוירעדיקן שמייכל אַף די ליפּן. איין קליינע אָנשטריינגונג פון דער פאַנטאַזיע, און דער דזשעקסאָן־אינזל האָט זיך אָפּגערוקט אין אומענד־לעכער ווייט אַריין. און טאָם האָט „דאס לעצטע מאָל" אַ קוק געגעבן אַף דער היים־שטאָט מיט אַ צעבראָכן האַרץ, נאָר אַ צופרידענער. זיינע כאַווירים האָבן אויך געקוקט דאָס לעצטע מאָל און אַזוי לאַנג, אַז זיי זיינען שיר ניט פאַרבייגעפאָרן דעם אינזל; נאָר זיי האָבן באַצייטנס באַמערקט די געפאַר און האָבן זיך באַצייטנס געכאַפּט. אַרום

— „בלוט!“

טאָם האָט אַ שליידער געטון פונם בערגל זיין שטיק וואורשט און האָט זיך אליין אויך אַראָפגעקיילט נאָך אים. דערביי האָבן אַביסל געליטן זיין אָנטון און די הויט אפן וואורשט. פונם בערגל האָט מען געקאָנט אַראָפלאָזן זיך צום ברעג מיט אַ זייער באקוועם שטעגל, נאָר אַלס עמעסער גאַזלען האָט טאָם אויסגעקליבן אַ געפערלעכן און שווערן וועג.

דער „פאַכעד פון די יאַמען“ האָט אויך געבראַכט אַ גרויסע שטיק כאַזער־פלייש, ער האָט עס קאם דערשלעפט מיט זיך. פין „די רויטע האַנט“ האָט ערגעץ צוגעלאקכנט אַ קעסעלע און אַ גאַנץ בינטל האַלב־רויע טאַבאַק־בלעטער, כאָטש קיינער פון די פיראַטן, אַכוץ אים, האָט ניט גערויכערט קיין טאַבאַק. דער שוואַרצער נעקאָמע־נעמער האָט געמאָלדן, אַז מע טאָר אַפילע ניט טראַכטן פון לאָזן זיך אין וועג אריין אָן פייער. דאָס איז געווען זייער אַ קלוגער געדאַנק: פון שוועבעלעך האָט מען אין יענע צייטן זייער ווייניק געוואוסט. די אינגלעך האָבן דערזעען אַ פייער אף אַ גרויסן פליט, וואָס שטייט אַ שפּאַן צווייהונ־דערט די ווייט פון זיי. זיי האָבן זיך אונטערגעגאַנוועט אַהין און האָבן אַוועקגעשלעפט אַ האָלאָוועשקע. דערפון האָבן זיי געמאַכט אַ גרויסע פאַסירונג: אַלע רעגע האָבן זיי „געציקעט“ איינער צום אנדערן און האָבן צוגעלייגט די פינגער צו די ליפּן, רופנדיק איינער צום אנדערן צו שאַ־שטומען. אלע רעגע האָבן זיי זיך אַ כאַפּ געגעבן מיט די הענט פאַר די אויסגעפאנטאזירטע הענטלעך פון קינזשאַלן און האָבן מיט גרויזאַמער שעפּטשעניש באפוילן איינער דעם אַנדערן, אַז אויב דער „סוינע“ וועט זיך אַ דיר טון, זאָל מען „אַריינשטעכן אים אַ מעסער אין ברוסט אריין ביז אַריבערן הענטל“, ווייל „אַ מעס וועט ניט אויסגעבן“. זיי האָבן זייער גוט געוואוסט, אַז אלע פליט־לייט זיינען אפן ברעג, וואו זיי לייגן צונויף זייערע ברעטער אָדער זיי הוליען אין שטעטל, נאָר פונ־דעסטוועגן האָבן זיי געדאַרפט פירן זיך אפן גאזלאָנישן אויפן.

דערנאָך האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אריין. טאָם האָט אָפּגעגעבן באַפעלן. העק האָט גערודערט מיט איין רודער אף דער „נאָז“ פון פליט, דזשאָ — אַקעגן אים. טאָם איז געווען קאַפּיטאַן. אָנכמורענדיק בערויגעז־דיק די ברעמען, צונויפגעלייגט די הענט אף דער ברוסט, האָט ער געקאָמאַנדעוועט מיט שטרייִנגער שעפּטשעניש:

— האלט לויטן ווינט!

— פאַראַן, סער!

— האַלט גלייך, ג—לייך!

— פאַראַן, סער!

מעיאַשעוו זיין זיך, אויסגעקליבן אָט־דעמדאָזיקן אינזל — דעם דושעקסאָן־אינזל — אַלס זייער רעזידענץ. ס'איז זיי ניט איינגעפאַלן צו פרעגן בא זיך, אַף וועמען וועלן זיי מאַכן זייערע פיראַטישע אָנפאַלן. דערנאָך האָבן זיי אָפגעזוכט העקלבערי פינען, און יענער האָט זיך מיט גרויס כיישעק באַהעפט מיט זיי; אים איז אלציינס געווען, וואָס פאר אַ קאַריער אויס־צוקלייבן, ער האָט זיך באצויגן צו דעם אינגאנצן קאַלטבלוטיק. זיי האָבן זיך צעשיידט, אויסנעמענדיק טרעפן זיך אפן ברעג טייך, אין אַ אָפגעזונדערט אָרט, צוויי מייל די ווייט פון דאָרף, אין זייער באַליבטער שאָ, ד. ה. אין האַלבנאַכט. דאָרט איז געשטאַנען אַ קליינער הילצערנער פליט, און זיי האָבן באַשלאָסן ווערן באַלעבאַטים איבער אים. אויסגעַנומען האָט מען, אַז יעדער איינער וועט פאַרכאַפן מיט זיך ווענטקעס און קריקלעך, און אויך שפייז, וואָס ס'וועט נאָר געלונגען צו קריגן, — קריגן, אויב מעגלעך, אפן פארהוילנסטן, סוידעסדיקסטן אופן, ווי ס'פּאַסט פאַר גאַזלאָנים; און נאָך ביז מיטאָג האָט יעדער איינער פון די דריי באוויזן צו פאַרשפרייטן צווישן די כאווירים די וויכטיקע נייס, אַז אינגיכן וועט מען אין שטאָט „וועגן עפּעס דערהערן". אַלעמען, וועמען מ'האָט איבערגעגעבן אָט־דעם נעפּלדיקן רעמעז, האָט מען געבעטן האַלטן עס בעסאָד און וואַרטן.

אַרום האַלבנאַכט איז טאָם געקומען אפן אָפגערעדטן אָרט מיט אַ שטיק געקאָכטן וואורשט און מיט נאָך אַביסל פּראָוויזיע און האָט זי אַוועקגעלייגט אין די געדיכטע גראָזן אַפן בערגל, פון וועלכן ס'האָט זיך אָנגעזעען דאָס באַגעגעניש־אָרט. די נאַכט איז געווען אַ אויס־געשטערנטע און זייער אַ שטילע. דער גרויסער טייך איז געווען רואיק, ווי אַ אַנשלאָפן־געוואָרענער אָקעאַן. טאָם האָט זיך איינגעהערט, — מ'הערט קיין איין קלאַנג ניט. דאַן האָט ער שטיל, צעצויגן אַ פייף געטון. פונם וועלדל האָט מען אים אָפגעענטפערט מיט אַ פייף. טאָם האָט אַ פייף געטון נאָך צוויי מאָל, און מע האָט אים ווידער מיט פייפן געענטפערט. דאַן האָט עמעצנס געענדערט קאָל אַ פרעג געגעבן:

— ווער גייט?

— טאָם סאָיער, דער שוואַרצער נעקאָמע־נעמער. רופט אָן אייערע נעמען!

— העק פין — „די רויטע האַנט", און דושאָ גאַרפער — „דער פּאַכעד פון די יאַמען"!

דידאָזיקע צונעמענישן האָט טאָם אַרויסגענומען פון זיינע באַליבטע ראָמאַנען.

— געמאַכט, זאָגט דעם פּאַראָל!

אין דער נאַכט־שטילקייט האָבן צוויי קוילעס מיטאַמאָל כריפּעדיק אויסגערופן:

פונקט אין דער רגע איז אים אָקעגן געקומען זיין בעסטער גוטער־ברודער דזשאָ גאַרפּער. דאָס פּאָנים בא דזשאָען איז איצט אויך פינצטער געווען, און אויך אין זיין נעשאָמע האָט איצט, זעט אויס, געוועלטיקט אַ גרויסע, ביטערע אנטשלאָסנקייט. קלאָר, זיי זיינען איצט ביידע געווען „צוויי נעשאָמעס, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט איין־און־דעמ־זעלבן געדאנק". טאָם האָט אָפּגעווישט די טרערן מיטן אַרבל און האָט גיך־גיך געמאָלדן דעם כאַווער וועגן זיין באַשלוס אַוועקצוגיין פונדערהיים, וואו מע באַגייט זיך מיט אים אזוי שלעכט און וואו קיינער פילט אים ניט מיט, וועגן זיין באַשלוס אַוועקצוגיין אַף שטענדיק און קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך. צום סאָף האָט ער געזאָגט, אַז ער איז זיכער, אַז דזשאָ וועט אין אים ניט פאַרגעסן.

נאָר אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דזשאָ האָט נאָר־וואָס געוואָלט בעטן טאָקע וועגן דעמזעלבן בא טאָמען, און געזוכט האָט ער אים מיט דעמ־זעלבן צוועק. די מאַמע זיינע האָט אים אָנגעשמיסן דערפאַר, וואָס ער האָט קלאָמפּערשט אופגעגעסן דעם איינגעמאַכטס, בעאייס ער האָט אַפילע ניט געפּרואווט און האָט אַפילע ניט געוואוסט וועגן דער עקזי־סטענץ פונם איינגעמאַכטס; קלאָר, ער איז איר נימעס געוואָרן, און זי וויל פּאָטער ווערן פון אים. אויב זי באַגייט זיך אַזוי מיט אים, בלייבט אים איין זאַך: אויספילן איר ווילן; ער האָפט, אז זי וועט גליקלעך זיין און ס'וועט איר קיינמאָל ניט באנק טון, וואָס זי האָט פאַרשטויסן איר אינגל אין דער קאַלטער אַכזאָריעסדיקער וועלט, וואו ער וועט ליידן און אומקומען.

די אינגלעך האָבן זיך טרויעריק אַוועקגעלאָזט ווייטער גיין, אויס־נעמענדיק אָנעמען זיך איינער פאַרן אנדערן, ווי ברידער, און קיינמאָל ניט צעשיידן זיך, ביז דער טויט וועט זיי ביידן ניט באַפרייען פון זייערע ליידן. דערנאָך האָבן זיי גענומען פּלאַנעווען. דזשאָ האָט געוואָלט ווערן אַ נאָזיר, לעבן אין אַ הייל, נערן זיך מיט טרוקענע ברויט־קאָרקעס און שטאַרבן פון קעלט, נויט און אומגליק. נאָר נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעהערט טאָמען, האָט ער מאַסקים געווען מיט אים, אַז דאָס פאַרברעכערישע לעבן לוינט בעסער, ווי דאָס נעזירישע, און ער האָט באשלאָסן ווערן אַ פּיראַט.

דריי מייל די ווייט פון פּיטערסבורג, דאָרט, וואו די ברייט פון דער מיסיסיפּי דערגרייכט מער פון אַ מייל, איז פאַראן אַ לאנגער, שמאָלער, וואַלדיקער אינזל מיט אַ זאַמדיקן ברעג — אַ אויסגעצייכנט אָרט פאר אַ גאַזלאָנים־היים. דער אינזל איז וויסט און ליגן ליגט ער נאָענט צום אַקעגנדיקן מיסיסיפּי־ברעג, וואָס איז באַוואקסן מיט געדיכטן, קימאַט ניט־באַוואוינטן וואַלד. אונזערע העלדן האָבן, נאָך. עטלעכע רעגעס פון

גאָרניט ניט באַמערקט און האָט אפילו ניט געקוקט אין זיין זייט אריין. געשיקט זיך, אַז זי באַמערקט אפילו ניט, אַז ער געפינט זיך דאָ? ער האָט אָנגעהויבן באַוויזן זיינע שטיקלעך נעענטער צו איר, האָט זיך געיאָגט אַרום איר מיט קאַמפּס־געשריי, האָט אַראָפּגעריסן בײַ אַ אינגל דאָס היטל פון קאָפּ און האָט עס פאַרוואָרפן אויפן דאַך פון שול. ער האָט זיך אריינגעריסן אין אַ האַמוין אינגלעך, האָט זיי צעשליידערט אין פאַרשיידענע זייטן און אַליין האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד פונקט לעבן בעקין, שיר ניט איבערקערנדיק זי. זי האָט זיך אויס־געקערעוועט, האָט אַ צי געטון ארויף דאָס נעזל, און ער האָט דערהערט, ווי זי האָט אַ זאָג געגעבן צו איר כאַווערטע:

— פאַראַן אַזעלכע אינגלעך, וואָס מיינען, אַז זיי זיינען מוירעדיק פלינק...

טאָם האָט זיך אופגעהויבן מיט אַ פלאַקערדיקן פּאָנים און איז לאַכלוטן אַ דערשלאָגענער אריין אין שול אריין.

## .XIII

טאָם האָט אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס.

אויפן האַרצן איז אים געווען פינצטער און מאָרעשכוירעדיק. ער האָט זיך געפילט עלנט, פאַרלאָזט פון אַלעמען, געפילט, אַז קיינער האָט אים ניט ליב. דערנאָך, אַז מע וועט זיך דערוויסן, צו וואָס מע האָט אים דערפירט, וועט מען עפשער כאַראָטע האָבן דערויף... ער האָט דאָך געמיט זיך זיין אַ וואוילער, נאָר מע שטערט אים. און מע לאָזט אים ניט. זיי דאַרפן דאָך נאָר פּאָטער ווערן פון אים. איז וואָס? וועט ער אַוועק, און זאָלן זיי אים זידלען וויפל ס׳גלוסט זיך זיי... פאַרוואָס טאַקע זאָלן זיי ניט זידלען אים? אַ אינגל, וואָס איז פון אַלעמען פאַר־לאָזט, האָט דען די רעכט צו באַקלאָגן זיך? און, סאָפּקאָלסאָף, מע האָט אים דאָך געצוואונגען ווערן אַ פאַרברעכער... קיין אנדער ברייַרע האָט ער ניט... פאַרטיפט אין אַזוינע מאַכשאָוועס, איז ער צוגעקומען צום עק פון דער לאָנקע. מיטאַמאָל האָט זיך הערן געלאָזט דאָס קלינגעריי פון שול־גלאָק, וואָס רופט צונויף די שילער אויף די נאָך־וואַרעמעס־לימודים. טאָם האָט זיך צעוויינט, אַ טראַכט געבנדיק, אַז שוין קיינמאָל, קיינמאָל מער וועט ער ניט הערן אָט דאָס גוט־באַקאַנטע קלינגעריי. שאָלעם מאַכן דערמיט איז שווער געווען, אָבער ס׳איז דאָך אַ מוז געווען. אַז מע פאַרשטויסט אים, מע לאָזט אים איבער אויף העפקער אין דער קאַלטער, אָנגעראַכמאָנעסדיקער וועלט, דאַרף מען זיך אונטערגעבן; נאָר ער פאַרגיט זיי,— און ער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט.

טאָם האָט ערנסט אַ קוק געטון איר אין פּאָנים אריין. בלויז די מויל־ווינקלען האָבן בא אים געציטערט.

— איך ווייס, מומע, אז איר האָט מיר געוואָלט טון גוטס, אָבער איך האָב אויך דעם קאָטערל געוואָלט גוטס טון. ס׳האָט אים אויך צו גוטן געדינט. איך האָב אים נאָך קיינמאָל ניט געזעען אין אַזאַ וואוילן...

— נו, גענוג, גענוג, טאָם, ערגער מיך ניט. פּיר זיך ווי ס׳דארף צו זיין, זיי אַ קלוג בּאָכערל, וועט דיר ניט אויסקומען איינעמען קיין שום רעפועס.

טאָם איז געקומען אין שול אריין איידער די לימודים האָבן זיך אָנגעהויבן. דער לערער האָט באַמערקט, אז אזעלכע אויסערגעוויינלעכע פאַלן פלעגן זיך איבערכאַזערן די לעצטע צייט קימאט יעדן טאָג. אויך היינט, ווי שטענדיק די לעצטע צייט, האָט טאָם, אנשטאָט שפּילן זיך מיט די כאוויירים, געדרייט זיך אין הויף און באם טויער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די שפּילן, דערקלערנדיק, אַז ער פילט זיך ניט געזונט,— אויסגעזעען האָט ער טאַקע ווי ניט מיט אלעמען. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער קוקט קלאָמפּערשט אין פאַרשיידענע זייטן, נאָר אינדערעמעסן האָט ער די גאנצע צייט געקוקט צום וועג. ווי נאָר ס׳האָט זיך פונדערווייטנס באוויזן דזשעף טעטשער, איז טאָמס פּאָנים ליכטיק געוואָרן, נאָר אין אַ מינוט ארום איז דאָס פּאָנים ווידער טרויעריק געווען. אין שול איז טאָם אף קיין רעגע ניט אָפּגעטראָטן פון דזשעפן, ער האָט זיך געמיט מיט קאָלערליי מיטלען ארופירן אים אַף אַ שמועס וועגן דער שוועסטער, נאָר דזשעף איז געווען אַ טעמפּ אינגל און האָט ניט פאַרשטאַנען די רעמאָזים. טאָם האָט אלץ געוואַרט און געוואַרט. ער פלעג מונטער ווערן יעדער מאָל, ווען ער פלעג דערזעען פונדערווייטנס אַ ליכטיק קליידל, און ער פלעג אָנהייבן פיינט האָבן דאָס מיידעלע, וואָס האָט דאס קליידל געטראָגן, ווי נאָר ער פלעג זיך איבערצייגן, אַז ס׳איז ניט די, אף וועלכער ער וואַרט. ענדלעך, האָבן די קליידלעך אופגעהערט צו באווייזן זיך, און טאָם איז אינגאנצן אומעטיק געוואָרן. אַ טרויעריקער און אַ פאַרטראַכטער איז ער אריינגעגאַן אין ליידיקן קלאַס און האָט זיך אוועקגעזעצט אף זיין אָרט, קעדיי טרוימען און ליידן. אין דער רעגע האָט זיך באם טויער באוויזן נאָך איין קליידל; טאָמס האַרץ האָט אַ פלאַטער געטון. איין רעגע, און ער איז שוין געווען אין הויף און האָט געווילדעוועט, ווי אַ אינדיאַנער. ער האָט געשריגן, הויך געלאַכט, געיאָגט זיך נאָך די כאוויירים, געשפּרונגען איבערן פּאַרקן, געגאַן אפן קאָפּ,— מיט איין וואָרט, ער האָט באוויזן קאָלערליי קונץ־שטיק און העלדנטאַטן, קרומענדיק די גאנצע צייט דאָס אויג אין בעקיס זייט, צי קוקט זי דערויף. נאָר זי האָט, זעט אויס,

— איך האב אף מיין לעבן אַזוינס ניט געזעען. וואָס האט עס מיט אים געטראָפן?

— אַף מיין וואָרט, איך ווייס ניט, מומע פּאָלי. ווייזט אויס, די קאָנ־טערס טוען שטענדיק אַזוי, אז זיי זיינען זייער צופרידן.

— נו? טאַקע?

אין דער מומעס טאָן איז געווען עפּעס אַזוינס, וואס האָט געצוואונ־גען טאָמען אָנשפּיצן זיין אופמערקזאַמקייט.

— נו, יאָ, מומע. איך, יעדנפאַלס, מיין אַזוי.

— נו? אינדערעמעסן?

— יאָ, מומע.

די אַלטיטשקע האט זיך אָנגעבויגן. טאָם האָט מיט אינטערעס און מיט אומרו נאָכגעשפּירט נאָך אירע באַוועגונגען, נאָר צו שפּעט האט ער זיך אָנגעשטויסן וואוהין זי „ציט". פון אונטערן בעט האט געסטאָרטשעט א בוילעטער באַווייז — דאס טיי־לעפעלע. די מומע פּאָלי האָט עס אופ־געהויבן און האָט עס צוגעטראָגן סאַמע צו טאָמס נאָז. טאָם האט אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און האט זיך א רוק געגעבן אַף צוריק. די מומע פּאָלי האט אים אופגעהויבן אַפן שטענדיקן אויפן — פארן אויער — און האָט אים ענערגיש א קלאַפּ געגעבן איבערן קאָפּ מיטן פינגערהוט.

— אַנו, טייערינקער, זיי נאָר אַזוי גוט, גיב מיר צו פאַרשטיין, פאר־וואָס פייניקסטו עס די אומגליקלעכע שטומע באַשעפעניש?

— איך האָב עס געטון פון ראַכמאָנעס צו אים, ער האט דאָך נאָך קיין מומע ניט.

— ער האט קיין מומע ניט? וואס פאַר א נאַרישקייטן רעדסטו עס, שויטע איינער? וואס קער זיך עס אָן מיט דעם, וואס דו האָסט אָפּגעטון?

— ס'קער זיך זייער אָן. ווען ער זאָל האָבן א מומע, וואָלט זי אַליין געזאָרגט וועגן אים. זי וואָלט אים אויסגעבערענט אַלע געדערים, אָן שום ראַכמאָנעס, אַזוי ווי א מענטשן!

דער מומע פּאָלין האָט מיטאַמאָל דער געוויסן גענומען ערגערן. איר היילונג האָט זיך פאר איר איצט פאָרגעשטעלט אין גאָר א נייער שיין: דאָס, וואס ס'איז אַכזאָריעסדיק געווען בענויגייע דעם קאָטער, האָט גע־קאָנט זיין אַן אַכזאָריעס אויך בענויגייע דעם אינגל. איז זי ווייכער געוואָרן, זי האָט ראַכמאָנעס געקראָגן אף טאָמען! ס'האָבן זיך אַפילע טרערן באַוויזן אין אירע אויגן. זי האָט אַ גלעט געטון דאס אינגל אי־בערן קאָפּ און האט מילד געזאָגט:

— איך האָב זיך דאָך געמיט פון דיין טויווע וועגן, טאָם, און ס'האָט דיר דאָך געדינט צו גוטן.

פון וועלכער־ס'ניט־איז אומרואיקייט, נאָר אַזוי ווי געהאַנדלט האָט זי מיט טאָמען, האט זי שטילערהייט נאָכגעשפּירט נאָכן פלעשל. די רעפּוע פלעג טאַקע, ווירקלעך, ווייניקער ווערן, אָבער דער מומען איז אַפילע אַפן זינען ניט געקומען, אַז טאָם היילט ניט זיך, נאָר דעם שפּאַלט אַפּן דיל פון גאַסט־צימער.

איינמאָל, ווען טאָם האט אף אזאַ אויפן געגאָסן די רעפּוע אין שפּאַלט אריין, איז צו אים צוגעגאַן דער מומעס געלער קאָטער. דער קאָטער האט געמורליקעט און גיריק געקוקט אפן לעפל, ווי ער וואָלט געבעטן מ'זאָל אים געבן פאַרזוכן.

— אָך, קאָטערל, בעט בעסער ניט — ס'איז לאַכלוטן איבעריק פאר דיר.

נאָר דאס קאָטערל האט געגעבן צו פאַרשטיין, אז ס'איז פאר אים לאַכלוטן ניט איבעריק.

— איז זע־זשע, זאָלסט קיין טאָעס ניט האָבן, — וועסט כאַראָטע האָבן...

דאָס קאָטערל איז געווען זיכער, אז ס'וועט קיין כאַראָטע ניט האָבן.

— נו, אויב דו בעטסט אַזוי, וועל איך דיר־געבן, איך בין ניט קיין קאַמצן. נאָר זע־זשע, אויב ס'וועט דיר ניט געפעלן — האָב טאַינעס צו זיך אַליין.

דאס קאָטערל האט מאַסקים געווען; טאָם האט אים צעעפנט דאָס מויל און האט אַהין אַריינגעגאָסן א לעפל „יעסורים־פאַרטרייבער". דאס קאָטערל איז אונטערגעשפּרונגען אף צוויי אַרשין די הייך, האט אַרויס־געלאָזט א קאמפס־רוף און האט זיך צעשליידערט איבערן צימער, פאַר־טשעפּענדיק זיך אין מעבל, איבערקערנדיק וואַזאָנעס און אָנמאַכנדיק א מוירעדיקן געפּילדער. דערנאָך האט ער גענומען טאַנצן, דער קאָטער, אף די הינטערשטע לאַפּקעס, אין דולער פרייד, מיט קאָפּ פאַרוואָרפענעם אף צוריק און מיט קוויטשערייען וועגן זיין אומגעהייערן גליק; דערנאָך האט ער זיך ווידער צעיאָגט איבערן גאַנצן הויז, איבערלאָזנדיק אומע־טום אף זיין וועג — כאַאָס און כורבוינעס. די מומע פּאָלי איז אַריינגע־קומען פּונקט אין דער רעגע, ווען ער האָט געמאַכט עטלעכע גאָר־מע־שונעדיקע סאַלטאָ־מאָרטאַלן און איז מיט ווילדער מיאַוקעניש אַרויסגע־שפּרונגען דורכן אָפענעם פענצטער, פארשלעפּנדיק מיט זיך די עטלעכע גאַנץ־פאַרבליבענע וואַזאָנעס. די אַלטיטשקע איז פאַרגליווערט געוואָרן פון כידעש. זי האט געקוקט אַריבער די ברילן אף אָט־דעם בילד. טאָם האט זיך געקייקלט אַפּן דיל פון געלעכטער.

— טאָם, זאָג, זיי אַזוי גוט, וואס טוט זיך עס מיט אונזער קאָטער?

— איך ווייס ניט, מומע, — האט קאָם אַרויסשטאמלען געקאנט טאָם.

באַגיסן אים מיט שטראָמען קאַלטע וואַסער, רײַבן אים ביז אָנגעגליט־קייט מיט האַנטעכער, האַרטע אַזוי ווי קעמלעך; דערנאָך פלעג זי אים איינוויקלען אין אַ נאַסן לײַלעך און איינדעקן מיט וואַרעמע קאָלדרעס, ער זאָל פּיין אָפּשוויצן. דער אומגליקלעכער טאָם פלעג שוויצן ביזוואַנען ס'פלעגן (לויט זיין אייגענעם אויסדרוק) „אַלע פלעקן פון דער נעשאָמע דורך די שפּאַרונעס באוויזן זיך אינדרויסן".

ניט געקוקט אף אָט־דעם אַלעמען, איז דאס אינגל אַלץ מער בלייך און דאַר געוואָרן. א אויסזען האט ער געהאט א קלאָגעדיקן. דאן האט די מומע צוגעגעבן צו דער פריערדיקער היילונג — הייסע ביטלעך, זיך־ביטלעך און אַראָפּלאָז אין וואַסער. דאס אינגל איז אַלץ געווען מאָרע־שכוירעדיק אַזוי ווי א באַגרעבער־מיטע. דאך האט די מומע דערפולט די היילונג מיט א גרינגער האָבער־דיעטע און מיט מאַקע־פּלאַסטערן. זי פלעג יעדן טאָג אריינגיסן אין אים, ווי אין א קרוג אַריין, אַ יאַם מיט קאָלערליי רעפועס.

טאָם איז ביסלעכווייס געוואָרן לאַכלוטן קאַלטבלוטיק צו אָט־דעם אַלעמען,— דאס האט זייער געערגערט די אַלטיטשקע. ס'איז נייטיק געווען אומבאַדינגט אַרויסציען אים פון אזאַ גלייכגילטיקן צושטאַנד. אין אָט־דער צייט האט זי דאס ערשטע מאָל דערהערט וועגן א נייער רעפוע, „יעסורים־פּאַרטרייבער", און האט זי טייקעף אויסגעשריבן אין א גרויסער צאָל עקזעמפּליאַרן; דערנאָך האט זי פארזוכט זי, און איר האַרץ איז פול געוואָרן מיט דאַנקבאַרקייט. ס'איז געווען עמעס פייער אין פלי־סיקן געשטאַלט. זי האט אַוועקגעוואָרפן די וואַסער־היילונג און אלע אַנדערע היילונגען און האט די לעצטע האָפענונג פארבונדן מיטן „יעסורים־פּאַרטרייבער". זי האָט געגעבן טאָמען אויסטרינקען א פול טיי־לעפעלע און האט מיט פארשטאַרטן האַרץ געוואַרט אף די רעזולטאַטן. איר אומרו איז מאָמענטאַל פאַרביי, און איר נעשאָמע האט זיך באַרואיקט: דער גלייכגילטיקער צושטאַנד טאָמס איז באַשטימט טייקעף פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט אַרויסבאַוויזן היציקע, לעבעדיקע פאַרינטערעסירטקייט צום פּרואוו.

טאָם האט דערפילט, אז שוין צייט טאַקע אינדערעמעסן אופכאַפּן זיך. ער האט גענומען צוטראַכטן קאָלערליי מיטלען אף פּאָטער צו ווערן פון ווייטערדיקע עקספּערימענטן איבער זיך, און סאָפּקאָלסאָף איז ער געפאַלן אף א געדאַנק מאַכן דעם אָנשטעל, אז דער „יעסורים־פּאַרטרייבער" האט בא אים זייער אויסגענומען. ער האט אַזוי אָפּט געבעטן מע זאָל אים געבן אָט־די רעפוע, אַז ער איז, ענדלעך, נימעס, געוואָרן דער מומען, און זי האט אים געהייסן איינעמען די רעפוע אַליין, ווען ס'פאַר־גלוסט זיך אים, און זי זאָל ער צורו לאָזן. ווען זי זאָל האבן צו טון מיט סידן, וואָלט אין איר עמעסער פרייד ניט געווען קיין שום צומיש

די-איינוואוינער פון שטעטל האבן גרויס כיישעק געהאט צו באשטראָפֿן דעם מעטיס אינדזשען דזשאָ פֿאַרן רויבן מייסים. זיי האבן געוואָלט אויסשמירן אים מיט סמאָלע, איינוואַלגערן אים אין פעדערן און אין אַזאַ אויסזען אַרויסטרייבן אים פון שטאָט. נאר אַלע האבן אַזוי מוירע געהאַט פאר אים, אז ס'האט זיך ניט געפונען קיין איין מענטש, וואס זאָל זיך נעמען דערצו. דעריבער איז עס צו נישט געוואָרן. בעאייס דער אויספאָרשונג האט דער מעטיס ביידע מאָל אָנגעהויבן זיין דערציילונג גלייך פונם געשלעג, ניט דערמאנענדיק וועגן דער פאַרשוועכונג פון קייוועד און וועגן דעם אַוועקרויבן דעם מעס; דעריבער האט מען איינ־געפונען, אַז ס'איז בעסער דערווייל ניט שטעלן די פראַגע וועגן דעם אין געריכט.

## קאפיטל XII.

טאָמס געהיימער ווייטיק האָט זיך ווייט-ווייט פאַרוקט. שולדיק איז דערין געווען אויך דאס, וואס באַוויזן האט זיך בא אים אַ נייע ערנסטע זאָרג. בעקי טעטשער האט אופגעהערט קומען אין שול אַריין. טאָם האט זיך עטלעכע טעג געראַנגלט מיט זיך, נאָר ס'האָט אים ניט געהאָלפֿן: ער האט אָנגעהויבן אַלע נאַכט אַרומבלאָנקען אַרום איר פאָטערס הויז און האט זיך געפילט זייער אומגליקלעך. בעקי איז קראַנק געווען. און טאָמער שטאַרבט זי? דערדאָזיקער געדאַנק האט אים רוען ניט געלאָזט. ער האט זיך מער ניט אינטערעסירט מיט קיין מילכאָמעס, אַפילע מיט קיין יאַם-רויב שוין ניט אינטערעסירט זיך מער. דער גאַנצער טאַינעג פונם לעבן איז פאר אים פאַרשוואונדן געוואָרן, פאַרבליבן איז בלויז א לאַנגווייַליקע נויטווענדיקייט. ער האט אַפילע פארשליידערט זיין רייף און זיין שטעקן; זיי האבן אים מער שוין ניט געפרייט. די מומע, וועלכע ס'האט באַומרואיקט זיין צושטאַנד, האט גענומען היילן אים, אויספראָ־בירנדיק אַף אים קאָלערליי מיטלען. זי איז געווען פון יענע לייט, וואס כאַפּן היספּאַילעס פון קאָלערליי פּאַטענטירטע רעפועס און קאָלערליי באַנייַס-דערפונדענע מיטלען צום אופשטעלן דאס געזונט. זי פלעג קיינמאָל ניט מיד ווערן צו מאַכן עקספּערימענטן מיט זיי. ווי נאָר ס'פלעג אין רעפועס-געביט באַווייזן זיך עפּעס נייס, פלעג זי אַליין אויספּרואוון עס — ניט אף זיך, — זי אַליין האט קיינמאָל ניט געקריינקט, — נאר אפן ערשטן בעסטן, וואָס איז איר געקומען צו די הענט.

אין יענער צייט האט אָנגעהויבן א מאָדע ווערן די וואַסער-היילונג, און טאָמס געדריקטער צושטאַנד האט סאַמע גוט צוגעטראָפן. די מומע פלעג אים אופוועקן גאַנצפרי, אַוועקפירן אים אין האָלץ-קאַמער און דאָרט

— דאָס איז אַלץ איבער יענעם שרעקלעכן מאָרד. מיר אַליין כאָלעמט זיך עס קימאַט אַלע נאַכט. אָפט זע איך אין כאָלעם, אז דאָס האָב איך עס אים געהאַרגעט.

מערי האָט געזאָגט, אַז מיט איר טרעפט אויך דאָסזעלבע, און סיד האט זיך, זעט אויס, באפרידיקט מיט אָט־די דערקלערונגען. טאָם האט געאײַלט אַוועקגיין פון זיינע היימישע, און ער האט זיך גאָר אינגיכן אַרויסגעדרייט פון זיי.

נאָכדעם פלעגט ער אַנערעך אַ וואָך, באַקלאָגנדיק זיך אף ציין־ווייטיק, צונויפבינדן זיך דאס מויל אף באנאכט מיט אַ טיכל, קעדיי ניט פלאַפּלען פון שלאָף. ער האט ניט געוואוסט, אז סיד שלאָפט ניט אומיסטן באנאַכט און אָפט צעציט ער דאס טיכל, הייבט זיך אוף אף די עלנבויגנס און הערט זיך צו צום ברודערס רייד פון שלאָף, דערנאך מאַכט ער ווידער צורעכט דאָס טיכל. טאָמס געוויסן־ערגעדניש און זיין אופגערעגטער צו־שטאַנד האבן זיך צוביסלעך איינגעשטעלט; ס'איז אים נימעס געוואָרן צו קלאָגן זיך אף ציין־ווייטיק, און ער האט שוין מער נים פארבונדן דעם קאָפּ אף נאַכט. אויב סיד האט אַפילע געמאַכט וועלכע ס'ניט איז אויס־פירן פון די שטיקלעך ווערטער, וואס טאָם האט גערעדט פון שלאָף, האט ער זיי, סיד, געהאלטן בעסאָד. טאָמען האט זיך גערדאַכט, אז זיינע כאַוויירים אין שול וואָלטן באדארפט אופהערן צו אינטערעסירן זיך מיט געפייגערטע קעץ: יעדער דערמאנונג וועגן געפייגערטע קעץ פלעג בא־נייען דעם אומרו אין זיין נעשאָמע. סיד האט באַמערקט, אז בעאייס די אויספאָרשונגען וועגן דער געפונענער געפייגערטער קאַץ פלעג איצט טאָם קיינמאָל ניט נעמען אף זיך די ראָלע פון א אויספאָרשער; דאס איז מעשונעדיק געווען. באמערקט האט סיד אויך, אז טאָמען עקלט אַצינד פון אַזעלכע מינים שמועסן, און ווען ס'איז נאָר מעגלעך, דרייט ער זיך אויס פון זיי. סיד האט זיך געכידעשט, נאָר ער האָט געשוויגן. אינגיכן האבן אויך אָט־די שמועסן אופגעהערט און האבן מער ניט צערודערט טאָמס געוויסן.

אין דערדאָזיקער שווערער ציים פלעג טאָם יעדער פרימאָרגן, אָדער א טאָג איבער א טאָג, פּאַקן א פאַסיקע רעגע אף צוצוקומען צום קליי־נינקן פאַרגראַטעטן פענצטערל פון דער טורמע, וואו ס'איז געזעסן פאַר־שפּאַרט דער „מערדער". ער פלעג„ טאָם, ביגנייווע ברייינגען דעם „מער־דער" קאָלערליי נאַשערייען, אַלץ, וואס ער האט נאר געקאנט קריגן. די טורמע־געביידע איז געווען א קליינינקע; געבוים איז זי געווען פון ציגל, אף א זומפּ, באם סאַמע עק שטעטל. קיין שוימער איז לעבן איר ניט געווען, און זעלטן ווען פלעג זי איינוואוינער פאַרמאָגן. די קליינע מאַ־טאָנעס פלעגן היפּש באַרואיקן טאָמס געוויסן.

— איך האָב ניט געקאָנט אַנדערש, ניט געקאָנט! — האָט אַרויסגע־קרעכצט פּאָטער, — איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, נאָר די פיס אַליין האָבן מיך פאַרשלעפּט אַהער.

און ער האָט זיך ווידער צעיאָמערט.

אינדזשען דזשאָ האָט אין עטלעכע רעגעס אַרום, פּונקט אַזוי רואיק ווי פריער, איבערגעכאַזערט זיין דערציילונג פאַר דעם אויספאָרשער און געגעבן א שוואוע, אַז ער דערציילט הוילע עמעס. די אינגלעך, וועענדיק, אַז א דונער פון הימל האָט אים פאָרט ניט דערשלאָגן, האָבן זיך ענד־גילטיק איבערצייגט, אַז דער מעטיס האָט פאַרקויפט זיין נעשאָמע דעם טייוול. זיי האָבן שרעקלעך מוירע געהאַט פאַר אים. נאָר אין דערזעל־בער צייט איז ער אַצינד געווען פאַר זיי אינטערעסאַנטער פון אַלץ אַף דער וועלט, זיי האָבן ניט געקאָנט אָפּרייסן פון זיין פּאָנים זייערע פאַר־צויבערטע אויגן. פאַר זיך האָבן זיי באַשלאָסן נאָכצושפּירן נאָך אים בא־נאַכט, ווען ס׳וועט זיך נאָר איינגעבן, קעדיי כאָטש אף א ווײַלע דערזעען זיין שוידערלעכן באַלעבאָס...

טאָמס מוירעדיקער סאָד און זיינע געוויסן־ערגערנישן האָבן אים א גאַנצע וואָך, אויב ניט מערער, שלאָפן ניט געלאָזט באַנאַכט. איינמאָל אינדערפרי, בעאייס פרישטיק, האָט סיד א זאָג געגעבן:

— טאָם, דו דרייסט זיך אַזוי און דו רעדסט אַזוי פון שלאָף, אַז איך קאָן בעשומויפן ניט אַנשלאָפן ווערן; איך בין א האַלבע נאַכט ניט געשלאָפן.

טאָם איז בלייך געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— ס׳אַ שלעכטער סימען, — האָט מיט א ערנסטן טאָן געזאָגט די מומע פּאָלי, — וואס טוט זיך עס מיט דיר, טאָם?

— גאָרניט, — אף וויפל איך וויס, גאָרניט.

דאָך האָבן זיינע הענט אַזוי געציטערט, אַז ער האָט איבערגעקערט די גלאָז מיט קאַווע.

— און ריידן רעדסטו אַלץ עפּעס אַזעלכע נאַרישקייטן, — האָט וויי־טער דערציילט סיד, — נעכטן באַנאַכט האָסטו גערעדט: „ס׳איז בלוט, בלוט, אָט וואס ס׳איז!״ און האָסט עס איבערגעכאַזערט אָן אַ שיר מאָל. דערנאָך האָסטו גערעדט: „פּײַניקט מיך ניט אַזוי, — איך וועל אויסזאָגן״. וואָס וועסטו עס אויסזאָגן?

אַלץ האָט פאַר טאָמס אויגן גענומען דרייען זיך און אַרומשווימען. שווער צו זאָגן, וואס ס׳האָט געקאָנט טרעפן, נאָר, צום גליק, איז אין אָט־דער רעגע דער אומרו־אויסדרוק פאַרשוואונדן פון דער מומע פּאָליס פּאָנים און זי איז, אַליין ניט וויסנדיק דערפון, געקומען טאָמען צו הילף.

דער האַמוין האט געמאַכט א וואַרע, און צום קייוועך איז פייערלעך צוגעגאַן דער שעריף, פירנדיק בא א האַנט פּאָטערן. דער אומגליקלעכער פּאָטער איז אינגאַנצן צעמישט געווען, און אין די אויגן זיינע האט געפלאַטערט מעשוגענע מוירע. אַז ער האט דערזעען דעם דערהאַרגעטן, האט זיין גאַנצער קערפּער געגומען טרייסלען זיך. ער האט פארשטעלט דאס פּאָנים מיט די הענט און האט זיך צעיאָמערט.

— איך האב אים, פריינט מיינע, ניט געהאַרגעט,— האָט ער גערעדט יאָמערנדיק,— אף מיין ערן וואָרט, ניט געהאַרגעט.

— ווער באַשולדיקט דיך דען?— האָט זיך צעדונערט עמעצנס קאָל.

פּאָטער האט אופגעהויבן דעם קאָפּ און האט זיך האָפענונגלאָז אַרומגעקוקט. ער האט דערזעען אינדזשען דזשאָען און האט אויסגעשריגן:

— אָ, דזשאָ, דו האסט מיר צוגעזאָגט, אז דו וועסט קיינמאָל...

— דאס איז אייער מעסער?— האט אים איבערגעשלאָגן דער שעריף און האט צום סאמע פּאָנים צוגעטראָגן דאס מעסער.

פּאָטער וואלט אומגעפאַלן, ווען מע וואָלט אים ניט אונטערגעהאלטן און פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אים אף דער ערד. דערנאָך האט ער געזאָגט:

— עפּעס האט מיר דאס האַרץ געזאָגט, אז אויב כ׳וועל ניט גיין אַהין און וועל ניט געפינען...

ער האט א פלאטער געטון און האט האָפענונגלאָז א פאָכע געטון מיט דער האַנט.

— זאָג זיי, דזשאָ,— וואָס שווייגסטו?

העקלבערי און טאָם זיינען געפּלעפּט געוואָרן פון שוידער. זיי האבן אויסגעסטאָרטשעט די אויגן אַפן מערדער. אינדזשען דזשאָ האט, אף קיין רעגע ניט פאַראיקענדיק זיך, דערציילט אַן אויסגעטראַכטע רעציכעסצענע. די אינגלעך האבן יעדער רעגע געוואַרט, אז אָט־אָט וועט אינם לויטערן הימל א גלאַנץ טון אַ בליץ און וועט דערשלאָגן דעם מערדער. זיי האבן זיך געכידעשט, וואס גאָטס שטראָף פארזאַמט זיך אזוי לאַנג. אַז דזשאָ איז אויך נאָך דעם, ווי ער האט פאַרענדיקט זיין דערציילונג, געבליבן שטיין געזונט און שטאַרק, איז בא די אינגלעך דער אף א רעגע דערשינענער כיישעק צו אויוועך זיין אף דער שוואוע און ראַטעווען דאס לעבן דעם אומשולדיקן פּאָטערן — אינגאַנצן פאַרביי: זעט אויס, אָט דער מערדער האט פאַרקויפט זיין נעשאָמע דעם טייוול,— דאָרט, וואו ס׳איז פאַרמישט דער טייוול, טאָר דאָך קיין מענטש זיך שוין ניט אַריינמישן, אַניט וועט ער, דער מענטש, אומקומען.

עמעצער האט געפרעגט בא פּאָטערן:

— איז פארוואָס ביסטו ניט אַנטלאָפן? פאַרוואָס ביסטו געקומען אַהער?

דעם מערדער ניט געקאָנט געפינען. געשמועסט האָט מען אויך, אז אין אַלע ריכטונגען האָט מען צעשיקט רייטער, און דער שעריף איז זיכער, אַז ביז אפדערנאַכט נאָך וועט מען דעם מערדער פּאַקן.

די גאַנצע שטאָט האָט באַזוכט דעם צווינטער. טאָם האָט פאַרגעסן אין זיין צעשמעטערט הארץ און איז איניינעם מיט אלעמען געקומען — ניט דערפאַר, וואָס ס׳האָט זיך אים געוואָלט: ער וואָלט בעסער אַ באַלן געוואָלט: ער וואָלט בעסער אַ באַלן געוועזן געפינען זיך אַ טויזנט מייל די וויט פונדאָרטן, — נאָר ס׳האָט אים געצויגן אהין עפּעס אַ גוואלדיקער, געהיימער קויעך. געקומען אפן צווינטער, האָט ער זיך דורכגעשטופּט סאַמע פאָרנט און האָט ווידער אמאָל דערזעען דאָס שוידערלעך בילד. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז פון זינט ער איז דאָ געוועזן איז שוין א אייביקייט דורך. עמעצער האָט אים א קניפּ געטון אין דער האנט. ער האָט זיך אומגעקוקט: לעבן אים איז געשטאַנען העקלבערי. זיי האָבן אַ קוק געטון איינער דעם אַנ־דערן אין די אויגן און דערנאָך אומגעקוקט זיך, צי קיינער האָט גאָרניט ניט באַמערקט אין זייערע בליקן, — דער גאַנצער אוילעם איז פאַרנומען געווען מיטן שוידערלעכן בילד.

ס׳אַראַ אומגליקלעכער יונג, דער דאָקטער ראָבינזאָן! אָט קאָנען פון אים אַ מוסער אַראָפּנעמען אלע רויבער פון טויטע קערפּערס! און פאַר־טערן וועט מען דאָך אופהייגען, אויב מ׳וועט אים פּאַקן. ער וועט זיך ניט אויסדרייען פון דער טליע. דאָס איז אלעמענס מיינונג געווען. און דער גאַלעך האָט דערוף געזאָגט:

— „ס׳איז גאָטס שטראָף״.

טאָמען האט פלוצלינג פיבערן גענומען: ער האט ניט־ווייט פון זיך דערזעען אינדזשען דזשאָס פינצטער פּאָנים. אין דעמזעלבן אויגנבליק האט זיך דער האַמוין א רוק געגעבן אף צוריק, קוועטשנדיק איינער דעם אַנ־דערן. ס׳האָבן זיך דערהערט געשרייען:

— ס׳איז ער, ער! ער גייט אַליין!

— ווער? ווער? — האָבן צוואַנציק קוילעס מיטאַמאָל געפרעגט.

— מעף פּאָטער!

— זעט נאָר, ער האט זיך אָפּגעשטעלט. אָט פּאַרקערעוועט ער. האַלט אים, אַניט וועט ער אַנטלויפן!

עמעצער, וואס איז געזעסן אף א בוים איבער טאָמס קאָפּ, האט גע־זאָגט, אז ער רעכנט אפילע ניט אַנטלויפן, מעף פּאָטער, — ער איז נאָר צעטומלט, ער ווייסט ניט, וואס זאל ער טון.

— ס׳אַרא פרעכע אומפאַרשעמטקייט! — האט געזאגט א צווייטער, — ער איז געקומען אָנקוקן דערפון, וואס זיינע הענט האבן אָפּגעטון, און ער האט זיך ניט געריכט טרעפן דאָ א אוילעם.

געקומען איז טאָם אין שול אריין א פינצטערער, א מאַרעשכוירע־דיקער. ער האָט באַקומען צוזאַמען מיט דזשאָ גאַרפערן די שטראָף פאַר נעכטיקער שפּיל, האָט אָנגענומען די שטראָף מיטן אויסזען פון אַ מענטשן, וואָס איז דערשלאָגן פון אומגליק און איז ניט פּילבאַר צו קלייניקייטן. אַז ער האָט זיך אומגעקערט אף זיין אָרט, האָט ער ארופגעלייגט די הענט אַפן פּיופּיטר, — דעם קאָפּ אַרופגעלייגט אף די הענט און, פארביסן די דלאָניע, האָט ער זיך פאַרקוקט אַף דער וואנט: זיין בליק איז פול גע־ווען מיט לייד, וואָס האָט ביז איר עקסטן גרענעץ דערגרייכט און קאָן שוין ווייטער אין ערגעץ ניט גיין. זיין עלנבויגן האָט זיך אָנגעשפּארט אין עפּעס אַ האַרטער זאַך, ס'האָט אים דערפון ווי געטון. נאָר ערשט העט־שפּעטער האָט ער אומעטיק געביטן די לאגע פון די הענט, האָט אַ זיפץ געטון און האָט גענומען די זאַך. די זאך איז פאַרוויקלט געווען אין א פּאַפּירל. טאָם האָט עס צעוויקלט. אַ טיפער, לאַנגער, גוואַלדיקער קרעכץ האָט זיך פון זיין ברוסט ארויסגעריסן. זיין האַרץ איז צעשמע־טערט געוואָרן. געווען איז עס דאָס קופּערן קייקעלע, וואָס ער האָט אוועקגעשײנקט בעקין.

## קאַפּיטל XI.

ארום מיטאָג האָט זיך איבערן גאַנצן שטעטל פּלוצלינג פאַרשפּרייט דאָס שרעקלעכע נייס. וועגן טעלעגראַף האָט מען אין יענע צייטן אפילע ניט געטרוימט, נאָר ער איז איבעריק געווען, דער טעלעגראַף, — דאָס נייס איז סיוווי געגאַן פון מויל צו מויל, פון שכיינים צו שכיינים, פון הויז צו הויז מיט טעלעגראַפישער שנעלקייט. פאַרשטייט זיך, אַז די שול האָט מען אין אָט־דעם טאָג פאַנאַנדערגעלאָזט: די גאַנצע שטאָט וואָלט עס געהאַלטן פאַר אַ מעשונעדיקן אופטו, ווען דער לערער וואָלט זיך ניט אָנשטויסן וועגן דעם. לעבן דעם דערהאַרגעטן האָט מען געפונען אַ פאַרבלוטיקט מעסער, און ווי מ'האָט דערציילט, דערקאָנט האָט מען, אז ס'געהער, דאָס מעסער, מעף פּאָטערן. מ'האָט אויך גערעדט, אז באַ־נאַכט, אַרום אַזייגער צוויי, האָט איינער א איינוואוינער, אומקערנדיק זיך שפּעט אהיים, געטראָפן פּאָטערן וואַשנדיק זיך אין א ריטשקע, — אז פּאָ־טער האָט דעם איינוואוינער דערזעען, איז ער טייקעף אַנטלאָפן. דאָס אַלץ איז כאָשעדיק געווען, באַזונדערס — דאָס וואשן זיך: באַ פּאָטערן איז וואשן זיך געווען גאָר אַ זעלטענע זאַך. גערעדט האָט מען אויך, אַז די פּאָליציי האָט ארומגענישטערט די גאַנצע שטאָט, זוכנדיק דעם מערדער (דער אוילעם געפינט שטענדיק זייער שנעל באַווייזן און טראָגט שטענדיק זייער שנעל אורטיילן ארויס), נאָר אינערגעץ האָט מען

געכראָפּעט, איז אינדערעמעסן ניט געשלאָפן — סיד האָט זיך שוין צוריק מיט אַ שאָ אופגעכאַפּט.

אַז טאָם האָט געעפנט די אויגן, איז סיד שוין לאַנג געווען אוועק־געגאַן. לויט דער טאָג־שיין און לויט אלץ אין צימער איז צו דערקאָ־נען געווען, אַז ס'איז שוין זייער שפּעט. טאָם איז דערשטוינט געוואָרן. פאַרוואָס האָט מען אים ניט אופגעוועקט, פאַרוואָס האָט מען אים ניט געצוואונגען אופשטיין, ווי ס'טרעפט שטענדיק? ס'איז אים שוידער באַ־פאַלן; ער האָט געהאַט אַ בייז פאָרגעפיל. אין א פינף רעגעס האָט ער זיך אָנגעטון און איז אראָפּגעגאַן אַראָפּ, כאָטש געפילט האָט ער זיך ניט־געזונט און ס'האָט אים גענויגט צום שלאָף. דאָס גאַנצע הויז־געזינד איז פאַרזאַמלט געווען ארום טיש, נאָר דעם פרישטיק האָט מען שוין גע־ענדיקט. קיינער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט טאָמען, קיינער האָט אים מיט קיין שלעכט וואָרט ניט געערגערט. בלויז לויט דער מומעס אויגן האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי ווייסט. אלע האָבן געשוויגן, און אלע האָבן געהאַט אזא פייערלעך אויסזען, אַז באַם שולדיקן איז א קרירע דורך איבערן לייב פאַר מוירע. ער האָט זיך אנידערגעזעצט און האָט זיך גע־מיט זיין פריילעך. אומזיסט האָט ער זיך געמיט! קיינער האָט אפילע מיט קיין שמייכל ניט אָפּגערופן זיך אַף זיינע שפּאַסן. איז ער אויך אנ־שוויגן געוואָרן, פילנדיק, אַז סע שוידערט אים דורך און דורך.

נאָכן פרישטיק האָט די מומע אים אוועקגעפירט אין אַ זייט אריין, און טאָם איז קימאַט פריילעך געוואָרן, האָפענענדיק, אז דער איניען וועט זיך באַגרענעצן בלויז מיט שמיץ; נאָר ארויסגעקומען איז ניט אזוינס. די מומע האָט זיך צעוויינט, פרעגנדיק, ווי האָט עס אים געקלעקט מוט אַף אַזוי צעבּרעכן איר אלט האַרץ. זי האָט געזאָגט, אז אצינד מעג ער טון, וואָס נאָר ס'פאַרגלוסט זיך אים. ער מעג אומבּריינגען זיך, כאָטש אָנטון איר עלטער, פאַריאָגן זי אין קייווער אריין — אלציינס, מאַכן אים פאַר א לייט איז אומעגלעך; זי וועט שוין אפילע ניט פּרואוון עס טון.

דאָס איז געווען ערגער פון שמיץ, און טאָמס האַרץ האָט איצט ווי געטון נאָך מער, ווי דאָס לייב. ער האָט זיך אליין אויך צעוויינט, האָט געבעטן מעכילע, האָט געגעבן אָן אַ ש״ר האַוטאָכעס אויסצובּעסערן זיך. ענדלעך, האָט מען אים אָפּגעלאָזט. נאָר געפילט האָט ער, אז דער מומעס פאַרגעבונג איז ניט פון פולן האַרצן און אז דער צוטרוי צו אים איז זייער שוואך. ער איז ארויסגעגאַן פון שטוב אזא אומגליקלע־כער, אַז ער האָט אַפילע ניט געוואָלט נעקאָמע נעמען אין סידן, וואָס האָט אים אויסגעגעבן, — סיד האָט אומזיסט־און־אומנישט געאײַלט זיך מאַכן די פלייטע דורך דער הינטערשטער טיר.

מען טייקעף פאַרקערעווען צוריק, ווי נאָר דאָס כראָפּעניש וועט אופהערן. זיי האָבן אף די שפּיץ פינגער, איינער נאָכן אנדערן, גענומען אונטער־גאַנווענען זיך צום שלאָפנדיקן. ווען זיי זיינען שוין געבליבן בלויז עט־לעכע שפּאַן, האָט טאָם אַרופגעטראָטן אף א שטעקן; דער שטעקן האָט זיך צעבראָכן און האָט אַ קנאַק געטון. דער שלאָפנדיקער האָט גענומען קרעכצן, האָט זיך אויסגעדרייט אף דער צווייטער זייט, און די לעוואָנע־שיין איז געפאַלן אף זיין פּאָנים. געווען איז עס מעף פּאָטער. דאָס בלוט איז בא די אינגלעך פאַרשטאַרט געוואָרן. זיי זיינען פאַרגליווערט געוואָרן אף זייערע ערטער, ווען דער שלאָפנדיקער האָט זיך א דריי געטון; נאָר דערנאָך איז די מוירע אוועק פון זיי. זיי האָבן זיך אף די שפּיץ פינגער דערשלעפּט ביז דער לאָך אין וואנט, זיינען ארויסגעקראָכן און האָבן גענומען געזעגענען זיך. דאָ האָט באנייס דערהערט זיך אַ שרעק־לעכער, קוויטשיקער געביל. זיי האָבן ביידע מיטאמאָל זיך אומגעקוקט און האָבן דערזעען א פרעמדן הונט, וואָס שטייט א צוויי שפּאַן די ווייט פון יענעם אָרט, וואו ס'ליגט פּאָטער — דער הונט שטייט מיטן פּיסק צו פּאָטערן און מיט אַן ארוף־אויפגעהויבענער נאָז.

— האָט ער עס, דער הונט, אף אים געבילט, — האָבן ביידע אינג-לעך מיטאַמאָל ארויסגערעדט.

— ווייסט וואָס? מע זאָגט, אַז לעבן דזשאָני מילערס הויז האָט גע־בילט א פאַרבלאָנדזשעטער הונט פּונקט צוועלף אזייגער באַנאַכט, — שוין אַ וואָכן צוויי דערין, — און אויך דער „ציגנמעלקער” האָט בא אים אין וואַנט געזונגען דעמזועלבן אפדערנאַכט, נאָר ביז היינטיקן טאָג איז נאָך קיינער, דאַנקען גאָט, ניט געשטאָרבן אין דעם הויז.

— איך ווייס, — נו, נאָר וואָס איז דערפון געדרונגען? איז דען גרעסי מילער אין דעם נאָענטסטן שאַבעס נאָכדעם ניט אריינגעפאַלן אין איי־ווייִלע אריין און ניט אָפּגעבריט זיך?

— יאָ, נאָר זי איז דאָך ניט געשטאָרבן. זי ווערט דאָך שוין גע־זונט אפילע.

— גוט, גוט, ווארט צו, ועסט זען, וואָס ס'וועט זיין. געזונט וועט זי שוין ניט ווערן. זי איז א פאַרפאַלענע, פּונקט ווי ס'איז א פאַרפאַלענער מעף פּאָטער. די נעגערן זאָגן, אז אזוי איז עס, זיי ווייסן עס גוט, העק.

דערמיט האָבן זיך די אינגלעך צעשיידט.

אַז טאָם איז אַריינגעקראָכן דורכן פענצטער צוריק אין שלאָפצימער אַריין, איז די נאַכט שוין קימאַט געווען פאַרבייגעגאַן. ער האָט זיך שטיל־שטיל אויסגעטון, פרייענדיק זיך, וואָס קיינער האָט זיך ניט דערוואוסט וועגן זיין נאַכט־רייזע. ער האָט ניט באַמערקט, אַז סיד, וואס האָט שטיל

— אָך, טאָם, מיר זיינען פאַרפאַלן! איך ווייס שוין אַף געוויס, כ'וועל אין גענעם אריינפאַלן. איך בין אזא זינדיקער...

— און איך שפּיל זיך שטענדיק אנשטאָט צו לערנען זיך, איך טו שטענדיק אלץ, וואָס מע פאַרווערט מיר טון... איך וואָלט געקאָנט זיין אַ וואוילער, אַ פאָלגנדיקער, אזוי ווי סיד, ווען איך וואָלט נאָר געוואָלט, נאָר מיר האָט זיך, פאַרשטייט זיך, ניט געוואָלט. נו, אויב איך וועל זיך נאָר דאָסמאָל ארויסדראפּען, וועל איך שוין גוט, גוט כאַזערן אין דער זונטיק־שול!

טאָם האָט שטיל געכליפּעט.

— דו ביסט א זינדיקער? — און העקלבערי האָט אויך גענומען כליפּען, — וואָס פאַר אַ זינדיקער ביסטו? דו ביסט דאָך מאַמעש א מאַלעך אין פאַרגלייך מיט מ י ר. אָך, גאָטעניו, גאָטעניו, ווען איך זאָל כאָטש אַף דער האַלב זיין אַזוי ווי דו!

טאָם האָט איינגעשלונגען די טרערן און האָט אַ שעפּטשע געטון:

— קוק, העק, זע! — ער שטייט צו אונז מיטן הינטן!

העק איז אַ דערפרייטער צו צום לעכל.

— טאַקע מיטן הינטן, אַף מיין וואָרט... ער איז פריער אויך אזוי געשטאַנען?

— נו, יאָ. און איך, שויטע, האָב עס ניט באמערקט.

— אָט דאָס איז גוט. אָבער אַף וועמען קאָן ער עס בילן?

דער הונט האָט אופגעהערט צו בילן. טאָם האָט זיך איינגעהאָרכט.

— ששש! וואָס איז עס?

— ווי ס'וואָלטן... ווי ס'וואָלטן כאַזיירים געכריוקעט. ניין, דאָס כראָפּעט עס עמעצער, טאָם.

— כראָפּעט? איז וואו כראָפּעט ער עס, העק?

— ווייזט אויס, אין יענער עק קאַמער. דאָס כראָפּעניש גייט, דאכט זיך, פונדאָרטן. מיין טאטע פלעג דאָ אמאָל נעכטיקן צוזאַמען מיט די כאַזיירים, נאָר ער, אז ער צעכראָפּעט זיך, איז — האַלט זיך, ער וועט דיך מיט זיין כראָפּעניש פון די פיס אוועקוואַלגערן. און, אכוצדעם, כ'מיין, ער וועט שוין קיינמאָל ניט אומקערן זיך אין אונזער שטאָט אַריין.

דער גייסט פון אונטערנעמערישקייט האָט ווידער פאַרכאַפּט די אינגלעך.

— העק, דו וועסט גיין אהין, אויב כ'וועל דיך פירן?

— כ'האָב קיין כיישעק ניט צו גיין, טאָם. און טאָמער טרעפן מיר דאָרט פלוצלינג אינדזשען דזשאָן?

טאָם האָט זיך געקווייקלט. אָבער דער כיישעק איז צו גרויס געווען. האָבן ביידע אינגלעך באשלאָסן גיין א קוק טון, — זיי האָבן אויסגענו־

געוואָרן. זיי האָבן פּייערלעך, מיט קאָלערליי צערעמאָניעס און שפּרוכן, פאַרגראָבן דאָס שפּענדל לעבן סאַמע וואַנט, רעכענענדיק, אַז פון איצט אָן זײַנען שוין זייערע צינגער פאַרפּענטעט אף אייביק.

דורך דער הוילעניש אפן צווייטן עק פון דער האלב־כאָרעווער גע־ביידע האָט זיך דורכגעגאַנוועט אַ מענטשישע פיגור, נאָר די אינגלעך האָבן זי ניט באמערקט.

— טאָם, — האָט שטיל געזאָגט העקלבערי, — דו ביסט זיכער, אַז נאָך אָט־דעם וועלן מיר שוין קיינמאָל ניט אויספּלאַפּלען?

— פאַרשטייט זיך, אז כ'בין זיכער. וואָס ס'זאָל ניט טרעפן — אַצינד שטומען מיר. מיר וועלן דאָך טייקעף פאַלן געהאַרגעטע, אויב מירן אַ וואָרט דערציילן. האָסט דען פאַרגעסן?

— יאָ, אַזוי איז עס טאַקע, אָבער...

זיי האָבן ווייטער שטיל־שטיל גערעדט צווישן זיך. פּלוצלינג האָט ניט ווייט פון זיי, סאכאקל א שפּאַן צען די ווייט, דערהערט זיך אַ נאָגנדיק־אומעטיקער, צעצויגענער הינטישער געביל.

די אינגלעך האָבן זיך, דערשראָקענע, צוגעטוליעט איינער צום צווייטן.

— אַף וועמען פון אונז בילט ער עס, דער הונט — האָט, קאָם כאַפּנ־דיק דעם אָטעם, א שעפּטשע געטון העקלבערי.

— איך ווייס ניט, — גיב א קוק דורכן לעכל! גיכער!

— ניין, דו גיב א קוק!

— איך קאָן ניט, איך קאָן ניט, העק.

— זיי אַזוי גוט, טאָם... אָט בילט ער נאָכאַמאָל...

— אָ! גאָטעניו, ווי ס'פרייט מיך! — האָט טאָם אַ שעפּטשע געטון, — איך דערקאָן דעם געביל: ס'איז האַרביזאָנס הונט.

— נו, דאַנקען גאָט! ווייסט, איך האָב זיך דערשראָקן אף טויט, — איך האָב געמיינט, אַז ס'איז א וואָגלענדיקער הונט.

אין אָט־דער רעגע האָט דער הונט זיך ווידער צעבילט. בא די אינגלעך איז ווידער דאָס האַרץ שיר ניט פאַרשטאַרט געוואָרן.

— אַך, ניין! ס'איז ניט האַרביזאָנס הונט, — האָט אַ שעפּטשע געטון העקלבערי, — גיב א קוק, טאָם!

טאָם האָט, ציטערנדיק פון פאַכעד, געפאָלגט און האָט צוגעלייגט די אויגן צום לעכל, — ער האָט שטיל־שטיל ארויסגערעדט:

— אָך, העק, ס'איז אַ וואָגלענדיקער הונט!

— גיב א קוק, טאָם, גיב אַ קוק, אף וועמען בילט ער.

— מיסטאָם אף אונז ביידע. מיר שטייען דאָך איינער לעבן אנ־דערן, גאָר נאָענט איינער פון אנדערן.

— צי ווילן מיר יאָ, צי ווילן מיר ניט, מוזן מיר האַלטן די צונג פאַרשפאַרט. פאַרשטייסט דאָך אַליין... באַ דעמדאָזיקן טייוול, בא דעמדאָזיקן מעטיס מאַכט אויס דערשטיקן אונז, פונקט ווי ס׳וואָלט בא אים אויסגעמאַכט דערשטיקן א פּאָר קעצלעך; אויב מיר ווען נאָר אַרויספּלאַפּלען, און אים ווערט מען ניט אופהיינגען, — זיינען מיר פאַרפאַלענע! הער נאָר, טאָם! אויב מיר מוזן שוין יאָ שווייגן, איז קום, לאָמיר זיך שווערן איינער דעם אַנדערן, אז מירן ניט אויסדערציילן גאָרניט.

— איך בין גרייט, העק. דאס איז דאס סאמע בעסטע. נו, הויב אוף די האַנט...

— אָ, ניין, דאס טויג ניט! דאס וואלט געפּאַסט אין געוויינלעכע איניאָנים, אין קלייניקייטן, באַזונדערס מיט מיידעלעך, ווייל זיי דרייען זיך סייוויסיי אויס און פּלוידערן אויס, אַז זיי ווערן בייז; אָבער אין אַזאַ איניען דאַרף מען, אז דער אָפּמאַך זאָל זיין א געשריבענער, און אומבאַדינגט מיט בלוט אָנגעשריבן.

טאָם איז טייקעף איינגעגאַן. דערדאָזיקער אופּטו איז געווען סוידעספול און שרעקלעך; די צייט, דער אַרום, אַלע אומשטענדן האבן האַרמאָנירט מיט דעמדאָזיקן אופטו. האט ער, טאָם, אָפּגעזוכט מיט דער הילף פון דער לעוואָנע־שיין א ריין סאָסנאָווע שפּענדעלע, האט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע א שטיק צוקער, האט זיך אַוועקגעזעצט אזוי, אז די שיין איז געפאַלן אפן שפּענדעלע, און האט מיט גרויס מי אויסגעקריצט פאָלגנדיקע שורעס, צוקנאַקנדיק באַ יעדער וואָרט מיט דער צונג:

„העק פין און טאָם סאָיער שווערן זיך, אַז זיי ווען האַלטן ס׳מויל ווענגן אָט דעם איניען, און זאָלן זיי טייקעף אַנידערפאַלן טויט, אויב זיי וועלן מיט איין וואָרט אַרויסכאַפּן זיך".

העקלבערי איז ניספּאָעל געוואָרן דערפון, וואס טאָם קאָן אַזוי גיך און מיט אַזאַ געהויבענעם סטיל שרייבן. ער האט אַרויסגעשלעפּט פון לאַץ א שפּילקעלע און האָט שוין געוואָלט א שטעך טון זיך דערמיט אין א פינגער. נאָר טאָם האָט אים אָפּגעשטעלט.

— וואַרט צו, טו עס ניט! — דאָס שפּילקעלע איז א קופּערנס. מעגלעך, אַז ס׳איז שוין דאָ דערויף גרינער זשאַווער־גיפט.

ער האָט אַרויסגענומען, טאָם, איינע פון זיינע נאָדלען, יעדער איינער פון די אינגלעך האָט זיך א שטאָך געגעבן אין אַ פינגער און אַרויסגעקוועטשט פון אים א טראָפּן בלוט. זיי האָבן עס איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל.

באַנוצנדיק דעם מינדסטן פינגער אנשטאָט א פען, האָט טאָם אוועקגעשטעלט אונטן זיינע איניציאלן, דערנאָך האָט ער אויסגעלערנט העקלבערן, ווי אזוי אָנצושרייבן ה. פ., און דער אָפּמאַך איז אונטערגעשריבן

שאָטנדיקער באַהעלטעניש פון דער קאַמער. ביסלעכווייס האָט זיך זייער פּולס באַרואיקט, און טאָם האָט שטיל־שטיל אַ זאָג געגעבן:

— העק, ווי מיינסטו, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען?

— אויב דער דאָקטער ראָבינזאָן וועט אַוועקשטאַרבן, וועט, לויט מיין מיינונג, אַרויסקומען אַ טליע.

— מיינסט עס אַפּדערעמעסן?

— איך ווייס עס אַף געוויס.

טאָם האָט א טראַכט געטון, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— ווער־זשע וועט דערציילן? מיר?

— וואָס זאָגסטו עס? רעדסט פון היץ? דו שטעל זיך נאָר פאָר, אַז דער איניען וועט זיך אַף וועלכן ס'ניט איז אופן אַ דריי טון לעטויוועס אינדזשען דזשאָ, אָדער ער וועט אַנטלויפן און מע וועט אים ניט אופ־הייגען, — ער וועט דאָך אונז דעמאָלט אַף געוויס דערהאַרגענען; מירן זיך שוין דעמאָלט פונם טויט ניט אויסדרייען.

— איך מיין אויך אַזוי, העק.

— אויב עמעצער דאַרף מאַסערן, זאָל מעף פּאָטער מאַסערן; סע וועט באַ אים קלעקן נאַרישקייט דערויף. ער איז דאָך שטענדיק שיקער.

טאָם האָט גאָרניט ניט געזאָגט — ער האָט געטראַכט; דערנאָך האָט ער א מורמל געטון:

— העק, אָבער מעף פּאָטער ווייסט דאָך ניט, — איז ווי אַזוי קאָן ער מעלדן וועגן דעם?

— וואָס הייסט, ער ווייסט ניט?

— פאַרשטייט זיך, אז ער ווייסט ניט. פונקט אין יענער רעגע דאָך, ווען דער דאָקטער האָט אים, פּאָטערן, א זעץ געגעבן איבערן קאָפּ, האָט אינדזשען דזשאָ אַריינגעשטעקט דעם דאָקטער דאָס מעסער אין ברוסט אַריין. ווי אַזוי־זשע האָט ער, פּאָטער, געקאָנט זען?

— יאָ, דאָס איז טאַקע עמעס, טאָם.

— און כוצדעם, ווער ווייסט, עפּשער איז ער פון אָט־דעם זעץ פּיפּטער געוואָרן.

— ניין, טאָם, דאָס אַף געוויס ניט. ער איז פּאָשעט שיקער געוועזן. איך האָב עס באַמערקט. ער איז דאָך שטענדיק שיקער. אז מיין טאַטע איז שיקער, מעג מען אים א נעריק טון מיט א גאַנצן טורעם איבערן קאָפּ, — וועט עס אים גאָרניט ניט שאַטן. ער זאָגט עס אַליין. פונקט אַזוי איז מיט מעף פּאָטערן. אָט ווען ער זאָל זיין ניכטער, וואָלט ער געוויס פון אַזאַ קיבעד פּיפּטער געוואָרן...

טאָם האָט ווידער א טראַכט געטון.

— העק, דו ביסט זיכער, אַז מירן זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט קיין רייד?

— אָ, דזשאָ, ביסט גוט, ווי א מאַלעך! איך וועל דיך בענטשן ביז מיין לעצטן אָטעם. — און ער האט זיך, פאָטער, צעוויינט.

— נו, געגוג, הער שוין אוף! ס׳איז אַצינד ניט די צייט אף יאָמערן. דו גיי אַוועק מיט יענעם וועג לעבעדיקער! און איך וועל אַוועק אָט מיט דעם וועג. נאָר גיב אַכטונג, פאַרייב הינטער זיך די שפּורן!

פאָטער האט זיך געלאָזט גיך גיין, דערנאָך האט ער זיך צעיאָגט. דער מעטיס איז געשטאַנען און האט אים נאָכגעקוקט, מורמלענדיק צו זיך:

— אויב ער איז טאַקע אינדערעמעסן אַזוי דול געוואָרן פון דעם דאָקטערס זעץ און פונם ראָם, וועט ער זיך אינם מעסער ניט דערמאַנען. אויב ער וועט זיך אַפילע דערמאַנען, וועט ער שוין האבן אָפּגעלאָפן ווייט, וועט ער מוירע האבן אומקערן זיך צוריק, — א הינערש האַרץ באַ אים!

אין עטלעכע רעגעס אַרום האט אַפן געהאַרגעטן, אַפן טויטן קערפער, וואס איז פאַרוויקלט אין א קאָלדרע, אַפן אָרן, וואס אָן א דעקל, און אַפן אָפּענעם קייווער געקוקט בלויז די לעוואָנע. אַרום און אַרום האט ווידער געהערשט לאַבלוטנדיקע שטילקייט.

## קאַפּיטל X.

די אינגלעך זיינען אין שוידער־פּאַכעד, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אף קיין רעגע, געלאָפן צום שטעטל. זיי האָבן אלע מינוט אומרואיק אומגעקוקט זיך אף צוריק, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אז מע יאָגט זיי נאָך. יעדער קלאָץ אין וועג האט באַ זיי אויסגעזעען, ווי א מענטש און א סוינע, און ס׳פלעג זיי דעם אָטעם פאַרכאַפּן פאַר מוירע. אַז זיי זיינען דורכגעלאָפן פאַרביי דעם כוטאָרל, וואס איז געליגן ניט ווייט פון אָנהייב שטעטל, האָבן די וואַך־הינט אופגעכאַפּט זיך און צעבילט זיך, — זיינען באַ די אינגלעך באַנייס פליגל אויסגעוואָקסן.

— ווען מיר זאָלן נאר, איידער מיר ווערן אָן אַלע קויכעס, דערלויפן ביזן אַלטן לעדער־זאַוואָד! — האט קאם אָפּעטעמענדיק א מורמל געטון טאָם, — איך קאָן שוין, דאַכט זיך, מער ניט לויפן.

העקלבערי האט ניט געענטפערט. ער האט נאָר געסאָפּעט און שווער אָפּגעאָטעמט.

די אינגלעך האָבן די אויגן ניט אַראָפּגעלאָזט פונם ציל פון זייער יאָגן און האָבן אָנגעשטריינגט זייערע לעצטע קויכעס. ענדלעך, זיינען זיי דערלאָפן, האבן זיך אַריינגעריסן אין דער אָפענער טיר פון א קאַמער און זיינען אַנידערגעפאַלן, פאַרמאַטערט, נאָר פול מיט פרייד, אין דער

— ס׳איז א מיעסע מאַיסע, — האט געענטפערט דער מעטיס, ניט געבנדיק זיך קיין ריר פון אָרט, — אַקעגן וואס האָסטו עס אים אַזוי אָפּגעטון?

— איך?! כ׳האָב אַפילע ניט בעדייע געהאַט!

— נו, נו, דערצייל מאַיסעס! דערמיט ווערסטו ניט בעסער מאַכן!

פּאָטער איז בלייך געוואָרן. ער האָט געציטערט.

— איך האב גערעכנט, אַז די שיקרעס איז שוין פאַרביי. אַפּדער־נאַכט האב איך דאָך גאָרניט [ניט געטרונקען. נאָר ס׳רוישט מיר נאָך אויך אַצינד אין קאָפּ, אַפילע ערגער, ווי ווען מיר זיינען געגאַנגען אהער... אַלץ האט זיך עפּעס פאַרפלאָנטערט; איך קאָן גאָרניט דער־מאָנען זיך. זאָג מיר, דזשאָ, — דעם עמעס זאָג מיר, גוטער־ברודער, דאס האב איך עס אים געמיימיסט? איך האב אים דאָך ניט געוואָלט דערהאַרגענען, ס׳איז בא מיר אפילע אַזאַ געדאַנק ניט געווען, איך שווער דיר באַ מיין נעשאָמע, דזשאָ. זאָג מיר, ווי אַזוי האט עס געטראָפן? אוי, ס׳אַראַ שוידער! — ער איז געווען אַזאַ יונגער, פּייאיקער...

— ווי אַזוי האט עס געטראָפן? גאַנץ פּאָשעט. איר האט גענומען שלאָגן זיך; ער האט דיר א זעץ געגעבן מיט דער ברעט איבערן קאָפּ; דו האָסט זיך אַוועקגעוואַלגערט; און דערנאָך ביסטו אופגעשטאַנען, שאָק־לענדיק זיך און פאַרטשעפּענדיק זיך, האָסט אַרויסגעכאַפּט דאס מעסער און האסט עס אים אַריינגעשטעקט אין דער ברוסט אריין פונקט אין דער רעגע, ווען ער האט זיך ווידער א כאַפּ געטון. נו, און דערנאָך ביסטו אומגעפאַלן און ביסט שוין אַזוי געליגן ביז איצטער, ווי א שטיק האָלץ.

— אָך! איך האב אַליין ניט געוואוסט, וואס איך טו. זאָל מיך אָט־דאָ א דונער טרעפן, אויב ס׳ניט אַזוי! ס׳איז אַלץ מאַכמעס דעם בראָנפן, — כ׳בין שיקער געווען, — נו, און אופגעבראַכט בין איך אף אים געוואָרן — איבער דיר... איך ווייס דאָך אַפילע ניט, ווי אַזוי מע דאַרף זיך באַגיין מיט געווער. שלאָגן זיך פלעג אויסקומען, דאס איז עמעס, אָבער אָן געווער, מיט די פויסטן. דאס ווייסן אלע. דזשאָ, ליבינקער, זיי א גוטער פריינט, גיב מיך ניט אויס! זאָג מיר צו, אַז דו וועסט מיך ניט אויס־געבן, דזשאָ! איך האב דיך שטענדיק ליב געהאַט, איך האב זיך שטענ־דיק אָנגענומען פאַר דיר. דו ווייסט עס דאך אַליין... דו ווערסט קיינעם ניט דערציילן, דזשאָ?

און ער איז אומגעפאַלן אף די קני פאַרן מערדער, אויסשטרעקנדיק צו אים די הענט מיט געבעט.

— ניין, מעף פּאָטער, — דו פלעגסט שטענדיק באַגיין זיך מיט מיר אָרנטלעך און וואויל. און כ׳וועל דיר מיט וואוילס באַצאָלן. זיי רואיק. אף מיין וואָרט, מעגסטו זיך פאַרלאָזן. מע דאַרף מער ניט ריידן דערפון.

און ער האָט זיך אַ לאָז געטון אָפּן דאָקטער. אין אַ רעגע אַרום האָבן זיי, צונויפגעקייטלטע, פאַרדרייטע, געראַנגלט זיך, אָנשטריינגענדיק אַלע קויכעס, טאַפּטשענדיק דאָס גראָז און אופרייסנדיק מיט די אָפּצאַסן די ווייכע ערד. אינדזשען דזשאָ איז אופגעשפּרונגען; זיינע אויגן האָבן געפלאַקערט פון סינע. ער האָט אופגעהויבן דאָס מעסער, וואָס פּאָטער האָט געהאַט אַרויסגעלאָזט פון די הענט, און גאַנוועדיק זיך אַזוי ווי אַ קאַץ, אינגאַנצן אויסגעבויגן זיך, האָט ער זיך געדרייט אַרום די, וואָס ראַנגלען זיך, וואַרטנדיק אויף אַ פּאַסיקער מינוט. פּלוצלינג האָט דער דאָקטער באַפרייט זיך פון זיין סוינעס אָרעמס, האָט אַ כאַפּ געטון אַ שווערע ברעט פון וויליאַמס קייווער און האָט מיט איר איבערגעקערט פּאָטערן אויף דער ערד; אין דעמזעלבן אויגנבליק איז דער מעטיס צוגע־שפּרונגען און האָט אַריינגעשטעקט דאָס מעסער טיף, טיף, ביזן סאַמע הענטל, אין דער ברוסט פונם יונגן דאָקטער. דער דאָקטער האָט זיך אַ שאָקל געטון און איז אומגעפאַלן אויף פּאָטערן, פאַרגיסנדיק אים מיט זיין בלוט. אין אָט דער רעגע האָבן אָנגעפלויגענע וואָלקנס פאַר־שטעלט פון אונזערע צוויי אומגערנדיקע צושויער דאָס שוידערלעכע בילד. זיי האָבן זיך,ביידע אינגלעך, געלאָזט פייל־פון־בויגן אַנט־לויפן.

אַז די לעוואָנע איז ווידער אַרויסגעשוואומען פון אונטער די וואָלקנס, איז אינדזשען דזשאָ געשטאַנען איבער די צוויי פיגורן, וואָס זיינען אויסגעשפּרייט אויף דער ערד. דער דאָקטער האָט אַרויסגעמורמלט עפּעס ניט קלאָרס, האָט צוויי מאָל אַ קרעכץ געטון און איז שטיל גע־בליבן.

— נו, וויס דיך דער רוך! — האָט אַ זאָג געגעבן דער מעטיס, — אַצינד זיינען מיר קוויט!

און ער האָט אַרויסגענומען פון דאָקטערס אָנטון אַלץ, וואָס ער האָט געפונען פאַר ווערטפול, האָט אַריינגעלייגט דאָס מעסער אין פּאָטערס צעעפנטער רעכטער האַנט און האָט זיך אַוועקגעזעצט אָפּן איבערגע־קערטן אָרן. ס'זיינען פאַרביי דריי־פיר־פינף רעגעס... פּאָטער האָט זיך אַ ריר געטון און האָט אָנגעהויבן קרעכצן. ער האָט צונויפגעדריקט אין דער האַנט דאָס מעסער, האָט עס צוגעטראָגן צום פּאָנים, האָט אַ ציטער געטון און האָט עס ארויסגעלאָזט, דאָס מעסער. דערנאָך האָט ער זיך אופגעהויבן און האָט זיך אַוועקגעזעצט, אָפּשטויסנדיק פון זיך דעם דאָק־טערס טויטן קערפּער. ער האָט אַ קוק געטון אָפּן טויטן קערפּער, דער־נאָך האָט ער זיך מיט אַ פאַרנעפּלטן בליק אַרומגעקוקט און האָט זיך געטראָפן מיטן מעטיס בליק.

— גאָט מיינער, וואָס איז עס? ווי אַזוי האָט עס געטראָפן, דזשאָ?

האָלץ: דער גראָבאייזן האט אַ קלאַפּ געגעבן אין אָרן. אין עטלעכע רע־געס ארום האבן די גרעבער ארויסגעשלעפּט דעם אָרן אַרוף, אף דער ערד. מיט דיזעלבע גראָבאייזנס האבן זיי אופגעהויבן דאָס דעקל, האבן ארויסגעשלעפּט דעם מעס און האבן אים ברוטאַל אַ וואָרף געגעבן אף דער ערד. אין אָט־דער רעגע איז די לעוואָנע ארויסגעשוואומען פון הינ־טער די וואָלקנס און האט באלויכטן דאָס בלויע, שוידערלעכע פּאָנים פונם מעס.

מע האָט אים ארופגעלייגט, דעם מעס, אַף דעם צוגעגרייטן טראָג־בעטל, מע האט אים איינגעדעקט מיט אַ קאָלדרע און צוגעבונדן מיטן שטריק. פּאָטער האט ארויסגענומען אַ גרויס מעסער, האט אָפּגעשניטן אַ שטיק שטריק, וואס האט זיך נאָכגעבאָמבלט, און האט אַ זאָג געטון:

— נו, פּאַרטיק אננזוער פּארשאָלטענע ארבעט. אַצינד דערלאנגט נאָך פינף גילדן, אניט וועלן מיר אים דאָ טאַקע אזוי איבערלאָזן.

— קלוגע דיבורים איז זייער אנגענעמען צו הערן, — האט אונטער־געהאַלטן אינדזשען דזשאָ.

— זייט מוחל! וואס באטייט עס? — האט אָפּגעענטפערט דער דאָק־טער, — איר האט דאָך געפאָדערט דאס געלט פאָרויס, און איך האב אייך באצאָלט.

— יאָ, און נאָך עפּעס האט איר געטון, — האט געזאָגט אינדזשען דזשאָ, צוגייענדיק צום דאָקטער, וואָס האט זיך אופגעהויבן פון דער ערד, — מיט אַ פינף יאָר צוריק האט איר מיך ארויסגעטריבן פון אייער פּאָטערס קיך, וואוהין כ׳בין אַריינגעגאן בעטן מ׳זאָל מיר געבן עפּעס עסן; איר האט געזאגט, אז איך בין געקומען אהין מיט אַ שלעכטן מיין; און אז כ׳האָב זיך געשוואוירן באצאָלן אייך דערפאר, מעג ביז דעם געדויערן אפילע הונדערט יאָר, האט אייער פּאָטער מיך ארייגעזעצט אין טורמע, ווי אַן אויסוואורף. איר האט געמיינט, אז כ׳האָב עס פאר־געסן? ניט אומזיסט פליסט אין מיינע אָדערן אינדיאַניש בלוט. איצט זיינט איר בא מיר אין די הענט, און מיר וועלן זיך מיט אייך צערע־כענען, זייט וויסן!

ער האָט געדראָט דעם דאָקטער, אופהויבנדיק א פויסט צום פּאָנים זיינעם. דער דאָקטער האָט פּלוצלינג א שמעק אויס געטון די האַנט, האָט זי צעפּאָכעט און מיט איין זעץ האָט ער אַוועקגעוואַלגערט דעם מעטיס אף דער ערד. פּאָטער האָט אין כידעש אַרויסגעלאָזט דאָס מע־סער און האָט אויסגעשריגן:

— היי, איר! וואָס איז עס פאַר א מין? איך וועל ניט דערלאָזן מ׳זאָל שלאָגן מיין כאַווער.

— נו?! ס'הייבט זיך ניט אָן!

— אַף מיין וואָרט, כ'דערקען זיין קאָל. דו פּאַרטאַיע זיך, אָטעם ניט. ער וועט אונז ניט דערזעען, — ער איז, דער אַלטער טערעך, גע־וויס שיקער, ווי שטענדיק.

— אָפּגעמאַכט, כ'וועל זיך פּארטאיען. אָט האבן זיי זיך אָפּגע־שטעלט. זעט אויס, זיי זוכן עפּעס. אָט גייען זיי ווידער אהער. זע נאָר, ווי זיי לויפן עס. זע נאָר, ווי זיי האָבן זיך צעיאָגט! נו, אצינד גייען זיי שוין געוויס אַהער. הער נאָר, הער, איך האָב דאס צווייטע קאָל אויך דערקאָנט: ס'איז אינדזשען דזשאָ.

— נו, פאַרשטייט זיך, דער פאַרשאָלטענער מעטיס*)! ס'וואָלט שוין עפּשער בעסער געווען ס'זאָל זיין שיידים. וואָס, אַשטייגער, דאַרפן זיי דאָ האָבן?

אָבער דאָ האָבן די אינגלעך אפילע שעפּטשען אופגעהערט: אלע דריי פיגורן זיינען צוגעקומען צום קייווער און האבן זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון יענעם אָרט, וואו ס'האָבן זיך פארבאהאלטן אונזערע העלדן.

— אָט־דאָ, — האט געזאָגט דאס דריטע קאָל, און דער מענטש, ווע־מען דאָס קאָל האט געהערט, האט אופגעהויבן דעם לאמטערן אזוי, אז די שיין איז געפאַלן אף זיין פּאָנים; די אינגלעך האבן דערקאָנט דעם יונגן דאָקטער ראָבינזאָן.

פּאָטער און אינדזשען דזשאָ האבן געשלעפּט אַ טראָג־בעטל, צום בעטל איז צוגעבונדן געווען אַ שטריק, אַפּן בעטל זיינען געלעגן צוויי גראָבאייזנס. די צוויי פאַרשוינען האבן אוועקגעלייגט אף דר'ערד זייער מאַסע און האבן גענומען צעגראָבן דעם קייווער. דער דאָקטער האָט אַוועקגעשטעלט דעם לאַמטערן צוקאָפּנס פון קייווער, און אַליין האט ער זיך צוגעזעצט אַף דר'ערד, צושפּאַרנדיק זיך מיט דער פּלייצע צו איינעם פון די ביימער. ער איז געווען אזוי נאָענט, אז די אינגלעך וואָלטן אים געקאָנט מיט דער האַנט באַרירן!

— גיכער, גוטער־ברודער! — האט דער דאָקטער שטיל אַ זאָג גע־געבן, — יעדער רגע קען אופגיין די לעוואָנע.

די גוטע־ברידער האָבן אָפּגעענטפערט מיט עפּעס אַ מורמל און האבן ווייטער געגראָבן. אַ צייט האט זיך גארניט געלאזט הערן, אַחוץ דער סקריפּעניש פון די גראָבאייזנס, וואס שליידערן אָפּ אין אַ זייט אריין שטיקער ערד. דערדאזיקער קלאנג האט מאמעש געדריקט מיט זיין מאָנאָטאָנישקייט. ענדלעך, האט זיך דערהערט אַ טעמפּער קלאַפּ אין

*) מעטיסן — מענטשן, וואָס קומען ארויס פון געמישטע כאסענעס צווישן אייראָפּייער און אינדיאַנער, אייראָפּייער און נעגערן א. ד. ג.

דאָסדאָזיקע האָט אינגאַנצן אָפּגענומען באַ טאָמען דעם כיישעק ווייטער צו שמועסן. נאָר פּלוצלינג האָט ער אַ כאַפּ געטון דעם כאַווער באַ דער האנט.

— טסס!

— וואָס איז?

אוןביידע האָבן, פעסט צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, געוואַרט וואָס וועט עס טרעפן.

— טסס! אָט ווידער! דו הערסט ניט?

— איך...

— א־הא! דו האָסט שוין אויך דערהערט אַצינד...

— גאָטעניו, טאָם, זיי גייען! ס'איז זיי. וואָס זאָלן מיר טון?

— כ'ווייס ניט. ווי מיינסטו, זיי וועלן אונז דערזעען?

— אָך, טאָם, זיי זעען אינדערפינצטער אזוי ווי די קעץ. צוליב וואָס האט עס מיך פארשלעפּט אַהער!

— האָב קיין מוירע ניט... איך רעכן, אַז זיי וועלן אונז ניט אָנרירן. מיר טוען דאָך זיי קיין שלעכטס ניט. אויב מיר וועלן זיך פארטאיען, וועלן זיי עפּשער אונז ניט באמערקן אפילע.

— לאָמיר זיך פּרואוון. נאָר, גאָטעניו, ווי שרעקלעך ס'איז! איך ציטער מאַמעש.

— טסס! הער!

די אינגלעך האבן פארהאלטן דעם אָטעם און זיך שטייפער צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. פון צווייטן עק צווינטער האבן זיך הערן געלאָזט ניט־הויכע קוילעס.

— קוק! דו זעסט? — האָט אַ שעפּטשע געטון טאָם.

— וואָס איז עס? ס'איז געגעם־פלאַם. אָך, טאָם, ווי מוירעדיק ס'איז!

פון דער פינצטערניש האבן זיך ארויסגערוקט עטלעכע נעפּלדיקע פיגורן; ס'האט זיך פאר די פיגורן געשאָקלט אַ אַלטער בלעכענער לאַמטערן, — דער לאַמטערן האָט צעשאָטן אַף דר'ערד אָן אַ שיר שיין־פונקען...

— ס'איז אַף געוויס שיידים, — האט פלאַטערנדיק אַ מורמל געטון העקלבערי, — און גאַנצע דריי! גאָטעניו, מיר זיינען פאַרפאַלן! דו קאָנסט זאָגן טפילע, טאָם?

— כ'וועל אַ פּרואוו טון. דו האב קיין מוירע ניט — זיי וועלן אונז ניט אָנרירן. פארן שלאָף האָב איך...

— טסס!

— וואָס איז, העק?

— ס'איז מענטשן! איינער פון זיי איז אַף געוויס אַ מענטש. ס'איז דער אלטער מעף פּאָטער. כ'האָב דערקענט זיין קאָל.

טעך, מיט באַנקעלעך פונויבן, ברעטער צעעסענע דורך ווערעם, ברע־טער, וואָס בויגן זיך אַראָפּ־צו, צו דר׳ערד, ווי זיי וואָלטן געזוכט אַ אָנשפּאַר און איז ניט געקראָגן. אף אַלע ברעטער זיינען אַמאָל געווען אויפשריפטן מיט נעמען פון די מייסים, נאָר די אויסיעס האָבן זיך אָפּגעריבן, און אצינד וואָלט מען זיי אַפילע באַטאָג ניט געקאָנט איבער־לייענען.

דער ווינט האָט שטיל און יאָמערדיק געקרעכצט צווישן די שפּיצן ביימער. טאָמען איז אַ מורע באַפּאַלן. ס׳האָט זיך אים געדאכט, אז דאָס קלאָגן זיך די געשאָמעס פון די פאַרשטאָרבענע, דערוף וואָס מענטשן שטערן זייער רו. די אינגלעך האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך, און דאָס, וואס זיי האָבן גערעדט, האבן זיי אויך גערעדט שטיל־שטיל. די צייט און דאָס אָרט, די פייערלעכקייט און דאָס שטומעניש פון ארום האט זיי געפּלעט. זיי האָבן געפונען דאָס פרישע בערגעלע, וואָס זיי האבן געזוכט, און האָבן זיך אוועקגעשטעלט לעבן די דריי גרויסע ביימער, וואָס וואקסן אַ שפּאַן צוויי די ווייט פונם קייווער.

אזוי זיינען זיי געשטאַנען און האָבן געוואַרט, ווי ס׳האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, זייער לאנג. אינדערווייטנס האָט געשריגן אַ סאָווע. דאָס זיינען געווען די איינציקע קלאַנגען, וואָס האָבן געשטערט די טויט־שטילקייט. טאָמס געדאנקען האָבן אים, טאָמען, אזוי דערשלאָגן, אז ער האט דערפילט אַ נויטווענדיקייט צו פאַרפירן אַ שמועס.

— איז ווי מיינסטו, העק? — האט ער אָנגעהויבן שעפּטשען, — די מייסים וועלן ניט ווערן אין קאַס אף אונז דערפאַר, וואָס מיר זיינען געקומען אַהער?

העקלבערי האָט געענטפערט מיט אַ שעפּטשע:

— גאָט ווייסט. אָבער שוידערלעך איז דאָ, — עמעס?

— נאָך אַ מין שוידערלעך.

אַ לאַנגע פויזע. ביידע אינגלעך האבן געטראַכט וועגן איינעם און דעמזעלבן. דערנאָך האָט טאָם אַ שעפּטשע געטון:

— הער נאָר, העק, ווי מיינסטו, וויליאַמס הערט, וואָס מיר רעדן?

— פאַרשטייט זיך, אז ער הערט. זיין נעשאָמע הערט אף געוויס.

ווידער אַ פויזע.

— אַ שאָד, וואָס כ׳האָב אים אָנגערופן פּאָשעט וויליאַמס, און ניט מיסטער וויליאַמס. נאָר כ׳האָב אים דאָך ניט געוואָלט באַליידיקן. אלע האָבן אים אזוי גערופן.

— מ׳דארף זיין פאָרזיכטיקער, אז מע רעדט וועגן פאַרשטאָר־בענע, טאָם.

א שוידערלעכע שטילקייט; נאָר ביסלעכווייס האבן זיך פון דער שטר־מעניש געגומען קאָם־קאָם אויסטיילן קאָלערליי קלאַנגען. צום אַלעם ערשטן — דער טיק־טאַק פון זייגער, דערנאָך דאָס סוידעסדיקע טרישטשען פון די אַלטע באַלקנס, דאָס פוילע סקריפּעניש פון די טרעפּ. זעט אויס, רוכעס האבן אַרומגעבלאָנקעט איבער דער שטוב. פון דער מומע פּאָליס צימער האָט זיך הערן געלאָזט א שטיל ריטמיש כראָפּען. דערנאָך האט זיך אָנגעהויבן די אומדערטערגלעכע גרילצעניש פון די גרילן, וואָס קיין שום מענטשישע קונצן קאנען ניט פארטרייבן זיי פון די דירעס. מיט־אַמאָל האט זיך הערן געלאָזט דער „טיק־טאַק" פונם „זייגערמאַכער" אין דער וואַנט, לעבן צוקאָפּנס פונם בעט. טאָם האט א ציטער געטון: דאס באַטייט, אז עמעצער אין שטוב וועט לעבן געציילטע טעג.

דערנאָך האט ערגעץ ווייט צעבילט זיך א הונט, און נאָך ווייטער האָט דעם הונט אָפּגעענטפערט א צווייטער הונט. טאָם האט איבערגע־לעבט פּייַנפולע רעגעס. סאָפּקאָלסאָף האט ער זיך איבערצייגט, אז די צייט האט זיך פאַרענדיקט און ס'האט זיך אָנגעהויבן די אייביקייט. קעגן זיין אייגענעם ווילן האָט ער אָנגעהויבן דרימלען. דער זייגער האט געקלאַפּט עלף, נאָר טאָם האט דאס ניט געהערט. פּלוצלינג האט ער פון צווישן שלאָף דערהערט א נאָגנדיק מיאַוקען פון א קאַץ. ערגעץ ניט־ווייט האט א קלאַפּ געטון א פענצטער, ס'האט זיך דערהערט א אויס־געשריי: „פּאַרנעם זיך, קאַץ דו, רוך!" און אין דער וואַנט פון קאַמער האט זיך מיט א קלינגערײַ א זעץ געטון א ליידיקע פלאַש. טאָם איז אופגעשפּרונגען, האט זיך אין איין רעגע אָנגעטון, איז אַרויסגעקראָכן דורכן פענצטער און האט זיך אף אַלע פיר געלאָזט קריכן איבערן דאַך. ער האט צוויי מאָל א מיאַוקע געגעבן, דערנאָך איז ער אַראָפּגעשפּרונ־גען אַפן דאַך פונם קעמערל און פון דאָרט איז ער אַראָפּגעשפּרונגען אף דר'ערד. העקלבערי האט אף אים געוואַרט מיט דער טויטער קאַץ אין די הענט.ביידע אינגלעך זיינען איינגיכן פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש. אין א האַלבער שאָ אַרום האבן זיי שוין געשפּאנט צווישן הויכן גראָז פונם צווינטער.

דער צווינטער איז געווען אַ אַלטער, און געלעגן איז ער, ווי ס'איז אַמאָל געווען דער מינעג אין מאַירעוו, אַ מייל אַנדערהאַלבן די ווייט פון שטעטל. דער צווינטער איז ארומגעצאַמט געווען מיט אַ געעלטערטן הילצערנעם פּאַרקן, וואָס האט זיך איינגעבויגן ערטערווייס צום אינעװייניק, ערטערווייס צום דרויסן, נאָר אין קיין איין אָרט ניט געשטאַנען גלייך. פּארוואקסן איז געווען דער צווינטער מיט מיסט־גראָז, און די קוואָרים האָבן געזונקען אינם גראָז. קיין איין מאַצייווע איז ניט געווען אפן צווינטער; איבער די קוואָרים האָבן זיך געהויכט אלטע צעפוילטע ברע־

דער נאטינגעמער שעריף, און דו וועסט זיין ראָבין הוד און דו וועסט מיך דערהאַרגענען.

דאָס האט דזשאָען צופרידן געשטעלט, און די שפּיל האט זיך אָנגעהויבן פונסניי. דערנאָך איז טאָם ווידער געוואָרן ראָבין הוד און איז אָפּגעגאַן מיט בלוט אַדאַנק דער פאַלשקייט פון דער מאָנאַכן, וואס האָט שלעכט פאַרפלאַסטערט זיין וואונד. דערנאָך האט דזשאָ, וואס האט פאָרגעשטעלט מיט זיך א גאַנצע מאַכנע קלאָגנדיקע גאַזלאָנים, פול מיט אוּרמעט אַוועקגעשלעפּט אים, האט אים ארייגעלייגט דעם בויגן אין די אָפּגעשוואַכטע הענט אַריין, און טאָם האט געזאָגט: „וואו ס'וועט פאַלן אָט־די פייַל, דאָרטן זאָלט איר באַגראָבן דעם אומגליקלעכן ראָבין הוד, דאָרטן, אונטער א בוים אינם גרינעם וואַלד". דערנאָך האט ער, טאָם, אויסגעשאָסן די פייַל, האָט זיך אַ שליידער געטון אף צוריק און וואָלט געפאַלן א טויטער, נאָר ער איז ארייגעפאַלן- אין קראַפּיווע און איז אופגעשפּרונגען מיט אזא פלינקייט, וואָס פּאַסט ניט פאר קיין מעס.

די אינגלעך האבן זיך אָנגעטון, האבן באהאַלטן אין א פאַרטאַיעט ערטל זייער וואָפּן און זיינען צוזאַמען אַוועק ווייטער, באדויערנדיק, וואָס ס'זיינען שוין איצט ניט פאַראנען קיין גאַזלאָנים. זיי האבן בעשום אויפן ניט געקאנט פאַרשטיין עס:

— וואָס האט אפן אָרט פון גאַזלאָנים געגעבן די היינטיקע וועלט?

זיי וואָלטן, די אינגלעך, אַצינד מער באַלאָנים געוועזן זיין א יאָר גאַזלאָנים אין שערוואודער וואַלד, איידער זיין פּרעזידענטן פון די פאריייניקטע שטאַטן אין מעשעך פון זייער גאַנץ לעבן.

## קאַפּיטל IX.

דעמדראָזיקן אַפּדערנאכט זיינען טאָם און סיד, ווי שטענדיק, האַלב צען אַזייגער אַוועקגעגאַן שלאָפן. זיי האבן ביידע אָפּגעזאָגט די טפילעס פון פארן־שלאָף, און סיד איז אינגיכן אַנשלאָפן געוואָרן. טאָם אָבער איז ניט געשלאָפן. ער האט אומגעדולדיק געוואַרט אפן סיגנאַל. ער האט ניט געקאנט איינליגן מאַכמעס אופגערודערטקייט און אומרואיקייט. ס'האט זיך אים געדאכט, אז אָט באלד הייבט שוין אָן טאָגן. נאָר פונקט אין דער רעגע, ווען ער האט עס א טראַכט געטון, האט ער דערהערט, ווי דער זייגער קלאַפּט צען. ער איז שיר ניט אונטערגעשפּרונגען. ער האט אַפילע ניט געקאנט א דריי־טון זיך, זיך א וואָרף־טון און א דריגע טון מיטן פוס, ווי ס'האָבן עס געפאָדערט זיינע אופגערעגטע נערוון: ער האט מוירע געהאט אופצוועקן סידן. דעריבער איז ער געלעגן, ווי אַ סטאַטיק, מיט אויגן צעעפנטע אין דער פינצטער. ס'האט געהערט ארום

— גיו היסבאָרן נייטיקט זיך ניט אין קיין שום דערלויבעניש! ווער ביסטו עס, וואָס...

— „וואס האט די האָזע אַזוי צו ריידן מיט מיר" — האָט אַפּדערגיך אונ־טערגעזאָגט טאָם, — זיי האָבן געערדט „לויטן בוך", פאַרלאָזנדיק זיך אַפן זיקאָרן.

— ווער ביסטו עס, וואָס דו האָסט די האָזע אַזוי צו ריידן מיט מיר?

— ווער איך בין? איך בין ראָבין הוד, אָט־באַלד וועט דערין אי־בערצייגן זיך דיין מיעסער טויטער קערפּער.

— איז דאָס ביסט דו עס, דער באַרימטער גאַזלען? ס'פרייט מיך זייער א קריג טון זיך מיט דיר וועגן דעם, ווער ס'איז באַלעבאָס אין אָט־דעם באַרימטן וואַלד. קום אַרויס אַקעגן!

זיי האָבן אַנטבלויזט זייערע הילצערנע שפּיזן, האָבן דאָס איבעריקע געווער אַנידערגעוואָרפן אף דר'ערד, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין קאַמף־פּאָזעס, פוס צו פוס, און אָט האָט זיך אָנגעהויבן א עמעס געראַנגל איינס אף איינס. טאָם האָט געזאָגט:

— נו, אויב שלאָגן זיך, איז ווי סע דארף צו זיין שלאָגן זיך. גיב אונטער היק!

זיי האָבן אזוי פלייסיק „אונטערגעגעבן היק", אַז ס'האט זייביידע אָטעם פאַרפעלט און זיי זיינען ביידע היפּש דערשוויצט געוואָרן.

— נו, פאַל־זשע! — האָט א געשריי געטון טאָם, — פאַרוואָס פאַלסטו ניט?

— איך וויל ניט פאַלן! פאַל אליין, — דיר איז דאָך אַצינד ערגער ווי מיר.

— נו, איז וואָס? דאָס באַטייט גאָרניט ניט. איך טאָר ניט פאַלן. אין ביכל שטייט דאָך ניט אַזוי. אין ביכל שטייט: „און מיט איין פלינקן קלאַפּ אין פּלייצע אַריין האט ער אַוועקגעוואַלגערט אף דר'ערד דעם אומ־גליקלעכן גיו היסבאָרן". דו דאַרפסט לאָזן, כ'זאָל דיר א זעץ געבן אין דער פּלייצע.

אַקעגן אַזא אַווטאָריטעט האט דזשאָ ניט געקאָנט טאַינען: ער האט זיך אויסגעדרייט, האט געקראָגן א זעץ און איז אומגעפאַלן.

— נו, — האט געזאָגט דזשאָ, אופהייבנדיק זיך — איצט לאָז כ'זאָל דיך דערהאַרגענען; דאָס קומט מיר לויט יושער.

— אָבער מ'טאָר עס דאָך ניט, וועגן דעם שטייט ניט אין בוך.

— איז עס, לויט מיין מיינונג, נידערטרעכטיק. אָט וואָס כ'וועל דיר זאָגן!

— נו, הער שוין אוף, דזשאָ, — דו קאָנסט דאָך זיין דער ברודער טוק אָדער מיך פלעטן מיט א שטיק האָלץ איבערן קאָפּ; אָדער איך וועל זיין

דער זאַמד האָט זיך רירן גענומען: פון גריבל איז אַרויסגעקראָכן א קליי־נע שוואַרצע וואַנץ און איז טייקעף א דערשראָקענע פאַרשוואונדן געוואָרן.

— זי וויל ניט אויסזאגן! הייסט עס, אז ס'האט עס א מאַכשייפע אָפּגעטון. כ'האָב טאַקע געטראָפן.

טאָם האָט גוט געוואוסט, אז מיט מאַכשייפעס איז שווער האָבן צו טון, און ער איז אומעטיק געוואָרן, נאר דערנאך איז ער געפאַלן אף א געדאנק, אז ס'וואָלט ניט אויסגעמאַכט אָפּזוכן כאָטש יענץ קייקעלע, וואס ער האָט א וואָרף געטון. ער האט גענומען זוכן אין גראָז, נאר ער האַט גאָרניט ניט געפונען. ער האט זיך אומגעקערט צו דער הוילעניש אין קלאָץ און האט פּאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט דאָס קעסטעלע אַפּן פריי־עריקן אָרט, דערנאָך האט ער זיך אַוועקגעשטעלט פונקט אזוי ווי ער איז געשטאַנען, ווען ער האָט א וואָרף געגעבן דאס קייקעלע, — ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע א צווייט קיַיקעלע און האָט עס אַ וואָרף געטון אין דערזעלבער ריכטונג, זאָגנדיק דערביי:

— לויף, ברודער, אַהין, דיין ברודער געפין!

ער האָט באַמערקט וואו ס'איז אַנידערגעפאַלן דאָס קייקעלע און האָט גענומען זוכן דאָרט; נאָר, זעט אויס, דאָס צווייט קייקעלע איז ניט דערפלויגן אָדער איז אַריבערגעפלויגן, האָט ער גאָרניט ניט געפונען. ער האָט אַ פּרואוו געטון נאָכאַמאָל, א צווייט מאָל, אַ דריטס און, ענדלעך, זיך דערשלאָגן: ביידע קייקעלעך זיינען געלעגן א פוס די ווייט איינס פונם אַנדערן.

אין דערזעלבער רעגע האָט אין דער גרינער טיף פון וואַלד הערן זיך געלאָזט א טרומייטערן פון א קינדערשער בלעכענער טרומייט. טאָם האָט שנעל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל און די הויזן, האָט איינע פון די שלייקעס איבערגעקרייצט איבערן אַקסל, האט צעגראָבן די קופּע צווייגן אַרום דער צעפוילטער קלאָץ, האָט אַרויסגעשלעפּט פונדאָרטן א פייל־און־בויגן, א הילצערנע שפּיז און א בלעכענע טרומייט, האָט אין איין רעגע אָנגעוואָפּנט זיך און האָט, א באָרוועסער, אין הוילן צעפּאָ־כעטן העמד צעיאָגט זיך אַקעגן סוינע. אונטער איינעם א גרויסן בוים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט אָפּגעענטפערט מיט א טרומייט־סיגנאַל, האָט א באַפעל אָפּגעגעבן דער באַוואָפנטער מאַכנע: — „שטיי, כעווריע, באהאַלט זיך אויס, ביז איך וועל א טרומייטער טון!" — און האָט גענומען וואַרטן, קריגעריש אַרומקוקנדיק זיך.

ס'האָט זיך באוויזן דזשאָ גאַרפער פונקט אין אַזאַ אָנטון, ווי טאָם, און באַוואָפנט פונקט ווי טאָם. טאָם האָט א געשריי געגעבן:

— שטיי! ווער האָט עס די האָזע אַרומצוגיין אין שערוואודער וואַלד אָן מיין דערלויבעניש?

טאַקע וועט ער אנטלויפן פון דער היים. קעדיי זיין פּאַרטיק ביז אינ־דערפרי, דארף מען שוין אָנהייבן גרייטן זיך אין וועג אריין.

ניט־ווייט פון דעמב האָט געסטארטשעט א צעפּוילטע קלאָץ. טאָם איז צוגעגאַן צו איר און האָט גענומען גראָבן אין איר מיט זיין קליין מעסערל. אינגיכן האָט ער לויטן קלאַנג דערקאָנט הינטער דער קאָרע א הוילקייט. ער האָט אַריינגערוקט אַהין די האַנט און האָט פייערלעך א זאָג געגעבן א שפּרוך:

— וואָס ס'איז דאָ נאך ניט פאַראַן — קום אַרויס פון דאַן! וואָס ס'ליגט יאָ — פארבלייב דאָ!

טאָם האט אָפּגעשקראבעט די בלאָטע און האָט אַרויסגענומען פון דער הוילעניש א זויבער סאָסנאָווע קעסטעלע. דערינען איז געליגן א מאַרמאָרן קייקעלע. טאָם האָט זיך גוואַלדיק פאַרכידעשט. ער האט, דער־שטוינט, געקראַצט זיך אַפּן נאַקן:

— ניין, וואָס איז עס פאַר א מין! ס'איז דאָך מאַמעש ניט צו פאַרשטיין!

ער האָט אין ערגערניש א וואָרף געטון פון זיך דאָס קייַקעלע און גענומען באטראכטן דעם איניען. ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ס'האָט אים אָפּגענאַרט דער איבערגלויבן, אין וועלכן ער און זיינע כאַוויירים האָבן ווי אין א פעסטן עמעס געגלויבט. לויט דעם איבערגלויבן איז אויסגע־קומען, אז אויב מע פאַרגראָבט א קייקעלע און מע זאָגט דערוף געוויסע שפּרוכן און אין מעשעך פון צוויי וואָכן רירט מען עס ניט אָן און דער־נאָך עפנט מען אוף דאס קעסטעלע מיט אַזא שפּרוך, ווי ס'האָט געזאָגט טאָם, געפינט מען אנשטאָט דעם איינעם קייקעלע אַלע קייַקעלעך, וואס מע האָט ווען־ס'ניט־איז פאַרלוירן, ווי ווייט איינס פון אַנדערן די קיי־קעלעך זאָלן ניט ליגן. אָבער דער פּרואוו האָט זיך באַשטימט ניט איינ־געגעבן. וואָס באַטייט עס? טאָם האט אַסאַך מאָל געהערט וועגן גע־לונגענע פּרואוון פון אזאַ מין, אָבער קיינמאָל האט ער ניט געהערט וועגן ניט־געלונגענע. ער האט פאַרגעסן, אז ער האָט אַליין שוין ניט איינמאָל געפּרואווט, נאָר דערנאָך פלעג ער קיינמאָל ניט קאָנען געפינען דאס אָרט, וואו ער האָט באהאלטן דאָס קייַקעלע. ער האט לאַנג גע־טראַכט, און ענדלעך האט ער באַשלאָסן, אז שולדיק איז דערין, וואָס דער פּרואוו האט זיך ניט איינגעגעבן — א מאַכשייפע, וואס האט, אים אַפּצעלאָכעס, מעוואַטל געמאַכט דעם שפּרוך. ס'האָט זיך אים אָבער גע־וואָלט ענדגילטיק איבערצייגן זיך דערינען. האט ער אָפּגעזוכט א ריינינק זאַמדיק ערטל מיט א גריבל אינדערמיטן, איז צוגעפאַלן צום גריבל מיט די ליפּן און גענומען רופן:

„רוך, רוך, קום פון הייל, וואָס כ'וויל וויסן, מיר דערצייל!"

וועט, אַשטייגער, זיין, אויב ער וועט זיך איצט אוועקלאָזן אין דער גאָר־ דער וועלט אריין, וואוהין די אויגן וועלן אים טראָגן, — אויב ער וועט סוידעסדיק פאַרשוואונדן ווערן? וואָס וועט, אַשטייגער, זיין, אויב ער וועט אוועק ווייט־ווייט, אף יענער זייט יאַם, אין אומבאַקאַנטע לענדער, קעדיי קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך? ווי וועט זי עס דעמאָלט זיך פילן? ער האָט זיך דערמאנט, ווי ער האָט זיך געקליבן ווערן אַ קלאָון, אָבער איצטער האָט אים פון דעמדאָזיקן געדאַנק געעקלט. ניין, ער וועט אַוועק פאַר אַ סאָלדאַט און וועט זיך אומקערן אהיים אין אסאך יאָרן ארום, אומקערן זיך באַדעקט מיט וואונדן און מיט רום. אָדער, נאָך בעסער, ער וועט אוועק צו די אינדיאנער, וועט יאָגן זיך מיט זיי נאָך בופלאקסן, וועט מיט זיי דראַפּען זיך אף באַרג־שטעגלעך, אף אומגעהייערע שיפּואים, ער וועט מיט זיי ארומבלאָנקען אף די פלאכן פון ווייטן מאַירעוו, וואו ס'איז אינגאנצן קיין שום שטעגלעך נישטאָ, און אמאָל־אמאָל, העט־ שפּעטער, וועט ער זיך אומקערן אהיים אלס א גרויסער פירער, אינגאנצן אין פעדערס, אַ באַמאָלטער, אַ מוירעדיקער, און וועט זיך אריינוואל־ גערן גלייך אין דער זונטיק־שול, אין א שלעפעריקן זומער־פרימאָרגן, מיט א קריגס־אויסגעשריי, פון וועלכן דאָס בלוט גליווערט. אָט וועלן עס אלע כאַווירים די אויגן אויסטאַרטשן! אָט וועט מען עס אים מע־ קאַנע זיין! אָבער ניין. ער ווייסט עפּעס נאָך בעסערס. ער וועט זיין אַ יאַם־גאַזלען, אַ פּיראַט! אָט וואָס! איצט האָט ער קלאָר געזעען פאַר זיך זיין צוקונפט: זי איז געווען באלויכטן, די צוקונפט, מיט אויסער־ געוויינלעכן רום. דעד רום זיינער וועט הילכן איבער גאָר דער וועלט; דערהערנדיק זיין נאָמען, וועלן פלאַטערן אלע פעלקער! ווי שטאָלץ ער וועט זיך ארומטראָגן איבער די שטורעמדיקע יאַמען, אף אופגערודערטע כוואליעס, אַף זיין לאנגער שווארצער שיף „גייסט פון שטורעם”, וואָס העט־הויך אף איר מאסטבוים וועט פאָכן אַ שוואַרצע פאָן! און אז ער וועט דערגרייכן צום שפּיץ פון זיין רום, וועט ער פלוצלינג באַווייזן זיך אין זיין היים־שטעטל, אין קלויסטער, אינגאַנצן אַ שוואַרצער, א פאַר־ ברוינטער, אין אַ שווארצן סאַמעטענעם קאַמזויל און אין שוואַרצע סאַ־ מעטענע הויזן, אין הויכע באָטפאָרטן, מיט א העל־רויטער סטיינגע ארי־ בערן אקסל; הינטערן פאַס — פיסטאָלעטן, לעבן פאַס — אַ מעסער, וואָס איז פאַרזשאַווערט פון פאַרגאָסענעם בלוט, אפן קאָפּ — א ווייכער הוט מיט צעפאָכעטע פעדערן, אין דער האנט — אַ שוואַרצע פאָן, אַף וועלכער ס'זיינען אויסגענייט א שארבן און איבערגעקרייצטע ביינער. אלע וועלן פאַרצויבערט מורמלען: „דאָס איז טאָם סאָיער, דער שוואַרצער פּיראַט, וואָס נעמט נעקאָמע אין די שפּאַנישע יאמען”! יאָ, ס'איז באַשלאָסן! אַזוי בלייבט עס! ער האָט אויסגעקליבן זיך א וועג אין לעבן! מאָרגן

שילער. ער האָט אין עטלעכע ערטער אומיסטן דורכגעשניטן די געטראָ־
פענע ריטשקעלעך: יונגעלייט אין זיינע יאָרן גלויבן, אַז דורכשניידן
אַ וואַסער איז דאָס בעסטע מיטל אָף צו פאַרשאַרן דעם שפּור הינטער זיך
און פאַרדרייען דעם קאָפּ די, וואס יאָגן נאָך. אין אַ האלבער שאָ אַרום
איז ער שוין געווען לעבן דוגלאַס-שלאָס אַפן שפּיץ קאַרדיף־כיל. די
שול־געביידע האָט זיך קאם־קאם אָנגעזעען אונטן, אין טאָל. טאָם איז
אַריין אין דער געדיכטער טיפּעניש פון וואַלד, האט, אויספעלנדיק די
שטעגלעך, דורכגעשלאָגן זיך אין סאַמע מיט וואַלד און האט זיך צוגע־
זעצט אָפּרוען אָף אַ מאָכיק ערטל אונטער אַ רייך־צעצווייגטן דעמב.
געהערשט האָט אַ אויסערגעוויינלעכע שטילקייט אין וואַלד. קיין מינדסט
ווינטל האָט קיין בלאָז ניט געגעבן. אפילע די פייגלען זיינען פאַרשטומט
געוואָרן מאַכמעס דער פּלעטנדיקער מיטאָג־היץ. די נאַטור איז ווי אנ־
שלאָפן געוואָרן; פון צייט צו צייט נאָר האָט דעמדאָזיקן שלאָף צע־
שטערט אין דער ווייט דאָס קלאַפּן פון אַ פּיקהאָלץ, וואָס פּיקט אַ בוים, —
נאָך דידאָזיקע האַפּסאָקעס פלעג ווערן ארום נאָך שטילער און וויסטער.
טאָמען איז אַפן האַרצן זייער אומעטיק געווען, זיין שטימונג האָט אינ־
גאַנצן האַרמאָנירט מיטן ארום. ער איז לאַנג געזעסן, מיט עלנבויגנס
ארופגעשטעלטע אָף די קניעס און קין אָנגעשפּאַרטן אין די הענט. ער
האָט געטראַכט. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס לעבן איז אין בעסטן
פאַל אַ זאַך אַ מאַטערנדיקע און ניט־אנגענעמענע, און ער האָט זייער
מעקאַנע געווען דזשימי האָדזשון, וואָס איז ערשט ניט־לאַנג פּאָטער גע־
וואָרן פון אָט־דער לאַסט. ער האָט געטראַכט, טאָם, וועגן דעם, ווי גוט
סע איז ליגן אין קייווער און שלאָפן און אייביק טרוימען, בעאייס דאָס
ווינטל מורמלט צווישן די ביימער־צווייגן, שאָקלט דאָס גראָז און די
קווייטן אפן קייווער. ער האָט געטראַכט, ווי גוט סע איז קיין יעסורים
ניט האָבן פון גאָרניט, — פון גאָרניט ניט ליידן קיינמאָל, קיינמאָל! ווען
ער וואָלט נאָר געווען אַ גוטער שילער! ווען ער וואָלט ניט מוירע האָבן,
אַז אַף יענער וועלט וועט מען אים שטראָפן דערפאַר, וואָס ער איז אַ
שלעכטער שילער, וואָלט ער איצט, טאָם, אליין גרייט געווען אוועקצור־
שטאַרבן, אַ סאָף צו מאַכן צו אָט־דעם אַלעמען... אָט, אַשטייגער, אָט־
דאָס מיידעלע... נו, וואָס האָט ער איר געטון? גאָרניט. און זי האָט אים
פאַרטריבן ווי א הונט, — מאמעש ווי א הונט. ס'וועט איר אמאָל באנק־
טון, — מעגלעך, אז דעמאָלט, ווען ס'וועט שוין צו שפּעט זיין. אך, ווען
מ'זאָל קאָנען שטאַרבן אף א צייט!

אָבער אין דער יוגנט איז דעם מענטשנס האַרץ שטייף און קאָן ניט
פאַרבלייבן א לייַנגערע צייט געדריקט. טאָם האָט אומבאמערקטערהייט
אומגעקערט זיך צוריק צו די אינטערעסן פון דער היגער וועלט. וואָס

געוויינט. טאָם האט גענומען איינריידן איר, האט זי גערופן מיט צאַרטע נעמען און האט ווידעראַמאָל געפּרואווט ארומנעמען זי; נאר זי האט אים ווידער אָפּגעשטופּט. דאַן האָט אין אים זיין שטאָלץ דערוואַכט; ער האט זיך געפילט באַליידיקט און איז אַוועקגעגאַן. אינדרויסן איז ער געשטאַנען אַביסל און אומרואיק געקוקט צו דער טיר. ער האט געהאָפט, אַז בעקי וועט זיך באטראכטן און וועט אַרויס נאך אים. נאָר זי איז ניט אַרויסגעגאַן. טאָם האט זיך געפילט ניט מיט אַלעמען: ער אַליין איז דאָך טאַקע שולדיק. ס'איז אים שווער געווען צו מאַכן דעם ערשטן שריט צו שאָלעם, נאר ער האט בייגעקומען אין זיך דאס גאַדלעס און איז אַריינגעגאַן צוריק. בעקי איז אַלץ נאָך געשטאנען אין ווינקל, צו־געטוליעט דאס פּאָנים צו דער וואַנט און געוויינט. טאָמען האט באם האַרצן פאַרקלעמט. ער איז צוגעגאַן צו איר און געשטאַנען אַביסל, ניט געוואוסט פון וואס אָנצוהייבן, דערנאָך האט ער אַרויסגעשלעפּט זיין טייערסטן אויצער—אַ קופּערן קייקעלע, האָט עס אַ דריי געטון איר פאר די אויגן און געזאָגט:

— כ'בעט דיך, בעקי, וויין ניט. נו, ווילסט, וועל איך דיר אָט־דאס אַוועקשיינקען!

זי האָט אים אָפּגעשטופּט מיט דער האַנט; דאס קייקעלע איז אַראָפּ־געפלויגן אַפן דיל. דאַן איז טאָם אַרויסגעגאן אינדרויסן און האָט באַ־שלאָסן אַוועקלאָזן זיך ווייט אף יענער זייַט בערגלעך, קעדיי דעם טאָג שוין מער ניט אומקערן זיך אין שול אַריין. בעקי האָט פּלוצים געוומען כוישעד זיין אַלדאָס בייז. זי איז צוגעלאָפן צו דער טיר—טאָם איז ניטאָ. זי איז אַרומגעלאָפן אַרום דעם הויז, האט געהאָפט געפינען אים אפן שפּיל־לאָנקעלע, אָבער אויך דאָרט איז ער ניט געווען. דאן האט זי גענומען רופן:

— טאָם! טאָם! קער זיך אום.

זי האָט זיך שאַרף איינגעהערט, נאָר קיין ענטפער איז ניט געקומען. אַרום איז געווען שטיל און וויסט. האָט זי זיך אוועקגעזעצט און האָט זיך צעוויינט. דער געוויסן האָט זי געפייניקט. דערווייל האָבן זיך אָנ־געהויבן צונויפקומען די שילער; זי האָט געמוזט פארבאָרגן איר אומגליק און רואיק זיצן בעאייס די לאַנגע, נאָגנדיק־אומעטיקע לימודים. ניט געווען בא איר צווישן אָט־די פרעמדע קינדער קיין פריינט, וועלכן זי זאָל קאנען אויסדערציילן איר ביטער האַרץ.

## קאַפּיטל VIII.

טאָם האט מיט געדרייטע שטעגלעך געשפאַנט דורך די פעלדער. ער האָט פארקערעוועט אָט רעכטס, אָט לינקס, ביז ווייט הינטער אים איז געבליבן דער וועג, מיט וועלכן ס'קערן זיך געוויינלעך אום אהיים די

— דריי זיך אויס, פאַרקוק זיך אַזוי, זאָלסט מיך ניט זען — דעמאָלט וועל איך זאָגן, אָבער דו זאָלסט קיינעם ניט דערציילן — הערסט, טאָם? קיינעם ניט, קיינעם ניט! גוט?

— ניין, ניין, איך וועל קיינעם ניט זאָגן; זיי רואיק. נו, בעקי!

ער האָט אויסגעדרייט דאס פּנים, און זי האָט שעמעוודיק שטיל־שטיל אַ זאָג געגעבן: — כ'האָב... אייך... ליב! — דערנאָך איז זי אופגעשפּרונגען און האָט גענומען לויפן אַרום די באַנק און אַרום די פּיו־פּיטערס, אַנטלויפנדיק פון טאָמען, וואס יאָגט איר נאָך; דערנאָך האָט זי זיך פארוקט אין אַ ווינקל און האָט פארשטעלט דאָס פּנים מיטן ווייסן פאַרטוך.

— נו, בעקי, — האט געמאָלדן טאָם, — אַצינד איז שוין אַלץ פארענדיקט, — אַצינד דאַרף מען נאר צעקושן זיך. קום, בעקי.

און ער האָט זי געשלעפּט פארן פאַרטוך און פאר די הענט.

ביסלעכווייס האָט זי זיך אונטערגעגעבן און האט אראָפּגעלאָזט די הענט. טאָם האָט זי אַ קוש געטון אין די ליפּן און האָט געזאָגט:

— נו, אָט־דאָס גאָר, בעקי. אַצינד דאַרפסטו קיינעם ניט ליב האבן כוץ מיר און פאר קיינעם כוץ מיר ניט כאַסענע האָבן, קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט, אייביק. דו זאָגסט צו?

— יאָ, איך וועל קיינעם ניט ליב האָבן, ·טאָם, אַכוץ דיר, און וועל פאר קיין אנדערן ניט כאַסענע האָבן. אויך דו, זע: זאלסט פאַר קיינעם ניט כאַסענע האָבן אַכוץ מיר.

— פאַרשטייט זיך, ווי דען? ס'איז דאָך אזא אָפּמאַך. און אז דו וועסט גיין אין שול אַריין אָדער פון שול, גיי מיט מיר — אויב נאָר ס'וועט קיינער פון די עלטערע ניט געפינען זיך נאָענט, — און אין די שפּילן קלייב אויס מיך, און איך וועל דיך אויסקלייבן. אזוי טוען שטענדיק פאַרקנאַסטע...

— איך האב קיינמאָל ניט געהערט אזוינס... דאס איז זייער וואויל!

— דאס איז שרעקלעך פריילעך! איך מיט עמי לאָורענס...

ברייט־צעעפנטע זויבערע אייגעלעך האבן געגעבן טאָמען צו פארשטיין, אַז ער איז דורכגעפאלן. ער האָט זיך פארשעמט אָפּגעשטעלט.

— אָ, טאָם! בין איך ניט די ערשטע, מיט וועלכער דו ביסט שוין געווען פארקנאַסט?

דאָס מיידעלע האָט זיך צעוויינט.

— וויין ניט, בעקי. איך האָב זי שוין מער ניט ליב.

— ניין, האָסט זי ליב. אַך, טאָם, דו ווייסט אליין, אז דו האָסט זי ליב.

טאָם האט געפּרואווט אַרומנעמען זי, נאר זי האט אים אָפּגעשטופּט, האט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּנים צו דער וואַנט און האט ווייטער

— איך בין געווען אין צירק דריי—פיר מאָל, — זייער פיל מאָל! דאָרט שטעלט מען שטענדיק פּאָר עפּעס נייס. איך, אַז כ׳וועל אויס־וואַקסן, וועל איך ווערן א קלאָון אין אַ צירק.

— נו! עמעס? דאָס איז זייער וואויל! זיי זיינען אַלע אַזעלכע וואוילינקע, פאַרביקע!

— יאָ, יאָ, און דערביי פאַרדינען זיי אַ יאַם מיט געלט... בען האָט מיר געזאָגט, אַז א דאָלאַר א טאָג. הער נאָר, בעקי, דו ביסט אמאָל געווען אַ קאַלע?

— וואָס הייסט עס?

— נו, אַ קאַלע, קעדיי נאָכדעם כאַסענע האָבן?

— ניין.

— וואָלט זיך דיר געוואָלט?

— איך ווייס ניט וואָס מיינסטו?

— וואָס איך מיין? דו דאַרפסט פּאָשעט זאָגן א אינגל, אַז דו וועסט קיינמאָל פאַר קיינעם ניט כאַסענע האָבן, כוץ אים,—פאַרשטייסט, קיינ־מאָל! דערנאָך גיסטו אים א קוש, און דאָס גאָר. דאס קאָן יעדערער טון!

— אַ קוש טון? צוליב וואָס א קוש טון?

— נו, צוליבדעם, ס׳זאָל... ווייל אזוי איז דער שטייגער; אַלע טוען אַזוי...

— אַלע?

— נו, יאָ, אלע פאַרליבטע. דו געדיינקסט, וואָס כ׳האָב אָנגעשריבן אַפן טאָוול?

— כ׳געדיינק.

— וואָס האָב איך אָנגעשריבן?

— כ׳וויל ניט זאָגן.

— איז עפשער זאָל איך זאָגן?

— י—יאָ... נאָר זאָל זיין א אנדערש מאָל...

— ניין, אַצינד.

— ניין, מע דאַרף ניט — בעסער מאָרגן.

— ניין, ניין, אַצינד, בעקי. איך וועל שטילערהייט, איך וועל דיר אַפן אויער זאָגן.

זעענדיק, אַז בעקי קווינקלט זיך, האָט טאָם אָנגענומען איר שווייגן אַלס האַסקאָמע, ער האָט צוגעלייגט די ליפּן צום סאַמע אויער אירן און האָט איבערגעכאַזערט די דריי ווערטער. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אַצינד זאָג דו מיר שטילערהייט דאָסזעלבע.

זי האָט לאַנג געשפּאַרט זיך, דערנאָך האט זי אַ בעט געגעבן:

— נו, וועל איך טאַקע אפצעלאָכעס טון. דער קלעמער איז מיינער, און איך קאָן טון מיט אים, וואָס ס'פאַרגלוסט זיך מיר,—זאָל איך אַזוי לעבן!

אין אָט־דער רעגע האָט טאָם געקראָגן א שטאַרקן זעץ אין פלייצע אַריין; פונקט אַזאַ זעץ האָבן געקראָגן דזשאָס אַקסלען. אין מעשעך פון צוויי מינוט האָט דער לערער געהאַלטן אין איין אַרויסטרייסלען דעם שטויב פון זייערע רעקלעך,— די גאַנצע שול איז זיך פאַרגאַן אין געלעכטער. די אינגלעך זיינען צופיל פאַרכאַפּט געווען פון דער שפּיל,— זיי האָבן ניט געהאַט באַמערקט, ווי פאַר די פלוצלימדיקע קלעפּ איז מיטאַמאָל געוואָרן אַרום שטיל־שטיל: דער לערער האָט זיך אונטערגעגאַנוועט צו זיי אף די שפּיץ פינגער און האָט א היפּשע צייט, שטייענדיק הינטער זיי, נאָכגעשפּירט נאָך דער שפּיל, ביז סאָפקאָלסאָף האָט ער זיך אַריינגעמישט.

אַז ס'האָט ענדלעך געקלאַפּט צוועלף אזייגער און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע האפסאָקע, איז טאָם אַרויסגעגאַנגען פון דער שול מיט איין גרופּע שילער, בעקי מיט אַ צווייטער. שפּעטער אביסל האָבן זיי זיך ביידע באַגעגנט באַם סאָף פון דעם לאָנקעלע, וואָס לעבן דער שול. זיי האָבן זיך אומגעקערט אין שול אריין און געטראָפן זי לאכלוטן ליידיק. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַף א באַנק און אוועקגעלייגט פאַר זיך אַ טאָוול; טאָם האט בעקין געגעבן א גריפל און האָט, אָנפירנדיק מיט איר האַנט, אויסגעמאָלט א צווייט הויז, אַ הויז פון וואונדערלעכער אַרכיטעקטור. אז דער אינטערעס צו קונסט האָט זיך אויסגעשעפּט, האָבן זיי גענומען פּאָשעט פּלאַפּלען. טאָם האָט געפרעגט:

— דו האָסט ליב שטשורעס?

— פוי! איך האָב זיי מוירעדיק פיינט.

— פאַרשטייט זיך, איך האָב אויך פיינט לעבעדיקע שטשורעס. אָבער איצט רעד איך וועגן טויטע. מע קאָן אָנטון זיי א שטריקל אַפן האַלז און פאָכען מיט זיי אַרום קאָפּ.

— ניין, איך האָב קיין שום שטשורעס ניט ליב. ליב האָב איך זייער קייען גומי.

— פאַרשטייט זיך! א שאָד, וואָס ס'איז איצט באַ מיר ניטאָ.

— עמעס? איך האָב אַ שטיקל. איך וועל דיר געבן קייען אביסל, אָבער זאָלסט מיר דערנאָך אומקערן.

דאָס איז זייער אַנגענעמען געווען, און זיי האָבן גענומען איינער נאָכן אַנדערן קייען, באַמבלענדיק פאַר גרויס פאַרגעניגן מיט די פיס.

— דו ביסט אַמאָל געווען אין צירק?

— יאָ, און דער טאַטע האָט מיר צוגעזאָגט נאָכאַמאָל פירן אהין, אויב כ'וועל זיין א קלוג מיידעלע.

האט אוועקגעלייגט אַפן פּיופּיטר דעם כאַוועדס טאָוול און האט דורכגע־פירט איבער דער מיט פון אויבן אַראָפּ א פּאַס:

— הער! אזאַ מין טנאַי: קאָלזמאַן דער קלעמער וועט זיין אַף דיין זייט, מעגסטו אים יאָגן, וואוהין נאָר ס'גלוסט זיך דיר, איך וועל אים דעמאָלט ניט אָנרירן; אָבער אויב דו וועסט אים דורכלאזן און ער וועט אַוועק צו מיר, איז דעמאלט טאָרסטו אים ניט אָנרירן, ביז ער וועט ווידער ניט אַריבערגיין אַף דיין זייט. אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאכט. נו, הייב אָן.

דער קלעמער איז גאר איגגיכן אַוועק פון טאָמען און האט דורכגע־שניטן דעם עקוואַטאָר. דזשאָ האט זיך לאנג געפּאָרקעט מיט אים; דערנאך איז דער קלעמער אוועק און האט זיך אומגעקערט צוריק צו טאָמען. דידאָזיקע איבערגיינג האבן זיך איבערגעכאַזערט אָן אַ שיר מאל. בעאייס איינער פון די אינגלעך האָט געיאָגט דעם קלעמער, אינגאנצן פארטון אין אט־דעם אינטערעסאַנטן איניען, האט דאס צווייטע אינגל מיט ניט־ווייניקער אינטערעס נאָכגעשפּירט נאך אים; ביידע האבן אנגעבויגן די קעפּ איבערן טאָוול, און די גאנצע איבעריקע וועלט איז פאַר זיי אָפּגעשטאָרבן. צום סאף איז דאס גליק, זעט אויס, ענד־גילטיק אריבער אף דזשאָס צאַד. דער קלעמער האט, אופגערעגט און אופגערודערט ניט ווייניקער פון די אינגלעך, געוואָרפן זיך הין־און־צוריק. נאָר יעדער מאָל, ווען טאָמען האָט זיך שוין געדאַכט, אַז ער, טאָם, זיגט און ס'האָט אים שוין די הענט געביסן, פלעג דזשאָ מיט דער הילף פון דער שפּילקע פלינק פאַרקערעווען דעם קלעמער אין א אַנדער זייט און אים לאָזן פאַר זיך. טאָם איז סאָפקאָלסאָף אַרויס פון די קיילים. דער כיישעק איז צו שטאַרק געווען. האָט ער, טאָם, אויסגע־שטרעקט די האַנט און האָט מיט זיין שפּילקע פאַרצאמט דעם קלעמער דעם וועג. דזשאָ איז טייקעף אופגעבראַכט געוואָרן:

— טאָם, ריר אים ניט אָן!

— איך וועל נאָר אַביסל אונטעריאָגן אים, דזשאָ!

— ס'איז ניט ערלעך, סער; לאָזט אים צורו!

— גיי צו אַלדע גוטע יאָר — איך וועל דאָך ניט לאַנג אים אונ־טעריאָגן.

— לאָזט דעם קלעמער צורו, זאָגט מען אייך!

— איך וויל ניט.

— דו טאָרסט אים ניט אָנרירן: ער איז אַף מיין זייט.

— אָבער וועמעס איז ער, דער קלעמער?

— ס'איז מיר אַלציינס, וועמעס ער איז — ער איז אַף מיין זייט, און דו טאָרסט אים ניט אָנרירן!

# קאַפּיטל VII.

וואָס מער ער האָט זיך, טאָם, געמיט אָנשטריינגען זיך איבערן בוך, אַלץ מער זיינען זיינע געדאַנקען צעמישט געוואָרן. סאָפקאָלסאָף האָט ער אַ זיפץ געטון און האָט אופגעהערט מיען זיך. ס׳האָט זיך אים גע־דאַכט, אַז דער מיטאָג און די גרויסע האַפּסאָקע וועלן שוין אייביק ניט אָנקומען. אין דער לופט האָט געהערשט טויטע שטילקייט: קיין קלאַנג ניט, קיין אָטעם. פון אַלע שלעפעריקע טעג איז דערדאָזיקער טאָג געווען דער שלעפעריקסטער. דער פאַרשלעפנדיקער געמורמל פון די פינף און צוואַנציק שילער, וואָס כאַזערן די לימודים, האָט פאַרוויגט די נעשאָמע, ווי אַ צויבערלעך הודעניש פון בינען. אינדערווייטנס, צווישן דעם פינקלענדיקן היץ־רויכל, האָבן זיך געזעען די צאַרט־גרינע שיפּועים פון קאַרדיף־כיל, וואָס זיינען אַנשלאָפן געוואָרן אונטער די בריענדיקע זון־שטראַלן; הויך אינדערלופטן האָבן פויל געשוועבט עטלעכע פייגלען; כוץ זיי האָט מען ניט געזעען קיין איין לעבעדיקן נעפעש, אויב ניט רעכענען צוויי—דריי קי, נאָר אויך די קי זיינען געשלאָפן.

טאָם האָט מיט גאַנצן לייב־און־לעבן געגאַרט אַרויסרייסן זיך אַף דער פריי אָדער כאָטש געפינען עפּעס אינטערעסאַנטס אַף צו פאַרברייגען די צייט, וואָס ציט זיך אַזוי נאָגנדיק־אומעטיק. ער האָט אריינגערוקט די האַנט אין קעשענע אַריין, און זיין פּאָנים איז פּלוצלינג ליכטיק גע־וואָרן פון דאַנקבארקייט. ער האָט ביגנייווע אַרויסגעשלעפּט דאָס פּוש־קעלע פון פּאַטראָנעס, ארויסגענומען דעם קלעמער און אים אַוועקגע־לייגט אפן לאַנגן, פלאַטשיקן פּיופּיטר. דער קלעמער איז, זעט אויס, אין אָט־דער רעגע אויך פול געוואָרן מיט דאנקבאַרקייט; אָבער פון זיין זייט איז עס געווען פריצייטיק. ווי נאָר ער האָט, פול מיט דאנקבאַרקייט, געפּרואווט זיך אַוועקגיין, האָט אים טאָם מיט אַ שפּילקע פאַרקע־רעוועט צוריק און געצוואונגען אים אויסקלייבן אַן אנדער ריכטונג.

לעבן טאָמען איז געזעסן זיין בעסטער גוטער פריינט, וועלכן די לאַנגווייליקייט האָט גענאָגט ניט ווייניקער, ווי אים. דער פריינט האָט זיך זייער דערפרייט מיט דער פאַרוויילונג און האָט זיך מיטאַמאָל פאַרינטערעסירט מיט איר. דער בעסטער גוטער פריינט האָט געהייסן דזשאָ גאַרפער. די אינגלעך פלעגן זיך אַ גאַנצע וואָך ניט שיידן, און אין די יאָנטויוועים פלעגן זיי איינס מיטן אַנדערן זיך שלאָגן אין דער שפּיץ פון צוויי פיינטלעכע אַרמייען. דזשאָ האָט אויך אַרויסגעשלעפּט פון הינטערן לאַץ אַ שפּילקע און גענומען העלפן דעם גוטן ברודער יאָגן דעם קלעמער. ביידן האָט אַלץ מער און מער פאַרכאַפּט דערדאָזיקער איניען. ענדלעך, האָט טאָם געמאָלדן, אַז זיי שטערן איינער דעם צווייטן, און קיין איינער באַקומט ניט דעריבער קיין פולע האַנאָע. ער

— ניין, ס׳ווילט זיך מיר, אַף מיין וואָרט, ס׳ווילט זיך מיר. זייט אַזוי גוט, ווייזט!

— איר וועט עמעצן אויסזאָגן.

כ׳וועל ניט אויסזאָגן, אַף מיין וואָרט, ניט אויסזאָגן, זאָל איך אַזוי לעבן, אַז כ׳וועל ניט אויסזאָגן!

— קיינעם ניט, קיין איין מענטשן ניט? דאָס גאַנצע לעבן!

— כ׳וועל קיינעם ניט אויסזאָגן. ווייזט!

— אָבער אייך ווילט זיך דאָך גאָר אײַנגאַנצן ניט...

— אויב איר פירט זיך מיט מיר אַזוי, וועל איך סייוויסיי אַ קוק טון...

און זי האָט אַרופגעלייגט איר דין הענטל אַף זיין האַנט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לייכטער געראַנגל. טאָם האָט זיך געמאַכט, אַז ער שטעלט זיך קלאָמפּערשט קעגן, אַז ער ווערט זיך ערנסט, נאָר צוביסלעך האָט ער אָפּגעפירט די האַנט, און ס׳האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף אַנטפּלעקט די ווערטער: „כ׳האָב אייך ליב!”

— פו, ווי נאַריש ס׳איז! — און דאָס מיידעלע האָט גאַנץ שטאַרק אַ קלאַפּ געטון אים איבער דער האַנט. פונדעסטוועגן איז זי רויט געוואָרן. ס׳האָט אויסגעזען, אַז ס׳טוט איר הנאָה...

אין אָט־דער רעגע טאַקע האָט טאָם דערפילט, אַז אַ שטראָפנדיקע האַנט האָט אים אָנגעכאַפּט פעסט באַם אויער און הייבט אים אויף פון דער באַנק. אַף אַזאַ אופן איז ער איבערגעטראָגן געוואָרן דורכן גאַנצן צימער אַף דער צווייטער זייט קלאַס און איז אוועקגעזעצט געוואָרן אַף זיין שטענדיק אָרט. די גאַנצע שול האָט דערביי געקאַטשעט זיך פאַר געלעכטער. אַ מעשעך פון עטלעכע שוידערלעכע רעגעס איז דער לערער געשטאַנען איבער אים, ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, דער־נאָך האָט ער זיך, דער לערער, שטומענדיק אַוועקגעלאָזט צו זיין טראָן.

אַז די שול האָט זיך בארואיקט, האָט טאָם געמאַכט אַ אָרנטלעכע אָנשטריינגונג צו אָפּגעבן זיך מיט לימודים, אָבער דערויף איז ער געווען צו אופגערודערט. בעאייסן לימוד פון לייענען איז ער אָפּט געשטרויכלט געוואָרן און האָט געפּלאָנטערט די ווערטער, בעאייסן לימוד פון געאָגראַפיע האָט ער פאַרוואַנדלט די יאַמען אין בערג, די בערג אין טייכן און די טייכן אין קאָנטינענטן, אַזוי אַז ס׳האָט זיך באַקומען דער קאַדמוינישער כאַאָס, דער כאַאָס פון פאַר באַשאַפן די וועלט. אינם דיקטאַנט האָט ער אָנגעמאַכט אַ שעפע מיט גרייַזן אין די פּאָשעטסטע ווערטער, — מיט איין וואָרט, ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביז דער מאַדרייגע פון אָפּגעשטאַ־נענעם, סאַמע לעצטן שילער, און ער איז געצוואונגען געווען אָפּטרעטן אַ אַנדערן זיין בלעכן מעדאַלעכל, וואָס ער האָט מיט שטאָלץ געטראָגן אַ מעשעך פון עטלעכע כאַדאָשים.

טאָם האָט אַנטפּלעקט אַ טייל קאַריקאַטורישן געמעל פון אַ הויז מיט אַ מעשופּעדיקן דאַך און מיט רויך אין געשטאַלט פון אַ גראַצער, וואָס שטייגט פונם קוימען. דאָס מיידעלע האָט זיך ביסלעכווייז פאַר־אינטערעסירט מיט זיין אַרבעט און האָט פאַרגעסן אין אַלץ אויף דער וועלט. אַז טאָם האָט געענדיקט, האָט זי אַ רגע געקוקט, דערנאָך שטיל־שטיל אַ זאָג געגעבן:

— ס'איז וואויל. איצט מאָל אויס אַ מענטשן!

דער מאָלער האָט אויסגעמאָלט אויפן הויף פאַרן הויז אַ מענטשן, אַ ענלעכן אויף אַ קראַנט, וואָס הייבט אויף מאַסאָעס, און אַזאַ הויכן, אַז ער וואָלט געקאָנט אַריבערשפּאַנען איבערן הויז; אָבער דאָס מיידעלע איז ניט געווען קיין שטרייענגער קריטיקער: זי איז געבליבן צופרידן פון אָט־דעם מענטש־פּאַרזענעכיש און האָט אַ מורמל געטון:

— ס'אַראַ שיינער! איצט מאָל מיך אויס לעבן אים!

טאָם האָט אויסגעמאָלט אַ זאַמד־זייגער, צוגעמאַכט צו אים אַ פולע לעוואָנע פּונים, שטרויענע הענטלעך און פּיסלעך, און אין די צע־שפּרייטע פינגער האָט ער אַריינגעלייגט אַ ריזיקן ווייער. דאָס מיידעלע האָט געזאָגט:

— דאָס איז אויך זייער וואויל. אַך, וואָלט איך געוואָלט קענען מאָלן!

— ס'איז גאָרניט שווער, — האָט אַ מורמל געטון טאָם, — איך וועל אייך אויסלערנען.

— נו, טאַקע אינדערעמעסן? ווען?

— בעאייס דער גרויסער האַפּסאָקע. איר וועט גיין אַהיים עסן וואַרמעס?

— ניין, כ'וועל ניט גיין.

— איז גוט. ווי הייסט איר?

— בעקי טעטשער. און איר? ניין, כ'ווייס, — טאָמאַס סאָיער.

— מיך רופט מען אַזוי אײדער מע באַשטראָפט מיך. אַז איך פיר זיך אויף גוט, רופט מען מיך פּאָשעט טאָם. איר וועט מיך רופן טאָם, עמעס?

— יאָ.

טאָם האָט ווידער גענומען עפּעס שרייבן אויפן טאָוול, אויסבאַהאַלטנ־דיק פונם מיידעלע דאָס אָנגעשריבענע. אָבער אַצינד האָט זי זיך שוין ניט אָפּגערוקט. זי האָט געבעטן ווייזן איר. טאָם האָט זי אָפּגערעדט:

— ס'איז דאָרט גאָרניט ניטאָ.

— ניין, דאָ!

— ניין, ניטאָ; און, כוצדעם, אייך ווילט זיך גאָרניט אַ קוק טון.

— טאָמאס סאָיער, ס'איז דאָס וואונדערלעכסטע, וואָס כ'האָב געהערט פאַר מיין גאַנץ לעבן. פאַר אַזאַ כוצפּע איז ווייניק צו באַשטראָפן מיט דער ווירע. נעם אַראָפּ דאָס רעקל!

דעם לערערס האַנט האָט זיך געמיט ביזוואַנען זי איז מיד געוואָרן און ביזוואַנען דער קאַנטשיק איז היפּש שיטער געוואָרן. דערנאָך האָט ער באַפוילן:

— אַצינד גיי, זעץ זיך אוועק מיט די מ י י ד ע ל ע ך! און זאָל עס דיך אָנלערנען!

דאָס כיכיקעניש, וואָס האָט זיך ארומגעטראָגן איבערן קלאַס, האָט פאַרשעמט טאָמען, און ער האָט זיך טייקעף אַוועקגעזעצט לעבן אומ־באקאַנט מיידעלע, באם עק פון אַ סאָסנאָווער באַנק; דאָס מיידעלע האָט אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ און האָט זיך אָפּגערוקט פון אים. טאָם איז געזעסן רואיק, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן עלנבויגן אינם לאנגן, נידעריקן פּיופּיטר. ער האָט, זעט אויס, פלייסיק געלייענט. ביסלעכווייס האָט ער אופגעהערט צוציען אַלעמענס אופמערקזאַמקייט, און דער קלאַס האָט זיך ווידער אָנגעפולט מיטן געוויינלעכן שול־הודעניש. דעמאָלט האָט טאָם גענומען ביגנייווע קוקן אף דער שכיינע. יענע האָט עס באַמערקט, האָט געמאַכט אַ גרימאַסע און האָט זיך אף אַ רעגע אויסגעדרייט צו אים מיטן נאַקן. אַז זי האָט פאָרזיכטיק ווידעראַמאָל זיך אויסגעקערע־וועט צו אים מיטן פּאָנים, איז פאַר איר געלעגן אַ פערשקע. דאָס מיידעלע האָט זי אָפּגעשטופּט; טאָם האט זי ווידער שטילערהייט צוגע־רוקט; זי האָט ווידער אָפּגערוקט, נאָר שוין מיט ווייניקער סינע. טאָם האָט געדולדיק אוועקגעלייגט די פערשקע צוריק אף איר אָרט, און דאָס מיידעלע האָט זי דאָרט געלאָזט ליגן. טאָם האָט אָנגעקריצט אפן גריפעל־נעם טאָוול:

„זייט אזוי גוט, נעמט, — בא מיר איז נאָך פערשקעס דאָ".

דאָס מיידעלע האָט אַ קוק געטון אַפן טאָוול, נאָר האָט גארנית נית געענטפערט. טאָם האָט ווידער גענומען עפּעס קריצן אפן טאָוול, פאַר־שטעלנדיק זיך פון איר מיט דער לינקער האַנט. דאָס מיידעלע האָט זיך געמאכט, אז זי זעט קלאָמפּערשט ניט, נאָר אינגיכן האָט, זעט אויס, דער נאַטירלעכער מענטשישער נייגיר גענומען אופוואַכן אין איר. טאָם האָט ווייטער געקריצט, ווי ער וואָלט עס ניט באַמערקט. דאָס מיידעלע האָט זיך אַ פּרואוו געטון אַ קוק געבן וואָס שרייבט ער, אָבער אָזוי אַ קוק געבן, אַז ס'זאָל זיך ניט וואַרפן אין די אויגן. טאָם האָט ווידער געמאַכט דעם אָנשטעל, אז ער באַמערקט ניט גאָרניט. ענדלעך, האָט זי זיך אונטערגעגעבן און האָט ניט־אַנטשלאָסן אַ מורמל געטון:

— לאָזט אַ קוק טון!

טאָם האָט ארויסגענומען אַ פּאַפּירל און עס פּאָרזיכטיק צעוויקלט. העקלבערי האָט אופמערקזאַם באַטראַכט דעם צאָן. דער ייצער־האָרע איז שטאַרק געווען. ענדלעך, האָט ער אַ פרעג געטון:

— ס'איז אַן עמעסער?

טאָם האָט אַרופגעצויגן די אויבערשטע ליפּ און האָט געוויזן די הוילקייט, וואס איז געבליבן נאָכן ארויסגענומענעם צאָן.

— נו, אָפּגעמאַכט!

טאָם האָט אַריינגעלייגט דעם קלעמער אינם פושקעלע פון פּיסטאָנעס, וואָס האָט ערשט ניט לאנג געדינט אלס טורמע פארן זשוק, און די אינגלעך האָבן זיך צעשיידט. יעדער איינער האָט זיך איצט געפילט רייכער, ווי פריער.

צוגעקומען צום קליינעם, אין אַ זייט־שטייענדיקן שטיבל, אין וועלכן ס'געפינט זיך די שול, איז טאָם שנעל אריינגעגאַן מיטן אויסזען פון אַ מענטשן, וואָס איילט זיך אָרנטלעך צו אַ לעקציע. ער האָט אופגע־האַנגען דאָס היטל אפן צוויאָק און האָט מיט פארטונענער איילעניש אַוועקגעזעצט זיך אף דער באנק. דער לערער, וואָס האָט געהויכט זיך אַף אַ הויכן צעטראַסקעטן שטול, האָט פרידלעך געדרימלט אונטער דעם פאַרשלעפנדיקן הודעניש פון די טאַלמידים, וואָס כאַזערן די לימודים. דער איבערייס אין דעם הודעניש האָט אים אופגעוועקט.

— טאָמאַס סאָיער!

טאָם האָס געוואוסט, אז ווען דער לערער רופט אים אָן מיטן פולן נאָמען, איז מיט קיין גוטס שמעקט עס ניט.

— סער?

— קום צו אַהער! נו, סער, פארוואָס האָט איר באַוויליקט היינט ווידעראַמאָל צו פאַרשפּעטיקן?

טאָם וואָלט לייכט געקאנט אויסדרייען זיך, זאָגן עפּעס אַ ליגן, מ'האָט אים אָבער געפּאַקט פלוצלינג, מיטאמאָל, און ניט באטראכטער־הייט האָט ער געענטפערט:

— איך האָב זיך אָפּגעשטעלט שמועסן אַביסל מיט העקלבערי פין.

דעם לערער האָט אָטעם פארפעלט ער האט. אין פארלוירנקייט זיך ארומגעקוקט. דאָס הודעניש האָט אופגעהערט; די שילער האָבן געטראַכט: צי איז ניט אַראָפּ פון זינען אָט דאָס דרייסט אינגל? דער לערער האָט אָנגעהויבן:

— וואָס... וואָס האָסטו געטון?

— איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אַביסל שמועסן מיט העקלבערי פין.

טויט זיין זיך אין דער באדייטונג פון אָט. די ווערטער איז אומעגלעך געווען.

— אָבער מע האָט אים דאָך נאָך שאַבעס באַגראָבן, העק! זיי האָבן אים געוויס אַוועקגעשלעפּט שאַבעס באַנאַכט.

— נו, וואָס רעדסטו! ווי האָבן זיי געקאָנט אַוועקשלעפּן ביז האַלבנאַכט? און אין האַלבנאַכט איז דאָך געוואָרן זונטיק. איך האָב עפּעס ניט געהערט, אַז שיידים זאָלן מעגן פראַנק־און־פרײַ ארומדרייען זיך אַף דר׳ערד אום זונטיק.

— דאָס איז עמעס. איך האָב וועגן דעם קיין טראַכט ניט געטון. ווּעסט מיך נעמען מיט זיך?

— פֿאַרשטייט זיך, אויב דו האָסט קיין מוירע ניט.

— מוירע! אָט נאַרישקייטן! ווּעסט אַ מיאַוקע טון הינטערן פענצטער?

— יאָ, און אויב דו ווּעסט קאָנען ארויסגיין, זאָלסטו ענטפערן מיט אַ מיאַוקע. פאָריקן מאָל האָסטו מיר דאָך אזוי פיל צייט אָפּגעהאַלטן אומזיסט־אומנישט. כ׳האָב אזוי לאנג געמיאַוקעט, געמיאַוקעט, ביז דער אלטער הייס האָט גענומען שליידערן שטיינער אַף מיר, ריידנדיק: „ווייסט זי דער רוך, אָט די קאַץ!” דערפאַר האָב איך אים אויסגעקלאַפּט אַ פענצטער מיט אַ ציגל — דו זאָג נאָר קיינעם ניט אויס.

— אָפּגעמאַכט! אין יענער נאַכט האָב איך ניט געקענט מיאַוקען: די מומע פּאָלי האָט די גאנצע צייט נאָכגעשפּירט נאָך מיר; אָבער היינט וועל איך אומבאַדינגט אַ מיאַוקע טון. הער נאָר, העק, וואָס איז עס בײַ דיר?

— גאָר אַ געוויינלעכע זאַך, — אַ קלעמער.

— וואו האָסטו אים גענומען?

— אין וואַלד.

— וואָס ווילסטו פאַר אים?

— איך ווייס ניט. כ׳האָב קיין כיישעק ניט צו פאַרקויפן אים.

— ווי דיר געפעלט. דער קלעמער איז דאָך אַ קלייניקער, אַ ברעקעלע.

— נו, פאַרשטייט זיך! פרעמדס באמיט מען זיך שטענדיק מאַכן צו נישט. מיר איז אויך אָט־דער קלעמער געפעלן. פאַר מיר איז אויך דאָס גענוג.

— קלעמערס איז דאָ אין וואַלד אָן אַ שיר. איך וואָלט געקאנט צונויפקלייבן אַ טויזנט קלעמערס, ווען כ׳זאָל נאָר וועלן.

— איז פאַרוואָס טאַקע ניט? פאַרוואָס־זשע גייסטו ניט אין וואַלד אַריין? אַהאַ, דו ווייסט אליין, אז ס׳וואָלט זיך דיר ניט איינגעגעבן. און איך וועל דיר זאָגן, אז דער־דאָזיקער קלעמער איז זייער אַ פריער: ס׳איז דער ערשטער, וועלכן כ׳האָב געפינען היינטיקס יאָר.

— הער, העק, איך וועל דיר געבן פאַר אים מיין צאָן.

— גיב אַ קוק טון!

— יאָ, ס'איז געראָטן אין א עמעס; אָבער באָב טאַנער האָט ניט אַזוי געטון.

— פאַרשטייט זיך, געוויס ניט אַזוי! צווישן די אינגלעך אין שטאָט האָט ער מער בראָדיוועקעס פון אַלעמען; ווען ער זאָל וויסן ווי אַזוי צו פאַרטרייבן בראָדיוועקעס מיט פוילער וואַסער, וואָלט ער שוין קיין איין בראָדיוועקע ניט געהאַט. איך אַליין האָב זיי אין די טויזנטער פאַרטריבן אף אַזאַ אופן, העק. נו, און ווי פאַרטרייבט מען זיי מיט געפייגערטע קעץ?

— אָט ווי אַזוי. נעם א קאַץ און לאָז זיך מיט איר אַוועק אַפן צווינ־טער, פאר האַלבנאַכט, אף אַזא אָרט, וואו ס'איז באַגראָבן א שלעכטער מענטש, און אָט אין האַלבנאַכט וועט זיך באווייזן א שעד און עפשער צוויי, דריי שיידים; נאָר דו וועסט זיי ניט זען, דו וועסט נאָר דער־הערן, ווי דער ווינט וועט זיך צערוישן, און עפשער וועסטו דערהערן, ווי זיי וועלן ריידן צווישן זיך; און אַז זיי וועלן נעמען שלעפּן דעם מעס, גיב נאָך זיי א וואָרף די קאַץ און זאָג: „דער שעד נאָכן מעס, די קאַץ נאָכן שעד, די בראָדיוועקעס נאָך דער קאַץ,—אַ סאָף זאָל דאָ צו אייך נעמען, און איך באדארף אייך מער ניט האָבן!" דערפון וועט וועלכע ס'זאָל ניט זיין בראָדיוועקע פאַרשווינדן ווערן.

— ס'איז געראָטן אין אַ עמעס. דו האסט אַמאָל געפּרואווט, העק?

— ניין, מיר האָט די אַלטע מומע האָפּקינס דערציילט.

— נו, איז עס אַף געוויס; מע זאָגט, אז זי איז א קישעפמאַכערן.

— מע זאָגט! איך ווייס אף געוויס, אז זי איז א קישעפמאַ־כערן. זי האט דעם טאַטן פאַרדאָרבן. דער טאַטע זאָגט עס אַליין. איינ־מאָל גייט ער און זעט, אז זי „לאָזט אָן" אף אים; האָט ער גענומען א שטיין און האָט א שליידער געטון אף איר — זי האט זיך קאָם אויסגע־דרייט. איז וואָס מיינסטו: טאַקע אין דערזעלבער נאַכט האט ער זיך אַראָפּגעקייקלט פונם דעכל, אף וועלכן ער איז שיקערהייט געשלאָפן, און האָט זיך צעבראָכן א האַנט.

— אָט א שוידער! אָבער ווי האָט ער עס דערקאנט, אז זי „לאזט אָן" אף אים?

— וויס איך, וואָס פרעגסטו? דער טאַטע האט געזאָגט, אז דער־קאנען איז פון די גרינגסטע זאַכן. דער טאַטע זאָגט: אויב א מענטש קוקט אף דיר שאַרף און ער מורמלט נאָך עפּעס צו דערביי—איז קיין שום סאָפּעק ניט, אז ער „לאָזט אָן" אף דיר.

— הער נאר, העק, ווען וועסטו פּרוואוון — מיט דער קאַץ?

— היינט באַנאַכט. איך האַלט, אז די שיידים וועלן היינט געוויס קומען נאָכן אַלטן וויליאַמס.

— קום צו געוועט, אַז ניין. וואָס פאַר א מיטל?

— פוילע וואַסער.

— פוילע וואַסער! זי איז גאָרניט דערוועט, דיין פוילע וואַסער.

— „ניט דערוועט״! האָסט אַמאָל געפּרואווט פּאַרטרייבן מיט איר בראָדיוועקעס?

— ניין, ניט געפּרואווט. נאָר באָב טאַנער האט געפּרואווט.

— פונוואַנען ווייסטו עס?

— ער האָט געזאָגט דזשעף טעטשערן, דזשעף—דזשאָני בעקערן, דזשאָני—דזשים כאָלמסן, דזשים—בען ראָדזשערסן, בען—איינעם א נעגער, און דער נעגער האט מיר דערציילט. אָט ווייס איך עס.

— נו, איז וואָס־זשע געדרונגען דערפון? אַלע זאָגן זיי א ליגן. יעדנפאַלס, אלע, כוצן נעגער, אים קאָן איך ניט, נאָר כ׳האָב נאָך ניט געזעען קיין נעגער, וואָס זאָל קיין ליגנס ניט האַקן. נאַרישקייטן!.. אַצינד זאָג מיר, העק, ווי האָט עס באָב טאַנער געטון?

— אָט ווי. ער האָט גענומען און האָט איינגעצעצט די האַנט אין רעגנוואַסער, וואָס האט זיך אָנגעקליבן אין לאָך פון א קלאָץ.

— אינמיטן העלן טאָג?

— פאַרשטייט זיך.

— שטייענדיק מיטן פּאָנים צו דער קלאָץ?

— יאָ. יעדנפאַלס, אזוי געדיינק איך.

— האָט ער עפעס געזאָגט דערביי?

— דאָס ווייס איך ניט.

— אַהאַ! אַ פיינע מאַיסע. ווילן פאַרטרייבן בראָדיוועקעס מיט פוילער וואַסער, אַז מע קאָן ניט נעמען זיך פאר דער אַרבעט ווי ס׳דאַרף צו זיין! פון אַזעלכע נאַרישקייטן קאָן, פאַרשטייט זיך, גאָרניט אַרויסקומען. מע דאַרף אוועקגיין איינער אַליין אין וועלדל, געפינען א ערטל, וואו ס׳איז דאָ אזא קלאָץ מיט רעגן־וואַסער, און פונקט צוועלף אַזייגער באַנאַכט, אַוועקשטעלנדיק זיך מיט דער פּלייצע צו דער קלאָץ, דאַרף מען אַראָפּלאָזן די האַנט אין דער וואַסער און זאָגן דערביי:

„גערשטן־קערן, גערשטן־קערן, אף מעל זיך צעשיט,
פוילע וואַסער, מיינע בראָדיוועקעס נעם מיט!״

און דערנאָך דאַרף מען גיך־גיך אָפּטרעטן אף עלף שפּאַן מיט פאַרמאַכטע אויגן, און דערנאָך דאַרף מען דריי מאָל זיך א דריי־טון אַרום זיך און אפּן וועג צוריק מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסריידן. אויב דו וועסט אַרויסריידן אַפילע איין וואָרט, איז דער גאַנצער קישעף פאַרפאַלן.

פֿלעג עס דערגרייכן ביז די פּיאַטעס, און די הינטערשטע קנעפּ פֿלעגן זיך געפֿינען אַף א היפּשן מעהאלעך נידעריקער פֿון דער פּלייצע; האַלטן פֿלעגן זיך די הויזן אַף איין שלייקע, פֿונהינטן האָבן זיי זיך געבאָמבלט, ווי א ריזיקער ליידיקער זאַק, און אונטן זיינען זיי פֿאַרפּוצט געווען מיט א באַכראָמע, וואָס פֿלעג זיך שלעפּן איבער דער בלאָטע, אויב מע האָט זיי ניט פֿאַרקאַטשעט. העקלבערי איז געווען א פֿראַנק־און־פֿרייער פֿויגל, ער האָט אַרומגעבלאָנקעט וואו ער האָט נאָר געוואָלט. בעאייס גוטן וועטער פֿלעג ער נעכטיקן ערגעץ אַף א גאַנעק, אין א שלעכטן, פֿייכטן, — אין ליידיקע פֿעסער; מע פֿלעג אים ניט צווינגען גיין אין שול און אין קלויסטער אַריין, ער האָט ניט געהאַט וועמען צו פֿאָלגן, ער האָט אַף זיך קיין האַר ניט געהאַט; ער האט געקאָנט כאַפּן פֿיש אָדער באָדן זיך, ווען און וואו ס'האָט זיך אים געגלוסט, ער האָט געקאנט בלייבן אין וואַסער וויפֿל ס'האָט זיך אים געגלוסט; שלאָפֿן פֿלעג ער זיך לייגן ווען ער האָט נאָר געוואָלט, אַפֿילע אינמיטן נאַכט; אום פֿרילינג פֿלעג ער דער ערשטער צווישן אַלע אינגלעך אָנהייבן גיין באָרוועס און אום האַרבסט פֿלעג ער דער לעצטער אָנטוּן זיך אין לעדערנע שטיוול; ער האָט ניט באַדאַרפֿט ניט וואַשן זיך, ניט אָנטון קיין רייכע מאַלבושים, און זידלען פֿלעג ער זיך אויסגעצייכנט, וואונדערלעך. מיט איין וואָרט, דאָסדאָזיקע אינגל האָט פֿאַרמאָגט אַלץ, וואָס גיט צו א ווערט דעם לעבן. אַזוי האָבן געהאַלטן אַלע אינגלעך, וואָס זיינען געפּענטעט געווען אין די פֿיינע הייזער פֿון פּיטערסבורג.

טאָם האָט א רוף געגעבן פֿינען:

— היי, העקלבערי! קום נאָר אַהער!

— קום דו אַהער, אויב ס'האָט זיך דיר פֿאַרגלוסט.

— וואָס איז עס באַ דיר?

— אַ געפּייגערטע קאַץ.

— לאָז נאָר אַ קוק טון! זע נאָר, אינגאַנצן פֿאַרסטאַרטשעט געוואָרן. וואו האָסטו זי געקראָגן?

— געקויפֿט באַ א אינגל.

— וואָס האָסטו געגעבן דערפֿאַר?

— אַ בלוי בילעטל און א פּוכירל, וואָס כ'האָב געקראָגן אין שעכטהויז.

— און וואו האָסטו גענומען א בלויען בילעט?

— געקויפֿט באַ בען ראָדזשערס מיט צוויי וואָכן צוריק פֿאַר א בייטשל.

— הער נאָר, העק, אַף וואָס טויג עס אַ טויטע קאַץ?

— אַף וואָס זי טויג? בראָדיוועקעס פֿאַרטרייבן.

— נו? וואָס זאָגסטו? איך ווייס א בעסער מיטל.

געדריקט צו טאָמס פּאָנים. אַ רעגע — און דער צאָן איז שוין געהאַנגען אַף א פּעדימל לעבן בעט.

אָבער פאַר אַלע צאָרעס באַקומט מען אַזוי אָדער אַנדערש — לוין. אַז טאָם האָט איבערגעביסן און איז אַוועק און איז געקומען אין שול אַריין, האָבן אַלע כאַווײרים אים מעקאַנע געווען: די הוילקייט, וואס האָט זיך באוויזן אין דער אויבערשטער ריי פון זיינע ציין, האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שפּײַען אף גאָר אַ נייעם, אומגעווײנלעכן אויפן. ס'איז נאָך אים נאָכגעגאַן אַ גאַנצע כאָפּטע כעווערלייט, וועלכע אָט־דער איניען האָט פאַרינטערעסירט; דאָס אינגל, וואָס האָט זיך צעשניטן א פינגער און איז ביז דעם טאָג געווען דער צענטער פון אַלעמענס אופמערקזאַמקייט און אָפּשײַ, האָט מיטאַמאָל אָנגעוואוירן אַלע זיינע אָנהייגער, און זיין רום האָט זיך אינגאַנצן פאַרטונקלט. ער האָט גרויסע יעסורים געהאַט דערפון, דאָס אינגל, און ער האט געמאָלדן מיט קלאָמפּערשטער פאַראַכטונג, אז ס'איז קיין שום קונץ ניט צו שפּײַען אַזוי, ווי טאָם סאָיער; אָבער א צווייט אינגל האָט אים דערויף געענטפערט: „— ביסט אויך מיר א קנאַקער?״ — און ער איז אַוועקגעגאַנגען, ווי א יוירעד.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך טאָם באַגעגנט מיטן היגן יונגן „אויסוואורף״, העקלבערי פין, דעם זון פון א שיקער, וואָס איז באַוואוסט אין שטאָט.

אלע מאַמעס אין שטעטל זיינען דאָס־סאָנים געווען העקלבערן און אין דערזועלבער צייט האָבן זיי מוירע געהאַט פאַר אים, ווייל געווען איז עס א פוסטעפּאַסניק, א אומווערדיק, ניט־דערצויגן אינגל, וואָס האט ניט אַנערקענט קיין שום געזעצן, — אויך ווייל זייערע קינדער האָבן פון אים געהאַלטן א וועלט, ווייל זייערע קינדער פלעגן מיט גרויס פאַרגעניגן פאַרברייגגען מיט אים, כאָטש ס'איז שטרייגג פאַרבאָטן געווען. ס'פלעג זיי, די קינדער, ביז־גאָר באַנק טון, וואָס זיי קאָנען ניט געראָטן זיין אין אים. טאָם האָט, ווי אַנדערע קינדער פון די לייטישע הייזער, מעקאַנע געווען העקלבערן פאַר זיין אָפּגעשטויסנקייט, וואָס אַדאַנק איר האָט ער בעיאַד א גאַנצן טאָג גאָרניט ניט טון. אויך טאָמען איז שטרייגג פאַרווערט געווען צו שפּילן זיך מיט אָט־דעם אָפּגעריסענעם־אָפּגעשליסענעם גאַס־אינגל. פאַרשטייט זיך, אַז טאַקע דעריבער פלעג טאָם ניט דורכלאָזן קיין איין פאַל אף צו שפּילן זיך מיט אים. העקלבערי פלעג זיין אָנגעטון אין אָפּגעטראָגן אָנטון, וואָס דערוואַקסענע האָבן עס אַרויסגעוואָרפן, ס'האָט, דאָס אָנטון, אין אַלע צייטן פון יאָר געבליט מיט פאַרשיידנפאַרביקע פלעקן, הייגגען פלעג עס אף אים ווי אַ שמאַטע. זיין הוט האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך מאַמעש א כורווע; פון די זוימען איז אַראָפּגעהאַנגען אַ גרויסע שטיק, ווי א האַלבע לעוואָנע; אויב ער פלעג טראָגן אַ רעקל,

געציטערט. צוגעלאָפן צו טאַמס בעטל, האָט זי קאָם געקאָנט אויסרעדן:

— טאָם, טייבעלע, וואָס איז מיט דיר?

— אָך, מומע, איך...

— וואָס איז מיט דיר, וואָס איז מיט דיר, קינד?

— אָך, מומעניו, סע ברענט מיר אַ פלאַם־פייער אין פינגער...

די אַלטיטשקע איז אַראָפּגעפאַלן אַפן בײנקל און האָט זיך צעלאַכט, דערנאָך האָט זי זיך צעוויינט, דערנאָך האָט זי זיך צעלאַכט און ווידער צעוויינט זיך. דאָס האָט איר לייכטער געמאַכט אַפן האַרצן, און זי האָט אים אַ זאָג געטון:

— נו, האָסטו מיך אָנגעשראָקן! אַצינד גענוג: וואַרף אַוועק אָט־די נאַרישקייטן און שטיי טייקעף אוף!

די קרעכצן האָבן מיטאַמאָל אופגעהערט, און דער פינגער האָט טייקעף אופגעהערט וויי צו טון.

אַביסל פאַרשעמט, האָט טאָם דערקלערט:

— מומע פאָלי, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער פינגער איז אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן, און ער האָט אַזוי וויי געטון, אַז כ׳האָב אפילע פאַרגעסן אין מיין צאָן.

— הער נאָר! און וואָס איז עס בא דיר מיטן צאָן?

— איין צאָן שאָקלט זיך און טוט מוירעדיק וויי, מאַמעש ניט אויסצוהאַלטן.

— נו, גענוג, גענוג, דו קאָנסט נאָך באַלד ווידעראַמאָל אָנהייבן קרעכצן. עפן אוף דאָס מויל! יאָ, דער צאָן שאָקלט זיך טאַקע, אָבער דערפון שטאַרבט מען ניט. מערי, ברייננ מיר אהער דעם שנור זייד און א האָלאָוועשקע פון דער קיך!

— מומעניו, מע דאַרף ניט, — ער טוט שוין מער ניט וויי. איך וועל ניט קרעכצן, אויב ער וועט אפילע ווידער אָנהייבן וויי טון. כ׳בעט אייך, מע דאַרף ניט, מומע, מיינט ניט, אז איך וויל זיצן אינדערהיים און ניט גיין אין שול אריין.

— האַ! האָסטו עס די גאַנצע מאַיסע פאַרקאָכט, קעדיי ניט גיין אין שול אריין און אנשטאָט דעם גיין כאַפּן פיש? אַך, טאָם, טאָם, איך האָב דיך אַזוי ליב, און דו טוסט מיר אָפּ ווי אומיסטן אַזעלכע מיעסקייטן, שאַנעוועסט ניט מיין אלט האַרץ!

דערווייל האט מען געבראַכט דאָס קלאַפּערגעצייג אף צו רייסן דעם צאָן. די מומע כאָלי האָט געמאַכט א של׳ייף אַפן עק פון שנור זייַד, האט אים אָנגעטון אפן קראַנקן צאָן און האָט אים פעסט פאַרצויגן, דעם צווייטן עק פון שנור זייַד האָט זי צוגעפעסטיקט צו א פיסל פון בעט; דערנאָך האט זי א כאַפּ געטון די פלאַקערנדיקע האָלאָוועשקע און זי צו־

געצויגן, אופגעהויבן זיך אַף אַ עלנבויגן, צעסאָפּעט זיך און אויסגע־סטאַרטשעט אַף טאָמען אַ פּאָר אויגן. טאָם האָט ווידער געקרעכצט. סיד האָט אים אַ רוף געטון.

— טאָם! הער נאָר, טאָם!

קיין ענטפער האָט ער, סיד, ניט באקומען.

— דו הערסט, טאָם? טאָם, וואָס איז מיט דיר?

און סיד האָט אים אַ טרייסל געטון, איינקוקנדיק זיך אין זיין פּאָנים. טאָם האָט קלאָגעוודיק ארויסגעקרעכצט:

— לאָז צורו, סיד! טשעפּע מיך ניט!

— אָבער וואָס איז מיט דיר, טאָם? איך וועל גיין רופן די מומע.

— ניין, מע דאַרף ניט. עפּשער וועט עס פּארביי. רוף ניט קיינעם. מע דאַרף ניט.

— נו, וואָס רעדסטו? פאַרשטייט זיך, אז כ׳וועל זי אַ רוף טון. אָבער קרעכץ ניט אַזוי! ס׳איז שרעקלעך! שוין לאנג, אַז דו פּילסט זיך אַזוי?

— עטלעכע שאָ. אוי! כ׳בעט דיך, ריר מיך ניט אָן, סיד! דו דער־גייסט מיר די יאָר!

— פארוואָס האָסטו מיך פריער ניט אופגעוועקט? טאָם, טייערינקער, קרעכץ ניט אַזוי: סע שוידערט מיך. וואָס טוט דיר וויי?

— איך פאַרגיב דיר אלץ, סיד! (אַ קרעכץ)... אַלץ, וואָס דו האָסט קעגן מיר געזינדיקט... אז איך וועל אויסגיין...

— אָ, טאָם, דו שטאַרבסט? טאָם, ליבינקער, שטאַרב ניט! מע דאַרף ניט. עפּשער...

— איך פארגיב אלעמען, סיד! (אַ קרעכץ)... זאָג זיי עס. און מיין רעמל פונם פענצטערל, און דאָס קעצל, וואָס מיט איין אויג, גיב אוועק יענעם מיידעלע, וואָס איז ערשט ניט־לאַנג געקומען צו פאָרן אין שטאָט, און זאָג איר...

נאָר סיד האָט אַ כאַפּ געטון זיין אָנטון און איז אוועק. אַצינד האָט טאָם אינדערעמעסן געליטן, — אַזוי שטאַרק האָט געאַרבעט זיין פאַנטאַ־זיע, — די קרעכצן זיינע האָבן געקלונגען לאַבלוטן נאטירלעך.

סיד האָט געיאָגט אַראָפּ איבער די טרעפּ און האָט געשריגן:

— מומע פּאָלי, גייט גיכער! טאָם שטאַרבט!

— שטאַרבט?

— נו, יאָ! אַף וואָס־זשע ווארט איר? גייט גיכער!

— נאַרישקייטן! כ׳גלויב ניט!

נאָר פונדעסטוועגן איז זי שוין געלאָפן אַרוף, און סיד און מערי נאָך איר. דאָס פּאָנים איז באַ איר בלייך געוואָרן און די ליפּן האָבן

פרייהייט איז דאָס אומקערן זיך צו דער קנעכטשאַפט נאָך שווערער געווען.

טאָם איז געלעגן און האָט געטראַכט. פּלוצלינג האָט ער דערפילט, אז ער האָט גרויס כיישעק שלאָף צו ווערן, קעדיי בלייבן אינדערהיים און ניט גיין אין שול אריין. טאַקע אָפּדערעמעסן, קאָן מען ניט שלאָף ווערן אָף עפּעס? ער האָט זיך אויסגעפאָרשט, — ס'האָט אינערגעץ גאָר־ניט ניט וויי־געטון. ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַרומגעטאַפּט.

דאָס מאָל האָט זיך אים אַ דאַכט געטון, אַז ס'הייבט זיך באַ אים אָן אַ שניידעניש אין בויך, און ער האָט זיך דערפרייט, האָפנענדיק, אַז דער ווייטיק וועט זיך פאַרשטאַרקן. נאָר דער ווייטיק איז, אדראבעע, אינגיכן שוואַכער געוואָרן און איז צוביסלעך־צוביסלעך פארשוואונדן געוואָרן. טאָם האָט ווידער גענומען טראַכטן און איז מיטאַמאָל געפאַלן אָף אַ געדאַנק: ציין־ווייטיק; ער האָט זיך שוין געקליבן „צעוואָיען זיך ווי אַ הונט" (לויט זיין אייגענעם אויסדרוק), נאָר פּלוצלינג איז אים איינגעפאַלן, אז אויב ער וועט ארויסשטעלן אַזא טערעץ, ווי ציין־ווייטיק, וועט די מומע פאָשעט און פּראָסט ארויסרייסן אים דעם צאָן—דאָס טוט דאָך זייער וויי. דעריבער האָט ער באַשלאָסן, אַז דעם צאָן איז בעסער צו לאָזן אָף באוואָרעניש אָף יעדן פאַל, און בעסער זוכן עפּעס אנדערש. אַ מעשעך צייט האָט ער גאָרניט ניט געקאָנט געפינען; דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט, ווי דער דאָקטער האָט דערציילט וועגן עפּעס אַ שלאַפקייט, וואָס האָט אוועקגעלייגט איינעם אַ פּאַציענט צו בעט אָף דריי וואָכן און האָט אים געדראָט, דעם כוילע, מיט אָנווערן אַ פינגער. טאָם האָט גיך ארויסגעשלעפּט פון הינטער דער קאָלדרע דעם גרויסן פינגער און גענומען אים אויספאָרשן. נאָר ניט געוואוסט האָט ער, אַוועלכע סימפּטאָמען טרעפן באַ אָט־דער שלאַפקייט. פונדעסטוועגן, פּרוּאוון האָט דאָך געלוינט, האָט ער גענומען קרעכצן.

נאָר סיד האָט זיך ניט אופגעכאַפּט.

טאָם האָט זיך צעקרעכצט נאָך העכער, און ס'האָט זיך אים שוין געדאַכט, אז דער פינגער טוט אים אינדערעמעסן וויי.

סיד האָט זיך ניט אָנגערופן.

טאָם האָט שווער געאָטעמט פון אָנשטריינגונג. ער האָט אָפּגערוט אַביסל, האָט אָנגענומען לופט אין די לונגען אריין און האָט ארויסגעלאָזט א ריי גרויסאַרטיקסטע קרעכצן.

סיד האָט געכראָפּעט.

דאָס האָט טאָמען אופגערעגט. ער האָט אַ רוף געטון: „סיד! סיד!" און האָט אים אַ טרייסל געטון באַם אַקסל. דאָס האָט געווירקט, און טאָם האָט זיך ווידער צעקרעכצט. סיד האָט אַ גענעץ געטון, זיך אויס־

זייט קלויסטער, ניט אופהערנדיק צו בילן און קווישען, — דער זשוק, וואָס האָט זיך צו אים אין בויך אַריין אַריינגעוויגן, האָט אַלץ ניט געוואָלט צענעמען זיינע קלעמערס; וואָס מער דער פודעל האט זיך ארומגעוואָרפן, אלץ שטארקער איז געווארן דער ווייטיק, און, ענדלעך, איז דער הונט פארוואנדלט געוואָרן אין אַ מין מיט פעל־באוואקסענער קאָמעטע, וואָס דרייט זיך אַרום זיך אין אומגעהייערער שנעלקייט. געענדיקט האט זיך עס דערמיט, וואס דער דול־געוואָרענער פודעל האָט זיך אַ שליידער געטון אין אַ זייט אַריין און איז אַרופגעשפרונגען אַף די קני צו זיין באלעבאָס, דער באלעבאָס האט אים ארויסגעשליידערט דורכן פענצטער, און זיין קלאָגעדיקער געביל איז פאַמעלעך פארשוואונדן אין דער ווייט.

אַלע זיינען געזעסן מיט פלאַם־רויטע פּענימער, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, קאם איינהאלטנדיק זיך פון צעלאַכן זיך אַף אַ קאָל. אַפילע דער דאַרשן אַליין האָט זיך פארפלאָנטערט און, כאָטש ער האָט טייקעף באַנייס אָנגעהויבן זיין דראָשע, נאָר איצט האָט ער שוין גערעדט ניט גלאַטיק, פאראיקענדיק זיך, פילנדיק, אַז אלע שאַנסן אף צו מאַכן דעם נייטיקן איינדרוק האָט ער אָנגעוואוירן; אפילע אף זיינע סאמע ערנסטע פראזן האָבן די צוהערער, אויסבאַהאַלטנדיק זיך הינטער די ווענטלעך פון די ביינק, אָפגערופן זיך בלויז מיט אופרייסן פון אויסגעלאַסענעם געלעכטער, ווי ער, דער דאַרשן, וואָלט געזאָגט עפּעס אומגעהייערקאָמישעס. אַלע האָבן פריי אָפּגעאָטעמט, ווען דידאָזיקע פיין האָט זיך געענדיקט און דער גאַלעך האָט געבענטשט דעם אוילעם.

טאָם סאָיער האָט געשפּאַנט אַהיים אַ פריילעכער. ער איז געקומען צום געדאַנק, אַז אויך די קלויסטער־דינסט קאָן אמאָל זיין ניט זייער לאַנגווייליק, אויב מ׳זאָל נאָר אריינטראָגן אין איר אַ שטיקל פארשיידנאַרטיקייט. איינס בלויז האָט פארטונקלט טאָמס פרייד: ער האָט גאָרניט געהאַט קעגן דעם, וואָס דער פודעל האָט זיך אַ שפּיל געטון מיט זיין זשוק — אָבער צוליב וואָס האָט ער אים, דער פודעל, פארשלעפּט מיט זיך? דאָס איז דאָך ניט־אָרנטלעך!

## קאַפיטל VI.

מאָנטיק אינדערפרי האָט זיך טאָם סאָיער אופגעכאַפּט אין הוילע צאָרעס. דאָס פלעג מיט אים טרעפן אלע מאָנטיק: מיט אָט־דעם טאָג הייבט זיך אָן די וואָך פון נייע פּיינען, די וואָך פון געבראָטן־ווערן אַף פאַמעלעכן פייער אין דער שול. באַם אופכאַפּן זיך פלעג אים, געוויינלעך, טייקעף אָנהייבן באַנק טון, וואָס נעכטן איז געווען יאָנטעוו: נאָך דער

צו זיצן פאַרשפּאַרטפּאַרטעהייט. ער האָט געגאַרט נאָך פאַרווײלונג און נאָך נייע איינדרוקן. אַז ער האָט דערזעען דעם זשוק, האָט זיין מאָרעשכוי־רעדיק־אַראָפּגעלאָזענער ווײדל טייקעף אופגעהויבן זיך און צעפּאָכעט זיך. ער האָט לאַנג געפּאָרשט זיין רויב, איז אַרומגעגאַן ארום איר, פונ־דערווייטנס באַשמעקט זי; דערנאָך איז ער דרייסטער געוואָרן, צוגעגאַן נעענטער; דערנאָך האָט ער צעעפּנט דאָס מויל, געוואָלט אַ כאַפּ געבן דעם זשוק,—נאָר ס׳האָט אים ניט געלונגען; ער האָט איבערגעכאַזערט זיין פּרואוו, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל; זעט אויס, ס׳איז אים זייער געפעלן געוואָרן; ער האָט זיך אויסגעצויגן אַפּן בויך אַזוי, אַז דער זשוק איז אויסגעקומען צווישן זיינע לאַפּעס, און האָט זיך ווייטער אָפּגעגעבן מיט זיינע עקספּערימענטן; סאָפּקאָלסאָף, איז עס אים נימעס געוואָרן,— ער איז געוואָרן גלייכגילטיק און צעטראָגן, ער האָט אָנגעהויבן דרימלען, ביסלעכווייס, ביסלעכווייס האָט זיך זיין קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און זיין קין האָט אָנגערירט דעם סוינע. יענער האָט אים טייקעף אַ ביס געטון. דער פּודעל האָט אַ קוויטש געגעבן, האט אַ פּאָכע געטון מיטן קאָפּ, דער זשוק איז אָפּגעפּליגן אַף אַ שפּאַן צוויי און איז ווידער אַנידערגעפאַלן אַף דער פּלייצע. דער אוילעם, וואָס איז געזעסן נאָענט און האָט עס געזעען, האָט זיך געטרייסלט פון לאַכן אין־זיך; אַסאַך פּענימער האָבן זיך באהאלטן הינטער די ווייערס און הינטער די נאָזטיכלעך, — טאָם איז מאַמעש גליקלעך געוועזן. דער פּודעל האָט איצט געהאט אַ נאַריש אויס־זען,—ער האָט, זעט אויס, אַליין אויך געפילט, אַז מ׳האָט אים געשטעלט צום נאַר, נאָר אין דערזעלבער צייט האָט זיין הינטיש האַרץ געקלעמט די באליידיקונג און די דאָרשט נאָך נעקאָמע. דעריבער איז ער צוגעגאַן צום זשוק און האָט פּאָרזיכטיק באַנייט די אַטאַקע; ער איז געשפּרונגען אַפּן זשוק פון אַלע זייטן, קימאַט אָנרירנדיק דעם סוינע מיט די פּע־דערשטע לאַפּעס, ער האָט אַף אים געקלאַפּט מיט די ציין, געפּאָכעט מיטן קאָפּ, אַזוי אַז די אויערן האָבן געכלאָפּעט, נאָר סאָפּקאָלסאָף איז אויך דאָס אים נימעס געוואָרן; ער האָט געפּרואווט פאַרווײלן זיך מיט אַ פליג, נאָר אויך דאָס איז, זעט אויס, צו לאַנגווייליק געוועזן פאַר אים; ער איז אַ שטיקל צייט נאָכגעגאַנגען נאָך אַ מורעשקע, צוטוליענדיק די נאָז צום סאַמע דיל, נאָר אויך דאָס האָט אים אינגיכן דערעסן; האָט ער אַ געגעץ געטון, אַ זיפץ געטון, לאַכלוטן פאַרגעסן אינם זשוק און זיך אַוועקגעזעצט אַף אים. איז עס דאָ אַ זאַך געשען! דער פּודעל האָט אַ מוירעדיקן ברום געטון און זיך צעשליידערט, צעיאָגט איבערן קלוי־סטער. פּונקט לעבן אַלטאַר איז ער אַריבערגעלאָפן אַף דער צווייטער זייט קלויסטער, האָט פייל־פון־בויגן דורכגעיאָגט איבער יענער זייט, לעבן דער טיר האָט ער צוריק זיך אַ וואָרף געטון צו דער ערשטער

דיקים, פאַר וועלכע ס׳איז צוגעגרייט אייביקער וואוילטאָג, האָט ער דערפֿירט ביז אזא באַגרענעצטער ציפֿער, אז ס׳האָט זיך באַקומען: אַזאַ הייפֿעלע צאַדיקים לוינט גאָר, דאַכט זיך, ניט ראַטעווען. טאָם האָט געציילט די זייטלעך פֿון דער דראָשע: באַם סאָף פֿון דער גאַנצער קלויסטער־דינסט פֿלעג ער שטענדיק וויסן פּינקטלעך וויפֿל זייטלעך ס׳האָט פֿאַרמאָגט די דראָשע, נאָר זייער זעלטן האָט ער עפּעס געוואוסט וועגן אינהאַלט אירן. פֿונדעסטוועגן, דאָס מאָל האָט ער אַף אַ שטיקל צייט אופּריכטיק זיך פֿאַרינטערעסירט מיט איר. דער גאַלעך האָט אויסגעמאָלט דאָס גרויסאַרטיקע, וואונדערלעכע בילד פֿון די צאַדיקימס גליקלעכן לעבן אין גאַניידן, וואו׳ אַ לייב וועט ליגן בישכיינעס מיט אַ שעפּעלע און ביידע וועלן זיי אונטערטעניק זיין אַ קליין קינד. אָבער דער גאַנצער פּאַטאָס, די גאַנצע מאָראַל פֿון אָט־דעם צויבערלעכן בילד זיינען פֿאַר טאָמען לעאיבעד געגאַן אומזיסט־און־אומנישט: ער האָט געטראַכט נאָר וועגן דער אויסגעצייכנטער ראָלע פֿון אָט דעם קינד, אַף וועלכן ס׳וועלן קוקן אַלע פֿעלקער. טאָמס פּאָנים האָט באַקומען אַ פֿאַרטראַכט, באַזינט אויסזען — ער וואָלט געוואָלט זיין אַפֿן אָרט פֿון אָט־דעם קינד, מיט איין טנאַי, פֿאַרשטייט זיך, אַז דער לייב זאָל זיין אַ דרעסירטער.

אַז דער דאַרשן איז ווידער אַריבער צו די טרוקענע און לאַנגוויי־ליקע בקירעס, זיינען טאָמס ליידן באַנייט געוואָרן. פּלוצים האָט ער זיך דערמאַנט, ס׳אַראַ אויצערל עס ליגט באַ אים אין קעשענע, און ער האָט איילנדיק אַרויסגענומען עס. געווען איז עס אַ גרויסער שוואַרצער זשוק,— אַ „בייסער״, ווי דערדאָזיקער מין זשוקעס האָט געהייסן באַ טאָמען. באַהאַלטן איז ער געווען, דער זשוק, אין אַ פּיסטאָנען־פּושקעלע. אַז טאָם האָט אופגעעפֿנט דאָס פּושקעלע, האָט דער זשוק צום אַלעם ערשטן אַ ביס געטון אים באַ אַ פֿינגער. פֿאַרשטייט זיך, אַז טאָם האָט אים מיט אַ שנאָל אָפּגעשליידערט און דעם צעביסענעם פֿינגער אַריינגערוקט אין מויל אַריין. דער זשוק, וואָס איז אראָפּגעפֿלויגן צו די זייטיקע ביינק, איז דאָרט אַראָפּגעפֿאַלן, געבליבן ליגן אַף דער פּלייצע און האָט זיך הילפֿלאָז געדרייט, געוואָרפֿן, ניט זייענדיק אימשטאַנד איבערצוקערן זיך. טאָם האָט געקוקט אַף אים און האָט געגאַרט קריגן אים צוריק, נאָר דער זשוק איז שוין געווען אויסער טאָמס טכום. ער האָט איצט געדינט אַלס פֿאַרוויילונג פֿאַר פֿיל אַנדערע, וועלכע ס׳האָט ניט פֿאַרינטערעסירט די דראָשע און וועלכע האָבן איצט נאָכגעשפּירט נאָך זיינע, זשוקישע באַמיאונגען באַנייס שטעלן זיך אַף די לאַפּקעס.

דאָ האָט אין קלויסטער אַריין צום גאַלעך פֿאַרבלאָנקעט אַ וואָגלענדיקער קעלעוו — אַ פּודעל, אַ אומעטיקער, אַ פֿאַרמאַטערטער פֿון דער זומערדיקער היץ און שטילקייט. ס׳איז אים נימעס געוואָרן, דעם פּודעל,

אַז די טפּילע האָט זיך סאָפּקאָלסאָף געענדיקט, האָבן די מיספּאַ־לעלים, וועלכע זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען, זיך צוריק אַוועקגע־זעצט אַף זייערע ערטער. טאָם סאָיער האָט ניט ליב געהאט קיין טפּילעס. ער האָט זיך געצוואונגען אויסצוהערן זיי, נאָר, הערנדיק, איז ער קיין רעגע ניט געזעסן רואיק אף זיין אָרט. אין טאָך גענומען, האָט ער אַפילו ניט געהערט, — ער האָט שוין לאַנג געהאט אויסגעפּאָרשט די אָרדענונג, אין וועלכער דער גאַלעך לייענט די טפּילעס, און האָט דערי־בער קימאַט אָן שום אָנשטריינגונג פון זינען נאָכגעשפּירט נאָך זיי; אז ס'פלעג אינמיטן דורכשווינדלען עפּעס נייַס, פלעג טאָם מיט זיין שאַרפן געהער טייקעף אופכאַפּן עס, און זיין גאַנצער יעש פלעג אופגעבראכט ווערן: קאָלערליי הויסאָפּעס צו די טפּילעס האָט ער געהאַלטן פאַר א ניט־אָרנטלעכן אופטו מיצאַד דעם גאַלעך.

אינמיטן דעם דאַוונען האָט טאָמען פאַרינטערעסירט אַ פליג, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף דעם ווענטל פון דער באַנק, פונפאָרנט, פאַר אים. דידאָזיקע פליג האָט אים מאַמעש פאַרפייניקט: זי האָט אַזוי רואיק געריבן אירע פיצעלעך לאַפּקעלעך איינע אין דער אַנדערער, זי האָט אַזוי רואיק אַרומגעכאַפּט מיט די לאַפּקעלעך דעם קאָפּ און האָט פּאָלירט דעם קאָפּ אַזוי פלייסיק, אַז ער האָט זיך ווי אָפּגעטיילט פונם קערפּער, אַרויסגעזען האָט זיך נאָר דאָס דינע העלזל־פעדימל; דערנאָך האָט זי מיט די הינטערשטע פיסלעך גערייניקט, געריבן די פליגעלעך און זיי אויסגעגלעט, ווי די פאַלדן פון אַ ראָק, קעדיי זיי זאָלן שטייפער ליגן לעבן קערפּער; זי איז געווען רואיק פאַרטון אין איר טואַלעט, זיכער, אַז קיין שום סאקאָנע דראָט איר ניט. און ס'האָט איר טאַקע גאָרניט ניט געדראָט. כאָטש טאָמען האָט געביסן די האַנט אַף אַ כאַפּ צו טון די פליג, האָט ער די האָזע ניט געהאַט צו טון עס, — ער איז זיכער געווען, אַז זיין נעשאָמע וועט טייקעף אומקומען, אויב ער וועט אָפּטון אזא שטיקל בעאייסן דאַוונען. אָבער ווי נאָר דער גאַלעך איז דערגאַנגען צו דער שלוס־טפילע, האָט זיך טאָמס האַנט פון זיך אַליין אַ בויג־אויס־געטון און זיך אַ צי־אויס געטון פאָרויס; אַז ס'האָט אַ קלונג געטון „אָמיין”, איז די פליג שוין געפאַנגען געווען. די מומע אָבער האָט באַמערקט דעמדאָזיקן מאַנעוור און האָט געצוואונגען טאָמען אַרויסלאָזן די פליג.

דער גאַלעך האָט דורכגעלייענט דעם טעקסט, אף וועלכן ס'איז גע־בויט זיין דראָשע, און האָט מיט אַ מאָנאָטאָן־הודנדיק קאָל אָנגעהויבן די דראָשע. זי איז אַזוי לאַנגווייליק געווען, אַז אינגיכן האָט דער גרעסטער טייל אוילעם געדרימלט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער גאַלעך האָט גערעדט די זינדיקע מיט זודיקן שוועבל און סמאָלע, און די צאָל צאַ־

אים דערפֿאַר פֿיינט געהאַט טאַכלעס־סינע, דעריקער דערפֿאַר, וואָס מיט זיין לייטישקייט דערגייט מען זיי שטענדיק די יאָרן. פֿון קעשענע האָט באַ אים קלאָמערשט צופֿעליק אַרויסגעשטעקט א עקל פֿון א נאָזטיכל: טאָם האָט קיין נאָזטיכל אינגאַנצן ניט פֿאַרמאָגט, און אינגלעך, וואָס פֿאַרמאָגן אַזוינס, האָט ער געהאַלטן פֿאַר פֿראַנטן.

ס'האָט זיך שוין צונויפֿגעזאַמלט דער גאַנצער אוילעם מיספּאַלעלים; דער גלאָק האט א קלונג געטון נאָכאַמאָל, האָט מאַסרע געוועזן די פֿוי־ליאַקעס און פּוסטעפּאַסניקעס, און דערנאָך איז אין קלויסטער געוואָרן פּייערלעך־שטיל, בלויז אף דער גאַלערייע האָט זיך פֿון צייט צו צייט געהערט געמורמל און כיכיקעניש. דערדאָזיקער געמורמל און איינגע־האַלטענער געלעכטער האָבן ניט אופֿגעהערט דעם גאַנצן מעשעך פֿון דער גאָטדינסט.

דער גאַלעך האָט אָנגעהויבן מיט א הימן,—ער האָט אים דורכגעלייענט מיט דעם נוסעך, וואָס איז באַזונדערס באַליבט אין פּיטערסבורגער סוויווע. ער האָט אָנגעהויבן אַף נידעריקע טענער, האָט בעהאַדראָגע געהעכערט דאָס קאָל, איז דערגאנגען ביז גאַנץ הויכע טענער, האָט געשטעלט א שטאַרקן טראָפּ אַפֿן פֿאַרלעצטן וואָרט און האָט דערנאָך, פּלוצלינג, ווי אונטערטוקנדיק זיך, מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזט דעם טאָן. ער האָט געשעמט, דער גאלעך, אַלס אויסגעצייכנטער פֿאָרלייענער. בע־איים די „גאָטספּאָרכטיקע געשפּרעכן" מיט די מיספּאַלעלים פֿלעג מען אים שטענדיק בעטן פֿאָרלייענען די מיזמוירים; אַז ער פֿלעג ענדיקן לייענען, פֿלעגן די פּרויען אויסשטרעקן די הענט אַרופֿצו, צום הימל, הילפֿלאָז זיי אַראָפּלאָזן אַף די קני, פֿארגלאַנצן די אויגן און שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „מיט רייד קען מען עס ניט אויס־דריקן: ס'איז צו וואויל, צו וואויל פֿאַר אונזער זינדיקער ערד".

נאָך דעם, ווי מע האָט דורכגעזונגען דעם הימן, האָט דער פּאָטער מיסטער ספּרעגיו געגומען לייענען „מעלדונגען" וועגן פֿאַרזאַמלונגען פֿון קאָלערליי געזעלשאַפֿטן; געלייענט האָט ער אַזוי לאַנג, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז צום צעטל פֿאַרזאמלונגען וועט קיין סאָף ניט נעמען. דער־נאָך האָט דער גאַלעך געגומען דאַוונען. ס'איז געווען א לאנגע, פֿיינע, אויספֿירלעכע טפֿילע: פֿאַרן קלויסטער און פֿאַרן פֿאָלק, וואָס דינט דעם קלויסטער; פֿאַר אַלע אַנדערע קלויסטערס אין שטעטל; פֿאַרן שטעטל אַליין; פֿאַרן גראַפֿטום, אין וועלכן דאָס שטעטל געפֿינט זיך; פֿאַר דער מעלוכע; פֿאַר די אָנגעשטעלטע פֿון דער מעלוכע; פֿאַר די פֿאַרייניקטע שטאַטן; פֿאַרן קאָנגרעס; פֿאַרן פּרעזידענט; פֿאַר דער ארמיי און פֿלאָט, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

— איך ווייס, אַז מיר ווערן ער זאָגן, — האָט זיך אַריינגעמישט די דאַמע, — נו, ליבינקער, ענטפער־זשע! די ערשטע צוויי טאַלמידים פון יעזוס קריסטוס האָבן געהייסן...

— דאָוויד און גאָליאַס!

פון מיטלייד צו אונזער העלד לאָמיר אַראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג איבערן סאָף פון אַקט דער סצענע.

## קאפיטל V.

אַרום האַלב צען אַזייגער האָט זיך צעקלונגען דער גלאָק פונם קלײנעם קלויסטער און ס'האָט טייקעף געגומען אוילעם צונויפזאַמלען זיך צו דער פרימאָרגן־דראָשע. די שילער פון דער זונטיק־שול האָבן זיך אויסגעזעצט אין פאַרשיידענע ווינקלען פון קלויסטער, אַף דיזעלבע ביינק, וואו עס זיינען געזעסן זייערע עלטערן: קעדיי די עלטערן זאָלן די גאַנצע צייט קענען אַכטונג געבן אַף זיי. לעבן דער מומע פאָלי האָבן זיך אַוועקגעזעצט טאָם, סיד און מערי; טאָמען האָט מען אַוועקגעזעצט וואָס ווייטער פונם אָפענעם פענצטער, קעדיי ס'זאָלן אים ניט צוציען די דרויסנדיקע זומער־בילדלעך. דער קלויסטער האָט זיך ביסלעכווייס אָנגעפולט. געקומען איז דער באַיאָרטער פאָסטמייסטער דער יוירעד; געקומען איז דער מער מיט זיין פרוי—צווישן אַלע אַנדערע אומנוצלעכע זאַכן האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט אויך א מער—און דער פרידנס־ריכטער איז געקומען, און די אַלמאָנע דוגלאַס, די שיינע אויסגעפוצטע, גוטע און מילדע פרוי (איר הויז אפן בערגל איז דאָס איינציקע הויז אין שטאָט, וואָס איז ענלעך אַף א פּאַלאַץ; דאָס איז אַ גאַסטפריינטלעך הויז, וואו עס ווערן איינגעאָרדנט די פּרעכטיקסטע יאָנטוויוים אין שטעטל פּיטערסבורג). געקומען איז דער אַדוואָקאַט ריווערסאָן, דער נייער נאָטאַבל פון דער סוויווע; געקומען איז די היגע באַרימטע שיינהייט מיט א גאַנצער סוויטע יונגע שיינהייטן אין באַטיסטענע קליידער מיט סטייגעס; און נאָך זיי — אויך אַלע יונגעלייט, וואָס דינען אין די אָדער יענע שטאָט־אַנשטאַלטן. ביזן אָנקומען פון די שיינהייטן זיינען די יונגעלייט געשטאַנען אין פּאָליש אין איין לאַנגער שורע, ווי א וואנט, אויסגעפוצטע און אָנגעשמירטע, און האָבן געשטשירעט די ציין, געביסן די גאלקעס פון זייערע שטעקנס, ביז ס'זיינען פאַרביי זיי ניט דורך אלע היגע פריילנס; צום סאמע לעצט איז אָנגעקומען דאָס לייטיש אינגל ווילי מופערסאָן, וואָס היט אָפּ גוואַלדיק געטריי זיין מוטער, ווי זי וואָלט, די מוטער, פון קרישטאָל געווען. ער פלעג שטענדיק פירן מיט זיך אין קלויסטער אַריין זיין מוטער, און אלע מאַמעס פלעגן אים ברייגען אלס ביישפיל זייערע זין. די אינגלעך האָבן

— זאָג דעם דזשענטלמען דיין פאַמיליע, טאָמאס, — האָט זיך אַריינגעמישט אואָלטערס, — און אז דו רעדסט מיט עלטערע, פאַרגעס ניט צוגעבן „סער". מע דארף קענען האַלטן זיך אין געזעלשאַפט.

— טאָמאס סאָיער, סער.

— נו, אָט! אָט א קלוג באָכערל! א וואויל אינגל, אַ פיין אינגל! צוויי טויזנט פסוקים — ס'איז אסאך, זייער, זייער, זייער אסאך! און ס'וועט דיר קיינמאָל ניט באַנק טון, וואָס דו האָסט זיך געמיט אויסכאַזערן זיי: דאָס וויסן איז וויכטיקער פון אלץ אף דער וועלט. בלויז דאָס וויסן טאַקע מאכט דעם מענטשן גרויס און גוט. דו אַליין, טאָמאַס, וועסט אַמאָל זיין א גרויסער און אַ גוטער מענטש; און דו וועסט דיך דעמאָלט אומקוקן אַף צוריק און וועסט זאָגן: אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען די מאילעס פון דער זונטיק־שול, וואָס כ'האָב באזוכט קינדוויס; אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פארדאַנקען מיינע טייערע לערער, וואָס האָבן מיך צוגעוואוינט לערנען זיך; אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם גוטן דירעקטאָר, וואָס האָט מיר מיטגעהאָלפן און האָט אכטונג געגעבן אַף מיר און האָט מיר געגעבן אַ וואונדערלעכע ביבל, אין א שיינעם איינבונד, קעדיי ס'זאָל בא מיר זיין א אייגענע ביבל און קעדיי זי זאָל טאָמיד זיין לעבן מיר; אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען דער גוטער דערציאונג; אָט וואָס דו וועסט זאָגן, טאָמאַס, — און דו וואָלסט, פאַרשטייט זיך, ניט גענומען פאַר אָט די אַף אויסוויניק אויסגעכאַזערטע צוויי טויזנט פסוקים קיין שום אנדער באַלוינונג, קיין שום טויזנטער; און אַצינד וועסטו ניט אָפּזאָגן צו זאָגן מיר און אָט דער דאַמע עפּעס דערפון, וואָס דו האָסט אויסגעכאַזערט, — איך וויס, דו וועסט ניט אָפּזאָגן, ווייל מיר שטאָלצירן מיט אינגלעך, וועלכע לערנען זיך אַזוי גוט. דו ווייסט, פאַרשטייט זיך, די נעמען פון אַלע צוועלף אפּאָסטאָלן. איז זאָג־זשע אונז, ווי האָבן געהייסן די ערשטע צוויי אפּאָסטאָלן פון יעזוס קריסטוס?

טאָם האָט א צי געטון זיך באַ אַ קנעפּל און האָט טעמפּ געקוקט אפן ריכטער, דערנאָך איז ער פלאַם־רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

באַ מיסטער אואָלטערס איז דאָס האַרץ פאַרשטאַרט געוואָרן. דאָס יונגאַטשל איז דאָך ניט אימשטאַנד צו ענטפערן אף דער פּאָשעטסטער פראַגע, — צוליב וואָס פרעגט עס אים דער ריכטער? נאָר פונדעסטוועגן האָט ער געהאַלטן פאַר זיין כויוו שטיצן דעם ריכטער.

— ענטפער־זשע דעם דזשענטלמען, טאָמאס, — האָב קיין מוירע ניט.

טאָם האָט געפלאַמט.

שול האָט איצט פאַרגאפט געקוקט אַף צוויי וואונדער מיטאמאָל. אַלע אינגלעך האָבן געגליט פון קינע, און מער פון אלעמען האָבן געפייניקט זיך יענע, וועלכע האָבן אַליין מיטגעהאָלפן אָט דעם אומגעזעצלעך־געקראָגענעם רום, פארקויפנדיק טאָמען די בילעטן פאר די אויצרעס, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט בעאייס ווײַסן דעם פלויט.

דער דירעקטאָר האט דערלאנגט טאָמען די ביבל מיט דער געהעריקער פייערלעכקייט, נאָר אין זיין רעדע איז קיין ברען ניט געווען: דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, דעם אומגליקלעכן דירעקטאָר, אז עפּעס איז דאָ א סאָד פארבאָרגן, א סאָד, וואָס ס'איז בעסער, עפשער, ניט צורירן זיך צו אים. ס'וואָלט דאָך אומגעהייער לעפּיש געווען צו מיינען, אז אָט דאס יונגל האט אָפּגעשפּאָרט אין זיין זיקאָרן צוויי טויזנט הייליקע פסוקים, בעאייס עס האָט אים קיין קויעך ניט געקלעקט אַף איין טוץ אַפילע. עמא לאָורענס איז געווען גליקלעך און שטאָלץ און האָט זיך געמיט, אז טאָם זאל עס באמערקן אַף איר פּאָנים; נאָר ער האָט אַף איר ניט געקוקט. טכילעס האָט זי זיך געוואונדערט, דערנאָך האט זי זיך אַביסל פאַרלאָרן, דערנאָך איז אין איר מויעך דורך א טונקעלער כשאַד און איז טייקעף פארשוואונדן געוואָרן, דערנאָך איז דער כשאַד צוריק געקומען; זי האָט גענומען צוקוקן זיך; א פלינקער בליק האָט איר אלץ אויסגעזאָגט — און איר האַרץ איז צעשמעטערט געוואָרן; זי איז אין קאַס געווען, האָט געוויינט, האָט טאכלעס-סינע פיינט געקראגן די גאנצע וועלט און מער פון אַלעמען, ווי עס האָט זיך איר געדוכט, טאָמען.

טאָמען האָט מען פאָרגעשטעלט פאַרן ריכטער, נאָר דאָס אינגל האט זיך געשעמט, האָט קאָם דעם אָטעם געכאַפּט, און דאָס האַרץ זיינס האט געפלאטערט, טיילווייס פון שרעק פאר דער גרויזאמער מאיעסטעטישקייט פון אָט דעם מאַן, נאָר דערהויפּט דערפאַר, וואָס דאָס איז איר פאָטער. טאָם איז גרייט געווען פאַלן אים צו די פיס און נייגן זיך פאַר אים, ווען אין קלויסטער וואָלט נאָר טונקל געווען. דער ריכטער האָט ארופגעלייגט זיין האנט אַף טאָמס קאָפּ, האט אָנגערופן טאָמען „קלוג אינגל" און האָט געפרעגט אים, ווי הייסט ער.

דאָס אינגל האט זיך פאַראיקעט, דערנאָך האט ער זיך געמאכט האַרץ און האָט אויסגעשאָסן:

— טאָם.

— אָ, ניין, ניט טאָם, נאָר...

— טאָמאס.

— אָט אזוי. איך האָב געמיינט, אז דו וועסט נאָך עפּעס צוגעבן... גוט, גוט! נאר פונדעסטוועגן האסטו, פארשטייט זיך, נאך א נאָמען. ווערסט דאָך מיר אים זאָגן, עמעס?

לויפנדיק הין־און־צוריק, די הענט אָנגעפּולט מיט ביכער, זייענדיק גוואַל־דיק פּאַרטון, יאָגנדיק און טומלענדיק. די יונגע לערערנס האָבן „געמאַכט פיגורן", צאַרט אָנבייגנדיק זיך איבער די שילער, וועלכע זיי האָבן ערשט נים לאַנג פיינע פּעטש געשיינקט; זיי האָבן שמייכלענדיק געדראָט מיטן פינגער די ווילדע קינדער און מילד געגלעט איבערן קאָפּ די וואוילע. די יונגע לערער האָבן „געמאַכט פיגורן", באַווייזנדיק זייער מאַכט מיט קורצע באַמערקונגען, פאָרוואורפן און אנדערע צייכנס פון געטרייקייט און שטרעבונג צו דיסציפּלין. די מיידעלעך האָבן אויך „געמאַכט פיגורן" אַף קאָלערליי אויפאַנים, און די אינגלעך האָבן אַזוי צוגעאַרבעט, אַז די לופט איז פול געווען מיט קייקעלעך פון צעקייַטן פּאַפּיר, וואָס פליען פון איין באַנק צו דער צווייטער, און מיט געמורמל־זשומזשעניש פון קוילעס, וואָס שפּארן און אמפּערן זיך. איבער אָט דעם אַלעמען האָט זיך געהויכט די פיגור פונם גרויסן מאַן, וואָס זיצט מאַיעסטעטיש אין שטול, באַשיינענדיק די שול מיט זיין מאיעסטעטישן ריכטער־שמייכל און וואַרעמענדיק זיך, אַזוי צו זאָגן, אין די שטראַלן פון זיין אייגענער גרויסקייט,— ער האָט אויך אַף זיין אויפן „געמאכט פיגורן". דאָס גליק זאָל פול זיין האָט דעם מיסטער אוּאָלטערס נאָר איינס גע־פעלט: אַ פאַל אַף צו באַווייזן דעם היכגעשטעלטן גאַסט דעם וואונ־דער פון פּלייס, דער פאַל פון שיינקען א ביבל דעם בעסטן שילער. בא עטלעכע שילער איז געווען אַ קליינע צאָל געלע בילעטן, נאָר בא קיי־נעם איז נים געווען קיין גענוגנדע צאָל,— ער האָט שוין געפרעגט וועגן דעם, דער דירעקטאָר, באַ די בעסטע שילער. ער וואָלט איצט אָפּגעגעבן אַ האלבע וועלט, קעדיי ווידער אומקערן דעם אינגל דעם דייטש זיין זיקאָרן און סייכל.

און אָט, אין דער רעגע, ווען דער דירעקטאָר האָט שוין אָנגעוואוירן יעדע האָפענונג, איז פאָרויס אַרויסגעטראָטן טאָם סאָיער מיט ניין געלע בילעטן, ניין רויטע און צען בלויע און האָט געפאָדערט אלס באַ־לוינונג אַ ביבל! ווי עס וואָלט א דונער געטון אינמיטן א העלן, לויטערן טאָג. מיסטער אוּאָלטערס האט זיך לאכלוטן נים געריכט, אז גראד טאָם זאל קומען מיט אַזעלכע פרעטענזיעס. נאָר טון האָט מען גאָרניט נים געקענט,— די פאָדערונגען זיינען געווען געזעצלעך. טאָמען האט מען אַרופגעפירט אַף דער עסטראַדע, וואו עס זיינען געזעסן דער ריכטער און די אַנדערע גרויסע לייט, און דער שול־שעף גופע האָט געמאָלדן וועגן דעם גרויסן נייס. עס האָט געמאכט א גוואלדיקן, א פּלעטנדיקן איינדרוק; שוין לאַנג, אז די שול האָט נים באקומען אזא סיורפּריז; עס האָט אַרויסגערופן א אומגעהייערע סענסאציע; דער נייער העלד איז מיטאַמאָל פונקט אַזוי גרויס געוואָרן, ווי דער באַרימטער מאַן, און די

בלויז איין ניט־אַנגענעמענער ביי־מיש — דער זייכער דערפון, ווי מע האָט אים מעוואַיעש געשטעלט אינם גאָרטן פון אָט־דעם מאַלעך; נאָר אויך דער־דאָזיקער ביי־מיש איז אינגיכן אָפּגעווישט געוואָרן דורך די כוואַליעס פון פאַרפּלייצנדיקן גליק. די געסט האָט מען אַוועקגעזעצט אַף אַ בעַ־קאָוועדיק אָרט, און ווי נאָר מיסטער אואָלטערס האָט פאַרענדיקט זיין רעדע, האָט ער זיי פאָרגעשטעלט פאַר דער שול. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דער מאַן פון די מיטעלע יאָר איז זייער אַ אָנגעזעענער פאַרשוין — ניט מער און ניט ווייניקער, ווי דער קרייז־ריכטער. אַזאַ הויכגעשטעלטן מעלוכע־מאַן האָבן די קינדער נאָך קיינמאָל ניט געזעען; זיי האָבן זיך געכידעשט, קוקנדיק אַף אים, און האָבן בא זיך געפרעגט, צי איז ער טאַקע געבויט פון דעמזעלבן מאַטעריאַל, וואָס אלע אנדערע מענטשן; זיי האָבן געגאַרט דערהערן, ווי ער טוט עס אַ ברום ווי אַ לייב אין גרימצאָרן, און אין דערזעלבער צייט האָבן זיי מוירע געהאַט פאַר דעמ־דאָזיקן ברום. ער איז אָנגעקומען, דער ריכטער, פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל *), וואָס געפינט זיך צוואַנציק מייל די ווייט פון פּיטערסבורג. האָט ער, הייסט עס, אַסאַך געררייזט און געזעען די גרויסע וועלט; ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזעען די געביידע פונם קרייז־געריכט, וואָס איז געדעקט, ווי מע דערציילט, מיט אַ בלייענעם דאַך. דער אירעס־האַקאָוועד, וואָס אָט־דאָס אלעס האָט ארויסגערופן, האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ פייער־לעכער שטילקייט און אין רייען אופמערקזאַמע אויגן, געווענדעטע אפן ריכטער. דאָס איז געווען דער באַרימטער ריכטער טעטשער, דער ברודער פונם היימישן, פּיטערסבורגער אַדוואָקאַט. דזשעף טעטשער איז טייקעף ארויסגעגאַנגען פאָרויס אָפּגעבן שאָלעם דעם גרויסן מאַן, דעם פעטער זיינעם. די גאַנצע שול האָט דזשעפן מעקאַנע געווען. ווען ער וואָלט, דזשעף, געהערט דעם געמורמל פון די כאַוויירים זיינע, וואָלט עס ווי מוזיק געקלונגען אין זיינע אויערן.

— זע נאָר, דזשים, ער גייט אַהינצו, אַף מיין וואָרט, אַהינצו! גיב אַ קוק, גיב אַ קוק! אָט גריסט ער זיך מיט אים, אָט דערלאַנגט ער אים די האַנט — אַ, ווי געפעלט דיר? די האַנט! ווייסט עס אַ רועך, דיר וואָלט זיך מיסטאָם געוואָלט זיין אַף דזשעפס אָרט?

מיסטער אואָלטערס האָט אַף זיין שטייגער „געמאַכט פיגורן" פאַר די אָנגעזעענע באַזוכער. ער האָט אַרויסבאַוויזן פאַרטונענע געשעפט־לעכקייט. פאָרוואורפן, אָנווייזונגען און באַפעלן האָבן זיך געשאָטן אַף רעכטס און אַף לינקס. דער ביבליאָטעקאַר האָט אויך „געמאַכט פיגורן",

*) די אַמעריקאַנער האָבן ליב אָנצורופן זייערע קליינע שטעטלעך מיט די קלינגענדיקע נעמען פון די וועלט־שטעט. פאַראַן בא זיי עטלעכע פאַריזשן, דריי אָדער פיר יערושאָלאים'ס און א. וו.

וואָס מ׳האָט זיי לאַכלוטן ניט געקאָנט טרעפן אינדערוואָכן. אָנגעהויבן האָט ער זיין דראָשע אױף אַזאַ אופן:

— אַצינד, קינדער, וואָלט איך בעטן אייך אַ מינוט צוויי זיצן ווי נאָר מעגלעך גלייך און שטיל און שיינקען מיר אייער גאַנצע אופמערקזאַמקייט. אָט אַזוי! אָט אזוי טאַקע דאַרפן האַלטן זיך פיינע אינגלעך און מיידלעך. איך באַמערק, אז איין קליין מיידעלע קוקט אין פענצטער אַריין, — זי׳ מיינט, געוויס, אז איך זיך ערגעץ דאָרט אױף אַ בוים און האַלט אַ רעדע פאַר די קליינע פייגעלעך (דער אוילעם כיכיקעט דערביי). איך וויל אייך זאָגן, ווי עס פרייט מיין האַרץ זען פאר זיך אַזויפיל פריילעכע, ריינינקע קינדערשע פּענימער, וועלכע זיינען צונויפגעקומען זיך אַהער צווישן די הייליקע ווענט לערנען זיך גוטסקייט און יוישער.

און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער. בריינגען זיינע ווייטערדיקע רייד איז לאַכלוטן איבעריק. די גאַנצע רעדע דעם דירעקטאָרס איז צונויפגעשטעלט געוועזן לויטן פונלאַנג באוואוסטן, אַלעמען גוט־באַקאַנטן אייביקן מוסטער.

דאָס לעצטע דריטל פון דערדאָזיקער רעדע האָבן אָפּט פאַרטויבט די באַנייטע געשלעגן צווישן די אינגלעך, אויך דער געמורמל און דאָס לאַכן פון די׳ טאַלמידים, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבערן קלויסטער, פאַרכאַפּנדיק אפילע אַזעלכע פעסטע פעלזן, ווי סיד און מערי. נאָר אַלע שמועסן זיינען פאַרשטומט געוואָרן, ווי נאָר דעם דירעקטאָרס קאָל האָט אָנגעהויבן נידערן. דער שלוס פון דער רעדע איז באגעגנט געוואָרן מיט אַן אופרייס פון צארטער דאַנקבארקייט.

דעם געמורמל און די שמועסן האָט אין אַ היפשער מאָס אַרויסגערופן אַ געשעעניש אַ מער־וויניקער זעלטענע — דאָס דערשינען פון באַזוכער: דער אַדוואָקאַט טעטשער און זיינע באגלייטער: אַ דאַרער אַלטיטשקער, אַ שיינער אָנגעזעענער דזשענטלמען פון מיטעלע יאָרן, מיט גרויע האָר, און אַ פּרעכטיקע דאַמע, געוויס — דעם לעצטנס פרוי. די דאַמע האָט געפירט בא דער האַנט אַ מיידעלע. טאָם האָט די גאַנצע צייט ניט געקאָנט איינזיצן אױף זיין אָרט מאַכמעס דעם געפיל פון שולדיקייט און געוויסן־ערגערניש; ער האָט די האָזע ניט געהאַט צו טרעפן זיך מיט עמאַ לאָורענס אויגן; ער האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן איר אניוועסדיקן ליבע־בליק. נאָר אַז ער האָט דערזעען דאָס אריינקומענדיקע מיידעלע, איז זיין נעשאָמע פול געוואָרן מיט וואונדער־גליק, און ער האָט טייקעף גענומען מיט אלע קויכעס „ווייזן פּאָקוסן״, „מאַכן פיגורן״: קלאַפּן די אינגלעך, שלעפּן זיי בא די האָר, קאָרטשען צורעס און דאָסגלייכן, — באוויזן אלע קונצן, וואָס מע קאָן האָפן, אַז זיי וועלן פאַנגען דאָס מיידעלע און אויסנעמען בא איר. אין זיין וואונדער־גליק איז געוועזן

דער דירעקטאָר אין פייערלעכע פאַלן, ד. ה. בעאיים ס'פלעג זיך צונויפֿ־קומען א גרויסער אוילעם, אַרויסרופן אט־דאס אינגל ער זאל „צעלאָזן זיך" (לויט טאָמס אויסדרוק). פון די איבעריקע טאַלמידים האבן בלויז די עלטערע געהיט זייערע בילעטלעך און ניט געוואָרפן דאָס לאַנגוויי־ליקע „כאַזערן" אַזאַ לאַנגע צייט צוליבן פאַרדינען א בילעטל. דעריבער פלעג דאס אַרויסגעבן אַזאַ באַלוינונג, ווי א ביבל, זיין א זעלטענע, א אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג; דער טאַלמיד, וואס פלעג זי באַקו־מען, פלעג אויסוואַקסן אף אַ גאַנצן קאָפּ, און אַלע כאַוויידים פלעגן אים מעקאַנע זיין: זיי פלעגן דאַן, אָפּט אַפילע אף גאַנצע צוויי וואָכן, פאַר־כאַפּט ווערן פון קאָוועד־גאַרעניש. מעגלעך, אַז טאָמס סייכל־מאָגן, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, האָט קיינמאָל ניט געדאָרשט נאָך אזא באַ־לוינונג, אָבער איינס באַשטימט: זיין גאַנצער יעש האָט שוין לאַנג גע־דאָרשט נאָכן רום און גלאַנץ, וואָס זיינען צונויפגעבונדן מיטן באַקומען אַזא באַלוינונג.

דער דירעקטאָר האָט זיך באצייטנס באוויזן אף דער קאַטעדרע מיטן פאַרמאַכטן הימנען־בוך אין דער האַנט און מיט פינגער פארלייגטע צווישן די בלעטלעך. ער האָט איינגעלאַדן דעם קלאַס אופמערקזאַם האָרכן.

דער דירעקטאָר איז געווען אַ דאַרער מאַנסבל, אַלט אַ יאָר פינף און דרייסיק, מיט אַ צאַפּן בערדל פון זאַמד־קאָליר און מיט קורץ־אונטערגעשוירענע האָר אויך פון דעמזעלבן קאָליר. די אויבערשטע זוימען פון זיין געדיכט־אָנגעקראָכמאלעטן „שטייענדיקן" קאָלנער האָבן דערגרייכט קימאט ביז די אויערן זיינע. די שפּיציקע עקן האָבן זיך פאַרבויגן פאָרויס קימאַט לעבן די ליפּן־ווינקלען; ס'האָט זיך באַקומען אַ מין פאַרקן, וואָס צווינגט דעם דירעקטאָר קוקן די גאנצע צייט גלייך, פאַר זיך, אָדער אויסדרייען זיך מיטן גאַנצן קערפּער, ווען ס'איז נייטיק אַ קוק טון אין אַ זייט אריין. זיין קין האָט גערוט אף אַ ברייטן באַ־מאָלטן האַלזטוך, וואָס איז ברייט און לאנג, ווי אַ באנק־בילעט, בא די עקן האַלזטוך איז געהאַנגען אַ באכראָם־סטייגגע; די נעזער פון די שטיוול זיינע זיינען געווען שאַרף פאַרבויגן ארוף, לויט דער דעמאָלטי־קער מאָדע, אַזוי ווי די עקן פון גליטשערס, — דעמדאָזיקן עפעקט פלעגן זיך פלייסיק און איינגעשפּאַרט באמיען קריגן די יונגעלייט פון יענער צייט, אָפּשטייענדיק שאָענלאנג מיט שטיוול־נעזער צוגעדריקטע צו דער וואַנט. מיסטער אואָלטערס האָט געהאַט זייער אַ שטריינג אויסזען, זייער אַ אופריכטיק און ערלעך האַרץ. צו אלעס, וואָס איז הייליק און קלוי־סטעריש, פלעג ער זיך באַציען מיט אזא אירעס־האַקאָוועד און פלעג עס אַזוי אָפּטיילן פונם וועלטישן, אז אפילע אין קאָל זיינעם אין דער זונטיק־שול פלעגן באווייזן זיך באַזונדערע אינטאָנאַציעס, אַזעלכע,

אַ האַלבע שאָ האָט ער געהאַלטן אין איין אָפּשטעלן יעדער פֿאַרביי־גייענדיקן אינגל און יעדן פֿאָרגעלייגט זיינע אויצרעס אַלס בייט אַף ביטן פון פארשיידענע קאָלירן. דערנאָך איז ער אריינגעגאַן צוזאַמען מיט א האַמוין רייניקע אינגלעך און מיידלעך אין קלויסטער אַריין, האָט זיך אַוועקגעזעצט אף זיין אָרט און טייקעף פּאַרפירט א געשלעג מיט איינעם פון די שכיינים־אינגלעך. ס׳האָט זיך אַריינגעמישט דער לערער, אַ ערנסטער, באַיאָרטער מענטש, און ביידע אינגלעך זיינען שאַ—שטיל געוואָרן; אָבער ווי נאָר דער לערער האָט אויסגעדרייט די פּלייצע, האָט טאָם א שלעפּ געטון בא די האָר דאָס אינגל, וואָס איז געזעסן אף דער באַנק פון פאָרנט, פּאר אים, און ער האָט טייקעף אַריינגעשטעקט די נאָז אין בוך אַריין. אַז דער באַליידיקטער האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער ניט געקאָנט פאַרשטיין ווער האָט עס אים אָפּגעטון. און טאָם האָט שוין געשטאָכן מיט א שפּילקע א צווייטן שאָכן, קעדיי דערהערן ווי יענער גיט א געשריי: „אַי!״,— און ער האָט ווידער, טאָם, געקריגן א פאָרוואורף פונם לערער. דער גאַנצער קלאַס טאָמס איז, דערעך־אַגעוו, געווען, ווי צוגעקליבן, א ראַשיקער, אומרואיקער און איינגעגעסענער. אז ס׳איז דערגאַן צום אויספרעגן דעם פארגעבענעם לימוד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז קיינער פון די אינגלעך האָט אים ניט אויסגעכאַזערט ווי ס׳דאַרף צו זיין, און ס׳איז אויסגעקומען אַלעמען אונטערצוזאָגן. ווי ס׳איז־ניט־איז, מיט גרויסע צאָרעס, האָבן זיי געענטפערט, און יעדער האָט באַקומען א באַלוינונג — דאָס בלוי בילעטל, וואָס מ׳פלעג געבן פאר צוויי פּסוקים, אויסגעכאַזערטע אַף אויסווייניק; אף יעדער בילעטל איז געווען אָנגעשריבן א פּאָסוק פון עוואַנגעליום. צען בלויע בילעטלעך זיינען געגליכן געווען צו איין רויטן און האָבן געקאנט אויסגעביטן ווערן אף אַזוינעם; צען רויטע זיינען געגליכן געווען צו איין געלן; פאר צען געלע פלעג דער דירעקטאָר אַרויסגעבן דעם טאַלמיד, וואָס האט זיך אויסגעצייכנט, א ביכל אין אַ איינפּאַכן איינבונד. וואָלט בא אַסאַך פון מיינע לייענער געקלעקט זיקאָרן און פּלייס אף אויסצוכאַזערן אף אויסווייניק צוויי טויזנט פּסוקים פון דער „הייליקער שריפט״ אַפילע צוליב א ביכל מיט דאָרע׳ס אילוסטראַציעס? און דאָך, אָט האט מערי אזוי אַרום געקראָגן צוויי ביכל — א באַלוינונג פאר געדולדיקער צוויי־יאָריקער מי; און איין אינגל, אַ דייטש לויט דער אָפּשטאַמונג — האָט געקראָגן פיר ביכל אָדער, דאכט זיך, טאַקע די גאַנצע פינף. איינמאָל האט ער אויסגעשאָטן נאָכאַנאַנד, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, דריי טויזנט פּסוקים; נאָר אַזא מאַרך־אָנשטריינגונג האט זיך ארויסגעוויזן אַלס אַ אומקומעניש פאר אים, און פון יענעם טאָג אָן איז ער קימאַט א אידיאָט געוואָרן. דאָס איז פאר דער שול געווען אַ גרויסער בראָך, ווייל פריער פלעג געוויינלעך

גלייכט דעם ברייטן העמד־קאָלנער, וואָס פֿאַלט אים אויף די אַקסל, האָט מיטן בערשטל דאָס אָנטון אים אויסגערייניקט און, ענדלעך, אָנגעטון אים אַפֿן קאָפּ א שטרויענעם הוט.

אָט־דאָס אַלעס האט זייער באַכיינט זיין אויסערלעך אויסזען; נאָר דאָס פּאָנים איז געווען בא אים ניט צופרידן און געפילט האָט ער זיך אויך ניט־פֿויגלדיק: ניט געוואוינט איז ער געווען זען זיך אַן אויסגע־וואַשענעם און ריינעם — ס'האָט אים געצוימט. ער האָט געהאָפט, אַז מערי וועט פֿאַרגעסן אין די שטיוול, נאָר אומזיסט; מערי האָט זיי אָנ־געשמירט, ווי דער שטייגער איז, מיט פעטס און זיי געבראַכט אים ער זאָל זיי אָנטון. דאָ האָט ער אָנגעוואוירן דעם געדולד און געוומען קלאָגן זיך, אז שטענדיק צווינגט מען אים טון דאָס, וואָס ער וויל ניט. אָבער מערי האט שטייף א זאָג געגעבן:

— נו, זיי אַזוי גוט, טאָם,— זיי אַ קלוגער באָכער!

און ער האָט וואָרטשענדיק אַרופגעצויגן אויף זיך די שטיוול. מערי האָט זיך אויך גיך אָנגעטון, און אַלע דריי קינדער האָבן זיך אַוועקגע־לאָזט צו דער זונטיק־שול, וועלכע טאָם האָט פיינט געהאַט טאַכלעס־סינע, און סיד און מערי האָבן זי זייער ליב געהאַט.

די לימודים אין דער שול פלעגן דויערן פון ניין ביז האַלב עלף; דערנאָך פלעג זיך אָנהייבן די גאָטדינסט. צוויי פון די קינדער פלעגן פרייוויליק בלייבן הערן די דראָשע; דער דריטער פלעג אויך בלייבן — מאַכמעס געצווינגענקייט. אויף די הויכע קלויסטער־ביינק פלעגן זיך אויסזעצן אַנערעך דריי הונדערט מאַן; דער קלויסטער איז געווען אַ קליינער, אַ אָרעמער, מיט א מין הילצערנעם קאַסטן אויבן אנשטאָט א גלאָקן־טורעם.

באם אַריינגאַנג איז טאָם עטוואָס אָפּגעשטאַנען פון זייניקע און האָט זיך געווענדעט צו א כאַווער, וואָס איז פּונקט ווי ער אַליין יאָנטעוודיק אויסגעפּוצט:

— הער נאָר, ביל, דאָ בא דיר א געל בילעטל?

— דאָ.

— וואָס ווילסטו פאר אים?

— וואָס וועסטו מיר געבן?

— אַ שטיק לאַקריץ און א קריקל פון א ווענטקע.

— גיב א קוק טון!

טאָם האָט באַוויזן. די זאַכן האָבן זיך געפונען אין א באַפרידיקנ־דיקן צושטאַנד און זיינען אַריבער פון הענט אין הענט.

דערנאָך האט טאָם אויסגעביטן א פּאָר ווייסע בילעטלעך אויף דריי רויטע און נאָך עטלעכע קלייניקייטן אויף א פּאָר בלויע בילעטלעך. אַנערעך

מערי האָט אים אין די הענט אַריינגערוקט א בלעכן טאַזעלע מיט וואַסער און א שטיק זייף; ער איז אַרויסגעגאַן אף יענער זייט טיר און האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טאַזעלע אף דער קליינינקער באַנק, דערנאָך האָט ער איינגעגעצט די זייף אין וואַסער און האָט זי צוריק אַוועקגע־לייגט, האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, פאָרזיכטיק אויסגעגאָסן די וואַסער אף דר'ערד, איז אַריינגעגאַן אין קיך אַריין און גענומען זיך געשמאַק רייבן דאָס פּאָנים מיטן האַנטוך, וואָס איז געהאַנגען הינטער דער טיר. נאָר מערי האָט בא אים צוגענומען דעם האַנטוך:

— ווי שעמסטו זיך ניט, טאָם! מ'טאָר ניט זיין אַזאַ מיעסער באָכער. ס'וועט דיר גאָרניט ניט שאַטן, אז דו וועסט זיך איינוואַשן.

טאָם איז אַביסל פאַרשעמט געווען. דאָס טאַזעלע איז ווידער אָנגע־פולט געוואָרן מיט וואַסער; דאָס מאָל איז טאָם א שטיק צייט געשטאַנען איבערן טאַזל, ווי ער וואָלט זיך אָנגענומען מיט אַנטשלאָסנקייט. ענדלעך, האָט ער טיף אַ זיפץ געגעבן און גענומען וואַשן זיך. אַז ער איז דאָס צווייטע מאָל אַריינגעגאַן אין קיך אַריין, מיט פארמאַכטע אויגן, אָנטאַפּנ־דיק מיט דער האַנט דעם האַנטוך, האָבן די וואַסער און זייף־שוים, וואָס זיינען גערינען פון זיין פּאָנים, ניט דערלויבט צו צווייפלען אין זיין אָרנטלעכקייט. פונדעסטוועגן, אז ער איז אַרויס פון אונטערן האַנטוך, האָט זיין פּאַרצוף זיך אַרויסגעוויזן אַלס גאָר ניט קיין באַפרידיקנדער: די ריינע שטרעקע האָט פארכאַפּט בלויז אַ טייל פּאָנים, פון שטערן ביזן קין; העכער און נידעריקער פון אָט־דער שטרעקע האָט זיך געצויגן אַ ראכוועסדיקע ניט־באוואַסערטע טעריטאָריע, געגנידערט האָט זי פונויבן צום שטערן אַראָפּ, און אונטן האָט זי זיך אַוועקגעלייגט ווי א פינצטערער פּאַס אַרום האַלז.

מערי האָט זיך אַליין א נעם געטון צו אים, און ערשט נאָכדעם איז ער אַרויס א יונג, — א כוואַט, א עכטער מאַנסבל און ברודער, מיט וועלכן ס'איז קיין ביזאָיען ניט דורכצושפּאַנען די גאַס: די האָר זיינע זיינען באַשמירט געווען און צוגעגלעט, די קורצע לאָקנדלעך זיינען גע־ליגן שיין און סימעטריש (ער אַליין פלעג שטענדיק מיט גרויס פלייס באַמיען זיך אינגאַנצן צעפלעטשן די האָר. ער האָט געהאַלטן, אַז לאָקן מאַכן ביכלאַל ענלעך אף א מיידל, זיינע האָר פלעגן אים די יאָר דער־גיין). דערנאָך האָט מערי אַרויסגענומען דעם גרויסאַרטיקן גאַרניטער, וועלכן טאָם טוט אָן בלויז אום זונטיק שוין א מעשעך פון א צוויי יאָר, אַרויסגענומען די „צווייטע פּאָר", ווי מ'פלעג דעם גאַרניטער רופן אין שטוב, באַצייכענענדיק דערמיט די גרייס פון טאָמס גאַרדעראָב. אז טאָם האָט זיך אָנגעטון, האָט מערי „צורעכט געמאַכט" אף אים דאָס אָנטון, האָט אים פאַרשפּיליעט דאָס רעקל אף אַלע קנעפּ, האָט אויסגע־

געווען אַ רעמעז פון אַ געדאַנק וועגן בעטן פארגעבונג, האָט ער זיך באַטראַכט און איז געליגן שטיל, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז ער שלאָפט; טאָמס אויגן האָבן צו אים קיין שום גוטס ניט צוגעזאָגט. טאָם האָט זיך אַנידערגעלייט, באפרייענדיק זיך פונם מוז צו זאָגן די טפילעס פון פארן שלאָף. סיד האָט עס באַמערקט און פארגעדיינקט.

## קאַפּיטל IV.

דער זונטיק־פרי איז געווען אַ שטילער, אַ לויטערער; די זון האָט געשיינט איבערן שטעטל, ווי זי וואָלט עס געבענטשט, דאָס שטעטל. נאָכן איבערבייסן האָט די מומע פּאָלי איינגעאָרדנט אַ מין היימישע גאָטדינסט. אָנגעהויבן האָט זיך די גאָטדינסט מיט אַ קאָלעקטיווער טפילע, וואָס איז באשטאַנען פון לאַנגע ציטאַטן פון דער ביבל, ציטאַטן, פאריייניקטע דורך דינעם צעמענט פון „אייגענע" צוגאָבן. פארענדיקט האָט זי זיך מיט אַ קאַפּיטל פון דער ביבל וועגן דער טוירע, וואָס איז געגעבן מוישע ראביינון אָפן באַרג סינאַי.

נאָכדעם האָט טאָם גענומען כאַזערן פּסוקים פון עוואנגעליום. סיד האָט אויסגעכאַזערט ז״ין לימוד נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק. טאָם האָט אָנגעשטריינגט זיין גאַנצע ענערגיע אָף אויסצוכאַזערן אָף אויס־ווייניק פינף פּסוקים; דאָס פריינטל מערי האָט אים צוגעמונטערט.

— זאָרג זיך ניט, טאָם, — ס׳איז גאָרניט אַזוי שווער... אויב דו וועסט אויסכאַזערן, וועל איך דיר געבן עפּעס זייער אַ וואוילע זאַך. הערסט? נו, זיי־זשע אַ קלוג אינגל!

— נו, גוט! אָבער וואָס וועסטו מיר געבן, מערי? זאָג, וואָס?

— אַ כילעק דיר וואָס, טאָם: אז איך זאָג — אַ וואוילע זאַך, איז עס מיסטאַם א וואוילע,—דו ווייסט דאָך אַליין.

— עמעס, מערי. נו, זאָל זיין אַזוי, כ׳וועל נאָך אַביסל כאַזערן.

און אונטער דער צווייענדיקער ווירקונג פון נייגיר און אַרויסקוק אָפן צוגעזאָגטן לוין האָט טאָם זיך גענומען כאַזערן מיט אַזאַ פלייס, אַז אינגיכן האָט ער דערגרייכט גלענצנדע רעזולטאַטן.

מערי האָט אים געגעבן א נאַיִנק, אָט־ערשט געקויפט מעסערל, וואָס האָט געקאָסט צוועלף מיט אַ האַלבן צענט. טאָם איז געווען אויסער זיך פון אַנטציקונג. דעם פריינטל מעריס גוטסקייט האָט אים טיף־טיף אופ־גערודערט. עמעס, מיטן מעסערל האָט מען גאָרניט ניט געטאָרט שניידן, נאָר טאָם האָט פונדעסטוועגן באַוויזן צעשניידן דערמיט דעם בופעט. ער האָט זיך געקליבן טון דאָסזעלבע מיטן קאָנטאָר־טישל, נאָר מ׳האָט אים א רוף געטון אָנטון זיך אף צו גיין אין דער זונטיק־שול.

דאָזיקע בילד האָט מיטגעבראַכט אַזויפיל זיסע פּיין, אַז טאַם האָט ניט געקאָנט אָפּרייסן זיך פון דעם און האָט עס וואַריאירט אַף קאָלערליי אויפאַנים, ביזוואַנען ס׳האָט זיך דאָס בילד אינגאַנצן ניט צעטריפט. דאָך האָט ער זיך, סאָפּקאָלסאָף, אופגעהויבן און איז אין פינצטערניש אַוועק אַהיים.

אַרום צען אַזייגער האָט ער פאַרבייגייענדיק איבער דער ליידי־קער גאַס, וואו ס׳האָט געוואוינט זיין ליבע אומבאַקאַנטע, זיך אָפּ־געשטעלט און זיך איינגעהערט: ס׳הערט זיך קיין קלאַנג ניט, אין אַ פענצטער פון צווייטן גאָרן, הינטערן פאָרהיינגל, פינקלט אַ ליכט. עפּ־שער שלאָפט דאָ זיין מאַלעכל? טאָם איז אריבערגעשפרונגען איבערן פאַרקן, האָט פאָרזיכטיק דורכגערוקט זיך צווישן די קוסטן, איז צו צום פענצטער און לאַנג, מיט גרויס געפיל געקוקט דערויף; דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעלייגט אַף דער פלייצע גלייך אף דר׳ערד, צונויפגעלייגט די הענט אַף דער ברוסט און צונויפגעדריקט אין די הענט דאָס פאַרוועלקט בלימל. אָט אַזוי וועט ער שטאַרבן—פרעמד דער אַכזאָריעסדיקער וועלט, אָן אַ דאַך איבערן היימלאָזן קאָפּ, אָן אַ פריינטלעכער האַנט, וואָס זאָל אָפּווישן דעם גסיסע־שווייס פון זיין קאָפּ, אָן אַ מילד פּאָנים, וואָס זאָל מיט ליבע און ראַכמאָנעס אָנבייגן זיך איבער אים, ווען ס׳וועט אָנקו־מען די שאָ פון טויט־פּיין. אָט אַזוינעם וועט זי אים דערזעען, ווען זי וועט מאָרגן אַרויסגיין אַקעגן דעם פריילעכן פרימאָרגן... וועט זי דע־מאָלט כאָטש איין טרערעלע לאָזן פאַלן אַף זיין פאַרשטאַרטן קערפּער, וועט זי כאָטש איינמאָל אַ זיפץ טון וועגן דעם בליענדיקן יונגן לעבן, וואָס איז אַזוי פריצייטיק, אזוי אַכזאָריעסדיק פאַרשניטן געוואָרן?

דאָס פענצטער האָט זיך צעפראַלט; אַ שאַרף־קוויטשיק קאָל פון אַ דינסט האָט פאַרשוועכנדיק צעשטערט די הייליקע שטילקייט, און אַ שטראָם וואַסער האָט זיך אַ גאָס געטון אַפן טויטן קערפּער פונם יונגן מאַרטירער.

אונזער העלד איז אופגעשפרונגען. ס׳האָט אים אָטעם פאַרפּעלט, ער האָט געסאָפּעט און געשפּיגן. אינדערלופטן האָט דורכגעזשומזשעט עפּעס ענלעכס אַף אַ געשליידערטן שטיין, ס׳האָט אַ קלונג געטון עפּעס ענלעכס אַף אַ דערשטיקטער קלאָלע, דערנאָך האָט זיך הערן געלאָזט קלינגעניש פון גלאָז, וואָס טרייסלט זיך. עפּעס אַ נעפלדיקע קליינע פי־גור איז אריבערגעשפרונגען איבערן פאַרקן און איז טייקעף פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט טאָם, אויסטוענדיק זיך צו נאַכט־צו, באַטראַכט זיין פאַרנעצט אָנטון בײַ דער שיין פון אַ כיילעור־ליכט. די שיין האָט אופגעוועקט סידן, נאָר אויב בײַ יענעם איז אַפילע יאָ

וואַנט און שטאַרבט, ניט זאָגנדיק אָט־דאָס וואָרט. ווי וועט זי זיך עס דעמאָלט פילן? ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי מע ברענגט אים אַהיים אַ טויטן, נאָך דעם, ווי מע האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער; די לאָקן זיינע זיינען איינגעאַנצן נאַס געוואָרן, זיינע הענט, וואָס זיינען צונויפגעלייגט אַף דער ברוסט, האָבן זיך באַרוט אַף אייביק, און זיין קראַנק האַרץ אויך דאָסזעלבע. ווי זי וועט זיך עס אַ וואָרף טון אַף זיין טויטן קערפּער און קלאָגן, יאָמערן איבער אים און בעטן גאָט, ער זאָל איר אומקערן איר אינגל, און זי וועט קיינמאָל־קיינמאָל מער ניט באַליידיקן אים אומזיסט־און־אומנישט! און ער וועט ליגן אַ בלייכער, אַ קאַלטער, אַ פאַרגליווערטער, — די יעסורים פונם אומגליקלעכן קליינעם מארטירער האָבן זיך אַף אייביק פאַרענדיקט... ער האָט זיך אַזוי אופגערעגט פון אָט־די בילדער, אַז די גאַנצע צייט האָט ער געהאלטן עפּעס אין איין שלינגען; ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז באלד דערוואַרגט עס אים, אַזוי האָט עס אים דעם האַלז צונויפגעדריקט; אין די אויגן זיינע איז אומגעשוואומען עפּעס אַ פייכטקייט, זי פלעג אַריבערינען, בעאייס ער פלעג אַ פינטל־טון מיט די אויגן, אַראָפּרינען אַראָפּ און אַראָפּטריפן פון עק נאָז. ער האָט אַזוי האַנאָען געהאַט פונם פעסטען זיך מיט די יעסורים זיינע, אַז ער האָט ניט געקאָנט פארטראָגן לעבן זיך קיין פריילעכע פּענימער און קיין געלעכטער; זיין אומגליק איז געווען צו הייליק דערויף.

אז אין צימער איז אונטערטאַנצנדיק אריינגעפלויגן זיין פריינטל מערי, פול מיט סימכע דערפון, וואָס זי האָט ענדלעך אומגעקערט זיך אהיים פון איר רייזע אין דער פּראָווינץ, וועלכע האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך, אַז דאָס צימער האָט זיך אָנגעפולט מיט לידער און זון — איז טאָם, אַ פינצטערער, אַ מאָרעשכוירעדיקער, אַוועק פון שטוב. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט ווייט פון די מעקוימעס, וואו ס׳געפינען זיך געוויינלעך זיינע כאַווײרים, ער האָט געזוכט איינזאַמע ערטער, וואָס זאָלן פּאַסטן פאר זיין שטימונג. ס׳האָט אים געצויגן צו זיך דער היל־צערנער פּליט אַפן טייך. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַהין און האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם זוים, קוקנדיק אין דער ווייט אריין אַף דער אומעטיקער ראַכוועס פון טייך. ער האָט געטראכט דערפון, ווי גוט ס׳וואָלט געווען דערטרונקען ווערן מיטאַמאָל און אין כאַלאָשעס־צושטאַנד. דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט אינם בלימל, האָט ער ארויסגענומען עס און אין פיינלעכן טאַינעג אויסגעגלייכט די צעקנייטשטע בלעטלעך. ער האָט געפרעגט באַ זיך, צי וואָלט זי ראַכמאָנעס געהאַט אַף אים, ווען זי וואָלט זיך דערוואוסט? וואָס וואָלט זי געטון? וואָלט זי זיך צעוויינט און וואָלט געוואָלט האַלזן אים און טרייסטן אים? צי זי וואָלט זיך קאַלטבלוטיק אוועקגעקערט, ווי די גאַנצע אַכזאָריעסדיקע וועלט? דאָס־



2. טאָם סאָיער.

פיל געזונט געקאָסט. נאָר די צוקער־פּושקע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון סידס פינגער, איז אַראָפּגעפאַלן אַפן דיל און האָט זיך צעבראָכן. טאָם איז מאָלע סימכע געוואָרן, ס׳האָט אים אַזוי אַנטציקט, אז ער האָט אַפילע איינגעהאַלטן זיך און האָט פאַרשוויגן. ער האָט באַשלאָסן ניט אויסרעדן קיין וואָרט, אַפילע אז די מומע וועט אַריינגיין, באַשלאָסן זיצן שטיל ביז זי וועט ניט פרעגן, ווער האָט עס געטון, און ערשט דעמאָלט אויסזאָגן; ער האָט שוין באַצייטנס געפילט די האַנאָע פון צוזען, ווי ס׳כאַפּט אריין דער „געפעסטעטער". ער איז געווען אַזוי באַגייסטערט, אז ער האָט זיך קאם דערוואַרט ביז די אַלטיטשקע האָט זיך אומגעקערט און איז, אַ פליעסק געבנדיק מיט די הענט, געבליבן שטיין איבער דער צעבראָכענער צוקער־פּושקע, בליצנדיק מיט צאָרן אַריבער די ברילן. טאָם האָט אין זיך צו זיך א זאָג געטון: „אָט איז עס, ס׳הייבט זיך אָן!" נאָך א רעגע, און ער איז געליגן אויסגעשפרייט אפן דיל. די שטראָפנדיקע דלאָניע איז שוין אופגעהויבן געווען אף צו געבן נאָך אַ קלאַפּ, ווען טאָם האָט וויינענדיק אויסגעשריגן:

— וואַרט-צו! פאַרוואָס שלאָגט איר מיך? דאָס האָט דאָך סיד צעבראָכן די צוקער־פּושקע!

דער מומע פאָלים האַנט איז פאַרשטאַרט געוואָרן אינדערלופטן. טאָם האָט זיך געריכט אף אַן אופרייס פון ראַכמאָנעס און כאַראָטע, נאָר די אַלטיטשקע האָט זיך איינגעהאַלטן און האָט נאָר א זאָג געטון:

— הם! נו, פונדעסטוועגן, רעכן איך, האסטו ניט אומזיסט אריינגעכאַפּט. דו האָסט אויך מיסטאָם עפּעס אָנגעאַרבעט בעאייס איך בין דאָ ניט געווען.

דער געוויסן האָט זי רוען ניט געלאָזט: ס׳האָט זיך איר שרעקלעך געוואָלט זאָגן דעם אינגל עטלעכע גוטע ווערטער, אַ צערטל טון אים, נאָר דאָס וואָלט געגליכן געווען צום מוידע זיין זיך, אַז זי איז אומגערעכט געווען. די דיסציפּלין האָט עס פאַרבאָטן. טאָם איז מאָרעשכוירעדיק געזעסן אין ווינקל, אופרייצנדיק זיך און פארגרעסערנדיק זיינע יעסורים. ער האָט געוואוסט, אַז אין האַרצן איז די מומע איצט גרייט פאלן אים צו די פיס, און פון אָט־דעם באוואוסטזיין האָט ער מאָרעשכוירעדיק פארגעניגן געהאט. ער האט באשלאָסן ניט אָנעמען קיין שריט צו שאָלעם מאַכן און ניט באמערקן די אופרופן פון איר זייט. ער האָט געוואוסט, אַז פון צייט צו צייט רוט אַף אים אַ ראַכמאָנעס־קוק, אַ פאַרנעפּלטער פון טרערן, נאָר ער האָט עס ניט געוואָלט באַמערקן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער ליגט קראַנק, באַ אַלע לעצט, און די מומע האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים, וואַרט כאָטש אַף איין וואָרט פון פאַרגעבונג, נאָר ער דרייט זיך אויס מיטן פּאָנים צו דער

ליכטיק געוואָרן פון באַגײַסטערונג: אײדער זי איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן הינטער דער טיר האט דאָס מײדעלע זיך אומגעקוקט און אַ וואָרף געגעבן איבערן פּאַרקן א בלימל. דאָס אינגל איז צוגעלאָפֿן, האט זיך אָפּגעשטעלט א צוויי שפּאַן די ווייט פון בלימל, צוגעשטעלט די דלאָניע צו די אויגן און גענומען שאַרף, פֿאַרשנדיק אײנקוקן זיך אין דער גאַס אַרײַן, ווי ס'וואָלט דאָרט באַוויזן זיך עפּעס ביז־גאָר אינטערעסאַנטס. דערנאָך האָט ער אופגעהויבן א שטרויעלע און עס אַרופגעלײגט צו זיך אף דער נאָז, באַמיענדיק זיך סע זאָל אײנהאַלטן דאָס גלײכגעוויכט, — צוליבדעם האָט ער באַלאַנסירט פון זײַט אף זײַט, האַלטנדיק דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אף צוריק. באַלאַנסירנדיק, האָט ער זיך אלץ מער און מער דערנעענט צום בלימל. ענדלעך, האָט ער אַרופגעטראָטן דערויף מיט דער באָרוועסער פוס, א כאַפּ געטון עס מיט די בויגעוודיקע פינגער, איז זיך צעשפּרונגען אף אײן פוס, אַוועקטראָגנדיק דאָס אויצערל, און איז שנעל פאַרשוואונדן געוואָרן הינטערן ראָג. נאָר ניט אַף לאַנג — בלויז אף אַזויפיל צײַט, וויפל ס'איז נייטיק געווען אף צעשפּיליען דאָס רעקל און באַהאַלטן דאָס בלימל אף דער ברוסט נעענטער צום האַרצן אָדער, מעגלעך, צום מאָגן: קיין גרויסער באָקי אין אַנאַטאָמיע איז טאָם ניט געוועןן.

דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט און איז ביז פאַרנאַכט געהאַנגען אפן פּאַרקן, האַלטנדיק אין אײן באַווײַזן פּאָקוסן; נאָר דאָס מײדעלע האָט זיך מער ניט באַוויזן, כאָטש טאָם האָט זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אז זי קוקט פון ערגעץ אַרויס דורכן פענצטער און זעט, ווי ער באַמיט זיך. סאָפּקאָלסאָף, איז ער אָן כײשעק אַוועק אַהײם. דער קאָפּ איז בא אים פול געווען מיט טרוימען און מיט זעאונגען.

בעאײס וועטשערע איז ער די גאַנצע צײַט געווען אין אַזאַ אופגעי רעגטן צושטאַנד, אז די מומע זײַנע האָט געהאַלטן אין אײן וואונדערן זיך — „וואָס האָט עס געטראָפן מיט אָט־דעם קינד". מ'האָט אים פײַן אויסגעזידלט דערפאַר, וואָס ער האָט אָנגעקלאַפּט סידן, נאָר ער האָט זיך, זעט אויס, ניט באַליידיקט דערויף. ער האָט זיך געפּרואווט צולאַק־ כענען א שטיק צוקער בא דער מומען פון אונטער דער נאָז און האָט דערפאַר געקריגן איבער די הענט, נאָר ער האָט אויך דאָ ניט באַליי־ דיקט זיך און האָט נאָר געזאָגט:

— מומע, פאַרוואָס שלאָגט איר ניט סידן, אז ער נעמט בא אײך צוקער?

— סיד פײניקט ניט אַזוי קיין מענטשן אַזוי ווי דו. ווען ניט איך, וואָלסטו די הענט קײנמאָל ניט אַרויסגענומען פון דער צוקער־פּושקע.

די מומע איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך אַרײַן, און סיד האָט, גליקלעך פון זײַן פּרײַקייט, טײקעף אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער צוקער־ פּושקע, ווי ער וואָלט כויזעק מאַכן פון טאָמען. טאָמען האָט עס זײער

אָפּגעבנדיק באַפּעלן דורך אַדיוטאַנטן. נאָך אַ לאַנגער און שווערער שלאַכט האָט טאָמס אַרמיי געזיגט. דערנאָך האָבן ביידע כאַיאָלעס אײַ־בערגעציילט די געהאַרגעטע, געביטן זיך מיט די געפאַנגענע, צונויפגע־רעדט זיך וועגן די טנאָים און וועגן דעם טאָג פון דער קומענדיקער אנטשיידענער שלאַכט, אויסגעשטעלט זיך אין רייען און אַוועק מיט אַ צערעמאָניאַלן מאַרש. טאָם האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַהיים איינער אַליין.

פאַרבייגייענדיק לעבן דעם הויז, אין וועלכן ס'האָט געוואוינט דזשעף טעטשער, האָט ער דערזעען אין גאָרטן אַ אומבאַקאַנט מיידעלע—אַ וואונ־דערלעך בלויאויגיק באַשעפעניש, מיט געלע האָר, פאַרפלאָכטענע אין צוויי לאַנגע צעפּ, אָנגעטון אין אַ ווייס זומער־קליידל און אויסגענייטע פלודערלעך. דער העלד, וואָס איז נאָר־וואָס געקרוינט געוואָרן מיט די לאָרבער־קרענץ פון ניצאָכן, איז טייקעף באַזיגט געוואָרן. דאָס געשטאַלט פון איינער אַ עמאַ לוירענס איז טייקעף פאַרשוואונדן געוואָרן פון זיין האַרצן, ניט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין ערינערונג אַפילע. טאָם האָט געמיינט, אַז ליב האָט ער עמאַן אומגעהייער, ביז מעשוגאַס, ביז פאַר־געטערונג, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע ליבע איז ניט מער, ווי אַ נישטיקער צופאַל. ער איז עטלעכע כאַדאָשים געוועזן פאַרטון און דערשלאָגן זיך באַ עמאַן ענטפער אַף זיין ליבע; עמאַ האָט ערשט מיט אַ וואָך צוריק אים מודיע געווען זיך, אַז זי האָט אים אויך ליב, אין מעשעך פון זיבן קורצינקע טעג איז ער געווען גליקלעך און שטאָלץ, ווי קיין איין אינגל אף דער וועלט,—און פּלוצלינג, אין איין אויגנבליק, איז זי, עמאַ, פאַרשוואונדן געוואָרן פון זיין האַרצן, ווי אַ פרעמדער, צופעליקער גאַסט, וואָס איז אָפּגעוועזן זיין באַזוך־צייט.

ער האָט, טאָם, ביגנייווע געקוקט און אָנגעקוועלט פון אָט־דעם נייעם מאַלעך, ביז ער האָט באַמערקט, אַז אויך דער „מאַלעך" האָט אים דער־זעען. דאַן האָט ער זיך געמאַכט, ווי ער זעט גאָרניט, און גענומען „ווייזן פאָקוסן", אופטון קאָלערליי אומגעלומפּערטע שטיקלעך, ווי סע טוען געוויינלעך אינגלעך, אַז זיי ווילן צוציען צו זיך די אופמערקזאַמקייט פון מיידלעך. אזוי איז דורך אַ מעשעך צייט; דערנאָך, אינמיטן עפעס אַ פאַרדרייטער גימנאַסטישער איבונג, האָט ער אַ קוק געטון אין אַ זייט אַריין און האָט דערזעען, אַז דאָס מיידעלע האָט זיך אויסגעקערעוועט און האָט זיך געלאָזט גיין צום הויז־צו. טאָם איז צוגעגאַן צום פּאַרקן און פול מיט טרויער זיך אַריבערגעבויגן איבער אים. ער האָט געהאָפט, אַז דאס מיידעלע וועט נאָך אביסל זיין אין גאָרטן. זי האָט זיך, עמעס, נאָך פאַרהאַלטן א רעגע אַפן גאַנעק, נאָר דערנאָך האָט זי זיך אַוועק־געלאָזט צו דער טיר. טאָם האָט שווער אַ זיפץ געטון, ווען זי האָט אַוועק־געשטעלט דעם פוס אַף דער שוועל, נאָר פּלוצלינג איז זיין פּאָנים

— נו, ווייסטו, כ'וואָלט קיינמאָל ניט גערירט זיך אפילו... מע דאַרף דעם עמעס זאָגן, טאַם. דו קאָנסט ארבעטן, אויב דו ווילסט נאָר — דאָ האָט זי געפונען פאַר נייטיק ווייכער מאַכן דעם קאָמפּלי־מענט — נאָר צו זעלטן פאַרגלוסט זיך עס דיר. נו, גיי, שפּיל זיך, אָבער זע־זשע—קום אהיים צו דער צייט, אניט וועל איך דיך...

זיין העלדנטאַט האט אף איר אזוי שטאַרק געווירקט, אז זי האָט אים אוועקגעפירט אין קעמערל, אויסגעקליבן דעם בעסטן עפּל און אַריינגערוקט אים אין האַנט אריין, צוגעבנדיק דערצו א קליינעם מוסער־האַסקל וועגן דעם, אַף וויפל מער ווערט און געשמאקייט ס'באַקומט אַזא נאַשעריי, ווי א עפּל, פונם באוואוסטזיין, אז געקריגן איז ער געוואָרן ניט מיט קיין זינדיקן דערעך, נאָר אלס לוין פאַר גוטע פּרואוון. זי האָט פאַרענדיקט מיט א געציקלטן פּאָסוק פון דער טוירע, און טאָם האָט דערווייל באוויזן צולאקכענען א פּלעצעלע.

דערנאָך איז ער ארויסגעגאַנגען אין הויף אַריין און האָט דערזען סידן. ער האָט געשפּאנט, סיד, אַרויף אַף די דרויסן־טרעפּ, וואָס פירן אין די הינטערשטע צימערן פון אויבערשטן גאָרן. אין מעשעך פון איין רעגע האָט די לופט אָנגעפולט זיך מיט געקלאנג פון הילכיקע קלעפּ. ווי א האָגל, האָבן זיך די קלעפּ געשאָטן אף סידן. איידער די מומע פּאָלי איז געקומען צו זיך פון גרויסן כידעש און איז ארויסגעלאָפן אַף הילף, האָבן שוין זעקס—זיבן קלעפּ געטראָפן אין ציל. טאָם איז אריבערגע־קראָכן איבערן פּלויט און איז אנטרונען געוואָרן. דער הויף האָט דאווקע פאַרמאָגט א פּערטקעלע, נאָר טאָם האָט געוויינלעך קיין צייט ניט גע־האַט דערלויפן צו איר. אצינד, אז ער האָט זיך צערעכנט מיט סידן דערפאַר, וואָס יענער האָט אים אויסגעגעבן, ווענדנדיק דער מומע פּאָליס אופמערקזאַמקייט אַף די שוואַרצע פעדים,—אַצינד האָט טאָמס האַרץ געניסן זיסע רו.

ער איז דורך, טאָם, דורכן הינטער־הייפל און האָט פאַרקערעוועט אַפן שמוציקן וועג, וואָס האָט געפירט פאַרביי דער בעהיימע־שטאַל. דאָ האָט ער שוין ניט געהאט וואָס מוירע צו האָבן, אז מע זאָל אים פּאַקן און באַשטראָפן; ער איז שוין געווען לאַכלוטן אויסער יעדער געפאַר. האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צום דאָרפישן מאַרק־פּלאַץ. דאָרט זיינען זיך צונויפגעקומען אַף מילכאָמע צוויי „קריג־מאַכנעס״ פון דאָרפישע אינגלעך. מיט איינער פון די אַרמייען האָט קאָמאנדירט טאָם, מיט דער צווייטער — זיין בעסטער גוטער־ברודער — דזשאָ גאַרפער.ביידע גרויסע קאָמאנדירן האָבן ניט געמינערט זייער ווערדע מיט שלאָגן זיך אין די אַלגעמיינע רייען — דאָס האָט מער געפּאַסט פאַרן דרויב,— זיי האָבן אָנ־געפירט מיטן גאַנג פון דער שלאַכט, זיצנדיק צוזאַמען אַפן בערגל און

דאָס וואָלט אים מיטגעהאָלפן צו פארשטיין, פאַרוואָס רעכנט מען די אויסאַרבעטונג פון קינסטלעכע ציין אָדער דאָס דרייען די רעדער פון אַ מילכל — פאר אן ארבעט, און דאָס קייקלען די קיילעכס אין קעגלען אָדער דאָס ארופשטייגן אַפן מאָנבלאַן — פאר אַ האַנאָע. אין איינגלאַנד זיינען פאראַן רייכע לייט, וואָס פאָרן דורך טאָגטעגלעך צוואַנציק — דרייסיק מייל, זיצנדיק אף די קאָזלעס פון דיליזשאַנעס און פראַוועדיק מיט פיר פערד, — פאָרן אום זומער, אין גרויסער היץ, בלויז דערפאר, וואָס אָט־די פריווילעגיע קאָסט זיי היפשע סכומען געלט; ווען מע וואָלט זיי פאָרגעלייגט געהאַלט דערפאַר, וואָלט דער פאַרגעניגן פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר זיי אין מי, און זיי וואָלטן זיך אָ פ ג ע ז אָ ג ט.

## ק אַ פּ י ט ל III.

טאָם האָט זיך אוועקגעשטעלט פאר דער מומע פאָלי. זי איז געזעסן לעבן צעעפנטן פענצטער אין געמיטלעכן הינטערשטן צימער, וואָס האט איר געדינט איינצייטיק אלס עסצימער, שלאָפצימער און ביבליאָטעק. די אַראָמאַטפולע זומער־לופט, די טיפע שטילקייט ארום, דער בלומען־רייעך, די פארשלעפנדיקע זשומזשעניש פון די בינען האבן אף איר שטאַרק געווירקט און זי האָט, די אלטיטשקע, געשאָקלט מיטן קאָפּ איבער איר שטריקערײ: ניט געהאט האט זי מיט וועמען צו שמועסן, כוצן קאָטער, און אויך ער, דער קאָטער, איז איצט געשלאָפן אף די קני אירע. די ברילן אירע האבן צוליב פולערער זיכערקייט גערוט אף אירע גרויע האָר. זי איז, די מומע פאָלי, זיכער געווען, אַז טאָם האט שוין פון לאנג געמאכט די פּלייטע. זי האט זיך ביז גאָר פאַרכידעשט, וואס ער גיט זיך אַזוי פורכטלאָז אין איר רעשוס איבער.

— מומע, מעג איך גיין שפּילן זיך?

— וואָס הייסט! שוין? וויפל האָסטו עס אָנגעפארבט?

— אַלץ איז פאַרטיק, מומעניו.

— טאָם, רעד ניט קיין שקאָרים! כ׳קען עס ניט פאַרטראָגן!

— איך זאָג ניט קיין ליגן, מומע. אלץ איז פארטיק.

די מומע פאָלי האָט אָבער פאָרט ניט געגלויבט. זי האָט זיך אוועק־געלאָזט אַליין א קוק טון. זי וואָלט זייער צופרידן געווען, ווען טאָמס פארזיכערונגען וואָלטן געווען כאָטש אף צוואנציק פּראָצענט עמעס. אז זי האָט דערזעען באשיינפערלעך, אז דער גאנצער פאַרקן איז אויסגע־ווייסט, און געדיכט אויסגעווייסט, מיט עטלעכע שיכטן קאַלעך, אזוי אז אַפילע אף דער ערד, אין דער לײנג פון פאַרקן, איז דורכגעפירט א ווייסער פאַס, האָט זי מאַמעש אירע אויגן ניט געגלויבט.

— נו, גיב! נאָר... ניין, בען, מ׳דאַרף בעסער ניט — כ׳האָב מוירע...
— כ׳וועל דיר דעם גאנצן עפּל אַוועקגעבן!

טאָם האָט אים אין די הענט אריינגערוקט דאָס פּענזל, אויסערלעך, — ניט־האָבנדיק קיין כיישעק, אינעווייניק, אין זיך — פול מיט סימכע. און בעאייס די געוועזענע דאַמפּשיף „גרויסער מיסורי״ האָט זיך געמיט און האָט געשוויצט קעגן דער זון, איז דער אָפּרוענדיקער קינסטלער געזעסן אף אַ פעסל אין שאָטן, באָמבלענדיק מיט די פיס, קייענדיק דעם עפּל און גרייטנדיק נעצן פאר נייע אומשולדיקע קאָרבאָנעס. קיין קאָרבאָנעס האָט ניט אויסגעפעלט: ס׳זיינען אלץ נייע און נייע אינגלעך צוגעקומען צום פּאַרקן; צוגעקומען, פלעגן זיי פּלאפלען אַביסל און פלעגן פארבלייבן ווייַסן. דאַן, ווען בען איז אָן קויכעס געבליבן, האָט טאָם שוין געהאַט פאַרקויפט די צווייטע ריי ביל פישערן פאר אַ פּאַפּירענעם לופט־באַלאָן, וואָס איז לאַכלוטן ניט קאַליע; ווען פישערס ריי איז פארביי, האָט זיין אָרט פארנומען דזשאָני מילער, וואָס האָט באַצאָלט דערפאר מיט אַ טויטן שטשור און מיט אַ שטריק אף אופצוהייגען דעם שטשור; און אזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. אַזוי איז דורך אַ שאָ נאָך אַ שאָ. צו מיטאָג־צו איז טאָם, וואָס איז אינדערפרי געווען אַ נישטיקער קאַבצן, פאר־וואנדלט געוואָרן אין אַ נאָגיד מאַמעש. כוץ די אויבנדערמאָנטע אוצרעס, האָט ער פארמאָגט איצט צוועלף מארמערנע קייקעלעך, אַ נישער פון אַ טאַבאַק־פּושקעלע מיט מוזיק, ברוכווארג פון בלויען פלאש־גלאָז, קלעצ־לעך פון בייוועלעך, אַ שטיק קרייד, אַ גלעזערנעם קאָרעק פון אַ גראַ־פין, אַ צינען סאָלדאַטל, זעקס קלאפּערלעך, אַ קעצל מיט איין אויג, אַ קופערנעם טיר־קנאָפּ, אַ הונטישן האלזבאַנד, — קיין הונט נאָר ניט געווען, — אַ הענטל פון אַ מעסער, פיר מאַראַנץ־קאָרקעס און אַ אלט צעבראָכן פענצטערל פון אַ בוידעם. ער האָט, טאָם, זייער פיין פאַרבראַכט די צייט, גאָרניט ניט טוענדיק, דערצו נאָך אין אַ גרויסער געזעלשאפט, און דער פּאַרקן איז אויסגעווייסט געווען מיט דריי שיכטן קאַלעך!

ווען ס׳זאָל ניט געווען אויסגיין בא אים דער קאַלעך, וואָלט ער בעדיל־האַדאַל געשטעלט אַלע אינגלעך פון דאָרף.

דאָ איז טאָם דערגאַנגען, אַז די וועלט איז, אין טאָך גענומען, גאָר ניט אַזוי נאַריש איינגעאָרדנט. ער האָט אַנטדעקט אַ גרויסן געזעץ, וואָס פירט אָן מיט די מענטשישע טאַטן: אויב מע וויל צווינגען אַ אינגל אָדער ביכלאַל אַ מאַנסבל באַגערן עפּעס, דאַרף מען בלויז טון אזוי, אַז ס׳זאָל זיין שווער־דערגרייכבאַר. ווען ער זאָל זיין, טאָם, אַ גרויסער און קלוגער פילאָסאָף, אזוי ווי דער מעכאַבער פון אָט־דעם בוך, וואָלט ער פאַרשטאַנען, אַז מי הייסט באַם מענטשן דאָס, וואָס ער איז מעכויעוו צו טון, און פאַרגעניגן — דאָס, וואָס ער איז טון ניט מעכויעוו. און

— מעגלעך, אַז יאָ, און מעגלעך, אַז ניט. ווי ס'זאָל ניט זיין, טאָם סאָיער איז דערמיט צופרידן.

— הער שוין בעסער אויף! ווערסט דאָך ניט נעמען טאַינען, אַז אָט־די אַרבעט געפעלט דיר!

דאָס פענזל האָט גענומען אַרבעטן שנעלער.

— צי ס'געפעלט מיר? פאַרוואס זאָל עס מיר טאַקע ניט געפעלן? קומט דען אונז יעדן טאָג אויס צו ווייסן פאַרקנס?

דער איניען האָט באַקומען אַ נייע שיין. בען האָט אופגעהערט ריזען דעם עפּל. טאָם האָט געפירט מיטן פענזל הין און צוריק, האָט אָפּגעשפּאַנט אַף צוריק אַף עטלעכע טריט, קעדיי אָנקוקוועלן פונם עפעקט, האט דאָ־דאָרט צוגעגעבן אַ שמיר און האָט ווידער קריטיש באַטראַכט דאָס אָפּגעטונענע; בען האט נאָכגעשפּירט נאָך יעדער באַוועגונג זיינער. ס'האָט אים אַלץ מער און מער פאַראינטערעסירט, ס'האָט אים אלץ מער און מער פאַרצויבערט.

ענדלעך, האָט ער אַ בעט געגעבן:

— הער נאָר, טאָם, לאָז מיך שמירן אַביסעלע!

טאָם האָט אַ טראַכט געטון. ס'האט אויסגעזעען ווי ער וואָלט שוין גרייט געווען מאַסקים צו זיין, נאָר דערנאָך וואָלט ער באַשלאָסן, עפּעס אַנדערש:

— ניין, ניין, בען, ס'טויג ניט. פאַרשטייסטו, די מומע פאָלי איז זייער שטריינג אין אָט דעם איניען, דער פאַרקן גייט דאָך אַרויס צו דער גאַס־צו. ווען ער זאָל זיין אין הויף, וואָלט איך גאָרניט ניט געהאַט קעגן, און זי וואָלט אויך קיין טאַינעס ניט געהאַט. נאָר דאָ — יאָ, גוטער ברודער, זי איז מעסוקן שטריינג אין אָט־דעם איניען, — דאָ דארף מען ווייסן זייער פאָרזיכטיק; איך האַלט, אז פון טויזנט, מעגלעך, אז אַפילע פון צוויי טויזנט אינגלעך וועט זיך ניט געפינען קיין איינער, וואס זאָל קאָנען עס טון ווי ס'דארף צו זיין.

— נו, געשיקט זיך? ווייס איך וואס, גיב מיר נאָר אַ פּרואוו טון, אַ ביסעלע נאָר. ווען דו זאָלסט זיין אַף מיין אָרט, וואָלט איך דיך געלאָזט — האַ, טאָם?

— בען, איך וואָלט מיט גרויס פארגעניגן דיך געלאָזט, אָבער די מומע פאָלי... אָט האָט דזשים אויך געוואָלט, און זי האָט ניט דערלויבט; סיד האָט זיך אויך געבעטן — האָט זי אים אויך ניט געלאָזט. איצט פאַרשטייסטו, ס'אַראַ אַכראַיעס איך טראָג? אויב דו ווערסט אָנהייבן ווייסן און ס'וועט זיך באַקומען ניט ווי ס'דארף צו זיין...

— הער שוין אויף! איך וועל זיין פאָרזיכטיק. נו, לאָז אַ פּרואוו טון! הער: כ'וועל דיר גיבן אַ שטיקל עפּל.

— סטאָפּ, מאַשין! דין—דילין—דין־דילין־דין! — ער האָט בעהאַדראָגע אַראָפּגעשפּאַנט פון דער מיט וועג און האָט זיך דערנעענט צום זוים.— צוריק! דילין—דילין—דין! — ער האָט זיך אויסגעצויגן ווי פּאַר העכערע אַמטלייט, האַלטנדיק די הענט באַ די נעט פון די הויזן, — הינטערשטער גאַנג! פאַרקערעווע רעכטס! טששש—טששש—טששש! — זיין רעכטע האַנט האָט געמאָלט ריזיקע קרייזן, — איצט האָט ער פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ ראָד פון פערציק פוס אין קרייז. — פאַרקערעווע מיטן לינקן באָרט! דילין—דין—דין! טששש—טששש—טששש!

איצט האָט ער געמאָלט קרייזן מיט דער לינקער האַנט.

— סטאָפּ, מאַשין! דילין—דין—דין! פאַמעלעכער פאַרקערעווע! די שיף־נאָז רעכטער! וואַרף אַראָפּ דעם שטריק! לעבעדיקער! וואָס שטייסטו? כאַפּ דעם שטריק! פאַרדריי דעם שטריק אָט אַף יענעם רינג! לאָז אָפּ!.. די מאַשין שטייט, סער. דילין—דין—דין! שש! שש! שש! (נאָכמאַכנדיק דעם שיפעניש פון אָפּגעקילטן דאַמף, וואָס רינט אַרויס פון די קראַנען).

טאָם האָט ווייטער געשמירט, ניט וועגנדיק קיין שום אַכט אַף דער דאַמפשיף. בען האָט אַף אים פאַרכידעשט די אויגן אויסגעסטאַרטשעט, דערנאָך אַ זאָג געגעבן:

— כי, כי! געפּאַקט זיך דאָס ביקל אַפן שטריקל!

טאָם האָט ניט געענטפערט. ער האָט ווי אַ עכטער מאָלער געקוקט אַף זיין אַרבעט, אָנגעקוואָלן פון זיין לעצטן שטריך, דערנאָך האט ער נאָך אַ לייכטן שמיר געטון און ווידער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַף צוריק, אַ קוק־געטון. בען האָט צוגעפירט זיין שיף נעענטער און האָט זיך אַוועק־געשטעלט לעבן טאָמען באָרט־צו־באָרט. באַ טאָמען איז דאָס מויל אָנ־געפולט געוואָרן מיט סלונע, אַז ער האָט נאָענט דערזעען דעם עפּל, נאָר ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער זעט ניט, און האָט פלייסיק גע־אַרבעט. ענדלעך, האָט בען אַ זאָג געגעבן:

— וואָס, גוטער ברודער, מ'האָט דיך טאַקע אַוועקגעזעצט אַרבעטן?

— אַך, ס'איז דו, בען! איך האָב אַפילע ניט באַמערקט.

— הער נאָר, איך לאָז זיך אַוועק אין ווייטן יאַם־שווים, יאָ. דיר וואָלט זיך אויך מיסטאָם געגלוסט, האַ? נאָר דו ווילסט בעסער אַרבעטן, אַ יאָ? נו, פאַרשטייט זיך, ווי דען!

טאָם האָט אַ קוק געטון אַף אים און האָט געזאָגט:

— וואָס הייסט באַ דיר אַרבעט?

— און וואָס הייסט אָט־דאָס באַ דיר, — ניט קיין אַרבעט?

טאָם האט ווידער גענומען זיך צום שמירן, אַ זאָג געבנדיק דערעך־אַגעוו:

דראָט. טאָם האָט ענערגיש געשמירט דעם פּאַרקן, און די מומע פּאָלי האָט געשפּאַנט פונם שלאַכט־פעלד מיט אַ שטעקשוך אין האַנט, מיט טריומף אין בליק.

נאָר ענערגיע האָט באַ טאָמען ניט אויף לאַנג געקלעקט. ער האָט גענומען טראַכטן וועגן דעם, ווי פריילעך ער האָט זיך געקליבן פאַר־ברייגגען אָט־דעם טאָג, און ס'איז אים נאָך שווערער געוואָרן אויפן האַרצן. היינט שפּאַצירן אום אַלע אינגלעך; זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, פאַרטראַכט קאָלערליי וואונדערלעכע עקספּעדיציעס; זיי וועלן קומען רופן אים, טאָמען, — און זיי וועלן שרעקלעך כויזעק מאַכן פון אים דערפאַר, וואָס אים קומט אויס אַרבעטן אום יאָנטעוו.

דערדאָזיקער געדאַנק האָט אים געבראָטן אַזוי ווי פייער. ער האָט ארויסגענומען אַלע זיינע אוצרעס און גענומען באַטראַכטן זיי: געווען זיינען צווישן די אוצרעס צעבראָכענע שפּילעכלעך, מאַרמערנע קייקע־לעך, קוביקלעך, קאָלערליי שמאָכטעלייעס, — געקלעקט וואָלט עס מי־סטאַם אויף צו בייטן זיך אויף אַ צייט מיט עמעצן מיט דער אַרבעט, נאָר נ״ם געגוג איז עס אָבער געווען אַף צו קויפן זיך כאָטש אויף אַ האַלבער שאָ פולקומע פרייהייט. ער האָט אריינגעלייגט זיין אַשרעס צוריק אין קעשענע אריין און האָט זיך אָפּגעזאָגט פונם געדאַנק צו פּרואוון זיך אונטערקויפן די כאַווערים. אין אָט־דער שווערער, האָפענונגלאָזער רעגע איז אים פּלוצלינג באַגייסטערונג באַפאַלן, ס'האָט אין זיין מויעך אַ בליץ געטון אַ געניאַלער, אַ גלענצנדער געדאַנק. ער האָט גענומען דאָס פענזל און איז רואיק צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. פונדערווייטנס האָט זיך באַוויזן בען ראַדזשערס, טאַקע דער, וואָס פאַר זיין כויזעק־מאַכן האָט טאָם מער פון אַלץ מוירע געהאַט. בען האָט ניט גלאַט געשפּאַנט, ער האָט אונטערגעשפּרונגען און אונטערגעטאַנצט, — אַ קלאָרער באַווייז, אַז אויפן האַרצן איז אים לייכט און אַז ער רעכנט זיך אָפּ־צוטאָן האַנאָע האָבן פון אָט דעם טאָג. ער האָט געגעסן, בען, אַן עפּל און האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזט אַ צעצויגענעם מעלאָדישן פייף, געמישט מיט עטלעכע נידעריקערע טענער: דין־דאָן־דאָן, דין־דאָן־דאָן — ער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ דאַמפּמאַשין. צוגייענדיק נעענטער, האָט ער פאַרלאַנגזאַמט דעם טראָט, זיך אָוועקגעשטעלט אין מיט גאַס און גענומען פאַמעלעך פאַרקערעווען, פאָרזיכטיק, מיט אָנשטריינגונגען: ער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך די דאַמפשיף „גרויסער מיסורי״, וואָס זיצט ניין פוס די טיף אין וואַסער. ער איז געווען, בען, די שיף, דער קאַפּיטאַן און דער עקיפּאַזש אין איין און דערזעלבער צייט, דעריבער איז אים אויסגעקומען פאָרשטעלן זיך אי אלס שטייענדיקן אויף דער אייגענער פאַלוב, אי אַלס באַפעלן־אָפּגעבער, אי אַלס אויספילער פון די באַפעלן.

נעגרען, מולאַטן, ווייסע, אינגלעך און מיידלעך רוען אָפּ, וואַרטנדיק אַף דער ריי, קריגן זיך, דינגען זיך באַם אויסבייטן שפּילעכלעך, שלאָגן זיך, זינגען אַזוי ווי שפּיל־פייגעלעך. ער האָט זיך אויך דערמאַנט, אַז כאָטש ביזן ברונען איז ניט מער פון אַ הונדערט פופציק יאַרד, קערט זיך דזשים אום פון דאָרט מיט וואַסער ניט פריער, ווי אין אַ שאָ אַרום, און דאָס אויך אויב מע גייט אים רופן.

— הער נאר, דזשים, — ווילסט? פאַרב דו דאָ אָפּ אַביסל, און איך וועל אף דיין אָרט גיין נאָך וואַסער.

דזשים האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— איך קאָן ניט, מאַסאַ*) טאָם. די אַלטע מיסיס האָט באַפוילן איך זאָל גיין גלייך נאָך וואַסער און מיט קיינעם אונטערוועגס ניט אָפּ־שטעלן זיך שמועסן. זי זאָגט: איך ווייס, אַז מאַסאַ טאָם וועט דיך רופן ווייסן דאָס ווענטל, איז דו פאָלג אים ניט, גיי זיך דיין וועג; זי זאָגט: „איך וועל אַליין אַרויסגיין אַכטונג געבן ווי אַזוי ער ווייסט".

— אָ, נאַרישקייטן! ווייס איך וואָס זי רעדט, דזשים. זי רעדט שטענדיק אַזוי. גיב אַהער דעם עמער — אין איין רעגע בין איך דאָרט און צוריק. זי וועט אַפילע ניט דערוויסן זיך.

— אוי, כ'האָב מוירע, מאַסאַ טאָם, כ'האָב מוירע פאַר דער אַלטער באַלעבאָסטע! זי וועט מיר דעם קאָפּ אָפּרייסן — אף מיין וואָרט, אָפּרייסן!

— זי?! זי רירט דאָך מיט קיין פינגער קיינמאָל קיינעם ניט אָן, — סיידן זי הייבט אָן מיטן פינגערהוט דליבען דעם קאָפּ — האָט דאָס דען אַ גרויסן מאַך? ווער נעמט זיך אַזוינס צום האַרצן? רעדן רעדט זי, עמעס, מעסוקענע רייד, — נו, אָבער פון רייד טוט דאָך ניט וויי, אויב זי וויינט נאָר ניט דערביי. דזשים, איך וועל דיר געבן דאָס מארמערן קייקעלע... איך וועל דיר געבן מיין ווייסן פליט.

דזשים האָט אָנגעהויבן וואַקלען זיך.

— דעם ווייסן פליט, דזשים. און אַ שטריק איז צום פליט צוגעבונדן; מע קאָן אים שלעפּן, ווי אַן עמעסן פליט.

— יאָ, ס'איז טאַקע עמעס, ס'איז זייער אַ וואוילער פליט! נאָר, מאַסאַ טאָם, כ'האָב גוואַלדיק מוירע פאַר דער אלטער באַלעבאָסטע!

אָבער דזשים איז געווען ניט מער, ווי אַ מענטש, — דער ייצער־האָרע איז צו שטאַרק געווען. ער האָט שוין, דזשים, אוועקגעשטעלט דעם עמער אף דר'ערד. אָבער אין אַ רעגע אַרום איז ער געפלויגן פייל פון בויגן איבער דער גאַס מיטן עמער אין דער האַנט, קלינגענדיק מיטן

*) מאַסאַ — פאַרדאָרבן איינגליש וואָרט Master, ד. ה. פּאָריצל.

אַ קאָל, אַז גיין גייט ער אַוועק בלויז דערפאַר, וואָס ער וויל ניט פאַטשקען די הענט אין אַזאַ שמוץ.

אַהיים האָט ער זיך אומגעקערט שפּעט און איז פאָרזיכטיק אַריינגעקראָכן דורכן פענצטער, באַמיענדיק זיך ניט אָנמאַכן קיין ראַש; נאר הינטערן פענצטער האט אף אים געוואַרט אַ לאָקער: די מומע. אַז די מומע האָט דערזען, וואָס פאר א טאַכלעס ס'איז געווארן פון זיין רעקל און הויזן, איז איר באַשלוס אַוועקזעצן אים אום יאָנטעוו בא שווערער אַרבעט געווארן שטארק, אזוי ווי אייזן.

## קאַפּיטל II.

געוועזן איז אַ שאַבעס־אינדערפרי, אַ זומער־פרי, ווען די גאַנצע וועלט איז פריש און פריילעך און פול מיט לעבן. פון אַלעמענס האַרץ זינגט עפּעס אין אַזאַ פרי, און אויב דאס הארץ איז יונג, זינגט עס אַף א קאָל. בא אלעמען איז דאס פּנים פריידיק, בא אלעמען איז דער שפּאַן אַ לייכטער. די ווייסע אקאציעס שטייען אין פולן בלי און די לופט איז אָנגעפולט מיט זייער וואונדער־ריח.

דאָס בערגל „קאַרדיף כיל״, וואָס האָט זיך געהויכט איבערן דאָרף, איז אינגאנצן באַצירט געווען מיט גרינס. סע האָט פונדערווייטנס אויסגעזען, ווי אַ קישעפדיק טרוימען־לאַנד, און ס'האָט מאַמעש געצויגן אויסצורוען זיך דערויף.

טאָם האָט געשפּאַנט איבער דער סטעזשקע לעבן פּאַרקן מיט אַ עמער קאַלך און מיט אַ פּענזל, וואָס הייגט אַף א לאַנג העגטל. ער האָט מיט איין בליק באַטראַכט דעם פּאַרקן, און אַלץ ארום און ארום איז טייקעף פינצטער געוואָרן אין זיינע אויגן. אַ טיפע מאָרעשכוירע האָט באַהערשט זיין נעשאָמע. דרייסיק יאַרד פון ברייטן פּאַרקן, ניין פוס די הייך! דאָס לעבן האָט טאָמען אויסגעזען ליידיק, זינלאָז און אומגעהייער־שווער. ער האָט אַ קרעכץ געטון, האט איינגעטונקען דאָס פּענזל אין קאַלך און אַ פּיר געטון מיט דעם איבער דער אויבערשטער ברעט. דערנאָך האָט ער עס איבערגעכאַזערט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, האָט פאַרגלייכט די קליינע אויסגעווייסטע שטרעקע מיט דער ריזיקער ניט־געווייסטער שטרעקע און האָט זיך, דערשלאָגן פון אומעט, אַראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק. פון טויער איז אונטערשפּרינגענדיק אַרויסגעלאָפן דזשים מיט אַ בלעכענעם עמער, זינגענדיק אַ לידעלע. דאָס טראָגן וואַסער פון שטאָט־ברונען האָט טאָם שטענדיק פיינט געהאַט טאַכלעס־סינע, נאָר איצטער האָט עס אים ניט אויסגעזען צו זיין אַזוי אומאַנגענעם. ער האָט זיך דערמאנט, אַז באַם ברונען פאַרזאמלט זיך שטענדיק געזעלשאַפט:

איין אויגנבליק — און ביידע אינגלעך האָבן זיך געקייקלט אין דער בלאָטע, צונויפדרייענדיק זיך אין אַ קנײלכל אַזוי ווי קעץ. אַ רעגע האָבן זיי געשלעפּט איינער דעם צווייטן באַ די האָר, באַ די נעזער, באַ די אויערן און אָנראַכמאָנעסדיק געריסן איינער אַפן אַנדערן דאָס אָנטון, באַדעקנדיק זיך מיט שטויב און מיט רום. ענדלעך, האָט דער כאַאָס באַקומען אַ באַשטימטע פאָרם, און אין רויך פון שלאַכט האָט זיך אויסגעטיילט דאָס געשטאַלט פון טאָמען, וואָס זיצט רייטנדיק אַף זיין קעגנער, שלאָגנדיק אים מיט די פויסטן איבער דער פּלייצע און ריידנ־דיק דערבײַ:

— אָט האָסטו דיר, באַרימער! וואָס? גענוג, האַ?

דאָס אינגל האָט אומזיסט זיך געמיט באַפרייען זיך און האָט הויך געברומט, געיאָמערט, מער מאַכמעס הילפלאָזן צאָרן איידער פון ווייטיק.

— וואָס, האָסט געקראָגן? אָט האָסטו דיר! אָט האָסטו דיר! — טאָם האָט ווייטער געאַרבעט מיט די פויסטן, — בעט כ׳זאָל דיך שוינען, גאָרנישט איינער.

סאָפקאָלסאָף, האָט זיך באַם פרעמד אינגל אַרויסגעריסן אַ דער־שטיקטער „לאָז!“, און טאָם האָט אים אָפּגעלאָזט, ריידנדיק:

— זאָל עס דיך אָנלערנען. אַ צווייט מאָל טשעפּע זיך ניט־צו ניט־באַטראַכטערהייט!

דאָס פרעמד אינגל איז אַוועק מיט זיין וועג, אַראָפּטרייסלענדיק דעם שטויב פונם אָנטון, כליפּענדיק, סאָפּענדיק מיט דער נאָז, פון צייט צו צייט אַרומקוקנדיק זיך, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ און דראָענדיק אָן ראַכמאָנעס אָנקלאַפּן טאָמען „ווי נאָר ער וועט נאָכאַמאָל אים קומען צו די הענט“. טאָם האָט אים אָפּגעענטפערט מיט כויזעק־ווערטלעך און האָט, שטאָלץ מיט זיין ניצאָכן, אַוועקגעלאָזט זיך אַהיים. נאָר ניט באַ־וויזן האָט ער אויסקערעווען די פּלייצע, ווי דאָס פרעמדע אינגל האָט אַ שליידער געטון צו אים אַ שטיין און האָט אים געטראָפן פונקט אין אַקסל אַריין. אַליין האָט עס זיך צעיאָגט, דאָס פרעמדע אינגל, געלאָזט זיך אַנטלויפן, ווי אַ אַנטילאָפּ. טאָם האָט נאָכגעיאָגט דעם פאַרעטער ביזן סאַמע הויז זיינעם און האָט אַזוי אַרום דערוואוסט זיך וואו ער וואוינט. אַ שטיקל צייט איז ער געשטאַנען אַף דער וואַך באַ דער פערטקע, אַרויסרופנדיק דעם סוינע אַף אָפענעם קאַמף; נאָר דער סוינע האָט בלויז באַוויזן אים קאָלערליי האַוואַיעס דורכן פענצטער. אַרויסגיין האָט ער ניט געוואָלט. סאָפקאָלסאָף, האָט זיך באַוויזן דעם סוינעס מאַמע, האָט טאָמען אָנגערופן — עקלדיק, פאַרדאָרבן, דאָרפיש שנעקל און האָט אים געהייסן פאַרנעמען זיך. איז ער אַוועקגעגאַנגען, פאַרזיכערנדיק אַף

ווידער א פויזע, און ווידער גייען די אינגלעך ארום איינער ארום דעם אַנדערן און באטראַכטן איינער דעם אנדערן. ענדלעך, זיינע זיי זיך צונויפגעגאנגען אַקסל צו אַקסל.

-- פארנעם זיך פונדאַנען! — האָט געמאָלדן טאָם.

— פארנעם זיך דו!

— כ'וויל ניט.

— איך וויל אויך ניט.

האָבן זיי ביידע זיך אוועקגעשטעלט אין א פּאָזע, זיך צונויפגעצ־קייטלט און אין פלאַקער־סינע געשומען נערעקן מיט די הענט איינער דעם צווייטן. נאָר קיין איינער פון זיי איז ניט בעקויעך געוועז בייצו־קומען דעם צווייטן. ווען ס'האָט זיי, ענדלעך, ביידע אָטעם פארפעלט און זיי זיינען ביידע פלאַם־רויט געוואָרן, האט זיך זייער מילכאָמע־היץ אביסל געשטילט, און טאָם האט געמאָלדן:

— ביסט א קעלעוול, ביסט אַ פּאַכדן! וואַרט־צו, איך וועל אַף דיר אָנרייצן מיין עלטערן ברודער. ער וואָלט דיך געקאָנט צובויגן צו דער ערד מיטן מינדסטן פינגער זיינעם. איך וועל אים הייסן עס טון.

— כ'האב מעסוקן מוירע פאר דיין עלטערן ברודער! איך האב אַליין א ברודער, נאָך א גרעסערער איידער דיינער, און ער קאָן דיך אריבערשליידערן ארום אָט־יענעם פּאַרקן. דאָס איז א בעסערע קונץ. (ביידע ברידער זיינען דורך די אינגלשע פאַנטאזיעס באַשאַפן געוואָרן).

— ס'אַ ליגן.

— מיין, מיין, אז ס'אַ ליגן...

טאָם האט מיטן גרויסן פוס־פינגער דורכגעפירט א שטריך איבערן שטויב און האָט א זאָג געטון:

— איך פארווער דיר אריבערטרעטן איבער אָט־דעם פּאַס, אַ ניט וועל איך דיך אַזוי אָנקלאַפּן, אז דו וועסט ניט קאָנען אופשטיין.

דאָס פרעמדע אינגל האט גיך, גיך אוועקגעשטעלט זיך אפן שטריך, רעדנדיק:

— אָט לאָמיר זען, ווי אזוי וועסטו עס טון!

— טשעפּע זיך אָפּ! איך זאָג דיר, בעסער טשעפּע זיך אָפּ!

— האָסט זיך דאָך באַרימט, אז דו וועסט מיך אָנקלאפּן — פארוואָס־זשע קלאפּסטו מיך ניט?

— מיינסט, כ'וועל ניט אָנקלאפּן? פאר צוויי צענט קלאַפּ איך דיך אָן.

דאָס פרעמדע אינגל האט ארויסגענומען פון קעשענע צוויי קופּערנע מאַטבייעס און מיט כויזעק־שמייכל דערלאַנגט זיי טאָמען.

טאָם האט זיי ארויסגעהאַקט פונם סוינעס הענט און זיי האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט אַף דער ערד.

— ניין, קאָנסט ניט!
— כ׳קאָן!
אַ פּויזע.ביידע שטייען אין פארלוירנקייט. דערנאָך האָט ווידער טאָם אָנגעהויבן:
— ווי אזוי הייסטו?
— ניט דיין אייזעק.
— אוי, גיב אכטונג, זאָלסט ניט אריינכאַפּן.
— נו, אַף וואָס-זשע וואַרטסטו?
— זאָג נאָך א פּאָר ווערטער...
— אַ פּאָר ווערטער, א פּאָר ווערטער, א פּאָר ווערטער... אָט האָסטו! נו?
— ס׳איז קלוג, מיינסטו?... ווען ס׳זאָל זיך מיר נאָר גלוסטן, וואָלט איך דיך געקאָנט אַוועקלייגן מיט איין האנט, צובינדנדיק די צווייטע בא זיך הינטער דער פּלייצע.
— פארוואָס-זשע טוסטו עס ניט? זאָגסט דאָך, אז דו קאָנסט.
— פארשטייט זיך, אז כ׳קאָן, כ׳וועל עס טאקע טון, אויב דו וועסט זיך טשעפּען צו מיר.
— נו, פארשטייט זיך! מיר הערן עס ניט דאָס ערשטע מאָל.
— פראַנט! מיינסט, האָסט זיך אויסגעפּוצט, ביסטו שוין אַ גאנצער קנאַקער! אוי, זע נאָר, ס׳ארא הוט!
— קאָנסט אים צערייסן, דעם הוט, אויב ער געפעלט דיר ניט. אַ־נוּ, פּרואוו זיך אים אראָפּשליידערן מיר פונם קאָפּ! וועסט דעמאָלט זען...
— באַרעסט!
— דו בארעסט!
— ביסט א פּוסטער קנאַקער און א ליגנער.
— מיילע, פארנעם זיך!
— עי, דו, הער נאָר, אויב דו וועסט זיך נאָך רייצן, וועל איך דיר געבן מיט אָט דעם שטיין איבערן קאָפּ.
— לאָמיר זען!
— אָט־באלד וועסטו זען!
— איז אף וואָס וואַרטסטו? פארוואָס האלסטו אין איין דראָען, און קיין נאכעס זעט מען ניט, — האָסט מוירע, האַ?
— ס׳הייבט זיך ניט אָן!
— ניין, האָסט מוירע!
— ניין, כ׳האב קיין מוירע ניט.
— האָסט מוירע.

סער אופמערקזאמקייט און פלייסיקייט, האָט טאָם אינגיכן טויפעס געווען, אין וואָס ס'באַשטייט דאָ דער טאָך, און האָט פריילעך געשפּאנט איבער דער גאַס, — דער קאָפּ איז בא אים פול געווען מיט הארמאָנישע קלאַנגען, די נעשאָמע פול מיט דאנקבאַרקייט. ער האָט זיך געפילט פּונקט, ווי ס'פילט זיך אַן אַסטראָנאָם, וואס האט אַנטדעקט א נייע פּלאנעט. די פרייד פון אנטדעקונג, די טיפע, שטארקע פרייד איז בא אים, טאָמען, אָן שום סאָפעק, געווען פיל שטארקער, ווי באם אַסטראָנאָם.

די זומערדיקע אָוונטן זיינען לאנגע. ס'איז נאָך ליכטיק געווען. מיטאמאָל האט טאָם איבערגעריסן זיין פייפעריי. ס'איז פאר אים געשטאנען אַ פרעמד, אומבאקאנט אינגל, וואָס איז קאָם־קאָם העכער פון אים. דאָס דערשיינען פון א נייעם פּארשוין, אלציינס צו וועלכן מין און עלטער דער פּארשוין זאָל ניט געהערן, פלעג אינם קליינעם שטעטל פּיטערסבורג, נאַטירלעך, ארויסרופן אָנגעשטריינגטן נייגיר. דאָס אינגל, וואָס איז געשטאַנען פאר טאָמען, איז דערצו נאָך געווען פיין אויסגעפּוצט, כאָטש ס'איז געווען אַ וואָכעדיקער טאָג. דאָס איז מאמעש פּילע־פּלאָיִם געווען. געטראָגן האָט דאס אינגל א וואונדערלעך־שיין היטעלע; זיין בלוי רעקל, וואָס האט שטייף ארומגענומען זיין קערפּער און איז פארשפּיליעט געווען אף אלע קנעפּ, איז געווען פונק־ניי און ציכטיק־ריין, דאָס זעלבע — די הויזן זיינע. כאָטש ס'איז ניט קיין יאָנטעוו געווען — איז ער געווען אָנגעטון אויך אין שיך. אפילע א האַלזטוך האט ער געטראָגן אפן האלז — א העל סטיינגעלע. ביכלאל, האט ער אויסגעזעען ווי אן עמעסער שטאָט־איינוואוינער, און דאָס האָט טאָמען באליידיקט ביז אין דער טיפסטער טיף זיינער. וואָס מער ער האָט געקוקט, טאָם, אף אָט דעם בייז־וואונדער, וואָס מער ער האָט פאריסן די נאָז, מאכנדיק דעם אָנשטעל, אז ער לאכט זיך אויס פון אזא מין האַלבאָשע, אלץ אָרעמער און נישטיקער האָט אים אויסגעזעען זיין אייגן אָנטון. קיין איינער פון די צוויי אינגלעך האט ניט אָנגעהויבן קיין שמועס. א שפּאַן געטון האט איינער, א שפּאן געטון האָט אויך דער צווייטער, — אָבער נאָר אין א זייט ארויין, אין א קרייז, ארום דעם צווייטן. דערביי זיינען זיי געשטאנען די גאנצע צייט איינער קעגן אַנדערן און געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגן אריין. ענדלעך, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— און איך קאָן דיך אָנפּאַטשן.

— כ'וואָלט א באַלן געווען א קוק טון, ווי אזוי ס'טו עס טון.

— וואָס דען מיינסטו? כ'וועל עס טאקע טון.

— קאָנסט ניט — צו קורצע הענט בא דיר.

— כ'קאָן.

די מומע פּאָלי האָט זיך געערגערט, וואָס איר דורכגעטריבנקייט האָט ניט דערגרייכט צום ציל, און אין דערזועלבער צייט איז זי זייער צופרידן געווען, וואָס פון היינט אָן וועט טאָם גיין אפן דערעך־האַיאָשער.

נאָר דאָ האָט סיד אַ זאָג געגעבן:

— עפּעס געדיינקט זיך מיר, אַז איר האָט, דאַכט זיך, צוגענייט זיין קאָלנער מיט ווייסע פעדים, און דא איז שוואַרצע...

— נו, פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב צוגענייט מיט ווייסע פעדים, טאָם.

נאָר טאָם איז ניט געבליבן ווארטן אפן העמשעך. שטייענדיק שוין הינטער דער טיר, האָט ער אַ געשריי געטון:

— וועסט אריינכאַפּן פון מיר דערפאַר, ווערעמדיקער באָכער!

פאַרטאַיעט זיך אין אַ זיכער אָרט, האָט טאָם באַטראַכט די צוויי גרויסע נאָדלען, וואָס זיינען אריינגעשטעקט אין די לאַצן פון זיין רעקל און זיינען ארומגעוויקלט מיט בייוועלעך. אף איין נאָדל זיינען געווען שוואַרצע בייוועלעך, אף דער צווייטער — ווייסע.

— זי וואָלט עס אַפילע ניט באַמערקט, ווען ניט סיד. ווייסט עס אַ רוח, זי נייט דאָך מיט פאַרשידענע פעדים: אמאָל מיט שוואַרצע, אַמאָל מיט ווייסע, — ווי קאָן איך עס פאַרגעדיינקען!... פאַרוואָס זאָל זי ניט האַלטן זיך שטענדיק בא איינע און דיזעלבע פעדים?... סידן וועל איך פונדעסטוועגן פיין צענערעקן דערפאַר, — זאָל איך אזוי געזונט זיין, אז איך וועל אים צענערעקן!

טאָם האָט אין דאָרף ניט געהאַט קיין שעם פון אַ לייטיש אינגל. ער האָט אָבער גוט געוואוסט ווער ס׳איז א לייטיש אינגל, און פלעג אים ניט קאָנען פאַרליידן דערפאַר.

אין אַ רעגעס צוויי אַרום האָט ער פאַרגעסן אלע זיינע צאָרעס. ניט דערפאַר, וואָס זיינע צאָרעס זיינען געווען פאַר אים וויניקער שווער און וויניקער ביטער, ווי פאַר דערוואָקסענע לייט, נאָר דערפאַר, וואָס ס׳האָט אים פאַרכאַפּט א נייער אינטערעס. דער נייער אינטערעס האָט אָפּגערוקט און ארויסגעשטויסן פון זיין נעשאָמע אלע אנדערע זאָרגן, פונקט ווי דערוואַקסענע פארגעסן זייערע אומגליקן בעאייס ס׳פאַרכאַפּט זיי אַ נייער אופטו. דער נייער אינטערעס איז באַשטאנען אין דער נייער מאַניר פון פייפן, וואָס טאָם האָט איבערגענומען בא איינעם אַ נעגר; איצט האָט ער געקאָנט, טאָם, פראַנק און פריי אָפּגעבן זיך מיט דער קונסט. די מאַניר איז באַשטאנען אין נאָכמאכן פויגל־פייף, וואָס ווערט איבערגעריסן דורך וואָרקעניש. צוליבדעם איז נייטיק געווען פון צייט צו צייט, ניט איבעררייסנדיק דעם קלאַנג, צורירן זיך מיט דער צונג צום גומען. דער לייענער געדיינקט מיסטאָם ווי אזוי ס׳ווערט געמאכט, אויב ער איז נאָר ווען ס׳ניט איז א אינגל געווען. אדאַנק גרוי־

— יאָ, ׳ם *).
— שרעקלעך הייס?
— יאָ, ׳ם.
— האט זיך דיר ניט געגלוסט אויסבאָדן זיך, טאָם?

טאָם האט זיך מיטאמאָל דערפילט ניט מיט אלעמען; ס׳איז בא אים דורכגעלאָפּן אין מויעך אַ ניט־אַנגענעמענער כשאַד. ער האט שטייף־פאָרשנדיק אַ קוק געטון אַף דער מומע פּאָליס פּאָנים, נאר דאס פּאָנים האט אים גאָרניט ניט געזאָגט. האט ער געענטפערט:

— ניין, ׳ם, — ניט זייער.

די אַלטע לעדי האט אויסגעשטרעקט די האַנט און האָט אַ טאַפּ געטון טאָמס העמדל.

— אָבער איצטער איז דיר מיסטאָם ניט צו־הייס.

און זי איז צופרידן געווען, טראַכטנדיק, ווי פלינק זי איז דערגאַן, אז דאס העמדל איז טרוקן, און ס׳איז קיינעם אפילע אפן זינען נישט געקומען, אַז אָט־דאָס טאַקע האָט זי געוואָלט דערוויסן זיך. טאָם האט פונדעסטוועגן שוין באַוויזן אָנצושטויסן זיך, פונוואַנען דער ווינט בלאָזט. ער האט טייקעף אָנגענומען אַ מיטל קעגן דער ווייטערדיקער אויס־פאָרשונג.

— עטלעכע פון אונז האבן, קעדיי דערפרישן זיך, אַרונטערגעשטעלט דעם קאָפּ אונטערן קראַנט. מיין קאָפּ איז נאך ביז איצט נאַס — איר זעט!

די מומע פאָלי איז געווען אויסער זיך: ווי האט זי עס געקאנט דורכלאָזן אַזאַ וויכטיקן באַוויז? נאר באַלד איז זי געפאַלן אף אַ נייעם געדאַנק.

— טאָם, דו האָסט דאָך ניט באַדאַרפט בעאייסן אָפּגיסן דעם קאָפּ מיט וואַסער צעטרענען דעם קאָלנער פונם העמדל דאָרט, וואו כ׳האב דיר אים פאַרנייט? אַ־נו, צעשפּיליע זיך!

טאָמס אומרואיק פּאָנים האט זיך אינגאנצן אויסגעלייטערט. ער האט צעשפּיליעט דאס רעקל. דער קאָלנער פון זיין העמדל איז געווען פעסט צוגעניים.

— זע נאָר!... נו, גוט! איך בין זיכער, אַז דו האסט זיך אי אַרום־געשלעפּט פוסט־און־פּאַס, אי געבאָדן זיך. נאר איצטיקס מאָל בין איך דיר מויכל. איך בין זיכער, אַז אין דיינע שלעכטע מאיסים קרומסטו זיך נאָך ווי אַ מאַלפּע נאך מאיסים פון אַנדערע שלעכטע לייט. אינ־דערעמעסן ביסטו בעסער, ווי דו זעסט אויס. אָבער געדיינק, בלויז אָט־דאס מאל בין איך דיר מויכל.

*) ׳ם — אנשטאָט „מאַדאַם״.

בענויגייע אָט־דעם אינגל — עמעס טאַקע, עמעס! „ווער ס'האָט ליב זיין זון, דער באַשטראָפט אים״,—זאָגט די גוטע ביבל. און איך זיי זינד און פּיין פאר אונז ביידע, כ'ווייס עס אליין זייער גוט, כ'ווייס עס. כ'ווייס אויך, אז זיין קאָפּ איז אָנגעשטאָפּט מיט אלדע נאַרישקייטן. אָבער, גאָטעניו, וואָס קאָן איך טון? ער איז דאָך מיין אומגליקלעכער פאַר־שטאָרבענער שוועסטערס זון, און ס'האַרץ לאָזט מיך ניט-אָנשמייסן אים ווי ס'דאַרף צו זיין. אַלעמאָל, ווען כ'דערלאָז ער זאָל זיך אויסדרייען פון דער שטראָף, פּייניקט מיך אזוי דער געוויסן, אבער אז כ'באַשטראָף אים — ווערט דאָך מיין אלט האַרץ שיר ניט צעריסן פון ראַכמאָנעס. נו, זאל זיין אזוי! היינט וועט ער אָפּהוליען דעם אַפּדערנאַכט, וועט אויס־קומען מאָרגן באַשטראָפן און אוועקזעצן אים בא ארבעט. ס'איז אן אַכזאָריעס צווינגען אים ארבעטן אום שאַבעס, בעאייס בא אלע אינגלעך איז יאָנטעוו, אָבער מע מוז: ארבעט האָט ער פיינט מער פון אלץ, און איך דאַרף דאָך כאָטש ווען ס'ניט איז אויספילן מיין כויוו בענויגייע אים. אַניט, וועט עס דאָך אויסלאָזן זיך דערמיט, וואָס כ'וועל אום־ברענגען דאָס אינגל.

טאָם האט טאַקע אָפּגעהוליעט דעם אַפּדערנאַכט. ער האט זייער וואויל פארבראכט די צייט אין קאָלערליי שפּילן. אומגעקערט האט ער זיך אַהיים פּונקט צו דער צייט, אף צו באַווייזן מיטצוהעלפן דזשימען, דעם נעגער — דעם דינער—אָנזעגן האָלץ, אָנהאַקן שפּענער אף מארגן און דערביי דערציילן דזשימען וועגן אלץ, וואס ס'האט מיט אים, טאָמען, געטראָפן פארן טאָג. טאָמס יונגערער ברודער (ריכטיקער—שטיף־ברודער), סיד, האט שוין געהאט אויסגעפילט זיין לעקציע, וואס איז באַשטאַנען אין אופקלייבן שפּענער. ער איז געווען, סיד, אַ שטיל, פּאָלגנדיק אינגל, ער פלעג זיך ניט אויסצייכענען מיט קיין איניציאַטיוו און פלעג דעריבער ניט אָנטון קיין יעסורים די היימישע. בעאייס וועטשערע, בעאייס טאָם האט געגעסן און זיך באַנוצט מיט יעדער געלעגנהייט אף צוצעלאַקכענען אונטן־ארום אַ שטיק צוקער, האט די מומע פּאָלי געהאלטן אין איין שטעלן אים דורכגעטריבן־קלוגע פראַגן, אָנגעפולטע מיט טיפן פארבאָר־גענעם זין, — זי האט געהאָפט, אז ער וועט זיך ארויסכאַפּן מיט אַ וואָרט און וועט זיך אליין אויסגעבן. פּונקט ווי אַסאַך אנדערע טמימעסדיקע לייט, פלעג זי טרייסטן זיך מיטן געדאנק, אז זי פארמאָגט גרויסע דיפּ־לאָמאַטישע פייאיקייטן, און פלעג די סאַמע דורכזיכטיקע פלענער אירע האַלטן פאַר וואונדערלעך־קלוגע. איצט האט זי אָנגעהויבן פון גאָר ווייט:

— איז וואָס, אין שול איז היינט, ווייזט אויס, געווען זייער הייס, טאָם, עמעס?

האָט זי געהעכערט דאָס קאָל אזוי, אז מע זאָל עס קאָנען הערן אף אַ ווייטערער שטרעקע. זי האָט אַ געשריי געגעבן:

— אַהוּ — הוּ, טאָם!

הינטער איר האָט עפּעס אַ טרישטשע געטון. זי האָט זיך אומגעקוקט פונקט צו דער צייט און אָנגעכאַפּט בא דעם אַרבל דאָס יונגאַטשל, וואָס האָט זיך געקליבן מאכן די פּלייטע.

— נו, פאַרשטייט זיך, כ'האָב באדאַרפט אינזינען האָבן אָט־דאָס קעמערל. וואָס האָסטו דאָרט געטון?

— גאָרניט.

— גאָרניט! דו גיב אַ קוק אף די הענט דיינע, גיב אַ קוק אַפן מויל דיינעם! מיט וואָס האָסטו עס אויסגעשמירט זיך?

— כ'ווייס ניט, מומע! ·

— אָבער איך ווייס דאָך יאָ! ס'איז איינגעמאַכטס, אָט וואָס ס'איז. פערציק מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז אויב דו וועסט ניט לאָזן צורו דעם איינגעמאַכטס, וועל איך דיך אָנשמייסן. דערלאַנג אַהער דעם קאַנטשיק!

דער קאַנטשיק האָט אַ פייף געטון אינדערלופטן. ס'האָט געדראָט מאַמאָשעסדיקע געפאַר.

— אוי, אוי! קוקט זיך נאָר אום, מומע, וואָס טוט זיך עס בא אייך הינטער דער פּליצע!

די אַלטע לעדי האט זיך אַ דערשראָקענע, פאַרהייבנדיק די אונטער־קליידלעך, אַ דריי געטון אף די אָפּצאַסן. דאָס אינגל האָט אין איין אויגנבליק זיך אַ שליידער געטון אין אַ זייט אריין, איז אריבערגע־שפּרונגען איבערן הויכן ברעטער־פּלויט — און ניט געסטאַיעט! די מומע פּאָלי איז אַ רעגע געשטאַנען געפּלעפט, דערנאָך האָט זי זיך שטיל צעלאַכט.

— עך, דו!... וועט עס מיך טאַקע קיינמאָל ניט אָנלערנען? האָט ער עס ווייניק קאַטאָוועסן שוין אָפּגעשפּילט מיט מיר? ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז אן אלטער נאַר איז פון אלע נאַראָנים נאַרישער, אז אן אלטן הונט קאָן מען קיין נייע קונצן ניט אויסלערנען. אָבער, גאָטעניוּ דער־באַרעמדיקער! שפּיצלעך האָט ער דאָך טויזנטערליי; ער וועט קיינמאָל ניט אָפּטון קיין צוויי אלציינע נאָכאַנאַנד, — קאָן מען דען אָנשטויסן זיך, וואָס ער האָט פאַרטראַכט? ער ווייסט אויסגעצייכט, ביז וועלכן גראד ער קאָן מיך פּייניקן; אָבער ווי נאָר כ'נעם צו אים דעם שטעקן, איז גענוג ער זאָל אף אַ רעגע אָפּוועגדן מיין אופמערקזאמקייט אָדער צווינגען מיך צעלאַכן זיך, אַז מיין גאַנצער צאָרן זאָל צו נישט ווערן, און כ'זאָל אים מיט קיין פינגער ניט אָנרירן. איך פיל ניט אויס מיין כויוו




## קאַפּיטל I.

— טאָם!

קיינער ענטפערט ניט.

— טאָם!

קיינער רופט זיך ניט אָן.

— וואָס האָט עס געטראָפן מיטן יונגאַטשל? טאָם!

די אַלטע לעדי האָט אַראָפּגעלאָזט די ברילן אף דער נאָז אַראָפּ און האָט אריבער זיי באטראכט דאָס צימער; דערנאָך האָט זי אריבערגערוקט די ברילן אפן שטערן ארוף און האָט אַ קוק געגעבן אונטן ארום. זוכנדיק מיט די אויגן אַ זאַך אַ קליינינקע, אָט אַזאַ ווי דאָס יונגאַטשל, אַשטייגער, פלעג זי קיינמאָל ניט קוקן דורך די ברילן. דידאָזיקע ברילן זיינען אירע פּאַראַד־ברילן געווען, איר נעשאָמע האָט שטאָלצירט מיט זיי, אָנטון פלעג זי זיי צוליב פּאַסאָן, ניט פון ווירקלעכער נויטוועדי־קייט: זען דורך דידאָזיקע ברילן האָט מען געקאָנט פּונקט אַזויפיל, וויפל מע זעט דורך אויוון־פאַרשטעקערס. אַ רעגע האָט די אַלטע געשטוינט, דערנאָך האָט זי אַרויסגערעדט, ניט צאָרניק, נאָר דאָך אַזוי הויך, אַז דאָס מעבל האָט געקענט הערן:

— נו, לאָמיך דיך נאָר פּאַקן — וועל איך דיך...

זי האָט ניט פאַרענדיקט, ס׳האָט איר אָטעם פאַרפעלט: ריידנדיק, איז זי געשטאַנען איינגעבויגן און האָט פלייסיק געשאַרט אונטערן בעט מיט דער לאַנגער באַרשט, אָבער ארויסגעשלעפּט האָט זי פון אונטערן בעט גאָרניט, אכוץ דער קאַץ.

— אָט אַ ווערעמדיק שנעקל! כ׳האָב אף מיין לעבן אזוינס ניט געזעען!

זי איז צוגעגאַן צו דער צעעפנטער טיר און האָט זיך אוועקגעשטעלט אף דער שוועל, געזוכט טאָמען צווישן דעם טאָמאַטן־גרינס און צווישן די קריך־געוויקסן פונם גאָרטן. טאָם איז אינערגעץ ניט געווען. דאַן

